ל ע נ י ן - ב י ב ל י אָ ט ע ק
סעריע № 1

נ. לענין (וו. אוליאנאָוו)

# אויסגעוויילטע ווערק

באנד I טייל 1

## אין קאמף פאר דער העגעמאָניע פונעם פּראָלעטאריאט

1897 — 1903

יידיש: מ. פרומקין (עסטער)

פ א ר ל א ג „ע מ ע ס“, מ אָ ס ק וו ע 1932

# פּראָיעקט פון א פּראָגראם פון דער סאָציאַל-דעמאָקראטישער פארטיי און דערקלערונג פון דער פּראָגראם

## פּראָיעקט פון פּראָגראם

א. 1. אלץ גיכער און גיכער אַנטוויקלען זיך אין רוסלאנד גרויסע פאבריקן און זאוואָדן, רויִנירנדיק די קליינע קוסטאַרן און פויערים, פארוואנדלענדיק זיי אין אומפארמעגלעכע ארבעטער, צונויפיאָגנדיק אלץ מער און מער אוילעם אין די פאבריקישע און אינדוסטריעלע יִשוּווים און שטעטלעך.

2. דערדאָזיקער וווּקס פונעם קאפיטאליזם באטייט א געוואלדיקן וווּקס פונעם רייכטום און לוקסוס צווישן א הייפל פאבריקאנטן, סאָחרים און גוטבאזיצער און נאָך א גיכערן וווּקס פון דער אָרעמקייט און פון דער אונטערדריקונג פון די ארבעטער. די פארבעסערונגען אין דער פּראָדוקציע און די מאשינען, וועלכע די גרויסע פאבריקן פירן אריין, מיטהעלפנדיק, עס זאָל זיך העכערן די פּראָדוקטיוויקייט פון דער געזעלשאפטלעכער ארבעט, דינען, עס זאָל פארשטארקט ווערן די מאכט פון די קאפיטאליסטן איבער די ארבעטער, עס זאָל פארגרעסערט ווערן די ארבעטסלאָזיקייט, און צוזאמען מיט איר די שוצלאָזיקייט פון די ארבעטער.

3. אָבער דערפירנדיק ביז דעם העכסטן גראד דעם דרוק פונעם קאפיטאל איבער דער ארבעט, האָבן די גרויסע פאבריקן באשאפן א באזונדער קלאס ארבעטער, וועלכער באקומט די מעגלעכקייט צו פירן דעם קאמף מיטן קאפיטאל, ווייל די באדינגונגען גופא פון זיין לעבן צעשטערן אלע פארבינדונגען זיינע מיט זיין אייגענער ווירטשאפט און שליסן צוזאמען די מאסן ארבעטלייט דורך דעם, וואָס זיי פאראייניקן די ארבעטער מיט געמיינזאמער ארבעט און ווארפן זיי אריבער פון פאבריק צו פאבריק. די ארבעטער הייבן אָן דורך שטרייקן דעם קאמף קעגן די פאבריקאנטן און צווישן זיי אנטשטייט א פארשטארקטע שטרעבונג צו פאראייניקונג. פון באזונדערע ארבעטער-אויפשטאנדן וואקסט אָן דער קאמף פונעם רוסישן ארבעטערקלאס.

4. דערדאָזיקער קאמף פונעם ארבעטער-קלאס מיטן קלאס קאפיטאליסטן איז א קאמף קעגן אלע קלאסן, וועלכע לעבן מיט פרעמדער ארבעט און קעגן איטלעכער עקספּלואטאציע. ער קאָן זיך ענדיקן בלויז מיט אן איבערכאַפּ

פון דער פּאָליטישער מאַכט אין די הענט פונעם ארבעטער־קלאַס, מיט איבערגעבן די גאנצע ערד, ווערקציייג, פאבריקן, מאשינען, גרובן אין די הענט פון דער גאנצער געזעלשאפט, קעדיי צו אָרגאניזירן א סאָציאליסטישע פּראָדוקציע, בא וועלכער יאָלץ, וואָס די ארבעטער פּראָדוצירן, און אלע פארבעסערונגען אין דער פּראָדוקציע דארפן גיין לעטובעס די ארבעטנדיקע גופע.

5. די באוועגונג פונעם רוסישן ארבעטערקלאס גייט אריין, לויט איר באַראקטער און לויט איר ציל, ווי א טייל אין דער צווישנפעלקערלעכער באוועגונג פונעם ארבעטערקלאס פון אלע לענדער.

6. די הויפּט־מעניע אינעם קאמף פונעם רוסישן ארבעטערקלאס פאר זיין באפרייונג איז די אומבאגרענעצטע זעלבסטהערשנדיקע רעגירונג מיט אירע אומפאראנטוואָרטלעכע טשינאָווניקעס. אָנשפּארנדיק זיך אף די פּריווילעגיעס פון די גוטבאזיצער און פון די קאפּיטאַליסטן און אף דער באדינונג פון זייערע אינטערעסן, האלט זי אין א פולער רעכטלאָזיקייט די אונטערשטע שטאנדן און פארבינדט דערמיט די באוועגונג פון די ארבעטער און פארהאלט די אנטוויקלונג פונעם גאנצן פאָלק. דער קאמף פונעם רוסישן ארבעטערקלאס פאר זיין באַפרייונג רופט דעריבער ארויס מיט נויטווענדיקייט דעם קאמף אקעגן דער אומ־באגרענעצטער מאכט פון דער זעלבסטהערשנדיקער רעגירונג.

ב. 1. די רוסישע סאָציאל־דעמאָקראטישע פארטיי דערקלערט פאר איר אויפגאבע — צו העלפן דעמדאָזיקן קאמף פונעם רוסישן ארבעטערקלאס דורך אנטוויקלען דאָס קלאסנבאוווסטזיין פון די ארבעטער, דורך מיטהעלפן זייער אָרגאניזירונג, דורך אָנווייזן דעם ווירקלעכן ציל פונעם קאַמף.

2. דער קאמף פונעם רוסישן ארבעטערקלאס פאר זיין באפרייונג איז א פּאָליטישער קאמף, און זיין ערשטע אויפגאבע איז — דערגרייכן פּאָליטישע פרייהייט.

3. דעריבער וועט די רסד״פּ, ניט אָפּטיילנדיק זיך פון דער ארבעטערבאווע־גונג, אונטערשטיצן איטלעכע געזעלשאפטלעכע באוועגונג קעגן דער אומבאגרע־נעצטער מאכט פון דער זעלבסטהערשנדיקער רעגירונג, קעגן דעם קלאס פון פּריווילעגירטע פריצים גוטבאזיצער און קעגן אלע רעשטן פון לייבייגנשאפט און שטאנדן־סיסטעם, וואָס דריקן די פרייהייט פון קאָנקורענץ.

4. פארקערט, די רסד״פּ וועט פירן א מילכאָמע מיט אלע שטרעבונגען צו באגליקן די ארבעטנדיקע קלאסן דורך אפּיטראָפּעס פון דער אומבאגרענעצטער רעגירונג און פון אירע טשינאָווניקעס, צו פארהאלטן די אנטוויקלונג פונעם קא־פּיטאליזם, און אלזאָ, אויך די אנטוויקלונג פונעם ארבעטערקלאס.

5. די באפרייונג פונעם ארבעטערקלאס דארף זיין די זאך פון די ארבעטער גופע.

6. דאָס רוסישע פאָלק באדארף ניט די הילף פון דער אומבאגרענעצטער רעגירונג און פון אירע טשינאָווניקעס. דאָס רוסישע פאָלק באדארף — באַ־פרייונג פון זייער יאָך.

ג. ארויסגייענדיק פון דיזאָזיקע אָנשויונגען, פאָדערט די רסד״פ קוידעמקאָל:

1. צונויפרופן אַ זעמסקע סאָבאָר * פון פאָרשטייער פון אַלע בירגער, כּדי אויסצואַרבעטן אַ קאָנסטיטוציע.

2. אַלגעמיינע און גלייכע וואַלרעכט פאַר אַלע רוסישע בירגער, וואָס זיינען אַלט געוואָרן 21 יאָר, אָן אונטערשייד פון רעליגיע און נאַציאָנאַליטעט.

3. פרייהייט פון פאַרזאַמלונגען, פאַריינען און שטרייקן.

4. פרייהייט פון פרעסע.

5. פאַרניכטן די שטאַנדן און פולע פרייהייט פון אַלע בירגער פאַרן געזעץ.

6. פרייהייט פון רעליגיע און גלייכבאַרעכטיקונג פאַר אַלע נאַציאָנאַליטעטן, איבערגעבן דאָס פירן די מעטריקעס אין די הענט פון זעלבשטענדיקע ציווילע באַאַמטע, אומאָפּהענגיק פון דער פּאָליציי.

7. געבן איטלעכן בירגער דאָס רעכט צו פאַרפאָלגן איטלעכן באַאַמטן פאַרן געריכט, ניט דאַרפנדיק אָנגעבן קיין אָנקלאָגע זיין אויבערקייט.

8. אָפּשאַפן די פּעסער, פולע פרייהייט פון באַוועגונג און איבערוואַנדערונג.

9. פרייהייט פון געווערבן און באַשעפטיקונגען און אָפּשאַפן די צעכן **.

---

* זעמסקע סאָבאָר — לאַנדפאַרזאַמלונג — אַזוי האָט געהייסן אַן אינסטיטוציע, וועלכע האָט עקזיסטירט אין דער אַלטער מאָסקווער מעלוכע אינעם 16־טן און 17־טן יאָרהונדערט. דיזאָזיקע פאַרזאַמלונג פלעגט מייסטנס צונויפגערופן ווערן ניט רעגלמעסיק, נאָר אין באַזונדערס וויכטיקע פאַלן. איר באַשטאַנד פלעגט זיך בייטן, נאָר געוויינלעך פלעגט זי באַשטיין פון באָיאַרעס (אַריסטאָקראַטן), גייסטלעכע, דוואָריאַנעס, אַלערליי הויף־טשינאָווניקעס, סאָחרים, פאָרשטייער פון דער שטאָטישער באַפעלקערונג און דערצו אַ קליינע צאָל פאָרשטייער פון „טיאַגלע" שטאַנדן (ד. ה. פון די נידעריקסטע שטאַנדן, אָבער ניט פון פּויערים. פּויערשע פאָרשטייער טרעפן מיר נאָר אָף איין זעמסקע סאָבאָר, אינעם יאָר 1613: 12 כּסימעס צווישן די כּסימעס פון עטלעכע הונדערט אָנטיילנעמער). די גרעסטע ראָליע אינעם סאָבאָר פלעגט שפּילן מאָסקווע.

דאָסדאָזיקע אַלטע וואָרט איז אין 19־טן יאָרהונדערט אָנגעפילט געוואָרן מיט אַ נייעם אינהאַלט. אונטער דער פאָדערונג פון „זעמסקע סאָבאָר" האָט מען פאַרשטאַנען די פאָדערונג פון אַ מאָדערנער פאָלקס־פאַרטרעטונג, פון אַ מין פּאַרלאַמענט, פון אַ גרינדונג־פאַרזאַמלונג.

איב.

** צעך — אַ מיטלאַלטערלעכע אינסטיטוציע, אַ ספּעציעלע שטאַנדן־אָרגאַניזאַציע פאַר באַלמעלאָכעס, לויט צעבראָקלטע פאַכן. איטלעכער פאַך איז געווען אָרגאַניזירט אין אַ באַזונדער קערפּערשאַפט בעראָש מיט די עלטסטע, די פאַרמעגלעכסטע, בעקאָוועדיקסטע מייסטערס. דער צעך האָט זיך שטאַרק אַריינגעמישט אין דער אַרבעט און אינעם לעבנס־שטייגער פון די אַרבעטער. ער האָט געהיט, עס זאָל ניט וואַקסן צופיל די צאָל באַלמעלאָכעס, עס זאָל ניט זיין קיין קאָנקורענץ, עס זאָלן דעריקער צוגעלאָזן ווערן צום פאַך בלויז די קינדער פון די מיטגלידער. ווערן אַ מייסטער איז געווען שווער, מע האָט געדאַרפט אַרבעטן לאַנגע יאָרן ווי אַ לערן־יינגל, ווי אַ געזעל, אויסהאַלטן פאַרשיידענע עקזאַמענס און ערשט דערנאָך ווערן אַ מיטגליד אינעם צעך, וואָס אָן דעם האָט מען בעשומוייפן ניט געטאָרט פאַרנעמען זיך מיט האַנטווערק. אַן אינטערעסאַנט בלעטל אין דער געשיכטע פון די יידן איז דער קאַמף פאַר רעכט צו פאַרנעמען זיך מיט האַנטווערק, וועלכן זיי זיינען אויסגעשטאַנען מיט די קריסטלעכע צעכן.

באַטירלעך, אַז די עקזיסטענץ פון צעכן איז סויסער געווען דער קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג, האָט קינסטלעך פאַרשמעלערט די פרייהייט פון באַשעפטיקונג און אָפּגעגעבן די יונגע און די אומפאַרמעגלעכע האַנטווערקער אין די הענט פון די רעדלפירער.

איב.

ד. פאר די ארבעטער פאָדערט די רסד״פ:

1. עס זאָלן אייַנגעאָרדנט ווערן געווערב־געריכטן אין אַלע אינדוסטריע־צווייגן, מיט געקליבענע ריכטער גלייך אף פון די קאפיטאליסטן און פון די ארבעטער.

2. דער ארבעטס־טאָג זאָל באגרענעצט ווערן מיט 8 שאָ אין מעטלעם.

3. עס זאָלן געזעצלעך פארבאָטן ווערן נאכט־ארבעט און וואכטעס. עס זאָל פארבאָטן ווערן די ארבעט פאר קינדער ביז 15 יאָר.

4. געזעצלעך אייַנגעשטעלטע יאָנטעוו־רו.

5. פארשפרייטן די פאבריק־געזעצן און פאבריק־אינספעקציע אף אַלע אונ־דוסטריע־צווייגן אין גאנץ רוסלאנד און אף די קאזיאָנע פאבריקן, ווי אויך אף די קוסטארן, וועלכע ארבעטן אינדערהיים.

6. די פאבריק־אינספעקציע דארף האָבן א זעלבשטענדיקע שטעלונג און ניט געפינען זיך אין רעשוס פונעם פינאנץ־מיניסטעריום. די מיטגלידער פון די גע־ווערב־געריכטן באקומען גלייכע רעכט מיט דער פאבריק־אינספעקציע אין פראט פון אכטונג צו געבן, עס זאָלן הערפילט ווערן די פאבריק־געזעצן.

7. אומעטום אומבאדינגט פארבאָטן פאנאנדערצוצאָלן זיך מיט סכוירעס.

8. אויסגעקליבענע מיצאד די ארבעטער זאָלן אכטונג געבן, עס זאָלן ריכטיק צונויפגעשטעלט ווערן די לוין־בארעכענונגען, וויאזוי עס ווערן בראקירט די סכוירעס, וויאזוי עס ווערט אויסגעגעבן דאָס שטראָף־געלט און אויך אכטונג געבן אף די ארבעטער־דירעס.

א געזעץ, אז אַלע אָפרעכענונגען פונעם ארבעטלוין פון די ארבעטער, וואָס פאר א ציל זיי זאָלן ניט האָבן (שטראָפן, בראקירונג א. א. וו.) זאָלן צוזאמען ניט אויסמאכן מער פאר 10 קאָפ. פונעם רובל.

9. א געזעץ, אז די פאבריקאַנטן זייַנען פאראנטוואָרטלעך פאר די שעדי־קונגען פון די ארבעטער, מיט דער פארפליכטונג פארן פאבריקאַנט צו דערווייַזן, אז די שולד איז מיצאד די ארבעטער.

10. א געזעץ וועגן דעם, אז די פאבריקאנטן זייַנען מעכויעוו אויסצוהאלטן שולן און געבן די ארבעטער מעדיציניש הילף.

ה. פאר די פויערים פאָדערט די רסד״פ:

1. אָפשאַפן די אויסקויף־אָפצאָלן און קאָמפענסירן די פויערים פאר די אויסקויף־אָפצאָלן, וועלכע זיי האָבן אריינגעטראָגן. אומקערן די פויערים דאָס איבעריקע געלט, וואָס זיי האָבן איבערגעצאָלט דער מעלוכע.

2. אומקערן די פויערים די ערדן, וואָס מע האָט בא זיי אָפגעשניטן אינעם יאָר 1861.

3. פולע גלייכהייט אין ציגזן און שטייערן פון די פויערשע און פריצישע ערדן.

4. אָפשאפן דאָס קאָהאָלשע אָרוועס און אַלע געזעצן, וועלכע בינדן די פויערים אין פאראָרדענען מיט זייער ערד.

# דערקלערונג פון דער פּראָגראם

די פּראָגראם צעטיילט זיך אף דריי הויפּט=טיילן. אינעם ערשטן טייל ווערן אויסגעלייגט אלע אָנשווונגען, פון וועלכע עס דרינגען ארויס אלע איבעריקע טיילן פון דער פּראָגראם. אין דעמדאָזיקן טייל ווערט אָנגעוויזן, וואָס פאר א לאגע ס'פארנעמט דער ארבעטער אין דער היינטיקער געזעלשאפט, וואָס פאר א זינען און באדייטונג עס האָט זיין קאמף מיט די פאבריקאנטן און וועלכע איז די פּאָליטישע לאגע פונעם ארבעטערקלאס אין דער רוסישער מעלוכע.

אינעם צווייטן טייל ווערט אויסגעלייגט די אופגאבע פון דער פּארטיי און ס'ווערט אָנגעוויזן, אין וואָס פאר א באציונג זי געפינט זיך צו אַנדערע פּאָליטישע ריכטונגען אין רוסלאנד. דאָ רעדט זיך וועגן דעם, וויאזוי עס דארף זיין די טעטיקייט פון דער פּארטיי און פון אלע ארבעטער, וועלכע זיינען זיך באַוווסט אין זייערע קלאַסן=אינטערעסן און ווי דארפן זיי זיך באַציען צו די אינטערעסן און צו די שטרעבונגען פון אַנדערע קלאַסן פון דער רוסישער געזעלשאַפט.

דער דריטער טייל אנטהאלט די פּראקטישע פּאָדערונגען פון דער פּארטיי. דעראָזיקער טייל צעטיילט זיך אף 3 אָפּטיילן. דער ערשטער אָפּטייל אנטהאלט די פּאָדערונג פון אלגעמיין=מעלוכישע איבעראַנדערשונגען. דער צווייטער — די פּאָדערונגען און די פּראָגראם פונעם ארבעטערקלאס. דער דריטער — פּאָדערונגען לטובת די פּויערים. אייניקע פּאָרדערקלערונגען צו דידאָזיקע אָפּטיילן זיינען געגעבן געוואָרן אונדז, פארן איבערגאנג צום פּראקטישן טייל פון דער פּראָגראם.

א. 1. די פּראָגראם רעדט קוידעמקאָל וועגן דעם גיכן וווקס פון גרויסע פאבריקן און זאוואָדן, ווייל דאָס איז די הויפּט=דערשיינונג אינעם היינטיקן רוסלאַנד, וועלכע ענדערט פולשטענדיק אַלע אַלטע לעבנסבאַדינגונגען, באַזונדערס די לעבנסבאדינגונגען פונעם ארבעטנדיקן קלאס. בא די אלטע באדינגונגען פלעגט קימאט דער גאנצער סכום רייכטימער פּראָדוצירט ווערן דורך קליינע באלעבאטים, וועלכע האָבן געבילדעט די גוואלטיקע מערהייט פון דער באפעלקערונג. די באפעלקערונג האָט געלעבט אומבאוועגלעך אין די דערפער, פּראָדוצירנדיק אין דעם גרעסטן טייל פּראָדוקטן אָדער פאר איר אייגענעם געברויך, אָדער אף דעם קליינעם מארק פון די ארומיקע יישוווים, ווייניק פארבונדן מיט די איבעריקע שכיינישע מערק. אף די פּריצים פלעגן ארבעטן דיזעלביקע קליינע באלעבאטים, און די פּריצים פלעגן זיי צווינגען צו פּראָדוצירן דעם פּראָדוקט דעריקער פאר זייער אייגענעם (דעם פּריצישן) געברויך. די היימישע פּראָדוקטן פלעגן אָפּגעגעבן ווערן אף באארבעטן צו די באלמעלאָכעס, וועלכע פלעגן אויך וווינען איבער די דערפער אָדער פלעגן ארומגיין אין דער געגנט נעמען ארבעט.

איז אָט, זינט דער פּויערים=באפרייונג האָבן דידאָזיקע לעבנסבאדינגונגען פון דער פאָלקסמאַסע דורכגעמאַכט א פולע ענדערונג: אָפן אָרט פון די קליינע

האַנטווערקשטאַטן האָבן אָנגעהויבן דערשטיקן גרויסע פאַבריקן, וועלכע זיינען
געוואַקסן מיט אַן אויסעראָרדנטלעכער שנעלקייט: זיי פלעגן אַרויסשטויסן די
קליינע באַלעבאַטים, מאַכנדיק זיי פאַר געדונגענע אַרבעטער, און האָבן געצווונ=
גען הונדערטער און טויזנטער אַרבעטער אַרבעטן צוזאַמען, פּראָדוצירנדיק אין
אַ געוואַלטיקן סכום סכוירעס, וועלכע פאַרקויפן זיך איבער גאַנץ רוסלאַנד.

די פויערים=באַפרייונג האָט פאַרניכטעט די אומבאַוועגלעכקייט פון דער
באַפעלקערונג און האָט אָוועקגעשטעלט די פויערים אין אַזעלכע באַדינגונגען, אַז
זיי האָבן שוין ניט געקאָנט דערנערן זיך פון די ברעקלעך ערד, וואָס זיינען בא
זיי געבליבן. אַ מאַסע אוילעם האָט זיך געוואָרפן זוכן פאַרנאָסע, גייענדיק אַף
די פאַבריקן, אַף בויען אייזנבאַנען, וועלכע פאַרייניקן די פאַרשיידענע עקן רוס=
לאַנד און פירן אומעטום פאַנאַנדער די סכוירעס פון די גרויסע פאַבריקן, אַ מאַסע
אוילעם איז אַוועק אַף פאַרנאָסע אין די שטעט, האָט זיך פאַרנומען מיט בויען
פאַבריק= און האַנדל=בינייאָנים, צופירן הייצוואַרג צו די פאַבריקן, צוגרייטן מאַטע=
ריאַלן פאַר זיי. ענדלעך, פיל פערזאָנען זיינען געווען פאַרנומען מיט היימאַרבעט,
וואָס עס האָבן געטיילט סאָכרים און פאַבריקאַנטן, וועלכע האָבן ניט באַוויזן צו
פאַרברייטערן זייערע אונטערנעמונגען. דיזעלביקע ענדערונגען זיינען פאָרגעקומען
אין דער לאַנדווירטשאַפט. די פּריצים האָבן אָנגעהויבן פּראָדוצירן טוווע צום
פאַרקויף, עס זיינען דערשינען גרויסע פאַרזייער פון צווישן די פויערים און סאָכ=
רים, הונדערטער מיליאָנען פוד ברויט האָבן אָנגעהויבן פאַרקויפן זיך אין אויס=
לאַנד. פאַר דער פּראָדוקציע האָבן זיך געפאָדערט געדונגענע אַרבעטער, און
הונדערטער טויזנטער און מיליאָנען פויערים זיינען אַוועק, פאַרוואַרפנדיק זייערע
פיצלעך ערד=כאַלאָקים („נאַדיעלן”), פאַר באַטראַקן און טאָגלויגער צו די נייע
באַלעבאַטים, וועלכע פּראָדוצירן טוווע צום פאַרקויף. אָט די ענדערונגען פונעם
אַלטן לעבן באַשרייבט געמלעך די פּראָגראַם, זאָגנדיק, אַז די גרויסע פאַבריקן
און זאַוואָדן רויִנירן די קליינע קוסטאַרן און פויערים, מאַכנדיק זיי פאַר גע=
דונגענע אַרבעטער. די קליינפּראָדוקציע ווערט אומעטום פאַרביטן דורך דער
גרויסער, אין דערדאָזיקער גרויסער פּראָדוקציע זיינען די מאַסן אַרבעטער שוין
איינפאַך געדונגענע מענטשן, וועלכע אַרבעטן פאַרן אַרבעטלוין אַף דעם קאַפּי=
טאַליסט, וואָס באַזיצט געוואַלטיקע קאַפּיטאַלן, בויט געוואַלטיקע ווערקשטאַטן,
קויפט איין מאַסן מאַטעריאַל און לייגט זיך אין קעשענע דעם גאַנצן רעווער פון
דערדאָזיקער מאַסן=פּראָדוקציע פון די פאַרייניקטע אַרבעטער. די פּראָדוקציע
איז געוואָרן אַ קאַפּיטאַליסטישע און זי שטיקט אומבאַראַכמאָנעסדיק און גיט=
שאַנעווענדיק אַלע קליינע באַלעבאַטים, צעשטערנדיק זייער אומבאַוועגלעך לעבן
אין די דערפער, צווינגענדיק זיי צו גיין ווי איינפאַכע שוואַרץ=אַרבעטער פונעם
עק צום עק איבערן גאַנצן לאַנד, פאַרקויפנדיק זייער מי דעם קאַפּיטאַל. אַלץ אַ
גרעסערער און גרעסערער טייל פון דער באַפעלקערונג רייסט זיך אָפּ ענדגילטיק
פונעם דאָרף און פון דער לאַנדווירטשאַפט און זאַמלט זיך צונויף אין די שטעט,
אין די פאַבריק= און אינדוסטריעלע יישווים און שטעטלעך, בילדנדיק אַ באַזונ=

דערן קלאס מענטשן, וועלכע האָבן ניט קיין שום אייגנטום, א קלאס פון גערונ=
גענע ארבעטער=פּראָלעטאריער, וועלכע לעבן בלויז מיט פארקויפן זייער ארבעט=
קראפט.

אָט אין וואָס עס באשטייען יענע גרויסע ענדערונגען אינעם לעבן פונעם
לאנד, וועלכע זיינען געמאכט געוואָרן דורך די גרויסע פאבריקן און זאוואָדן: די
קליינפּראָדוקציע ווערט פארביטן דורך דער גרויסער, די קליינע באלעבאטים ווערן
גערונגענע ארבעטער. וואָס זשע באטייט דיזאָזיקע ענדערונג פאר דאָס גאנצע
ארבעטפאָלק און צו וואָס פירט זי? וועגן דעם רעדט נעמלעך ווייטער די
פּראָגראם.

א. 2. דאָס פארבייטן די קליינפּראָדוקציע דורך דער גרויסער ווערט באגלייט
מיט פארבייטן די קליינע געלט=מיטלען אין די הענט פון א באזונדערן באלע=
באָס — דורך געוואלטיקע קאפּיטאלן, מיט פארבייטן די קליינע, נישטיקע
רעוואָכים — דורך מיליאָנען=רעוואָכים. דעריבער פירט דער וווקס פונעם קאפּי=
טאליזם אומעטום צום וווקס פונעם לוקסוס און פונעם רייכטום. אין רוסלאנד
האָט זיך באשאפן א גאנצער קלאס גרויסע געלט=טייז, פאבריקאנטן, אייזנבא=
נער, סאָכרים, באנקירן, האָט זיך באשאפן א גאנצער קלאס מענטשן, וועלכע
לעבן פון האכנאָסע פון די געלט=קאפּיטאלן, וואָס ווערן אָפּגעגעבן אף פּראָצענט
די אינדוסטריעלער; עס האָבן זיך באַרייכערט די גרויסע גוטבאזיצער, באקומענ=
דיק פון די פויערים פיל אויסקויף פאר דער ערד, אויסנוצנדיק זייער ערד=נויט,
קעדיי צו העכערן די פרייזן פאר דער ארענדירטער ערד, באשאפנדיק אין זייערע
מאיאָנטקעם גרויסע צוקער= און ספּירט=זאוואָדן. דער לוקסוס און די פאר=
שווענדעריי האָבן בא די אלע קלאסן גווירים דערגרייכט ביז א קיינמאָל ניט געווע=
זענעם פארנעם, און די פאראד=גאסן פון די גרויסע שטעט זיינען פארבויט גע=
וואָרן מיט זייערע פירשטלעכע פאלאצן און פּראכטפולע שלעסער. אָבער די
לאגע פונעם ארבעטער האָט זיך מיטן וווקס פונעם קאפּיטאליזם אלץ פארער=
גערט. אויב די פארדינסטן האָבן נאָך דער פויערים=באפרייונג וו=ניט=וו פאר=
גרעסערט זיך, איז זייער ווייניק און ניט אף לאנג, ווייל די מאסע הונגעריקער
אוילעם, וועלכער איז צוגעקומען פון די דערפער, האָט אראָפּגערוקט די פרייזן,
און אין דערזעלביקער צייט זיינען עסנווארג און לעבנספּראָדוקטן געוואָרן אלץ
טייערער אזוי, אז די ארבעטער איז אויסגעקומען אפילו בא א פארגרעסערטן
לוין צו באקומען ווייניקער מיטלען צום לעבן; געפינען א פארדינסט איז געוואָרן
אלץ שווערער, און נעבן די פּראכטפולע פאלאצן פון די גווירים
(אָדער אף די עקן פון די שטעט) זיינען געוואקסן די כאלופעס פון די ארבעטער,
געצווונגענע צו וווינען אין קעלערן, אין איבערגעפולטע פייכטע און קאלטע
דירעס, און אמאָל אויך פּאָשעט אין ערדענע שטיבלעך נעבן די נייע אינדוס=
טריעלע אונטערנעמונגען. דער קאפּיטאל, ווערנדיק אלץ גרעסער, האָט שטארקער
געדריקט אף די ארבעטער, מאכנדיק זיי פאר עוויוינים, צווינגענדיק זיי אָפּצו=
געבן זייער גאנצע צייט דער פאבריק, יאָגנדיק צו דער ארבעט די פרויען און

די קינדער פון די ארבעטער. אף אזא אופן — אָט אין וואָס ס'באשטייט די ערשטע ענדערונג, צו וועלכער עס פירט דער וווקס פונעם קאפיטאליזם: געוואל־טיקע רייכטימער זאמלען זיך אָן אין די הענט פון א קליינעם הייפל קאפיטא־ליסטן, און די מאסן פונעם פאָלק ווערן פארוואנדלט אין עוויוניס.

די צווייטע ענדערונג באשטייט אין דעם, אז דאָס פארבייטן די קליינפּראָ־דוקציע מיט דער גרויסער האָט געבראכט צו פיל פארבעסערונגען אין דער פּראָ־דוקציע. קוידעמקאָל האָט אפן אָרט פון דער ארבעט איינציקווייז, אָפּגעשיידט אין איטלעכן קליינעם ווערקשטאט, באזונדער בא איטלעכן קליינעם באלעבאָס, אָוועקגעשטעלט זיך די ארבעט פון פאראייניקטע ארבעטער, וועלכע ארבעטן צו־זאמען אף איין פאבריק, בא איין גוטבאזיצער, בא איין פּאָדריאטשיק. די געמיינ־זאמע ארבעט איז אסאך דערפאָלגרייכער (פּראָדוקטיווער) איידער די איינצלנע, און גיט די מעגלעכקייט צו פּראָדוצירן סכוירעס אסאך גרינגער און גיכער. אָבער פון די אלע פארבעסערונגען געניסט בלויז דער קאפיטאליסט, וועלכער צאָלט די ארבעטער זייערע איינענע גראָשנס און אייגנט זיך אָן די גאנצע פּעולע פון דער פאראייניקטער ארבעט פון די ארבעטער. דער קאפיטאליסט ווייזט זיך ארויס נאָך שטארקער, דער ארבעטער נאָך שוואכער, ווייל ער ווערט געוווינט צו א וועלכער ניט איז איינציקער ארבעט און ס'איז אים שווערער אריבערצוגיין אף אן אנדער ארבעט, איבערבייטן זיין באשעפטיקונג.

א צווייטע, אסאך א וויכטיקערע פארבעסערונג אין דער פּראָדוקציע זיינען די מאשינען, וועלכע עס פירט איין דער קאפיטאליסט. די דערפאָלגרייכקייט פון דער ארבעט פארגרעסערט זיך פיל מאָל פונעם באנוצן מאשינען; אָבער דידאָ־זיקע גאנצע פּעולע ווענדט דער קאפיטאליסט קעגן די ארבעטער. אויסנוצנדיק דאָס, וואָס די מאשינען פאָדערן א קלענערע פיזישע ארבעט, שטעלט ער צו זיי אוועק פרויען און קינדער, צאָלנדיק זיי א קלענער געהאלט. אויסנוצנדיק דאָס, וואָס בא די מאשינען דארף מען האָבן אסאך ווייניקער ארבעטער, שטויסט ער זיי מאסנווייז ארויס פון דער פאבריק און נוצט אויס דידאָזיקע ארבעטלאָזיקייט, קעדיי נאָך שטארקער צו אונטערדריקן דעם ארבעטער, קעדיי צו פארערגערן דעם ארבעטס־טאָג, קעדיי אָפּצונעמען באם ארבעטער די נאכט־רו און מאכן פון אים א פּאָשעטן צוהאנג צו דער מאשין. די ארבעטלאָזיקייט, וואָס איז באשאפן דורך די מאשינען און וואקסט שטענדיק, פירט איצט צו דער פולשטענדיקער שוצלאָזיקייט פון די ארבעטער. זיין קונסט פארלירט איר פרייז, ער קאָן גרינג פארביטן ווערן דורך אן איינפאכן שווארצארבעטער, וועלכער ווערט גיך געוויינט צו דער מאשין און גייט ארבעטן פאר א קלענערן לוין. איטלעכער פרווו פונעם ארבעטער איינצושטעלן זיך קעגן דעם נאָך גרעסערן דרוק פונעם קאפיטאל פירט דערצו, אז מע זאָגט אים אָפּ. איינציקווייז פארבלייבט דער ארבעטער אינגאנצן קראפטלאָז אקעגן דעם קאפיטאל, די מאשין דראָט אים צו דערשטיקן.

א. 3. מיר האָבן באוויזן אין דער דערקלערונג צו דעם פאָרגייענדיקן פונקט,

אז דער ארבעטער איינציקווייז איז קראפטלאָז און שוצלאָז אקעגן דעם קאפּי־טאליסט, וועלכער פירט איין מאשינען. דעם ארבעטער קומט אויס אום יעדן פּרייז צו זוכן מיטלען אף גענבן א ווידערשטאנד דעם קאפּיטאליסט, קעדיי צו פארטיידיקן זיך. און אזא מיטל געפינען זיי אין פאריייניקונג. קראפטלאָז איינציקווייז, ווערט דער ארבעטער א קויעך אין פאריייניקונג מיט זיינע כאווי־רים, באקומט ער די מעגלעכקייט צו קעמפן קעגן דעם קאפּיטאליסט און געבן אים א ווידערשטאנד.

די פאריייניקונג ווערט א נייטיקייט פארן ארבעטער, קעגן וועלכן עס שטייט דער גרויסער קאפּיטאל. אָבער צי איז מעגלעך צו פאריייניקן צוזאַמען די מאסע אוילעם, צונויפגעקומענע פון אלע זייטן, זייטיקע איינער פארן אנדערן, האָטש זיי ארבעטן אפילע אף איין פאבריק? די פּראָגראַם ווייזט אָן יענע באַ־דינגונגען, וועלכע גרייטן צו די ארבעטער צו דער פאריייניקונג און אנטוויקלען אין זיי די פעיִקייטן צו פאריייניקן זיך און דאָס פארשטיין, וויאזוי מע דארף זיך פאריייניקן. דאָס זיינען פאָלגנדיקע באדינגונגען: 1) די גרויסע פאבריק מיט מאַ־שין־פּראָדוקציע, וועלכע פאָדערט שטענדיקע ארבעט א קיילעכדיק יאָר, רייסט אינגאנצן די פארבינדונג פונעם ארבעטער מיט דער ערד און מיט דער אייגענער ווירטשאַפט, מאכנדיק אים פאר א פולן פּראָלעטאַריער. און די אייגענע ווירט־שאפט אף א ברעקל ערד פלעגט איזאָלירן די ארבעטער, פלעגט געבן איטלעכן פון זיי א געוויסן באַזונדערן אינטערעס, אָפּגעשיידט פונעם אינטערעס פונעם כאווער, און פלעגט אף אזא אויפן שטערן זייער פאריייניקונג. דאָס צערייסן די פארבינדונג מיט דער ערד צערייסט דידאָזיקע מעניִעס. 2) וויטער, די געמיינ־זאמע ארבעט פון הונדערטער און טויזנטער ארבעטער געוווינט צו פון זיך אליין די ארבעטער צו א געמיינזאמער באהאנדלונג פון זייערע נויטן, צו געמיינזאמער האנדלונג, באווייזנדיק אָנשוילעך די גלייכהייט פון דער לאגע און פון די אינ־טערעסן פון דער גאנצער מאַסע ארבעטער. 3) ענדלעך, די שטענדיקע איבער־וואַרפונגען פון די ארבעטער פון פאבריק אף פאבריק לערנען זיי אויס צו פאר־גלייכן די באדינגונגען און די פּראַקטיקעס אף פארשיידענע פאבריקן, און פאר־גלייכנדיק, איבערצייגן זיך, אז אף אלע פאבריקן איז די עקספּלואטאציע גלייך; איבערנעמען די ערפארונג פון די אַנדערע ארבעטער אין זייערע צוזאמענשטויסן מיטן קאפּיטאליסט און פארשטארקן אף אזא אויפן די צוזאמענגעשלאָסנקייט, די סאָלידאַרישקייט פון די ארבעטער. אָט די באַציונגען אינגאַנצן גענומען, האָבן געבראכט דערצו, אז דאָס דערשיינען אף דער וועלט פון גרויסע פאבריקן און זאוואָדן האָט ארויסגערופן די צוזאמענגעשלאָסנקייט פון די ארבעטער. צווישן די רוסישע ארבעטער דריקט זיך דאָס אויס אָפּטער פאר אלץ און שטארקער פאר אלץ אין שטרייקן (וועגן דעם, פאר וואָס פאר אונדזערע ארבעטער איז אומעג־לעך די פאריייניקונג אין דער פאָרם פון פאריינען, אָדער קאסעס, וועלן מיר ריידן שפּעטער). וואָס שטארקער עס אַנטוויקלען זיך די גרויסע פאבריקן און זאוואָדן, אלץ אָפּטער, שטארקער און אקשאָנעסדיקער ווערן די ארבעטער־

שטרייקן, ווייל וואָס שטאַרקער ס'איז דער דרוק פונעם קאַפּיטאַליזם, אַלץ נייטיקער איז דער געמיינזאַמער ווידערשטאַנד פון די אַרבעטער. די שטרייקן און איינצלנע אופשטאַנדן פון די אַרבעטער, ווי ס'זאָגט די פּראָגראַם, בילדן אין היינטיקער צייט די פאַרשפּרייטסטע דערשיינונגען אַף די רוסישע פאַבריקן. אָבער מיטן ווייטערדיקן וווּקס פונעם קאַפּיטאַליזם און מיט דער פאַרשפּרייטונג פון די שטרייקן ווערן זיי ניט גענוגנדיק. די פאַבריקאַנטן נעמען זיך אָן אַנטקעגן זיי געמיינזאַמע מיטלען: זיי שליסן צווישן זיך אַ פאַרבאַנד, זיי שרײַבן אויס אַרבעטער פון אַנדערע ערטער, זיי ווענדן זיך נאָך הילף צו דער מלוכע-מאַכט, וועלכע העלפט זיי צו אונטערדריקן דעם ווידערשטאַנד פון די אַרבעטער. אַנטקעגן די אַרבעטער שטייט שוין ניט דער באַזונדערער פאַבריקאַנט פון איטלעכער באַזונדערער פאַבריק, אַקעגן זיי שטייט **דער גאַנצער קלאַס קאַפּיטאַליסטן** מיט דער רעגירונג, וועלכע העלפט אים. דער גאַנצער **קלאַס קאַפּיטאַליסטן** טרעט אַריין אין קאַמף מיט דעם גאַנצן **קלאַס אַרבעטער**, אויסזוכנדיק געמיינזאַמע מיטלען אַנטקעגן שטרייקן, דערשלאָגנדיק זיך בײַ דער רעגירונג געזעצן אַנטקעגן די אַרבעטער, איבערטראָגנדיק די פאַבריקן און די זאַוואָדן אין פאַרוואָרפענע געגנטן, אָנווענדנדיק דאָס פאַנאַנדערטיילן די אַרבעט אַהיים און טויזנטער אַלערליי אַנדערע האַמצאָעס און אויסדרייעניש אַנטקעגן די אַרבעטער. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז די פאַרייניקונג פון די אַרבעטער פון אַ באַזונדערער פאַבריק, אַפילע פון אַ באַזונדערן אינדוסטריע-צווייג איז ניט גענוג, קעדיי געבן אַ ווידערשטאַנד דעם גאַנצן קלאַס קאַפּיטאַליסטן; עס ווערט אומבאַדינגט נייטיק אַ געמיינזאַמע האַנדלונג פונעם **גאַנצן קלאַס אַרבעטער**. פון באַזונדערע אַרבעטער-אופשטאַנדן וואַקסט אויס אַף אַזא אויפן דער קאַמף פונעם גאַנצן אַרבעטערקלאַס. דער קאַמף פון די אַרבעטער אַנקעגן די פאַבריקאַנטן ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ **קלאַסנקאַמף**. אַלע פאַבריקאַנטן פאַרייניקט איין אינטערעס — האַלטן די אַרבעטער אין אונטערגעוואָרפנקייט און צאָלן זיי וואָס ווייניקער אַרבעטלוין. און די פאַבריקאַנטן זעען, אַז זיי וועלן ניט פאַרטיידיקן זייער זאַך אַנדערש, ווי דורך געמיינזאַמער האַנדלונג פון דעם גאַנצן קלאַס פאַבריקאַנטן, אַנדערש, ווי קריגנדיק אַ ווירקונג אַף דער מלוכע-מאַכט. די אַרבעטער בינדט אויך צוזאַמען איין געמיינזאַמער אינטערעס — ניט לאָזן דעם קאַפּיטאַל דערשטיקן זיי, פאַרטיידיקן זייער רעכט אַף לעבן און אַף מענטשלעכער עקזיסטענץ. און די אַרבעטער איבערצייגן זיך אויך, אַז אויך זיי באַדאַרפן פאַרייניקונג, געמיינזאַמע האַנדלונג פונעם גאַנצן קלאַס — פונעם אַרבעטערקלאַס, — און אַז צוליב דעם איז נייטיק צו דערשלאָגן זיך ווירקונג אַף דער מלוכע-מאַכט.

אַ. 4. מיר האָבן דערקלערט, וויאַזוי און פאַרוואָס דער קאַמף פון די פאַבריק-אַרבעטער מיט די פאַבריקאַנטן ווערט אַ קלאַסנקאַמף, אַ קאַמף פונעם אַרבעטערקלאַס, פון די פּראָלעטאַריער, — מיטן קלאַס קאַפּיטאַליסטן — מיט דער בורזשואַזיע. פרעגט זיך, וואָס פאַר אַ באַדייטונג פאַרן גאַנצן פאָלק און פאַר אַלע

ארבעטנדיקע עם האָט דערדאָזיקער קאמף? בא די היינטיקע באדינגונגען, וועגן
וועלכע מיר האָבן שוין גערעדט אין די דערקלערונגען צום 1 פונקט, איז די
פּראָדוקציע דורך געדונגענע ארבעטער שטופּט ארויס אַלץ מערער די קליינווירט=
שאפט. די צאָל מענטשן, *וועלכע לעבן מיט געדונגענער אר=*
*בעט* ווערט ניט פארגרעסערט, און ניט בלויז עם פארגרעסערט זיך די צאָל
שטענדיקע פאבריק=ארבעטער, נאָר עם פארגרעסערט זיך נאָך מער די צאָל
פויערים, וועלכע דארפן זוכן פאר זיך דיזעלביקע געדונגענע ארבעט, קעדיי דער=
נערן זיך, היינטיקע צייט איז געדונגענע אַרבעט, אַרבעט אפן קאַפּיטאַליסט שוין
געוואָרן די פארשפרייטסטע פאָרם פון ארבעט. די הערשאפט פונעם קאפיטאל
איבער דער ארבעט האָט ארומגעכאפט די מאסע באפעלקערונג ניט בלויז אין
דער אינדוסטריע, נאָר אויך אין דער לאנדווירטשאפט. אָט די עקספּלואטאַציע
פון געדונגענער ארבעט, וועלכע ליגט אינעם יעסאָד פון דער היינטיקער געזעל=
שאפט, דערפירן די גרויסע פאבריקן ביז דעם העכסטן גראד פון אנטוויקלונג,
אלע מעטאָדן פון עקספלואטאציע, וועלכע עם ווערן באנוצט דורך אלע קאפי=
טאליסטן און אלע אינדוסטריע=צווייגן, פון וועלכע עם ליידט די גאנצע מאסע אר=
בעטער=באפעלקערונג פון רוסלאנד, — זאמלען זיך דאָ, אף דער פאבריק, צו=
זאמען, פארשטארקן זיך, ווערן א שטענדיקע רעגל, פארשפרייטן זיך אף אלע
זייטן פון דעם ארבעטערס ארבעט, פונעם ארבעטערס לעבן, באשאפן א גאנצן
טיידער, א גאנצע סיסטעם, דורך וועלכע דער קאפיטאליסט קוועטשט אוים
די זאפט פונעם ארבעטער. לאָמיר דאָס דערקלערן מיט א ביישפּיל: יעדערער,
ווער ס׳באדינגט זיך אף ארבעט, רוט אָפּ, לאָזט די ארבעט אום יאָנטעוו, אויב
דערדאָזיקער יאָנטעוו ווערט געפייערט אין דער געגנט. גאָר אנדערש איז אף דער
פאבריק: דינגענדיק אן ארבעטער, באלעבאטעוועט די פאבריק איבער אים אזוי,
ווי עס געפעלט איר, ניט אומקוקנדיק זיך אף דעם ארבעטערס געוווינהייטן, אף
זיין אייגנעשטעלטן לעבנס=שטייגער, אף זיין פאמיליען=לאגע, זיינע גייסטיקע
באדערפענישן. די פאבריק טרייבט אים צו דער ארבעט דעמאָלט, ווען זי באדארף,
צווינגענדיק צוצופאסן צו אירע פאָדערונגען זיין גאנץ לעבן, צווינגענדיק אים
צו צעריים אף טיילן זיין רו, בא דער וואכטן=אַרבעט, צווינגענדיק אים צו אַרבעטן
סיי באנאכט, סיי אום יאָנטעוו. אלע מיסברויכן, וועלכע מע קאָן זיך נאָר פאָר=
שטעלן בענוגייע צו ארבעטצייט, לאָזט די פאבריק אין גאנג, און צוזאמען מיט
דעם פירט זי איין אירע „רעגעלן“, אירע „פאָראָנדקעס“, אָבליגאטאָרישע פאר
איטלעכן ארבעטער. די פאבריק=אָרדענונג ווייזט זיך ארוים ווי בעקיוון צוגע=
פאסט, קעדיי אויסצוקוועטשן פונעם געדונגענעם ארבעטער דעם גאנצן סכום
ארבעט, וועלכע ער קאָן געבן, אויסקוועטשן וואָס מערער און דערנאָך ארויסווארפן
אים! אן אנדער ביישפיל. איטלעכער, ווער ס׳באדינגט זיך אף ארבעט, פארפליכט
זיך, נאטירלעך, אונטערצוווארפן זיך דעם באלעבאָס, מעקאיעם זיין דאָס, וואָס
מע וועט אים הייסן. אָבער, פארפליכטנדיק זיך צו דערפילן א צייטווייליקע אר=
בעט, זאָגט זיך דער, וואָס באדינגט זיך, גאָר ניט אָפּ פון זיין ווילן; אויב ער גע=

פינט, אז די פאָדערונג פונעם באַלעבאָס איז ניט ריכטיק אָדער צו גרויס, גייט ער פון אים אוועק. די פאַבריק אָבער פאַרלאַנגט דער ארבעטער זאָל פולקום אָפּזאָגן זיך פון זיין ווילן; זי פירט איין באַ זיך א דיסציפּלין, זי צווינגט דעם ארבעטער לויטן גלעקל צו שטעלן זיך צו דער ארבעט און אָפּשטעלן זי, זי אייגנט זיך אָן דאָס רעכט אַליין צו באַשטראָפן דעם ארבעטער און לייגט אָף אים ארויף א שטראָף אָדער רעכנט אים אָפּ פון זיין לוין פאַר איטלעכס אויווער זיין די רעגעלן, וועלכע זי אַליין האָט צוזאַמענגעשטעלט. דער ארבעטער ווערט א טייל פונעם געוואַלטיקן מאַשינען-אַפּאַראַט; ער דאַרף אָן טיינעס וועטיינעס אַזוי טאָן, אַזוי פאַרשקלאַפט זיין, אַזוי ניט האָבן קיין אייגענעם ווילן, ווי א מאַשין.

נאָך א דריט ביישפּיל. איטלעכער, ווער ס'באַדינגט זיך אָף ארבעט, געפינט זיך אָפּט אומצופרידן מיטן באַלעבאָס, ווענדט זיך מיט אַן אָנקלאָגע אָף אים צום געריכט אָדער צום נאַטשאַלניק. סיי דאָס געריכט, סיי דער נאַטשאַלניק אנטשיידן דעם שטרייט געוויינלעך לעטויוועס דעם באַלעבאָס, האַלטן זיין האַנט, אָבער דאָסדאָזיקע נאָכגעבן דעם באַלעבאָס אינטערעסן איז זיך סוימעד ניט אָף אַן אַלגעמיינער רעגל אָדער אָף א געזעץ, נאָר אָף דער דינסטפערטיקייט פון באַזונדערע באַאמטע, וועלכע פאַרטיידיקן אמאָל מערער, אמאָל ווייניקער, וועלכע לייזן דעם איניען אומגערעכטיק לעטויוועס דעם באַלעבאָס אָדער צוליב באַקאַנטשאַפט מיטן באַלעבאָס אָדער ווייל זיי זיינען ניט באַקאַנט מיט די ארבעטסבאַדינגונגען און קאָנען ניט פאַרשטיין דעם ארבעטער. איטלעכער איינצלנער פאַל פון אַזא אומגערעכטיקייט הענגט אָפּ פון איטלעכן איינצלנעם צוזאַמענשטויס פונעם ארבעטער מיטן באַלעבאָס, פון איטלעכן באַזונדערן באַאַמטן. אָבער די פאַבריק פאַראייניקט צוזאַמען אַזאַ מאַסע ארבעטער, דערברענגט די אונטערדריקונגען ביז אַזא גראַד, אַז ס'ווערט אוממעגלעך פאַנאַנדערצוקלייבן באַזונדער איטלעכן פאַל. עס באַשאַפן זיך אַלגעמיינע רעגעלן, עס שטעלט זיך צונויף א געזעץ וועגן די באַציאונגען פון די ארבעטער צו די פאַבריקאַנטן, א געזעץ, אָבליגאַטאָריש פאַר אַלעמען, און אין דעמדאָזיקן געזעץ ווערט דאָס נאָכגעבן די אינטערעסן פונעם באַלעבאָס שוין פאַרפעסטיקט דורך דער מעלוכע-מאַכט. אָפן אָרט פון אומגערעכטיקייט פון די באַזונדערע באַאמטע שטעלט זיך אוועק די אומגערעכטיקייט פונעם געזעץ גופא. עס דערשיינען, לעמאָשל, אַזעלכע רעגעלן, אז דער ארבעטער, אויב ער גייט ניט ארויס צו דער ארבעט, איז ניט בלויז ער פאַרלירט זיין פאַרדינסט, נאָר ער צאָלט נאָך שטראָף, און דער באַלעבאָס שיקנדיק דעם ארבעטער „שפּילן“ צאָלט אים גאָרנישט; אז דער באַלעבאָס קאָן אָפּזאָגן דעם ארבעטער פאַר גראָבקייט, און דער ארבעטער קאָן ניט אוועקגיין פון אים צוליב דערזעלביקער סיבע; אז דער באַלעבאָס האָט רעכט ארויפצולייגן שטראָפן, אָפּרעכענען אָדער פאָדערן איבער-ארבעט א. אז. וו.

די אַלע ביישפּילן באַווייזן אונדז, וויאַזוי די פאַבריק פאַרשטאַרקט די עקספּלואַטאַציע פון די ארבעטער און מאַכט דידאָזיקע עקספּלואַטאַציע אַלגעמיין, מאַכט פון איר א גאַנצע „אָ ר ד ע נ ו נ ג“. דעם ארבעטער קומט אויס ווילנ-

דיק ניט ווילנדיק צו האנדלען ניט מיטן באזונדערן באלעבאָס און מיט זיין ווילן און אונטערהדריקונג, נאָר מיטן ווילן און דער אונטערדריקונג פונעם גאנצן קלאס באלעבאטים. דער ארבעטער זעט, אז זיינע אונטערדריקער זיינען ניט עפעס איינער א קאפיטאליסט, נאָר דער גאנצער קלאס קאפיטאליסטן, ווייל אין אלע אונטערנעמונגען איז איינע און דיזעלביקע אָרדענונג פון עקספּלואאטאציע; א באזונדער קאפיטאליסט קאָן אפילע ניט אָפּטרעטן פון דערדאָזיקער אָרדענונג: אויב עס וואָלט אים איינגעפאלן, לעמאָשל, צו קירצן די ארבעטצייט, וואָלטן די סכוירעס אים געקאָסט טייערער, איידער זיין שאָכן, דעם צווייטן פאבריקאנט, וועלכער צווינגט דעם ארבעטער פאר דעמזעלביקן לוין צו ארבעטן מערער. כדיי צו דערשלאָגן זיך א פארבעסערונג פון זיין לאגע, קומט דעם ארבעטער איצט אויס צו האָבן צו טאָן מיט דער גאנצער געזעלשאפטלעכער אָרדענונג, וועלכע איז געווענדעט אף עקספּלואאטאציע פון דער ארבעט דורכן קאפיטאל. אקעגן דעם ארבעטער שטייט שוין ניט די באזונדערע אומגערעכטיקייט פון וועלכן ניט איז איינצלנעם באאמטן, נאָר די אומגערעכטיקייט פון דער מעלוכע-מאכט גופע, וועלכע נעמט אונטער איר שוץ דעם גאנצן קלאס קאפיטאליסטן און ניט ארויס געזעצן, אָבליגאטאָרישע פאר אלעמען, לעטוועס דעמדאָזיקן קלאס. אף אזא אויפן ווערט דער קאמף פון די פאבריק-ארבעטער מיט די פאבריקאנטן פארוואנדלט אומפארמיידלעך אין א קאמף אקעגן דעם גאנצן קלאס קאפיטאליסטן, אקעגן דער גאנצער געזעלשאפטלעכער אָרדענונג, וועלכע איז געגרינדעט אף עקספּלואאטאציע פון דער ארבעט דורכן קאפיטאל. דעריבער קריגט דער קאמף פון די ארבעטער א געזעלשאפטלעכע באדייטונג, ווערט א קאמף אין נאָמען פון אלע ארבעטנדיקע אקעגן אלע קלאסן, וועלכע לעבן מיט פרעמדער ארבעט. דעריבער עפנט דער קאמף פון די ארבעטער מיט זיך א נייע עפּאָכע אין דער רוסישער געשיכטע און איז די מאָרגנרויט פון דער באפרייונג פון די ארבעטער.

אף וואָס זשע האלט זיך די הערשאפט פון דעם קלאס קאפיטאליסטן איבער דער גאנצער מאסע פונעם ארבעטער-פאָלק? אף דעם, וואָס אין די הענט פון די קאפיטאליסטן, אין זייער פריוואט-אייגנטום געפינען זיך אלע פאבריקן, זאוואָדן, גרובן, מאשינען, ארבעט-ווערקצייג, אף דעם וואָס אין זייערע הענט זיינען פאראן געוואלטיקע סכומים ערד (פון דער גאנצער ערד אין אייראָפּעישן רוסלאנד געהערט איבער ⅓ די גוטבאזיצער, וואָס זייער צאָל בילדעט ניט קיין האלבן מיליאָן). די ארבעטער, אליין ניט האָבנדיק קיין שום ארבעט-ווערקצייגן און קיין מאטעריאלן, דארפן פארקויפן זייער ארבעטקראפט די קאפיטאליסטן, וועלכע צאָלן די ארבעטער בלויז דאָס, וואָס עס איז נייטיק אף אויסהאלטן זיי, און לייגן צו זיך אין קעשענע דעם גאנצן רעשט, וועלכער איז פּראָדוצירט דורך ארבעט; זיי באצאָלן אף אזא אויפן בלויז א טייל פון דער

צייט, וועלכע ער האָט פאַרנוצט אַף דער אַרבעט, און נעמען צו פאַר זיך דעם איבעריקן טייל. די גאַנצע פאַרגרעסערונג פונעם רייכטום, וואָס קומט אַרויס פון דער פאַרייניקטער אַרבעט פון דער מאַסע אַרבעטער אָדער פון די פאַרבעסערונגען אַף דער פּראָדוקציע, קומט אָן דעם קלאַס קאַפּיטאַליסטן, און די אַרבעטער, אַרבעטנדיק פון דאָר צו דאָר, בלייבן דיזעלביקע אומפאַרמעגלעכע פּראָלעטאַריער. דעריבער איז פאַראַן בלויז איין מיטל צו מאַכן אַ סאָף דער עקספּלואַטאַציע פון דער אַרבעט דורכן קאַפּיטאַל, נעמלעך: פאַרניכטן דאָס פּריוואַט=אייגנטום אַף די אַרבעטס=ווערקצייגן, איבערגעבן אַלע פאַבריקן, זאַוואָדן, גרובן און אויך אַלע גרויסע מאַיאָנטקעס א. א. וו. אין די הענט פון דער גאַנצער געזעלשאַפט און פירן אַ געמיינזאַמע סאָציאַליסטישע פּראָדוקציע, אָנגעפירט פון די אַרבעטער גופא. די פּראָדוקטן, פּראָדוצירטע דורך דער געמיינזאַמער אַרבעט, וועלן דאַמאָלסט גיין לעטוויוועס די אַרבעטנדיקע גופא, און דער איבערפּראָדוקט וועט דינען אַף באַפרידיקן די באַדערפעניסן פון די אַרבעטער גופא, קעדיי פולשטענדיק צו אַנטוויקלען זייערע פעיִקייטן און קעדיי אַלע זאָלן גלייך געניסן אַלע דערגרייכונגען פון דער וויסנשאַפט און פון דער קונסט. אין דער פּראָגראַם איז דעריבער אָנגעוויזן, אַז בלויז דערמיט קאָן זיך ענדיקן דער קאַמף פונעם אַרבעטערקלאַס מיט די קאַפּיטאַליסטן. און דערצו איז נייטיק, אַז די פּאָליטישע מאַכט, ד. ה. די מאַכט צו פאַרוואַלטן מיט דער מעלוכע זאָל אַריבערגיין פון די הענט פון אַ רעגירונג, וועלכע געפינט זיך אונטער דער ווירקונג פון די קאַפּיטאַליסטן און גוטבאַזיצער, אָדער פון די הענט פון אַ רעגירונג, וואָס באַשטייט דירעקט פון אויסגעוויילטע פאַרטרעטער פון די קאַפּיטאַליסטן, אַריבערגיין אין די הענט פונעם אַרבעטער=קלאַס.

דאָס איז דער ענדציל פונעם קאַמף פונעם אַרבעטערקלאַס, דאָס איז די באַדינגונג פון זיין פולער באַפרייונג. צו דעמדאָזיקן ענדציל דאַרפן שטרעבן די באַוווסטזיניקע, פאַרייניקטע אַרבעטער; אָבער באַ אונדז אין רוסלאַנד באַגעגענען זיי נאָך געוואַלטיקע מעניעס, וועלכע שטערן זיי צו פירן דעם קאַמף פאַר זייער באַפרייונג.

א. 5. דעם קאַמף אַקעגן דער הערשאַפט פונעם קלאַס קאַפּיטאַליסטן פירן שוין אין דער איצטיקער צייט די אַרבעטער פון אַלע אייראָפּעישע לענדער, און אויך די אַרבעטער פון אַמעריקע און אויסטראַליע. די פאַרייניקונג און צוזאַמענשליסונג פונעם אַרבעטערקלאַס באַגרענעצט זיך ניט מיט די גרענעצן פון איין לאַנד אָדער פון איין נאַציאָנאַליטעט: די אַרבעטער=פּאַרטייען פון פאַרשיידענע מעלוכעס מעלדן הויך וועגן דער פולער גלייכהייט (סאָלידאַרישקייט) פון די אינטערעסן און צילן פון די אַרבעטער פון דער גאַנצער וועלט. זיי קלייבן זיך צונויף צוזאַמען אַף אַלגעמיינע קאָנגרעסן, שטעלן אַרויס אַלגעמיינע פאָדערונגען צום קאַפּיטאַליסטן=קלאַס פון אַלע לענדער, שטעלן איין אַ צווישנפעלקערלעכן יאָנטעוו פונעם גאַנצן פאַרייניקטן פּראָלעטאַריאַט, וואָס שטרעבט צו זיין באַפרייונג (1 מיי), שליסן צוזאַמען דעם אַרבעטער=קלאַס פון אַלע נאַ=

ציאָנאַליטעטן און אַלע לענדער אין איין גרויסע אַרבעטער=אַרמיי. די זאָזיקע פאַרייניקונג פון די אַרבעטער פון אַלע לענדער ווערט אַרויסגערופן דורך נייט=ווענדיקייט, דערמיט, וואָס דער קלאַס קאַפּיטאַליסטן, וועלכער הערשט איבער די אַרבעטער, באַגרענעצט ניט זיין הערשאַפט מיט איין לאַנד. די האַנדל=פאַר=בינדונגען צווישן פאַרשיידענע לענדער ווערן אַלץ ענגער און ברייטער; דער קאַפּיטאַל גייט שטענדיק אַריבער פון איין לאַנד אין דאָס צווייטע, די בענק, די זאָזיקע געוואַלטיקע לאַגערן פון קאַפּיטאַל, וועלכע זאַמלען אים פון אומעטום און צעטיילן אים אַלס האַלוואָעס צווישן די קאַפּיטאַליסטן, ווערן פון נאַציאָ=נאַלע — צווישנפעלקערלעכע, זאַמלען קאַפּיטאַלן פון אַלע לענדער, צעטיילן זיי צווישן די קאַפּיטאַליסטן פון אייראָפּע און אַמעריקע. געוואַלטיקע אַקציאָנער=קאָמפּאַניעס ווערן שוין באַשאַפן, קעדיי צו גרינדען אינדוסטריעלע אונטער=נעמונגען ניט אין איין לאַנד, נאָר אין עטלעכע מיטאמאָל; עס דערשיינען צווישנפעלקערלעכע געזעלשאַפטן פון קאַפּיטאַליסטן. די הערשאַפט פונעם קאַפּי=טאַל איז צווישנפעלקערלעך. אָט פאַרוואָס אויך דער קאַמף פון די אַרבעטער פון אַלע לענדער האָט א דערפאָלג בלויז באַם געמיינזאַמען קאַמף פון די אַרבעטער אַנטקעגן דעם צווישנפעלקערלעכן קאַפּיטאַל. אָט פאַרוואָס דער רו=סישער אַרבעטער האָט אַלס כאַווער אינעם קאַמף אַקעגן דעם קאַפּיטאַליסטן=קלאַס סיי דעם אַרבעטער=דייטש, סיי דעם אַרבעטער=פויל, סיי דעם אַרבעטער=פראַנצויז, פונקט אַזוי ווי זיין סוינע זיינען די קאַפּיטאַליסטן — סיי די רו=סישע, סיי די פוילישע, סיי די פראַנצויזישע. אין דער לעצטער צייט, לעמאָשל, טראָגן די אויסלענדישע קאַפּיטאַליסטן באַזונדערס גערן אַריבער זייערע קאַפּי=טאַלן אין רוסלאַנד, טראָגן אין רוסלאַנד אָפּטיילונגען פון זייערע פאַבריקן און זאַוואָדן און גרינדן געזעלשאַפטן פאַר נייע אונטערנעמונגען אין רוסלאַנד. זיי וואַרפן זיך גיריק אַרויף אַף דאָס יונגע לאַנד, אין וועלכן די רעגירונג איז אַזוי פריינטלעך און דינסטפאַרטיק צום קאַפּיטאַל, ווי ערגעץ ניט, אין וועלכן זיי געפינען די אַרבעטער ווייניקער פאַראייניקט, ווייניקער פעיק צום ווידערשטאַנד, איידער אין מייריוו, און וועלכן דער לעבנסניוואָ פון די אַרבעטער, אַלזאָ אויך זייער אַרבעטלוין, איז אַסאַך נידעריקער אַזוי, אַז די אויסלענדישע קאַפּי=טאַליסטן קאָנען באַקומען געוואַלטיקע רעוואָכים, אומגעהערטע כאַ זיי אינ=דערהיים. דער צווישנפעלקערלעכער קאַפּיטאַל האָט שוין אויסגעשטרעקט זיין האַנט איבער רוסלאַנד. די רוסישע אַרבעטער שטרעקן אויס די הענט צו דער צווישנפעלקערלעכער אַרבעטער=באַוועגונג.

א. 6. מיר האָבן שוין גערעדט וועגן דעם, וויאַזוי די גרויסע פאַבריקן און זאַוואָדן דערפירן ביז דעם העכסטן גראַד דעם דרוק פונעם קאַפּיטאַל איבער דער אַרבעט, וויאַזוי זיי באַשאַפן אַ גאַנצע סיסטעם פון עקספּלואַטאַציע=מעטאָדן; וויאַזוי די אַרבעטער, אומשטייענדיק אַנקעגן דעם קאַפּיטאַל, קומען אומפאַר=מיידלעך צו דער נייטיקייט צו פאַרייניקן אַלע אַרבעטער, צו דער נייטיקייט פונעם געמיינזאַמען קאַמף פונעם גאַנצן אַרבעטערקלאַס. אין דעמזאָזיקן קאַמף

קעגן דעם קאַפּיטאַליסטן=קלאַס שטויסן זיך די אַרבעטער צונויף מיט די אַל=
געמיינע מעלוכע=געזעצן, וועלכע נעמען אונטער זייער שוץ די קאַפּיטאַליסטן
און זייערע אינטערעסן.

אָבער אויב די אַרבעטער, פאַרייניקנדיק זיך צוזאַמען, ווייזן זיך אַרויס בע=
קויער אַרויסצוצווינגען בײַ די קאַפּיטאַליסטן האַנאָכעס, געבן זיי אַ ווידער=
שטאַנד, וואָלטן די אַרבעטער פּונקט אַזוי קאָנען מיט זייער פאַרייניקונג ווירקן
אַף די מעלוכע=געזעצן, דערשלאָגן זיך, זיי זאָלן געענדערט ווערן. אַזוי טוען
טאַקע די אַרבעטער פון אַלע אַנדערע לענדער, אָבער די רוסישע אַרבעטער
קאָנען ניט דירעקט ווירקן אַף דער מעלוכע. די אַרבעטער זײַנען אין רוסלאַנד
אַוועקגעשטעלט אין אַזעלכע באַדינגונגען, בײַ וועלכע זיי האָבן ניט די סאַמע
איינפאַכע בירגעררעכט. זיי טאָרן ניט פאַרזאַמלען זיך, ניט באַטראַכטן זייערע
איניאָנים צוזאַמען, ניט אָרגאַניזירן קיין פאַריינען, ניט דרוקן זייערע מעל=
דונגען, — מיט אַנדערע ווערטער — די מעלוכע=געזעצן זײַנען ניט בלויז צו=
זאַמענגעשטעלט אין די אינטערעסן פון די קאַפּיטאַליסטן, נאָר זיי נעמען נאָך
דירעקט אָפּ בײַ די אַרבעטער איטלעכע מעגלעכקייט צו ווירקן אַף דיזאָזיקע
געזעצן און דערשלאָגן זיך, זיי זאָלן געענדערט ווערן. דאָס קומט פאָר דער=
פאַר, וואָס אין רוסלאַנד (און בלויז אין רוסלאַנד אַליין פון אַלע אייראָפּע=
ישע מעלוכעס) ווערט ביז היינט איינגעהאַלטן די אומבאַגרענעצטע מאַכט פון
דער זעלבסטהערשנדיקער רעגירונג, ד. ה. אַזאַ מעלוכע=אָרדענונג, בײַ וועלכער
אַרויסגעבן געזעצן, אָבליגאַטאָרישע פאַר דאָס גאַנצע פאָלק, קאָן בלויז דער
צאַר לויט זײַן אייגענער דייע, און דורכפירן דיזאָזיקע געזעצן קאָנען בלויז
באַאַמטע, וועלכע ער באַשטימט. די בירגער נעמען ניט קיין שום אָנטייל אינעם
אַרויסגעבן די געזעצן, אין באַטראַכטן זיי, אינעם פאָרלייגן נײַע, אין פאָדערן,
עס זאָלן אָפּגעשאַפט ווערן אַלטע. זיי האָבן קיין שום רעכט ניט צו פאָדערן
דין וחשבון בײַ די באַאַמטע, קאָנטראָלירן זייערע האַנדלונגען, באַשולדיקן
זיי פאַרן געריכט. די בירגער האָבן אַפילע ניט קיין רעכט אַרומצורייטן די
מעלוכע=איניאָנים: זיי טאָרן ניט מאַכן קיין פאַרזאַמלונגען אָדער פאַריינען אָן
דער דערלויבעניש פון דיזעלביקע באַאַמטע. די באַאַמטע זײַנען אַף אַזאַ אויפן
אינעם פולן זינען פונעם וואָרט אומפאַראַנטוואָרטלעך; זיי בילדן ווי אַ באַ=
זונדער קאַסטע, וועלכע איז אַוועקגעשטעלט איבער די אַרבעטער. די אומפאַר=
אַנטוואָרטלעכקייט און די ווילקיר פון די באַאַמטע און די פולע אָנלאָשנ=
דיקייט פון דער באַפעלקערונג גופע ברענגען צו אַזעלכע שרייענדיקע מיסברויכן
מיט דער מאַכט מיצאַד די באַאַמטע און אַזאַ אויוועך זײַן איבער די רעכט
פונעם איינפאַכן פאָלק, וואָס איז קוים מעגלעך אין וועלכן איר ווילט אייראָ=
פּעישן לאַנד.

אַף אַזאַ אויפן, איז לויט דעם געזעץ די רוסישע רעגירונג פולקום אומ=
באַגרענעצט, מע האַלט, אַז זי איז קלוימערשט פולקום אומאָפּהענגיק פונעם
פאָלק, אַז זי שטייט העכער פאַר אַלע שטאַנדן און קלאַסן. אָבער אויב דאָס

וואָלט טאַקע זיין אַזוי, פאַרוואָס זשע וואָלטן סיי דאָס געזעץ, סיי די רע־גירונג אין אַלע צוזאַמענשטויסן פון די אַרבעטער מיט די קאַפּיטאַליסטן שטעלן זיך אַפן צד פון די קאַפּיטאַליסטן? פאַרוואָס וואָלטן די קאַפּיטאַליסטן באַגעגענען אַלץ מער אונטערשטיצונג, וואָס מער עס וואַקסט זייער צאָל און זייער רייכטום, — און די אַרבעטער — אַלץ מער ווידערשטאַנד און דרוק?

אינדערעמעסן שטייט ניט די רעגירונג איבער די קלאַסן, זי נעמט אונטער איר שוץ איין קלאַס אַקעגן דעם צווייטן, נעמט אונטער איר שוץ דעם קלאַס פאַרמעגלעכע אַנקעגן די אומפאַרמעגלעכע, די קאַפּיטאַליסטן אַנקעגן די אַר־בעטער. די אומבאַגרענעצטע רעגירונג וואָלט גאָרניט געקאָנט פאַרוואַלטן מיט אַזאַ געוואַלטיקער מעלוכע, ווען זי וואָלט ניט געבן אַלערליי פּריווילעגיעס און ניט מאָן קיין געפעליקייטן די פאַרמעגלעכע קלאַסן.

האָגאָט די רעגירונג איז לויט דעם געזעץ אַן אומבאַגרענעצטע און אומאָפּהענ־גיקע מאַכט, אָבער אינדערעמעסן האָבן די קאַפּיטאַליסטן און די גוטבאַזיצער טויזנטער מיטלען צו ווירקן אַף דער רעגירונג און אַף די מעלוכע־איניאָנים. זיי האָבן זייערע אָנערקענטע דורכן געזעץ שטאַנדישע אינסטיטוציעס, פּריצישע און סאָכרישע געזעלשאַפטן, קאָמיטעטן פון האַנדל און מאַנופאַקטור א. א. וו. די אויסגעקליבענע פאָרשטייער זייערע, אָדער זיי ווערן דירעקט באַאַמטע און נעמען אַן אָנטייל אין דער מעלוכע־פאַרוואַלטונג (לעמאָשל, די אַדלסמאַרשאַלקן) אָדער זיי ווערן איינגעלאַדן אַלס מיטגלידער אין אַלע רעגירונגס־אַנשטאַלטן: לעמאָשל, די פאַבריקאַנטן זיצן לויטן געזעץ אין די פאַבריק־אַמטן (דאָס איז די אויבעריקייט איבער דער פאַבריק־אינספּעקציע), אויסקלייבנדיק אַהין זייערע פאָר־שטייער. אָבער מיט דעמדאָזיקן דירעקטן אָנטייל אין דער מעלוכע־פאַרוואַלטונג באַגרענעצן זיי זיך ניט. אין זייערע געזעלשאַפטן באַטראַכטן זיי די מעלוכע־געזעצן, אַרבעטן אויס פּראָיעקטן, און די רעגירונג פרעגט געוויינטלעך באַ יעדער געלעגנהייט זייער מיינונג, זי לייגט זיי פאָר אַ פּראָיעקט און בעט מאַכן אַף אים באַמערקונגען.

די קאַפּיטאַליסטן און די גוטבאַזיצער אָרגאַניזירן אַלרוסלענדישע צוזאַמענ־פאָרן, אַף וועלכע זיי באַהאַנדלען זייערע איניאָנים, אויסגעפינענדיק אַלערליי מאָסמיטלען לעטויוועס זייער קלאַס, שטעלן אין נאָמען פון אַלע פּריצים־גוט־באַזיצער, אין נאָמען פון דער „אַלרוסלענדישער קויפמאַנשאַפט“ באַקאָשעס וועגן אַרויסגעבן נייע געזעצן און ענדערן די אַלטע. זייערע איניאָנים קאָנען זיי באַ־האַנדלען אויך אין די צייטונגען, ווייל ווי ווייט די רעגירונג זאָל ניט דריקן די פּרעסע מיט איר צענזור, אָבער זי דערוועגט זיך אַפילע ניט צו קלערן וועגן אָפּנעמען באַ די פאַרמעגלעכע קלאַסן דאָס רעכט צו באַהאַנדלען זייערע איניאָנים. זיי האָבן אַלערליי געענג און צוטריטן צו די העכסטע פאָרשטייער פון דער מעלוכע־מאַכט און קאָנען גרינגער אַרומריידן די ווילקיר פון די אונטער־שטע באַאַמטע. קאָנען גרינג דערשלאָגן זיך, עס זאָלן אָפּגעשאַפט ווערן אַזעל־כע געזעצן און רעגלען, וועלכע זיינען פאַר זיי באַזונדערס אומבאַקוועם. און

אויב אין קיין לאַנד אין דער וועלט איז ניטאָ אַזאַ מאַסע געזעצן און רעגעלן, אַזאַ ביישפּילאָזע פּאָליצייִשע אַפּיטראָפּסעם פון דער רעגירונג, וועלכע זעען פאָרויס איטלעכע קלייניקייט און אַנטקרעפּטיקט איטלעכע לעבעדיקע זאַך, — איז אין קיין לאַנד אין דער וועלט איז מען אַזוי גרינג ניט אויווער אַף די־דאָזיקע בורזשואַזע רעגעלן און מע גייט אַזוי גרינג ניט אַרום דידאָזיקע פּאָליצייִשע געזעצן לויט איין לייטזעליקן גענאָד פון דער העכסטער אויבעריקייט, און אין רעמדאָזיקן לייטזעליקן גענאָד זאָגט מען קיינמאָל ניט אָפּ.

ב. 1. דערדאָזיקער פּונקט איז דער וויכטיקסטער, דער איקערדיקסטער, ווייל ער ווייזט, אין וואָס עס דאַרף באַשטיין די טעטיקייט פון דער פּאַרטיי, וועלכע פּאַרטיידיקט די אינטערעסן פונעם אַרבעטערקלאַס, און די טעטיקייט פון אַלע באַוווּסטזיניקע אַרבעטער. ער ווייזט, וויאַזוי די שטרעבונגען פונעם סאָציאַליזם, די שטרעבונגען צו באַזייטיקן די אייביקע עקספּלואַטאַציע פון מענטשן דורכן מענטשן האָבן פאַרייניקט ווערן מיט יענער פאָלק־באַוועגונג, וועלכע ווערט געבוירן דורך די לעבנסבאַדינגונגען, וואָס ווערן באַשאַפן דורך די גרויסע פאַבריקן און זאַוואָדן.

די טעטיקייט פון דער פּאַרטיי דאַרף באַשטיין אין מיטהעלפן דעם קלאַסנקאַמף פון די אַרבעטער. די אויפגאַבע פון דער פּאַרטיי באַשטייט ניט אין אויסטראַכטן פונעם קאָפּ וועלכע ניט איז מאָדישע מיטלען צו העלפן די אַרבעטער, נאָר אין צושטיין צו דער אַרבעטער־באַוועגונג, אַריינטראָגן אין איר ליכט, העלפן די אַרבעטער אין דעמדאָזיקן קאַמף, וועלכן זיי האָבן שוין אַליין אָנגעהויבן צו פירן. די אויפגאַבע פון דער פּאַרטיי איז — פאַרטיידיקן די אינטערעסן פון די אַרבעטער און פאָרשטעלן די אינטערעסן פון דער גאַנצער אַרבעטער־באַוועגונג. אין וואָס זשע דאַרף זיך אַרויסווייזן די הילף די אַרבעטער אין זייער קאַמף?

די פּראָגראַם זאָגט, אַז דידאָזיקע הילף דאַרף באַשטיין, ערשטנס, אין אַנטוויקלען דאָס קלאַסנזעלבסטבאַוווּסטזיין פון די אַרבעטער. וועגן דעם, וויאַזוי דער קאַמף פון די אַרבעטער מיט די פאַבריקאַנטן ווערט אַ קלאַסנקאַמף פונעם פּראָלעטאַריאַט מיט דער בורזשואַזיע, האָבן מיר שוין גערעדט.

פון דעם, וואָס מיר האָבן געזאָגט, דרינגט אַליין אַרויס, וואָס מע דאַרף פאַרשטיין אונטער קלאַסנזעלבסטבאַוווּסטזיין פון די אַרבעטער. דאָס קלאַסנבאַוווּסטזיין פון די אַרבעטער באַשטייט אין דעם, וואָס זיי פאַרשטייען, אַז דאָס איינציקע מיטל צו פאַרבעסערן זייער לאַגע איז דערשלאָגן זיך באַפרייונג אין קאַמף אַקעגן דעם קלאַס קאַפּיטאַליסטן און פאַבריקאַנטן, וועלכע זיינען באַשאַפן דורך די גרויסע פאַבריקן און זאַוואָדן. ווייטער — קלאַסנבאַוווּסטזיין פון די אַרבעטער באַטייט, זיי זאָלן פאַרשטיין, אַז די אינטערעסן פון אַלע אַרבעטער אינעם געגעבענעם לאַנד זיינען אַלץ־איינע, סאָלידאַרישע, אַז זיי אַלע בילדן איין קלאַס, אַ באַזונדערן פון אַלע איבעריקע קלאַסן אין דער געזעלשאַפט. ענדלעך באַטייט קלאַסנבאַוווּסטזיין פון די אַרבעטער, זיי זאָלן פאַרשטיין, אַז

קעדיי צו דערגרייכן זייערע צילן, מוזן זיי זיך דערשלאָגן א ווירקונג אף די
מעלוכע=איניאַנים, ווי עס האָבן זיך דערשלאָגן און עס זעצן פאָר צו דערשלאָגן
זיך די גוטבאזיצער און די קאפיטאליסטן.

מיט וואָס זשע פאר אַ וועג קומען די ארבעטער צום פארשטיין דאָס אַלץ?
די אַרבעטער קומען צו דעם, שטענדיק שעפנדיק דאַסדאָזיקע פאַרשטענדעניש פון
דעמזעלביקן קאמף, וועלכן זיי הייבן אָן צו פירן מיט די פאבריקאנטן און
וועלכער אַנטוויקלט זיך אַלץ מער און מער, ווערט שאַרפער, ציט אַריין א
גרעסערע צאָל אַרבעטער מיטן וווקס פון דער אַנטוויקלונג פון גרויסע פאַב=
דיקן און זאוואָדן. עס איז געווען א צייט, ווען די סינע פון די ארבעטער
אַנקעגן קאַפיטאַל האָט זיך אויסגעדריקט בלויז אין מעטושטעשן געפיל פון האַס
אנקעגן זייערע עקספּלואַטאַטאָרן, אין מעטושטעשן באַוווסטזיין פון דער אייגע=
נער אונטערדריקונג און שקלאפעריי און אינעם ווונטש געקומען צו געמען
באַ די קאַפיטאַליסטן. דער קאַמף האָט דעמאָלסט אויסגעדריקט זיך אין באַ=
זונדערע אופשטאַנדן פון די ארבעטער, וועלכע פלעגן כאָרעוו מאַכן ביניאָנים,
ברעכן מאַשינען, שלאָגן די פאבריק=אויבעריקייט א. א. וו. דאָס איז געווען
די ערשטע, אָנפאַנגלעכע פאָרם פון דער אַרבעטער=באַוועגונג, און זי איז
געווען נייטיק, ווייל דער האַס צום קאַפיטאַליסט איז שטענדיק און אומעטום
געווען דער ערשטער שטויס, אין די אַרבעטער זאָל דערוואַכן די שטרעבונג
צו פארטיידיקן זיך. אָבער פון דערדאָזיקער עלעמענטאַרער פאָרם איז די רו=
סישע אַרבעטער=באַוועגונג שוין ארויסגעוואקסן. אַנשטאָט א מעטושטעשן האַס
צום קאַפיטאַליסט האָבן די אַרבעטער שוין אָנגעהויבן פארשטיין די פיינטלעכ=
קייט פון די אינטערעסן צווישן דעם אַרבעטער=קלאַס און דעם קאַפיטאַליסטן=
קלאַס. אָנשטאָט אן אומקלאָרן געפיל פון אונטערדריקונג האָבן זיי שוין אָנ=
געהויבן צו באַגעמען, מיט וואָס נעמלעך און וויאזוי נעמ=
לעך עס דריקט זיי דער קאַפיטאַל, און זיי שטייען אוף אַנקעגן דער אָדער
יענער פאָרם פון אונטערדריקונג, ישטעלנדיק א גרענעץ דעם דרוק פונעם קאַפּי=
טאַל, פארטיידיקנדיק זיך פון דער האָבגיריקייט פונעם קאַפּיטאַליסט. אָנשטאָט
געקאָמע די קאַפּיטאַליסטן גייען זיי איצט אַריבער צום קאַמף פאר האַנאָכעס,
הייבן זיי אָן אַרויסצושטעלן איין פאָדערונג נאָך דער אַנדערער צום קלאַס קאַ=
פיטאַליסטן און פאָדערן פאר זיך א פארבעסערונג פון די אַרבעט=באַדינגונגען,
העכערונג פונעם לוין. קירצונג פונעם ארבעט=טאָג. איטלעכער שטרייק קאָנ=
צענטרירט די גאַנצע אופמערקזאַמקייט און אַלע באַמיונגען פון די אַרבעטער
דאָס אף איינער, דאָס אף אן אַנדערער פון די באַדינגונגען, אין וועלכע ס'איז
אוועקגעשטעלט דער ארבעטער=קלאַס. איטלעכער שטרייק רופט ארויס א באַ=
האַנדלונג פון דידאָזיקע באַדינגונגען, העלפט די ארבעטער אָפּצושאַצן זיי,
פאַנאַנדערקלייבן זיך, אין וואָס דאָ באַשטייט דער דרוק פונעם קאַפּיטאַל, מיט
וועלכע מיטלען קאָן מען קעמפן אַקעגן דעמדאָזיקן דרוק. איטלעכער שטרייק
באַרייכערט די דערפאַרונג פון דעם גאַנצן אַרבעטער=קלאַס. אויב דער שטרייק

איז געלונגען, באַווייזט זי אים די קראַפט פון דער פאַרייניקונג פון די ארבעטער און באַוועגט די אַנדערע, זיי זאָלן זיך באַנוצן מיטן דערפאָלג פון די פאַווײרים. אויב ער איז אומגעלונגען, ברענגט ער דערצו, אַז מע באַטראַכט די סיבעס פון דער מאַפּאָלע און מע זוכט בעסערע קאַמפמעטאָדן. אין דעמדאָזיקן איבערגאַנג פון די אַרבעטער צו אַן אומאָפּוועגדלעכן קאַמף פאַר זייערע לעבנסנויטן, קאַמף פאַר האַנאָכעס, פאַר בעסערע באַדינגונגען פון לעבן, פאַרדינסט, אַרבעטסטאָג. אין דעמדאָזיקן איבערגאַנג, וועלכער האָט זיך אָנגעהויבן איצט אומעטום אין רוסלאַנד, איז פאַראַן א געוואַלטיקער שריט פאָרויס, וועלכן די רוסישע אַרבעטער האָבן געמאַכט, און אף דעמדאָזיקן קאַמף, אף העלפן אים דאַרף דעריבער געווענדעט זיין די הויפט-אופמערקזאַמקייט פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאַרטיי און פון אלע באַוווסטזיניקע אַרבעטער. די הילף די ארבעטער דאַרף באַשטיין אין אָנווייזן זיי יענע וויכטיקסטע לעבנסנויטן, וואָס פאַר באַפרידיקן זיי דאַרף גיין דער קאַמף, אין אַנאַליזירן יענע סיבעס, וועלכע פאַרערגערן באַזונדערס די לאַגע פון די אָדער יענע אַרבעטער, אין דערקלערן די פאַבריק-געזעצן און רעגעלן, וואָס צוליב איבערוועטער זיין זיי (און דורך די אָפּנאַרערישע האַמצאָעס פון די קאַפּיטאַליסטן) ווערן די ארבעטער דאָפּלט באַראַבעוועט. די הילף דאַרף באַשטיין אין וואָס גענויער און באַשטימטער אויסצודריקן די פאָדערונגען פון די ארבעטער און עפנטלעך אַרויסשטעלן זיי, אויסקלייבן דעם בעסטן מאָמענט פאַרן ווידערשטאַנד, אין אויסקלייבן דעם אויפן פון קאַמף, באַטראַכטן די לאַגע און די קויכעס פון ביידע קעמפנדיקע צדדים, באַטראַכטן, צי איז ניטאָ נאָך קיין בעסערער קאַמף-אויפן, (למשל, אַזאַ גאַנג: א בריוו צום פאַבריקאַנט, אָדער א ווענדונג צום אינספּעקטאָר, אָדער צום דאָקטער, צו יעדערן לויט די אומשטאַנדן, אויב מע דאַרף ניט באַלד איבערגיין צו א שטרייק א. א. וו.).

מיר האָבן געזאָגט, אַז דער איבערגאַנג פון די רוסישע אַרבעטער צו אַזאַ שטרייק באַווייזט אף דעם געוואַלטיקן שריט פאָרויס, וועלכן זיי האָבן געמאַכט. דערהאָזיקער קאַמף שטעלט (פירט ארויס) די אַרבעטער-באַוועגונג אף אַ גלייכן וועג און איז א זיכערע גאַראַנטיע פאַר איר ווייטערדיקן דערפאָלג. אף דעמדאָזיקן קאַמף לערנען זיך די מאַסן אַרבעטספאָלק, ערשטנס, אונטערשיידן און אייגעם נאָך דעם אַנדערן אַנאַליזירן די מעטאָדן פון דער קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע, צוזאַמענשטעלן זיי סיי מיטן געזעץ, סיי מיט די אייגענע לעבנסבאַדינגונגען, סיי מיט די אינטערעסן פונעם קלאַס קאַפּיטאַליסטן. אַנאַליזירנדיק די באַזונדערע פאָרמען און פאַלן פון עקספּלואַטאַציע, לערנען זיך די ארבעטער אויס צו פאַרשטיין די באַדייטונג און דעם מאַך פון דער עקספּלואַטאַציע אין איר גאַנצקייט, לערנען זיי זיך אויס צו פאַרשטיין יענע געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג, וועלכע איז געבויט אף דער עקספּלואַטאַציע פון דער ארבעט דורכן קאַפּיטאַל. צווייטנס, פרווון די ארבעטער אַף דעמדאָזיקן קאַמף זייערע קויכעס, לערנען זיי זיך צו פאַרייניקן זיך, לערנען זיי זיך צו פאַרשטיין די נייטיקייט

און די באדייטונג פון דער פאַרייניקונג. די פאַרברייטערונג פון דעמהאָזיקן קאַמף און דאָס עפּטער ווערן פון צוזאַמענשטויסן פירט אומפאַרמיידלעך צו פאַרברייטערן דעם קאַמף, צו אַנטוויקלען דאָס געפיל פון אייניקייט, דאָס געפיל פון זייער סאָלידאַרישקייט פריער צווישן די ארבעטער פון דער געגעבענער געגנט, שפּעטער צווישן די ארבעטער פונעם גאַנצן לאַנד, צווישן דעם גאַנצן ארבעטער־קלאַס. דריטנס, אַנטוויקלט דערהאָזיקער קאַמף דאָס פּאָליטישע באַוווסטזיין פון די ארבעטער. די מאַסע ארבעטפאָלק איז אַוועקגעשטעלט דורך אירע לעבנס־באַדינגונגען גופא אין אַזאַ לאַגע, אַז זיי (קאָנען ניט) האָבן ניט קיין פרייע צייט, ניט קיין מעגלעכקייט צו קלערן וועגן וועלכע ניט איז מעלוכע־פראַגן. אָבער דער קאַמף פון די ארבעטער אַקעגן די פאַבריקאַנטן פאַר זייערע טאָג־טעגלעכע באַדערפענישן שטויסט אָן די ארבעטער פון זיך אַליין און אומפאַרמיידלעך אויף מעלוכישע, פּאָליטישע פראַגן, אויף פראַגן וועגן דעם, וויאַזוי מע פאַרוואַלטעט מיט דער רוסישער מעלוכע, וויאַזוי עס ווערן אַרויסגעגעבן געזעצן און רעגעלן און וועמענס אינטערעסן זיי באַדינען. איטלעכער פאַבריק־צוזאַמענשטויס ברענגט די ארבעטער דורכויס צו אַ צוזאַמענשטויס מיט די געזעצן און מיט די פאָרטרעטער פון דער מעלוכע־מאַכט. די ארבעטער הערן דאָ צום ערשטן מאָל „פּאָליטישע רעדעס“. אָנפאַנגס כאָטש פון די פאַבריק־אינספּעקטאָרן, וועלכע גיבן זיי צו פאַרשטיין, אַז די האַמצאָע, מיט וועלכער דער פאַבריקאַנט האָט זיי פאַרקוועטשט, איז געגרינדעט אויפן פּינקטלעכן זין פון די רעגעלן, וואָס זיינען באַשטעטיקט דורך דער נעהעריקער מאַכט און לאָזן איבער אויף דער ווילקיר פונעם פאַבריקאַנט צו פאַרקוועטשן די ארבעטער, אָדער אַז די אונטערדריקונגען מיצאַד דעם פאַבריקאַנט זיינען פולקום געזעצלעך, ווייל דער פאַבריקאַנט באַנוצט זיך בלויז מיט זיין רעכט, שטיצט זיך אויף אַזאַ און אַזאַ געזעץ, באַשטעטיקט דורך דער מעלוכע־מאַכט און אָפּגעהיט דורך איר. צו די פּאָליטישע דערקלערונגען פון די הערן אינספּעקטאָרן קומען צו צומאָל נאָך ניצלעכערע „פּאָליטישע דערקלערונגען“ פונעם ה. מיניסטער, וועלכער דערמאָנט די ארבעטער וועגן די געפילן פון „קריסטלעכער ליבע“, וואָס זיי זיינען מעכויעוו צו פילן בענוגייע די פאַבריקאַנטן דערפאַר, וואָס די פאַבריקאַנטן לעבן אָן מיליאָנען אויפן כעושבן פון דער מי פון די ארבעטער. צו די דערקלערונגען פון די פאָרטרעטער פון דער מעלוכע־מאַכט און צו דער דירעקטער באַקאַנטשאַפט פון די ארבעטער דערמיט, לעטוויוועס וועמען די־האָזיקע מאַכט האַנדלט, שליסן זיך נאָך שפּעטער אָן בלעטלעך אָדער אַנדערע דערקלערונגען פון די סאָציאַליסטן אַזוי, אַז די ארבעטער באַקומען שוין פולקום אויף אַזאַ שטרייק זייער פּאָליטישע דערציונג. זיי לערנען זיך צו פאַרשטיין ניט בלויז די באַזונדערע אינטערעסן פונעם ארבעטער־קלאַס, נאָר אויך דאָס באַזונדערע אָרט, וועלכע דער ארבעטער־קלאַס פאַרנעמט אין דער מעלוכע. אַלזאָ, אָט אין וואָס ס'דאַרף באַשטיין יענע הילף, וועלכע די סאָציאַלדעמאָקראַטישע פּאַרטיי קאָן געבן דעם קלאַסנקאַמף פון די ארבעטער: אין אַנט־

ווי קלען דאָס קלאַסנבאַוווסטזיין פון די אַרבעטער דורך העלפן זיי אינעם קאַמף פאַר זייערע וויכטיקסטע לעבנסנויטן.

די צווייטע הילף דאַרף באַשטיין, ווי עס רעדט זיך אין דער פּראָגראַם, אין העלפן דער אָרגאַניזירונג פון די אַרבעטער. יענע הילף, וועלכע מיר באַשרייבן איצט, פאָדערט נייטיק אָרגאַניזירונג פון די אַרבעטער. אָן אָרגאַניזאַציע ווערט נייטיק סיי צוליב דעם שטרייק, קעדיי פירן אים דערפאָלגרייכער, סיי צוליב זאַמלונגען לעטוווּעס די שטרייקער, סיי צוליב איינאָרדענען אַרבעטער=קאַסעס, סיי צוליב אַגיטאַציע צווישן די אַרבעטער, צוליב פאַרשפּרייטן צווישן זיי בלעטלעך אָדער מוידאָעס, אויפרופן א. א. וו. נאָך מער איז נייטיק אָן אָרגאַניזאַציע, קעדיי צו פאַרטיידיקן זיך פון דער פאַרפאָלגונג מיצאַד דער פּאָליציי און דער זשאַנדאַרמעריע, קעדיי באַהאַלטן פון זיי אַלע פאַרייניקונגען פון די אַרבעטער, אַלע זייערע פאַרבינדונגען, קעדיי איינאָרדענען פאַר זיי די צושטעלונג פון ביכער, בראָשורן, צייטונגען א. א. וו. הילף אין אַלעם דעם, — דאָס איז די צווייטע אופגאַבע פון דער פּאַרטיי.

די דריטע באַשטייט אין אָנווייזן דעם ווירקלעכן ציל פונעם קאַמף, ד. ה. אין דערקלערן די אַרבעטער, אין וואָס עס באַשטייט די עקספּלואַטאַציע פון דער אַרבעט דורכן קאַפּיטאַל, אף וואָס זי האַלט זיך, וויאַזוי דאָס פּריוואַט=אייגנטום אף ערד און אַרבעטס=ווערקצייגן פירט צו דער פאַראָרעמונג פון די אַרבעטער=מאַסן, צווינגט זיי צו פאַרקויפן זייער מי די קאַפּיטאַליסטן און אָפּגעבן זיי אומזיסט דעם גאַנצן איבערפּראָדוקט, פּראָדוצירט דורך דער מי פונעם אַרבעטער אַכוץ דעם, וואָס ס'איז נייטיק אף אויסהאַלטן אים; ווייטער, אין דערקלערן, וויאַזוי די דאָזיקע עקספּלואַטאַציע פירט אומפאַרמיידלעך צום קלאַסנקאַמף פון די אַרבעטער מיט די קאַפּיטאַליסטן, וואָסערע זיינען די באַדינגונגען פון דעמדאָזיקן קאַמף און זיינע ענדצילן, — מיט איין וואָרט, איז דערקלערן דאָס, וואָס איז בעקיצער אָנגעוויזן געוואָרן אין דערדאָזיקער פּראָגראַם.

ב. 2. וואָס באַטייט דאָס, אַז דער קאַמף פונעם אַרבעטער=קלאַס איז א פּאָליטישער קאַמף? דאָס באַטייט, אַז דער אַרבעטער=קלאַס קאָן ניט פירן קיין קאַמף פאַר זיין באַפרייונג, ניט דערשלאָגנדיק זיך קיין ווירקונג אף די מעלוכע=איניאָנים, אף פאַרוואַלטן מיט דער מעלוכע, אף אַרויסגעבן געזעצן. די נייטיקייט פון דערדאָזיקער ווירקונג האָבן שוין לאַנג פאַרשטאַנען די רוסישע קאַפּיטאַליסטן, און מיר האָבן באַוויזן, וויאַזוי זיי האָבן פאַרשטאַנען, ניט קוקנדיק אף אַלערליי פאַרבאָטן מיצאַד די פּאָליציישע געזעצן, צו געפינען פאַר זיך טויזנטער אויפאַנים פון ווירקן אף דער מעלוכע=מאַכט, און וויאַזוי די דאָזיקע מאַכט דינט די אינטערעסן פונעם קלאַס קאַפּיטאַליסטן. פון דאַנען דרינגט אַרויס פון זיך אַליין, אַז אויך פאַרן אַרבעטער=קלאַס איז אומעגלעך צו פירן זיין קאַמף, אומעגלעך אפילע צו דערשלאָגן זיך א שטענדיקע פאַרבעסערונג פון זיין שיקזאַל אָן ווירקונג אף דער מעלוכע=מאַכט.

מיר האָבן שוין געזאָגט, אַז דער קאַמף פון די אַרבעטער מיט די קאַפּיטאַליסטן וועט זיי אומפאַרמיידלעך ברענגען צום צוזאַמענשטויס מיט דער רעגירונג, און די רעגירונג אַליין באַמיט זיך מיט אַלע קויכעס צו דערווייזן די אַרבעטער, אַז בלויז מיט קאַמף און פאַרייניקטן ווידערשטאַנד קאָנען זיי ווירקן אַף דער מעלוכע=מאַכט. באַזונדערס באַשיימפּערלעך דערווייזן דאָס יענע גרויסע שטרייקן, וועלכע זיינען געווען אין רוסלאַנד אין די יאָרן 1885—1886. די רעגירונג האָט באַלד פאַרנומען זיך מיט רעגעלן וועגן די אַרבעטער, האָט באַלד אַרויסגעגעבן נייע געזעצן וועגן די פאַבריק=פאַראָנדקעס, נאָכגעבנדיק די דרינגנדיקע פאָדערונגען פון די אַרבעטער (לעמאָשל, עס זיינען איינגעפירט געוואָרן רעגעלן וועגן באַגרענעצן די שטראָפן און וועגן רעגלמעסיק צאָלן), — פּונקט אַזוי האָבן אויך די איצטיקע שטרייקן (1896) ווידעראַמאָל טייקעף אַרויסגערופן דאָס אַריינמישן זיך פון דער רעגירונג, און די רעגירונג האָט שוין פאַרשטאַנען, אַז זי טאָר זיך ניט באַגרענעצן מיט אַרעסטן און אַרויסשיקונגען, אַז ס'איז לעכערלעך מעכאַבעד צו זיין די אַרבעטער בלויז מיט נארישע מוסער וועגן דער איידלקייט פון די פאַבריקאַנטן (זע וויטעס צירקוליאַר צו די פאַבריק=אינספּעקטאָרן. פרילינג 1896). די רעגירונג האָט דערזען, אַז „די פאַרייניקטע אַרבעטער שטעלן פאָר מיט זיך אַ קויעך, מיט וועלכן עס קומט אויס צו רעכענען זיך“, און אָט האָט זי שוין פאַרגענומען אַ רעוויזיע פון די פאַבריק=געזעצן און רופט צונויף אין פּעטערבורג אַ צוזאַמענפאָר פון די עלטסטע פאַבריק=אינספּעקטאָרן, קעדיי צו באַהאַנדלען די פראַגע וועגן קירצן דעם אַרבעט=טאָג און וועגן אַנדערע אומפאַרמיידלעכע האַנאָכעס די אַרבעטער.

אַף אַזאַ אופן זעען מיר, אַז דער קאַמף פונעם אַרבעטער=קלאַס מיטן קלאַס קאַפּיטאַליסטן מוז זיין אַ פּאָליטישער קאַמף. דערדאָזיקער קאַמף האָט שוין איצט ווירקלעך אַן איינפלוס אַף דער מעלוכע=מאַכט, קריגט אַ פּאָליטישע באַדייטונג. אָבער וואָס ווייטער ס'אַנטוויקלט זיך די אַרבעטער=באַוועגונג, אַלץ קלאָרער, שאַרפער טרעט אַרויס און לאָזט זיך פילן די פּאָליטישע רעכטלאָזיקייט פון די אַרבעטער, וועגן וועלכער מיר האָבן גערעדט פריער, די פולע אומעגלעכקייט פאַר די אַרבעטער אָפן און דירעקט צו ווירקן אַף דער מעלוכע=מאַכט. די וויכטיקסטע לעבנספאָדערונגען פון די אַרבעטער און די ערשטע אויפגאַבע פונעם אַרבעטער=קלאַס בענויגייע די מעלוכע=איניאָנים דאַרף דעריבער זיין — *דערגרייכן פּאָליטישע פרייהייט*, ד. ה. דירעקטן, דורך געזעצן (קאָנסטיטוציע) גאַראַנטירטן אָנטייל פון אַלע בירגער אין דער פאַרוואַלטונג מיט דער מעלוכע, גאַראַנטירטן רעכט פאַר אַלע בירגער פריי צו פאַרזאַמלען זיך, אַרומריידן זייערע איניאָנים, ווירקן אַף די מעלוכע=איניאָנים דורך פאַריינען און דורך פּרעסע. דערגרייכן די פּאָליטישע פרייהייט ווערט „*אַ לעבנס=זאַך פאַר די אַרבעטער*“, ווייל אָן איר האָבן די אַרבעטער ניט און קאָנען ניט האָבן קיין שום ווירקונג אַף די מעלוכע=איניאָנים און בלייבן אַף

אזא אויפן אומפּאַרמיידלעך אַ רעכטלאָזער, דערנידעריקטער, אָנגלאָשנדיקער קלאַס. און אויב אַפילו איצט, ווען דער קאַמף פון די אַרבעטער און זייער צוזאַמענשליסונג הויבן זיך ערשט אָן, איילט שוין די רעגירונג צו מאַכן האַנאָכעס די אַרבעטער, קעדיי אָפּצושטעלן דעם ווייטערדיקן וווקס פון דער באַוועגונג, איז ניטאָ קיין ספק, אַז ווען די אַרבעטער וועלן זיך צוזאַמענשליסן און פאַרייניקן אונטער דער אָנפירערשאַפט פון איין פּאָליטישער פּאַרטיי, וועלן זיי באַווייזן צווינגען די רעגירונג אונטערצוגעבן זיך, וועלן זיי קאָנען דעראָבערן פאַר זיך און פאַר דאָס גאַנצע רוסישע פאָלק פּאָליטישע פרייהייט!

אין די פּאַריקע טיילן פון דער פּראָגראַם איז אָנגעוויזן געוואָרן, וואָס פאַר אַן אָרט ס'פאַרנעמט דער אַרבעטער-קלאַס אין דער היינטיקער געזעלשאַפט און אין דער היינטיקער מעלוכע, וואָס פאַר אַ ציל עס האָט דער קאַמף פונעם אַרבעטער-קלאַס און וואָס ס'באַשטייט די אויפגאַבע פון דער פּאַרטיי, וועלכע שטעלט פאַר די אינטערעסן פון די אַרבעטער. באַ דער אומבאַגרענעצטער מאַכט פון דער רעגירונג זיינען אין רוסלאַנד ניטאָ און ס'קאָנען ניט זיין קיין אָפענע פּאָליטישע פּאַרטייען, אָבער עס זיינען פאַראַן פּאָליטישע ריכטונגען, וועלכע דריקן אויס די אינטערעסן פון אַנדערע קלאַסן און האָבן אַ ווירקונג אויף דער געזעלשאַפטלעכער מיינונג און אויף דער רעגירונג. דעריבער, קעדיי קלאָר צו מאַכן די לאַגע פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, מוז מען איצט באַווייזן איר באַציונג צו די אַנדערע פּאָליטישע ריכטונגען אין דער רוסישער געזעלשאַפט, קעדיי די אַרבעטער זאָלן באַשטימען, ווער עס קאָן זיין זייער פאַרבינדעטער, ביז וואָס פאַר אַ גרענעץ, און ווער עס איז זייער סויגע. דאָס ווערט טאַקע אָנגעוויזן אין די 2 פאָלגנדיקע פּונקטן פון דער פּראָגראַם.

ב. 3. די פּראָגראַם דערקלערט, אַז פאַרבינדעטע פאַר די אַרבעטער זיינען ערשטנס, אַלע יענע שיכטן פון דער געזעלשאַפט, וועלכע טרעטן אַרויס אַנקעגן דער אומבאַגרענעצטער מאַכט פון דער זעלבסטהערשנדיקער רעגירונג. אַזוי-ווי די דאָזיקע אומבאַגרענעצטע מאַכט איז די הויפּט-מעניע אינעם קאַמף פון די אַרבעטער פאַר זייער באַפרייונג, דרינגט דערפון אויף זיך אַליין אַרויס, אַז דער דירעקטער אינטערעס פון די אַרבעטער פאָדערט, זיי זאָלן אונטערשטיצן איטלעכע געזעלשאַפטלעכע באַוועגונג אַקעגן דעם אַבסאָליוטיזם (אַבסאָליוט — הייסט אומבאַגרענעצט; אַבסאָליוטיזם — אומבאַגרענעצטע מאַכט פון דער רעגירונג). וואָס שטאַרקער עס אַנטוויקלט זיך דער קאַפּיטאַליזם, דאָס טיפער ווערן די ווידערשפּרוכן צווישן דער דאָזיקער באַאַמטישער פאַרוואַלטונג און די אינטערעסן פון די פאַרמעגלעכע קלאַסן גופא, די אינטערעסן פון דער בורזשואַזיע. און די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּאַרטיי דערקלערט, אַז זי וועט אונטערשטיצן אַלע שיכטן און קאַטעגאָריעס פון דער בורזשואַזיע, וועלכע טרעטן אַרויס אַנקעגן דער אומבאַגרענעצטער רעגירונג.

די ארבעטער לויגט אומענדלעך מערער, די בורזשואזיע זאָל דירעקט ווירקן אף די מעלוכע־איגיאָנים, אײדער איר איצטיקע ווירקונג דורך דער קנופּיע פארקויפלעכע און צעיושעטע טשינאָווניקעס. פאר די ארבעטער לויגט אסאך מערער אן אָפענע ווירקונג פון דער בורזשואַזיע אף דער פּאָליטיק, אײדער די איצטיקע צוגעדעקטע דורך דער קלוימערשט אַלמעכטיקער, „אומאָפּהענגיקער רעגירונג“, וועלכע שרייבט זיך „מיט גאָטס גענאָד“, און צעטיילט אירע „באַסאָדים“ צו די לײדנדיקע און האָרעפּאשנע גוטבאזיצער און צו די פּארוואָגלטע און אונטערדריקטע פאבריקאַנטן. די ארבעטער באַדאַרפן אן אָפענעם קאַמף מיטן קלאַס קאַפּיטאַליסטן, קעדיי דער גאַנצער רוסישער פּראָלעטאַריאַט זאָל קאָנען זען, פאר וועלכע אינטערעסן עס קעמפן די ארבעטער, זאָל קאָנען לערנען, וויאַזוי מע דארף קעמפן, קעדיי די אינטריגעס און שטרעבונגען פון דער בורזשואזיע זאָלן ניט באַהאַלטן זיך אין די פאָר־צימער בא גרויספירשטן, אין די סאַלאָנען בא סענאַטאָרן און מיניסטאָרן, און פאר אַלעמען פארשלאָסענע דעפּאַרטאַמענטס־קאַנצעליאַריעס, קעדיי זיי זאָלן אַנטפּלעקן און עפענען די אויגן אַלעמען און איטלעכן אף דעם, ווער ס'אינספּירירט איטדערעמעסן די רעגירונג־פּאָליטיק און צו וואָס עס שטרעבן די קאַפּיטאַליסטן און די גוטבאזיצער. דעריבער — אראָפּ אלץ, וואָס דעקט צו די איצטיקע ווירקונג פונעם קלאַס קאַפּיטאַליסטן, דעריבער—אונטערשטיצונג פאר אַלע און איטלעכע פאָרשטייער פון דער בורזשואַזיע, וועלכע טרעטן אַרויס אַקעגן דער באַאַמטנשאַפט, דער באַאַמטישער פּארוואַלטונג, אַקעגן דער אומבאַגרענעצטער רעגירונג! אָבער, מעלדנדיק וועגן דעם, אז זי אונטערשטיצט איטלעכע געזעלשאַפטלעכע באַוועגונג אַנקעגן אַבסאָליוטיזם, אָנערקענט די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּארטיי, אז זי טיילט זיך ניט אָפּ פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, ווייל דער אַרבעטער־קלאַס האָט זייַנע באַזונדערע אינטערעסן, קעגנזעצלעך צו די אינטערעסן פון אַלע אנדערע קלאַסן. אונטערשטיצנדיק אַלע פּאָרשטייער פון דער בורזשואַזיע אינעם קאַמף פאר פּאָליטישער פרייהייט, האַרפן די ארבעטער געדענקען, אז די פארמעגלעכע קלאַסן קאָנען בלויז צייטווייליק זיין זייערע פארבינדעטע, אז צווישן די אינטערעסן פון די ארבעטער און פון די קאַפּיטאַליסטן קאַן ניט געמאַכט ווערן קיין שאָלעם, אז די ארבעטער נייטיקן זיך אין באַזייטיקן די זעלבסטהערשנדיקע מאַכט פון דער רעגירונג בלויז קעדיי אָפן און ברייט צו פירן זייער קאַמף אקעגן דעם קלאַס קאַפּיטאַליסטן.

ווייטער דערקלערט די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּארטיי, אז זי וועט שטיצן אַלעמען, ווער ס'שטייט אוף אקעגן דעם קלאַס פּריווילעגירטע פּריצים—גוטבאַזיצער. די פּריצים—גוטבאזיצער רעכענען זיך אין רוסלאַנד פאַרן ערשטן שטאַנד אין דער מעלוכע. די רעשטן פון זייער לייבאייגנשאַפטלעכער מאַכט איבער די פּויערים אונטערדריקן אדאיעם די מאַסע פונעם פּאָלק. די פּויערים בלייבן נאָך צוגעפּעסטיקט צו דער ערד, קעדיי די הערן פּריצים זאָלן ניט קאָנען שפּירן קיין דויכעק אין ביליקע און אונטערטעניקע באַטראַקן. די פּויערים זיינען אַדאַיעם,

ווי רעכטלאָזע און ניט-מינדיקע, אָפּגעגעבן אַף דער ווילקיר פון די באַאַמטע,
וועלכע היטן די באַאַמטישע קעשענע, וועלכע מישן זיך אריין אין דאָס פּויערשע
לעבן, קעדיי די פּויערים זאָלן „ריכטיק" צאָלן אויסקויף-געלט אָדער די אָבראָ-
קעס (אָפּצאָלן) די לייבאייגנטימער-פּריצים, זיי זאָלן ניט דערוועגן זיך „אויסצו-
דרייען זיך" פון ארבעטן אף די פּריצים, זאָלן ניט דערוועגן זיך, לעמאָשל, אָי-
בערצוּוואנדערן און דורכדעם עפּשער צווינגען די פּריצים צו דינגען ארבעטער פון
דער זייט, ניט אזעלכע ביליקע און ניט אזוי רערשטיקט דורך דער נויט. פאָר-
קאבאלעוועדיק מיל אָנען און צענדליקער מיליאָנען פּויערים, זיי זאָלן זיי דינען
אונטערהאַלטנדיק זייער רעכטלאָזיקייט, גענומען די ה"ה פּריצים פאר דערדאָ-
זיקער העלדישקייט זייערער די העכסטע מעלוכע-פּריווילעגיעס. די העכסטע
מעלוכע-שטעלעס ווערן דעריקער באזעצט דורך פּריצים—גוטבאזיצער (אויך
לויטן געזעץ האָט דער אדלשטאנד דאָס ערשטע רעכט אף מעלוכע-דינסט); די
אריסטאָקראטישע פּריצים שטייען אימנאָענסטן צום הויף און נויגן די פּאָלי-
טיק פון דער רעגירונג אף זייער צאד — דירעקטער און גרינגער, איידער אנ-
דערע. זיי נוצן אויס זייער נאָענטקייט צו דער רעגירונג, קעדיי צו ראבעווען די
מעלוכע-קאסע און באקומען פונעם פאָלקסגעלט מאטאָנעס און נעדאָוועס אין
די מיליאָנען רובל, דאָס אין דער פאָרם פון גרויסע מאיאָנטקעס, וועלכע מע גיט
זיי פאר דער דינסט, דאָס אין דער פאָרם פון „האכנאָסעס" *.

געשריבן אין געפענגעניש אין די יאָרן
1896—1895
צוערשט געדרוקט אינעם יאָר 1924
לויט א קאָפּיע פון לענינס פאפירן

# די אופגאבן פון די רוסישע סאָציאל-דעמאָקראטן

די צווייטע העלפט 90-ער יאָרן איז כאראקטעריסטיש מיט דער מערקווירדי-
קער אופלעבונג אינעם שטעלן און לייזן די רוסישע רעוואָלוציאָנערע פראגן. די
דערשיינונג פון א נייער רעוואָלוציאָנערער פארטיי „נאראָדאָפּראוועצעס" (פאָלקס-
רעכטלער), די וואקסנדיקע ווירקונג און די דערפאָלגן פון די סאָציאַל-דעמאָקראטן,
די אינערלעכע עוואָליוציע פון דער „נאראָדנאיא וואָליא" — דאָס אלץ האָט
ארויסגערופן א לעבהאפטע באהאנדלונג פון די פּראָגראם-פראגן סיי אין די
קרייזלעך פון די סאָציאליסטן, אינטעליגענטן און ארבעטער, אזוי אויך אין דער
אַלגעמיינער ליטעראטור. אינעם לעצטן געביט איז קעדיי אָנצווייזן אף „נאסו-
שטשני וואָפּראָס" און אפן „מאַניפעסט" (1894) פון דער פארטיי „נאַראָדנאָיע
פּראוואָ", אפן „פלוג-בלעטל" ** פון דער גרופּע „נאַראָדנאיא וואָליא", אפן אוים-

* דערמיט ענדיקט זיך די העקטאָגראפירטע קאָפּיע.
רעד. פון דער רוס. אויסג.

** די פלוג-בלעטלעך פון דער גרופּע „נאראָדאָוואָלצעס" זיינען ארויסגעגעבן געוואָרן
פון א גרופּע יונגע נאראָדאָוואָלצעס (מ. ס. אלעקסאנדראָוו, אָלמינסקי, יערגין, פעדולאָוו

לענדישן „ראבאָטניק“*, וואָס דער „פארבאנד פון רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן“ פלעגט ארויסגעבן, אף דער טעטיקייט, וואָס פארשטארקט זיך קעסיידער אין געביט פון ארויסגעבן רעוואָליוציאָנערע ליטעראטור, הויפּטזאכלעך פאר די ארבעטער אין רוסלאנד, אף דער אגיטאציע־טעטיקייט פונעם סאָציאַל־דעמאָקראטישן „בונד פון קאמף פאר באפרייען דעם ארבעטער־קלאס“ אין פעטערבורג אין פארבינדונג מיט די באדייטונגפולע פעטערבורגער שטרייקן פונעם 1896 י. א. א. וו.

בא היינטיקן טאָג (סאָף 1897 י.) איז די ברענענדיקסטע פראגע, פון אונדזער שטאנדפּונקט, די פראגע וועגן דער *פּראקטישער* טעטיקייט פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטן. מיר שטרייכן אונטער די *פּראקטישע* זייט פונעם סאָציאַל־דעמאָקראטיזם, ווייל די טעאָרעטישע זייט זיינע האָט שוין, אפּאָנעם, איבערגעלעבט דעם אמערסטן שארפן פעריאָד, ווען די קעגנער האָבן זיך פאראקשנט, ניט געוואָלט פארשטיין, ווען עס זיינען געמאכט געוואָרן פאראקשנטע אָנשטרענגונגען צו דערשטיקן די נייע ריכטונג בא איר סאמע אָנהייב, פון איין זייט, און ווען ס'איז אויסגעקומען צו פארנעמען זיך מיט היציקער זעלבסטשוץ פון די יעסוידעס פונעם סאָציאַל־דעמאָקראטיזם — פון דער אנדערער זייט. די טעאָרעטישע אָנשויונגען פון די סאָציאַל־דעמאָקראטן אין זייערע הויפּט־ און גרונט־שטריכן זיינען, דוכט זיך, איצט גענוג אופגעקלערט.

דאָסזעלבע אָבער קאָן מען ניט זאָגן וועגן דער פּראקטישער זייט פונעם סאָציאַל־דעמאָקראַטיזם, וועגן זיין פּאָליטישער פּראָגראם, וועגן זיינע טעטיקייט־מעטאָדן, וועגן זיין טאַקטיק. דאפקע אין דעמדאָזיקן געביט, דוכט זיך אונדז, הערשן אמייסטן די מיספארשטייעניש און דאָס ניט פארשטיין איינער דעם אנדערן, און דאָס שטערט, עס זאָלן זיך פולקום דערנעענטערן צום סאָציאַל־דעמאָקראטיזם יענע רעוואָליוציאָנערן, וועלכע האָבן זיך אין דער טעאָריע אינגאנצן אָפּגעזאָגט פון נאראָדאָוואָליזם, און אין דער פּראקטיק — איז אָדער זיי קומען דורך דער קראפט פון די געשעענישן גופע צו פּראָפּאגאַנדע און אגיטאציע צווישן די ארבעטער, נאָך מער: צום אוועקשטעלן זייער טעטיקייט צווישן די ארבעטער אפן באָדן פון *קלאסן־קאמף*; אָדער זיי שטרעבן אויסצוטיילן די *דעמאָקראטישע* אופגאבן, אלס יעסאָד פון דער גאנצער פּראָגראם און פון דער גאנצער רעוואָליוציאָנערער טעטיקייט. אויב מיר האָבן קיין טאָעס ניט, פּאסט די לעצטע כאראקטעריסטיק צו יענע צוויי רעוואָליוציאָנערע גרופּן, וואָס ווירקן בא

א. אנד.), וועלכע האָט זיך אָרגאניזירט אין הארבסט 1891 יאָר. די מיינונגען פון דער גרופּע האָבן זיך בעהאדראָגע געניויגט אפן צאד פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.

איב.

* „ראבאָטניק“ א ניט פעריאָדיש זאמלבוך פון דער אויסלענדישער אָרגאניזאציע „פארבאנד פון די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראטן“ דערשינען אין 1896—1899 אין אויסלאנד אונטער דער רעדאקציע פון ג. פּלעכאנאָוו, פּ. אקסעלראָד און וו. זאסוליטש. דער לעצטער נומער 9—10 איז ארויס אין 1898 י. אונטער א צייטווייליקער רעדאקציע נאָך דעם, ווי די גרופּע „באפרייונג פון דער ארבעט“ האָט זיך אָפּגעזאָגט צו רעדאקטירן די אויסגאבן פונעם פארבאנד (ווייל די מערהייט איז אריבער צו אָפּאָרטוניסטישע עלעמענטן).

איב.

הײנטיקן טאָג אין רוסלאַנד צוגלײך מיט די סאָציאַל־דעמאָקראַטן, נעמלעך: צו די נאַראָדאָװאָלצעס און נאַראָדאָפּראַװוצעס *.

דעריבער דוכט זיך אונדז, אַז עס איז באַזונדערס צײַטמעסיק צו פּרוּװן דער־קלערן די פּראַקטישע אויפגאַבן פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און אַרויס־צוזאָגן יענע גרונט־האַנאַכעס, צוליב װעלכע מיר האַלטן איר פּראָגראַם פאַר אַמערסטן ראַציאָנעלער פון די דרײַ פאַראַנענע פּראָגראַמען, און די דערװידערונגען קעגן איר — פאַר אומזיסטע, װאָס זײַנען אין אַ באַדײַטנדיקער מאָס געגרינדעט אויף אַ מיספאַרשטייעניש.

די פּראַקטישע טעטיקײט פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטן שטעלט פאַר זיך, װי באַװוּסט, די אויפגאַבע אָנצופירן מיטן קלאַסנקאַמף פונעם פּראָלעטאַריאַט און צו אָרגאַניזירן דעמדאָזיקן קאַמף אין בײדע אַנטפּלעקונגען זײַנע: אין דער סאָציאַ־ליסטישער (דער קאַמף קעגן דעם קלאַס קאַפּיטאַליסטן, דער קאַמף, װאָס שטרעבט צו פאַרניכטן די קלאַסן־אָרדענונג און צו אָרגאַניזירן אַ סאָציאַליסטישע רעגירונג) און אין דער דעמאָקראַטישער (דער קאַמף קעגן דעם אַבסאָליוטיזם, דער קאַמף, װאָס שטרעבט צו דעראָבערן פאַר רוסלאַנד די פּאָליטישע פרײַהײט און צו דע־מאָקראַטיזירן די פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג פון רוסלאַנד). מיר האָבן געזאָגט: װי באַװוּסט, און װירקלעך, זינט די רוסישע סאָציאַל־דעמאָ־קראַטן זײַנען דערשינען אַלס אַ באַזונדערע סאָציאַל־רעװאָלוציאָנערע ריכטונג, האָבן זיי שטענדיק מיט דער פולער באַשטימטקײט אָנגעװיזן, אַז דאָס איז די אויפגאַבע פון זייער טעטיקײט, שטענדיק האָבן זיי אונטערגעשטראָכן די דאָפּלטע אַנטפּלע־קונג און אינהאַלט פונעם קלאַסן־קאַמף פונעם פּראָלעטאַריאַט, שטענדיק זײַנען זיי באַשטאַנען אויף דעם אומצערײַסלעכן צוזאַמענבונד צװישן זייערע סאָציאַליס־טישע און דעמאָקראַטישע אויפגאַבן, — דעם צוזאַמענבונד, װעלכער איז בולעט אויסגעדריקט אין דעם נאָמען, װאָס זיי האָבן אָנגענומען. פונדעסטװעגן טרעפט איר נאָך ביז הײַנטיקן טאָג אָפּטמאָל סאָציאַליסטן, װאָס פאַרמאָגן די סאַמע פאַרדרײטע פאָרשטעלונגען װעגן די סאָציאַל־דעמאָקראַטן, באַשולדיקנדיק זיי אין איגנאָרירן דעם פּאָליטישן קאַמף א. ד. גל. לאָמיר זיך אָפּשטעלן אַביסל אויף דער

---

* פּאַרטײ פון „פאָלקסרעכט" („נאַראָדנאָיע פּראַװאָ") — אַ פּאַרטײ פון קלײנבירגערלעכער אינטעליגענץ, פונעם „דריטן עלעמענט". אירע גרינדער זײַנען אינעם יאָר 1893 געװען מ. א. נאַטאַנסאָן, אַפּטעקמאַן, טיוטשעװ א. א. נאָענט צו איר זײַנען געשטאַנען און האָבן זי מאַטעריעל געשטיצט נ. ק. מיכײַלאָװסקי, װ. קאָראָלענקאָ און א. באָגדאַנאָװיטש. די נאַראָדאָפּראַװוצעס האָבן זיך „אויף אַ געװיסע צײַט" אָפּגעזאָגט פון קלאַסנקאַמף און פון סאָציאַליזם און האָבן געהאַלטן, אַז זייער אויפגאַבע, די „לעבנפראַגע" פון זייער צײַט — איז: אַלע אָפּאָזיציאָנעלע און רעװאָלוציאָנערע קוױכעס זאָלן זיך אָן קײן שום אויסרײדענישן פאַראײניקן צוליב דעם קאַמף קעגן דער זעלבסטהערשונג אין נאָמען בלויז פון פּאָליטישער פרײַהײט. די פּאַרטײ האָט באַװיזן אַרויסצוגעבן איר „מאַניפעסט". א בראָשור „די לעבנפראַגע". די רעגירונג האָט זי כאָרעוו געמאַכט אין אַפּרעל 1894.

לויט דער אָנמערקונג פון דער רוסישער אויסגאַבע

כאַראַקטעריסטיק פון די ביידע זייטן פון דער פּראַקטישער טעטיקייט בא דער רוסישער סאָציאַל=דעמאָקראַטיע.

מיר וועלן אָנהייבן פון דער סאָציאַליסטישער טעטיקייט. זינט דער סאָציאַל=דעמאָקראַטישער „בונד פון קאַמף פאַר באַפרייען דעם ארבעטער=קלאַס“ אין פּעטערבורג האָט ארויסגעוויזן זיין טעטיקייט צווישן די פּעטערבורגער ארבעטער, האָט, דאַכט זיך, דער כאַראַקטער פון דער סאָציאַל=דעמאָקראַטישער טעטיקייט אין דער הינזיכט געדאַרפט זיין גאַנץ קלאָר, די סאָציאַליסטישע ארבעט פון די רוסישע סאָציאַל=דעמאָקראַטן באַשטייט אין פּראָפּאַגאַנדירן די לערע פון וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם, אין פאַרשפּרייטן צווישן די ארבעטער דעם ריכטיקן באַגריף וועגן דער מאָדערנער געזעלשאַפטלעך=עקאָנאָמישער אָרדענונג, וועגן אירע יעסוידעס און איר אַנטוויקלונג, וועגן די פאַרשיידענע קלאַסן און דער רוסישער געזעלשאַפט, וועגן זייערע קעגנזייטיקע באַציִונגען, וועגן קאַמף צווישן דידאָזיקע קלאַסן, וועגן דער ראָליע פונעם ארבעטער=קלאַס אין דעמדאָזיקן קאַמף, וועגן זיינע באַציִונגען צו די קלאַסן, וואָס פאַלן און וואָס אַנטוויקלען זיך, צו דער פאַרגאַנגענהייט און צו דער צוקונפט פונעם קאַפּיטאַליזם, וועגן דער היסטאָרישער אויפגאַבע פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַל=דעמאָקראַטיע און פונעם רוסישן ארבעטער=קלאַס. אין אַן אומצערייסלעכן צוזאַמענבונד מיט דער פּראָפּאַגאַנדע געפינט זיך די אַגיטאַציע צווישן די ארבעטער, זי ווערט נאַטירלעך ארויסגערוקט אפן ערשטן פּלאַן בא די איצטיקע פּאָליטישע באַדינגונגען פון רוסלאַנד און באַם אַנטוויקלונג=ניוואָ פון די ארבעטער=מאַסן. די אַגיטאַציע צווישן די ארבעטער באַשטייט אין דעם, וואָס די סאָציאַל=דעמאָקראַטן נעמען אָנטייל אין אַלע סטיכישע קאַמף=אויסערונגען פונעם ארבעטער=קלאַס, אין אַלע צוזאַמענשטויסן פון די ארבעטער מיט די קאַפּיטאַליסטן פאַרן ארבעטס=טאָג, ארבעט=לויזן, ארבעטס=באַדינגונגען און אַנד. און אַנד. אונדזער אויפגאַבע איז — צונויפגיסן אונדזער טעטיקייט מיט די פּראַקטישע שטייגער=פראַגן פון ארבעטער=לעבן, העלפן די ארבעטער פאַנאַנדערצוקלייבן זיך אין דידאָזיקע פראַגן, ווענדן די אויפמערקזאַמקייט פון די ארבעטער אף די וויכטיקסטע מיסברויכן, העלפן זיי גענויער און פּראַקטישער צו פאָרמולירן זייערע פאָדערונגען צו די באַלעבאַטים, אַנטוויקלען אין די ארבעטער דאָס באַוווּסטזיין פון זייער סאָלידאַרישקייט, דאָס באַוווּסטזיין פון די אַלגעמיינע אינטערעסן און פון דער אַלגעמיינער זאַך פון אַלע רוסישע ארבעטער, אַלס אַן איינהייטלעכן ארבעטער=קלאַס, וועלכער שטעלט מיט זיך פאָר אַ טייל פון דער אַלוועלטלעכער אַרמיי פונעם פּראָלעטאַריאַט. אָרגאַניזירן קרייזלעך צווישן די ארבעטער, איינאָרדענען רעגלמעסיקע און קאָנספּיראַטיווע באַציִונגען צווישן זיי און דער צענטראַלער גרופּע סאָציאַל=דעמאָקראַטן, ארויסגעבן און פאַרשפּרייטן ארבעטער=ליטעראַטור, אָרגאַניזירן קאָרעספּאָנדענצן פון אַלע צענטרען פון דער ארבעטער=באַוועגונג, ארויסגעבן אַגיטאַציע=בלעטלעך און פּראָקלאַמאַציעס און פאַרשפּרייטן זיי, צוגרייטן א קאָנטינגענט דערפאַרענע אַגיטאַטאָרן, — אָט אַזעלכע זיינען אין אַלגעמיינע שטריכן די פאָרמען פון דער סאָציאַליסטישער טעטיקייט פון דער רוסישער סאָציאַל=דעמאָקראַטיע.

אונדזער ארבעט איז געווענדט פריער פאר אלץ און מער פאר אלץ אף די פאבריק=זאוואָדישע, שטאָטישע ארבעטער. די רוסישע סאָציאל=דעמאָקראטיע טאָר ניט צעשפּליטערן אירע קויכעס. זי דארף זיך קאָנצענטרירן אף דער טעטיקייט צווישן דעם אינדוסטריעלן פּראָלעטאריאט, וועלכער איז אמערסטן פעיק אופצונעמען די סאָציאל=דעמאָקראטישע אידייען, וועלכער איז אמערסטן אנטוויקלט אינטעלעקטועל און פּאָליטיש, אמערסטן וויכטיק לויט זיין צאָל און לויט זיין קאָנצענטרירטקייט אין די גרויסע פּאָליטישע צענטרען פון לאנד. שאפן א פעסטע רעוואָליוציאָנערע אָרגאניזאציע צווישן די פאבריק=זאוואָדישע, שטאָטישע ארבעטער איז דעריבער די ערשטע און די נייטיקסטע אופגאבע פון דער סאָציאל=דעמאָקראטיע, אן אופגאבע, וואָס אָפּציען פון איר די אופמערקזאמקייט וואָלט געווען באם איצטיקן מאָמענט העכסטנס ניט=פארגונפטיק. אָנערקענענדיק די נייטיקייט צו קאָנצענטרירן אונדזערע קויכעס אף די פאבריק=זאוואָדישע ארבעטער, פארורטיילנדיק די קויכעס=צעשפּליטערונג, ווילן מיר אָבער גאָרניט זאָגן, אז די רוסישע סאָציאל=דעמאָקראטיע דארף איגנאָרירן די איבעריקע שיכטן פונעם רוסישן פּראָלעטאריאט און ארבעטער=קלאס. בעשום אויפן ניט. דער רוסישער פאבריק=ארבעטער איז דורך זיינע לעבנס=באדינגונגען גופע קעסיידער געצוווּנגען אריינצוטרעטן אין די ענגסטע באציִונגען מיט די קוסטארן — מיט דעמדאָזיקן אינדוסטריעלן פּראָלעטאריאט, וואָס איז צעגאָסן אויסער די פאבריקן איבער די שטעט און אין די דערפער און וואָס איז אָוועקגעשטעלט אין פיל ערגערע באַדינגונגען. דער רוסישער פאבריק=ארבעטער קומט אין אן אומיטלבארער בארירונג אויך מיט דער דאָרפישער באפעלקערונג (ניט זעלטן איז באם פאבריק=ארבעטער זיין פאמיליע אין דאָרף) און, דעריבער מוז ער זיך דערנענטערן מיטן דאָרפישן פּראָלעטאריאט, מיט דער פילמיליאָניקער מאסע פּראָפעסיאָנעלע באטראקעס און טאָג=ארבעטער, און אויך מיט יענעם רוינירטן פויערטום, וואָס, האלטנדיק זיך אָן די נישטיקע ברעקלעך ערד, איז עם פארנומען מיט אָפּארבעטונגען (באם פּאָרעץ. איבערז.) און מיט אלערליי צופעליקע „פארנאָסעס“, ד. ה. מיט דערזעלביקער לוין=ארבעט. די רוסישע סאָציאל=דעמאָקראטן האלטן פאר ניט=ציימעסיק ספּעציעל צו שיקן זייערע קויכעס אין דער סוויווע פון קוסטארן און דאָרף=ארבעטער, אָבער זיי האָבן גאָרניט בעדייע צו איבערלאָזן אָן אופמערקזאמקייט דידאָזיקע סוויווע, און וועלן זיך סטארען אופצוקלערן די פאָרגעשריטענע ארבעטער אויך איבער די שטייגער=פראגן פון די קוסטארן און דאָרף=ארבעטער, קעדיי דידאָזיקע ארבעטער זאָלן, קומענדיק אין בארירונג מיט די מער אָפּגעשטאנענע שיכטן פונעם פּראָלעטאריאט, אריינברענגען אויך צווישן זיי די אידייען פון קלאסנקאמף, פון סאָציאליזם און פון די פּאָליטישע אופגאבן פון דער רוסישער דעמאָקראטיע ביכלאל און פונעם רוסישן פּראָלעטאריאט ביפראט. שיקן אגיטאטאָרן צו די קוסטארן און דאָרף=ארבעטער איז אומפּראקטיש, קאָלזמאן ס'פארבלייבט נאָך אזא מאסע ארבעט צווישן די פאבריק=זאוואָדישע, שטאָטישע ארבעטער, אָבער אין א מאסע פאלן קומט דער סאָציאליסטישער ארבעטער ניט ווילנדיק אין בארירונג מיט דערדאָזי=

קער סוויווע, און ער דארף קאָנען אויסנוצן דידאָזיקע פאלן און באגרייפן די אלגעמיינע אופגאבן פון דער סאָציאלדעמאָקראטיע אין רוסלאנד. דעריבער האָבן א גרויסן טאָעס די, וואָס באשולדיקן די רוסישע סאָציאל-דעמאָקראטיע אין שמאָלקײט, אין א שטרעבונג צו איגנאָרירן די מאסע ארבעטנדיקע באפעלקערונג צוליב די פאבריק-זאוואָדישע ארבעטער. פארקערט, די אגיטאציע צווישן די פאָרגעשריטענע שיכטן פונעם פראָלעטאריאט איז דער ריכטיקסטער און אייגציקער וועג אופצוּוועקן (מיט דער פארברייטערונג פון דער באוועגונג) אויך דעם גאנצן רוסישן פראָלעטאריאט. די פארשפרייטונג פון סאָציאליזם און פון דער אידיי פון קלאסנקאמף צווישן די שטאָטישע ארבעטער וועט אומפארמיידלעך צעגיסן דידאָזיקע אידייען אויך איבער די קלענערע און מער צעברעקלטע קאנאלן: דערצו איז נייטיק, אז די אָנגעוויזענע אידייען זאָלן לאָזן טיפע וואָרצלען אין דער מער צוגעגרייטער סוויווע און זאָלן אָנזעטיקן דעמדאָזיקן אוואנגארד פון דער רוסישער ארבעטער-באוועגונג און פון דער רוסישער רעוואָליוציע. ווענדנדיק די גאנצע קרעפטן אירע אף דער טעטיקייט צווישן די פאבריק-זאוואָדישע ארבעטער, איז די רוסישע סאָציאל-דעמאָקראטיע גרייט צו שטיצן יענע רוסישע רעוואָליוציאָנערן, וואָס קומען אין דער פראקטיק דערצו, אז זיי שטעלן אוועק די סאָציאליסטישע ארבעט אפן באָדן פונעם פראָלעטאריאטס קלאסנקאמף; מיר באהאלטן אָבער דערביי לאכלוטן ניט, אז קיינע פראקטישע בונדן מיט אנדערע פראקציעס רעוואָליוציאָנערן קאָנען ניט און טאָרן ניט ברענגען צו קאָמפּראָמיסן און האנאָכעס אין דער טעאָריע, אין דער פראָגראם, אין דער פאָן. איבערצייגנטע אין דעם, אז יענע רעוואָליוציאָנערע טעאָריע, וואָס זאָל דינען אלס א פאָן פאר דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג, קאָן בא היינטיקן טאָג זיין בלויז די לערע פונעם וויסנשאפטלעכן סאָציאליזם און פונעם קלאסנקאמף, וועלן די רוסישע סאָציאל-דעמאָקראטן מיט אלע קויכעס פארשפרייטן זי, אָפּהיטן זי פון פאלשע אויסטייטשונגען, אופשטיין קעגן יעדן פרווו צו פארבינדן די נאָך יונגע ארבעטער-באוועגונג אין רוסלאנד מיט ווייניקער באשטימטע דאָקטרינען *. טעאָרעטישע האשאָרעס דערווייזן, און די פראקטישע טעטיקייט פון די סאָציאל-דעמאָקראטן באווייזט, אז אלע *סאָציאליסטן* אין רוסלאנד דארפן ווערן סאָציאל-דעמאָקראטן.

מיר גייען אריבער צו די *דעמאָקראטישע* אופגאבן און צו דער דעמאָקראטישער ארבעט פון די סאָציאל-דעמאָקראטן. מיר כאזערן נאָפאמאָל איבער, אז דידאָזיקע ארבעט איז *אומצערייסלעך* פארבונדן מיט דער סאָציאליסטישער. *פראָפּאגאנדירנדיק* צווישן די ארבעטער, *קאָנען* די סאָציאל-דעמאָקראטן *ניט* ארומגיין ארום די פּאָליטישע פראגן און וואָלטן גערעכנט יעדן פרווו ארומצוגיין זיי אָדער אפילע אָפּצורוקן זיי פאר א געוואלטיקן פעלער און פאר א צוריקטריט פון די גרונט-האנאָכעס פונעם אלוועלטלעכן סאָציאל-דעמאָקראטיזם. צוגלייך מיטן פראָפּאגאנדירן דעם וויסנשאפטלעכן סאָציאליזם, שטעלן זיך די רוסישע סאָציאל-דעמאָקראטן די אופגאבע צו פראָפּאגאנדירן

* לערעס. — איב.

צווישן די ארבעטער=מאסן אויף די דעמאָקראַטישע אידייען, צו פאַרשפּרייטן דעם באַגריף וועגן אבסאָליוטיזם אין אלע זיינע לעבנס=אויסערונגען, וועגן זיין קלאַסן=אינהאַלט, וועגן דער נייטיקייט אַראָפּצוואַרפן אים, וועגן דעם, אז ס'איז ניט מעגלעך קיין דערפאָלגרייכער קאמף פאר דער ארבעטער=זאך אָן דער דערגרייכונג פון פּאָליטישער פרייהייט און אָן דער דעמאָקראַטיזירונג פון דער פּאָליטישער און געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג אין רוסלאַנד. אגיטירנדיק צווישן די ארבעטער אפן באָדן פון די נאָענטסטע עקאָנאָמישע פאָדערונגען, פאַרבינדן דערמיט די סאָציאַל=דעמאָקראַטן אומצערייסלעך אויף די אגיטאַציע אפן באָדן פון די נאָענטסטע פּאָליטישע באַדערפענישן, פון די צאָרעס און פון די פאָדערונגען פונעם ארבעטער=קלאַס, — די אגיטאַציע קעגן דעם פּאָליציייִשן דרוק, וואָס ווייזט זיך ארויס אין איטלעכן שטרייק, אין איטלעכן צוזאַמענשטויס פון די ארבעטער מיט די קאַפּיטאַליסטן, — די אגיטאַציע קעגן באַגרענעצן די רעכט פון די ארבעטער אלס רוסישע בירגער ביכלאַל און אלס דעם אמערסטן אונטערדריקטן און אמערסטן רעכטלאָזיקן קלאַס ביפראַט, — די אגיטאַציע קעגן יעדן אָנגעזעענעם פאָרשטייער און לאַקיי פונעם אבסאָליוטיזם, וואָס קומט אין א נאָענטסטער באַרירונג מיט די ארבעטער און באַווייזט דעם ארבעטער=קלאַס באַשיימפּערלעך זיין (דעם לעצטנס) פּאָליטישע קנעכטשאַפט. אויב ס'איז ניטאָ אזא פראַגע פון ארבעטער=לעבן אפן עקאָנאָמישן געביט, וואָס זאָל ניט זיין מעסוגל אויסגענוצט צו ווערן צוליב עקאָנאָמישער אַגיטאַציע, אזוי איז אויך ניטאָ אזא פראַגע אפן פּאָליטישן געביט, וואָס זי זאָל ניט דינען פאר א קעגנשטאַנד פון פּאָליטישער אגיטאַציע. די דאָזיקע צוויי מינים אגיטאַציע זיינען אומצערייסלעך פאַרבונדן מיט דער טעטיקייט פון דער סאָציאַל=דעמאָקראַטיע, ווי די צוויי זייטן פון איין מעדאַל. סיי די עקאָנאָמישע, סיי די פּאָליטישע אגיטאַציע זיינען צוגלייך נייטיק צוליב אנטוויקלען דאָס קלאַסן=זעלבסטבאַוווסטזיין פונעם פּראָלעטאַריאַט, סיי די עקאָנאָמישע, סיי די פּאָליטישע אגיטאַציע זיינען צוגלייך נייטיק אלס אָנפירונג פאַרן קלאַסנקאַמף פון די רוסישע ארבעטער, ווייל יעדער קלאַסנקאַמף איז א פּאָליטישער קאַמף. דערוועקנדיק דאָס באַוווסטזיין פון די ארבעטער, אָרגאַניזירנדיק, דיסציפּלינירנדיק זיי, דערציִענדיק זיי צוליב סאָלידאַרישער טעטיקייט און צוליב קאַמף פאר די סאָציאַל=דעמאָקראַטישע אידעאַלן, וועט סיי די, סיי יענע אגיטאַציע געבן די ארבעטער די מעגלעכקייט צו פּרוּוון זייערע קויכעס אף די נאָענטסטע פראַגן, אף די נאָענטסטע נויטן, וועט זי זיי געבן די מעגלעכקייט צו דערשלאָגן זיך פון זייער סוינע טיילווייזע האַנאָכעס, פאַרבעסערנדיק זייער עקאָנאָמישע לאַגע, צווינגנדיק די קאַפּיטאַליסטן צו רעכענען זיך מיט דער קראַפט פון די אָרגאַניזירטע ארבעטער, צווינגענדיק די רעגירונג צו פאַרברייטערן די רעכט פון די ארבעטער, צוצוהערן זיך צו זייערע פאָדערונגען, האַלטנדיק די רעגירונג אין א שטענדיקער מוירע פאר די פיינטלעך=געשטימטע ארבעטער=מאַסן, וואָס ווערן אָנגעפירט פון א פעסטער סאָציאַל=דעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע.

מיר האָבן אָנגעוויזן אף דער אומצעשיידלעכער נאָענטקייט פון דער סאָ=

ציאליסטישער און דעמאָקראַטישער פּראָפּאַגאַנדע און אגיטאַ=
ציע, אף דער פולער פאראלעלקייט פון דער רעוואָליוציאָנערער ארבעט אין די
ביידע ספערן. ס'איז אָבער פאראן אויך א גרויסער אונטערשייד צווישן די ביידע
פאָרמען מעטיקייט און קאמף. דערדאָזיקער אונטערשייד באשטייט אין דעם,
וואָס אינעם עקאָנאָמישן קאמף שטייט דער פּראָלעטאריאט איינגאנצן איינזאם,
האָבנדיק קעגן זיך סיי די גוטבאזיצער — פּריצים, סיי די בורזשואזיע, באנוצנדיק
זיך סיידן (און דאָס אויך גאָרניט שטענדיק) מיט דער הילף פון די עלעמענטן
פונעם קליינבירגערטום, וואָס ציען צום פּראָלעטאריאט. אין דער צייט, ווען באם
דעמאָקראַטישן, פּאָליטישן קאמף שטייט דער רוסישער ארבעטער=קלאַס
ניט איינזאם; לעבן אים שטעלן זיך אַלע פּאָליטיש=אָפּאָזיציאָנעלע עלעמענטן,
באפעלקערונגס=שיכטן און קלאסן, אף וויפל זיי זיינען פיינטלעך צום אבסאָלוטיזם
און פירן קעגן אים א קאמף אין די אָדער יענע פאָרמען. לעבן דעם פּראָלעטאריאט
שטייען דאָ אויך די אָפּאָזיציאָנעל=געשטימטע עלעמענטן פון דער בורזשואזיע,
אָדער פון די געבילדעטע קלאסן, אָדער פונעם קליינבירגערטום, אָדער פון די פעל=
קערשאפטן, רעליגיעס, סעקטעס א. א. וו., וואָס ווערן פארפאָלגט פונעם אבסאָ=
ליוטיזם. א. א. וו. א. א. וו. ס'דערוועקט זיך נאטירלעך א פראגע, אין וואָס פאר
א באציונגען דארף זיך דער ארבעטער=קלאַס שטעלן צו דידאָזיקע עלעמענטן? (1)
און—(2)—צי דארף ער זיך ניט פארייניקן מיט זיי צוליב געמיינזאמען קאַמף
קעגן אבסאָליוטיזם? אלע סאָציאל=דעמאָקראטן אָנערקענען דאָך, אז פאר דער
סאָציאליסטישער רעוואָליוציע דארף אין רוסלאנד פאָרויסגיין די פּאָליטישע רע=
וואָליוציע; צי דארף מען ניט, פאראייניקנדיק זיך מיט אלע פּאָליטיש=אָפּאָזיציאָ=
נעלע עלעמענטן צוליב דעם קאמף מיטן אבסאָליוטיזם, אָפּרוקן דערווייל דעם
סאָציאליזם; צי איז דאָס ניט אָבליגאטאָריש צוליב פארשטארקן דעם קאמף קעגן
דעם אבסאָליוטיזם?

לאָמיר זיך פאנאנדערקלייבן אין ביידע פראגן.

וואָס איז שייעך דער באציונג פונעם ארבעטער=קלאס, אלס קעמפער קעגן
אבסאָליוטיזם, צו אלע איבעריקע פּאָליטיש=אָפּאָזיציאָנעלע געזעלשאפטלעכע
קלאסן און גרופּן, איז זי גאנץ פּינקטלעך באשטימט געוואָרן דורך די גרונט=
פּרינציפּן פון סאָציאל=דעמאָקראטיזם, וואָס זיינען ארויסגעזאָגט געוואָרן אינעם
באוווּסטן „קאָמוניסטישן מאניפעסט“. די סאָציאל=דעמאָקראטן שטיצן די פּראָ=
גרעסיווע געזעלשאפטלעכע קלאסן קעגן די רעאקציאָנערע, די בורזשואזיע קעגן
די פאָרשטייער פונעם פּריווילעגירטן און שטאנדישן ערדבאזיץ און קעגן דער
באאמטנשאפט, די גרויס=בורזשואזיע קעגן די רעאקציאָנערע באגערן פונעם
קליינבירגערטום. דידאָזיקע שטיצע זעט ניט פאָרויס און פאָדערט ניט קיין שום
קאָמפּראָמיסן מיט די ניט=סאָציאל=דעמאָקראטישע פּראָגראמען און פּרינציפּן,
דאָס איז א שטיצע פון א פארבינדעטן קעגן דעם געגעבענעם סוינע, דערביי
גיבן די סאָציאל=דעמאָקראטן דידאָזיקע שטיצע, קעדיי צו פארגיכערן דאָס פאלן
פונעם געמיינזאמען סוינע, פאר זיך אָבער ווארטן זיי גאָרניט פון דידאָזיקע

ציטווייליקע פארבינדעטע און גיבן זיי אין גאָרנישט נאָך. די סאָציאַל־דעמאָקראטן שטיצן יעדע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג קעגן דער היינטצייטיקער געזעלשאפטלעכער אָרדענונג, יעדע אונטערדריקטע פעלקערשאפט, פארפאָלגטע רעליגיע, יעדן ־ערנידעריקטן שטאנד און ד. גל. אין זייער קאמף פאר גלייכבארעכטיקונג.

דאָס שטיצן אלע פאָליטיש־אָפּאָזיציאָנעלע עלעמענטן וועט זיך אויסדריקן אין דער פראָפּאגאנדע פון די סאָציאַל־דעמאָקראטן דורך דעם, וואָס, דערווייזנדיק די פיינטלעכקייט פונעם אבסאָליוטיזם צו דער ארבעטער־זאך, וועלן די סאָציאַל־דעמאָקראטן אָנווייזן אויך אף דער פיינטלעכקייט פונעם אבסאָליוטיזם צו די אָדער יענע געזעלשאפטלעכע גרופּן, אָנווייזן אף דער סאָלידארישקייט פונעם ארבעטער־קלאס מיט דידאָזיקע גרופּן אין די אָדער יענע פראגן, אין די אָדער יענע אויפגאבן א. ד. גל. אין דער אגיטאציע וועט דידאָזיקע שטיצע אויסגעדריקט ווערן דורך דעם, וואָס די סאָציאַל־דעמאָקראטן וועלן אויסנוצן יעדע אויסערונג פונעם פּאָליציישן דרוק פון דעם אבסאָליוטיזם און וועלן אָנווייזן די ארבעטער, וויאזוי דערדאָזיקער דרוק פאלט אף אלע רוסישע בירגער בכלל, אף די פאָרשטייער פון די באזונדערס אונטערדריקטע שטאנדן, פעלקערשאפטן, רעליגיעס, סעקטעס א. א. וו. ביפראט און ווי אזוי דערדאָזיקער דרוק שפיגלט זיך אָפּ אפן ארבעטער־קלאס באזונדערס. ענדלעך דריקט זיך אויס דידאָזיקע שטיצע אין דער פראַקטיק דורך דעם, וואָס די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראטן זיינען גרייט צו שליסן בונדן מיט רעוואָלוציאָנערן פון אנדערע ריכטונגען, קעדיי צו דערגרייכן די אָדער יענע איינצלנע צילן, און דידאָזיקע גרייטקייט איז ניט איינמאָל דערוויזן געוואָרן אין דער טאט.

דאָ קומען מיר צו אויך צו דער צווייטער פראגע. אָנווייזנדיק אף דער סאָלידארישקייט פון די אָדער יענע אָפּאָזיציאָנעלע גרופּן מיט די ארבעטער וועלן די סאָציאַל־דעמאָקראטן אלעמאָל אויסטיילן די ארבעטער, אלעמאָל וועלן זיי געבן צו פארשטיין די ציטווייליקייט און דעם טניי־כאראקטער פון דערדאָזיקער סאָלידארישקייט, וועלן אלעמאָל אונטערשטרייכן די קלאסן־אָפּגעזונדערטקייט פונעם פּראָלעטאריאט, וועלכער קאָן זיך מאָרגן ארויסווייזן, אלס קעגנער פון זיינע היינטיקע פארבינדעטע. מע וועט אונדז זאָגן: „אזא אָנווייזונג וועט אָפּשוואכן אלע קעמפער פאר דער פּאָליטישער פרייהייט בא היינטיקן טאָג". מיר וועלן ענטפערן: אזא אָנווייזונג וועט פארשטארקן אלע קעמפער פאר דער פּאָליטישער פרייהייט. שטארק זיינען בלויז יענע קעמפער, וואָס שטיצן זיך אף די באוווּסטגעוואָרענע רעאלע אינטערעסן פון באשטימטע קלאסן, און יעדע פארווישונג פון דידאָזיקע קלאסן־אינטערעסן, וואָס שפּילן שוין א דאָמינירנדיקע ראָליע אין דער מאָדערנער געזעלשאפט, וועט בלויז אָפּשוואכן די קעמפער. דאָס איז ערשטנס. און צווייטנס, אינעם קאמף קעגן אבסאָליוטיזם דארף דער ארבעטער־קלאס אויסטיילן זיך גופא, ווייל בלויז ער איז א קאָנסעקווענטער ביזן סאָף און אומבאדינגטער סוינע דעם אבסאָליוטיזם, בלויז צווישן אים און דעם אבסאָליוטיזם זיינען ניט מעגלעך קיינע קאָמפּראָמיסן, בלויז אינעם ארבעטער־

קלאַס קאָן דער דעמאָקראַטיזם געפינען אַ אָנהענגער אָן אויסריידן, אָן אומאַנטשלאָסנקייט, אָן אומקוקן זיך אויף צוריק. אין אַלע איבעריקע קלאַסן, גרופּן, שיכטן פון דער באַפעלקערונג איז די סימפּאַטיע צום אַבסאָליוטיזם *ניט אומבאַדינגט*, דער דעמאָקראַטיזם זייערער קוקט זיך אום שטענדיק אויף צוריק. די בורזשואַזיע מוז אָנערקענען, אַז דער אַבסאָליוטיזם פאַרהאַלט די אינדוסטריעלע און געזעלשאַפטלעכע אַנטוויקלונג, זי האָט אָבער מורא פאַר דער פולער דעמאָקראַטיזירונג פון דער פּאָליטישער און געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג און קאָן שטענדיק אַריינטרעטן אין אַ בונד מיטן אַבסאָליוטיזם קעגן דעם פּראָלעטאַריאַט. די קליינבורזשואַזיע איז צווייפּנעמדיק לויט דער נאַטור אירער גופא, און ציענדיק, פון איין זייט, צום פּראָלעטאַריאַט און צום דעמאָקראַטיזם, ציט זי, פון דער אַנדערער זייט, צו די רעאַקציאָנערע קלאַסן, פּרוּווט זי זיך פאַרהאַלטן די געשיכטע, זי איז פעיק אונטערצוגעבן זיך אויף די עקספּערימענטן און כיינדלער פונעם אַבסאָליוטיזם (זאָל זיין אין דער פאָרם פון דער „פאָלקס-פּאָליטיק" פון אַלעקסאַנדער דעם III), זי איז פעיק צו שליסן אַ בונד מיט די הערשנדיקע קלאַסן קעגן פּראָלעטאַריאַט, כדי צו פאַרפעסטיקן איר לאַגע, אַלס *קליינע אייגנטימער*. די געבילדעטע לייט, די „אינטעליגענץ" בכלל קאָן ניט ניט אויפשטיין קעגן דעם ווילדן פּאָליציייִשן דרוק פונעם אַבסאָליוטיזם, וואָס הענגט דעם געדאַנק און דאָס וויסן, די מאַטעריעלע אינטערעסן אָבער פון דער דאָזיקער אינטעליגענץ בינדן זי צו צום אַבסאָליוטיזם, צו דער בורזשואַזיע, זיי צווינגען זי צו זיין ניט-קאָנסעקווענט, צו שליסן קאָמפּראָמיסן, צו פאַרקויפן איר אָפּאָזיציאָנעלן און רעוואָלוציאָנערן ברען פאַר קאַזיאָנעם געהאַלט אָדער פאַר אָנטייל אין רעוואָכים און דיווידענדן. וואָס אָנבאַלאַנגט די דעמאָקראַטישע עלעמענטן אין די אונטערדריקטע פעלקערשאַפטן און פאַרפאָלגטע עמונעס, ווייסט יעדערער און זעט, אַז די קלאַסן-ווידערשפּרוכן אין די דאָזיקע קאַטעגאָריעס באַפעלקערונג גופא זייענען פיל טיפער און שטאַרקער, איידער די סאָלידאַרישקייט פון אַלע קלאַסן פון אַזאַ מין קאַטעגאָריע קעגן דעם אַבסאָליוטיזם און פאַר דעמאָקראַטישע אינסטיטוציעס. בלויז דער פּראָלעטאַריאַט אַליין קאָן זיין — און, לויט זיין קלאַסן-לאַגע, מוז ער זיין — אַן אויסגעהאַלטענער דעמאָקראַט ביזן סאָף, אַן אַנטשלאָסענער סוינע פונעם אַבסאָליוטיזם, וואָס איז ניט פעיק צו גיין אויף קיינע האַנאָכעס, אויף קיינע קאָמפּראָמיסן. בלויז דער פּראָלעטאַריאַט אַליין קאָן זיין דער *וואַנגאַרד-קעמפער* פאַר פּאָליטישער פרייהייט און פאַר דעמאָקראַטישע אינסטיטוציעס, ווייל, ערשטנס, אויפן פּראָלעטאַריאַט שפּיגלט זיך אָפּ דער פּאָליטישער דרוק אַמשטאַרקסטן, ניט געפינענדיק קיינע קאָרעקטיוון אין דער לאַגע פון דעם דאָזיקן קלאַס, וועלכער האָט קיין שום צוטריט ניט צו דער העכסטער מאַכט, קיין שום צוטריט אַפילו ניט צו די באַאַמטע, קיין שום ווירקונג אויף דער געזעלשאַפטלעכער מיינונג. און צווייטנס, איז בלויז דער פּראָלעטאַריאַט פעיק צו דערפירן *ביזן סאָף* די דעמאָקראַטיזירונג פון דער פּאָליטישער און געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג, ווייל אַזאַ מין דעמאָקראַטיזירונג וואָלט איבערגעגעבן די דאָזיקע אָרדענונג אין די הענט פון די

ארבעטער, אָט פאַרוואָס די צונויפגיסונג פון דער דעמאָקראַטישער טעטיקייט פונעם ארבעטער-קלאַס מיטן דעמאָקראַטיזם פון די איבעריקע קלאַסן און גרופּן וואָלט אָפּגעשוואַכט דעם פּאָליטישן קאַמף, וואָלט אים געמאַכט ווייניקער אנטשלאָסן, ווייניקער קאָנסעקווענט, מער פּענק צו קאָמפּראָמיסן. פאַרקערט, דאָס אויסטיילן דעם ארבעטער-קלאַס, אלס אן אוואַנגאַרד-קעמפער פאַר די דעמאָקראַטישע אינסטיטוציעס, וועט פארשטאַרקן די דעמאָקראַטישע באַוועגונג, וועט פארשטאַרקן דעם קאַמף פאַר פּאָליטישער פרייהייט, ווייל דער ארבעטער-קלאַס וועט אונטערשטופּן אלע איבעריקע דעמאָקראַטישע און פּאָליטיש-אָפּאָזיציאָנעלע עלעמענטן, וועט שטויסן די ליבעראַלן צו די פּאָליטישע ראַדיקאַלן, וועט שטויסן די ראַדיקאַלן אָן אומקער צו רייסן מיט דער גאַנצער פּאָליטישער און סאָציאַלער אָרדענונג פון דער מאָדערנער געזעלשאַפט. מיר האָבן אויבן געזאָגט, אז אלע סאָציאַליסטן אין רוסלאַנד דאַרפן ווערן סאָציאַל-דעמאָקראַטן. גיבן מיר איצט צו: אלע עמעסע און קאָנסעקווענטע דעמאָקראַטן אין רוסלאַנד דאַרפן ווערן סאָציאַל-דעמאָקראַטן.

מיר וועלן קלאָר מאַכן אונדזער געדאַנק דורך א ביישפּיל. לאָמיר נעמען די אינסטיטוציע פון דער באַאַמטנשאַפט, פון דער ביוראָקראַטיע, אלס א באַזונדער שיכט מענטשן, וועלכער האָט זיך ספּעציאַליזירט אין אדמיניסטרירן און וועלכער איז אוועקגעשטעלט אין א פּריווילעגירטער לאַגע בענוגייע צום פאָלק. אָנהייבנדיק פונעם אבסאָליוטיסטישן, האַלבאַזיאַטישן רוסלאַנד ביז דעם קולטורעלן, פרייען און ציוויליזירטן ענגלאַנד, זעען מיר אומעטום דיזאָזיקע אינסטיטוציע, וואָס שטעלט מיט זיך פאַר א נויטווענדיקן אָרגאַן פון דער בורזשואַזער געזעלשאַפט. דער אָפּגעשטאַנענקייט פון רוסלאַנד און איר אבסאָליוטיזם אנטשפּרעכט די פולע רעכטלאָזיקייט פונעם פאָלק לעגאַבע דעם באַאַמטנשאַפט, די פולע קאָנטראָללאָזיקייט פון דער פּריווילעגירטער ביוראָקראַטיע. אין ענגלאַנד איז פאַראַן א מעכטיקער קאָנטראָל פונעם פאָלק איבער דער פאַרוואַלטונג, נאָר דערדאָזיקער קאָנטראָל איז אויך דאָרט ווייט ניט קיין פולער, די ביוראָקראַטיע האַלט איין אויך דאָרט ניט ווייניק פּריווילעגיעס, זי איז ניט זעלטן א האַר, און ניט קיין דינער פונעם פאָלק. אויך אין ענגלאַנד זעען מיר, אז די שטאַרקע געזעלשאַפטלעכע גרופּן שטיצן די פּריווילעגירטע לאַגע פון דער ביוראָקראַטיע, זיי שטערן דער פולער דעמאָקראַטיזירונג פון דערדאָזיקער אינסטיטוציע. פאַרוואָס איז דאָס? דערפאַר, ווייל איר פולע דעמאָקראַטיזירונג איז אין די אינטערעסן בלויז פונעם פּראָלעטאַריאַט: די סאַמע פאָרגעשריטענע שיכטן פון דער בורזשואַזיע פאַרטיידיקן אייניקע פּרעראָגאַטיוון פון דער באַאַמטנשאַפט, שטעלן זיך אוף קעגן דער געוויילטקייט פון אלע באַאַמטע, קעגן אָפּשאַפן אינגאַנצן דעם צענז, קעגן דער אומיטלבאַרער פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון די באַאַמטע פאַרן פאָלק א. ד. גל. ווייל דיזאָזיקע שיכטן פילן, אז אזא מין ענדגילטיקע דעמאָקראַטיזאַציע וועט דער פּראָלעטאַריאַט אויסנוצן קעגן דער בורזשואַזיע. אזוי איז אויך אין רוסלאַנד. קעגן דער אלמעכטיקער, אומפאַראַנטוואָרטלעכער, פאַרקויפלעכער, ווילד-

דער, אַמעראַצישער און פּאַראַזיטישער רוסישער באַאַמטנשאַפט זייַנען אופגעבראַכט זייער פּילצאָליקע און די סאַמע פאַרשיידנאַרטיקע שיכטן פונעם רוסישן פּאָלק. גאָר אויסער דעם פּראָלעטאַריאַט וואָלט קיין איינציקע פון דידאָזיקע שיכטן ניט דערלאָזט קיין פולע דעמאָקראַטיזירונג פון דער באַאַמטנשאַפט, ווייל בא אַלע אַנדערע שיכטן (בא דער בורזשואַזיע, בא דעם קלייגבירגערטום, בא דער „אינטעליגענץ“ ביכלאַל) זייַנען פאַראַן פעדעם, וואָס פאַרבינדן זיי מיט דער באַאַמטנשאַפט, ווייל אָט די אַלע שיכטן קערן זיך אָן קרויווים דער רוסישער באַאַמטנשאַפט. ווער ווייסט ניט, ווי לייכט ס'קומט פאָר אינעם הייליקן רוסלאַנד די פאַרוואַנדלונג פונעם אינטעליגענט-ראַדיקאַל, אינטעליגענט-סאָציאַליסט אין א באַאַמטן, וועלכער טרייסט זיך דערמיט, וואָס ער „ברענגט“ נוצן אין די דאַלעדאַמעס פון דער קאַנצעליאַרישער טראַדיציע — א באַאַמטן, וואָס באַרעכטיקט מיט דעמדאָזיקן „נוצן“ זיין פּאָליטישן אינדיפערענטיזם, זיין לאַקייִשקייט פאַר דער רעגירונג פון בייטש און פון נאַהייקע. בלויז דער פּראָלעטאַריאַט איז אומבאַדינגט פיינטלעך צום אַבסאָליוטיזם און צו דער רוסישער באַאַמטנשאַפט, בלויז באַם פּראָלעטאַריאַט זייַנען ניטאָ קיינע שום פעדעם, וואָס זאָלן אים פאַרבינדן מיט דידאָזיקע אָרגאַנען פון דער פּריוויליגירטער בורזשואַזער געזעלשאַפט, בלויז דער פּראָלעטאַריאַט איז פעיִק צו אן אָנשאָלעמדיקער סינע און אנטשלאָסענעם קאַמף מיט זיי.

דערווייזנדיק, אַז דער פּראָלעטאַריאַט, וואָס די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע פירט אָן מיט זיין קלאַסנקאַמף, איז דער אַוואַנגאַרד-קעמפער פון דער רוסישער דעמאָקראַטיע, שטויסן מיר זיך דאָ אָן אַף זייער א פאַרשפּרייטער און זייער א טשיקאַווער מיינונג, אַז די רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע פאַרוקט קלוימערשט אין הינטערגרונט די פּאָליטישע אופגאַבן און דעם פּאָליטישן קאַמף. ווי מיר זעען, איז דידאָזיקע מיינונג א דיאַמעטראַלער היפּעך צום עמעס. מיט וואָס-זשע דערקלערט מען אַזאַ איבערראַשנדיק ניטפאַרשטיין די פּרינציפּן פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, וואָס זייַנען פיל מאָל אַרויסגעזאָגט געוואָרן און וואָס זייַנען שוין פאָרמולירט געוואָרן אין די ערשטע רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע אויסגאַבן, — אין די אויסלענדישע בראָשורן און ביכער פון דער גרופּע „באַפרייונג פון דער אַרבעט“*. אונדז דוכט, אַז די דערקלערונג פון דעמדאָזיקן אומבאַגרייפלעכן פאַקט אַנטהאַלט זיך אין די פאָלגנדיקע דריי אומשטענדן.

ערשטנס, אין דעם, וואָס די פאָרשטייער פון די אַלטע רעוואָליוציאָנערע טעאָריעס, וועלכע זייַנען געוווינט צו בויען זייערע פּראָגראַמען און טעטיקייטפּלענער אַפן גרונט פון אַבסטראַקטע אידייען, ניט אַפן גרונט פון דיסקאָנטירן די

* גרופּע „באַפרייונג פון דער אַרבעט“ — די ערשטע רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז געווען די גרונטלייגערן פון דער רוסישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. געגרינדעט אינעם יאָר 1883 דורך די געוועזענע פּאָלקיסטן פון דער גרופּע „שוואַרצער איבערטייל“ — פּלעכאַנאָוו, אַקסעלראָד, זאַסוליטש, דייטש, איגנאַטאָוו. די ליטעראַרישע טעטיקייט פון דער גרופּע האָט געשפּילט א גוואַלטיקע ראָליע אין דער אַנטוויקלונג פונעם רוסישן מאַרקסיזם.

איב.

רעאלע קלאסן, וואָס ווירקן אינעם לאנד און וואָס די געשיכטע האָט זיי אוועקגעשטעלט אין א באשטימטער צווישנבאציונג, — איז דידאָזיקע פאָרשטייער באנעמען ביכלאל ניט די פרינציפן פונעם סאָציאל=דעמאָקראטיזם. דאפקע דאָס, וואָס עס איז ניטאָ קיין רעאליסטישע באהאנדלונג פון יענע *אינטערעסן*, וועלכע שטיצן די רוסישע דעמאָקראטיע, האָט געקאָנט ארויסרופן די מיינונג, אז די רוסישע סאָציאל=דעמאָקראטיע לאָזט קלוימערשט איבער אין שאָטן די דעמאָקראטישע אופגאבן פון די רוסישע רעוואָליוציאָנערן.

צווייטנס, אין דעם, וואָס מע פארשטייט ניט, אז די פארבינדונג פון די עקאָנאָמישע און פון די פאָליטישע פראגן פון דער סאָציאליסטישער און פון דער דעמאָקראטישער טעטיקייט אין איין גאנצקייט, אין א איינהייטלעכן *קלאסנקאמף פונעם פראָלעטאריאט* — שוואכט ניט אָפ, נאָר פארשטארקט די דעמאָקראטישע באוועגונג און דעם פאָליטישן קאמף, דערנענטערנדיק אים צו די רעאלע אינטערעסן פון די פאָלקס=מאסן, ארויסשלעפנדיק די פאָליטישע פראגן „פון די ענגע קאבינעטן פון דער אינטעליגענץ“ אף דער גאס, אין דער סוויווע פון די ארבעטער און ארבעטנדיקע קלאסן, צעבייטנדיק די אבסטראקטע אידייען פון פאָליטישן דרוק אף יענע רעאלע אויסערונגען זיינע, וואָס פון זיי ליידט מער פאר אלץ דער פראָלעטאריאט און וואָס אף זייער באזן פירט די סאָציאל=דעמאָקראטיע איר אגיטאציע. דעם רוסישן ראדיקאל דוכט זיך אָפטמאָל, אז דער סאָציאל=דעמאָקראט, וואָס אנשטאָט דירעקט און אומיטלבאר צו רופן די ארבעטער צום פאָליטישן קאמף, וואָס אנשטאָט דעם ווייזט ער אָן אף דער אופגאבע צו אנטוויקלען די ארבעטער=באוועגונג, צו אָרגאניזירן דעם קלאסנקאמף פונעם פראָלעטאריאט, — אז דער סאָציאל=דעמאָקראט מאכט דורך דעם א *צוריקטריט* פון זיין דעמאָקראטיזם, ער פארוקט אין הינטערגרונט דעם פאָליטישן קאמף. נאָר אויב דאָ איז אפילע פאראן א *צוריקטריט*, איז עס סיידן אזא, וואָס וועגן דעם זאָגט דאָס פראנצויזישע שפריכוואָרט: „il faut reculer pour mieux sauterr“ (מע דארף צוריקטרעטן, קעדיי בעסער צו שפרינגען).

דריטנס, שטאמט דאָס מיספארשטייעניש דערפון, וואָס דער באגריף גופע „פאָליטישער קאמף“ האָט א פארשיידענע באדייטונג פאר דעם נאראָדאָוואָליעץ און פאר דעם נאראָדאָפראוועץ, פון איין זייט, און פארן סאָציאל=דעמאָקראט — פון דער אנדערער. די סאָציאל=דעמאָקראטן פארשטייען אנדערש דעם פאָליטישן קאמף, זיי פארשטייען אים *אסאך ברייטער*, איידער די פאָרשטייער פון די אלטע רעוואָליוציאָנערע טעאָריעס. אן אָנשוילעכע אילוסטראציע צו דערדאָזיקער האנאָכע, וואָס קאָן אויסזען, ווי א פאראדאָקס, גיט אונדז דער „לעטוטשי ליסטאָק גרופי נאראָדנאָי וואָלי“ (פלוג=בלעטל פון דער גרופע „נאראָדנאיא וואָליא“) נומער 4 פון 9 דעקאבער 1895 י. באגריסנדיק פון טיפן הארצן דידאָזיקע אויסגאבע, וואָס זאָגט איידעס וועגן דער טיפער און פרוכטבארער געדאנקען=ארבעט, וועלכע קומט פאָר אין דער סוויווע פון די היינטיקע נאראָדאָוואָלצעס, מוזן מיר פארצייכענען דעם ארטיקל פון פ. ל. לאווראָוו „וועגן די פראָגראם=פראגן“

(זייט 19—22), וועלכער באווייזט בוילעט, אז די נאראָדאָוואָלצעס פון דער אלטער שיטע פארשטייען אנדערש דעם קלאסנקאמף*. „...דאָ — שרייבט פ. ל. לאוראָוו, ריידנדיק וועגן דער באציונג פון דער פראָגראם פון די נאראָדאָוואָלצעס צו דער סאָציאַל-דעמאָקראטישער פראָגראם — איז וועזנטלעך איין זאך. און בלויז איינע: צי איז מעגלעך צו אָרגאניזירן א שטארקע ארבעטער-פארטיי באם אבסאָליוטיזם און אויסער דער אָרגאניזאציע פון דער רעוואָליוציאָנערער פארטיי, וואָס איז געווענדעט קעגן דעם אבסאָליוטיזם?“ (ז. 21, שפאלט 2); דאָסזעלבע אביסל פריער: „...אָרגאניזירן א רוסישע ארבעטער-פארטיי בא דער הערשאפט פונעם אבסאָליוטיזם, ניט אָרגאניזירנדיק אין דערזעלבער צייט קיין רעוואָליוציאָנערע פארטיי קעגן דעם אבסאָליוטיזם“. מיר פארשטייען לאכלוטן ניט דעם דאָזיקן אונטערשייד, וואָס פאר פ. ל. לאוראָוון איז ער אזוי קארדינאל וועזנטלעך. וואָס הייסט דאָס? „אן ארבעטער-פארטיי אויסער דער רעוואָליוציאָנערער פארטיי, וואָס איז געווענדעט קעגן דעם אבסאָליוטיזם“?? און די ארבעטער-פארטיי איז דען ניט קיין רעוואָליוציאָנערע פארטיי? זי איז דען ניט געווענדעט קעגן דעם אבסאָליוטיזם? דעם טייטש פון דערדאָזיקער מאָדנער זאך גיט דאָס פאָלגנדיקע אָרט אין פ. ל. לאוראָווס ארטיקל: „די אָרגאניזאציע פון דער רוסישער ארבעטער-פארטיי קומט אויס צו שאפן בא די באדינגונגען, ווען ס'עקזיסטירט דער אבסאָליוטיזם מיט אלע זיינע כיינדלעך. ווען די סאָציאַל-דעמאָקראטן וואָלט זיך דאָס איינגעגעבן, ניט אָרגאניזירנדיק אין דערזעלבער צייט קיין פאָליטישע פארשווערונג** קעגן דעם אבסאָליוטיזם מיט די אלע באדינגונגען פון אזא מין פארשווערונג, וואָלט זייער פאָליטישע פראָגראם, פארשטייט זיך, געווען די געהעריקע פראָגראם פון די רוסישע סאָציאַליסטן, ווייל די באפרייונג פון די ארבעטער וואָלט געשען דורך די קויכעס פון די ארבעטער גופא. דאָס איז אָבער זייער צווייפלהאפט, אויב ניט אומעגלעך“ (ז. 21, שפאלט 1). אָט ווו ס'איז דער טאָך. פאר א נאראָדאָוואָלעץ איז דער באגריף פאָליטישער קאמף אידענטיש מיטן באגריף פאָליטישע פארשווערונג! מע דארף זיך מוירע זיין, אז אין די דאָזיקע ווערטער האָט זיך פ. ל. לאוראָוון ווירקלעך איינגעגעבן מיט דער פולער בוילעטקייט אָנצוווייזן דעם גרונט-אונטערשייד אין דער טאקטיק פונעם פאָליטישן קאמף בא די נאראָדאָוואָלצעס און בא די סאָציאַל-דעמאָקראטן. די

* פ. ל. לאוראָווס ארטיקל, וואָס איז אָפּגעדרוקט אין נומער 4, איז בלויז אן „אויסצוג“ פון פ. ל. לאוראָווס אויספירלעכן בריוו, וואָס איז באשטימט פאר די „מאטעריאלן“. מיר האָבן געהערט, אז הייניקן זומער (1897) איז אין אויסלאנד דערשינען אויך דערדאָזיקער בריוו פון פ. ל. לאוראָוו אין זיין פולשטענדיקער פאָרם און פלעכאנאָווס ענטפער, נאָר מיר האָבן ניט דעם, ניט יענעם ניט געקאָנט זען. אפן זעלבן אויפן איז אונדז אויך אומבאוווּסט, צי ס'איז דערשינען דער נומער 5 „לעט. ליסט. נאר. וואָל.“, ווו די רעדאקציע האָט צוגעזאָגט צו געבן א רעדאקציאָנעלן ארטיקל מעקויעך פ. ל. לאוראָווס בריוו. זע נומער 4, זייט 22, שפאלט 1, באמערקונג.

לעניגס אָנמערקונג

** אונטערגעשטראָכן פון אונדז.

לעניגס אָנמערקונג

טראדיציע פון בלאַנקיזם *, פון פאַרשווערערײַ איז בא די גאַראָדאָוואָלצעס מוט־
רעדיק שטאַרק, אַף אַזויפיל שטאַרק, אַז זיי קאָנען זיך אַנדערש ניט פאָרשטעלן
קיין פּאָליטישן קאַמף, ווי אין דער פאָרם פון א פּאָליטישער פאַרשווערונג. די
סאָציאַל־דעמאָקראַטן זיינען אָבער אין אַזאַ מין שמאָלקייט פון אָנשווינגען ניט
שולדיק; אין פאַרשווערונגען גלויבן זיי ניט; זיי האַלטן, אַז די צייט פון פאַר־
שווערונגען איז שוין לאַנג אַוועק, אַז אויסלאָזן דעם פּאָליטישן קאַמף צו א פאַר־
שווערונג באַטייט, פון איין זייט, גוואַלטיק פאַרשמעלערן אים, און פון דער אַנ־
דערער — אויסקלייבן די אומגעלונגענסטע קאַמף־מיטלען. יעדערער פאַרשטייט,
אַז פ. ל. לאַווראָווס ווערטער, אַז קלוימערשט „די טעטיקייט פון מייערוו דינט
פאַר די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן פאַר אַן אומבאַדינגטן מוסטער“ (ז. 21,
שפּאַלט 1), זיינען מער ניט א פּאָלעמישער אויספאַל, און אַז אינדערעמעסן האָבן
די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן קיינמאָל ניט פאַרגעסן וועגן אונדזערע פּאָליטישע
באַדינגונגען, זיי האָבן קיינמאָל ניט געטרוימט וועגן דער מעגלעכקייט צו שאַפן
אין רוסלאַנד אַן עפנטלעכע אַרבעטער־פּאַרטיי, האָבן קיינמאָל ניט אָפּגעטיילט
דעם קאַמף פאַר סאָציאַליזם פון דער אויפגאַבע צו קעמפן פאַר פּאָליטישער פריי־
הייט. זיי האָבן אָבער שטענדיק געהאַלטן און האַלטן אויך היינט, אַז דעמדאָזיקן
קאַמף דאַרפן פירן ניט פאַרשווערער, נאָר א רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי, וואָס
שטיצט זיך אַף דער אַרבעטער־באַוועגונג. זיי האַלטן, אַז דער קאַמף קעגן אַבסאָ־
לוטיזם האַרף באַשטיין ניט אין איינאָרדענען פאַרשווערונגען, נאָר אין דערציִען,
דיסציפּלינירן און אָרגאַניזירן דעם פּראָלעטאַריאַט, אין פּאָליטישער אַגיטאַציע
צווישן די אַרבעטער, וועלכע שטעמפּלט יעדע דערשיינונג פונעם אַבסאָלוטיזם,
וועלכע שלאָגט צו צום שאַנד־סלופּ אַלע העלדן פון דער פּאָליציייִשער רעגירונג
און רייסט אַרויס בא דערהדאָזיקער רעגירונג האַנאָכעס. איז דען דאַפקע ניט
אַזעלכע די טעטיקייט פונעם פּעטערבורגער „בונד פון קאַמף פאַר באַפרייִען דעם
אַרבעטער־קלאַס“? שטעלט דען דידאָזיקע אָרגאַניזאַציע מיט זיך ניט פאָר אַן
אָנהייב טאַקע פון א רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי, וואָס שטיצט זיך אַף דער אַר־
בעטער־באַוועגונג, פירט אָן מיטן קלאַסנקאַמף פונעם פּראָלעטאַריאַט, מיטן קאַמף
קעגן קאַפּיטאַל און קעגן דער אַבסאָלוטיסטישער רעגירונג, ניט איינאָרדענענדיק
דערביי קיין שום פאַרשווערונגען און שעפּנדיק אירע קרעפטן טאַקע פונעם פריי־

* בלאַנקיזם — פונעם נאָמען בלאַנק (פראַנצויזישער רעוואָלוציאָנער 1805—1888).
לענין כאַראַקטעריזירט דעם בלאַנקיזם אַזוי: „א טעאָריע, וועלכע לייקנט דעם קלאַסנ־
קאַמף. דער בלאַנקיזם ריכט זיך, אַז די מענטשהייט וועט באַפרייט ווערן פון געדונגענער
שקלאַפעריי ניט דורך קלאַסנקאַמף, נאָר דורך א פאַרשווערונג פון א קליינער אינטעליגענ־
טישער מינדערהייט. דידאָזיקע מינדערהייט קאָן פאַרכאַפּן די מאַכט און פון אויבן
דערקרעטירן דעם קאָמוניזם“.
די רעוואָלוציאָנערע מאַרקסיסטן פלעגן געברויכן דאָס וואָרט בלאַנקיזם אינעם זין
פון אָקעגנשטעלן פאַרשווערערײַ אַקעגן מאַסנווייזער פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע. די מענ־
שעוויקעס אָבער כאַראַקטעריזירן ווי „בלאַנקיזם“ אַלע רעוואָלוציאָנערע יעסוידעס פון
דער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג (דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, צוגרייטונג פון באַוואָפנטן
אויפשטאַנד א. א. וו.).
לויט דער אָנמערקונג צו דער לעצטער רוסישער אויסגאַבע.

ניקן דעם עקאָנאָמישן און פּאָליטישן קאַמף אין איין אומצעררייסלעכן קלאַסנ=
קאַמף פון דעם פּעטערבורגער פּראָלעטאַריאַט? האָט העו די טעטיקייט פון
דעמדאָזיקן „בונד“, בא דער גאַנצער קורצדויערדיקייט אירער, ניט דערוויזן שוין,
אַז דער פּראָלעטאַריאַט, אָנגעפירט פון דער סאָציאַל=דעמאָקראַטיע, שטעלט מיט
זיך פאָר א גרויסע פּאָליטישע קראַפט, וואָס די רעגירונג איז געצוווּנגען צו רע=
כענען זיך מיט איר און איילט איר צו מאַכן האַנאָכעס? דאָס געזעץ פון 2=טן
יוני 1897 י. באַווייזט סיי מיט דער איילִיקייט פון דורכפירן, סיי מיט זיין אינ=
האַלט, אַז דאָס איז א האַנאָכע, אַרויסגעצוווּנגען דורכן פּראָלעטאַריאַט, א פּאָזיציע
אויסגעקעמפט באַם סוינע פונעם רוסישן פאָלק. דידאָזיקע האַנאָכע איז ביז גאָר
קליין, די פּאָזיציע איז ביז גאָר אומבאַדייטנדיק, אָבער יענע אָרגאַניזאַציע פון
דער אַרבעטער=באַוועגונג, וואָס איר האָט זיך איינגעגעבן אַרויסצורייסן דידאָזיקע
האַנאָכע, צייכנט זיך דאָך אויך ניט אויס ניט מיט ברייטקייט, ניט מיט פעסט=
קייט, ניט מיט לאַנגדויערדיקייט, ניט מיט רייכקייט אין דערפאַרונג און אין
מיטלען: דער „בונד פון קאַמף“ האָט זיך געגרינדעט, ווי ס'איז באַוווּסט, ערשט
אין 1896/1895 יאָר און זיינע ווענדונגען צו די אַרבעטער האָבן זיך באַגרענעצט
מיט העקטאָגראַפישע און ליטאָגראַפישע בלעטלעך. ס'איז דען מעגלעך אָפּצולייי=
קענען, אַז אזא מין אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל פאַראייניקן, לעכאָלאַפּאָכעס, די גרעסטע
צענטרען פון דער אַרבעטער=באַוועגונג אין רוסלאַנד (פּעטערבורג, מאָסק.—וולא=
דימירער, דאָרעמדיקער ראַיאָן און די וויכטיקסטע שטעט, ווי אָדעס, קיעוו, סאַראַ=
טאָוו א. א. וו.), וואָס זאָל האָבן אין איר רעשוס א רעוואָליוציאָנערן אָרגאַן און
זאָל פאַרמאָגן אַזאַ אַווטאָריטעט בא די רוסישע אַרבעטער, וועלכן ס'פאַרמאָגט
דער „בונד פון קאַמף“ בא די פּעטערבורגער אַרבעטער, — אַז אזא מין אָרגאַ=
ניזאַציע וואָלט געווען דער גרעסטער פּאָליטישער פאַקטאָר אינעם היינטיקן רוס=
לאַנד, — א פאַקטאָר, מיט וועלכן די רעגירונג וואָלט ניט געקאָנט ניט רעכענען
זיך אין איר גאַנצער אינערלעכער און אויסערלעכער פּאָליטיק? אָנפירנדיק מיטן
קלאַסנקאַמף פונעם פּראָלעטאַריאַט, אַנטוויקלענדיק אָרגאַניזירטקייט און דיס=
ציפּלין צווישן די אַרבעטער, העלפנדיק זיי צו קעמפן פאַר זייערע נאָענטסטע
עקאָנאָמישע נויטן און אויסצוקעמפן באַם קאַפּיטאַל איין פּאָזיציע נאָך דער אַנ=
דערער, דערציִענדיק פּאָליטיש די אַרבעטער און פאַרפאָלגנדיק סיסטעמאַטיש,
אומאָפּוועגדלעך דעם אַבסאָליוטיזם, העצנדיק איטלעכן צאַרישן באַשיבוזוק, וואָס
לאָזט דעם פּראָלעטאַריאַט דערפילן די שווערע לאַפּע פון דער פּאָליציייִשער רעגי=
רונג, — וואָלט אַזאַ מין אָרגאַניזאַציע גלייכצייטיק געווען, סיי אַן אָרגאַניזאַציע
פון דער אַרבעטער=פּאַרטיי, צוגעפּאַסט צו אונדזערע באַדינגונגען, סיי א מעכ=
טיקע רעוואָליוציאָנערע פּאַרטיי, וואָס איז געווענדעט קעגן דעם אַבסאָליוטיזם.
בקירען זיך אָבער פון פריִער וועגן דעם, צו וואָס פאַר א מיטל ס'וועט אָנקומען
דידאָזיקע אָרגאַניזאַציע אַף צו דערלאַנגען דעם אַנטשיידנדיקן קלאַפּ דעם אַבסאָ=
ליוטיזם, צי וועט זי אָפּגעבן די בכוירע, צום ביישפּיל, דעם אויפשטאַנד אָדער א
פּאָליטישן מאַסן=שטרייק, אָדער אַן אַנדער אַטאַקע=מיטל,—בקירען זיך וועגן דעם

פאַרויס און באַשליסן באַ היינטיקן טאָג דידאָזיקע פראַגע וואָלט געווען פוסטע דאָקטרינערײַ. דאָס וואָלט געווען ענלעך צו א קריגס=ראַט, וואָס די גענעראַלן וואָלטן אים איינגעאָרדנט אײדער זיי האָבן נאָך צונויפגעזאַמלט דאָס מיליטער, איידער זיי האָבן דאָס נאָך מאָביליזירט און אוועקגעפירט אין קריגס=מאַרש קעגן סוינע. אָבער ווען די אַרמײ פונעם פראָלעטאַריאַט וועט אומאָפּהענגלעך און אונטער דער אָנפירונג פון א פעסטער סאָציאַל=דעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע קעמפן פאַר איר עקאָנאָמישער און פאָליטישער באַפרייונג, — דעמאָלט וועט דידאָזיקע אַרמײ אַליין אָנווייזן די גענעראַלן די מעטאָדן און די מיטלען פון טאַט. דאַמאָלסט און נאָר דאַמאָלסט וועט מען קאָנען באַשליסן די פראַגע וועגן דערלאַנגען דעם ענדגילטיקן קלאַפּ דעם אַבסאָליוטיזם, ווײַל די לייזונג פון דער פראַגע הענגט אָפּ טאַקע פונעם צושטאַנד פון דער אַרבעטער=באַוועגונג, פון איר ברייטקייט, פון די קאַמף=מעטאָדן, וואָס די באַוועגונג האָט אויסגעאַרבעט, פון די אייגנשאַפטן פון דער רעוואָליוציאָנערער אָרגאַניזאַציע, וואָס פירט אָן מיט דער באַוועגונג, פון דער באַציִונג פון אַנדערע געזעלשאַפטלעכע עלעמענטן צום פראָלעטאַריאַט און צום אַבסאָליוטיזם, פון די באַדינגונגען פון דער אינערלעכער און אויסערלעכער פאָליטיק, — מיט איין וואָרט, פון טויזנטער באַדינגונגען, וואָס פאַרויסזאָגן זיי איז סײַ אוממעגלעך, סײַ אומנוציק.

דעריבער איז העכסטנס אומגערעכט אויך פ. ל. לאַווראָווס פאָלגנדיקע בקירע:

„ווען אָבער זיי (די סאָציאַל=דעמאָקראַטן) וועט אויסקומען, אַזוי אָדער אַנדערש, צו גרופּירן ניט נאָר די אַרבעטער=קרײַזעס אַף צו קעמפן מיטן קאַפּיטאַל, נאָר צוזאַמענשליסן רעוואָליוציאָנערע פערזענלעכקייטן און גרופּן אַף צו קעמפן מיטן אַבסאָליוטיזם, וועלן די רוסישע סאָציאַל=דעמאָקראַטן, ווי זיי זאָלן זיך ניט אָנרופן, פ א ק ט י ש (אונטערגעשטראָכן פונעם פּראָפעסאָר) אָננעמען די פּראָגראַם פון זייערע קעגנער, פון די נאַראָדאָוואָלצעס. דער אונטערשייד אין די אָנשויונגען אַף דער געמיינדע, אַף דעם גורל פון קאַפּיטאַליזם אין רוסלאַנד, אַף דעם עקאָנאָמישן מאַטעריאַליזם זײַנען פראַטים גאַנץ אומבאַדײַטנדיקע פאַר דער ווירקלעכער זאַך, פראַטים, וואָס העלפן אָדער שטערן צו לייזן אייגנצלנע אויפגאַבן, איינצלנע מעטאָדן אַף צוצוגרייטן די גרונט=פונקטן, — אָבער ניט מער" (זײַט 21).

ס'איז אַפילע מאָדנע צו באַשטרײַטן דידאָזיקע לעצטע האַנאָכע, אַז דער אונטערשייד אין די אָנשויונגען אַף די גרונט=פראַגן פונעם רוסישן לעבן און פון דער אַנטוויקלונג פון דער רוסישער געזעלשאַפט, אַף די גרונט=פראַגן פון פאַרשטיין די געשיכטע קאָנען קלוימערשט באַרירן בלויז „פראַטים"! ס'איז שוין לאַנג געזאָגט געוואָרן, אַז אָן א רעוואָליוציאָנערער טעאָריע קאָן ניט זײַן אויך קיין רעוואָליוציאָנערע באַוועגונג, און באַ ה י י נ ט י ק ן ט אָ ג איז א פראַגע, צי עס איז נאָר נייטיק צו דערווייזן אַזאַ מין עמעס. די טעאָריע פון קלאַסנקאַמף, די מאַטעריאַליסטישע אויפפאַסונג פון דער רוסישער געשיכטע און די מאַטעריאַליסטישע אָפּשאַצונג פון דער היינטיקער עקאָנאָמישער און פאָליטישער לאַגע פון רוסלאַנד, די אָנמערקונג פון דער נייטיקייט אויסצולאָזן דעם רעוואָליוציאָנערן

קאַמף צו באַשטימטע אינטערעסן פון אַ באַשטימטן* קלאַס, אַנאַליזירנדיק זייַנע
באַציִונגען צו אַנדערע קלאַסן — דידאַקטיקע גרעסטע רעוואָלוציאָנערע פּראָגן
אָנרופן — „פּראָטים“ איז קאָלאָסאַל ניט ריכטיק און איז אַזוי אומגעריכט מיצאַד
אַ וועטעראַן פון דער רעוואָלוציאָנערער *טעאָריע*, אַז מיר זייַנען קימאַט
גרייט צו רעכענען דאָסדאָזיקע אָרט פאַשעט פאַר אַ לאַפּסוס*. וואָס איך שייער
דער ערשטער העלפט פון דער אויסגעשריבענער טיראַדע, איז איר אומגערעכטיקייט
נאָך איבעראַשנדיקער. מעלדן אין דער פּרעסע, אַז די רוסישע סאָציאַל=דעמאָקראַטן
גרופּירן זיך לויט די אַרבעטער=קרעפטן אַף צו קעמפן מיטן קאַפּיטאַל (ד. ה.
בלויז צוליב עקאָנאָמישן קאַמף!), ניט צוזאַמענשליסנדיק די רעוואָלוציאָנערע
פּערזענלעכקייטן און גרופּן צוליב דעם קאַמף מיט אַבסאָליוטיזם — דאָס הייסט
אָדער ניט וויסן, אָדער ניט וועלן וויסן די פּאַר אַלעמען באַוווּסטע פאַקטן וועגן
דער טעטיקייט פון די רוסישע סאָציאַל=דעמאָקראַטן. סיידן פּ. ל. לאַווראָוו האַלט
עפּשער ניט יענע סאָציאַל=דעמאָקראַטן, וועלכע אַרבעטן פּראַקטיש אין רוסלאַנד,
פאַר „רעוואָלוציאָנערע פּערזענלעכקייטן“ און „רעוואָלוציאָנערע גרופּן“?! סיידן
(דאָס איז עפּשער ריכטיקער), זאָגנדיק „קאַמף“ מיטן אַבסאָליוטיזם, מיינט ער
בלויז פאַרשווערונגען קעגן אַבסאָליוטיזם? (פאַרגל. זייט 21, שפּאַלט 2:...
„ס'האַנדלט זיך וועגן... אָרגאַניזירן אַ רעוואָלוציאָנערע *פאַרשווערונג*“.
אונטערגעשטראָכן פון אונדז), עפּשער האַלט פּ. ל. לאַווראָוו, אַז ווער ס'אָרגאַ=
ניזירט ניט קיין פּאָליטישע פאַרשווערונגען, דער פירט ניט קיין פּאָליטישן קאַמף?
מיר כאַזערן איבער נאָכאַמאָל: אַזאַ מין אָנשוווּנג אַנטשפּרעכט אינגאַנצן די
אַלטפרענקישע טראַדיציעס פונעם אַלטפרענקישן נאַראָדאָוואָליזם, אָבער זי אַנט=
שפּרעכט לאַכלוטן ניט די מאָדערנע פאָרשטעלונגען וועגן פּאָליטישן קאַמף, ניט
דער מאָדערנער ווירקלעכקייט.

מיר האָבן נאָך צו זאָגן עטלעכע ווערטער וועגן די נאַראָדאָפּראַוועצעס. פּ. ל.
לאַווראָוו איז, לויט אונדזער מיינונג, אינגאַנצן גערעכט, ווען ער זאָגט, אַז „די
סאָציאַל=דעמאָקראַטן רעקאָמענדירן די נאַראָדאָפּראַוועצעס אַלס מער אָפנהערציקע
און זייַנען גרייט צו שטיצן זיי, אַנעוו, ניט צונויפגיסנדיק זיך מיט זיי“, (זייט 19,
שפּאַלט 2); מע וואָלט נאָר געדאַרפט צוגעבן: אַלס מער אָפנהערציקע *דעמאָ=
קראַטן* און *אַף חיסל* די נאַדאָדאָפּראַוועצעס טרעטן אַרויס אַלס קאָנ=
סעקווענטע דעמאָקראַטן. צום באַדויערן איז דידאָזיקע באַדינגונג — גיכער אַ
געוווּנטשענע צוקונפט, איידער די ווירקלעכע קעגנוואַרט. די נאַראָדאָפּראַוועצעס
האָבן אויסגעדריקט זייער ווילן צו באַפרייען די דעמאָקראַטישע אויפגאַבן פונעם
פּאָלקיזם און ביכלאַל פון דער פאַרבינדונג מיט די פאַרעלטערטע פאָרמען פונעם
„רוסישן סאָציאַליזם“, נאָר זיי אַליין האָבן זיך אַרויסגעוויזן לאַכלוטן ניט באַפרייט
פון די אַלטע פאָרורטיילן און לאַכלוטן ניט קאָנסעקווענט, ווען זיי האָבן אַ נאָמען

* אַ וואָרט, וואָס כאַפּט זיך אַרויס אַלפּיבאָעס, וואָס דער רעדנער מיינט גאָרניט
צו זאָגן.

א״ב.

נעגעבן זייער פּאַרטיי, א פּאַרטיי פון אויסשליסלעך פּאָליטישע רעפאָרמען —
„סאָציאַל(???)=רעוואָליוציאָנערע“ פּאַרטיי (זע זייער „מאַניפעסט“ פון 19=טן
פעווראַל 1894 יאָר) און האָבן דערקלערט אין זייער „מאַניפעסט“, אז „איגעם
באַגריף פון פאָלקס=רעכט גייט אריין די אָרגאַניזירונג פון א פאָלקס=פּראָדוקציע“
(מיר זייגען געצוווּנגען צו ציטירן אף אויסווייניק), אריינפירנדיק אף אזא אויפן
בעשטיקע דיזעלביקע פאָרורטיילן פונעם פאָלקיזם. דעריבער איז עפּשער פּ. ל.
לאַווראָוו געווען גיט גאָר אומגערעכט, ווען ער האָט זיי אָנגערופן „מאַסקאַראַד=
פּאָליטיקער“ (זייט 20, שפּאַלט 2). נאָר ס'קאָן זיין, אז ס'איז ריכטיק צו קוקן
אפן נאַראָדאָפּראַוויזם, ווי אף אן איבערגאַנג=לערע, וואָס מע קאָן ניט ניט פאַרעכע=
נען איר פאַר א פאַרדינסט דאָס, וואָס זי האָט זיך אָנגעהויבן צו שעמען מיט דער
אָריגינעלקייט פון די פּאָלקיסטישע דאָקטרינען און איז עפּנטלעך אריינגעטראָטן
אין א פּאָלעמיק מיט יענע עקלהאפטסטע רעאקציאָנערן פונעם פּאָלקיזם, וועלכע
דערלויבן זיך פּאָנעם על פּאָנעם מיט דעם פּאָליצייִש קלאַסאָוון אַבסאָליוטיזם צו
ריידן וועגן דער געוווּנטשנקייט פון עקאָנאָמישע, און ניט פון פּאָליטישע איבער=
אַנדערשונגען (זע „נאַסושטשני וואָפּראָס“ — לעבנס=פראגע, אויסגאבע פון דער
פּאַרטיי „נאַראָדנאָיע פּראַווּאָ“). אויב אין דער פּאַרטיי פון נאַראָדאָפּראַווּצעס
איז בעעמעס ניטאָ קיינער אכוץ געוועזענע סאָציאַליסטן, וואָס באַהאַלטן צוליב
טאַקטישע טיימים זייער סאָציאַליסטישע פּאָן, וואָס טוען נאָר אָן א מאַסקע פון
פּאָליטיקער ניט=סאָציאַליסטן (ווי עס מיינט פּ. ל. לאַווראָוו, ז. 20, שפּאַלט 2), —
דאַן, פאַרשטייט זיך, האָט דידאָזיקע פּאַרטיי קיין שום צוקונפט ניט. אויב אָבער
אין דערדאָזיקער פּאַרטיי זייגען אויך פאַראַן ניט קיין מאַסקאַראַדישע, נאָר עמעסע
פּאָליטיקער ניט=סאָציאַליסטן, דעמאָקראַטן ניט=סאָציאַליסטן, — דאַן קאָן די=
דאָזיקע פּאַרטיי ברענגען ניט קיין קליינעם נוצן, באַמיִענדיק זיך צו דערנעענטערן
זיך צו די פּאָליטיש=אָפּאָזיציאָנעלע עלעמענטן פון אונדזער בורזשואזיע, באַמיִע=
דיק זיך צו דערוועקן דאָס פּאָליטישע זעלבסטבאַוווּסטזיין פונעם קלאַס פון אונדזער
קלייגבירגערטום, קליינע הענדלער, קליינע באַלמעלאָכעס א. א. וו. — פון דעם=
דאָזיקן קלאַס, וועלכער האָט אומעטום אין מיירעוו=איירָאָפּע געשפּילט זיין ראָליע
אין דער דעמאָקראַטישער באַוועגונג, וועלכער האָט בא אונדז אין רוסלאַנד געמאַכט
באַזונדערס גיכע דערפאָלגן אין דער קולטורעלער און אנדערע היגזיכטן אין דער
עפּאָכע, וואָס נאָך די רעפאָרמעס, און וועלכער קאָן ניט ניט פילן דעם דרוק פון
דער פּאָליצייִשער רעגירונג מיט איר ציניש שטיצן די גרויסע פאַבריקאַנטן, די
פינאַנציעלע און אינדוסטריעלע טייז=מאָנאָפּאָליסטן. צוליב דעם איז נייטיק, אז
די נאַראָדאָפּראַווּצעס זאָלן פאַר זיך שטעלן די אויפגאבע צו דערנעענטערן זיך
טאַקע מיט פאַרשיידענע שיכטן פון דער באַפעלקערונג, און זיי זאָלן זיך ניט
באַגרענעצן קעסיידער מיט דערזעלביקער „אינטעליגענץ“, וואָס אויך דער „נאַ=
סושטשני וואָפּראָס“ אָנערקענט איר אָנמעכטיקייט בא איר אָפּגעריסנקייט פון די
רעאַלע אינטערעסן פון די מאַסן. צוליב דעם איז נייטיק, אז די נאַראָדאָפּראַווּצעס
זאָלן אוועקוואַרפן אַלערליי פּרעטענזיעס אף צוגויפגיסן די פאַרשיידנאַרטיקע

געזעלשאפטלעכע עלעמענטן און אף אָפּשטויסן אָן א זייט דעם סאָציאַליזם צוליב די פּאָליטישע אויפגאבן, אז זיי זאָלן אוועקווארפן די פאלשע שעמעוודיקייט, וואָס שטערט זיי צו דערנעענטערן זיך מיט די בורזשואזע שיכטן פונעם פאָלק, ד. ה. זיי זאָלן גט נאָר ריידן וועגן א פּראָגראם פון פּאָליטיקער ניט=סאָציאַליסטן, נאָר אויך האנדלען אין העסקעם מיט דערדאָזיקער פּראָגראם, וועגנדיק און אנטוויקלענדיק דאָס קלאסן=באוווסטזיין פון יענע געזעלשאפטלעכע גרופן און קלאסן, וואָס פאר זיי איז דער סאָציאַליזם אינגאנצן ניט נייטיק, נאָר וועלכע פילן וואָס ווייטער שטארקער דעם דרוק פונעם אבסאָליוטיזם און די נייטיקייט פון פּאָליטישער פרייהייט.

---

די רוסישע סאָציאַל=דעמאָקראַטיע איז נאָך זייער יונג, זי גייט נאָרוואָס ארויס פון יענעם עמבריאָנעלן צושטאנד, ווען דאָס דאָמינירנדיקע אָרט האָבן פארנומען טעאָרעטישע פראגן. זי הייבט ערשט אָן צו אנטוויקלען איר פּראקטישע טעטיקייט. אָנשטאָט קריטיקירן די סאָציאַל=דעמאָקראַטישע טעאָריעס און פּראָגראמען מוזן די רעוואָליוציאָנערן פון די אנדערע פראקציעס, מאכטעם קיין אנדער ברייערע איז ניטאָ, ארויסטרעטן מיט א קריטיק פון דער פּ ר א ק ט י ש ע ר ט ע ט י ק י י ט פון די רוסישע סאָציאַל=דעמאָקראַטן. און מע דארף מודע זיין, אז אָט די לעצטע קריטיק אונטערשיידט זיך אפן שאַרפסטן אויפן פון דער טעאָרעטישער קריטיק, זי אונטערשיידט זיך אף אזויפיל, אז ס'איז אפילע מעגלעך געוואָרן צו פארפאסן דעם קאָמישן קלאנג, אז דער פּעטערבורגער „בונד פון קאמף“ איז, קלוימערשט, ניט קיין סאָציאַל=דעמאָקראַטישע אָרגאניזאציע. די מעגלעכקייט גופע פון אזא מין קלאנג באווייזט שוין די ניט=ריכטיקייט פון די ארומגייענדיקע באשולדיקונגען אקעגן די סאָציאַל=דעמאָקראַטן, אז זיי איגנאָרירן דעם פּאָליטישן קאמף. די מעגלעכקייט גופע פון אזא מין קלאנג זאָגט שוין איידעם וועגן דעם, אז פיל רעוואָליוציאָנערן, וועמען די ט ע אָ ר י ע פון די סאָציאַל=דעמאָקראַטן האָט ניט געקאָנט איבערציינגן, הייבן אָן צו איבערציינגן זיך דורך זייער פּ ר א ק ט י ק.

די רוסישע סאָציאַל=דעמאָקראַטיע האָט נאָך פאר זיך א געוואלטיקס, קוים אָנגעהייבנס ארבעט=פעלד. די דערוואכונג פונעם רוסישן ארבעטער=קלאס, זיין ספּאָנטאַנישע שטרעבונג צום וויסן, צו פאראייניקונג, צום סאָציאַליזם, צום קאמף קעגן זיינע עקספּלואטאטאָרן און אונטערדריקער אנטפּלעקט זיך מיט יעדן טאָג אלץ שארפער און ברייטער. די גיגאנטישע דערפאָלגן, וואָס דער רוסישער קאפּיטאַליזם מאכט פאר דער לעצטער צייט, זיינען אָרעוו פאר דעם, אז די ארבעטער=באוועגונג וועט וואקסן אָן אן אָפּשטעל אין דער ברייט און אין דער טיף. באם איצטיקן מאָמענט לעבן מיר איבער, ווייזט אויס, יענעם פעריאָד פונעם קאפּיטאַליסטישן ציקל, ווען די אינדוסטריע „בליט“, דער האַנדל גייט לעבהאַפט, די פאבריקן ארבעטן אף אלע קוילים און ס'באווייזן זיך, ווי שוועמלעך נאָך א רעגן, אָן א צאָל נייע זאוואָדן, נייע אונטערנעמונגען, אקציאָנערע געזעלשאפטן, אייזנבאַן=בויונגען א. א. וו. א. א. וו. מע דארף גאָר קיין נאָווי ניט זיין, קעדיי פאָרויס=

צוזאָגן די אומפּאַרמיידלעכקייט פון א קראַך (א מער אָדער ווייניקער שאַרפן!), וואָס מוז אָנקומען נאָך דערדאָזיקער „בלִיִונג“ פון דער אינדוסטריע. אזא מין קראַך וועט רויִנירן א מאַסע קליינע באַלעבאַטימלעך, וועט אַרויסשליידערן א מאַסע אַרבעטער אין די רייען פון די אַרבעטלאָזע און וועט אַוועקשטעלן, אף אַזא אופן, אין אַ שאַרפער פאָרם פאַר די גאַנצע אַרבעטער־מאַסן יענע פראַגן פון סאָציאַליזם און דעמאָקראַטיזם, וואָס האָבן זיך שוין אוועקגעשטעלט פאַר יעדן באַוווּסטזיניקן, פאַר יעדן דענקענדיקן אַרבעטער. די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן דאַרפן זאָרגן וועגן דעם, אַז דערדאָזיקער קראַך זאָל טרעפן דעם רוסישן פּראָלעטאַריאַט א מער באַוווּסטזיניקן, א מער פאַראייניקטן, א פאַרשטייענדיקן די אויפגאַבן פונעם רוסישן אַרבעטער־קלאַס, א פעִיקן צו דערלאַנגען א ווידערשטאַנד דעם קלאַס קאַפּיטאַליסטן, וועלכע זאַמלען איצט גיגאַנטישע רעוואָכים און וועלכע שטרעבן אַלעמאָל אַרויפצוּוואַרפן די העזייקעס אף די אַרבעטער, — א פעִיקן אַרייַנצוטרעטן בעראָש פון דער רוסישער דעמאָקראַטיע אין אַן אַנטשיידענעם קאַמף קעגן דעם פּאָליצייִשן אַבסאָליוטיזם, וועלכער פּײַניקט די הענט און די פיס די רוסישע אַרבעטער און דעם גאַנצן רוסישן פאָלק.

אַלזאָ, צו דער אַרבעט, כאַוויירים, לאָמיר ניט פאַרלירן די טייערע צייט! פאַר די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן שטייט פאָר א מאַסע אַרבעט אף צו באַפרידיקן די נאָכפראַגן פונעם אויפוואַכנדיקן פּראָלעטאַריאַט, אף צו אָרגאַניזירן די אַרבעטער־באַוועגונג, אף צו פאַרפעסטיקן די רעוואָליוציאָנערע גרופּן און זייער קעגנזייטיקע פאַרבינדונג, אף צו באַזאָרגן די אַרבעטער מיט פּראָפּאַגאַנדיסטישער און אַגיטאַטאָרישער ליטעראַטור, אף צו פאַראייניקן די אַרבעטער־קרייזלעך און די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע גרופּן, וואָס זיינען צעוואָרפן איבער אַלע עקן רוסלאַנד, אין אַן איינהייטלעכער ס אָ צ י אַ ל ־ ד ע מ אָ ק ר אַ ט י ש ע ר א ר ב ע ט ע ר ־ פּ אַ ר ט יי!

געשריבן אין סיביר, סאָף 1897
אָפּגעדרוקט אַלס בראָשור אינעם פאַרלאַג
פון „פאַרבאַנד פון די רוסישע סאָציאַל־
דעמאָקראַטן“. זשענעוו, 1898

# צו די פּעטערבורגער אַרבעטער און סאָציאַליסטן — פונעם „בונד פון קאַמף“*

אַ שווערע צייט לעבן איבער די פּעטערבורגער רעוואָליוציאָנערן. די רעגירונג האָט אַזוי־ווי צונויפגעקליבן אַלע אירע קויכעס, קעדיי צו דערשטיקן די אַרבעטער־באַוועגונג, וועלכע איז דאָ ניט לאַנג געבוירן געוואָרן און האָט זיך אַנטפּלעקט

* דער טעקסט פון דערדאָזיקער ווענדונג געפינט זיך אַלס ביילאַגע אינעם מאַנוסקריפּט פון די „אויפגאַבן“. אין דער ערשטער אויסגאַבע פון די „אויפגאַבן“ איז געווען אָפּגעדרוקט אויך דידאָזיקע ווענדונג, ווי עס שיינט, איז דאָס געווען א פּראָקלאַמאַציע, וועלכע לענין האָט געשריבן צוזאַמען מיט די „אויפגאַבן“.
לויט דער אַנמערקונג פון דער רוס. אויסגאַבע.

מיט אזא קויעך. די ארעסטן האָבן אָנגענומען אן אומגעוויינלעכן מאסשטאב, די געפענגענישן זיינען איבערגעפולט. מע כאַפּט אינטעליגענטן, מענער און פרויען, מע כאַפּט און מע שיקט מאסנוויין ארויס ארבעטער. שיר ניט יעדער טאָג ברענגט יעדיעס וועגן נייע און נייע קאָרבאָנעס פון דער פּאָליציייִשער רעגירונג, וועלכע האָט זיך ווילד ארויפגעוואָרפן אף אירע סאָנים. די רעגירונג האָט זיך געשטעלט א ציל ניט צו לאָזן די נייע שטרעמונג פון דער רוסישער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג זאָל שטארק ווערן און זאָל זיך שטעלן אף די פיס. די פּראָקוראָרן און זשאנדארמען בארימען זיך שוין, אז עס האָט זיך זיי איינגעגעבן כאָרעוו צו מאכן דעם „בונד פון קאמף“.

דידאָזיקע בארימעריי איז — ליגן. דער „בונד פון קאמף“ איז גאנץ, ניט קוקנדיק אף אלע פּארפאָלגונגען. מיט פולער באפרידיקונג קאָנסטאטירן מיר, אז די מאסן־ארעסטן טוען זייער ארבעט, זייענדיק א מעכטיק ווערקצייג פון אגיטאציע צווישן די ארבעטער און צווישן די אינטעליגענטן — סאָציאַליסטן, אז אפן אָרט פון די אומגעקומענע רעוואָליוציאָנערן רוקן זיך ארויס נייע, וועלכע זיינען גרייט מיט פרישע קויכעס צו שטעלן זיך אין די רייען פון די קעמפער פארן רוסישן פּראָלעטאריאט און פאר דאָס גאנצע רוסישע פאָלק. אָן קאָרבאָנעס קאָן ניט זיין קיין קאַמף, און אף דער ברוטאַלער העצע פון די צאַרישע באַשיבוזוקן ענטפערן מיר רויִק: רעוואָליוציאָנערן זיינען אומגעקומען, — זאָל לעבן די רעוואָליוציע!

די פארשטארקונג פון די פּארפאָלגונגען איז ביז היינט אימשטאנד געווען ארויסצורופן בלויז א צייטווייליקע אָפּשוואכונג פון איינצלנע פונקציעס פונעם „בונד פון קאמף“, א צייטווייליקן דויכעק אין אגענטן און אגיטאטאָרן. גראָד אזא דויכעק פילט זיך איצט און צווינגט אונדז צו ווענדן זיך מיט אן אופרוף צו אלע באוווסטזיניקע ארבעטער און צו אלע אינטעליגענטן, וועלכע ווילן אָפּגעבן זייערע קויכעס אף דינען דער רעוואָליוציאָנערער זאך. דער „בונד פון קאמף“ באדארף אגענטן. זאָלן אלע קרייזלעך און אלע איינצלנע פּערזאָנען, וועלכע ווילן ארבעטן אין א וועלכער ניט איז, זאָל זיין אין דער שמאָלסטער, ספערע פון דער רעוואָליוציאָנערער טעטיקייט, מעלדן וועגן דעם צו יענע, וועלכע האָבן באציונגען מיטן „בונד פון קאמף“. (אין פאַל, ווען אזא גרופּע וואָלט ניט קאָנען געפינען אזעלכע פּערזאָנען — דאָס איז זייער ווייניק ווארשיינלעך — קאָן זי זיך ווענדן דורכן אויסלענדישן „פּארבאַנד פון די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן“). טוער באדארף מען פאר אלערליי מינים ארבעט, און וואָס שטרענגער די רעוואָליוציאָנערן וועלן זיך ספּעציאליזירן אף באזונדערע פונקציעס פון דער רעוואָליוציאָנערער טעטיקייט, וואָס שטרענגער זיי וועלן באטראכטן די קאָנספּיראטיווע מעטאָדן און פּארמאַסקירונגען פון זייער ארבעט, וואָס מעסירעסנעפעשדיקער זיי וועלן זיך פארשליסן אין א קלענער, ניט קענטיקער, טיילווייזער ארבעט, — דאָס זיכערער וועט זיין די גאנצע זאך, דאָס שווערער וועט פאר די זשאנדארמען און שפּיאָנען זיין אופצודעקן די רעוואָליוציאָנערן. די רעגירונג האָט שוין פון פריער ארומגעפלאָכטן

 

מיט דער נעץ פון אירע אגענטן ניט בלויז די איצטיקע, נאָר אפילע די מעגלעכע, די וואַרשיינלעכע נעסטן פון אנטירעגירונגס־עלעמענטן. די רעגירונג אנטוויקלט אומאָפּוועגדלעך סיי אין דער ברייט, סיי אין דער טיף די טעטיקייט פון אירע דינער, וועלכע העצן די רעוואָליוציאָנערן, זי דערפינדעט נייע מעטאָדן, שטעלט נייע פּראָוואָקאטאָרן, באמיט זיך צו דריקן אף די ארעסטירטע מיט הילף פון איינשרעקונגען, פון צושטעלן זיי פאלשע איידעס־ארויסזאָגונגען, געפעלשטע כסימעס, פון אונטערווארפן פאלשע צעטלען און פון ענלעכע מיטלען. אָן פארשטאַרקן און אנטוויקלען די רעוואָליוציאָנערע דיסציפּלין, אָרגאניזאציע און קאָנספּיראציע איז אומעגלעך דער קאמף מיט דער רעגירונג. און די קאָנספּיראציע פאָדערט קוידעמקאָל, באזונדערע קרייזלעך און פערזאָנען זאָלן זיך ספּעציאליזירן אף באזונדערע פונקציעס פון דער ארבעט, די פארייניקנדיקע ראָליע זאָל איבערגעלאָזן ווערן פאר דעם צענטראלן קערן, אָן אומבאדייטנדיקסטן לויט דער צאָל מיטגלידער, דעם צענטראלן קערן פונעם „בונד פון קאמף“. די באזונדערע פונקציעס פון דער רעוואָליוציאָנערער ארבעט זיינען אומענדלעך פארשיידנארטיק: עס זיינען נייטיק אגיטאטאָרן לעגאלע, וועלכע קאָנען רייידן צווישן די ארבעטער אזוי, מע זאָל פאר דעם ניט קאָנען איבערגעבן זיי אין געריכט, וועלכע פארשטייען צו זאָגן בלויז דעם אלעף, איבערלאָזנדיק פאר אנדערע צו זאָגן דעם בייז און דעם גימל. עס זיינען נייטיק פארשפּרייטער פון ליטעראטור, פון בלעטלעך. עס זיינען נייטיק אָרגאניזאטאָרן פון ארבעטער־קרייזן און גרופּן. עס זיינען נייטיק קאָרעספּאָנדענטן פון אלע פאבריקן און זאוואָדן, וועלכע שטעלן צו יעדיעס ווענן אלץ, וואָס ס'קומט פאָר. עס זיינען נייטיק מענטשן, וואָס שפּירן נאָך די שפּיאָנען און פּראָוואָקאטאָרן. עס זיינען נייטיק איינאָרדענער פון קאָנספּיראטיווע דירעס. עס זיינען נייטיק מענטשן אף איבערגעבן ליטעראטור, אף פאָלגן א גאנג, אף אלערהאנט באצוונגען. עס זיינען נייטיק געלט־זאמלער. עס זיינען נייטיק אגענטן אין דער סוויווע פון דער אינטעליגענץ און פון דער באאמטנשאפט, וואָס שטייען אין קאָנטאקט מיט ארבעטער, מיט דעם פאבריק־זאוואָדישן שטייגער, מיט דער אדמיניסטראציע (מיט דער פּאָליציי, פאבריק־אינספּעקציע א. ז. וו.). עס זיינען נייטיק מענטשן אף באצוונגען מיט פארשיידענע שטעט פון רוסלאַנד און פון אַנדערע לענדער. עס זיינען נייטיק מענטשן אף איינאָרדענען אלערליי אויפאנים פון מעכאניש רעפּראָדוצירן פארשיידענע ליטעראטור. עס זיינען נייטיק מענטשן אף האלטן ליטעראטור און אנדערע זאכן א. ז. וו. א. ז. וו.

וואָס דריבנער, קלענער עס וועט זיין יענער איניען, וועלכן ס'וועט נעמען אף זיך די באזונדערע פּערזאָן אָדער די באזונדער גרופּע,— אלץ מער שאנסן, אז ס'וועט אים איינגעבן זיך אוועקצושטעלן דעמדאָזיקן איניען באדאכט, אמייסטן גאראנטירן אים פון א דורכפאל, ארומטראכטן אלע קאָנספּיראטיווע פּראָטים, אָנווענדנדיק די אלמעגלעכסטע אויפאנים אף אָפּצונארן די וואכעוודיקייט פון די זשאנדארמען און פארפירן זיי—אלץ זיכערער וועט זיין דער דערפאָלג פונעם איניען, אלץ שווערער וועט זיין פאר דער פּאָליציי און פאר די זשאנדארמען אויס־

אויסשפּירן דעם רעוואָליוציאָנער און זיין פאַרבינדונג מיט דער אָרגאַניזאַציע, אַלע רינגער וועט זיין פאַר דער רעוואָליוציאָנערער פּאַרטיי צו פאַרבייטן די אומגעקו־מענע אַגענטן און מיטגלידער מיט אַנדערע אָן העזעק פאַר דער גאַנצער זאַך. מיר ווייסן, אַז אַזאַ ספּעציאַליזאַציע איז זייער אַ שווערע זאַך, אַ שווערע דערפאַר, ווייל זי פאָדערט פונעם מענטשן די גרעסטע אויסגעהאַלטנקייט און דאָס גרעסטע מע־סירעסנעפּעש, פאָדערט אָפּצוגעבן אַלע קויכעס אַף אַ גימקענטיקער אַרבעט, אַ איינאַרטיקער, אָן באַציונגען מיט כאַוויירים. אָן אַרבעט, וואָס וואַרפט אונטער דאָס גאַנצע לעבן פונעם רעוואָליוציאָנער אונטער אַ טרוקענער און שטרענגער רע־גלאַמענטאַציע. אָבער בלויז באַ דידאָזיקע באַדינגונגען פלעגט די קאָריפייען * פון דער רעוואָליוציאָנערער פּראַקטיק אין רוסלאַנד איינגעבן זיך מעקאַיעם צו זיין די גהאַנדיעזטע אונטערנעמונגען, אָפּגעבנדיק יאָרן אַף אַלזייטיק צוגרייטן דעם איניען, און מיר זיינען טיף איבערצייגט, אַז באַ די סאָציאַל־דעמאָקראַטן וועט זיך געפינען ניט ווייניקער מעסירעסנעפּעש, איידער באַ די רעוואָליוציאָנערן פון די פריערדיקע דוירעס. מיר ווייסן אויך, אַז לויט דער סיסטעם, וועלכע מיר לייגן פאָר, וועט פאַר פיל פּערזאָנען, וואָס רייסן זיך צוצולייגן זייערע קרעפטן צו דער רעוואָליוציאָ־נערער אַרבעט, זייער שווער זיין יענער צוגרייטונגס־פּעריאָד, ביז וואַנען דער „בוגד פון קאַמף" וועט אויפזאַמלען די נייטיקע יעדיִעס וועגן דער פּערזאָן אָדער וועגן דער גרופּע, וועלכע לייגן פאָר זייערע דינסטן, און וועט אויספּרוון זייער פעיִקייט אַף פאַרשיידענע אופטראָגן. אָבער אָן אַזאַ פאָרויסיקער אויספּרוונג איז אומעגלעך די רעוואָליוציאָנערע טעטיקייט אינעם הייגטיקן רוסלאַנד.

פאָרלייגנדיק אַזאַ סיסטעם פון טעטיקייט אונדזערע נייע כאַוויירים, זאָגן מיר אַרוים האַנאָכעס, צו וועלכע עס האָט אונדז געבראַכט די לאַנגדויערנדיקע דערפאַרונג, טיף איבערצייגט, אַז דער דערפאָלג פון דער רעוואָליוציאָנערער אַרבעט איז אַמייסטן גאַראַנטירט באַ דערדאָזיקער סיסטעם.

# פּראָטעסט פון די רוסלענדישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן

די פאַרזאַמלונג פון סאָציאַל־דעמאָקראַטן פון איין געגנט (אין רוסלאַנד), אין דער צאָל פון זיבעצן מאַן, האָט איינשטימיק אָנגענומען פאָלגנדיקע רעזאָליוציע און האָט באַשלאָסן צו פאַרעפנטלעכן זי און איבער־צוגעבן אַף באַהאַנדלונג פאַר אַלע כאַוויירים.

די לעצטע צייט באַמערקט זיך צווישן די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן צו־ריקטריטן צו יענע גרונט־פּרינציפּן פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, וועלכע עס האָבן פּראָקלאַמירט סיי די גרינדער און אַוואַנגאַרד־קעמפער — די מיטגלידער פון דער „גרופּע באַפרייונג פון דער 'אַרבעט'", — אַזוי אויך די סאָ־

* די פירער, די שפּיצן. איב.

ציאַל=דעמאָקראַטישע אויסגאַבן פון די רוסישע אַרבעטער=אָרגאַניזאַציעס פון
די 90=ער יאָרן. דאָס אונטן=געבראַכטע „קרעדאָ“ (אַני=מיימין — איב.), וואָס
דאַרף אויסדריקן די גרונט=אָנשויונגען פון אייניקע („יונגע“) רוסישע סאָציאַל=
דעמאָקראַטן, שטעלט מיט זיך פאָר א פרווו סיסטעמאַטיש און באַשטימט צו
פאָרמולירן די „נייע אָנשויונגען“. אָט איז דאָסדאָזיקע „קרעדאָ“ אין זיין גאַנ=
צער געשטאַלט.

„די עקזיסטענץ פונעם צעך= און מאַנופאַקטור=פעריאָד אין מייערעוו האָט איבערגעלאָזן
א שאַרפע שפור אף דער גאַנצער ווייטערקומענדיקער געשיכטע, באַזונדערס אף דער גע=
שיכטע פון דער סאָציאַל=דעמאָקראַטיע. די נייטיקייט פאַר דער בורזשואַזיע צו דעראָבערן
פרייע פאָרמען, די שטרעבונג צו באַפרייען זיך פון די צעך=רעגלאַמענטאַציעס, וואָס האָבן
איינגעשמידט די פראָדוקציע, האָבן זי, די בורזשואַזיע, געמאַכט פאַר א רעוואָלוציאָנערן
עלעמענט; אומעטום אין מייערעוו האָט זי אָנגעהויבן פון liberté, fraternité,
égalité —(פרייהייט, ברידערשאַפט און גלייכהייט), פון דעראָבערן פרייע פּאָלי=
טישע פאָרמען. מיט דערדאָזיקער דעראָבערונג אָבער האָט זי, לויט ביסמאַרקס אויסדרוק,
ארויסגעגעבן איר אַנטיפּאָד * — דעם אַרבעטערקלאַס — א וועקסל אף דער צוקונפט
קימאַט אומעטום אין מייערעוו האָט דער אַרבעטער=קלאַס, אַלס קלאַס, ניט דעראָבערט די
דעמאָקראַטישע אינסטיטוציעס, — ער האָט פון זיי געניאָסן. מע קאָן אונדז דערווידערן,
אַז ער האָט אָנטייל גענומען אין די רעוואָלוציעס. די היסטאָרישע אויסקונפטן וועלן
לייקענען דידאָזיקע מיינונג, ווייל גראָד אין 1848 י., ווען ס'איז אין מייערעוו פאָרגעקומען
די פאַרפעסטיקונג פון דער קאָנסטיטוציע, האָט דער אַרבעטער=קלאַס מיט זיך פאָרגעשטעלט
א האַנטווערקעריש=שטאָטישן עלעמענט, א קליינבירגערלעכע דעמאָקראַטיע; קיין פאַבריק=
פּראָלעטאַריאַט האָט קימאַט ניט עקזיסטירט, און דער פּראָלעטאַריאַט פון דער גרויס=
פּראָדוקציע (די וועבער פון דייטשלאַנד — הויפּטמאַן **, די וועבער פון ליאָן) האָט מיט
זיך פאָרגעשטעלט א ווילדע מאַסע, וואָס איז פעיִק געווען בלויז אף בונטן, אָבער פאַר
קיין פאַל ניט אף ארויסצושטעלן וואָסערע ניט איז פּאָליטישע פאָדערונגען. מע קאָן זאָגן
פּאָשעט, אַז די קאָנסטיטוציעס פון 1848 י. זיינען דעראָבערט דורך דער בורזשואַזיע,
דעם קליינבירגערטום, דורך די האַנטווערקער. פון דער אַנדערער זייט, איז דער אַרבעטער=
קלאַס (די האַנטווערקער און מאַנופאַקטור=אַרבעטער, די טיפּאָגראַפן, וועבער, זייגער=
מייסטערס א. א.) נאָך פון מיטלאַלטער אָן געוווינט געוואָרן צו באַטייליקן זיך אין אָרגאַ=
ניזאַציעס, אין קאַסעס פון קעגנזייטיקער הילף, אין רעליגיעזע געזעלשאַפטן א. אַנד.
דערדאָזיקער אָרגאַניזיר=גייסט לעבט נאָך ביז היינטיקן טאָג בא די געלערנטע אַרבעטער
פון מייערעוו און אונטערשיידט זיי שטאַרק פונעם פאַבריק=פּראָלעטאַריאַט, וועלכער גיט
זיך שלעכט און לאַנגזאַם אונטער דער אָרגאַניזירונג און איז פעיִק בלויז אף די אַזוי=
גערופענע „לויזע אָרגאַניזאַציעס“ (צייטווייליקע אָרגאַניזאַציעס), אָבער ניט אף פעסטע
אָרגאַניזאַציעס מיט סטאַטוטן און רעגלאַמענטן. טאַקע דידאָזיקע מאַנופאַקטור=געלערנטע
אַרבעטער האָבן געבילדעט דאָס קערן פון די סאָציאַל=דעמאָקראַטישע פּאַרטייען. אַזוי
ארום האָט זיך באַקומען דאָס פאָלגנדיקע בילד א פאַרהעלטניסמעסיקע לייכטקייט און די
פולע מעגלעכקייט פון פּאָליטישן קאַמף, פון איין זייט, פון דער אַנדערער — די
מעגלעכקייט פּלאַנמעסיק צו אָרגאַניזירן דעמדאָזיקן קאַמף מיט דער הילף פון די
אַרבעטער, וואָס זיינען דערצויגן דורכן מאַנופאַקטור=פעריאָד. אף דעמדאָזיקן באָדן
איז אין מייערעוו אויסגעוואָקסן דער טעאָרעטישער און פּראַקטישער מאַרקסיזם.

* אַנטיפּאָד — קעגנפּונקט.

** א דייטשישער דראַמאַטורג, וועלכער האָט פאַרפאַסט די באַרימטע דראַמע „די וועבער“,
וואָס שילדערט די בונטן פון די שלעזישע וועבער אין די 40=ער יאָרן אַקעגן די
מאַשינען.

אלס אויסגאנג=פונקט איז געקומען דער פּארלאמענטארישער פּאָליטישער קאַמף מיט דער פּערספּעקטיוו, — וואָס איז נאָר אויסערלעך ענלעך צום בלאַנקיזם, לויט דער אָפּשאַצונג האָט דאָס גאָר אַן אַנדער כאַראַקטער, — מיט דער פּערספּעקטיוו צו פאַרכאַפּן די מאַכט, פון איין זייט, און פון א קראַך (קאַטאַסטראָפע) * — פון דער אַנדערער. דער מאַרקסיזם איז געוואָרן דער טעאָרעטישער אויסדרוק פון דער הערשנדיקער פּראַקטיק: פונעם פּאָליטישן קאַמף, וואָס האָט די אויבערהאַנט איבערן עקאָנאָמישן. סיי אין בעלגיע, סיי אין פראַנקרייך, באַזונדערס אין דייטשלאַנד האָבן די אַרבעטער זייער לייכט אָרגאַניזירט דעם פּאָליטישן קאַמף און מוירעדיק שווער, מיט געוואַלטיקע רייבונגען — דעם עקאָנאָמישן. און ביז הייַנטיקן טאָג נאָך לייַדן די עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציעס אין פאַרגלייך מיט די פּאָליטישע (איך באַריר דאָ ניט ענגלאַנד) אַף אומגעהויערער שוואַכקייט און ניט=
laissent á désirer guelgue chose
זיסאַנדהאַפטיקייט און אומעטום (מעג זיי נאָך עפּעס צוקומען). קאָלזמאַן די ענערגיע אינעם פּאָליטישן קאַמף איז ניט געווען איינגאַנצן אויסגעשעפּט — איז דער „קראַך“ געווען א נייטיקס אָרגאַניזירנדיקס שלאָג=וואָרט, וואָס האָט געזאָלט שפּילן א געוואַלטיקע היסטאָרישע ראָליע. דאָס גרונטגעזעץ, וואָס מע קאָן אויספירן באַם שטודירן די אַרבעטער=באַוועגונג, איז די ליניע פונעם קלענסטן ווידערשטאַנד. אין מיירעוו איז אַזאַ ליניע געווען די פּאָליטישע טעטיקייט, און דער מאַרקסיזם איז, אין דער פאָרם, ווי ער איז געווען פאָרמולירט אינעם קאָמוניסטישן מאַניפעסט, געווען די אַמבעסטן צוגעפּאַסטע פאָרם, וואָס אין איר האָט זיך געדאַרפט אויסגיסן די באַוועגונג. אָבער ווען אין דער פּאָליט'שער טעטיקייט איז אויסגעשעפּט געוואָרן די גאַנצע ענערגיע, ווען די פּאָליטישע באַוועגונג האָט דערגרייכט ביז אַזאַ אָנשטרענגונג, וואָס ווייטער פון דעם איז שוין געוואָרן שווער און קימאַט אומעגלעך צו פירן זי (דער לאַנגזאַמער וווּקס פון די שטימען אין דער לעצטער צייט, די אַפּאַטיע פונעם אוילעם אַף די פאַרזאַמלונגען, דער אומעטיקער טאָן אין דער ליטעראַטור), פון דער אַנדערער זייט, די אָנמעכטיקייט פון דער פּאַרלאַמענטאַרישער טעטיקייט, און דאָס, וואָס אַף דער אַרענע איז אַרויסגעטראָטן די פּראָסטע מאַסע, דער פאַבריק=פּראָלעטאַריאַט, וועלכער איז ניט=אָרגאַניזירט און לאָזט זיך קימאַט ניט אָרגאַניזירן, — דאָס האָט אין מיירעוו געשאַפן דאָס, וואָס מע רופט איצט אָן בערנשטייניאַדע **, קריזיס פונעם מאַרקסיזם. ס'איז

* פונעם קאַפּיטאַליזם. איב.

** בערנשטייניאַדע — לויטן נאָמען פונעם דייטשישן ס. ד. (הייַנט עקסטער סאָציאַל=פּאַשיסט) עדואַרד בערנשטיין, וועלכער האָט אין א ריי אַרטיקלען, וואָס זייַנען דערנאָך פאַרייניקט געוואָרן אינעם בוך: „די פּאָרהאַנאָכעס פונעם סאָציאַליזם און די אויפגאַבן פון דער סאָציאַל=דעמאָקראַטיע“ (1899), געפּרובירט איבערקוקן („רעווידירן“ — פון דאַנען נעמט זיך דער נאָמען „רעוויזיאָניזם“) די פילאָזאָפישע, עקאָנאָמישע און פּאָליטישע גרונטלאַגן פונעם רעוואָלוציאָנערן מאַרקסיזם און פאַרבייטן זיי מיט א טעאָריע פון שאָלעם מאַכן צווישן די קלאַסנקעגנזאַצן און מיטן גלויבן אין דער מעגלעכקייט, אַז דער סאָציאַליזם וועט דערגרייכט ווערן דורך זייַן „אַרייַנוואַקסן“ בעהאַדראָגע אין דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג.

אין רוסלאַנד האָבן בערנשטיינס אָפּאָרטוניסטישע טעאָריעס באַגעגנט א מיטפילנדיקן אָפּקלאַנג צווישן די „לעגאַלע מאַרקסיסטן“. צו זיי זייַנען צוגעשטאַנען פּ. סטרווע, מ. טוגאַן=באַראַנאָווסקי, ס. בולגאַקאָוו און אַנד., ווי אויך א גרופּע סאָציאַל=דעמאָקראַטן בעראָש מיט קוסקאָווא און פּראָקאָפּאָוויטש. דאָס „קרעדאָ“ איז דער טעאָרעטישער אויסדריק פון די פּאָזיציעס פון דער לעצטער גרופּע. דער פאַרפאַסער פונעם „קרעדאָ“ איז קוסקאָווא.

אין יענער צייט האָט די מערהייט פון דער דייטשישער סאָציאַל=דעמאָקראַטיע אָפּגעוואָרפן בערנשטיינס טעאָריעס. קאַוטסקי האָט זי דעמאָלס שאַרף באַקעמפט (האַגאַם אויך אין דערדאָזיקער באַקעמפונג זייַנען שוין געווען עלעמענטן פון אָפּאָרטוניזם). אָבער בערנשטיינס אידייען האָבן שפּעטקאָלסאָף אין דער סאָציאַל=דעמאָקראַטיע און אינעם גאַנצן צווייטן אינטערנאַציאָנאַל אָפּגעהאַלטן אַן אַנטשיידנדיקן נצאָכן. זייער אַנטוויקלונג האָט געבראַכט די סאָציאַל=דעמאָקראַטיע אַף די פּאָזיציעס פונעם סאָציאַל=פאַשיזם. קאַוטסקי האָט אָפן געמאָלדן, אַז בערנשטיין איז געווען גערעכט און אַז ער האָט געזיגט.
איב.

שווער פאַרצושטעלן זיך א מער לאָגישן גאנג פון די געשעענישן, איידער דער פעריאָד אין דער אנטוויקלונג פון דער ארבעטער-באַוועגונג זינט דעם קאָמוניסטישן מאניפעסט ביז דער בערנשטייניאַדע, און אַן אופמערקזאַמע שטודירונג פון דעמדאָזיקן גאנצן פּראָצעס קאָן באַשטימען מיט דער פּינקטלעכקייט פון אַן אסטראָנאָם דעם אויסגאנג פון דעמדאָזיקן „קריזיס". דאָ האַנדלט זיך, פארשטייט זיך, ניט וועגן דער מאַפּאָלע אָדער ניצאָכן פון דער בערנשטייניאַדע — דאָס איז ווייניק אינטערעסאַנט; דאָ רעדט זיך וועגן א ראַדיקאלער ענדערונג פון דער פראקטישער טעטיקייט, אַן ענדערונג, וואָס קומט שוין לאנג צוביסלעך פאָר אין די טיפעניש פון דער פארטיי.

דידאָזיקע ענדערונג וועט פאָרקומען ניט נאָר אין דער ריכטונג פון מער ענערגיש פירן דעם עקאָנאָמישן קאמף, נאָר אויך, און דאָס איז דאָס וועזנטלעכסטע, אין דער ריכטונג פון ענדערן די באַציִונגען פון דער פארטיי צו די איבעריקע אָפּאָזיציאָנעלע פארטייען. דער אומטאָלעראַנטער מארקסיזם, דער מארקסיזם וואָס לייקנט אלץ, דער פרימיטיווער מארקסיזם (וואָס באַנוצט זיך מיט א צו-סכעמאַטישער פאָרשטעלונג וועגן דער קלאסן-אייַנטיילונג פון דער געזעלשאַפט) וועט אָפּטרעטן זייַן אָרט דעם דעמאָקראַטישן מארקסיזם, און די געזעלשאַפטלעכע לאגע פון דער פארטיי אינעם שוים פון דער מאָדערנער געזעלשאַפט דאַרף זיך שאַרף ענדערן. די פארטיי וועט אָ נ ע ר ק ע נ ע ן די געזעלשאַפט; אירע שמאָל-קאָרפּאָראַטיווע, און גרעסטן טייל סעקטאַנטישע אויפגאַבן וועלן זיך פארברייטערן ביז געזעלשאַפטלעכע אויפגאַבן און איר שטרעבונג צו פארכאַפּן די מאכט וועט איבערגעאַנדערשט ווערן אין א שטרעבונג צו ענדערן, צו רעפאָרמירן די מאָדערנע געזעלשאַפט אין דער דעמאָקראַטישער ריכטונג, צוגעפאַסט צו דער הייַנטיקער זאכלאגע, מיטן צוועק צו פארטיידיקן אַפן בעסטן אויפן, אַמפולסטן די רעכט פון אלע און איטלעכע ארבעטנדיקע קלאסן. דער אינהאַלט פונעם באַגריף „פּאָליטיק" וועט פארברייטערט ווערן ביז זייַן ווירקלעך-געזעלשאַפטלעכער באַדייַטונג, און די פראקטישע פאָדערונגען פון דער מינוט וועלן באַקומען מער וואָג, זיי קאָנען האָפן אַף א גרעסערער אויפמערקזאַמקייט איידער דאָס איז ביז אהער געווען.

פון דערדאָזיקער קורצער באַשרייַבונג פון דעם אנטוויקלונג-גאנג פון דער ארבעטער-באַוועגונג אין מייַרעוו איז ניט שווער צו מאכן אַן אויספיר פאַר רוסלאַנד. די ליניע פונעם קלענסטן ווידערשטאַנד וועט בא אונדז קיינמאָל ניט זייַן געווענדט אין דער ריכטונג פון פּאָליטישער טעטיקייט. דער אומדערטרעגלעכער פּאָליטישער דרוק וועט צווינגען אסאך צו ריידן וועגן אים און צו קאָנצענטרירן די אויפמערקזאַמקייט אַף דערדאָזיקער פראגע, ער וועט אָבער קיינמאָל ניט צווינגען פראקטיש צו האַנדלען. אויב אין מייַרעוו, זייַענדיק אַרייַנגעצויגן אין פּאָליטישער טעטיקייט, האָבן די שוואַכע קויכעס פון די ארבעטער דערויף זיך פארפעסטיקט און אויסגעפאָרמירט זיך, איז בא אונדז, פאַרקערט, — שטייַען דידאָזיקע שוואַכע קויכעס פאַר א וואַנט פון פּאָליטישן דרוק און ניט נאָר זיי האָבן ניט קיין פראקטישע וועגן פאַר קעמפן אַקעגן אים און אַלזאָ אויך פאַר דער אייגענער אנטוויקלונג, נאָר זיי ווערן פון אים סיסטעמאַטיש געשטיקט און קאָנען אפילע ניט לאָזן קיין שוואַכע שפּראָצונגען. אויב מע זאָל דערצו נאָך צוגעבן, אז אונדזער ארבעטער-קלאַס האָט ניט באַקומען בעיערושע יענעם אָרגאַניזיר-גייַסט, וואָס מיט אים צייכענען זיך אויס די קעמפער פון מייַרעוו, — וועט זיך באַקומען א טרויעריק בילד, וואָס קאָן ארופוואַרפן אַן אומעט אַף דעם סאַמע אָפּטימיסטישן מארקסיסט, וועלכער גלויבט אין דעם, אז יעדער נייַער פאַבריק-קוימען ברענגט, דורך דעם פאקט פון זייַן עקזיסטענץ גופא, די גרויסע האַצלאָכע. שווער, מוירעדיק שווער איז אויך דער עקאָנאָמישער קאמף, אָבער ער איז מעגלעך, ער ווערט, סאָפּקאָלסאָף, פראקטיקירט דורך די מאַסן גופא. ווערנדיק געווינט באַם דאָזיקן קאמף צו אָרגאַניזירונג און אָנשטויסנדיק זיך דערבייַ יעדע מינוט אַף דעם פּאָליטישן רעזשים, וועט דער רוסישער ארבעטער, סאָפּקאָלסאָף, שאַפן דאָס,

וואָס מע קאָן אָנרופן אַ פאָרם פון דער ארבעטער-באוועגונג, ער וועט שאפן יענע אָרגאניזאציע אָדער אָרגאניזאציעס, וואָס וועלן זיין אמבעסטן צוגעפאסט צו די באדינגונגען פון דער רוסישער ווירקלעכקייט. בא היינטיקן טאָג קאָן מען איבערצייגט זאָגן, אז די רוסישע באוועגונג געפינט זיך אין אן אמעבעארטיקן * צושטאנד און האָט נאָך קיין שום פאָרם נישט געשאפן. די שטרייק-באוועגונג, וואָס עקזיסטירט בא יעדער אָרגאניזיר-פאָרם, קאָן מען נאָך ניט אָנרופן קיין אויסגעקריסטאליזירטע פאָרם פון דער רוסישער באוועגונג, און די אומלעגאלע אָרגאניזאציעס פארדינען ניט קיין שום אופמערקזאמקייט שוין פונעם ריין קאמעסדיקן שטאנדפונקט (שוין אָפּגערעדט פון זייער נוצלעכקייט בא די איצטיקע באדינגונגען).

אָט דאָס איז די לאגע. ווען מע זאָל דערצו נאָך צוגעבן די הונגערס אין דעם פּראָצעס פון רוינירונג פונעם דאָרף, וואָס זיי העלפן מיט דער שטרייק-ברעכעריי, און אלזאָ די גרעסערע שוועריקייטן פאר די ארבעטער-מאסן צו שטייגן אף א מער דערטרעגלעכן קולטור-ניוואָ, איז... וואָס בלייבט דאָ צו טאָן דעם רוסישן מארקסיסט?! די דיבורים וועגן א זעלבשטענדיקער פּאָליטישער ארבעטער-פּארטיי זיינען ניט מער, ווי א פּראָדוקט פון אריבערטראָגן אף אונדזער באָדן פרעמדע אופגאבן, פרעמדע רעזולטאטן. דער רוסישער מאַרקסיסט שטעלט פאָר מיט זיך דערווייל נאָך א טרויעריק בילד. זיינע פּראקטישע אופגאבן זיינען בא היינטיקן טאָג זייער קליין און זיינע טעאָרעטישע יעדיעס, אף וויפל ער באנוצט זיך מיט זיי ניט ווי מיט אן אויספאָרשונגס-ווערקצייג, נאָר ווי מיט א טעטיקייט-סכעמע, האָבן קיין ווערט ניט אף אויסצופילן אפילע אָט די מיזערישע פּראקטישע אופגאבן. אבוץ דעם, זיינען דידאָזיקע סכעמען, וואָס זיינען גענומען פון א פרעמדער מאָס, שעדלעך אין הינזיכט פון פּראקטיק. פארגעסנדיק, אז אין מייערעוו איז דער ארבעטער-קלאס ארויסגעטראָטן שוין אף אן אָפּגערייניקטן פּאָליטישן טעטיקייט-פעלד, באציִען זיך אונדזערע מארקסיסטן מיט פאראכטונג, מער איידער מע דאַרף דאָס, צו דער ראדיקאלער און ליבעראל-אָפּאָזיציאָנעלער טעטיקייט פון אלע אנדערע ניט-ארבעטערשע שיכטן פון דער געזעלשאפט. די קלענסטע פּרווון צו קאָנצענטרירן די אופמערקזאמקייט אף געזעלשאפטלעכע דערשיינונגען פון א ליבעראל-פּאָליטישן כאראקטער רופן ארויס א פּראָטעסט מיצאד די אָרטאָדאָקסאלע מארקסיסטן, וועלכע פארגעסן, אז א גאנצע ריי היסטאָרישע באדינגונגען שטערן אונדז צו זיין מייערעוו-מארקסיסטן, און פאָדערן פון אונדז אן אנדער מין מארקסיזם, וואָס זאָל פאסן און זאָל זיין נייטיק אין די רוסישע באדינגונגען. דאָס, וואָס באם רוסישן בירגער פעלט דאָס פּאָליטישע געפיל און דער כוש, דאָס קאָן, נאטירלעך, ניט אויסגעקויפט ווערן מיט דיבורים וועגן פּאָליטיק, אָדער מיט אופרופן צו א ניט-עקזיסטירנדיקער קראפט. דעמדאָזיקן פּאָליטישן כוש קאָן מען באקומען בלויז דורך דערציִונג, ד. ה. דורכן אָנטייל אין יענעם לעבן (ווי דאָסדאָזיקע לעבן זאָל זיין ניט-מארקסיסטיש), וואָס די רוסישע ווירקלעכקייט לייגט פאָר. אף וויפל די „אָפּלייקענונג" איז געווען פּאסיק (ציימווייליק) אין מייערעוו, אף אזויפיל איז זי בא אונדז שעדלעך, ווייל אן אָפּלייקענונג, וואָס גייט ארויס פון עטוואָס אזוינס, וואָס איז אָרגאניזירט און וואָס עס האָט א פּאקטישע קראפט, — איז איינס, און אן אָפּלייקענונג, וואָס גייט ארויס פון א פאָרמלאָזער מאסע צעשפּרייטע פּערזאָנען איז — עפּעס אנדערש.

פארן רוסישן מארקסיסט איז פאראן איין אויסוועג: אָנטייל נעמען, ד. ה. העלפן דעם עקאָנאָמישן קאמף פון פּראָלעטאריאט און באטייליקן זיך אין דער ליבעראל-אָפּאָזיציאָנעלער טעטיקייט. אלס „אָפּלייקענער" איז דער רוסישער מארקסיסט געקומען זייער פרי, און דידאָזיקע אָפּלייקענונג האָט אין אים אָפּגעשוואכט יענעם כיילעק ענערגיע, וואָס האָט געזאָלט אָנגעווענדט ווערן אין דער ריכטונג פון פּאָליטישן ראדיקאליזם. דערווייל איז דאָס אלעס ניט געפערלעך, נאָר אויב די קלאסנסכעמע וועט שטערן דעם אקטיוון אָנטייל

* אמעבע, די איינפאכסטע, פרימיטיווסטע לעבעדיקע באשעפעניש, א מיקראָסקאָפּיש קליינע, א ברעקל שליים.
איב.

פונעם רוסישן אינטעליגענט אינעם לעבן און וועט אים אפשטויסן צו וייט פון די אפאזיציאנעלע קרייזן, — וועט דאס זיין א וועזנטלעכער העזעק פאר אלעמען ווער ס'איז געצווונגען צו קעמפן פאר די רעכטלעכע פארמען ניט האנט בא האנט מיטן ארבעטער=קלאס, וועלכער האט נאך ניט ארויסגערוקט קיין פאליטישע אופגאבן. די פאליטישע אומשולדיקייט פונעם רוסישן מארקסיסט—אינטעליגענט, וואס איז באהאלטן הינטער זיינע קאפ=סווארעס אף פאליטישע טעמען, קאן מיט אים אפשפילן א מיעסן שפאס".

מיר וויסן ניט, צי ס'וועלן זיך אנקלייבן אסאך רוסישע סאציאל=דעמאקראטן, וואס וועלן טיילן די דאזיקע אנשווינגען. ס'איז אבער אן שום צווייפל, אז ביכלאל האבן אזעלכע מין אידייען אנהענגער, און דעריבער רעכענען מיר, אז מיר זיינען מעכויעוו קאטעגאריש צו פראטעסטירן קעגן אזעלכע מיגע אנשווינגען און צו וואָרענען אלע כאווירים קעגן דער סאקאנע, אז די רוסישע סאציאל=דעמאקראטיע וועט אראפגעפירט ווערן פונעם וועג, וואס זי האט פאר זיך אנגעמערקט, נעמלעך: אויסצובילדן א זעלבשטענדיקע פאליטישע ארבעטער=פארטיי, וואס איז אומאפטיילבאר פונעם פראלעטאריאטס קלאסנקאמף און וואס שטעלט זיך פאר איר גאנצסטער אופגאבע די דעראבערונג פון פאליטישער פרייהייט.

דאס אויבן געבראכטע „קרעדא" שטעלט מיט זיך פאר, ערשטנס, „א קורצע באשרייבונג פונעם אנטוויקלונג=גאנג פון דער ארבעטער=באוועגונג אין מיירעוו" און, צווייטנס, „אויספירן פאר רוסלאנד".

איגנאנצן ניט ריכטיק זיינען פריער פאר אלץ די פארשטעלונגען פון די אווטארן פון „קרעדא" וועגן דער פארגאנגענהייט פון דער מיירעוו=אייראפעישער ארבעטער=באוועגונג. ניט ריכטיק איז, אז דער ארבעטער=קלאס אין מיירעוו האט קיין אנטייל ניט גענומען אינעם קאמף פאר פאליטישער פרייהייט און אין פאליטישע רעוואליוציעס. די געשיכטע פונעם טשארטיזם, די רעוואליוציע פון 48 י. אין פראנקרייך, דייטשלאנד, עסטרייך דערווייזן דעם הייפעך. איגנאנצן ניט ריכטיק איז, אז דער „מארקסיזם איז געקומען אלס טעארעטישער אויסדריק פון דער הערשנדיקער פראקטיק: פון פאליטישן קאמף, וואס הערשט איבער דעם עקאנאמישן". פארקערט, דער „מארקסיזם" איז דערשינען דעמאלסט, ווען ס'האט געהערשט דער ניט=פאליטישער סאציאליזם („אווועניזם", „פוריעריזם", „עמעסער סאציאליזם"), און דער קאמוניסטישער מאניפעסט איז גלייך ארויסגעטראטן קעגן דעם ניט=פאליטישן סאציאליזם. אפילע דאן, ווען דער מארקסיזם איז ארויסגעטראטן פול באוואפנט מיט טעאריע („קאפיטאל") און האט ארגאניזירט די באוווסטע אינטערנאציאנאלע „ארבעטער=אסאציאציע!*, איז דער פאליטישער קאמף לאכלוטן ניט געווען די הערשנדיקע פראקטיק (דער שמאלער טרעד=יוניאניזם אין ענגלאנד, דער אנארכיזם אין די ראמאנישע לענדער). אין דייטשלאנד איז לאסאלס גרויסער היסטארישער פארדינסט באשטאנען דעריז, וואס ער האט געמאכט פונעם ארבעטער=קלאס א זעלבשטענדיקע פאליטישע פארטיי אנשטאט אן עק פון דער ליבעראלער בורזשואזיע. דער מארקסיזם האט פארבונדן

---

* ערשטער אינטערנאציאנאל.

אין איין אומצערייסלעכע גאַנצקייט דעם עקאָנאָמישן און פּאָליטישן קאַמף פונעם
ארבעטער=קלאַס, און די שטרעבונג פון די אוטאָרן פון „קרעדאָ“ אָפּצושיידן די=
דאָזיקע פאָרמעו פון קאַמף איינע פון דער אנדערער געהערט צו זייערע סאַמע
גיט געלונגענע און טרויעריקע צוריקטרעטונגען פון מאַרקסיזם.

ווייטער, אינגאַנצן ניט ריכטיק זיינען אויך די פאָרשטעלונגען פון די אוטאָרן
פונעם „קרעדאָ“ וועגן דער איצטיקער לאַגע פון דער מייזרעוו=אייראָפּעיִשער אר=
בעטער=באַוועגונג און פון יענער טעאָריע פון מאַרקסיזם, וואָס אונטער איר פאָן
גייט די דאָזיקע באַוועגונג. ריידן וועגן א „קריזיס פון מאַרקסיזם“ הייסט איבער=
כאַזערן די אומזיניקע פראַזן פון די בורזשואַזע שרייבאַרעס, וועלכע שטרענגען זיך
אָן צו צעבלאָזן איטלעכן שטרייט צווישן די סאָציאַליסטן און צו פאַרוואַנדלען אים
אין א שפּאַלטונג פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. די באַרימטע בערנשטייניא=
דע, — אין דער הינזיכט, ווי עס פאַרשטייט זי דער ברייטער עולם ביכלאַל און
די אוטאָרן פונעם „קרעדאָ“ ביפראַט, — באַטייט א פּרוּוו צו פאַרשמעלערן די
טעאָריע פון מאַרקסיזם, א פּרוּוו צו פאַרוואַנדלען די רעוואָלוציאָנערע ארבעטער=
פּאַרטיי אין א רעפאָרמיסטישער, און דערדאָזיקער פּרוּוו האָט, ווי מע האָט
דערוף געדאַרפט וואַרטן, באַגעגנט אַן אַנטשיידענע פאַרורטיילונג מיצאַד דער
מערהייט דייטשישע סאָציאַל=דעמאָקראַטן. ניט איין מאָל האָבן זיך אַרויסגעוויזן
אָפּאָרטוניסטישע ריכטונגען אין דער דייטשישער סאָציאַל=דעמאָקראַטיע און
יעדער מאָל זיינען זיי געוואָרן אָפּגעוואָרפן מיצאַד דער פּאַרטיי, וועלכע היט אָפּ
טריי די געבאָטן פון דער רעוואָלוציאָנערער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַל=דעמאָ=
קראַטיע. מיר זיינען איבערצייגט, אַז יעדער פּרוּוו אריבערצוטראָגן די אָפּאָרטוניס=
טישע אָנשויונגען אין רוסלאַנד וועלן אויך באַגעגענען פונקט אַזאַ אַנטשיידענעם
אָפּשטויס מיצאַד דער גוואַלדיקער מערהייט רוסישע סאָציאַל=דעמאָקראַטן.

פונקט אַזוי קאָן אפילע קיין רייד ניט זיין וועגן קיין שום „גרינטלעכער ענ=
דערונג פון דער פּראַקטישער טעטיקייט“ פון די מייזרעוו=אייראָפּעיִשע ארבעטער=
פּאַרטייען, טראָץ די אוטאָרן פונעם „קרעדאָ“: די געוואַלטיקע באַדייטונג פונעם
עקאָנאָמישן קאַמף פונעם פּראָלעטאַריאַט און די נייטווענדיקייט פון אַזאַ מין קאַמף
האָט דער מאַרקסיזם אָנערקענט פון סאַמע אָנפאַנג אָן, און נאָך אין די פערציקער
יאָרן האָבן מאַרקס און ענגעלס פּאָלעמיזירט קעגן די אוטאָפּישע סאָציאַליסטן,
וואָס האָבן אָפּגעלייקנט די באַדייטונג פון אַזאַ מין קאַמף.

אַן ערך מיט צוואַנציק יאָר שפּעטער, ווען ס'האָט זיך געגרינדעט די אינ=
טערנאַציאָנאַלע ארבעטער=אַסאָציאַציע, איז די פראַגע וועגן דער באַדייטונג פון
די פּראָפעסיאָנעלע ארבעטער=פאַריינען און פון דעם עקאָנאָמישן קאַמף אויפגע=
הויבן געוואָרן טאַקע אויפן ערשטן קאָנגרעס אין זשענעווע אין 1866 יאָר. די רע=
זאָלוציע פון דעמדאָזיקן קאָנגרעס האָט פּינקטלעך אָנגעוויזן די באַדייטונג
פונעם עקאָנאָמישן קאַמף, וואָרענענדיק די סאָציאַליסטן און די ארבעטער, פון
איין זייט, קעגן איבערטרייבן זיין באַדייטונג (וואָס ס'האָט זיך געמערקט בא די

ענגלישע ארבעטער אין יענער צייט), פון דער אנדערער זייט, קען א גיטגעוואוג־ דיקער אָפּשאצונג פון זיין באדייטונג (וואָס ס׳האָט זיך באמערקט בא די פראנצויזן און דייטשן, באזונדערס בא די לאסאליאנער). די רעזאָליוציע האָט אָנערקענט די פּראָפעסיאָנעלע ארבעטער־פאריינען ניט בלויז אלס א געזעצמעסיקע, נאָר אויך אלס א נייטווענדיקע דערשיינונג בא דער עקזיסטענץ פון קאפּיטאליזם; — זי האָט זיי אָנערקענט אלס זייער וויכטיק פאר דער אָרגאניזירונג פונעם ארבעטער־ קלאס אין זיין טאָגטעגלעכן קאמף מיטן קאפּיטאל און פאר דער פארניכטונג פון דער לוין־ארבעט. די רעזאָליוציע האָט אָנערקענט, אז די פּראָפעסיאָנעלע ארבע־ טער־פאריינען דארפן ניט ווענדן קיין אויסשליסלעכע אויפמערקזאמקייט אפן „די־ רעקטן קאמף קעגן קאפּיטאל“, זיי דארפן זיך ניט אָפּשטויסן פון דער אלגעמיינער פּאָליטישער און סאָציאלער באוועגונג פונעם ארבעטער־קלאס; זייערע צילן דארפן ניט זיין קיין „שמאָלע“, נאָר זיי דארפן שטרעבן צו דער אלגעמיינער באפרייונג פון די אונטערדריקטע מיליאָנען ארבעט־לייט. פון דעמאָלט אָן האָט זיך צווישן די ארבעטער־פּארטייען פון פארשיידענע לענדער ניט איין מאָל אויפגעהויבן און וועט זיך נאָכאַמאָל ניט איין מאָל אויפהויבן די פראגע וועגן דעם, צי האָט מען ניט געדאַרפט אין דעם געגעבענעם מאָמענט עטוואָס מער אָדער ווייניקער ווענדן די אויפמערקזאמקייט אפן עקאָנאָמישן אָדער אפן פּאָליטישן קאמף פונעם פּראָ־ לעטאריאט; אָבער די אלגעמיינע אָדער פּרינציפּיעלע פראגע שטייט בא היינטיקן טאָג אזוי, ווי דער מארקסיזם האָט זי אוועקגעשטעלט. די איבערצייגונג דערין, אז דער איינהייטלעכער קלאסן־קאמף מוז נייטווענדיק פאריניקן דעם פּאָליטישן און עקאָנאָמישן קאמף, איז אריין אין בלוט און פלייש פון דער אינטערנאציאָנאלער סאָציאל־דעמאָקראטיע. די געשיכטלעכע דערפארונג, ווייטער, זאָגט אום־ צווייפלדיק, אז נישטאָ קיין פריהייט אָדער די פארשמעלערונג פונעם פּראָלעטאריאטס רעכט ברענגט שטענדיק צו דער נייטווענדיקייט ארויסצורוקן דעם פּאָליטישן קאמף אפן ערשטן אָרט.

נאָך ווייניקער רייד קאָן זיין וועגן א וויפל ניט איז וועזנטלעכער ענדערונג אין די באציִונגען פון דער ארבעטער־פּארטיי צו די איבעריקע אָפּאָזיציאָנעלע פּאר־ טייען. אויך אין דערדאָזיקער הינזיכט האָט דער מארקסיזם אָנגעוויזן די ריכטיקע פּאָזיציע, וואָס איז גלייך ווייט פונעם איבערטרייבן די באדייטונג פון פּאָליטיק און פון פארשווערעריי (בלאנקיזם און אנד.) און פון איגנאָרירן פּאָליטיק אָדער פארשמעלערן זי ביז צו אָפּאָרטוניסטישן, רעפאָרמיסטישן סאָציאלן צורעווען (אנארכיזם, אוטאָפּישער און קליינבירגערלעכער סאָציאַליזם, מעלוכע־סאָציאַליזם, פּראָפעסאָרישער סאָציאליזם א. אנד.). דער פּראָלעטאריאט דארף שטרעבן צו גרינדן זעלבשטענדיקע פּאָליטישע ארבעטער־פּארטייען, וואָס זייער הויפּט־ציל דארף זיין פארכאפּן מיצאד דעם פּראָלעטאריאט די פּאָליטישע מאכט, קעדיי אָרגאניזירן די סאָציאליסטישע געזעלשאפט. אף די איבעריקע קלאסן און פּאר־ טייען דארף נאָר דער פּראָלעטאריאט ניט קוקן ווי אף „איין רעאקציאָנערער

מאסע"*: פארקערט, ער דארף אָנטיילנעמען אינעם גאנצן פאָליטישן און געזעלשאפטלעכן לעבן, ער דארף שטיצן די פּראָגרעסיווע קלאסן און פארטייען קעגן די רעאקציאָנערע, שטיצן יעדע רעוואָליוציאָנערע באַוועגונג קעגן דער עקזיסטירנדיקער אָרדענונג, ער דארף זיין דער פארטיידיקער פון יעדער אונטערדריקטער פעלקערשאפט און ראסע, פון יעדער פארפאָלגטער עמונע, רעכטלאָזן געשלעכט א. א. וו. די כקירעס פון די אוטאָרן פון „קרעדאָ" איבער דערדאָזיקער טעמע זאָגן אײדעס בלויז וועגן דער שטרעבונג צו פארווישן דעם קלאסן-כאראקטער פונעם פּראָלעטאַריאַטס קאַמף, מאַכן קראפטלאָז דעמדאָזיקן קאמף דורך עפּעס א אומזיניקן „אָנערקענען די געזעלשאפט", פארשמעלערן דעם רעוואָליוציאָנערן מארקסיזם ביז צו א באנאלער רעפאָרמאטאָרישער שיטע. מיר זיינען איבערצייגט, אז די געוואַלטיקע מערהייט רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן וועט אומבאַדינגט אָפּוואַרפן אַזא מין פארקריפּלען די גרונט-פּרינציפּן פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. די פאַלשע פאָרהאַנאָכעס בענעגייע דער מיירעוו-אייראָפּעישער ארבעטער-באַוועגונג ברענגען די אוטאָרן פונעם „קרעדאָ" צו נאָך מער פאלשע „אויספירן פאר רוסלאנד".

די באהויפּטונג, אז דער רוסישער ארבעטער-קלאס „האָט נאָך ניט ארויסגערוקט קיין פאָליטישע אויפגאבן", זאָגט אײדעס בלויז וועגן דעם ניט באקענט זיין מיט דער רוסישער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג. נאָך דער „צאָפן-רוסישער ארבעטער-פארבאנד", וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין 1878 י., און דער „דאָרעם-רוסישער ארבעטער-פארבאנד", וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין 1879 י.**, האָבן שוין ארויסגעשטעלט אין זייער פּראָגראם די פאָדערונג פון פאָליטישער פרייהייט. נאָך דער רעאקציע פון די 80-ער יאָרן האָט דער ארבעטערקלאס ניט איין מאָל ארויסגערוקט דיזעלבע פאָדערונג אין די 90-קער יאָרן. די באהויפּטונג, אז „די רייד וועגן א זעלבשטענדיקער פאָליטישער ארבעטער-פארטיי זיינען ניט מער, ווי א פּראָדוקט פון אריבערטראָגן פרעמדע אויפגאבן, פרעמדע רעזולטאטן אף אונדזער באָדן", זאָגן אײדעס בלויז וועגן דעם פולן ניט פארשטיין די היסטאָרישע

* דער צוזאמענפאָר פון דער דייטשישער סאָציאַל-דעמאָקראטיע אין גאָטא (1875) האָט ארויסגעשטעלט אין דער פּראָגראם, וועלכע ער האָט אָנגענומען, די האנאָכע: „בענעגייע צום ארבעטער-קלאס בילדן אלע איבעריקע קלאסן בלויז א רעאקציאָנערע מאסע". דידאָזיקע לאסאליאנישע פאָרמול האָט ארויסגערופן ק. מארקס שארפע קריטיק (ז. „קריטיק פון דער גאָטער פּראָגראם"). פון דער פּראָגראם, וועלכע עס האָט אָנגענומען דער ערפורטער צוזאמענפאָר אינעם יאָר 1891, איז דידאָזיקע פאָרמול ארויסגעוואָרפן געוואָרן.

אָנמערקונג צו דער רוסישער אויסגאבע.

** וועגן וואָסער „דאָרעם-רוסישן ארבעטער-פארבאנד" רעדט דאָ לענין? לויט דעם אינהאלט פונעם ארטיקל ווערט דאָ גיכער פון אלץ געמיינט דער „דאָרעם-רוסלענדישער ארבעטער-פארבאנד" (פון ע. זאסלאווסקי), וועלכער איז געגרינדעט געוואָרן אין אָדעס אין 1875, און וול. איליטש אָנווייזונג אפן יאָר 1879 קאָן מען גיכער פאר אלץ צושרייבן א שרייב-פעלער אָדער א טאָעס.

עס איז זייער ווייניק וואַרשיינלעך, וול. איליטש זאָל דאָ האָבן געמיינט דעם „דאָרעם-רוסישן ארבעטער-פארבאנד", וועלכן ס'האָט ווירקלעך געגרינדעט פּ. וו. אקסעלראָד אין 1879 י. אין אָדעס.

פון דער אָנמערקונג צו דער רוס. אויסגאבע.

ראָליע פונעם רוסישן ארבעטער-קלאס און די ברענענדיקסטע אויפגאבן פון דער רוסישער סאָציאַל-דעמאָקראטיע. די אייגענע פּראָגראם פון די אוטאָרן פון „קרעדאָ“ נויגט זיך, ווייזט אויס, דערצו, אז, גייענדיק „מיט דער ליניע פון קלענסטן ווידערשטאנד“ זאָל דער ארבעטער-קלאס זיך באגרענעצן מיטן עקאָנאָמישן קאמף, און די „ליבעראַל-אָפּאָזיציאָנעלע עלעמענטן“ זאָלן באם „אָנטייל“ פון די מארקסיסטן קעמפן פאר „רעכטלעכע פאָרמען“. די פארווירקלעכונג פון אזא מין פּראָגראם וואָלט געווען נעגליכן צו א פּאָליטישן זעלבסטמאָרד פון דער רוסישער סאָציאַל-דעמאָקראטיע, נעגליכן צו א געוואלטיקן אָפּהאלט און צו א דערנידערונג פון דער רוסישער ארבעטער-באוועגונג און פון דער רוסישער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג (די לעצטע צוויי באגריפן פאלן פאר אונדז צונויף). שוין די מעגלעכקייט גופא, אזא מין פּראָגראם זאָל דערשיינען, דערווייזט, ווי באגרינדעט עס זיינען געווען די באזאָרגענישן בא איינעם פון די פאָרגעשריטענע קעמפער פון דער רוסישער סאָציאַל-דעמאָקראטיע, בא פּ. ב. אקסעלראָדן, ווען ער האָט געשריבן אין סאָף 1897 י. וועגן דער מעגלעכקייט פון אזא פּערספּעקטיוו:

„די ארבעטער-באוועגונג גייט ניט ארויס פונעם ענגן פלוסבעט פון ריין-עקאָנאָמישע צוזאמענשטויסן צווישן די ארבעטער און די אונטערנעמער, און אן און פאר זיך, אלס גאנצע האָט זי ניט קיין פּאָליטישן כאראקטער, און אין קאמף פאר פּאָליטישע פרייהייט גייען די פאָרגעשריטענע שיכטן פונעם פּראָלעטאריאט נאָך די רעוואָליוציאָנערע קרייזלעך און פראקציעס פון דער אזוי-גערופענער אינטעליגענץ“ (אקסעלראָד, „צו דער פראגע וועגן די היינטיקע אויפגאבן און וועגן דער טאקטיק פון די רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראטן“. זשענעוו 98 י., זייט 19).

די רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראטן דארפן דערקלערן אן אנטשיידענע מילכאָמע דעם גאנצן קרייז אידייען, וואָס האָבן געפונען זייער אויסדריק אין „קרעדאָ“, ווייל דידאָזיקע אידייען פירן דירעקט צו דער פארווירקלעכונג פון אזא פּערספּעקטיוו. די רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראטן דארפן אָנווענדן אלע באמיִונגען, קעדיי ס'זאָל פארווירקלעכט ווערן די צווייטע פּערספּעקטיוו, וואָס פּ. ב. אקסעלראָד פאָרמולירט מיט אזעלכע ווערטער:

„אן אנדער פּערספּעקטיוו: די סאָציאַל-דעמאָקראטיע אָרגאניזירט דעם רוסישן פּראָלעטאריאט אין א זעלבסטשטענדיקער פּאָליטישער פארטיי, וועלכע קעמפט פאר פרייהייט *טיילווייז באגלייך און אין בונד* מיט די בורזשואזע רעוואָליוציאָנערע פראקציעס (אף וויפל אזוינע וועלן זיין), טיילווייז אריינציִענדיק דירעקט אין אירע רייען אָדער מיטרייסנדיק נאָך זיך די אמייסטן פאָלקספריינטלעכע און רעוואָליוציאָנערע עלעמענטן פון דער אינטעליגענץ“. (דאָרט, זייט 90).

אין דערזעלבער צייט, ווען פּ. ב. אקסעלראָד האָט געשריבן דידאָזיקע שורעס, האָבן די מעלדונגען פון די סאָציאַל-דעמאָקראטן אין רוסלאנד קלאָר געוויזן, אז די געוואלדיקע מערהייט זייערע שטייט אף דעמזעלבן שטאנדפונקט. עמעס, איין צייטונג פון די פּעטערבורגער ארבעטער, „ראבאָטשאיא מיסל“ * (ארבעטערס

* „ראבאָטשאיא מיסל“ — ס. ד. צייטונג, ארויסגעגאנגען פון אָקטיאבער 1897 ביז דעקאבער 1902 (די נומערן 3—11 און נומ. 16 זיינען ארויס אין אויסלאנד, די איבעריקע אין רוסלאנד) אונטער דער אָנפירונג פון ק. טאכטאריאָוו-פּעטערבורזשעץ און נ. לאָבאָוו-אָלכין. דער אויסגעשפּראָכנסטער אָרגאן פונעם „עקאָנאָמיזם“, וועלכער האָט די גאנצע אויפמערקזאמקייט קאָנצענטרירט אף שמאָל-עקאָנאָמישן קאמף, וואָס ווערט אנטקעגנ-

געדאנק), איז געווען געגויגט, קלוימערשט, צו די אידייען פון די אַוטאָרן פון
„קרעדאָ“ אַרויסזאָגנדיק, צום באַדויערן, אין איר פּראָגראַמאַטישן לייט=אַרטיקל
(נום. 1, אָקטיאַבער 1897 י.) דעם אינגאַנצן פאַלשן געדאַנק, וואָס ווידערשפּרעכט
דעם סאָציאַל=דעמאָקראַטיזם, אַז „דער עקאָנאָמישער יעסאָד פון דער באַוועגונג“
קאָן „פאַרטונקלט ווערן דורכן שטרעבן שטענדיק ניט צו פאַרגעסן דעם פּאָליטישן
אידעאַל“. אָבער אין דערזעלביקער צייט האָט זיך אַן אַנדער צייטונג פון די פּע=
טערבורגער אַרבעטער, „ספּב. ראַבאָטשי ליסטאָק“ * (פּעטערבורגער אַרבעטער=
בלעטל) (נום. 2, סענטיאַבער 1897 י.), אַנטשיידן אַרויסגעזאָגט פאַר דעם, אַז
„שטירצן די זעלבסטהערשונג... קאָן בלויז אַ פעסט אָרגאַניזירטע פּילצאָליקע
אַרבעטער=פּאַרטיי“, אַז „אָרגאַניזירט אין אַ שטאַרקער פּאַרטיי“ וועלן די אַרבע=
טער „באַפרייען זיך און גאַנץ רוסלאַנד פון יעדן פּאָליטישן און עקאָנאָמישן
דרוק“. אַ דריטע צייטונג, „ראַבאָטשאַיאַ גאַזעטאַ“ ** (אַרבעטער=צייטונג), האָט
אין לייט=אַרטיקל (נום. 2, נאָיאַבער 1897 י.) געשריבן: „דער קאַמף מיט דער
זעלבסטהערשערישער רעגירונג פאַר פּאָליטישער פרייהייט איז די נאָענטסטע
אויפגאַבע פון דער רוסישער אַרבעטער=באַוועגונג“. — „די רוסישע אַרבעטער=
באַוועגונג וועט פאַרצענפאַכן אירע קויכעס, אויב זי וועט אַרויסטרעטן ווי אַ אייג=
הייטלעכע האַרמאָנישע גאַנצקייט מיט אַן אַלגעמיינעם נאָמען און מיט אַ גוט
געבויטער אָרגאַניזאַציע...“ „די באַזונדערע אַרבעטער=קרייזלעך דאַרפן זיך פאַר=
וואַנדלען אין איין אַלגעמיינער פּאַרטיי“. „די רוסישע אַרבעטער=פּאַרטיי וועט זיין
אַ סאָציאַל=דעמאָקראַטישע פּאַרטיי“. — אַז די קאָלאָסאַלע מערהייט רוסישע
סאָציאַל=דעמאָקראַטן איז אינגאַנצן מאַסקים געווען דאַפקע מיט די דאָזיקע אי=
בערצייגונגען פון דער „ראַבאָטשאַיאַ גאַזעטאַ“ איז צו זען דערפון, וואָס דער
צוזאַמענפאָר פון די רוסישע סאָציאַל=דעמאָקראַטן, וועלכער איז פאָרגעקומען אין
פרילינג 1898 י., האָט געבילדעט די „רוסלענדישע סאָציאַל=דעמאָקראַטישע
אַרבעטער=פּאַרטיי“, האָט פאַרעפנטלעכט איר מאַניפעסט און אָנערקענט די
„ראַבאָטשאַיאַ גאַזעטאַ“, פאַרן אָפיציעלן אָרגאַן פון דער פּאַרטיי. אַף אַזאַ אויפן
מאַכן די אַוטאָרן פון „קרעדאָ“ אַ קאָלאָסאַלן טריט צוריק קעגן יענער אַנטוויקלונג=

---

געשטעלט דעם פּאָליטישן קאַמף, וועלכער (דער לעצטער) גייט קלוימערשט ניט אַריין אין
די אויפגאַבן פונעם אַרבעטער=קלאַס. „ראַב. מיסל“ האָט זיך געבוקט פאַר דער סטיכישקייט
פון דער אַרבעטער=באַוועגונג און האָט זיך באַצויגן פיינטלעך צו דער צענטראַליסטישער
אָרגאַניזאַציע פון דער פּאַרטיי און צו דער „אינטעליגענץ“.

אָנמערקונג צו דער רוס. אויסגאַבע.

* „ספּב. ראַבאָטשי ליסטאָק“ — צייטונג, אַרויסגעגעבן פונעם פּעטערבורגער „בונד
פון קאַמף פאַר באַפרייען דעם אַרבעטער=קלאַס“. ס'זיינען אַרויסגעגאַנגען בלויז צוויי
נומערן. דער נומער 1, דאַטירט פון יאַנוואַר 1897, איז אַרויסגעגאַנגען אָנהייב פעווראַל
אין אַ צאָל פון 300—400 עקזעמפּליאַרן, געדרוקט אַף אַ מימעאָגראַף. נומער 2 — אין
אויסלאַנד אין סענטיאַבער 1897. ביידע נומערן האָט אינגאַנצן צונויפגעשטעלט ב. גאָרעוו
(גאָלדמאַן).

לויט דער אָנמערקונג פון דער רוס. אויסגאַבע.

** „ראַבאָטשאַיאַ גאַזעטאַ“ — אָרגאַן פון די קיעווער ס. ד. אַרויסגעגאַנגען בלויז
צוויי נומערן. נומער 1 — אויגוסט 1897 און נומער 2 — נאָיאַבער 1897. ביידע אָפּגע=
דרוקט אומלעגאַל אין קיעוו. דער ערשטער צוזאַמענפאָר פון רסדא"פּ האָט אָנערקענט די
„אַרבעטער=צייטונג“ פאַרן צענטראַל=אָרגאַן פון דער פּאַרטיי און האָט אַלס רעדאַקטאָר
אויסגעקליבן וו. אי. לענינען.

אָנמ. צו דער רוס. אויסגאַבע.

שטופּע, וואָס די רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן האָט שוין דערגרייכט און וועלכע זי האָט פאַרפיקסירט אינעם „מאַניפעסט פון דער רוסלענדישער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער אַרבעטער-פּאַרטיי". אויב די פאַרבימערטע העצע פון דער רוסישער רעגירונג האָט געבראַכט דערצו, אַז באַם איצטיקן מאָמענט איז די טעטיקייט פון דער פּאַרטיי צייטווייליק אָפּגעשוואַכט און איר אָפיציעלער אָרגאַן האָט אויפגעהערט צו דערשיינען, באַשטייט פאַר אַלע רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן די אויפגאַבע דערין, אַז מע זאָל אָנווענדן אַלע באַמיונגען אַף ענדגילטיק צו פאַרפעסטיקן די פּאַרטיי, אויסצואַרבעטן די פּאַרטיי-פּראָגראַם, ווייטער אויפצושטעלן איר אָפיציעלן אָרגאַן. מאַכמעס אָט דער גערעַנקען-וואַקלעניש, וואָס ווענן איר זאָגט איידעס די מעגלעכקייט, ס'זאָלן דערשיינען אַזעלכע פּראָגראַמען, ווי די אויבן אַנאַליזירטע „קרעדאָ", האַלטן מיר פאַר באַזונדערס נייטיק אונטערצושטרייכן פאָלגנדיקע גרונט-פּרינציפּן, וועלכע זיינען פאָרמולירט אינעם „מאַניפעסט" און וועלכע האָבן אַ קאָלאָסאַלע וויכטיקייט פאַר דער רוסישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. ערשטנס, איז די רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע „וויל זיין און פאַרבלייבן אַ קלאַסן-באַוועגונג פון די אָרגאַניזירטע אַרבעטער-מאַסן". דערפון פאָלגט, אַז דער דעוויז פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע דאַרף זיין — מיטהעלפן די אַרבעטער ניט נאָר אינעם עקאָנאָמישן, נאָר אויך אינעם פּאָליטישן קאַמף, אַגיטירן ניט בלויז אָפּן באָדן פון די נאָענטסטע עקאָנאָמישע נויטן, נאָר אויך אָפּן גרונט פון אַלע אויסערונגען פון פּאָליטישן דרוק; פּראָפּאַגאַנדירן ניט בלויז די אידייען פון וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם, נאָר פּראָפּאַגאַנדירן אויך די דעמאָקראַטישע אידייען. די פאָן פון דער קלאַסן-באַוועגונג פון די אַרבעטער קאָן זיין בלויז די טעאָריע פונעם רעוואָלוציאָנערן מאַרקסיזם, און די רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע דאַרף זאָרגן וועגן איר ווייטערדיקער אַנטוויקלונג און פאַרקערפּערונג אין לעבן, אָפּהיטנדיקן זי גלייכצייטיק פון יענע פאַרקריפּלונגען און באַנאַליזירונגען, וואָס פון זיי ליידן גאַנץ אָפט די „מאָדישע טעאָריעס" (און די דערפאָלגן פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אין רוסלאַנד האָבן שוין געמאַכט דעם מאַרקסיזם פאַר אַ „מאָדישער טעאָריע"). קאָנצענטרירנדיק באַם איצטיקן מאָמענט אַלע אירע קויכעס אַף דער טעטיקייט צווישן די פאַבריק-זאַוואָדישע און באַרג-אַרבעטער, טאָר די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע ניט פאַרגעסן, אַז אין די רייען פון די אַרבעטער-מאַסן, וועלכע זי אָרגאַניזירט, דאַרפן מיט דער פאַרברייטערונג פון דער באַוועגונג אַריינגיין אויך היים-אַרבעטער, אויך קוסטאַרן, אויך לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרבעטער, אויך מיליאָנען פונעם רוינירטן פּויערטום, וואָס גייט אויס פון הונגער.

צווייטנס: „אַף זיינע פעסטע אַקסלען דאַרף דער רוסישער אַרבעטער אַרויסטראָגן און וועט אַרויסטראָגן די זאַך פון דעראָבערן די פּאָליטישע פרייהייט". שטעלנדיק דאָס שטירצן דעם אַבסאָליוטיזם פאַר איר נאָענטסטער אויפגאַבע, דאַרף די רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אַרויסטרעטן אַלס אַוואַנגאַרד-קעמפער פאַר דער דעמאָקראַטיע און שוין מאַכמעס דעם גופע דאַרף זי מיט אַלע אויפאַנים אונטערשטיצן די דעמאָקראַטישע עלעמענטן פון דער רוסישער באַפעלקערונג, צוציענדיק זיי צו זיך, אַלס פאַרבינדעטע. בלויז אַ זעלבשטענדיקע אַרבעטער-

פּאַרטיי קאָן זיין א בעסטע שוץ אינעם קאַמף מיט דער זעלבסטהערשונג, און בלויז אין בונד מיט אזא פּאַרטיי, שטיצנדיק זי, קאָנען אקטיוו ארויסווייזן זיך אלע איבעריקע קעמפער פאר דער פּאָליטישער פרייהייט.

לעסאָף, הריטנס: „אלס באוועגונג, אזוי אויך אלס סאָציאליסטישע ריכטונג, זעצט פאָר די רוסלענדישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי די זאך און די טראַדיציעס פון דער גאנצער פריערדיקער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג אין רוסלאַנד; שטעלנדיק אלס די איקערדיקסטע פון די נאָענטסטע אופגאבן פון דער פּאַרטיי אינגאנצן גענומען—דעראָבערן פּאָליטישע פרייהייט, גייט די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע צום ציל, וואָס ס'האָבן קלאָר אָנגעמערקט נאָך די רומפולע טוער פון דער אלטער „נאַראָדנאיא / וואָליא“. די טראַדיציעס פון דער גאנצער פריערדיקער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג פאָדערן, אז די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע זאָל קאָנצענטרירן באַ איצטיקן מאָמענט אלע אירע קויכעס אף אָרגאַניזירן די פּאַרטיי, אף פארפעסטיקן די דיסציפּלין אינווייניק אין דער פּאַרטיי און אף אנטוויקלען די קאָנספּיראַטיווע טעכניק. אויב די טוער פון דער אלטער „נאַראָדנאיא וואָליא“ האָבן געקאָנט שפּילן אזא קאָלאָסאלע ראָליע אין דער רוסישער געשיכטע, ניט געקוקט אף דער שמאָלקייט פון יענע געזעלשאַפטלעכע שיכטן, וואָס האָבן געשטיצט די איינצלנע העלדן, ניט געקוקט אף דעם, וואָס אלס פאָן פאר דער באוועגונג האָט געדינט לאַכלוטן ניט קיין רעוואָליוציאָנערע טעאָריע, — וועט די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, שטיצנדיק זיך אפן קלאַסנקאַמף פונעם פּראָלעטאַריאַט, קאָנען ווערן אומבאַזיגלעך. „דער רוסישער פּראָלעטאריאט וועט פון זיך אראָפּוואַרפן דעם יאָך פון זעלבסטהערשונג, כּדי מיט נאָך א גרעסערער ענערגיע פאָרצוזעצן דעם קאמף מיטן קאַפּיטאל און מיט דער בורזשואַזיע ביזן פולן ניצאָכן פונעם סאָציאַליזם“.

מיר לאַדן איין אלע גרופּעס סאָציאַל־דעמאָקראַטן און אלע ארבעטער־קרייזלעך אין רוסלאנד צו באהאנדלען דאָס אויבנגעבראַכטע „קרעדאָ“ און אונדזער רעזאָליוציע און ארויסצוזאָגן זייער באַשטימטע באַציִונג צו דער דערוועקטער פראגע, כּדי צו באזייטיקן איטלעכע מייִנונג־פארשיידנהייטן און פארגיכערן דעם איניען פון אָרגאַניזירן און פארפעסטיקן די רוסלענדישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע ארבעטער־פּאַרטיי.

די רעזאָליוציעס פון די גרופּעס און קרייזלעך וואָלט מען געקאָנט מיטיילן דעם אויסלענדישן „פּאַרבאַנד פון רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן“ *, וועלכער איז אפן סמאך פון פונקט 10 פון די באשלוסן פונעם צוזאמענפאָר פון די רוסישע

* „פּאַרבאַנד פון די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן אין אויסלאַנד“ אויסלענדישע אָרגאַניזאציע פון די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן, געגרינדעט סאָף 1894 לויט דער איניציאַטיוו פון דער גרופּע „באַפרייונג פון דער ארבעט“. פון אָנהייב האָט דער „פּאַרבאַנד פון די רס“ד געפונען זיך אינגאַנצן אונטער דער אָנפירונג פון דער גרופּע און דער לעצטער האָט געהערט דאָס רעדאַגירן די אויסגאבן פונעם „פּאַרבאַנד“. שפּעטער האָבן אָבער אינעם „פּאַרבאַנד“ גענומען די אויבערהאַנט די אָפּאָרטוניסטיש געשטימטע „יונגע“ און אין נאָיאבער 1898 אפן ערשטן צוזאמענפאָר פונעם „פּאַרבאַנד“ זאָגט זיך די גרופּע אָפּ צו רעדאַגירן אף ווייטער די אויסגאבן פונעם „פּאַרבאַנד“, לאָזנדיק פאר זיך בלויז דאָס רעדאַגירן דעם נומער 5—6 פונעם „ראָבאָטניק“ און לעניִנס בראָשורן

סאָציאַל-דעמאָקראַטן פון 1898 י. א טייל פון דער רוסלענדער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער ארבעטער-פּאַרטיי און איז איר אויסלענדישער פאָרשטייער.

געשריבן זומער 1899.
צוערשט געדרוקט אין אויסלאַנד אין דעקאַבער 1899 ווי אן אָפּדרוק פונעם „ראַבאָטשעיע דיעלאָ“, № 4—5.

# פּראָיעקט פון פּראָגראַם פון אונדזער פּאַרטיי

אָנהייבן דאַרף מען, איינגעטלעך, פון דער פראַגע, צי איז טאַקע דרינגנדיק די באַדערפעניש אין א פּראָגראַם פון די רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן. אונדז איז אויסגעקומען צו הערן פון די כאַווייריס, וועלכע ווירקן אין רוסלאַנד, אַזאַ מיינונג, אַז ס'איז איצט נישטאָ קיין באַזונדער באַדערפעניש צוגויפצושטעלן א פּראָגראַם, אַז די לעבנס-פראַגע איז היינט — אַנטוויקלען און פאַרפעסטיקן די אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס, פעסטער אָוועקשטעלן די אַגיטאַציע און דאָס צושטעלן ליטעראַטור, אַז דאָס אויסאַרבעטן די פּראָגראַם איז באַקוועמער אָפּצולייגן ביז יענעם מאָמענט, ווען די באַוועגונג וועט זיך שטעלן אף א פעסטערער באַזע, אַז איצט קאָן די פּראָגראַם ארויסווייזן זיך פאַר באַדנלאָז.

מיר האַלטן ניט מיט דערדאָזיקער מיינונג. ס'פאַרשטייט זיך, „איטלעכער שריט פון דער ווירקלעכער באַוועגונג איז וויכטיקער, איידער א טוץ פּראָגראַמען“, ווי ס'האָט געזאָגט קאַרל מאַרקס. אָבער ניט מאַרקס, ניט וועלכער ס'איז אַנדערער צווישן די טעאָרעטיקער אָדער פּראַקטישע טוער פון דער סאָץ. דעמאָקראַטיע האָט ניט געלייקנט די געוואַלטיקע וויכטיקייט פון דער פּראָגראַם פאַר דער צונויפגעשלאָסענער און קאָנסעקווענטער טעטיקייט פון א פּאָליטישער פּאַרטיי. די רוסישע סאָץ. דעמאָקראַטן האָבן גראָד שוין איבערגעלעבט דעם פּעריאָד פון פאַרביטערטער פּאָלעמיק מיט סאָציאַליסטן פון אַנדערע ריכטונגען און מיט ניט-סאָציאַליסטן, וועלכע האָבן ניט געוואָלט פאַרשטיין די רוסישע סאָץ. דעמאָקראַטיע; זיי האָבן איבערגעלעבט אויך די אָנפאַנגלעכע סטאַדיעס פון דער באַוועגונג, ווען די ארבעט האָט זיך געפירט צעבראָקלט אין קליינע אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס. די נייטיקייט פון פאַראייניקונג, פון בילדן א געמיינזאַמע ליטעראַטור, די נייטיקייט, עס זאָלן דערשיינען רוסישע ארבעטער-צייטונגען — איז ארויסגערופן פונעם לעבן גופא, און דאָס, וואָס פרילינג 1898 איז געגרינדעט געוואָרן די רסדרא"פּ, וועלכע האָט געמאָלדן ווען איר פּלאַן אין דער נאָענטסטער צוקונפט אויסצואַרבעטן א פּראָגראַם פון דער פּאַרטיי, האָט באַשיימפערלעך דערוויזן, אַז דאַפקע פון די באַדערפענישן פון אונדזער באַוועגונג איז אויסגעוואַקסן די פאָדערונג פון א פּראָגראַם. אין דער הייַנטיקער צייט באַשטייט די לעבנס-פראַגע

„אופגאַבן פון די רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן“ און „דער נייער פאַבריק-געזעץ“. אפּן 2-טן צוזאַמענפאָר פונעם „פאַרבאַנד“, אין אַפּרעל 1900, איז פאָרגעקומען אַן ענדגילטיקע שפּאַלטונג און די גרופּע איז צוזאַמען מיט יענע מיטגלידער פונעם פאַרבאַנד, וואָס האָבן זיך אין איר אָנגעשלאָסן (קאָלצאָוו, ל. אקסעלראָד—אָרטאָדאָקס, לייטאַייזן—לינדאָוו, גאָל-דענבערג—מעשקאָווסקי א. א) אוועק פונעם צוזאַמענפאָר און האָט געגרינדעט א נייע רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציע „סאָציאַל-דעמאָקראַט“.
אָנמערקונג צו דער רוסישער אויסגאַבע.

פון אונדזער באוועגונג שוין ניט אין אנטוויקלען די פריערדיקע צעברעקלטע
„קוסטארישע“ ארבעט; זי באשטייט אין פארייניקן, אין אָרגאניזירן. א פראָגראם
איז נויטווענדיק צוליב דעמדאָזיקן שריט, די פראָגראם דארף פאָרמולירן אונ=
דזערע גרונט=אָנזיכטן, געבוי פעסטשטעלן אונדזערע נאָענטסטע פאָליטישע אויפ=
גאבן, אָנווייזן יענע נאָענטסטע פאָדערונגען, וועלכע דארפן אָנמערקן דעם קרייז
פון אגיטאטאָרישער טעטיקייט, צוגעבן איר א איינהייט, פארברייטערן און פאר=
טיפן זי, אויפהייבנדיק די אגיטאַציע פון א פריוואטער, אָפגעריסענער אגיטאַציע
פאר קליינע, צעברעקלטע פאָדערונגען צו אן אגיטאציע פאר דעם גאנצן סכום
סאָציאל=דעמאָקראַטישע פאָדערונגען. איצט, ווען די ס״ד טעטיקייט האָט שוין
אויפגעטרייסלט א גאנץ ברייטן קרייז. סיי פון אינטעליגענטן=סאָציאליסטן, סיי פון
באוווסטזיניקע ארבעטער, איז דרינגענדיק נייטיק צו פארפעסטיקן די פארבינ=
דונג צווישן זיי דורך א פראָגראם און אף אזא אויפן געבן זיי אלעמען א פעסטן
באזיס פאר א ווייטערדיקער, טיפער טעטיקייט. ענדלעך איז א פראָגראם דרינגענ=
דיק נייטיק אויך דערפאר, ווייל די רוסישע געזעלשאפטלעכע מיינונג האָט אָפט
דעם טיפסטן מאָעם בענעגייע צו די ווירקלעכע אויפגאבן און טעטיקייט=מעטאָדן
פון די רוסישע ס״ד: טיילמאָל וואקסן אזעלכע מאָעסן אוים נאטירלעך אפן
זומפ פון דער פאָליטישער פארדומפנקייט פון אונדזער לעבן, טיילמאָל ווערן
זיי געשאפן קינסטלעך מיצאד די קעגנער פון דער ס״ד. אלנפאלס, קומט
אוים צו רעכענען זיך מיט דעמדאָזיקן פאקט. די ארבעטערבאוועגונג, צונויפ=
גיסנדיק זיך מיטן סאָציאליזם און מיטן פאָליטישן קאמף, דארף בילדן א פאר=
טיי, וועלכע זאָל צעזייען דידאָזיקע אלע מאָעסן, אויב זי וויל שטעלן זיך בעראָש
פון אלע דעמאָקראטישע עלעמענטן פון דער רוסישער געזעלשאפט. מע קאָן
דערווידערן, אז דער הייננטיקער מאָמענט איז אומבאַקוועם פאר צונויפשטעלן
א פראָגראם אויך דערפאר, וואָס צווישן די ס״ד גופא קומען אוף מיינונג=
פארשיידנהייטן און ס'הייבט זיך אָן א פאָלעמיק. מיר דוכט זיך, פארקערט: דאָס
איז נאָך אן ארגומענט פאר דער נייטיקייט פון א פראָגראם. פון איין זייט,
קוים האָט זיך א פאָלעמיק אָנגעהויבן, קאָן מען האָפן, אז באם באהאנדלען דעם
פראָיעקט פון פראָגראם וועלן זיך ארויסזאָגן אלע מיינונגען און אלע שאטירונגען
פון מיינונגען, קאָן מען האָפן, אז די באהאנדלונג פון דער פראָגראם וועט זיין
אן אלזייטיקע. די פאָלעמיק באווייזט, אז אין די רייען פון די רוסישע ס״ד
האָבן אויפגעלעבט ברייטע פראגן וועגן די צילן פון אונדזער באוועגונג, וועגן
אירע נאָענטסטע אויפגאבן און וועגן איר טאקטיק און אזא אויפלעבונג איז טאקע
נייטיק באם באהאנדלען דעם פראָיעקט פון פראָגראם. פון דער אנדערער זייט,
כדיי די פאָלעמיק זאָל ניט בלייבן פרוכטלאָז, זי זאָל ניט דעגענערירן אין א
פערזענלעכן קאָנקורענץ=געוועט, זי זאָל ניט ברענגען צו א מיינונג=פלאָנטער, צו
א צונויפמישונג פון סאָנים און פון כאווײרים, צוליב דעם איז אומבאדינגט ניי=
טיק, אז אין דערדאָזיקער פאָלעמיק זאָל אריינגעטראָגן ווערן די פראגע וועגן פראָ=
גראם. די פאָלעמיק וועט ברענגען נוצן בלויז אין יענעם פאל, אויב זי וועט

קלאָר מאַכן, אין וואָס אייגנטלעך ס׳באַשטייען די מיינונג=פאַרשיידנהייטן, אף וויפל זיי זיינען טיף, צי זיינען דאָס מיינונג=פאַרשיידנהייטן אין טאַקט אָדער מיינונג=פאַרשיידנהייטן אין איינצלנע פראַגן, צי שטערן דידאָזיקע מיינונג=פאַרשיידנהייטן דער געמיינזאַמער אַרבעט אין די רייען פון איין פאַרטיי אָדער ניט. בלויז ווען מע וועט אַריינטראָגן אין דער פאָלעמיק די פראַגע וועגן פראָגראַם, וועט מען קאָנען באַקומען אַן ענטפער אף די אַלע פראַגן, וועלכע פאָדערן דרינגענדיק אַן ענטפער; — בלויז ווען ביידע פאָלעמיזירנדיקע צדדים וועלן באַשטימט דערקלערן, אין וואָס באַשטייען זייערע פראָגראַם=אָנשויונגען. דאָס אויסאַרבעטן אַן אַלגעמיינע פאַרטיי=פראָגראַם דאַרף נאַטירלעך בשום אופן ניט מאַכן קיין סוף צו איטלעכער פאָלעמיק, — אָבער דאָס וועט פעסטשטעלן יענע גרונטאָנשויונגען אפן כאַראַקטער, אף די צילן און אויפגאַבן פון אונדזער באַוועגונג, וועלכע דאַרפן דינען אַלס פאָן פון אַ קעמפנדיקער פאַרטיי, וועלכע בלייבט גאַנץ און איינהייטלעך, ניט קוקנדיק אף דעם, וואָס צווישן אירע מיטגלידער זיינען פאַראַן איינצלנע מיינונג=פאַרשיידנהייטן איבער איינצלנע פראַגן.

אַלזאָ, צו דער זאַך.

ווען מע רעדט וועגן דער פראָגראַם פון די רוסישע ס״ד, ווענדן זיך אַלעמענס בליקן, גאַנץ נאַטירלעך, קודעםקאָל אף די מיטגלידער פון דער גרופּע „באַפרייונג פון דער אַרבעט“, וועלכע האָבן געגרינדעט די רוסישע ס״ד און האָבן אַזוי פיל געטאָן פאַר איר טעאָרעטישער און פראַקטישער אַנטוויקלונג. אונדזערע עלטסטע כאַווייריםהאָבן ניט פאַרזאַמט אָפּצורופן זיך אף די נאָכפראַגן פון דער רוסישער ס״ד=שער באַוועגונג. קימאַט אין דערזעלביקער צייט, — פרילינג 1898 — ווען ס׳האָט זיך צוגעגרייט דער צוזאַמענפאָר פון די רוסישע ס״ד=טן, וועלכער האָט געלייגט דעם פונדאַמענט פון דער „רסדא״פּ“, האָט פּ. ב. אַקסעלראָד אַרויסגעגעבן זיין בראָשור „צו דער פראַגע וועגן די היינטיקע אויפגאַבן און וועגן דער טאַקטיק פון די רוסישע ס״ד=טן“ (זשענעוו 1898; די פאָרעדע איז דאַטירט מיט מאַרט 1898), און האָט איבערגעדרוקט אין אַ ביילאַגע צו איר דעם „פראָיעקט פון פראָגראַם פון די רוסישע ס״ד=טן, וועלכן די גרופּע „באַפרייונג פון דער אַרבעט“ האָט אַרויסגעגעבן נאָך אינעם יאָר 1887.

מיר וועלן אָנהויבן מיט באַהאַנדלען דעמדאָזיקן פראָיעקט. ניט קוקנדיק אף דעם, וואָס ער איז אַרויסגעגעבן געוואָרן קימאַט מיט אַ יאָר 15 צוריק, ליידט ער לויט אונדזער מיינונג בעדערעד קלאַל פולקום באַפרידיקנדיק זיין אויפגאַבע און שטייט פולקום אף דעם ניוואָ פון דער מאָדערנער ס״ד טעאָריע. אין דעמדאָזיקן פראָיעקט איז פינקטלעך אָנגעוויזן יענער קלאַס, וועלכער קאָן דער איינציקער אין רוסלאַנד (ווי אויך אין אַנדערע לענדער) זיין אַ זעלבשטענדיקער קעמפער פאַרן סאָציאַליזם — דער אַרבעטער=קלאַס, דער „אינדוסטריעלער פראָלעטאַריאַט“, ס׳איז אָנגעוויזן יענעם ציל, וואָס עס דאַרף פאַר זיך שטעלן דערדאָזיקער קלאַס — „איבערגאַנג פון אַלע פראָדוקציע=מיטלען און פראָדוקציע=געגנשטאַנדן אין געזעלשאַפטלעכן אייגנטום“, „באַזייטיקן די סכוירע=פראָדוק=

ציע" און פארבייטן זי דורך א נייער סיסטעם פון געזעלשאפטלעכער פראָדוק=
ציע", „די קאָמוניסטישע רעוואָליוציע"; ס'איז אָנגעוויזן די „אומפארמיידלעכע
פאָרבאדינגונג" פון דער „איבערבויונג פון די געזעלשאפטלעכע פארהעלטענישן":
„דאָס פארכאפן די פּאָליטישע מאכט דורך דעם ארבעטער=קלאס", ס'איז אָנ=
געוויזן אף דער צווישנפעלקערלעכער סאָלידארישקייט פונעם פּראָלעטאריאט
און אף דער נייטיקייט „פונעם עלעמענט פון פארשיידנאַרטיקייט אין די
פּראָגראמען פון די סאָציאלדעמאָקראטן פון פארשיידענע מעלוכעס אנטשפּרעכנ=
דיק די געזעלשאפטלעכע באדינגונגען פון איטלעכער פון זיי באזונדער"; ס'איז
אָנגעוויזן אף דער באזונדערקייט פון רוסלאנד, ווו די „ארבעטנדיקע מאסן געפי=
נען זיך אונטער א האָפּלטן יאָך פונעם קאפּיטאליזם, וועלכער אנטוויקלט זיך,
און פון דער פּאטריארכאלער ווירטשאפט, וועלכע לעבט אָפּ"; — ס'איז אָנגע=
וויזן געוואָרן די נייטיקייט צו בילדן „א רעוואָליוציאָנערע ארבעטער=פּארטיי"
פּראָצעס פון דער באשאפונג (דורך די קויכעס פונעם קאפּיטאליזם, וועלכער
אנטוויקלט זיך) פון „דעם נייעם קלאס אינדוסטריעלן פּראָלעטאריאט — א מער
פּעיִקן טויפעס צו זיין, א מער באַוועגלעכן און אַנטוויקלטן"; עס איז אָנגע=
וויזן געוואָרן די נייטיקייט צו בילדן „א רעוואָליוציאָנערע ארבעטער=פּארטיי" און
איר „ערשטע פּאָליטישע אויפגאבע"—„שטירצן דעם אבסאָליוטיזם", ס'זיינען אָנ=
געוויזן די „מיטלען פון פּאָליטישן קאַמף" און ארויסגעשטעלט די גרונט=פאָדערונגען.

דידאָזיקע אלע עלעמענטן פון דער פּראָגראם זיינען לויט אונדזער מיינונג
אבסאָליוט נייטיק אין דער פּראָגראם פון דער ס"ד ארבעטער=פּארטיי. אלע
שטעלן זיי ארויס אזעלכע טעזיסן, וועלכע האָבן פון דעמאָלט אָן באקומען אליין
נייע און נייע באשטעטיקונגען סיי אין דער אנטוויקלונג פון דער סאָציאליסטי=
שער טעאָריע, סיי אין דער אנטוויקלונג פון דער ארבעטער=באַוועגונג פון אלע
לענדער, — ביפראט אין דער אנטוויקלונג פונעם רוסישן געזעלשאפטלעכן גע=
דאנק און פון דער רוסישער ארבעטער=באַוועגונג. נעמענדיק דאָס אין באטראכט,
דארפן און קאָנען די רוסישע ס"ד, לויט אונדזער מיינונג, לייגן אין יעסאָד פון
דער פּראָגראם פון דער רוסישער ס"ד ארב. פּארטיי דאפקע דעם פּראָיעקט פון
דער גרופּע „באפרייונג פון דער ארבעט", — דעם פּראָיעקט, וועלכער נייטיקט
זיך בלויז אין באזונדערע רעדאקציאָנעלע ענדערונגען, אויסבעסערונגען און
דערגאנצונגען.

לאָמיר פּרוּוון אָנטערקן יענע פון דידאָזיקע באזונדערע ענדערונגען, וועלכע
שטעלן זיך אונדז פאָר צוועקמעסיק און וועגן וועלכע עס וואָלט זיין ווינטשנסווערט
ארויסצורופן א מיינונג=אויסטויש צווישן אלע רוסישע ס"ד און באוווּסטזיניקע
ארבעטער.

קוידעמקאָל דארף באטירלעך געענדערט ווערן אין א געוויסער מאָס דער
כאראקטער פון דער סטרוקטור פון דער פּראָגראם: אינעם 1887 יאָר איז דאָס
געווען א פּראָגראם פון א גרופּע אויסלענדישע רעוואָליוציאָנערן, וועלכע האָבן
פארשטאנען ריכטיק צו באשטימען דעם איינציקן אנטוויקלונג=וועג פון דער

באוועגונג, וואָס האָט צוגעזאָגט דערפֿאָלג, אָבער וועלכע האָבן אין יענער צייט נאָך ניט געזען פאר זיך קיין וויפל ניט אין ברייטע און זעלבשטענדיקע ארבעטער=באוועגונג אין רוסלאנד. אינעם יאָר 1900 האנדלט עס זיך שוין וועגן אַ פּראָגראם פון אן ארבעטער=פּארטיי, וועלכע עס האָבן געגרינדעט א דריי ס״ד אָרגאַניזאציעס. אכוץ יענע רעדאקציאָנעלע ענדערונגען, וועלכע זיינען צוליב דעם נייטיק (און אף וועלכע ס׳איז ניט נייטיק אָפּצושטעלן זיך אויספירלעכער, ווייל זיי זיינען זעלבסטפארשטענדלעך), דרינגט ארויס פון דעמדאָזיקן אונטערשייד די נייטיקייט ארויסצושטעלן אפן ערשטן פלאן און שטארקער באטאָנען יענעם עקאָנאָמישן אנטוויקלונג=פּראָצעס, וועלכער באשאפט די מאטעריעלע און גייסטיקע באדינגונגען פון דער ס״ד ארבעטער=באוועגונג און יענעם קלאסנקאמף פונעם פּראָלעטאריאט, וואָס דעמדאָזיקן קאמף שטעלט זיך די ס״ד פּארטיי פאר אן אויפגאבע צו אָרגאניזירן. די כאראקטעריסטיק פון די גרונטשטריכן פון דער היינטיקער עקאָנאָמישער אָרדענונג פון רוסלאנד און פון איר אנטוויקלונג וואָלט מען געדארפט אוועקשטעלן בעראָש פון דער פּראָגראם (פארגל. אין דער פּראָגראם פון דער גרופע „באפרייונג פון דער ארבעט“: „דער קאפּיטאַליזם האָט געמאכט אין רוסלאנד געוואַלטיקע פאָרשריטן, זינט ס׳איז אָפּגעשאַפט געוואָרן די לייבייגנשאפט. די אלטע סיסטעם פון נאטורלע ווירטשאפט טרעט אָפּ איר אָרט דער סכוירע=פּראָדוקציע“...), און גלייך נאָך דעם אָנצייכענען די גרונטטענדענץ פונעם קאפּיטאַליזם: די שפּאַלטונג פונעם פאָלק אף בורזשואַזיע און אף פּראָלעטאריאט, דעם „וווקס פון עלנט, דרוק, פארשקלאפונג, דערנידעריקונג, עקספּלואטאציע“. די דאָזיקע בארימטע ווערטער פון מארקסן זיינען איבערגעכאזערט אינעם צווייטן אָפּזאץ פון דער ערפורטער פּראָגראם פון דער דייטשישער ס״ד פּארטיי; אין דער לעצטער צייט זיינען די קריטיקער, וועלכע גרופּירן זיך ארום בערנשטיינען, מיט א באזונדערן קויעך אָנגעפאלן דאפקע אף דעמדאָזיקן פונקט, איבערכאזערנדיק די אלטע דערווידערונגען פון די בורזשואַזע ליבעראלן און סאָציאלפּאָליטיקער אנקעגן דער „פארעלנדונג=טעאָריע“. לויט אונדזער מיינונג האָט די פּאָלעמיק, וועלכע האָט זיך געפירט מיקויעך דעם, בולקום דערוויזן די פולע *אומגילטיקייט* פון אזא מין „קריטיק“. בערנשטיין האָט אליין אָנערקענט די ריכטיקייט פון מארקס אָנגעוויזענע ווערטער, אלס אזעלכע, וואָס כאראקטעריזירן די *טענדענץ* פונעם קאפּיטאַליזם, — די טענדענץ, וועלכע ווערט א ווירקלעכקייט, ווען עס איז ניטאָ קיין קלאסנקאמף פונעם פּראָלעטאריאט קעגן דערדאָזיקער טענדענץ, ווען עס זיינען ניטאָ קיין געזעצן וועגן ארבעטשוץ, דעראָבערטער דורכן ארבעטערקלאס. דאפקע אין רוסלאנד זעען מיר אין היינטיקער צייט, וויאזוי די אָנגעוויזענע טענדענץ אנטפלעקט זיך מיט א געוואַלטיקער קראַפט אפן פויערטום און אף די ארבעטער. און דאַן האָט קאוטסקי באוויזן, אז די ווערטער וועגן דעם „וווקס פון עלנט א. א. וו.“ זיינען ריכטיק ניט בלויז אינעם זינען פון כאראקטעריזירן די טענדענץ, נאָר אויך אינעם זינען פון אָנווייזן אפן וווקס פון דער „סאָציאַלער עלנט“, ד. ה. דעם

וווקס פון דער ניט=אנטשפּרעכעדיקייט צווישן דער לאגע פונעם פּראָלעטאַריאַט און דעם לעבנס=ניוואָ פון דער בורזשואזיע, — דעם ניוואָ פון די געזעלשאַפטלעכע באַדערפעניש, וועלכע שטייגן צוגלייך מיט דעם ריזיקן וווקס פון פּראָדוקטיוויקייט פון דער אַרבעט. ענדלעך, זייענדיק די דיזיקע ווערטער ריכטיק נאָך אין דעם זינען, וואָס אין די „גרענעץ=געגנטן פונעם קאַפּיטאַליזם" (ד. ה. אין יענע לענדער און אין יענע צווייגן פון דער פאָלק=ווירטשאַפט, אין וועלכע דער קאַפּיטאַליזם האָט ערשט אין אויפקומען, באַגעגענענדיק זיך מיט די פאָרקאַפּיטאַליסטישע אָרדענונגען) נעמט אָן דער וווקס פון דער עלנט, — און דערביי ניט בלויז פון דער „סאָציאַלער", נאָר פון דער שרעקלעכסטער פיזישער עלנט, איינשליסלעך, ביז הונגערן און הונגער=טויט, — נעמט אָן דערהאַזיקער וווקס א מאַסן=פאַרנעם. איטלעכער ווייס, אז צו רוסלאַנד קאָן מען דאָס אָנווענדן צען מאָל מער, איידער צו איטלעכן אַנדערן לאַנד. אלזאָ, די ווערטער וועגן דעם „וווקס פון עלנט, דרוק, פאַרשקלאַפונג, דערנידערונג, עקספּלואַטאַציע" מוזן דורכויס, לויט אונדזער מיינונג, אַרייננגיין אין דער פּראָגראַם, — ערשטנס — דערפאַר, וואָס זיי כאַראַקטעריזירן פולקום ריכטיק די גרונטלעכע, וועזנטלעכע איינגשאַפטן פונעם קאַפּיטאַליזירן, כאַראַקטעריזירן דאַפּקע יענעם פּראָצעס, וועלכער קומט פאָר פאַר אונדזערע אויגן און וועלכער איז איינע פון די הויפּט=באַדינגונגען, וועלכע באַשאַפן די אַרבעטער=באַוועגונג און דעם סאָציאַליזם אין רוסלאַנד; צווייטנס, דערפאַר, וואָס די דיזיקע ווערטער גיבן א געוואַלטיקן מאַטעריאַל פאַר אַגיטאַציע, רעזומירנדיק א גאַנצע ריי דערשיינונגען, וועלכע דריקן די אַרבעטער=מאַסן אַמייסטן, אָבער וועלכע ברענגען זיי אויך אַמייסטן אויף (אַרבעטלאָזיקייט, נידעריקער אַרבעטלוין, ניט דערעסן, הונגערס, דראַקאָנישע דיסציפּלין פונעם קאַפּיטאַל, פּראָסטיטוציע, וווקס פון דער צאָל הויזבאַדינטע א. אז. וו. א. אז. וו.), דריטנס, דערפאַר, וואָס דורך דערהאַזיקער גענויער כאַראַקטעריסטיק פון דער קאַטאַסטראָפאַלער ווירקונג פונעם קאַפּיטאַל און פון דער נייטיקייט, אומפאַרמיידלעכקייט פון דער עמפּערונג פון די אַרבעטער וועלן מיר אָפּצאַמען פון זיך יענע האַלבלעכע מענטשן, וועלכע, „מיטפילנדיק" דעם פּראָלעטאַריאַט און „פאָדערנדיק רעפאָרמען" צוגונסטן פונעם פּראָלעטאַריאַט, באַמיען זיך צו פאַרנעמען דעם „גאָלדענעם מיטן" צווישן דעם פּראָלעטאַריאַט און דער בורזשואזיע, צווישן דער זעלבסטהערשערישער רעגירונג און די רעוואָלוציאָנערן. און אָפּצאַמען זיך פון דיזיקע מענטשן איז דאַפקע אין היינטיקער צייט באַזונדערס נייטיק, אויב מע זאָל שטרעבן צו א איינהייטלעכער און צוזאַמענגעשלאָסענער אַרבעטער=פּאַרטיי, וועלכע פירט אן אָנגעשלאָסענעם און אומוויידערופלעכן קאַמף פאַר פּאָליטישע פרייהייט און פאַר סאָציאַליזם.

דאָ מוז מען זאָגן א פּאָר ווערטער וועגן אונדזער באַציִונג צו דער ערפורטער פּראָגראַם. פונעם אויבנגעזאָגטן האָט שוין איטלעכער דערזען, אז מיר האַלטן פאַר נייטיק אַזעלכע ענדערונגען אינעם פּראָיעקט פון דער גרופּע „באַפרייונג פון דער אַרבעט", וועלכע דערנעענטערן די פּראָגראַם פון די רוסישע

ס״ד צו דער פּראָגראַם פון די דײַטשישע. מיר האָבן גאָרניט קיין מוירע צו
זאָגן, אַז מיר ווילן נאָכמאַכן די ערפורטער פּראָגראַם. נאָכמאַכן דאָס, וואָס איז
ניט, איז גאָרניט שלעכט, און דאַפקע איצט, ווען מע הערט אַזוי אָפט אָפּאָרטו=
ניסטישע און האַלבלעכע קריטיק פון דער דאָזיקער פּראָגראַם, האַלטן מיר פאַר
אונדזער כויוו אָפן אַרויסצוזאָגן זיך פאַר איר. אָבער דאָס נאָכמאַכן טאָרף בע=
שום אויפן ניט זײַן קיין פּשוטע קאָפּירן. דאָס נאָכמאַכן און דאָס אַרויסנעמען
זײַנען פולקום גערעכטפערטיקט. אַף אַזויפיל, אַף וויפל מיר זעען אויך אין רוסלאַנד די=
זעלביקע גרונט=פּראָצעסן פון אַנטוויקלונג פונעם קאַפּיטאַליזם, דיזעלביקע גרונט=
אויפגאַבן פון די סאָציאַליסטן און פונעם אַרבעטערקלאַס, אָבער זיי טאָרפן בע=
שום אויפן ניט פירן צו פאַרגעסן די ב א ז ו נ ד ע ר ק י י ט ן פון רוסלאַנד,
וועלכע טאָרפן געפינען אַ פולן אויסדרוק אין די באַזונדערקייטן פון אונדזער
פּראָגראַם. פאַרלויפנדיק פאָרויס, וועלן מיר טייקעף אָנווײַזן, אַז די דאָזיקע באַ=
זונדערקייטן באַציִען זיך, ערשטנס, צו אונדזערע פּאָליטישע אויפגאַבן און קאַמף=
מיטלען; צווייטנס, צום קאַמף אַקעגן אַלע רעשטן פונעם פּאַטריאַרכאַלישן,
פּאַרקאַפּיטאַליסטישן רעזשים און צו דער באַזונדערער שטעלונג פון דער פּ ו י=
ע ר י ם=פראַגע, וועלכע ווערט אַרויסגערופן דורך דעם דאָזיקן קאַמף.
נאָך דער דאָזיקער נייטיקער אויסריידעניש לאָמיר גיין ווײַטער. נאָך דער אָנ=
ווײַזונג אַפן „זוקס פון עלנט" טאָרף גיין אַ כאַראַקטעריסטיק פונעם ק ל א ס נ=
ק א מ ף פונעם פּראָלעטאַריאַט, — אַן אָנווײַזונג אַף דעם ציל פון דעם דאָזיקן
קאַמף (איבערגאַנג פון אַלע פּראָדוציר=מיטלען אין געזעלשאַפטלעכן אייגנטום
און פאַרבײַט פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע דורך דער סאָציאַליסטי=
שער), — אַן אָנווײַזונג אַפן צווישנפעלקערלעכן כאַראַקטער פון דער אַרבעטער=
באַוועגונג, — אַן אָנווײַזונג אַפן פּ אָ ל י ט י ש ן כאַראַקטער פונעם קלאַסנקאַמף
און פון זײַן נ אָ ע נ ט ס ט ן ציל (דעראָבערונג פון פּאָליטישער פרייהייט). אָנער=
קענען דעם קאַמף אַקעגן דער זעלבסטהערשונג פאַר פּאָליטישע פרייהייטן פאַר דער
ערשטער פּאָליטישער אויפגאַבע פון דער אַרבעטער=פּאַרטיי איז באַזונדערס נייי=
טיק, אָבער קעדיי צו דערקלערן די דאָזיקע אויפגאַבע טאָרף מען, לויט אונדזער מיי=
נונג, כאַראַקטעריזירן דעם קלאַסנכאַראַקטער פון דעם הײַנטיקן רוסישן אַב=
סאָליוטיזם און די נייטיקייט צו שטירצן אים ניט בלויז אין די אינטערעסן פונעם
אַרבעטערקלאַס, נאָר אויך אין די אינטערעסן פון דער גאַנצער געזעלשאַפטלעכער
אַנטוויקלונג. אַזאַ אָנווײַזונג איז נייטיק סיי אין דער טעאָרעטישער באַציונג, ווײַל
פונעם שטאַנדפּונקט פון די גרונט=אידייען פונעם מאַרקסיזם זײַנען די אינטע=
רעסן פון דער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג העכער פאַר די אינטערעסן פו=
נעם פּראָלעטאַריאַט, — די אינטערעסן פון דער גאַנצער אַרבעטער=באַוועגונג אין
איר גאַנצקייט זײַנען העכער, איידער די אינטערעסן פון אַ באַזונדערער שיכט
אַרבעטער אָדער פון באַזונדערע מאָמענטן פון דער באַוועגונג, — סיי אין דער
פּראַקטישער באַציִונג, קעדיי צו כאַראַקטעריזירן דעם צענטראַלן פּונקט, צו
וועלכן עס טאָרף זיך אויסלאָזן און אַרום וועלכן עס טאָרף זיך גרופּירן די גאַנצע

פאַרשיידנאַרטיקע טעטיקייט פון דער ס"ד־טיע, וועלכע באַשטייט אין פּראָ־
פּאַגאַנדירן, אַגיטירן און אָרגאַניזירן. מיר רעכענען, מע וואָלט אויך געדאַרפט,
א כ ו ץ  ד ע ם, ווידמען אַ באַזונדערן אָפּזאַץ פון דער פּראָגראַם פאַר אַן אָנ־
ווייזונג, אַז די ס"ד אַרבעטער־פּאַרטיי שטעלט פאַר  א י ר  א ו י פ ג א ב ע  צו
אונטערשטיצן איטלעכע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אַקעגן אַבסאָלוטיזם און
צו קעמפן אַקעגן אַלע פּרווון פון דער זעלבסטהערשנדיקער רעגירונג צו דעמאָ־
ראַליזירן און פאַרטונקלען דאָס פּאָליטישע באַוווסטזיין פונעם פאָלק דורך באַ־
אַמטישע אַפּיטראָפּסעם און קלוימערשט־געדאָוועס, דורך יענער דעמאַגאָגישער
פּאָליטיק, וועלכע אונדזערע דייטשישע כאַווייריםהאָבן אַ נאָמען געגעבן „בייטש
און צוקערברויט". צוקערברויט — געדאָוועס פאַר יענע, ווער ס'זאָגט זיך אָפּ
צוליב טיילווייזע און איינצלנע אויסבעסערונגען אין דער מאַטעריעלער לאַגע
פון זיינע פּאָליטישע פאָדערונגען און בלייבט אַן אונטערטעניקער קנעכט פון
פּאָליציייִשן ווילקיר (פאַר סטודענטן — צוזאַמענגעוויינען א. א. וו., פאַר אַר־
בעטער — איז גענוג צו דערמאָנען אָן די פּראָקלאַמאַציעס פונעם פינאַנץ־מיניס־
טער וויטע בישאַס די פּעטערבורגער שטרייקן אין די יאָרן 1896 און 1897, אָדער
די רעדעס צום שוץ פון די אַרבעטער, וועלכע ס'זיינען געהאַלטן געוואָרן דורך
די מיטגלידער פונעם איגערן־מיניסטעריום אין דער קאָמיסיע וועגן אַרויסגעבן
דעם געזעץ פון 2 יוני 1897 י.). בייטש — פאַרשטאַרקטע פאַרפאָלגונגען קעגן
יענע, וועלכע בלייבן, ניט קוקנדיק אויף דיזאָזיקע געדאָוועס, קעמפער פאַר פּאָלי־
טישע פרייהייט (אָפּגעבן די סטודענטן פאַר סאָלדאַטן; צירקולאַר פון 12 אַוו־
גוסט 1897 וועגן פאַרשיקן אַרבעטער אין סיביר, פאַרשטאַרקונג פון די פאַרפאָל־
גונגען אַקעגן דער ס"ד א. א. וו.). צוקערברויט — אויף לאָקן די שוואַכע,
אונטערקויפן און דעמאָראַליזירן זיי; בייטש — אויף שרעקן און „אומשעדלעך
מאַכן" ערלעכע און באַוווסטזיניקע קעמפער פאַר דער אַרבעטערשער און פאָלקי־
שער זאַך. ביזוואַנען ס'עקזיסטירט דער אַבסאָלוטיזם (און מיר דאַרפן איצטער
צוזאַמענפּאַסן אונדזער פּראָגראַם דאַפקע מיט דער עקזיסטענץ פונעם אַבסאָליו־
טיזם, ווייל זיין פאַלן וועט אומפאַרמיידלעך אַרויסרופן אַזאַ גרויסע ענדערונג
פון די פּאָליטישע באַדינגונגען, וועלכע וועט צווינגען די אַרבעטער־פּאַרטיי וועזנט־
לעך צו ענדערן די פאָרמולירונג פון אירע נאָענטסטע פּאָליטישע אויפגאַבן) —
ביז וואַנען ס'עקזיסטירט דער אַבסאָלוטיזם, דאַרפן מיר זיך ריכטן, אַז דיזאָ־
זיקע דעמאַגאָגישע מאָסמיטלען פון דער רעגירונג וועלן שטענדיק באַנייט און
פאַרשטאַרקט ווערן, מוזן מיר אַלזאָ סיסטעמאַטיש פירן אַקעגן זיי אַ קאַמף, דע־
מאַסקירנדיק די ליגנערישקייט פון די פּאָליציייִשע פאָלק־באַזאָרגער, באַווייזנדיק
די פאַרבינדונג פון די רעגירונג־רעפאָרמען מיט דעם פּראָלעטאַרישן קאַמף, לער־
נענדיק דעם פּראָלעטאַריאַט באַנוצן זיך מיט איטלעכער רעפאָרם, קעדיי פאַר־
פעסטיקן זיין קאַמף־פּאָזיציע, קעדיי פאַרברייטערן און פאַרטיפן די אַרבעטער־
באַוועגונג. און די אָנווייזונג אויף דער אונטערשטיצונג פון  א ל ע  קעמפער אַקעגן
אַבסאָלוטיזם איז נייטיק אין דער פּראָגראַם דערפאַר, וואָס די רוסישע סאָציאַל־

דעמאָקראטיע, אומצערייסלעך פארבונדן מיט די אוואנגארד=עלעמענטן פונעם רוסישן ארבעטערקלאַס, דארף אופהייבן אן אַלגעמיין=דעמאָקראטישע פאָן, קעדיי גרופירן ארום זיך אלע שיכטן און עלעמענטן, וועלכע זייַנען פעיִק צו קעמפן פאר פּאָליטישער פרייהייט אָדער כאָטש אונטערשטיצן מיט וואָס ניט איז אזא קאמף.

דאָס איז אונדזער אָנשווייזונג אף יענע פּאָדערונגען, וועלכע עס דארף באפּריקן דער פּרינציפּיעלער טייל פון אונדזער פּראָגראם, און אף יענע גרונט=האנאָכעס, וועלכע דארפן מעגלעך גענויער און בוילעטער אויסגעדריקט זיין אין איר. פונעם פּראָגראם=פּראָיעקט פון דער גרופּע „באפרייונג פון דער ארבעט" דארפן לויט אונדזער מיינונג אָפּפאלן (פונעם פּרינציפּיעלן טייל): 1) די אָנווייזונגען אף דער פאָרם פונעם פויערשן ערד=באזיץ (וועגן דער פויערים=פראגע וועלן מיר זאָגן שפּעטער; 2) די אָנווייזונגען אף די סיבעס פון דער „ניטשטאנדהאפטיקייט" א. א. וו. פון דער אינטעליגענץ; 3) דער פונקט וועגן „באזייטיקן די היינטיקע סיסטעם פון פּאָליטישער פארטרעטונג און פארבייטן זי מיט דירעקטער פאָלקגעזעצגעבונג"; 4) דער פונקט וועגן די „מיטלען פונעם פּאָליטישן קאמף". אין דעמדאָזיקן פונקט זעען מיר ניט גאָרנישט, וואָס זאָל זיין פארעלטערט אָדער ניט ריכטיק: פארקערט, מיר רעכענען, אז די מיטלען דארפן זיין דאָסקע יענע, וועלכע זייַנען אָנגעוויזן פון דער גרופּע „באפרייונג פון דער ארבעט" (אגיטאציע, — רעוואָלוציאָנערע אָרגאניזאציע, — איבערגאנג „אינעם פאסיקן מאָמענט" צו אנטשלאָסענעם אָנגריף, וועלכער זאָגט זיך ניט אָפּ פּרינציפּיעל אויך פונעם טעראָר), — אָבער מיר רעכענען, אז אין דער פּראָגראם פון אן ארבעטער=פארטיי איז ניט קיין אָרט פאר אָנווייזונגען אף די טעטיקייט=מיטלען, וועלכע זייַנען געווען נויטיק אין דער פּראָגראם פון אן אויסלענדישער גרופּע רעוואָלוציאָנערן אינעם 1885 יאָר. די פּראָגראם דארף לאָזן אָפּן די פראגע וועגן די מיטלען פונעם קאמף, איבערלאָזנדיק דעם אויסוואל פון די מיטלען פאר די קעמפנדיקע אָרגאניזאציעס און פאר די צוזאמענפאָרן פון דער פארטיי, וועלכע שטעלן איין די טאקטיק פון דער פארטיי. אָבער די פראגן פון דער טאקטיק קאָנען קוים אריינגעפירט ווערן אין פּראָגראם (מיט דעם אויסנאם פון די וויכטיקסטע און פּרינציפּיעלסטע פראגן, אזעלכע ווי די פראגע וועגן דער באציונג צו אנדערע קעמפער אקעגן אבסאָליוטיזם). די פראגן פון טאקטיק, אף וויפל זיי וועלן אופקומען, וועלן באהאנדלט ווערן אין דער צייטונג פון דער פארטיי און ענדגילטיק געלייזט ווערן אף אירע צוזאמענפאָרן. אהער באציט זיך אויך, לויט אונדזער מיינונג, די פראגע וועגן טעראָר: א באהאנדלונג פון דעראָזיקער פראגע — און נאטירלעך, ניט פון דער פּרינציפּיעלער, נאָר פון דער טאקטישער זייט — מוזן די סאָציאלדעמאָקראטן דורכוויס אופהייבן, ווייל דער וווּקס פון דער באוועגונג ברענגט פון זיך אליין סטיכיש צו אלץ עפטערע פאלן פון טויטן שפּיאָנען, צו א פארשטארקונג פון דער לייַדנשאפטלעכער עמפּערונג אין די רייען פון די ארבעטער און סאָ=

ציאַליסטן, וועלכע זעען, אַז אַלץ אַ גרעסערער און גרעסערער טייל פון זייערע באַוויירים ווערט פאַרפייניקט אַף טויט אין די איינצלגעפענקעניש, און אין די פאַרשיקונג=ערטער. קעדיי ניט צו לאָזן קיין אָרט פאַר ניט=דערעדטקייטן, וועלן מיר טייקעף אויסריידן, אַז לויט אונדזער פּערזענלעכער מיינונג איז דער טעראָר אין דער איצטיקער צייט ניט קיין צוועקמעסיק קאַמף=מיטל, אַז די פּאַרטיי (אַלס פּאַרטיי) דאַרף אים אָפּוואַרפן (ביז וואַנען ס׳וועלן זיך ענדערן די באַדינגונגען, וואָס דאָס וואָלט געקאָנט אַרויסרופן אויך אַן ענדערונג פון דער טאַקטיק) און קאָנצענטרירן אַלע אירע קויכעס אַף פאַרפעסטיקן די אָרגאַניזאַציע און רעגלמעסיק באַזאָרגן מיט ליטעראַטור. אויספירלעכער ריידן וועגן דעם איז ניט דאָ דאָס אָרט.

וואָס אָנבאַלאַנגט דער פראַגע וועגן דירעקטער פאָלק=געזעצגעבונג *, דוכט זיך אונדז, אַז אין היינטיקער צייט דאַרף מען זי אינגאַנצן ניט אַריינטראָגן אין פּראָגראַם. מע טאָר ניט פּרינציפּיעל פאַרבינדן דעם ניצחון פונעם סאָציאַליזם מיט פאַרבייטן דעם פּאַרלאַמענטאַריזם דורך דירעקטער פאָלק=געזעצגעבונג. לויט אונדזער מיינונג האָבן דאָס דערוויזן די דעבאַטן וועגן דער ערפורטער פּראָגראַם און קאַוטסקיס בוך וועגן פאָלק=געזעצגעבונג. אַ געוויסן נוצן פון דער פאָלק=געזעצגעבונג אָנערקענט קאַוטסקי (אַפן יעסאָד פון היסטאָרישן און פּאָליטישן אַנאַליז) בא פאָלגנדיקע באַדינגונגען: 1) ווען ס׳איז ניטאָ קיין קעגנזאַץ צווישן שטאָט און דאָרף אָדער ווען די שטעט דאָמינירן; 2) ווען ס׳עקזיסטירן הויך אַנטוויקלטע פּאָליטישע פּאַרטייען; 3) „ווען ס׳איז ניטאָ קיין צו פיל צענטראַליזירטע מעלוכע=מאַכט, וועלכע שטייט זעלבשטענדיק אַקעגן דער פאָלק=פאַרטרעטונג“. אין רוסלאַנד זעען מיר פּונקט קעגנזעצלעכע באַדינגונגען, און די סאַקאָנע, די „פאָלק=געזעצגעבונג“ זאָל ניט דעגענערירן צו אַן אימפּעריאַליסטישן „פּלעביסציט“ ** וואָלט בא אונדז געווען באַזונדערס שטאַרק. אויב קאַוטסקי האָט אין 1893 יאָר געזאָגט וועגן דייטשלאַנד און עסטרייך, אַז „פאַר אונדז, מיזרעך=אייראָפּייער, באַלאַנגט די דירעקטע פאָלק=געזעצגעבונג צו דעם געביט פון „צוקונפט=מעלוכע“, איז וועגן רוסלאַנד גאָר ניטאָ וואָס צו ריידן. מיר רעכענען דעריבער, אַז היינט, בעשאַס אין רוסלאַנד הערשט די זעלבסטהערשונג, דאַרפן מיר זיך באַגרענעצן מיט דער פאָדערונג פון אַ „דעמאָקראַטישער קאָנסטיטוציע“, און פאַרצייען די ערשטע צוויי פּונקטן פון דעם פּראַקטישן טייל פון דער פּראָגראַם פון דער גרופּע „באַפרייונג פון דער אַרבעט“ אַקעגן די ערשטע צוויי פּונקטן פון פּראַקטישן טייל פון „ערפורטער פּראָגראַם“.

מיר גייען איבער צום פּראַקטישן טייל פון דער פּראָגראַם. דער דאָזיקער טייל צעפאַלט זיך, לויט אונדזער מיינונג, אויב ניט לויט דעם אויסלייגן, איז לויט

---

* דירעקטע פאָלקס=געזעצגעבונג — ווען די געזעצן ווערן דורכגעפירט דורך אַ דירעקטער אָפּשטימונג פון דער גאַנצער באַפעלקערונג (רעפערענדום).

איב.

** פּלעביסציט — פאָלקס=אָפּשטימונג — דאָ האָט לענין אין זינען די אַלגעמיינע אָפּשטימונג, דורך וועלכער ס׳איז אָפּגעשאַפט געוואָרן אין פראַנקרייך די צווייטע רעפּובליק און ס׳איז אויסגעקליבן געוואָרן פאַר אַ קייזער נאַפּאָלעאָן דער 3=טער. איב.

דעם טייל פון דער זאך, אף דריי אָפּטיילן: 1) פאָדערונגען פון אַלגעמיין-דעמאָ-קראַטישע איבערהאַנדערשונגען; 2) פאָדערונגען פון מאָס-מיטלען צום אַרבעטער-שוץ און 3) פאָדערונגען פון מאַסמיטלען אין די אינטערעסן פון די פויערים. לויט דעם ערשטן אָפּטייל איז קוים פאַראַן א נייטיקייט וועזנטלעך צו ענדערן דעם פּראָגראַם-פּראָיעקט פון דער גרופּע „באַפרייונג פון דער אַרבעט", וועלכע פאָ-דערט — „1) אַלגעמיינע וואַלרעכט; 2) געהאַלט די פאַרטרעטער; 3) אַלגעמיינע וועלטלעכע, אומזיסטע און אָבליגאַטאָרישע בילדונג א. א. וו.; 4) אומבאַריר-לעכקייט פון פּערזאָן און וווינונג פון די בירגער; 5) אומבאַגרענעצטע פרייהייט פון געוויסן, וואָרט, פאַרזאַמלונגען א. א. וו. (אהער וואָלט מען עפּשער געדאַרפט ספּעציעל צוגעבן: פרייהייט פון שטרייקן); 6) פרייהייט פון באַוועגונג פון אָרט צו אָרט און פון באַשעפטיקונג (אהער וואָלט מען עפּשער געדאַרפט צוגעבן: „פרייהייט פון איבערוואַנדערונגען" און „פולע אָפּשאַפונג פון פּעסער"); 7) פולע גלייכבאַרעכטיקונג פון אַלע בירגער א. א. וו.; 8) פאַרבייטן דאָס שטענדיקע מיליטער דורך אַלגעמיינער באַוואָפענונג פונעם פאָלק; 9) איבערקוקן אונדזער גאַנצע ציווילע און קרימינעלע געזעצגעבונג, פאַרניכטן די שטאַנדצעטיילונגען און די שטראָפן, וועלכע שטימען ניט מיט דעם מענטשנס ווירדע". אהער וואָלט מען געדאַרפט צוגעבן: „איינשטעלן פולע רעכט-גלייכהייט פון דער פרוי מיטן מאַנצביל". צו דעמזעלביקן אָפּטייל דאַרף אָנגעשלאָסן ווערן די פאָדערונג פון פינאַנץ-רעפאָרמען, וועלכע איז פאָרמולירט אין דער פּראָגראַם פון דער גרופּע „באַפרייונג פון דער אַרבעט" אין דער צאָל פון די פאָדערונגען, וועלכע ס'וועט „אַרויסרוקן די אַרבעטער-פּאַרטיי, שטיצנדיק זיך אף דידאָזיקע גרונט-פּאָליטישע רעכט", — „באַזייטיקן די היינטיקע צינזן-סיסטעם און איינשטעלן א פּראָגרע-סיוון האַכנאָסע-שטייער". ענדלעך, וואָלט דאָ נאָך געדאַרפט זיין די פאָדערונג, „די באַאַמטע זאָלן געוויילט ווערן דורך דאָס פאָלק, איטלעכער בירגער זאָל האָבן רעכט צו פאַרפאָלגן דורך געריכט איטלעכן באַאַמטן, ניט אָנגעבנדיק קיין אָנקלאָגע זיין אויבעריקייט (נאַטשאַלסטווע)".

אין דעם צווייטן אָפּטייל פון די פּראַקטישע פאָדערונגען געפינען מיר אין דער פּראָגראַם פון דער גרופּע „באַפרייונג פון דער אַרבעט" די אַלגעמיינע פאָ-דערונגען פון געזעצגעבעריש רעגולירן די פאַרהעלטענישן פון די אַרבעטער (שטאָטישע און דאָרפישע) צו די אונטערנעמער און פון אָרגאַניזירן אַן אַנט-שפּרעכנדיקע „אינספּעקציע מיט פאָרשטייער פון די אַרבעטער". מיר רעכענען, אַז די אַ ר ב ע ט ע ר - פּ אַ ר ט ײ דאַרף אויספירלעכער און דעטאַלירטער אויס-לייגן די פאָדערונגען צו דעמדאָזיקן פּונקט, דאַרף פאָדערן (1) אַן אַכטשאָעדיקן אַרבעטס-טאָג; (2) פאַרבאָט פון נאַכטאַרבעט, פאַרבאָט פון אַרבעט פאַר קינדער ביז 14 יאָר; (3) א קעסיידערדיקן אָפּרו פאַר איטלעכן אַרבעטער ניט ווייניקער פאַר 36 שאָ א וואָך; (4) פאַרשפּרייטן די פאַבריק-געזעצן און פאַבריק-אינספּעק-ציע אף אַלע צווייגן פון דער אינדוסטריע און פון דער לאַנדווירטשאַפט, אף די מעלוכישע פאַבריקן, אף באַלמעלאָכע-ווערקשטאַטן און אף די קוסטאַרעס, וועלכע

ארבעטן אין די היימען. געוויילטע דורך די ארבעטער אינספעקטאָר=געהילפן, וואָס זאָלן האָבן גלייכע רעכט מיט די אינספעקטאָרן; (5) גרינדן אינדוסטריעלע און לאנדווירטשאפטלעכע געריכטן אין אלע צווייגן פון דער אינדוסטריע און פון דער לאנדווירטשאפט מיט געוויילטע ריכטער פון די באלעבאטים און פון די ארבעטער גלייך אף גלייך; (6) אומבאַדינגט פארבאָטן אומעטום פאנאנדערצוציִלן זיך מיט סכוירעס; (7) געזעצגעבעריש איינשטעלן, בא אלע פאלן פון דינגען ארבעטער זאָל מען צאָלן ניט זעלטענער פון איין מאָל א וואָך; (9) אָפּשאפן אלע געזעצן, וועלכע זיינען אויווער אף דער גלייכבארעכטיקייט פון די דינגער און די געדונגענע (לעמאָשל די געזעצן וועגן דער קרימינעלער פאראנטוואָרטלעכקייט פון די פאבריק=ארבעטער און פון די לאנדווירטשאפטלעכע ארבעטער פאר אוועקגיין פון דער ארבעט, די געזעצן, וועלכע דערלויבן די דינגער אסאך א גרעסערע פרייהייט צו רייסן דעם באדינג=אָפּמאך, איידער די געדונגענע, א. אנד). (ס'פארשטייט זיך, מיר מערקן בלויז אָן די ווינטשנסווערטע פאָדערונגען, ניט צוגעבנדיק זיי קיין ענדגילטיקע פאָרמולירונג, וועלכע פאָדערט זיך פארן פראָיעקט). דערדאָזיקער אָפּטייל פון דער פראָגראם דארף (אין פארבינדונג מיט דעם פריערדיקן) געבן די אָנפירנדיקע גרונט=קלאָלים פאר דער אגיטאציע, בעשום אויפן ניט באגרענעצנדיק, גאטירלעך, די אגיטאטאָרן אין באזונדערע געגנטן, פראָדוקציע=צווייגן, פאבריקן און אַנד. אין ארויסשטעלן אַנדערע, אין א געווויסן מאָס מאָדיפיצירטע, מער קאָנקרעטע, מער פריוואטע פאָדערונגען. באם צונויפשטעלן דעמדאָזיקן אָפּטייל פון דער פראָגראם דארפן מיר דעריבער שטרעבן אויסצומיידן צוויי עקסטרעמקייטן; פון איין זייט דאף מען ניט דוכלאָזן קיין איינציקע פון די איקערדיקע גרונט=פאָדערונגען, וועלכע האָבן א וועזנטלעכע באדייטונג פאר דעם גאנצן ארבעטער=קלאס; פון דער אנדער זייט, דארף מען ניט אריינלאָזן זיך אין איבעריקע דעטאלן, וואָס פארפולן מיט זיי די פראָגראם וואָלט זיין ניט ראציאָנעל.

די פאָדערונג פון „מעלוכישער הילף פאר פראָדוציר=אסאָציאציעס“, וועלכע שטייט אין דער פראָגראם פון דער גרופע „באפרייונג פון דער ארבעט“, דארף לויט אונדזער מיינונג אינגאנצן באזייטיקט ווערן פון דער פראָגראם. סיי די דערפארונג פון אנדערע לענדער, סיי טעאָרעטישע מאָטיוון, סיי די באזונדערקייטן פונעם רוסישן לעבן (די נייגונג פון די בורזשואזע ליבעראלן און פון דער פאָליציייִשער רעגירונג צו כיינדלען זיך מיט „ארטעלן“ און מיט „פראָטעזשירן“ דער „פאָלק=אינדוסטריע“ א. א. וו.) — אלץ רעדט אקעגן ארויסשטעלן אזא פאָדערונג. (געוויס, מיט 15 יאָר צוריק איז די זאך געשטאנען אין אסאך באציונגען אנדערש און דעמאָלט איז געווען נאטירלעך, ווען די ס“ד האָבן אזא פאָדערונג אריינגעשטעלט אין זייער פראָגראם).

אונדז בלייבט דער לעצטער, — דריטער — אָפּטייל פון דעם פראקטישן טייל פון דער פראָגראם. די פאָדערונגען אין דער פויערים=פראגע. אין דער פראָגראם פון דער גרופע „באפרייונג פון דער ארבעט“ געפינען מיר איין פאָדע=

דונג אזא, געמלעך, די פֿאָדערונג „ראדיקאל איבערקוקן אונדזערע אגראַרע פֿאַר־העלטעניש, דאָס הייסט די באַדינגונגען, אויף וועלכע די ערד איז אויסגעקויפט געוואָרן און געגעבן געוואָרן די פּויערשע געמיינדעס. געבן די פּויערים, וועלכע וועלן געפֿינען פֿאַר זיך באַקוועם אָפּצוזאָגן זיך פֿון זייער טיילעך (נאַדיעל) און אַרויסצוגיין פֿון דער געמיינדע, דאָס רעכט דאָס צו טאָן", א. א. וו.

מיר דוכט זיך, אז דער גרונט־געדאַנק, וועלכער איז דאָ אויסגעדריקט, איז פֿולקום ריכטיק און אז די ס"ד ארבעטער־פּאַרטיי דאַרף מאַכן אַרויסשטעלן אין איר פּראָגראַם אַן אַנטשפּרעכנדיקע פֿאָדערונג (איך זאָג אַנטשפּרעכנדיקע, ווייל מיר דוכט זיך, אז אייניקע ענדערונגען זיינען ווינטשנסווערט).

איך פֿאַרשטיי דידאָזיקע פֿראַגע אויפֿן פֿאָלגנדיקן אופֿן. די פּויערשע פֿראַגע אין רוסלאַנד אונטערשיידט זיך וועזנטלעך פֿון דער פּויערשער פֿראַגע אין מיי־רעוו, אָבער אונטערשיידט זיך בלויז מיט דעם, וואָס אין מייִרעוו האַנדלט זיך קימאַט אויסשליסלעך וועגן דעם פּויער אין דער קאַפּיטאַליסטישער, בורזשואַזער געזעלשאַפֿט, און אין רוסלאַנד — דעריקער וועגן דעם פּויער, וועל־כער ליידט ניט ווייניקער (אויב ניט מער) פֿון די פֿאַרקאַפּיטאַליסטישע אינסטי־טוציעס און פֿאַרהעלטעניש, ליידט פֿון די רעשטן, פֿון דער לייב־ייגנשאַפֿט. די ראָליע פֿונעם פּויערטום, ווי פֿון א קלאַס, וועלכער שטעלט צו קעמפֿער אקעגן דעם אַבסאָליוטיזם און אקעגן די רעשטן פֿון דער לייבייגנ־שאַפֿט, איז אין מייִרעוו שוין אָפּגעשפּילט, אין רוסלאַנד נאָך ניט. אין מייִרעוו האָט דער אינדוסטריעלער פּראָלעטאַריאַט שוין לאַנג און שאַרף אָפּגעטיילט זיך פֿונעם דאָרף, און דערביי איז דידאָזיקע אָפּטיילונג שוין פֿאַרפֿעסטיקט מיט אַנט־שפּרעכנדיקע רעכט־אינסטיטוציעס. אין רוסלאַנד איז „דער אינדוסטריעלער פּראָלעטאַריאַט, לויט זיינע באַשטאַנד־עלעמענטן און עקזיסטענץ־באַדינגונגען, נאָך אין א היפּשן גראַד פֿאַרבונדן מיטן דאָרף" (פֿ. ב. אַקסעלראָד, ציטירטע בראָשור ז. 11). עמעס, דער פּראָצעס, אין וועלכן דאָס פּויערטום צעלייגט זיך אויף קליינבירגערטום און אויף געדונגענע אַרבעטער, קומט בא אונדז פֿאָר מיט א געוואַלטיקן קויעך, מיט אַן איבעראַשנדיקער שנעלקייט, אָבער דערדאָזיקער פּראָצעס האָט זיך נאָך ווייט ניט פֿאַרענדיקט און — דאָס איז דער איקער — דערהאָזיקער פּראָצעס קומט פֿאָר נאָך אַלץ אין די ראַמען פֿון די אַלטע, לייב־ייגנטימערשע אינסטיטוציעס, וועלכע פֿאַרבינדן אַלע פּויערים מיט א שווערער קייט פֿון אַלגעמיינער אָרוועס און פֿון פֿיסקאַלער* געמיינדע. א רוסישער סאָ־ציאַל־דעמאָקראַט, אפֿילע אויב ער געהערט (ווי דער וואָס שרייבט דידאָזיקע שו־רעס) צו די אַנטשלאָסענע קעגנער פֿון אָפּהיטן אָדער שטיצן דאָס קליינע אייגנ־

* פֿיסק — מעלוכע־האַכנאָסע, שטייערן; די רוסישע פּויערשע געמיינדע איז נאָך דער פּויערים־באַפֿרייונג קאָנסטיטוירט געוואָרן ווי אַן אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט קאָ־לעקטיוו געצאָלט דער מעלוכע שטייערן, אָרעוו זייענדיק פֿאַר איטלעכן יאָכיד.

איב.

טום אָדער די קלייןווירטשאַפט אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, ד. ה. אויב אַפילע אין דער אַגראַר־פראַגע שטעלט ער זיך (ווי דער וואָס שרייבט די־דאָזיקע שורעס) אַפן צאַד פון יענע מאַרקסיסטן, וועמען אַלערליי בורזשויעס און אָפּאָרטוניסטן האָבן איצטער ליב צו זידלען אַלס „דאָגמאַטיקער" און „אָרטאָדאָקסן", — אַ רוסישער סאָציאַלדעמאָקראַט קאָן און מוז, אַף אַ האָר ניט פאַראַטנדיק זיינע איבערצייגונגען, פאַרקערט, דאַפקע צוליב די דאָזיקע איבערצייגונגען, — שטיין פאַר דעם, די אַרבעטער־פּאַרטיי זאָל אַוועקשטעלן אַף איר פאָן די אונטערשטיצונג פונעם פויערטום (בעשום אויפן ניט ווי אַ קלאַס פון קלייניגנטימער אָדער קלייןבאַלעבאַטים), אַף וויפל דאָס דאָזיקע פויערטום איז פעיק אַף אַ רעוואָלוציאָנערן קאַמף אַקעגן די רעשטן פון דער לייבייגנשאַפט ביכלאַל און אַקעגן דעם אַבסאָליוטיזם ביפראַט. מיר אַלע, די סאָציאַלדעמאָקראַטן, דערקלערן דאָך, אַז מיר זיינען גרייט צו אונטערשטיצן אויך די גרויסבורזשואַזיע, אַף וויפל זי איז פעיק אַף אַ רעוואָלוציאָנערן קאַמף מיט די אָנגעוויזענע דערשיינונגען, — טאָ וויאַזוי זשע קאָנען מיר אָפּזאָגן אין אַזאַ אונטערשטיצונג דעם פילמיליאָניקן קלאַס פון קלייןבירגערטום, וואָס גיסט זיך צונויף דורך בעהאַדראָגעסדיקע איבערגאַנגען מיטן פּראָלעטאַריאַט? אויב אונטערשטיצן די ליבעראַלע פאָדערונגען פון דער גרויסבורזשואַזיע הייסט ניט אונטערשטיצן די גרויסבורזשואַזיע, איז אונטערשטיצן די דעמאָקראַטישע פאָדערונגען פונעם קלייןבירגערטום באַטייט דאָך בעשום אויפן ניט אונטערשטיצן דאָס קלייןבירגערטום: פאַרקערט, דאַפקע יענע אַנטוויקלונג, וועלכע די פּאָליטישע פרייהייט וועט עפענען פאַר רוסלאַנד, וועט מיט אַ באַזונדערן קויעך פירן צום אונטערגאַנג פון דער קלייןווירטשאַפט אונטער די קלעפּ פונעם קאַפּיטאַל. מיר דוכט זיך, אַז גראָד וועגן אָט דער פראַגע וועט צווישן די סאָצ. דעמאָקראַטן קיין וויקוכים ניט זיין. די גאַנצע פראַגע, אַלזאָ, שטייט אין דעם: 1) וויאַזוי אויסצואַרבעטן דאַפקע אַזעלכע פאָדערונגען, וועלכע זאָלן ניט אַרויף אַפן וועג פון אונטערשטיצן די קלייןבאַלעבאַטעמלעך אין דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט? און 2) צי איז אונדזער פויערטום באַטש טיילווייז פעיק אַף אַ רעוואָלוציאָנערן קאַמף מיט די רעשטן פון דער לייבייגנשאַפט און פונעם אַבסאָליוטיזם.

לאָמיר אָנפאַנגען פון דער צווייטער פראַגע. קיינער וועט מיגהאַסטאַם ניט לייקענען, אַז אינעם רוסישן פויערטום זיינען פאַראַן רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן. עס זיינען באַקאַנט די פאַקטן פון פויערשע אופשטאַנדן אין דער נאָכרעפאָרם־צייט אַקעגן די פּריצים, אַקעגן זייערע פאַרוואַלטער, אַקעגן די באַאַמטע, וועלכע פאַרטיידיקן זיי, עס זיינען באַקאַנט פאַקטן פון אַגראַרע דעמאָרדונגען, בונטן א. א. וו. עס איז באַקאַנט דער פאַקט, אַז אינעם פויערטום (אין וועמען אַפילע די קלאָגעדיקע ברעקלעך בילדונג האָבן שוין אָנגעהויבן אופצוועקן דאָס

געפיל פון מענטשלעכער ווערדע) וואקסט די אופגעבראכטקייט קעגן דער ווילדער ווילקיר פון יענער באנדע אדעליק-געבוירענע לומפּן, וועלכע מע האָט ארופגעלאָזן אף די פויערים אין דער געשטאלט פון זעמסקע נאטשאלניקעס. עס איז באקאַנט דער פאקט פון די אלץ אָפטערע הונגערס פון מיליאָנען פאָלק, וועלכע קאָנען ניט בלייבן קיין פאסיווע צוזעער פון אזעלכע „דערנערונג-שוועריקייטן“. עס איז באקאנט דער פאקט, אז אין דער פויערשער סוויווע וואקסן דאָס סעקטאנטנטום און דער ראציאָנאליזם, און דאָס ארויסטרעטן פונעם פּאָליטישן פּראָטעסט אונטער א רעליגיעזן הייטל איז א דערשיינונג, וועלכע איז אייגנטימלעך ניט בלויז פאר רוסלאנד, נאָר פאר אלע פעלקער אף א געוויסער סטאדיע פון זייער אנטוויקלונג. עס איז אלזאָ ניטאָ קיין קלענסטער ספק, אז אינעם פויערטום זייגען פאראַן רעוואָליוציאָנערע עלעמענטן. מיר איבערטרייבן בעשום אויפן ניט דעם קויעך פון דידאָזיקע עלעמענטן, מיר פארגעסן ניט די פּאָליטישע ניטאנטוויקלקייט און פינצטערקייט פון די פויערים, מיר פארווישן בעשום אויפן ניט דעם אונטערשייד צווישן דעם „רוסישן בונט, דעם אומזיניקן און אומדערבארעמדיקן“, און דעם רעוואָליוציאָנערן קאמף, מיר פארגעסן בעשום אויפן ניט, וואָס פאר א מאסע מיטלען די רעגירונג האָט — פּאָליטיש אָפּצונארן און דעמאָראליזירן די פויערים. אָבער פון אלעם דעם דרינגט בלויז ארויס, אז עס וואָלט ניט האָבן קיין זינען ארויסצושטעלן דאָס פויערטום פאר א טרעגער פון דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג, אז מעשוגע וואָלט זיין אזא פארטיי, וועלכע וואָלט די רעוואָליוציאָנערישקייט פון איר באוועגונג באדינגט מיט דער רעוואָליוציאָנערער שטימונג פונעם פויערטום. מיר רעכענען נאָר ניט פאָרצולייגן די רוסישע ס״ד אזא מין זאך. מיר זאָגן בלויז, אז די ארבעטער-פארטיי קאָן ניט, ניט אויווער זייענדיק אף די גרונט-קלאָלים פונעם מארקסיזם און ניט באגייענדיק קיין געוואלטיקן פּאָליטישן פעלער, פ א ר ב י י ג י י ן יענע רעוואָליוציאָנערע עלעמענטן, וועלכע זיינען דאָ אויך אינעם פויערטום, ניט געבן קיין שטיצע דידאָזיקע עלעמענטן. צי וועלן דידאָזיקע רעוואָליוציאָנערע עלעמענטן פונעם רוסישן פויערטום ארויסווייזן זיך ווייניקסטנס אזוי, ווי עס האָבן זיך ארויסגעוויזן די מיירעוו-אייראָפּעישע פויערים באם אראָפּווארפן דעם אבסאָליוטיזם, — דאָס איז א פראגע, אף וועלכע די געשיכטע האָט נאָך ניט געגעבן קיין ענטפער. אויב זיי וועלן דאָס ניט קאָנען, וועט די סאָצ. דעמאָקראטיע א האָר ניט פארלירן דערפון אין איר גוטן נאָמען און אין איר באוועגונג, ווייל ס'איז ניט איר שולד, וואָס דאָס פויערטום האָט ניט געענטפערט (איז עפשער ניט געווען בעקויעך צו ענטפערן) אף איר רעוואָליוציאָנערן צורוף. די ארבעטער-באוועגונג גייט און וועט גיין מיט איר וועג, ניט קוקנדיק אף קיינע פאראטן פון דער גרויסער אָדער פון דער קליינער בורזשואזיע. אויב זיי וועלן דאָס יאָ קאָנען, וואָלט יענע סאָציאלדעמאָקראטיע, וועלכע וואָלט דערביי ניט געגעבן קיין שטיצע דעם פויערטום, אף אייביק פארלאָרן איר גוטן נאָמען און האָס רעכט צו רעכענען זיך פאר אן אוואנגארד-קעמפער פאר דער דעמאָקראטיע.

אריבערגייענדיק צו דער ערשטער פראגע, וועלכע איז דאָ אוועקגעשטעלט, מוזן מיר זאָגן, אז די פאָדערונג פון „ראדיקאל איבערקוקן די אגראר=פארהעלטענישן" שטעלט זיך אונדז פאָר אלס ניט קיין גענוג דייטלעכע: זי האָט געקאָנט זיין גענוג מיט 15 יאָר צוריק, אָבער מע קאָן קוים באפרידיקן זיך מיט איר היינט, ווען מיר דארפן סיי געבן אן אָנפירנדיק מאטעריאל פאר אגיטאציע, סיי אָפּצאָמען זיך פון די באשיצער פון דער קלייניווירטשאפט, וועלכע זיינען אזוי פילצאָליק אין דער היינטיקער רוסישער געזעלשאפט און וועלכע געפינען אזעלכע „ווירקונגספולע" אָנהענגער, ווי די הערן פאָביעדאָנאָסצעוו *, וויטע ** און זייער פיל באאמטע פונעם אינערן=מיניסטעריום. מיר וועלן זיך דערלויבן פאָרצולייגן די כאוויירים אף צו באהאנדלען אומגעפער אזא פאָרמולירונג פונעם דריטן אָפּטייל פונעם פראקטישן טייל פון אונדזער פראָגראם:

„אונטערשטיצנדיק איטלעכע באוועגונג אקעגן דער היינטיקער מעלוכישער און געזעלשאפטלעכער אָרדענונג, דערקלערט די רוסישע סאָציאלדעמאָקראטישע ארבעטער פארטיי, אז זי וועט אונטערשטיצן דאָס פויערטום, אף וויפל פיל דאָס איז פעיק צום רעוואָליוציאָנערן קאמף אקעגן דער זעלבסטהערשונג, אלס קלאס, וועלכער ליידט אמייסטן פון דער רעכטלאָזיקייט פונעם רוסישן פאָלק און פון די רעשטן פון לייבייגנשאפט אין דער רוסישער געזעלשאפט.

„ארויסגייענדיק פון דעמדאָזיקן פרינציפ, פאָדערט די רוסישע ארבעטער=פארטיי:

„1) אָפּצושאַפן די אויסקויף=אָפּצאָלן און געלט=צינזן, ווי אויך אַלערליי נאַטורעלע פליכטן, וועלכע פאלן אין דער איצטיקער צייט אף דאָס פויערטום, ווי אף א צינז=שטאנד.

„2) אומצוקערן דעם פאָלק יענע געלטן, וועלכע די רעגירונג און די פריצים האָבן אָנגעראבעוועט פון די פויערים אין דער פאָרם פון אויסקויף=אָפּצאָלן.

„3) אָפּצושאפן דאָס אלגעמיינע אָרוועס און אלע געזעצן, וועלכע בינדן דעם פויער און זיין רעשוס איבער זיין ערד.

„4) צו פארניכטן אלע רעשטן פון דער לייבייגנשאפטלעכער אָפּהענגיקייט פון די פויערים לעגאבע די פריצים, סיי ווען דידאָזיקע רעשטן דרינגען ארויס פון באַזונדערע געזעצן און אינסטיטוטן (לעמאָשל, די לאגע פון די פויערים און פון די ארבעטער אין די בארג=קרייזן פון אוראל) אָדער הערפון, וואָס די פויערשע און פריצישע ערדן זיינען נאָך ניט פאנאנדערגעגרענעצט (לעמאָשל, די רעשטן פון

* פאָביעדאָנאָסצעוו (1829—1907)—אויבערפראָקוראָר פונעם „הייליקן" סינאָד, פאקטישער פרעמיער פון אלעקסאנדער דעם 3 רעגירונג, האָט געשפילט א גרויסע ראָליע אויך פאר ניקאָליי דעם 2=טן. בארימטער רעאקציאָנער און אנטיסעמיט, אידעאָלאָג פון דער שווארצסטער פריצישער רעאקציע און פירער פון דער סיסטעם פון גאלאָבישער פאָלק=פארפינצטערונג.

איב.

** וויטע, איינער פון די פעיקסטע מיניסטאָרן בא אלעקסאנדער דעם 3=טן און ניקאָליי דעם 2=טן, בארימט געוואָרן דורך זיין פינאנץ=פאָליטיק, און פארפאסער פונעם מאניפעסט פון 17 אָקט. 1905.

איב.

סערוויטוטן * אין מיירעוו=נעגנט), אָדער הערפון, וואָס דאָס אָפּשניידן די פּויערשע ערד דורך די פּריצים שטעלט די פּויערים פּאַקטיש אין דער אויסגאַנגלאַגע פון די פריערדיקע באַרשטשינע=פּויערים.

„5) צו געבן די פּויערים דאָס רעכט צו פאָדערן דורך געריכט א פאַרקלענערונג פון דעם אָן א מאָס הויכן אַרענדע=געצאָלט און צו פאַרפאָלגן דורך געריכט פּריצים און ביכלאַל אַלע פּערזאָנען, וועלכע, אויסנוצנדיק די נויט פון די פּויערים, שליסן מיט זיי קאַבאַל=אָפּמאַכן**."

אַף דער מאָטיווירונג פון אַזא פאָרשלאָג דאַרפן מיר זיך אָפּשטעלן באַזונדערס אויספירלעך — ניט דערפאַר, הערדאָזיקער טייל פון דער פּראָגראַם זאָל זיין באַזונדערס וויכטיק, נאָר דערפאַר, וואָס ער איז באַזונדערס שטרייטבאַר און וואָס ער שטייט אין דער ווייטסטער פאַרבינדונג מיט די עמעסן, וועלכע זיינען אַלגעמיין פעסטגעשטעלט און אָנערקענט פון אַלע סאָציאַלדעמאָקראַטן. די אַריינפיר=האַנאָכע וועגן דער (באַדינגטער) „אונטערשטיצונג" פונעם פּויערטום דוכט זיך אונדז נייטיק דערפאַר, וואָס דער פּראָלעטאַריאַט קאָן ניט און דאַרף ניט, אין אַלגעמיין גערעדט, נעמען אַף זיך די פאַרטיידיקונג פון די אינטערעסן פונעם קלאַס קליינע באַלעבאַטימלעך, ער קאָן אים בלויז אונטערשטיצן אַף אַזוי פיל, אַף וויפל ער איז רעוואָליוציאָנער. און אַזוי ווי גראָד די זעלבסטהערשונג פאַרקערפּערט אין זיך אין דער היינטיקער צייט די גאַנצע אָפּגעשטאַנענקייט פון רוסלאַנד, אַלע רעשטן פון דער לייבייגנשאַפט, פון דער רעכטלאָזיקייט און פון דער „פּאַטריאַרכאַלער" אונטערדריקונג, איז נייטיק אָנצוווייזן, אַז די אַרבעטער=פּאַרטיי אונטערשטיצט דאָס פּויערטום בלויז אַף אַזויפיל, אַף וויפל דאָס איז פעיִק צום רעוואָליוציאָנערן קאַמף אַקעגן דער זעלבסטהערשונג. ווי עס שיינט, ווערט אַזא האַנאָכע אויסגעשלאָסן דורך דער פּאָלגנדיקער האַנאָכע פונעם פּראָגראַם=פּראָיעקט פון דער גרופּע „באַפרייונג פון דער

* רעכט פונעם פּאָרעץ צו נעמען באַזונדערע אָפּצאָלן בא דער פּויערשאַפט פאַר באַנוצן זיך מיט אַזוינע גיטער, ווי דער שליאַך, וועגן, טייכן, אָזיערעס א. אז. וו., וועלכע זיינען בא׳ם אויסטיילן די פּויערשע ערדן געבליבן אַף דער פּריצישער ערד, אָבער אָן וועלכער די פּויערים קאָנען ניט אויסקומען.

איב.

** קאַבאַל=אָפּמאַך—אַזא אָפּמאַך, וועלכער איז פאָרמעל, יורידיש געשלאָסן „פריי" פון ביידע צדאָדים, אָבער פאַקטיש איז דאָ איין צאַד געצוווּנגען אים צו שליסן אַף באַדינגונגען, וועלכע זיינען פאַר אים אומגעהויער שווער, וועלכע פאַרשקלאַפן אים. לעמאָשל, דער אָרעמער פּויער נייטיקט זיך אין געלט און איז געצוווּנגען דערפאַר, וואָס דער פּאָרעץ לייט עס אים, אָפּדינען אים מיט אַרבעט אין דער היציקסטער אַרבעטצייט, אויסגערעכנט פאַר דעם נידעריקסטן אַרבעט=לוין. ווען ס׳קומט דידאָזיקע צייט און ער וואָלט קאָנען זיך פאַרדינגען פאַר א צווייענדיקן, דרייענדיקן לוין, איז ער פאַרשקלאַפט זיין קרעדיטאָר און מוז אַרבעטן בא אים פאַרן כוויו פאַר א נישטיקן פּרייז, אָדער ער פאַרקויפט זיין טוווּע, ווען זי שטייט נאָך גרין אין פעלד, ווייטער פאַר א שפּאָט ביליקן פּרייז. ווען ער נעמט זי אַראָפּ, וואָלט ער געקאָנט באַקומען פאַר איר אין צוויי, אין דריי מאָל, אָבער ער איז שוין פאַרשקלאַפט זיין קוינע, וועלכער האָט אָנהייב זומער פאַר א קלייניקייט „געקויפט" דעם פּראָדוקט פון זיין מי. פאָרמעל אָבער איז דאָס א „פרייער" אָפּמאַך. דאָס וואָרט קאַבאַל באַטייט דאָס, וואָס אַף יידיש קאַבאָלע — א באַקום=צעטל. דער זין דערפון איז קלאָר: פאַרשקלאַפונג דורך אונטערשרייבן אַן אָפּמאַך, א צעטל, דורך א קלוימערשט „פרייען אַקט".

איב.

ארבעט“: „די איקערדיקסטע שטיצע פונעם אבסאָלוטיזם באשטייט האפקע אין דער פּאָליטישער גלייכגילטיקייט און גייסטיקער אָפּגעשטאנענקייט פונעם פויער“. אָבער דאָס איז א ווידערשפּרוך ניט אין דער טעאָריע, נאָר אין לעבן גופע, ווייל דאָס פויערטום (ווי ביכלאל דער קלאס קליינבאלעבאטים) צייכנט זיך אויס מיט צווייענדיקע שטריכן. מיר וועלן ניט איבערכאזערן די באוווסטע פּאָליטיש-עקאָנאָמישע ארגומענטן, וועלכע דערווייזן די אינווייניקסט-ווידערשפּרעכלעכע לאגע פונעם פויערטום; מיר וועלן בלויז דערמאָנען די פאָלגנדיקע כאראקטעריסטיק, וועלכע מארקס האָט געגעבן דעם פראנצויזישן פויערטום פונעם אָנהייב 50-ער יאָרן:

„באָנאָפּארטס דינאסטיע איז א פּאָרשטייערן ניט פונעם רעוואָליוציאָנערן פויער, נאָר פונעם קאָנסערוואטיוון, ניט פון יענעם פויער, וועלכער שטרעבט ארויסצוריסן זיך פון זיינע סאָציאלע לעבנס-באדינגונגען, וואָס ווערן באשטימט דורך זיין פּארצעלע (ברעקל ערד), נאָר פון יענעם פויער, וועלכער וויל פארפעסטיקן דידאָזיקע באדינגונגען און דידאָזיקע פּארצעלע, — ניט פון יענער דאָרפישער באפעלקערונג, וועלכע שטרעבט אָנצושליסן זיך אָן די שטעט און מיטן קויעך פון איר אייגענער ענערגיע אראָפּוואַרפן די אלטע אָרדענונג, נאָר פון יענער, וועלכע, פארקערט, שליסט זיך טעמפּ איין אין דערדאָזיקער אלטער אָרדענונג און ווארט פונעם געשפּענסט פון דער אימפּעריע, דאָס זאָל ראטעווען איר און איר פּארצעלע און זאָל איר געבן א פּריווילעגירטע לאגע. באָנאָפּארטס דינאסטיע איז א פּאָרשטייערן ניט פון דעם פויערס אויפקלערונג, נאָר פון זיין אָבערגלויבן, ניט פון זיין פארשטאנד, נאָר פון זיין פארורטייל, ניט פון זיין צוקונפט, נאָר פון זיין פארגאנגענהייט, ניט פון זיינע היינטיקע סעווענען, נאָר פון זיין היינטיקער וואנדיי * (18 ברוימער, ז. 99 — דייטשע אויסגאבע), אונטערשטיצן גראָד יענעם פויערטום, וועלכע שטרעבט אראָפּצוואַרפן די „אלטע אָרדענונג“, ד. ה. אין רוסלאנד פריער פאר אלץ און מערער פאר אלץ די זעלבסטהערשונג, — אָט דאָס איז טאקע גייטיק פאר דער ארבעטער-פּארטיי. די רוסישע סאָצ. דעמאָקראטן האָבן שטענדיק אָנערקענט די גייטיקייט אויסצונוצן אין דער דאָקטרינע און אין דער ריכטונג פונעם פּאָלקיזם זיין רעוואָליוציאָנערע זייט און אופנעמען זי. אין דעם פּראָגראם-פּראָיעקט פון דער גרופּע „באפרייונג פון דער ארבעט“, איז דאָס אויסגעדריקט ניט בלויז אין דער אויבנציטירטער פאָדערונג פון „ראדיקאל איבערקוקן“ א. א. וו., אָבער אויך אין די פאָלגנדיקע ווערטער: „איבריקנס איז זעלבסטפארשטענדלעך, אז אפילע אין דער היינטיקער צייט וואָלטן מענטשן, וועלכע געפינען זיך אין א דירעקטן קאָנטאקט מיטן פויערטום, געקאָנט מיט זייער טעטיקייט אין זיין סוויווע טאָן א וויכטיקע

* סעווען — א בארג-געגנט אין פראנקרייך, ווו דאָס פויערטום האָט ארויסגעוויזן א רעוואָליוציאָנערע שטימונג. וואנדייע — אַן אָפּגעשטאנענע געגנט, ווו די פויערים האָבן זיך איינגעשטעלט פאר די פּריצים אקעגן דער רעוואָליוציאָנערער מאכט.

איב.

טויווע דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין רוסלאַנד. די ס״ד=טן וועלן ניט בלויז ניט אָפּשטויסן פון זיך אזעלכע מענטשן, נאָר זיי וועלן אָנווענדן אַלע באַמיונגען, קעדיי דורכצוקומען מיט זיי אין די גרונט=פּרינציפּן און מעטאָדן פון זייער טעטיקייט". מיט 15 יאָר צוריק, ווען ס'האָבן נאָך געלעבט די טראַדיציעס פון דעם רעוואָליוציאָנערן פּאָלקיזם, איז גענוג געווען אזא מעלדונג, אָבער איצט מוזן מיר אליין אָנהייבן צו באהאנדלען די „גרונט=פּרינציפּן פון דער טעטיקייט" איגעם פויערטום, אויב מיר ווילן, די ס״ד ארבעטער=פּארטיי זאָל ווערן דער אוואנגארד=קעמפער פאר דעמאָקראַטיע.

אָבער צי פירן ניט די פאָדערונגען, וועלכע מיר האָבן פאָרגעלייגט, צו אונטערשטיצן ניט די פּערזענלעכקייט פון די פויערים, נאָר זייער אייגנטום? צו פארפעסטיקן די קליינווירטשאַפט? צי אנטשפּרעכן זיי דעם גאנצן גאנג פון דער קאַפּיטאַליסטישער אנטוויקלונג? לאָמיר באטראכטן די דאָזיקע פראגן, וועלכע זיינען באזונדערס וויכטיק פאר א מארקסיסט.

מעקויעך דער ערשטער און דער דריטער פאָדערונג קאָן אין ט אָ ך פ ו ן ד ע ר ז א ך צווישן די מארקסיסטן קוים זיין א מיינונג=פארשיידנהייט. די צווייטע פאָדערונג וועט מינהאסטאב ארויסרופן מיינונג=פארשיידנהייטן אויך לויט איר טאָך. צוגונסטן פון איר ריידן, לויט אונדזער מיינונג, פאָלגנדיקע מאָטיוון: (1) אז די אויסקויף=אָפּצאָלן זיינען געווען א פאָשעטע צעראבירונג פון די פויערים מיצאד די פּריצים, אז זיי זיינען געצאָלט געוואָרן ניט בלויז פאר דער פויערשער ערד, נאָר אויך פאר דעם לייבייגנשאַפט=רעכט, אז די רעגירונג האָט צונויפגעזאמלט בא די פויערים מ ע ר ע ר, איידער זי האָט באצאָלט די פּריצים, — דאָס איז א פאקט; (2) מיר האָבן ניט קיין גרונט צו קוקן אף דעמדאָזיקן פאקט, ווי אף א פולקום פארענדיקטע געשעעניש, וועלכע איז שוין אָפּגעגעבן געוואָרן אין ארכיוו פון דער געשיכטע, ווייל אזוי קוקן ניט אף דער פויערשער רעפאָרם די אדעליקע עקספּלואטאטאָרן אליין, וועלכע שרייען איצט וועגן די „קאָרבאָנעס", וועלכע זיי האָבן דעמאָלט געבראַכט; (3) גראָד איצט, ווען דאָס הונגערן פון מיליאָנען פויערים הייבט אָן צו ווערן כראָניש, ווען די רעגירונג, שליידערנדיק מיליאָנען אף מאטאָנעס די פּריצים און קאפּיטאליסטן, אף אוואנטוריסטישע אויסערנפּאָליטיק, דינגט אָפּ גראָשנס פון די סובסידיעס פאר די הונגעריקע, גראָד איצט איז פאסיק און נייטיק צו דערמאָנען וועגן דעם, וואָס עס האָט אָפּגעקאָסט דעם פאָלק דאָס באלעבאטעווען פון דער זעלבסטהערשנדיקער רעגירונג, וועלכע דינט די אינטערעסן פון די פּריווילעגירטע קלאסן; (4) די סאָצ. דעמאָקראטן קאָנען ניט בלייבן קיין גלייכגילטיקע צוזעער פון דעם, וויאזוי דאָס פויערטום הונגערט און שטארבט אויס מיט א הונגער=טויט. מיקויעך דעם, אז ס'איז נייטיק די ברייטסטע הילף פאר די הונגעריקע, איז צווישן די רוסישע ס״ד=טן קיינמאָל ניט געווען קיין צוויי מיינונגען. און קוים וועט עמעצער באהויפּטן, אז ערנסטע הילף איז מעגלעך אָן רעוואָליוציאָנערע מאָסמיטלען;

(5) די עקספּראָפּריאַציע פון די אודיעלנע ערדן (די נאַכלעס, וואָס זיינען געווען צוגעשריבן צו דער קייזערלעכער פאַמיליע) און די פאַרשטאַרקטע מאָביליזאַציע פון די פּריצישע ערדן, — ד. ה. דאָס, וואָס ס'וואָלט זיין, א רעזולטאַט פון דער פאַרווירקלעכונג פון דער פּאַרגעלייגטער פּאָדערונג — וואָלטן געבראַכט בלויז נוצן דער גאַנצער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג פון רוסלאַנד. אקעגן דער פּאַרגעלייגטער פּאָדערונג וואָלט מען אונדז, מינהאסטאם, אָנגעוויזן דעריקער אַף איר „ניט־דורכפירלעכקייט". אויב אַזאַ אָנווייזונג וואָלט אונטערשטיצט געוואָרן בלויז מיט פראַזן אקעגן „רעוואָלוציאָנאַריזם" און „אוטאָפּיזם", וועלן מיר פון פריער זאָגן, אַז אַזעלכע אָפּאָרטוניסטישע פראַזן וועלן אונדז גאָרניט דערשרעקן און מיר וועלן זיי ניט צוגעבן קיין שום באַדייטונג. אָבער אויב מע וועט אונטערשטיצן אַזאַ אָנווייזונג מיט אן אַנאַליז פון די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע באַדינגונגען פון אונדזער באַוועגונג, וועלן מיר פולקום אָנערקענען די נייטיקייט אויספירלעכער צו באַהאַנדלען דידאָזיקע פראַגע און דעם נוצן פון א פּאָלעמיק וועגן איר. מיר וועלן בלויז באַמערקן, אַז דידאָזיקע פּאָדערונג שטייט ניט זעלבשטענדיק, אַז זי גייט אריין, ווי א טייל, אין דער פּאָדערונג צו אונטערשטיצן דאָס פויערטום, און וויפל דאָס איז רעוואָלוציאָנער. די פראַגע וועגן דעם, וויאַזוי גענעלעך און מיט וואָס פאַר א קויעך דידאָזיקע עלעמענטן פונעם פויערטום וועלן זיך ארויסווייזן, וועט לייזן די געשיכטע. אויב מע זאָל אונטער „דורכפירלעכקייט" פון פּאָדערונגען פאַרשטיין ניט זייער אַלגעמיינע אַנטשפּרעכעדיקייט צו די אינטערעסן פון דער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג, נאָר זייער אַנשפּרעכעדיקייט צו דער געגעבענער קאָניוקטור פון עקאָנאָמישע און פּאָליטישע באַדינגונגען, וואָלט אַזאַ קריטעריום געווען אינגאַנצן ניט ריכטיק, ווי דאָס האָט איבערצייגנדיק באַוויזן קאַוטסקי אין זיין פּאָלעמיק אַנקעגן ראָזע לוקסעמבורג, וועלכע האָט אָנגעוויזן אַף דער „ניט־דורכפירלעכקייט" (פאַר דער פּוילישער אַרבעטער־פּאַרטיי) פון דער פּאָדערונג וועגן אומאָפּהענגיקייט פון פּוילן. קאַוטסקי האָט דעמאָלט אָנגעוויזן (אויב דער זיקאָרן נאַרט אונדז ניט), ווי אַף א ביישפּיל, אַף יענער פּאָדערונג פון דער ערפורטער פּראָגראַם, וועלכע רעדט וועגן וואַלן פון באַאַמטע דורך דעם פּאָלק. די „דורכפירלעכקייט" פון דערדאָזיקער פּאָדערונג איז מער ווי צווייפלדיק אין היינטיקן דייטשלאַנד, אָבער קיינער פון די ס"ד האָט ניט פּאָרגעלייגט צו באַגרענעצן די אייגענע פּאָדערונגען מיט די שמאָלע ראַמען פון דעם, וואָס איז מעגלעך אינעם מאָמענט און בא די געגעבענע באַדינגונגען.

ווייטער, וואָס אָנבאַלאַנגט דעם 4־טן פּונקט וועט אין פּרינציפּ מינהאסטאם קיינער ניט דערווידערן אַנקעגן דעם, אַז די ס"ד מוזן ארויסשטעלן די פּאָדערונג וועגן פאַרניכטן אַלע רעשטן פון דער לייביגנשאַפטלעכער אָפּהענגיקייט. א פראַגע וועט וואַרשיינלעך זיין בלויז אין דעם, וויאַזוי צו פּאָרמולירן דידאָזיקע פּאָדערונג און דאָן ווי ברייט דאַרף זי זיין, ד. ה. צי דאַרף מען אין איר, לעמאָשל, איינשליסן די פּאָדערונג פון מאָסמיטלען, וועלכע באַזייטיקן די פּאַקטישע

בארשטשינע*-אָפהענגיקייט פון די פויערים, וואָס איז באשאפן געוואָרן אין 1861 י. דורכן אָפשניידן ערד בא די פריצים? לויט אונדזער מיינונג דארף מען די דאָזיקע פראגע לייזן אינעם פאָזיטיוון זינען. די געוואלטיקע באדייטונג דערפון, וואָס די בארשטשינע-ווירטשאפט (אָפארבעטונג פון די פויערים בא די פריצים) איז פאקטיש געבליבן לעבן, איז פולקום פעסטגעשטעלט געוואָרן אין דער ליטעראטור, ווי אויך יענער געוואלטיקער אָפהאלט אין דער געזעלשאפטלעכער אנטוויקלונג, וועלכער ווערט באשאפן דורך דערהאָזיקער איבערלעבעניש. נאטירלעך, די אנטוויקלונג פונעם קאפיטאליזם פירט און וועט סאָפקאָלסאָף ברענגען „פון זיך אליין, מיט א נאטירלעכן וועג", די דאָזיקע איבערלעבענישן זאָלן באזייטיקט ווערן, אָבער, ערשטנס, פארמאָגן די דאָזיקע איבערלעבענישן אן אויסגענומענע פעסטקייט אזוי, אז מע קאָן ניט אויסרעכענען אף דעם, אז זיי וועלן זייער גיך באזייטיקט ווערן, און צווייטנס, — און דאָס איז דער איקער — באטייט דער „נאטירלעכער וועג" ניט קיין אנדער זאך, ווי דאָס אויסשטארבן פונעם פויערטום, וועלכע זיינען פ א ק ט י ש (אדאנק די אָפארבעטונגען א. א. וו.) צוגעבונדן צו דער ערד און פארשקלאפט בא די פריצים. עס פארשטייט זיך, אז בא אזעלכע באדינגונגען קאָנען די ס"ד-מען ניט פארשווייגן די דאָזיקע פראגע אין זייער פראָגראם. מע וועט אונדז פרעגן: ווי וואָלט די דאָזיקע פאָדערונג געקאָנט פארווירקלעכט ווערן? מיר רעכענען, אז וועגן דעם דארף מען אין פראָגראם ניט ריידן. געוויס, די פארווירקלעכונג פון דערהאָזיקער פאָדערונג (וועלכע הענגט אָפ, ווי די פארווירקלעכונג קימאט פון אלע פאָדערונגען פון דעמאָזיקן אָפטייל, פונעם קויעך פון די רעוואָליוציאָנערע עלעמענטן אינעם פויערטום) וועט פאָדערן, די אָרטיקע באדינגונגען זאָלן אלזייטיק באטראכט ווערן דורך אָרטיקע געוויילטע פויערשע קאָמיטעטן — צום קעגנזאץ צו יענע פריצישע קאָמיטעטן, וועלכע פלעגן באגיין זייער „געזעצלעכע" רויבעריי אין די 60-ער יאָרן; די דעמאָקראטישע פאָדערונגען פון דערהאָזיקער פראָגראם באשטימען גענוג יענע דעמאָקראטישע אינסטיטוציעס, וועלכע וואָלטן צוליב דעם געווען נייטיק. דאָס וואָלט טאקע געווען יענס „ראדיקאלע איבערקוקן די אגרארע פארהעלטענישן", וועגן וועלכן עס רעדט די פראָגראם פון דער גרופע „באפרייונג פון דער ארבעט". ווי ס'איז שוין העכער געווען באמערקט, זיינען מיר אין פרינציפ איינשטימיק מיט דעמדאָזיקן פונקט פונעם פראָיעקט פון דער גרופע „באפרייונג פון דער ארבעט" און וואָלטן בלויז וועלן (1) אויסריידן די באדינגונגען, בא וועלכע דער פראָלעטאריאט קאָן קעמפן פאר די קלאסן-אינטערעסן פונעם פויערטום; (2) באשטימען דעם כ א ר א ק ט ע ר פונעם איבערקוקן: פארניכטן די רעשטן פון דער לייבייגנשאפטלעכער אָפהענגיקייט; (3) אויסדריקן די פאָדערונגען קאָנקרעטער. — מיר זעען פאָרויס נאָך א דערווידערונג: דאָס איבער-

* בארשטשינע (אין ווייסרוסלאנד און אוקראינע — פאנשטשינע) — געצוווּנגענע ארבעט פונעם לייבייגענעם פויער אפן פאָרעץ.
איב.

זוכן די פראגע וועגן די אָפּגעשניטענע ערדן א. א. וו. מוז פירן דערצו דידאָזיקע ערדן זאָלן אומגעקערט ווערן די פויערים. דאָס איז קלאָר. און דאָס וועט דען ניט באַפעסטיקן דאָס קלײנאײגנטום, די קלײנע פּאַרצעלע? — די טאַץ. דעמאָקראַטן קאָנען דען וועלן, די גרויסע קאַפּיטאַליסטישע ווירטשאַפט וועלכע ווערט עפּשער געפירט אויף די אָנגעראַבירטע פּריצישע ערדן, זאָל פאַרביטן ווערן מיט אַ קלײנווירטשאַפט? דאָס וואָלט דאָך געווען אַ רעאַקציאָנער מאָסמיטל! — מיר ענטפערן: אָן צווייפל — פאַרבײַטן א גרויסע ווירטשאַפט מיט אַ קלײנער איז רעאַקציאָנער, און מיר דאַרפן דערפאַר ניט שטיין. אָבער די אָנאַליזירטע פאָדערונג איז דאָך *באַדינגט* דורך דעם ציל צו „פאַרניכטן די רעשטן פון לײַבײגנשאַפטלעכער אָפּהענגיקייט" — ד. ה. זי קאָן ניט פירן צו אַ צעברעקלונג פון די גרויסע ווירטשאַפטן; זי באַציט זיך בלויז צו די אַלטע ווירטשאַפטן, וואָס אין טאָך געהערן זיי צום רײַנעם באַרשטשינע-טיפּ, — און *אין באַציונג* צו זיי איז א פויערשע ווירטשאַפט, וועלכע איז פריי פון אַלע מיטלאַלטערלעכע פענטעס (ז. פּ. 3), *ניט רעאַקציאָנער, נאָר פּראָגרעסיוו*. נאַטירלעך, דאָ איז ניט גרינג דורכצופירן אַ שײַדליניע, אָבער מיר רעכענען דאָך גאָרניט, אַז וועלכע ניט איז פאָדערונג פון אונדזער פּראָגראַם זאָל זײַן גרינג „דורכפירלעך". אונדזער זאַך איז: אָנמערקן די גרונטפּרינציפּן און די גרונט-אויפגאַבן, און וועגן די פּראַטים וועלן קאָנען זאָרגן יענע, וועמען ס'וועט אויסקומען פּראַקטיש צו לייזן דידאָזיקע אויפגאַבן.

דער לעצטער פּונקט שטרעבט לויט זײַן ציל צו דעמזעלביקן, ווי דער פאָרגייענדיקער: צום קאַמף אַקעגן אַלע רעשטן (וועלכע זײַנען אַזוי רײַכלעך פאַראַן אינעם רוסישן דאָרף) פון דעם פאָרקאַפּיטאַליסטישן פּראָדוציר-אויפן. ווי ס'איז באַקאַנט, דעקט די פויערשע אָרענדע אין רוסלאַנד בלויז צו אַן איבערלעבעניש פון די באַרשטשינע-פאַרהעלטענישן. און די אידיי פון דעם דאָזיקן לעצטן פּונקט האָבן מיר גענומען בײַ קאַוטסקין. אָנווײַזנדיק דערויף, אַז בענוגייע צו אירלאַנד האָט שוין דאָס ליבעראַלע מיניסטעריום פון גלאַדסטאָן דורכגעפירט אינעם יאָר 1881 א געזעץ וועגן געבן דעם געריכט דאָס רעכט צו פאַרקלענערן די צו הויכע פּרייזן, האָט קאַוטסקי אײַנגעשלאָסן צווישן די ווינטשנסווערטע פאָדערונגען אזא פאָדערונג: „פאַרקלענערונג פון די צו הויכע אָרענדע-געצאָלטן דורך געריכט-אַנשטאַלטן, וועלכע ווערן באַשאַפן צוליב דעם דאָזיקן ציל". אין רוסלאַנד וואָלט דאָס געווען באַזונדערס נוצלעך (נאַטירלעך, בײַ אַ דעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע פון דידאָזיקע געריכטן) אינעם זינען פון אַרויסשטויסן די באַרשטשינע-פאַרהעלטענישן. מיר רעכענען, אַז מע וואָלט געקאָנט אָנשליסן דערצו אויך די פאָדערונג צו פאַרשפּרייטן די געזעצן וועגן וואַכערײַ אויף קאַבאַל-אָפּמאַכן: אינעם רוסישן דאָרף איז די קאַבאַל אַנטוויקלט אַזוי אָן א מאָס ברייט, זי דריקט אַזוי שווער דעם פויער, *אַלס אַרבעטער*, זי פאַרהאַלט אַזוי געוואַלטיק דעם סאָציאַלן פּראָגרעס, אַז דער קאַמף אַקעגן איר איז באַזונדערס נייטיק. און אײַנשטעלן, אַז אַן אָפּמאַך טראָגט א קאַבאַל=

טאראקטער, א כאראקטער פון וואָכעריי, וואָלט דעם געריכט געווים זיין ניט
שווערער, אייידער אייגשטעלן, אז דאָס ארענדע=געצאָלט איז צו הויך.
אין גרויסן און גאַנצן, לויט אונדזער מיינונג, לאָזן זיך אויס די פאָדע=
רונגען, וועלכע מיר לייגן פאָר, צו צוויי גרונט=צילן: 1) פארניכטן אלע פאר=
קאַפּיטאַליסטישע, לייבייגנשאַפטלעכע אינסטיטוציעס און פארהעלטע=
נישן אין דאָרף (די דערגאנצונג פון דידאָזיקע פאָדערונגען געפינט זיך אינעם
ערשטן אָפּטייל פונעם פראַקטישן טייל פון דער פראָגראם); 2) צוגעבן דעם
קלאַסנקאַמף אינעם דאָרף אַ מער אָפענעם און באַוווּסטזיניקן כאַראַקטער. מיר
רעכענען, דאפקע אָט די פּרינציפּן דארפן דינען אלס אָנפירונג פאר דער סאָצ.
דעמאָקראטישער „אגראר=פּראָגראם“ אין רוסלאנד; — מע מוז אנטשלאָסן אָפּ=
צאַמען זיך פון די שטרעבונגען צו פארגלעטן דעם קלאַסנקאַמף אינעם
דאָרף, וועלכע זיינען אַזוי גרויס אין רוסלאַנד. די הערשנדיקע ליבעראַל=פּאָלטי=
סטישע ריכטונג אונטערשיידט זיך דאַפקע מיט אזא כאראקטער, אָבער בעשאַס
מיר וואַרפן זי אַנטשלאָסן אָפּ (ווי דאָס איז געטאָן געוואָרן אין דער „בײלאגע
צום באַריכט פון די רוסישע ס“ד אף דעם צווישנפעלקערלעכן קאָנגרעס אין
לאָנדאָן“), טאָר מען ניט פארגעסן, אז מיר מוזן אויסטיילן דעם רעוואָליו=
ציאָנערן אינהאַלט פונעם פאָלקיזם. „אָף וויפל דער פאָלקיזם איז געווען רע=
וואָלוציאָנער, דאָס הייסט ער איז אַרויסגעטראָטן אַקעגן דער שטאַנדיש=
ביוראָקראַטישער מעלוכע און די באַרבארישע פאָרמען פון עקספּלואַטאַציע און
אונטערדריקונג פון די פאָלק=מאַסן, וועלכע דידאָזיקע מעלוכע אונטערשטיצט,
אף אַזויפיל האָט דער פאָלקיזם געהארפט אריינגיין, מיט אנטשפּרעכנדיקע ענ=
דערונגען, ווי אַ באַשטאַנד=עלעמענט, אין דער פּראָגראם פון דער רוסישער
ס“ד=טיע“ (א ק ס ע ל ר אָ ד. „צו דער פראגע וועגן די היינטיקע אויפגאבן און
טאַקטיק“ ז. 7). אינעם רוסישען דאָרף פלעכטן זיך איבער אין דער היינטיקער
צייט צוויי גרונט=פאָרמען פונעם קלאַסנקאַמף: 1) קאַמף פונעם פויערטום
אַנקעגן די פּריווילעגירטע גוטבאַזיצער און אַקעגן די רעשטן פון דער לייבייגנ=
שאַפט, 2) קאַמף פון דעם אנטשטייענדיקן דאָרפישן פּראָלעטאַריאַט אַנקעגן
דער דאָרפישער בורזשואַזיע. פאר די ס. ד.—טן, פאַטירלעך, האָט דער צוויי=
טער קאמף א וויכטיקערע באדייטונג אָבער זיי איז נייטיק צו אונטערשטיצן אויך
דעם ערשטן קאַמף, אף וויפל דאָס ווידערשפּרעכט ניט
די אינטערעסן פון דער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג. די פויערשע פראגע האָט
פארנומען און פארנעמט ניט צופעליק אַזוי פיל אָרט אין דער רוסישער גע=
זעלשאַפט און אין דער רוסישער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג: דערדאָזיקער
פאקט איז בלויז אן אָפּשפּיגלונג דערפון, אז־אויך דער ערשטער קאַמף באַהאַלט
אַראַיאָם אַ גרויסע באַדייטונג.
צום שלוס מוז מען פארהיטן פון אַ מעגלעכער מיספאַרשטייעניש. מיר האָבן
גערעדט וועגן דעם „רעוואָליוציאָנערן צורוף“ פון די פויערים מיצאַד דער ס“ד=
טיע. צי באדייט דאָס ניט צעווארפן זיך, שאָדן דער נייטיקער קאָנצענטראציע

פון קויכעס צוליב דער ארבעט צווישן דעם אינדוסטריעלן פראָלעטאַריאַט? בע=
שום אויפן ניט; די נייטיקייט פון אזא קאָנצענטראַציע אָנערקענען אַ ל ע
רוסישע ס. ד.=טן, זי איז אָנגעוויזן סיי אינעם פּראָיעקט פון דער גרופּע
„באַפרייונג פון דער אַרבעט“ אינעם יאָר 1887, סיי אין דער בראָשור
„אויפגאבן פון די רוסישע ס. ד.=טן“ אינעם יאָר 1898. אַלזאָ, איז ניטאָ אַב=
סאָליוט קיין שום גרונטן מוירע צו האָבן פאַר דעם, די סאָצ. דעמ.=טן זאָלן
ניט צעוואָרפן זייערע קויכעס. אַ פּראָגראַם איז דאָך ניט קיין אינסטרוקציע:
אַ פּראָגראַם דאַרף אַרומכאַפּן די ג א נ צ ע באַוועגונג, און אין דער פּראַקטיק
קומט נאַטירלעך אויס ארויסצורוקן אפן ערשטן פּלאַן דאָס די, דאָס יענע זייט
פון דער באַוועגונג. קיינער וועט ניט שטרייטן אַקעגן דער נייטיקייט צו ריידן
אין דיזער פּראָגראַם ניט בלויז וועגן די אינדוסטריעלע ארבעטער, נאָר אויך וועגן
די לאַנדווירטשאַפטלעכע, האָגאָם קיין איינציקער רוסישער סאָציאַלדעמאָקראַט
האָט נאָך בא היינטיקער צייט ניט געקלערט אפילע צו רופן די ארבעטער אין
דאָרף ארויין בא דער איצטיקער זאכלאַגע. אָבער די ארבעטער=באַוועגונג וועט פון
זיך אליין, אפילע אויסער אונדזערע באַדינגונגען, אומפאַרמיידלעך פירן הערצו, אז
די דעמאָקראַטישע אידייען זאָלן זיך פאַרשפּרייטן אינעם דאָרף. „די אגיטאַציע
אפן באָדן פון עקאָנאָמישע אינטערעסן וועט אומפאַרמיידלעך ברענגען די ס. ד.=
טישע קרייזלעך אין אַ דירעקטן צוזאַמענשטויס מיט פאַקטן, וועלכע באַווייזן
אָנשוילעך די ענגסטע סאָלידאַרישקייט פון די אינטערעסן פון אונדזער אינ=
דוסטריעלן פּראָלעטאַריאַט מיט די פּויערשע מאַסן“ (אקסעלראָד, אויבנציטירט,
ז. 13), און אָט פאַרוואָס איז אַן אַגראַר=פּראָגראַם (אינעם אָ נ ג ע ו י ז ע נ ע ם
ז י נ ע ן: נאַטירלעך, שטרענג גערעדט, איז דאָס גאָרניט קיין „אַגראַר=
פּראָגראַם“) דרינגנדיק נייטיק פאַר די רוסישע ס. ד. אין אונדזער פּראָפּאַגאַנ=
דע און אגיטאַציע שטויסן מיר זיך שטענדיק אָן אף אַרבעטער—פּויערים, ד. ה.
אף פאַבריק=ארבעטער און זאַוואָד=ארבעטער, וועלכע האַלטן פאַרבינדונגען
מיטן דאָרף, האָבן דאָרטן קרוווים, א פאַמיליע, פאָרן אַהין. די פראַגן וועגן
אויסקויף=אָפּצאָלן, וועגן אַלגעמיינע אָרוועס, וועגן אַרענדע=געצאָלט, אינטערע=
סירן לעבעדיק אף איטלעכן שריט און טריט אַפילע דעם אַרבעטער פון דער
הויפּט=שטאָט (מיר ריידן שוין ניט וועגן די אוראַלער ארבעטער, לעמאָשל, וואָס
אין זייער סוויווע האָט אויך אָנגעהויבן אַריינצודרינגען די ס. ד. פּראָפּאַגאַנדע
און אַגיטאַציע). מיר וואָלטן ניט דערפילט אונדזער כויוו, אויב מיר וואָלטן
ניט געזאָרגט וועגן געבן אַ געוויסע דירעקטיווע פאר די ס. ד.=טן און באַוווסט=
זיניקע ארבעטער, וועלכע פאַלן ארויין אין דאָרף. ווייטער, דאַרף מען ניט פאַר=
געסן אויך וועגן דער דאָרפישער אינטעליגענץ, לעמאָשל, וועגן די פאָלקס=
לערער, וועלכע געפינען זיך אין אזא דערנידעריקטער לאַגע סיי מאַטעריעל, סיי
גייסטיק, וועלכע באַאָבאַכטן אַזוי נאָענט און פילן אף זיך אליין די רעכט=
לאָזיקייט און אונטערדריקונג פונעם פאָלק, אז ס'איז ניטאָ קיין שום ספק,

דאָס צווישן זיי וועט זיך פאַרשפּרייטן (בײַ דעם חיימעדיקן וווּקס פון דער באַוועגונג) אַ מיטגעפיל צו דעם ס. ד.=טיזם.

אַלזאָ, אַט וואָסערע עס דאַרפן זײַן, לויט אונדזער מיינונג, די באַשטאַנדטיילן פון דער פּראָגראַם פון דער רוסלענדישער ס. ד. אַרבעטער=פּאַרטיי: 1) אָנווייזונג אויף דעם גרונט=כאַראַקטער פון דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון רוסלאַנד; 2) אָנווייזונג אויף דעם אומפאַרמיידלעכן רעזולטאַט פונעם קאַפּיטאַליזם: וווּקס פון עלנט און וווּקס פון דער עמפּערונג פון די אַרבעטער; 3) אָנווייזונג אויף דעם קלאַסנקאַמף פונעם פּראָלעטאַריאַט ווי אויף דער גרונטלאַגע פון אונדזער באַוועגונג, 4) אָנווייזונג אויף די ענדצילן פון דער ס. ד. אַרבעטער=באַוועגונג, — אויף זײַן שטרעבונג צו דעראָבערן צוליב פאַרווירקלעכן דידאָזיקע צילן די פּאָליטישע מאַכט, — אויף דעם צווישנפעלקערלעכן כאַראַקטער פון דער באַוועגונג, 5) אָנווייזונג אויף דעם נייטווענדיק פּאָליטישן כאַראַקטער פונעם קלאַסנקאַמף; 6) אָנווייזונג דערויף, אַז דער רוסישער אַבסאָליוטיזם, וועלכער איז אַ באַדינגונג פאַר דער רעכטלאָזיקייט און אונטערדריקונג פונעם פאָלק און וועלכער פּראָטעזשירט די עקספּלואַטאַטאָרן, איז די הויפּט=שטערונג פאַר דער אַרבעטער=באַוועגונג, און דעריבער איז די נאָענטסטע פּאָליטישע אויפגאַבע פון דער אַרבעטער=באַוועגונג צו דעראָבערן די פּאָליטישע פרייהייט, וואָס דאָס איז אין די אינטערעסן פון דער גאַנצער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג; 7) אָנווייזונג דערויף, אַז די פּאַרטיי וועט אונטערשטיצן אַלע פּאַרטייען און שיכטן פון דער באַפעלקערונג, וועלכע קעמפן אַקעגן אַבסאָליוטיזם, אַז זי וועט פירן אַ מילכאָמע אַקעגן די דעמאַגאָגישע אינטריגעס פון אונדזער רעגירונג; 8) איבערעכענונג פון די דעמאָקראַטישע גרונט=פאָדערונגען, — ווייטער (9) פון די פאָדערונגען צוגונסטן דעם אַרבעטער=קלאַס און (10) פון די פאָדערונגען צוגונסטן די פּויערים מיט אַ דערקלערונג פונעם אַלגעמיינעם כאַראַקטער פון דידאָזיקע פאָדערונגען.

פולקום אָנערקענענדיק די שווערקייט פון דער אויפגאַבע צו געבן אַ פולקום באַפרידיקנדיקע פאָרמולירונג פון דער פּראָגראַם אָן אַ ריי באַראַטונגען מיט די כאַווייריםּ, האַלטן מיר פונדעסטוועגן פאַר נייטיק צו נעמען זיך פאַר דערהאָזיקער זאַך, רעכענענדיק, אַז אָפּלייגן זי (צוליב די אויבנאָנגעוויזענע סיבעס) טאָר מען ניט, און האָפנדיק, אַז ס'וועלן אונדז קומען צו הילף סיי אַלע טעאָרעטיקער פון דער פּאַרטיי (בעראָש מיט די מיטגלידער פון דער גרופּע „באַפרייונג פון דער אַרבעט“) און אַלע סאָציאַליסטן, וועלכע אַרבעטן פּראַקטיש אין רוסלאַנד (ניט בלויז ס. ד.=טן: עס וואָלט פאַר אונדז זײַן זייער ווינטשנסווערט צו הערן די מיינונג פון די סאָציאַליסטן פון אַנדערע פראַקציעס, און מיר וואָלטן ניט אָפּגעזאָגט זיך צו דרוקן זייערע מיינונגען) און אַלע באַוווּסטזיניקע אַרבעטער.

געשריבן סוף 1899
דעם ערשטן מאָל געדרוקט אין יאָר 1924

# מעלדונג פון דער רעדאַקציע פון „איסקראַ“
# (מוידאָע וועגן אַרויסגעבן די „איסקראַ“)*

אונטערנעמענדיק דאָס אַרויסגעבן די פּאָליטישע צייטונג „איסקראַ“, האַלטן מיר פאַר נייטיק צו זאָגן עטלעכע ווערטער וועגן דעם, צו וואָס מיר שטרעבן און וויאַזוי מיר פאַרשטייען אונדזערע אויפגאַבן.

מיר לעבן איבער זייער אַ וויכטיקן מאָמענט אין דער געשיכטע פון דער רוסישער אַרבעטער-באַוועגונג און פון דער רוסישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. די לעצטע יאָרן ווערן כאַראַקטעריזירט דורך אַן איבעראַשנדיק גיכער פאַרשפּרייטונג פון די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע אידייען צווישן אונדזער אינטעליגענץ, און אַקעגן דער דאָזיקער שטרעמונג איז עם געזעלשאַפטלעכן לעבן גייט די זעלבשטענדיק אויפגעקומענע באַוועגונג פונעם אינדוסטריעלן פּראָלעטאַריאַט, וועלכער הייבט אָן צו פאַראייניקן זיך און צו קעמפן אַקעגן זיינע אונטערדריקער, הייבט אָן גיריק צו שטרעבן צום סאָציאַליזם. קרייזלעך פון אַרבעטער און סאָציאַל-דעמאָקראַטן אינטעליגענטן דערשייגען אומעטום, עס פאַרשפּרייטן זיך אָרטיקע אַגיטאַטאָרישע בלעטלעך, עס וואַקסט די נאָכפראַגע נאָך סאָציאַל-דעמאָקראַטישער ליטעראַטור, וויט איבעריאָגנדיק דעם אָנבאָט, און די פאַרשטאַרקטע רעגירונג-פאַרפאָלגונגען זיינען ניט בעקויעך איינצוהאַלטן דיזאָזיקע באַוועגונג. די געפענקענישן זיינען אָנגעשטאָפּט, די ערטער פאַר פאַרשיקונג — איבערפולט, באַלד אימלעכן כוידעש הערט זיך וועגן „דורכפאַלן“ אין אַלע עקן רוסלאַנד, וועגן איבערנעמען טראַנספּאָרטן, וועגן קאָנפיסקירן ליטעראַטור און טיפּאָגראַפיעס, אָבער די באַוועגונג האַלט אין איין וואַקסן, ציט אַלץ מער צו די געזעלשאַפטלעכע אויפמערקזאַמקייט. און די גאַנצע עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג פון רוסלאַנד, די גאַנצע געשיכטע פונעם רוסישן געזעלשאַפטלעכן געדאַנק און פון דער רוסישער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג קאַווירן דערפאַר, אַז די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע באַוועגונג וועט וואַקסן, ניט קוקנדיק אַף אַלע מעניעס, און וועט זיי סאָפּקאָלסאָף בייקומען.

אָבער, פון דער אַנדערער זייט, איז דער הויפּט-שטריך פון אונדזער באַוועגונג, וועלכע וואַרפט זיך באַזונדערס אין די אויגן אין דער לעצטער צייט, — דאָס איז איר צעברעקלטקייט, איר אַזוי צו זאָגן קוסטאַרישער כאַראַקטער: אָרטיקע קרייזלעך קומען אויף און ווירקן אומאָפּהענגיק איינס פונעם אַנדערן און אפילע (דאָס איז באַזונדערס וויכטיק) אומאָפּהענגיק פון די קרייזלעך, וועלכע ווירקן און האָבן געווירקט אין דיזעלביקע צענטרען; עס שטעלן זיך ניט איין קיין טראַדיציעס, ס'איז ניטאָ קיין יערושעדיקייט, און די אָרטיקע ליטעראַטור

---

* „מעלדונג“ הייסט דער אַרטיקל ווירקלעך, נאָך באַווזסט איז ער אונטערן צווייטן נאָמען, אַזוי איז ער אויך אָנגערופן אין די פריערדיקע רוסישע אויסגאַבן פון לענינס ווערק, און דער ווירקלעכער נאָמען איז געגעבן אין דער נייער אויסגאַבע.

די מעלדונג האָט געשריבן לענין, נאָך די איבעריקע מיטגלידער פון דער רעדאַקציע האָבן אין איר אַריינגעטראָגן דערגאַנצונגען און ענדערונגען.

איב.

שפּיגלט אָפּ אין א פולער מאָס די צעבּרעקלטקייט און דאָס פעלן פון א פאַרבינדונג מיט דעם, וואָס די רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע האָט שוין באַשאַפן.

די ניט-אַנטשפּרעכעדיקייט צווישן דערדאָזיקער צעבּרעקלטקייט מיט די נאָכפראַגן, וועלכע ווערן ארויסגערופן דורך דער קראַפט און דער ברייטקייט פון דער באַוועגונג, באַשאַפט, לויט אונדזער מיינונג, א קריטישן מאָמענט אין איר אַנטוויקלונג. אין דער באַוועגונג גופא ווייזט זיך ארויס מיט א קראַפט, וואָס קאָן ניט איינגעהאַלטן ווערן, דאָס באַדערפעניש צו פאַרפעסטיקן זיך און אויסצואַרבעטן א באַשטימטע פיזיאָגנאָמיע און אָרגאַניזאַציע, אָבער אין דער סוויווע פון די פּראַקטיש ווירקנדיקע סאָציאַל-דעמאָקראַטן ווערט די נייטיקייט פון אַזאַ איבערגאַנג צו א העכערער פאָרם פון דער באַוועגונג ווייט ניט אומעטום באַוווסטזיניק אָנערקענט. אין גאַנץ ברייטע קרייזן באַמערקט זיך, פאַרקערט, א וואַקלונג פונעם געדאַנק, אַן אַנטציקונג מיט דער מאָדישער „קריטיק פונעם מאַרקסיזם" און מיט דער „בערנשטייניאַדע". די פאַרברייטערונג פון די אָנשויונגען פון דער אַזוי אָנגערופענער „עקאָנאָמיסטישער" ריכטונג און אין א אומצערייסלעכער פאַרבינדונג דערמיט — די שטרעבונג צו פאַרהאַלטן די באַוועגונג אויף איר נידעריקסטער סטאַדיע, די שטרעבונג אָפּצורוקן אויפן צווייטן פּלאַן די אויפגאַבע צו בילדן א רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי, וועלכע פירט א קאַמף בעראָש פונעם גאַנצן פאָלק. אַז אַזאַ מין וואַקלונג פונעם געדאַנק באַמערקט זיך צווישן די רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן, אַז דער שמאָלער פּראַקטיציזם, אָפּגעריסן פון דער טעאָרעטישער באַוועגונג אין איר גאַנצן, דראָט אַראָפּצופירן די באַוועגונג אויף א פאַלשן וועג, דאָס איז א פאַקט, אין דעם קאָנען ניט צווייפלען די מענטשן, וועלכע זיינען אומיטלבאַר באַקאַנט מיט דער לאַגע אין דער מערהייט פון אונדזערע אָרגאַניזאַציעס. ס'איז אויך פאַראַן ליטעראַרישע ווערק, וועלכע באַשטעטיקן דאָס: עס איז גענוג אָנצורופן לעפּאָכעם דאָס „קרעדאָ" *, וואָס האָט שוין ארויסגערופן א פולקום געזעצלעכן פּראָטעסט *, די באַזונדער ביילאַגע צו „ראַבאָטשאַיאַ מיסל" (סעפּטיאַבער 1899), וועלכע דריקט אויס אַזוי בולט די טענדענץ, וואָס דרינגט דורך די גאַנצע צייטונג „ראַבאָטשאַיאַ מיסל", אָדער ענלעך — דער אויפרוף פון דער פּעטערבורגער „גרופּע פון זעלבסטבאַפרייונג פונעם אַרבעטערקלאַס", צונויפגעשטעלט אינעם גייסט פון דעמזעלביקן „עקאָנאָמיזם", און ענלעך, ס'איז גאָר ניט-ריכטיק די באַהויפּטונג פון „ראַבאָטשעיע דיעלאָ" **, אַז „קרעדאָ"

* ז. העכער אינעם זעלביקן בוך, ז"ז 53—66.

איב.

** „ראַבאָטשעיע דיעלאָ"—א ס. ד. אָרגאַן (ארויסגעגאַנגען אין אויסלאַנד פון אַפּריל 1899 ביז מאַרץ 1902 פונעם „פאַרבאַנד פון די ר. טישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן"; רעדאַקטאָרן ב. קריטשעווסקי און מאַרטינאָוו). „ראַבאָטשעיע דיעלאָ" איז מעסיקער פאַר „ראַבאָטשאַיאַ מיסל", אָבער אין טאָך איז דאָס דיזעלביקע אָפּאָרטוניסטישע ריכטונג. די טעזיסן פון ראַב. דיעלאָ: 1) די פּראָפּאַגאַנדע פון די „עקאָנאָמיסטן" און פון די „פּאָליטיקער" — דאָס זיינען פאַרשיידענע, אָבער נייטיקע סטאַדיעס פון איינעם און דעמזעלביקן פּראָצעס; 2) דאָס וויכטיקסטע איז די ס ט י כ י ש ע באַוועגונג פון די אַרבעטער-מאַסן, די אידעאָלאָגן פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע דאַרפן זיך רעכענען מיט די באַזונדערקייטן פון דער רוסישער אַרבעטער-באַוועגונג אויף דער געגעבענער שטופע פון איר אַנטוויקלונג; 3) דער איבערגאַנג צו דער „פּאָליטיק" ווערט באַדינגט בלויז דורך

שטעלט פאַר מיט זיך ניט מער, ווי א מייגונג פון איינצלנע פערזאָנען, אז די
ריכטונג פון „ראַבאָטשאיא מיסל“ דריקט אויס בלויז די צעשומלטקייט פון איר
רעדאקציע, און ניט א באזונדער ריכטונג איגעם גאנג גופא פון דער רוסישער
ארבעטערבאוועגונג. און נעבן דעם איז אין די ווערק פון די שריפטשטעלער,
וועמען דאָס לייענערפובליקום האָט מיט א גרעסערן אָדער קלענערן גרונט
ביז איצט געהאלטן פאר אָנגעזעענע פאָרשטייער פונעם „לעגאלן“ מארקסיזם*,
אין די־דאָזיקע ווערק אַנטפּלעקט זיך אלץ מער און מער א ווענדונג צו אָנשויונגען,
וועלכע דערנענטערן זיך צו דער בורזשואזער אַפּאָלאָגעטיק **. אלס רעזולטאט
פון אלעם דעם האָבן מיר יענע צעפאָרנקייט און יענע אנארכיע, אדאנק וועלכער
דער עקסמארקסיסט אָדער, ריכטיקער, עקס־סאָציאליסט בערנשטיין, איבערע־
בענעדיק זיינע דערפאָלגן, האָט געקאָנט דערקלערן אין דער פרעסע, ניט בא־
גענענדיק קיין דערגידערונגען, אז קלוימערשט די מערהייט סאָציאל־דעמאָ־
קראטן, וועלכע ווירקן אין רוסלאנד, באשטייט פון זיינע אָנהענגער ***.

מיר ווילן ניט איבערטרייבן די געפערלעכקייט פון דער לאגע, אָבער פארמאכן
אף איר די אויגן וואָלט זיין אָן א מאָס שעדלעכער; אָט פארוואָס מיר באגריסן
פונעם גאנצן הארצן דעם באשלוס פון דער גרופּע „באפרייונג פון דער ארבעט“
ווידער אָנצוהייבן איר ליטערארישע טעטיקייט און אָנהייבן א סיסטעמאטישן
קאמף אנקעגן די פרוון צו פארדרייען און וואולגאריזירן דעם סאָציאל־דעמאָ־
קראטיזם.

פון אלעם דעם דארף מען מאכן אזא פראקטישן אויספיר: מיר, די רוסישע
סאָציאל־דעמאָקראטן, דארפן זיך צוזאמענשליסן און אָנווענדן אלע באמיונגען

---

דער דירעקטער אומעגלעכקייט צו פירן א שטרייק־קאמף בא די באדינגונגען פון זעלבסט־
הערשעריש־פּאָליצייִשן רעזשים.
אָנמערקונג צו דער רוס. אויסג.

אן אויספירלעכע קריטיק פון „ראב. דיעלאָ“ וועט דער לעזער געפינען אין לענינס —
„וואָס דארף מען טאָן?“ (2־טער טייל פונעם איצטיקן באנד). איב.

* לעגאלער מארקסיזם. אָפּאָרטוניסטישע ריכטונג אין דער רוסישער ס. ד. פון די
90־ער יאָרן, דאָס בוך פונעם אָנגעזעענעם פאָרשטייער פונעם לעגאלן מארקסיזם סטרוווע
(„קריטישע נאָטיצן צו דער פראגע וועגן דער עקאָנאָמישער אנטוויקלונג אין רוסלאנד“) —
האָט לענין אָנגערופן: „אָפּשפּיגלונג פונעם מארקסיזם אין דער בורזשואזער ליטעראטור“.
די לעגאלע מארקסיסטן — סטרוווע, בולגאקאָוו, טוגאן־באראנאָווסקי און אנד. — האָבן
אָנגענומען דעם מארקסיזם אף אזויפיל, אף וויפל ער האָט דערוויזן די אומפארמיידלעכקייט
פון דער קאפיטאליסטישער אנטוויקלונג אין רוסלאנד. אָבער דעם רעוואָלוציאָנערן
טאָך פונעם מארקסיזם האָבן זיי ניט אָנגענומען. זיי זיינען אין טאָך געווען אידעאָלאָגן
פון דער בורזשואזיע און זיינען אינגיכן אלע אוועק פון דער סאָציאל־דעמאָקראטיע.
איב.

** אפּאָלאָגיע — לויב־געזאנג. בורזשואזע אַפּאָלאָגעטיק הייסט — לויב־באציונג צו
דער בורזשואזער אָרדענונג.

*** אין איינעם פון די קאפּיטלעך פון בערנשטיינס בוך („די פאָרהאנאָכעס פונעם
סאָציאליזם א. א. וו.) האָט ער, פּאָלעמיזירנדיק מיט פּלעכאנאָוון, געשריבן:
„קעדיי ארויסצושטעלן אין עמעצן ליכט דעם ה. פּלעכאנאָווס פּאָלעמישע מעטאָדן, מוז
איך דערמאָנען, אז ניט גרויסער, אויב ניט דער גרעסטער טייל פון די רוסישע סאָציאל־
דעמאָקראטן, וועלכע ארבעטן אין רוסלאנד, דערונטער די פירער פון דער רוסישער אר־
בעטער־ציַיטונג, האָבן זיך אנטשיידן אָנגעשלאָסן צו א שטאנדפונקט, וועלכער איז נאָענט
צו מיינעם, און אז אייניקע מיינע „אינהאלטלאָזע“ ארטיקלען זיינען איבערזעצט גע־
וואָרן אין רוסיש און פארשפרייט געוואָרן אין באזונדערע אויסגאבן“.
פון די אָנמערקונגען צו דער לעצטער רוס. אויסגאבע.

אַף בילדן א פעסטע פּאַרטיי, וואָס זאָל קעמפן אונטער דער איינהייטלעכער פאָן פון דער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. גראַדע דיזאָזיקע אויפגאַבע איז אָנגעמערקט געוואָרן שוין דורך דעם צוזאַמענפאָר פונעם יאָר 1898, וועלכער האָט געבילדעט די רוסלענדישע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע ארבעטער-פּאַרטיי און האָט פאַרעפנטלעכט איר „מאַניפעסט“.

מיר אָנערקענען זיך פאַר מיטגלידער פון דערהאָזיקער פּאַרטיי, מיר טיילן פולשטענדיק די גרונט-אידייען פונעם „מאַניפעסט“ און גיבן אים צו א וויכטיקע באַדייטונג, ווי צו אן אָפענע דערקלערונג פון אירע צילן. פאַר אונדז, ווי פאַר מיטגלידער פון דער פּאַרטיי, שטעלט זיך דעריבער די פראַגע וועגן אונדזערער גאָענטסטער און דירעקטער אויפגאַבע אזוי: וואָס פאַר א טעטיקייטס-פּלאַן דאַרפן מיר אָננעמען, כדי דערגרייכן א מעגלעך פעסטערע ווידערופשטעלונג פון דער פּאַרטיי?

דער געוויינלעכער ענטפער אַף דערדאָזיקער פראַגע באַשטייט אין דעם, אז מע מוז ווייטער אויסקלייבן א צענטראַלע אינסטיטוציע און באַויפטראָגן זי — ווידערופשטעלן דעם פּאַרטיי-אָרגאַן. אָבער אינעם פעריאָד פון צעפּאָרנקייט, וועלכן מיר לעבן איבער, וואָלט אזא איינפאַכער וועג קוים געווען צוועקמעסיק.

באַשאַפן און באַפעסטיקן די פּאַרטיי הייסט באַשאַפן און באַפעסטיקן די פאַראייניקונג פון אַלע רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן, און צוליב די אויבנאָנגעוויזענע סיבעס קאָן מען אזא פאַראייניקונג ניט דעקרעטירן, מע קאָן זי ניט אויספירן בלויז לויט א באַשלוס, לאָמיר זאָגן, פון א וועלכער ניט איז פאָרשטעטער-פאַרזאַמלונג, מע מוז זי אויסאַרבעטן. מע מוז אויסאַרבעטן, ערשטנס, א פעסטע אידייִשע פאַראייניקונג, וועלכע שליסט אויס יענע פאַרשיידנשטימיקייט און יענעם פּלאָנטער, וועלכע, — לאָמיר זיין אָפנהאַרציק, — הערשן אין דער הייִנטיקער צייט צווישן די רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן; מע מוז פאַרפעסטיקן דיזאָזיקע אידייִשע פאַראייניקונג דורך א פּאַרטיי-פּראָגראַם. מע מוז, צווייטנס, אויסאַרבעטן אן אָרגאַניזאַציע, וועלכע זאָל ספּעציעל געווידמעט זיין די באַציונגען צווישן אַלע צענטרען פון דער באַוועגונג, דער צושטעלונג פון פולע און באַצייטנדיקע ידיעות וועגן דער באַוועגונג, דער רעגלמעסיקער באַזאָרגונג פון אַלע עקן רוסלאַנד מיט פעריאָדישער פּרעסע.

בלויז דעמאָלט, ווען ס'וועט זיך אויסאַרבעטן אזא אָרגאַניזאַציע, ווען ס'וועט באַשאַפן ווערן א רוסישע סאָציאַליסטישע פּאָסט, וועט די פּאַרטיי באַקומען א פעסטן קיעם און וועט ווערן א רעאַלער פאַקט און אַלזאָ אויך א מעכטיקער פּאָליטישער קויער.

דער ערשטער העלפט פון דערדאָזיקער אויפגאַבע, ד. ה. דער אויסאַרבעטונג פון אן אַלגעמיינער, פּרינציפּיעל אויסגעהאַלטענער ליטעראַטור, וועלכע איז פעיִק אידייִש צו פאַראייניקן די רעוואָלוציאָנערע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, האָבן מיר באַדייט צו ווידמען אונדזערע קויכעס, זעענדיק אין דעם א לעבנס-באַדערפעניש פון

דער היינטיקער באוועגונג און א נייטיקן צוגרייטונג=שריט צום אופשטעלן די
טעטיקייט פון דער פארטיי.

ווי מיר האָבן שוין גערערט, דארף מען נאָך ערשט אויסארבעטן די אידיי=
ישע פארייניקונג פון די רוסישע סאָציאַל=דעמאָקראטן. דערצו איז לויט אונדזער
מיינונג נייטיק, אז אָפענע און אלזייטיקע באהאנדלונג פון די גרונט=פראגן, די
פרינציפיעלע און טאקטישע, וועלכע ס'האָבן אופגעהויבן די מאָדערנע „עקאָנאָ=
מיסטן", בערנשטייניאנער און „קריטיקער".

איידער פארייניקן זיך און קעדיי פארייניקן זיך, מוזן מיר פון אָנהייב אנט=
שיידן און באשטימט פאנאנדערגרענעצן זיך. אנדערש וואָלט אונדזער פארייני=
קונג זיין בלויז א פיקציע, וועלכע דעקט צו די עקזיסטירנדיקע צעפאָרנקייט און
שטערט, דידאָזיקע צעפאָרנקייט זאָל ראדיקאל באזייטיקט ווערן. עס איז דערי=
בער פארשטענדלעך, אז מיר האָבן ניט בעדייע צו מאכן פון אונדזער אָרגאן א
פּאָשעטן לאגער פון פארשיידנאַרטיקע אָנשוויונגען. פארקערט, מיר ווען אים
פירן אינעם גייסט פון א שטרענג באשטימטער ריכטונג. דידאָזיקע ריכטונג
קאָן אויסגעדריקט ווערן מיטן וואָרט: מארקסיזם, און מיר דארפן קוים צוגעבן,
אז מיר שטייען פאר א קאָנסעקוועטער אַנטוויקלונג פון מאַרקס און ענגעלס
אידייען און וואַרפן אָפּ אנטשלאָסן יענע האלבלעכע, צעשווומענע און אָפּאָרטו=
ניסטישע איבערבעסערונגען, וועלכע זיינען איצט אריין אין אזא מאָדע אדאנק דער
גרינגער האנט פון עד. בערנשטיין, סטרוווע און פיל אנדערע. אָבער, באטראכטנ=
דיק אלע פראגן פון אונדזער באשטימטן שטאנדפונקט, וואַרפן מיר גאָרניט
אָפּ קיין פּאָלעמיק צווישן כאווירים אף די זייטן פון אונדזער אָרגאן. אן אָפענע
פּאָלעמיק פאר אלע רוסישע סאָציאַל=דעמאָקראטן און באוווסטזיניקע ארבעטער
איז נייטיק און ווינשנסווערט, קעדיי קלאָרצומאכן די טיפקייט פון די עקזיס=
טירנדיקע מיינונג = פארשיידנהייטן, קעדיי אַלזייטיק באַהאַנדלען די שטרייט=
פראגן, קעדיי צו קעמפן אנקעגן עקסטרעמקייטן, אין וועלכע ס'פאלן אומפארמייד=
לעך אריין ניט בלויז פאָרשטייער פון פארשיידענע מיינונגען, אָבער אפילע פאָר=
שטייער פון פארשיידענע ערטער פון פארשיידענע „פאכן" פון דער רעוואָ=
ליוציאָנערער באוועגונג. מיר רעכענען אפילע, ווי ס'איז שוין באמערקט געוואָרן
פריער, פאר איינעם פון די כעסרוינעס פון דער היינטיקער באוועגונג דאָס, וואָס
עס איז ניטאָ קיין אָפענע פּאָלעמיק צווישן בעפיירעש ניט איינשטימיקע אָנ=
שויונגען, דאָס, וואָס מ'עט שטרעבט האַלטן אונטער א צודעק מיינונג=פאר=
שיידנהייטן, וועלכע האָבן א שייכעס צו זייער וויכטיקע פראגן.

מיר וועלן ניט איבערעכענען אויספירלעך יענע פראגן און טעמעס, וועלכע גייען
אריין אין פּראָגראם פון אונדזער אָרגאן, ווייל דאָסדאָזיקע פּראָגראם פליסט פון
זיך אליין ארויס פונעם אלגעמיינעם באגריף וועגן דעם, וואָס עס דארף זיין א
פּאָליטישע צייטונג, וועלכע ווערט ארויסגעגעבן בא די געגעבענע באדינגונגען.

לויט אונדזערע קויכעס וועלן מיר שטרעבן, אז אלע רוסישע כאווירים זאָלן
קוקן אף אונדזער אויסגאַבע ווי אף זייערן אן אָרגאן, אין וועלכן איטלעכע גרופּע

זאָל מיטיילן אַלע יעדנס וועגן דער באַוועגונג, מיט וועמען זי זאָל זיך טיילן מיט איר דערפאַרונג, מיט אירע אָנשווינגען, מיט אירע נאָכפראַגן אף ליטעראַטור, מיט איר אָפּשאַצונג פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אויסגאַבן, זאָל זיך טיילן, מיט איין וואָרט, מיט אַלעם דעם, וואָס זי טראָגט אַריין אין דער באַוועגונג און וואָס זי טראָגט פון איר אַרויס. בלויז בא אַזא באַדינגונג וועט מעגלעך זיין צו באַשאַפן א ווירקלעך אַלגעמיין־רוסישן סאָציאַל־דעמאָקראַטישן אָרגאַן. בלויז אַזא אָרגאַן איז פעיִק אַרויסצופירן די באַוועגונג אף א ברייטן וועג פונעם פּאָליטישן קאַמף. „פאַנאַנדערוקן די ראַמען און פאַרברייטערן דעם אינהאַלט פון אונדזער פּראָפּאַגאַנדיש־אַגיטאַטאָרישער און אָרגאַניזאַציאָנעלער טעטיקייט“,— דידאָזיקע ווערטער פון פּ. ב. אַקסעלראָד * דאַרפן ווערן א לאָזונג, וועלכער באַשטימט אין דער נאָענטסטער צוקונפט די טעטיקייט פון די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן, — און מיר נעמען אָן דעמדאָזיקן לאָזונג אין פּראָגראַם פון אונדזער אָרגאַן.

מיר ווענדן אונדזער צורוף ניט בלויז צו די סאָציאַליסטן און צו די באַוווסטזיניקע אַרבעטער. מיר רופן אויך די אַלע, וועמען ס'דריקט און שטיקט די היינטיקע פּאָליטישע אָרדענונג, מיר לייגן זיי פאָר די זייטן פון אונדזערע אויסגאַבן פאַר דעמאַסקירן אַלע נידערטרעכטיקייטן פון דער רוסישער זעלבסטהערשונג.

ווער ס'פאַרשטייט די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, ווי אַן אָרגאַניזאַציע, וועלכע דינט אויסשליסלעך דעם סטיכישן קאַמף פונעם פּראָלעטאַריאַט, דער קאָן זיך באַפרידיקן בלויז מיט אַן אָרטיקער אַגיטאַציע און מיט א „ריין־אַרבעטערשער“ ליטעראַטור. מיר פאַרשטייען די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע ניט אַזוי: מיר פאַסן זי אויף, ווי א רעוואָליוציאָנערע פּאַרטיי, וועלכע איז אומצערייסלעך פאַרבונדן מיט דער אַרבעטער־באַוועגונג און געווענדעט אַנקעגן אַבסאָליוטיזם. נאָר זייענדיק אָרגאַניזירט אין אַזא פּאַרטיי, וועט דער פּראָלעטאַריאַט, דער דאָזיקער רעוואָליוציאָנערסטער קלאַס פונעם היינטיקן רוסלאַנד, אימשטאַנד זיין אויסצופילן די היסטאָרישע אויפגאַבע, וועלכע ליגט אף אים: פאַרייניקן אונטער איר פאָן אַלע דעמאָקראַטישע עלעמענטן פונעם לאַנד און דערפירן ביזן סאָף דעם אַקשאָנעסדיקן קאַמף פון א גאַנצער ריי אומגעקומענע דורות דורך א ענדגילטיקן טריומף איבער דעם פאַרהאַסטן רעזשים.

---

* אַקסעלראָד. איינער פון די גרינדער פון דער גרופּע „באַפרייונג פון דער אַרבעט“. זיינע ליטעראַרישע אַרבעטן אין יענעם פּעריאָד זיינען הויכגעשעצט געוואָרן צווישן די דעמאָלטיקע רוסישע ס. ד. און אויך פון לענינען. פונעם 1900 איינער פון די רעדאַקטאָרן פון דער „איסקרא“. אפן 2־טן צוזאַמענפאָר צוגעשטאַנען צו די מענשעוויקעס און איז געוואָרן איינער פון די אָנגעזעענסטע מענשעוויסטישע פירער. אים געהערט, לעמאָשל, די אידיי פונעם „אַרבעטער־צוזאַמענפאָר“, וועלכן די באָלשעוויקעס האָבן אומבאַרעכמאָנעסדיק באַקעמפט. אין די יאָרן פון רעאַקציע — ליקווידאַטאָר. נאָך דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע און ביז זיין טויט איינער פון די לידערס פון 2־טן אינטערנאַציאָנאַל, א דאַס סוינע פון דער ראַטנמאַכט און פונעם באָלשעוויזם.

איב.

די צייטונג וועט אַרויסגיין אין פּאַרגעם אַן ערעך פון 1—2 דרוקבויגן אַ נומער.

דער טערמין פון אַרויסגאַנג ווערט פון פריִער ניט באַשטימט, אַדאַנק די באַדינגונגען פון דער רוסישער אומלעגאַלער פּרעסע.

עס איז אונדז צוגעזאָגט געוואָרן די מיטאַרבעטערשאַפט פון עטלעכע אָנגעזעענע פאָרשטייער פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, דער גאָענטסטער אָנטייל פון דער גרופּע „באַפרייונג פון דער אַרבעט" (ג. וו. פּלעכאַנאָוו, פּ. ב. אַקסלראָד, וו. אי. זאַסוליטש) און די אונטערשטיצונג מיצאַד עטלעכע אָרגאַניזאַציעס פון דער רוסלענדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־פּאַרטיי, ווי אויך מיצאַד אייגצלנע גרופּן פון רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן.

אָנגעשריבן אין סעפּטעמבער 1900
געדרוקט צוערשט אין אָקטיאַבער 1900
אַלס באַזונדער בלעטל

# די לעבנס-אויפגאַבן פון אונדזער באַוועגונג

די רוסישע סאָציאַלדעמאָקראַטיע האָט שוין ניט איינמאָל געמאָלדן, אַז די נאָענטסטע פּאָליטישע אויפגאַבע פון דער רוסישער אַרבעטער־פּאַרטיי דאַרף זיין— אַראָפּוואַרפן די זעלבסטהערשונג, דעראָבערן פּאָליטישע פרייהייט. דאָס האָבן מיט איבער 15 יאָר צוריק געמאָלדן די פאָרשטייער פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, די מיטגלידער פון דער גרופּע „באַפרייונג פון דער אַרבעט", דאָס האָבן מיט צוויי־און־האַלב יאָר צוריק געמאָלדן אויך די פאָרשטייער פון די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן אום פרילינג 1898 געבילדעט די רוסלענדישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבעטער־פּאַרטיי. אָבער ניט קוקנדיק אַף דידאָזיקע פילמאָליקע מעלדונגען, טרעט איצט די פראַגע וועגן די פּאָליטישע אויפגאַבן פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אין רוסלאַנד ווייטער אַרויס אַף דער טאָגאָרדענונג. פיל פאָרשטייער פון אונדזער באַוועגונג דריקן אויס אַ צווייפל אין דער ריכטיקייט פון דער אָנגעוויזענער לייזונג פון דער פראַגע. מע זאָגט, אַז דער עקאָנאָמישער קאַמף האָט אַ דאָמינירנדיקע באַדייטונג, מע רוקט אָפּ אַפן צווייטן פּלאַן די פּאָליטישע אויפגאַבן פונעם פּראָלעטאַריאַט; מע באַגרעניצט און מע פאַרשמעלערט דידאָזיקע אויפגאַבן, מע מעלדעט אפילע, אַז די גערעדן וועגן בילדן אַ זעלבשטענדיקע פּאַרטיי אין רוסלאַנד זיינען פּאַשעט אַן איבערכאַזערונג פון פרעמדע ווערטער, אַז די אַרבעטער דאַרפן פירן בלויז אַן עקאָנאָמישן קאַמף, איבערלאָזנדיק די פּאָליטיק די אינטעליגענטן אין בונד מיט די ליבעראַלן. דידאָזיקע לעצטע מעלדונג פון נייעם אַנימיימין (דאָס מעפורסעמטע „קרעדאָ") לאָזט זיך שוין דירעקט אויס צו אָנערקענען דעם רוסישן פּראָלעטאַריאַט פאַר ניט מינדיק און צו לייקענען אינגאַנצן די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּראָגראַם. און די „ראַבאָטשאַיאַ מיסל" (באַזונדערס אין דער „באַזונדע־

דער ביילאַגע") האָט אייגנטלעך אַרויסגעזאָגט זיך אין דעמזעלביקן זינען. די רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע לעבט איבער אַ פּעריאָד פון וואַקלונגען, אַ פּעריאָד פון ספּייקעס, וועלכע דערגייען ביז לייקענען זיך אַליין. פון איין זייט רייסט זיך די אַרבעטער-באַוועגונג אָפּ פונעם סאָציאַליזם; מע העלפט די אַרבעטער צו פירן אַ עקאָנאָמישן קאַמף, אָבער מע דערקלערט זיי דערביי גאָרניט אָדער מע דערקלערט ניט גענוג די סאָציאַליסטישע צילן און פּאָליטישע אויפגאַבן פון גאָר דער באַוועגונג איינגאַנצן. פון דער אַנדער זייט רייסט זיך דער סאָציאַליזם אָפּ פון דער אַרבעטער-באַוועגונג: די רוסישע סאָציאַליסטן הייבן ווייטער אָן אַלץ מער און מער צו ריידן וועגן דעם, אַז דעם קאַמף אַקעגן דער רעגירונג דאַרף פירן בלויז מיט די אייגענע קויכעס די אינטעליגענץ, ווייל די אַרבעטער באַגרענעצן זיך בלויז מיטן עקאָנאָמישן קאַמף.

דרייערליי אומשטאַנדן האָבן לויט אונדזער מיינונג צוגעגרייט דעם באָדן פאַר די דאָזיקע טרויעריקע דערשיינונגען. ערשטנס, האָבן די רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן אין אָנהייב פון זייער טעטיקייט באַגרענעצט זיך בלויז מיט פּראָפּאַגאַנדיסטישער קרייזל-אַרבעט. אַריבערגייענדיק צו דער אַגיטאַציע אין די מאַסן, האָבן מיר ניט שטענדיק געקאָנט איינהאַלטן זיך פון אַרײַנפאַלן אין דער צווייטער עקסטרעמקייט. צווייטנס, האָבן מיר אין אָנהייב פון אונדזער טעטיקייט געמוזט זייער אָפט פאַרטיידיקן אונדזער רעכט אויף קיום אינעם קאַמף מיט די נאַראָדאָוואָלצעס, וועלכע האָבן אונטער „פּאָליטיק" פאַרשטאַנען אַ טעטיקייט, וואָס איז געווען אָפּגעריסן פון דער אַרבעטער-באַוועגונג, וועלכע האָבן פאַרשמעלערט די פּאָליטיק בלויז ביז פאַרשווערערישן קאַמף. אָפּוואַרפנדיק איר פּאָליטיק, זיינען די סאָציאַל-דעמאָקראַטן אַרײַנגעפאַלן אין אַן עקסטרעמקייט, אָפּרוקנדיק אויפן צווייטן פּלאַן די פּאָליטיק ביכלל. דריטנס, האָבן די סאָציאַל-דעמאָקראַטן, צעברעקלטערהייט ווירקנדיק אין די אָרטיקע קליינע אַרבעטער-קרייזלעך, ניט גענוג אַכטונג געגעבן אויף דער נייטיקייט צו אָרגאַניזירן אַ רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי, וועלכע פאַראייניקט די גאַנצע טעטיקייט פון די אָרטיקע גרופּן און גיט די מעגלעכקייט ריכטיק אַוועקצושטעלן די רעוואָלוציאָנערע אַרבעט. און ווען ס'דאָמינירט צעברעקלטע אַרבעט, איז דאָס נאַטירלעך פאַרבונדן מיטן דאָמינירן פונעם עקאָנאָמישן קאַמף.

אַלע אָנגעוויזענע אומשטענדן האָבן געבראַכט דערצו, אַז מע איז פאַרכאַפּט געוואָרן דורך איין זייט פון דער באַוועגונג. די „עקאָנאָמישע" ריכטונג (אויף וויפיל מע קען דאָ ריידן וועגן אַ „ריכטונג") האָט באַשאַפן פּרוּוון צו דערהויבן די דאָזיקע שמאָלקייט אין אַ באַזונדער טעאָריע, פּרוּוון צו באַנוצן זיך צוליב דעם דאָזיקן ציל מיט דער מאָדישער בערנשטייניאַדע, מיט דער מאָדישער „קריטיק פונעם מאַרקסיזם", וועלכע פירט דורך די אַלטע בורזשואַזע אידייען אונטער אַ נייער פאָן. בלויז די דאָזיקע פּרוּוון האָבן באַשאַפן די סאַקאָנע פון אָפּשוואַכן די פאַרבינדונג צווישן דער רוסישער אַרבעטער-באַוועגונג און דער רוסישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, ווי אַ פאָרגעשריטענעם קעמפער פאַר פּאָליטישער פריי-

הייט. און די וויכטיקסטע לעבנס=אויפגאַבע פון אונדזער באַוועגונג באַשטייט אין באַפעסטיקן דידאָזיקע פאַרבינדונג.

די סאָציאַל=דעמאָקראַטיע איז אַ פאַרייניקונג פון דער ארבעטער=באַוועגונג מיטן סאָציאַליזם, איר אויפגאַבע איז ניט פּאַסיוו דינען דער ארבעטער=באַוועגונג אויף איטלעכער באַזונדער סטאַדיע אירער, איר אויפגאַבע איז — פאַרטרעטן די אינטערעסן פון גאָר דער באַוועגונג אינגאַנצן, אָנווייזן דערדאָזיקער באַוועגונג איר ענדציל, אירע פּאָליטישע אויפגאַבן, אָפּהיטן איר פּאָליטישע און אידייִשע זעלבשטענדיקייט. אָפּגעריסן פון דער סאָציאַלדעמאָקראַטיע, ווערט די ארבעטער=באַוועגונג קלייגלעך און פאַלט אומפאַרמיידלעך אריין אין בורזשואַזקייט: פירנדיק בלויז אַן עקאָנאָמישן קאַמף, פאַרלירט דער ארבעטער=קלאַס זיין פּאָליטישע זעלבשטענדיקייט, ווערט אַן עק פון אַנדערע פּאַרטייען, פאַראַט דאָס גרויסע געבאָט: „די באַפרייונג פון די ארבעטער האָרף זיין די זאַך פון די ארבעטער גופע“. אין אַלע לענדער איז געווען אַזאַ פּעריאָד, ווען די ארבעטער=באַוועגונג און דער סאָציאַליזם האָבן עקזיסטירט באַזונדער איינס פונעם אַנדערן און זיינען געגאַנגען איטלעכס מיט זיין באַזונדערן וועג, — און אין אַלע לענדער האָט אַזאַ אָפּגעריסנקייט געבראַכט צו שוואַכקייט פונעם סאָציאַליזם און פון דער ארבעטער=באַוועגונג; אין אַלע לענדער האָט בלויז די פאַרייניקונג פונעם סאָציאַליזם מיט דער ארבעטער=באַוועגונג באַשאַפן אַ פעסטן יעסאָד פאַר דעם און פאַר יענער. אָבער אין איטלעכן לאַנד האָט דידאָזיקע פאַרייניקונג פונעם סאָציאַליזם מיט דער ארבעטער=באַוועגונג אויסגעאַרבעט זיך היסטאָריש, אויסגעאַרבעט זיך אויף אַ באַזונדער וועג, אָפּהענגיק פון די באַדינגונגען פונעם אָרט און פון דער צייט. אין רוסלאַנד איז די נייטיקייט פון פאַרייניקונג פונעם סאָציאַליזם מיט דער ארבעטער=באַוועגונג טעאָרעטיש פּראָקלאַמירט געוואָרן שוין לאַנג, — אָבער פּראַקטיש ווערט דידאָזיקע פאַרייניקונג אויסגעאַרבעט ערשט היינט. דער פּראָצעס פון דערדאָזיקער אויסאַרבעטונג איז זייער אַ שווערער פּראָצעס, און ס'איז ניט קיין ווונדער, וואָס ער ווערט באַגלייט מיט פאַרשיידענע וואַקלונגען און ספקות.

וואָס זשע פאַר אַ לעקציע דרינגט פאַר אונדז ארויס פון דער פאַרגאַנגענהייט?

די געשיכטע פונעם גאַנצן רוסישן סאָציאַליזם האָט געבראַכט דערצו, אַז זיין וויכטיקסטע לעבנס=אויפגאַבע איז געוואָרן דער קאַמף אַקעגן דער זעלבסטהערשערישער רעגירונג, די דעראָבערונג פון פּאָליטישער פרייהייט; אונדזער סאָציאַליסטישע באַוועגונג האָט זיך קאָנצענטרירט, אַזוי צו זאָגן, אויפן קאַמף מיט דער זעלבסטהערשונג. פון דער אַנדער זייט האָט די געשיכטע באַוויזן, אַז אין רוסלאַנד איז די אָפּגעשטאַנענקייט פונעם סאָציאַליסטישן געדאַנק פון די פאָרגעשריטענע פאָרשטייער פון די ארבעטנדיקע קלאַסן אסאך מערער, ווי אין די איבעריקע לענדער, און אַז בא אַזאַ אָפּגעריסנקייט איז די רוסישע רעוואָליציאָנערע באַוועגונג פאַרמישפּעט אויף קראַפטלאָזיקייט. פון דאַנען דרינגט פון זיך אַליין ארויס יענע אויפגאַבע, וועלכע די רוסישע סאָציאַל=דעמאָקראַטיע איז באַרופן

צו פארווירקלעכן: איינפלאַנצן סאָציאַליסטישע אידייען און פּאָליטישן זעלבסטבאַוווּסטזיין אין דער מאסע פונעם פּראָלעטאריאט און אָרגאניזירן א רעוואָליוציאָנערע פּארטיי, וועלכע זאָל זיין אומצעררייסלעך פארבונדן מיט דער סטיכישער ארבעטער-באוועגונג. פיל איז שוין אין דעם פּראט מיצאד דער רוסישער סאָציאַל-דעמאָקראטיע געטאָן געוואָרן, אָבער נאָך מער בלייבט צו טאָן. מיטן וווּקס פון דער באוועגונג ווערט דאָס טעטיקייט-פעלד פאר דער סאָציאַלדעמאָקראטיע אלץ ברייטער, די ארבעט אלץ אלזייטיקער, אלץ א גרעסערע צאָל טוער פון דער באוועגונג קאָנצענטרירן זייערע קויכעס אף פארווירקלעכן פארשיידענע פּריוואטע אופגאבן, וועלכע ווערן ארויסגערוקט דורך די טאָג-טעגלעכע נייטן פון פּראָפּאגאנדע און אגיטאציע. דידאָזיקע דערשיינונג איז א פולקום געזעצלעכע, און אומפארמיידלעכע, אָבער זי צווינגט צו ווענדן א באזונדער אופמערקזאמקייט דערוף, אז די פּריוואטע טעטיקייט-אופגאבן און איינצלנע מעטאָדן פונעם קאמף זאָלן ניט דערהויבן ווערן אין עפּוואָס, וואָס איז פאר זיך אליין א זעלבסטציל, אז די צוגרייטונג-ארבעט זאָל ניט געשטעלט ווערן אף דער מאדרייגע פון דער איקערדיקער און איינציקער ארבעט.

מיטהעלפן דער פּאָליטישער אנטוויקלונג און דער פּאָליטישער אָרגאניזירונג פונעם ארבעטער-קלאס — איז אונדזער איקערדיקע אופגאבע, אונדזער גרונט-אופגאבע. איטלעכער, ווער ס'רוקט אָפּ דידאָזיקע אופגאבע אף דעם צווייטן פּלאן, ווער ס'וואַרפט אונטער איר ניט אונטער אלע פּריוואטע אופגאבן און באזונדערע מעטאָדן פונעם קאמף, דער שטעלט זיך אף א פאלשן וועג און ברענגט אן ערנסטן שאָדן דער באוועגונג. דידאָזיקע אופגאבע רוקן אָבער אָפּ, ערשטנס, יענע, ווער ס'רופט די רעוואָליוציאָנערן צום קאמף קעגן דער רעגירונג מיט די קויכעס פון איינצלנע פארשווערערישע קרייזלעך, אָפּגעריסענע פון דער ארבעטער-באוועגונג, צווייטנס, יענע, ווער ס'פארשמעלערט דעם אינהאלט און דעם פארנעם פון דער פּאָליטישער פּראָפּאגאנדע, אגיטאציע און אָרגאניזאציע, ווער ס'האלט פאר מעגלעך און פּאסיק מעכאבעד צו זיין די ארבעטער מיט „פּאָליטיק" בלויז אין די אויסנאם-מאָמענטן פון זייער לעבן, בלויז אין פייערלעכע פאלן, ווער ס'צע-בייט צו זאָרגעוודיק דעם פּאָליטישן קאמף אקעגן דער זעלבסטהערשונג אף דער פאָדערונג פון באזונדערע האנאָכעס מיצאד דער זעלבסטהערשונג און זאָרגט ניט גענוג וועגן דערהויבן דידאָזיקע פאָדערונג פון באזונדערע האנאָכעס אין א סיסטעמאטישן און אומווידערופלעכן קאמף פון דער רעוואָליוציאָנערער ארבעטער-פּארטיי אקעגן דער זעלבסטהערשונג.

„אָרגאניזירט זיך!" כאזערט פאר די ארבעטער אף פארשיידענע גוסכאָעס די צייטונג „ראבאָטשאַיאַ מיסל", כאַזערן איבער אַלע אָנהענגער פון דער „עקאָנאָמישער ריכטונג". אויך מיר שליסן זיך געוויס אָן אָן דעמדאָזיקן צורוף, אָבער מיר ווילן דורכויס צוגעבן צו אים: אָרגאַניזירט זיך ניט בלויז אין געזעלשאַפטן פון קעגנזייטיקער הילף, שטרייק-קאסעס און ארבעטער-קרייזלעך, אָרגאַניזירט זיך אויך אין א פּאָליטישער פּארטיי, אָרגאַניזירט זיך צוליב אנטשלאָסענעם קאמף אקעגן

דער זעלבסטהערשנדיקער רעגירונג און אקעגן דער גאנצער קאפּיטאליסטישער
געזעלשאפט. אָן אזא אָרגאניזאציע, איז דער פּראָלעטאריאט ניט פעיִק אופצו=
הייבן זיך ביז א באוווסטזיניקן קלאסנקאמף, אָן אזא אָרגאניזאציע איז די ארבע=
טער=באוועגונג פארורטיילט אף קראפטלאָזיקייט, און בלויז מיט קאסעס, קרייזלעך
און געזעלשאפטן פון קעגנזייטיקער הילף וועט דעם ארבעטערקלאס קיינמאָל
ניט איינגעבן זיך צו דערפילן די גרויסע היסטאָרישע אופגאבע, וועלכע ליגט אף
אים: באַפרייען זיך און דאָס גאנצע רוסישע פאָלק פון זיין פּאָליטישער און עקאָ=
נאָמישער שקלאפעריי. קיין איינציקער קלאס אין דער געשיכטע האָט ניט דער=
גרייכט קיין הערשאפט, אויב ער האָט ניט ארויסגערוקט זיינע פּאָליטישע פירער,
זיינע פאָרגעשריטענע פאָרשטייער, וועלכע זיינען פעיִק צו אָרגאניזירן די בא=
וועגונג און אָנצופירן מיט איר. און דער רוסישער ארבעטער=קלאס האָט שוין
באוויזן, אז ער איז פעיִק ארויסצורוקן אזעלכע מענטשן: דער ברייט פאנאנדער=
געגאָסענער קאמף פון די רוסישע ארבעטער פאר די לעצטע 5—6 יאָר האָט
באוויזן, וואָס פאר א מאסע רעוואָליוציאָנערע קויכעס עס שטעקט אינעם אר=
בעטער=קלאס, וויאזוי די ווילדסטע רעגירונג=פארפאָלגונגען פארקלענערן ניט,
זיי פארגרעסערן די צאָל ארבעטער, וואָס רייסן זיך צום סאָציאליזם, צום פּאָלי=
טישן באוווסטזיין און צום פּאָליטישן קאמף. דער צוזאמענפאָר פון אונדזערע כא=
ווירים אינעם יאָר 1898 האָט ריכטיק אוועקגעשטעלט די אופגאבע, דאָס איז
געווען ניט קיין איבערכאזערן פרעמדע ווערטער, קיין אויסדריק פון „אינטעלי=
גענטישע“ היספּיילעס... און מיר דארפן זיך נעמען אנטשלאָסן פאר דער אויס=
פירונג פון דידאָזיקע אופגאבן, שטעלנדיק אף דער טאָגאָרדענונג די פראגע וועגן
פּראָגראם, אָרגאניזאציע און טאַקטיק פון דער פּארטיי. ווי מיר קוקן אף די
גרונט=יעסוידעס פון אונדזער פּראָגראם, האָבן מיר שוין געזאָגט, און אויספירלעך
אנטוויקלען דאָ דידאָזיקע האנאָכעס איז דאָ, פארשטייט זיך, ניט דאָס אָרט. די
אָרגאניזיר=פראגן האָבן מיר בעדייע צו ווידמענען א ריי ארטיקלען אין די נאָענט=
סטע נומערן. דאָס איז איינע פון אונדזערע קראנקסטע פראגן. מיר זיינען אין
דעמדאָזיקן פּראט שטארק אָפּגעשטאנען פון די אלטע טוער פון דער רוסישער
רעוואָליוציאָנערער באוועגונג: מע דארף דירעקט אָנערקענען דעמדאָזיקן כיסאָרן
און אָנווענדן די איינענע קויכעס אף אויסארבעטן א קאָנספּיראטיווערע אוועק=
שטעלונג פון דעם איניען, אף א סיסטעמאַטישע פּראָפּאַגאנדע פון די רעגעלן פון
פירן דעם איניען, פון די אויפאנים אָפּצונארן די זשאנדארמען און אויסמיידן
די פּאָליציי=נעצן. מע דארף צוגרייטן מענטשן, וועלכע ווידמען דער רעוואָליוציע
ניט בלויז די פרייע אָוונטן, וועלכע ווידמען איר זייער גאנצע לעבן, מע דארף צו=
גרייטן אן אָרגאַניזאציע אף אזויפיל א גרויסע, אז מע זאָל קאָנען דורכפירן
אין איר א שטרענגע ארבעט=צעטיילונג צווישן פארשיידענע מינים פון אונ=
דזער ארבעט. וואָס אָנבאלאנגט, ענדלעך, די פראגן פון דער טאקטיק, וועלן מיר
דאָ באַגרענעצן זיך מיט פאָלגנדיקן: די סאָציאַל=דעמאָקראַטיע בינדט זיך ניט
די הענט, פארשמעלערט ניט איר טעטיקייט מיט וועלכן ניט איז איינעם, פון

פריער צוגעטראכטן פלאן אָדער אויפן פון פאָליטישן קאמף, — זי אָנערקענט אלע קאמף=מיטלען, אבי זיי זאָלן אנטשפרעכן די פאראנענע קויכעס פון דער פארטיי און זאָלן געבן די מעגלעכקייט צו דערגרייכן די גרעסטע רעזולטאטן, וועלכע קאָנען דערגרייכט ווערן בא די געגעבענע באדינגונגען. בא א שטארקער אָרגאניזירטער פארטיי קאָן אן איינצלנער שטרייק פארוואנדלען זיך אין א פאָליטישע דעמאָנסטראציע, אין א פאָליטישן ניצאָכן איבער דער רעגירונג. בא א שטארקער אָרגאניזירטער פארטיי קאָן אן אופשטאנד אין אן איינצלנער געגנט פאנאנדערוואקסן זיך אין א זיגרייכער רעוואָליוציע. מיר דארפן געדענקען, אז דער קאמף מיט דער רעגירונג פאר באזונדערע פאָדערונגען, די דעראָבערונג פון איינצלנע האנאָכעס, דאָס זיינען בלויז קליינע צוזאמענשטויסן מיטן סוינע, דאָס זיינען קליינע געראנגלען אף די פאָרפאָסטן, און דאָס אנטשלאָסענע געראנגל איז נאָך פון פאָרנט. פאר אונדז שטייט אין איר גאנצער קראפט א פיינטלעכע פעסטונג, פון וועלכער עס באשיסן אונדז וואָלקנס ארטילעריע=געשאָסן און קוילן, וואָס טראָגן אוועק די בעסטע קעמפער. מיר דארפן נעמען די דאָזיקע פעסטונג, און מיר וועלן זי נעמען, אויב מיר וועלן פארייניקן אלע קויכעס פונעם דערוואכנדיקן פראָלעטאריאט מיט אלע קויכעס פון די רוסישע רעוואָליוציאָנערן אין איין פארטיי, צו וועלכער ס'וועט זיך א צי טאָן אלץ, וואָס איז דאָ אין רוסלאנד לעבעדיקס און ערלעכס. און בלויז דאן וועט מעקוים ווערן דאָס גרויסע נעוויעס פונעם רוסישן אַרבעטער=רעוואָליוציאָנער פּיאָטער אַלעקסעיעוו *: „עס וועט זיך אופהייבן דער מוסקולדיקער אָרעם פון מיליאָנען ארבעט=לייט, און דער יאָך פונעם דעספאָטיזם, באשיצט דורך סאָלדאטישע באגנעטן, וועט זיך צעפליִען אף אש!“.

„איסקרא“ № 1
דעקאבער 1900

## מיינונג וועגן פלעכאנאָווס צווייטן פראָיעקט**

פיר גרונט=פעלערן דרינגען דורך מיט זיך דעם גאנצן פראָיעקט און מאכן אים, לויט מיין מיינונג, אינגאנצן ניט אָנעמבאר.

1) לויט דעם פאָרמולירונג=אויפן פונעם וויכטיקסטן אָפטייל, וועלכער באציט זיך צו דער כאראקטעריסטיק פונעם קאפיטאליזם, גיט דעראָזיקער פראָ=

* אן אָנגעזעענער רעוואָליוציאָנער פאָלקיסט. די ציטאטע איז גענומען פון זיין בארימטער רעדע אפן געריכט דעם 10 מארט 1877 יאָר.

** אינגיכן נאָך דעם, ווי „איסקרא“ האָט אָנגעהויבן ארויסגיין, איז די רעדאקציע צוגעטראָטן צום צוזאמענשטעלן א פראָיעקט פון א פארטיי=פראָגראם. בא דעראָזיקער ארבעט האָבן זיך ארויסגעוויזן ערנסטע מיינונג=פארשיידנהייטן, דעריקער צווישן לענינען און פלעכאנאָוון. קעדיי צו געבן א פולן באגריף וועגן אלע מיינונג=פארשיידנהייטן, וועלכע האָבן געהאט א גרויסע באדייטונג, ווייל אין זיי האָט זיך שוין אָנגעמערקט דאָס קינפטיקע פאנאנדערגיין זיך אף באָלשעוויקעס און מענשעוויקעס, וואָלט מען געדארפט געבן אלע מאטעריאלן, אין א ביילאגע געבן פלעכאנאָווס פראָיעקטן א. א. וו. דאָס קאָנען מיר ניט טאָן, קעדיי דאָס ביכל זאָל ניט זיין צו גרויס, באגרענעצן מיר זיך מיט לענינס „מיינונג וועגן פלעכאנאָווס צווייטן פראָיעקט“, וועלכע גיט א באגריף וועגן די הויפט=מאָמענטן פונעם שטרייט.

אויב.

יעקט ניט קיין פּראָגראַם פונעם פּראָלעטאַריאַט, וועלכער קעמפט אַקעגן די זייער רעאַלע אַנטפּלעקונגען פונעם זייער רעאַלן קאַפּיטאַליזם, נאָר אַ פּראָגראַם פון אַן עקאָנאָמישן לערנבוך, וועלכער איז געווידמעט דעם קאַפּיטאַליזם ביכלאַל.

2) באַזונדערס טויג ניט די פּראָגראַם פאַר דער פּאַרטיי פונעם רוסישן פּראָלעטאַריאַט, ווייל די עוואָליוציע פונעם רוסישן קאַפּיטאַליזם, די ווידער־שפּרוכן און געזעלשאַפטלעכע צאָרעס, וועלכע ווערן געבוירן דורכן רוסישן קאַ־פּיטאַליזם, זיינען קימאַט אינגאַנצן אויסגעמיטן און פאַרטונקלט געוואָרן אַדאַנק דערזעלביקער סיסטעם צו כאַראַקטעריזירן דעם קאַפּיטאַליזם ביכלאַל. די פּאַרטיי פונעם רוסישן פּראָלעטאַריאַט דאַרף אין איר פּראָגראַם אָפן אומצווייטייטיקסטן אויפן פאָרמולירן איר באַשולדיקונג אַקעגן דעם רוסישן קאַפּיטאַליזם, איר מיל־כאָמע־דערקלערונג דעם רוסישן קאַפּיטאַליזם. דאָס איז ביפּראַט נייטיק דערפאַר, וואָס די רוסישע פּראָגראַם קאָן ניט אין דער באַציונג גלייכן זיך מיט די איי־ראָפּעישע: דידאָזיקע לעצטע ריידן וועגן דעם קאַפּיטאַליזם אין דער בורזשואַזער געזעלשאַפט, ניט אָנווייזנדיק, אַז דידאָזיקע באַגריפן קאָנען אָנגעווענדעט ווערן סיי צו עסטרייך, סיי צו דייטשלאַנד א. א. וו., ווייל דאָס פאַרשטייט זיך פון זיך אַליין. בענוגייע צו רוסלאַנד קאָן מען דאָס ניט אָנעמען.

אָפּאַטערן דערמיט, וואָס דער קאַפּיטאַליזם האָט „אין זיין אַנטוויקלטער פאָרם“ אַזעלכע און אַזעלכע אייגנשאַפטן ביכלאַל, — און אין רוסלאַנד „ווערט דער קאַפּיטאַליזם דאָמינירנדיק“, הייסט אויסמיידן יענע קאָנקרעטע באַ־שולדיקונג און מילכאָמע־דערקלערונג, וועלכע זיינען פאַר אַ פּראַקטיש קעמפנ־דיקער פּאַרטיי אַמווייכטיקסטן.

דער פּראָיעקט דערגרייכט ניט דעריבער איינס פון די הויפּט־צילן פון דער פּראָגראַם: געבן דער פּאַרטיי אַ דירעקטיוו פאַר איר אַלטעגלעכער פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע בענוגייע צו אַלע פאַרשיידנאַרטיקע אַנטפּלעקונגען פונעם רו־סישן קאַפּיטאַליזם.

3) אייניקע וויכטיקסטע פּונקטן האָבן אינעם פּראָיעקט אַזאַ ניט־גענויע פאָרמולירונג, וועלכע וועט אומפאַרמיידלעך ברענגען צו אַ ריי געפערלעכסטע מיספאַרשטייענישן און וועט אונדז שווערמאַכן אונדזער טעאָרעטישן קאַמף און אונדזער פּראָפּאַגאַנדע. אַזוי איז, לעמאָשל, דער וווּקס פון דער גרויס־פּראָדוקציע באַגרענעצט בלויז מיט „אינדוסטריעלע“ אונטערנעמונגען. די עוואָליוציע פו־נעם לאַנדווירטשאַפטלעכן קאַפּיטאַליזם איז אָדער פאַרשאָטנט, אָדער פּאָשעט אויסגעמיטן. ווייטער, אַנשטאָט „דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט“ האָבן מיר „אַ רעוואָליוציע, וועלכע עס שטייט פאָר צו מאַכן דעם פּראָלעטאַריאַט, אונטערשטיצט דורך די אַנדערע שיכטן פון דער באַפעלקערונג, וועלכע ליידט פון דער קאַפּיטאַ־ליסטישער עקספּלואַטאַציע“, און אַפילו אַנשטאָט קלאַסנקאַמף פונעם פּראָלעטאַ־ריאַט איז אויסגעשטעלט געוואָרן דער „קאַמף פון דער אַרבעטנדיקער און עקס־פּלואַטירטער מאַסע“. אַזאַ פאָרמולירונג איז סויסער דעם גרונט־פּרינציפּ פונעם

„אינטערנאַציאָנאַל“—„די באַפרייונג פונעם אַרבעטער־קלאַס קאָן זיין די זאַך בלויז פונעם ארבעטער־קלאס גופא“. אכוץ דעם פּראָלעטאַריאַט, איז דער צווייטער טייל פון דער אַרבעטנדיקער און עקספּלואַטירטער מאסע (ד. ה. דעריקער די קליינע פּראָדוצירער) בלויז טיילווייז רעוואָליוציאָנערער אין זיין קאמף מיט דער בורזשואזיע. נעמלעך, ער איז רעוואָליוציאָנער בלויז דעמאָלט, ווען ער שטעלט זיך, „האָבנדיק אין אויג זיין איבערגאנג צום פּראָלעטאַריאַט“, אפן שטאנדפונקט פונעם פּראָלעטאַריאַט („קאָמוניסטישער מאַניפעסט“). אָבער די רעאקציאָנערישקייט פון די קלייניגנטימער איז גאָרניט באַטאָנט אינעם פּראָיעקט אַזוי, אז די באַציונג פונעם פּראָלעטאַריאַט צו דער „אַרבעטנדיקער און עקספּלואַטירטער מאסע“ איז אין גרויסן און גאנצן פאָרגעשטעלט ניט ריכטיק. לעמאָשל, אינעם פּראָיעקט זאָגט זיך: „עס פארשארפט זיך איר קאמף (דער קאמף פון דער ארבעטנדיקער און עקספּלואַטירטער מאסע) און קוידעמקאָל דער קאמף פון איר אוואנגארד־פאָרשטייער: פון דעם פּראָלעטאריאַט. די „פארשארפונג פונעם קאמף“ פון די קליינע פּראָדוצירער דריקט זיך אויס סיי אין אנטיסעמיטיזם, סיי אין צעזאריזם, סיי אין פויערשע פארבאַנדן אנקעגן די באַטראַקן, סיי אפילע אינעם קאמף פון דער סאָציאלער זשיראָנדע מיטן בארג *. די פאָרשטייערשאפט פון דער גאנצער ארבעטנדיקער און עקספּלואַטירטער מאסע דורך דעם פּראָלעטאַריאַט דאַרף זיך אויסדריקן אין דער פּראָגראַם דערמיט, וואָס מיר באַשולדיקן דעם קאַפּיטאַליזם אין דער פאַראָרעמונג פון די מאַסן (און ניט בלויז אין דער פאַראָרעמונג פונעם ארבעטער־קלאס), אין ארבעטלאָזיקייט „פון אלע ברייטערע שיכטן פון דער ארבעטנדיקער באַפעלקערונג“ (און ניט בלויז פונעם ארבעטער־קלאס).

4) דער פּראָיעקט טרעט שטענדיק אָפּ פון אן אייגנטלעכער פּראָגראַם צו אַ פּירעש. אַ פּראָגראַם דאַרף געבן קורצע האַנאָכעס, וועלכע אנטהאַלטן ניט קיין איינציק איבעריק וואָרט, איבערלאָזנדיק די דערקלערונג פאַר פּירושים, בראָשורן, אַגיטאַציע א. א. וו. דעריבער האָט ענגעלס פולקום ריכטיק באַשולדיקט די ערפורטער פּראָגראַם אין דעם, אז מיט איר לענג, אויספירלעכקייט און מיט אירע דערקלערונגען טרעט זי אָפּ צו אַ פּיירעש.

אינעם פּראָיעקט אָבער איז דערדאָזיקער פעלער גאָר שטארקער, עס איז אין אים דאָ שרעקלעך פיל איבערכאַזערונגען, די פּרוּוון אַריינצופירן אין דער פּראָגראַם די דערקלערונג פונעם פּראָצעס (אָנשטאָט בלויז אַ כאַראַקטעריסטיק פונעם פּראָצעס) דערגרייכן סיי ווי ניט דאָס ציל, נאָר זיי ציִען פאנאנדער די פּראָגראַם ביז אומעגלעכקייט.

פעווראל—מארט 1902

צוערשט פארעפנטלעכט אינעם יאָר 1924

אין „לעונינסקי סבאָרניק“ № 2

* זשיראָנדע, בארג — באַצייכענונגען פון די פּאָליטישע גרופּירונגען אין דער גרויסער פראנצויזישער רעוואָליוציע. די ערשטע פון מעסיקער בורזשואזיע, די צווייטע — פאר דעם רעוואָליוציאָנערן קלייבנבירגערטום.

# די ארבעטער-פּאַרטיי און דאָס פּויערטום

עס איז אַדורך פערציק יאָר זינט די באַפרייונג פון די פּויערים. ס'איז גאַנץ נאַטירלעך, וואָס אונדזער געזעלשאַפט פייערט מיט א באַזונדער באַגייסטערונג דעם טאָג פונעם 19 פעוורא‌ַל, דער טאָג, ווען ס'איז געפאלן דאָס אלטע לייביינגשאַפט-מעריש רוסלאנד. אָבער מע דארף ניט פארגעסן, אז אין די לויב-רעדעס פון די וואָס פייערן, לעבן אן אופריכטיקן האס צו לייביינגשאַפט און צו אַלע אירע דערשיינונגען, איז פאראן אַ מאַסע צווייעס. דורך-און-דורך צוויידיק און ליגנעריש איז יענע אָפּשאַצונג פון דער „גרויסער" רעפאָרם, וועלכע איז בא אונדז געוואָרן אן אומגאַנג-אָפּשאַצונג: „באַפרייונג פון די פּויערים מיט ערד *מיט הילף* פון מעלוכע-אויסקויף". אין דער ווירקלעכקייט אָבער איז דאָס געווען א באפרייונג פון די פּויערים פון דער ערד, ווייל פון יענע כאַלאָקים (נאַדיעלן), וועלכע די פּויערים האָבן באַזעסן יאָרהונדערטער-לאַנג, זיינען אָפּגעשניטן געוואָרן גוואַלטיקע שטיקער, און בא הונדערטער טויזנטער פּויערים האָט מען איינגאַנצן באַרויבט זייער ערד — מע האָט זיי אַוועקגעזעצט אף א פערטל-נאַדיעל אָדער דאלעס-נאַדיעל. אין דער ווירקלעכקייט האָט מען די פּויערים דאָפּלט באַראַבעוועט: ווייניק, וואָס מע האָט בא זיי אָפּגעשניטן די ערד, האָט מען זיי נאָך געצוואונגען צו צאָלן אן „אויסקויף" פאר דער ערד, וועלכע מע האָט זיי געלאָזן און וועלכע איז שטענדיק געווען אין זייער באַזיץ, און דערביי איז דער אויסקויף-פּרייז פון דער ערד באַשטימט געוואָרן אסאך אַ העכערער, איידער זיין ווירקלעכער פרייז. פּריצים אַליין האָבן מיט צען יאָר שפּעטער מוידע געווען זיך פאר די רעגירונג-באַאמטע, וועלכע האָבן אויסגעפאָרשט די לאגע פון דער לאַנדווירטשאַפט, אז די פּויערים האָט מען געצוואונגען צו צאָלן ניט בלויז פאר זייער ערד, נאָר אויך פאר זייער פרייהייט.

און נעמענדיק אן אויסקויף פאר דער פּערזענלעכער באַפרייונג, האָט מען די פּויערים פאָרט ניט געמאכט פאר קיין פרייע מענטשן: מע האָט זיי געלאָזן אף צוואנציק יאָר צייטווייליק-פאַרפליכטעטע, מע האָט זיי געלאָזן — און זיי בלייבן דאָס אדאיאָם — אלס נידעריקסטן שטאנד, וועלכן מע מעג שמייסן, וועלכער צאָלט באַזונדערע שטייערן, וועלכער טאָר זיך ניט דערוועגן פריי ארויסצוגיין פון דער האַלב-לייביינגשאַפטלעכער געמיינדע, פריי פאראָרדענען איבער זיין ערד, פריי באַזעצן זיך אין וועלכער ער וויל געגנט פון דער מעלוכע. ניט וועגן גרויסמוטיקייט פון דער מעלוכע זאָגט איידעם אונדזער פּויערשע רעפאָרם; פארקערט, זי איז דאָס גרעסטע היסטאָרישע ביישפּיל פון דעם, ווי ווייט צעפּאַטשקעט עס גייט אַרויס איטלעכער איניען פון די הענט פון דער זעלבסטהערשערישער רעגירונג. אונטערן דרוק פון דער מיליטערישער מאַפּאַלע, פון שרעקלעכע פינאנציעלע שוועריקייטן און פון מוירעדיקע פּויערים-אופשטאנדן, איז די רעגירונג פּאָשעט *געצוואונגען* געווען צו באפרייען זיי. דער צאר אליין

האָט זיך מוידע געווען, אַז מע דאַרף באַפרייען פון אויבן, ביז וואַנען מע וועט ניט אָנהייבן באַפרייען פון אונטן. אָבער נעמענדיק זיך פאַר דער באַפרייונג, האָט די רעגירונג געטאָן אַלץ, וואָס איז מעגלעך און אומעגלעך, קעדיי צו באַפרידיקן די האָבזוכט פון די „באַאַוולטע“ לייבייגנטימער; די רעגירונג האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט אפילו פאַר דער נידערטרעכטיקייט פון פאַלשעווען די מענטשן, וועלכע זיינען באַרופן געווען צו פאַרווירקלעכן די רעפאָרם, — האגאַם דאָס זיינען געווען מענטשן פונעם אַדל! די פרידנס=בווירערים * פונעם ערשטן צונויפרוף זיינען פאַנאַנדערגעלאָזן געוואָרן און מע האָט זיי פאַרביטן מיט מענטשן, עלכע זיינען געווען אומפעיק אָפּצוזאָגן די פּריצים אין זייער באַשווינדלען די פויערים אויך באַ דעם פאַנאַנדערגרענעצן די ערד. און די גרויסע רעפאָרם האָט ניט געקאָנט דורכגעפירט ווערן אָן דער הילף פון מיליטערישע עקזעקוציעס און צעשיסונגען פון פויערים, וועלכע פלעגן זיך אָפּזאָגן אָנצונעמען די סטאַטוט=בריוו**. ס'איז ניט קיין וווּנדער, אַז די בעסטע מענטשן פון יענער צייט, צונויפגעפרעסטע דורכן צענזור=מוילקאָרב, האָבן באַגעגנט דידאָזיקע גרויסע רעפאָרם מיט אַ שווייגנדיקער קלאָלע.

דער פויער, „באַפרייט“ פון דער פליכט=אַרבעט אפן פּאָרעץ (באַרשטשינע), איז אַרויס פונעם רעפאָרמאַטאָרס הענט אַזאַ דערשלאָגענער, באַראַבעוועטער, דערנידעריקטער, צוגעבונדענער צו זיין „נאַדיעל“, אַז אים איז גאָרנישט איבערגעבליבן, ווי גיין „פרייוויליק“ אף באַרשטשינע. און דער פויער האָט אָנגעהויבן באַאַרבעטן די ערד פון זיין געוועזענעם האַר, „אַרענדירנדיק“ באַ אים זיינע, דעם פויערס, אייגענע ערדן, וועלכע מע האָט באַ אים אָפּגעשניטן, פאַרדינגענדיק זיך אים ווינטער — פאַר אַ ברויט=האַלוואַ דער הונגעריקער פאַמיליע — אף זומער=אַרבעט. אָפּאַרבעטונגען און קאַבאַל—אָט וויאַזוי ס'האָט אין דער ווירקלעכקייט אויסגעזען יענע „פרייע אַרבעט“, וואָס דער מאַניפעסט, צוזאַמענגעשטעלט פון אַ פּאָפּ אַ יעזויט, האָט גערופן דעם פויער צו בעטן אף איר „גאָטס בראָכע“.

און צו דעמדאָזיקן פּריציש דרוק, וועלכער ס'איז אייגנעהיט געוואָרן אַדאַנק דער גרויסמוטיקייט פון די באַאַמטע, וועלכע האָבן די רעפאָרם באַשאַפן, האָט זיך נאָך צוגעגעבן דער דרוק פונעם קאַפּיטאַל. די מאַכט פונעם געלט, וועלכע

** Мировой посредник אַזוי האָט געהייסן די פּערזאָן, וועלכע האָט געזאָלט דורכפירן קאָנקרעט די „באַפרייונג“ באַ איטלעכן פּאָרעץ, פאַנאַנדערטיילן די ערד צווישן דעם פּאָרעץ און די פויערים, לייזן סיכסוכים א. אַז. וו.

איב.

* Уставная грамота דאָקומענט, וועלכער האָט געדאַרפט באַשטימען קאָנקרעט די טנאָים פון דער „באַפרייונג“ באַ איטלעכן פּאָרעץ — וויפל און וואָסער ערד עס גייט איבער צו די פויערים, וועלכע אָפּצאָלן און פליכטן זיי וועלן דאַרפן טראָגן א. אַז. וו. דעם סטאַטוט=בריוו פלעגט צונויפשטעלן דער פּאָרעץ אַליין און אויב ער פלעגט דאָס אין משך פון אַ יאָר נאָך דער „באַפרייונג“ ניט טאָן, פלעגט דאָס טאָן דער בווירער.

איב.

האָט אפילו צוגעדריקט, לעמאָשל, דעם פראַנצויזישן פויער, וואָס איז באַפרייט געוואָרן פון דער פריצישער מאַכט ניט דורך א קלאַנגעדיקע, האַלבלעכע רעפאָרם, נאָר דורך א מעכטיקער פאָלק־רעוואָליוציע, — דידאָזיקע מאַכט פונעם געלט האָט זיך מיט איר גאַנצער מאַסע אָנגעוואָרפן אף אונדזער האַלבלייבייגענעם פויער. קריגן געלט האָט מען געמוזט, עס מעג זיין וואָס עס וויל: סיי אף צאָלן שטייערן, וועלכע די ווילטועוודיקע רעפאָרם האָט פאַרגרעסערט, סיי אף דינגען די ערד, סיי אף קויפן יענע אָרעמע פּראָדוקטן פון דער פאַבריק־אינדוסטריע, וועלכע האָבן אָנגעהויבן אַרויסשטופּן די היימישע פּראָדוקטן פונעם פויער, סיי אף קויפן ברויט א. א. וו. די מאַכט פון געלט האָט ניט בלויז צוגעדריקט, נאָר זי האָט צעשפּאָלטן דאָס פויערטום: די געוואַלטיקע מאַסע האָט זיך אָן אָפּהאַלט רוּיניִרט און פאַרוואַנדלט אין פּראָלעטאַריער, די מינדערהייט האָט אויסגעטיילט הייפלעך ניט קיין גרויסע אין צאָל, אָבער פעטע צו דראַפּען זיך ארוף, באַלעגופים און פויערלעך—באַלעבאַטים, וועלכע האָבן צונויפגענומען אין זייערע הענט די פויערשעווירטשאַפט און די פויערשע ערדן, וועלכע בילדן די קאַדרען פון דער אַנטשיידנדיקער דאָרפישער בורזשואַזיע. די גאַנצע פערציק יאָר נאָך דער רעפאָרם — דאָס איז איין פּראָצעס פון דעמראָזיקן אויס־פויערווערן, א פּראָצעס פון לאַנגזאַמען, פּיינפולן אויסשטאַרבן. דער פויער איז דערפירט געוואָרן ביז צו אן עוויוויקשער לעבנסמאַדרייגע: ער האָט געהויזט צוזאַמען מיט דעם פי, געקליידט זיך אין שמאַטעס, דערנערט זיך מיט גראָז; דער פויער איז אַנטלאָפן פון זיין נאַדיעל, אויב ס'איז נאָר געווען וווהין צו לויפן, ער האָט אפילו אָפּגעקויפט זיך פונעם „נאַדיעל“, צאָלנדיק דעם, ווער ס'איז מאַסקים געווען צו נעמען דעם נאַדיעל, פאַר וועלכן מע האָט געדאַרפט צאָלן שטייער מערער איידער ער האָט אַרייגעטראָגן האַכנאָסע. די פויערים האָבן געהונגערט כראָניש, און פלעגן אויסשטאַרבן אין די צענדליקער טויזנטער פון הונגער און עפּידעמיעס בישאַס די אומגערעטעניש, וועלכע האָבן זיך אומגעקערט אלץ עפטער און עפטער.

אזוי האַלט עס אין אונדזער דאָרף אויך היינט. פרעגט זיך, אין וואָס דאַרף מען זוכן אן אויסוועג און מיט וועלכע מיטלען האָרף מען זיך דערשלאָגן א פאַרבעסערונג פונעם פויערס גורל? פונעם דרוק פונעם קאַפּיטאַל קאָן זיך דאָס פויערטום באַפרייען בלויז צושטייענדיק צו דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, העלפנדיק איר אין איר קאַמף פאַר דער סאָציאַליסטישער אָרדענונג, פאַר פאַרוואַנדלען די ערד, ווי אלע איבעריקע פּראָדוקציע־מיטלען (פאַבריקן, זאַוואָדן, מאַשינען א. א. וו.) אין א געזעלשאַפטלעכן אייגנטום. פרוּוון ראַטעווען דאָס פויערטום דורך פאַרטיידיקן די קליינווירטשאַפט און דאָס קליינייגנטום פונעם דראַנג פונעם קאַפּיטאַליזם וואָלט באַטייט אומנוצלעך פאַרהאַלטן די געזעלשאַפטלעכע אַנטוויקלונג, נאַרן דעם פויער מיט אן אילוזיע פון ווילשטאַנד, וועלכער איז מעגלעך אויך באַם קאַפּיטאַליזם, צעטיילן צווישן זיך די אַרבעטנדיקע קלאַסן, באַשאַפנדיק דער מינדערהייט א פּריווילעגירטע לאַגע אפן כעזשבן

פון דער מערהייט. אָט פאַרוואָס די סאָציאַל=דעמאָקראַטן ווען שטענדיק קעמפן אַקעגן אַזעלכע אומזיניקע און שעדלעכע אינסטיטוציעס, ווי דער פאַרבאָט צו פאַרקויפן די פויערשע אַדיעלן, דאָס קאַהאָלשע אָרוועט*(круговая порука), דער פאַרבאָט פריי אַרויסצוגיין פון דער פויערשער געמיינדע און פריי אַריינעמען אין דער געמיינדע מענטשן פון וועלכע שטאַנדן איר ווילט! אָבער אונדזער פויער ליידט, ווי מיר האָבן געזען, ניט בלויז און ניט אַזויפיל פונעם דרוק פון קאַפּיטאַל, וויפיל פונעם דרוק פון די פּריצים און פון די רעשטן פון לייבייגנשאַפט. אומבאַראַכמאָנעסדיקער קאַמף אַקעגן דידאָזיקע קייטן, וועלכע פאַרערגערן אָן אַ מאָס די לאַגע פונעם פויערטום און בינדן אים הענט און פיס, — איז ניט בלויז מעגלעך, נאָר אויך נייטיק אין די אינטערעסן פון דער גאַנצער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג פונעם לאַנד, ווייל דער דאַלעס אָן שום אויסוועג, די פינצטערקייט, רעכטלאָזיקייט, דערנידערונג פונעם פויער לייגט אַף אַלע פאַראָנדקעס פון אונדזער פאָטערלאַנד אַ שטעמפּל פון אַזיאַטישקייט. און די סאָציאַל=דעמאָקראַטיע וואָלט ניט אויסגעפילט איר כויוו, ווען זי וואָלט ניט געשטיצט מיט אַלע מעגלעכקייטן דעמדאָזיקן קאַמף, אַזאַ שטיצע דאַרף זיך אויסדריקן, קורץ גערעדט, אין אַריינטראָגן ד ע ם ק ל אַ ס נ ק אַ מ ף א י ן ד אָ ר ף.

מיר האָבן געזען, אַז אינעם הײנטיקן רוסישן דאָרף פאָרן זיך צונויף צווייערליי קלאַסנקעגנזאַצן: ערשטנס, צווישן די דאָרפישע אַרבעטער און די דאָרפישע אונטערנעמער, צווייטנס, צווישן דעם גאַנצן פויערטום און דעם גאַנצן פּריצישן קלאַס. דער ערשטער קעגנזאַץ אַנטוויקלט זיך און וואַקסט, דער צווייטער ווערט ביסלעכווייז שוואַכער. די ערשטע—איז נאָך אינגאַנצן אין דער צוקונפט, די צווייטע — איז שוין אין אַ באַדייטנדיקער מאָס אין דער פאַרגאַנגענהייט. און ניט קוקנדיק אַף דעם האָט דאַפקע דער צווייטער קעגנזאַץ דעם אַמייסטן וועזנטלעכן און אַמייסטן פּראַקטישן באַטייט פאַר די הײנטיקע רוסישע סאָציאַל=דעמאָקראַטן. אַז מיר דאַרפן אויסנוצן אַלע געלעגנהייטן, וועלכע טרעפן זיך אונדז, קעדיי צו אַנטוויקלען דאָס קלאַסנבאַוווסטזיין אינעם לאַנדווירטשאַפטלעכן אַרבעטער, אַז מיר דאַרפן דעריבער ווענדן די אויפמערקזאַמקייט דערויף, עס זאָלן זיך באַזעצן אינעם דאָרף שטאָטישע אַרבעטער (לעמאָשל, מעכאַניקער, וואָס אַרבעטן בא די דרעש=מאַשינען א. א. וו.), אַז מיר דאַרפן אויך ווענדן די אויפמערקזאַמקייט אַף די מערק, ווו עס באַדינגען זיך די לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרבעטער, — דאָס פאַרשטייט זיך פון זיך אַליין, דאָס איז אַן אַקסיאָם פאַר איטלעכן סאָציאַל=דעמאָקראַט.

אָבער אונדזערע דאָרפישע אַרבעטער זיינען נאָך צו שטאַרק פאַרבונדן מיטן פויערטום, עס דריקן זיי נאָך צו פיל די אַלגעמיינפויערשע צאָרעס, און דעריבער קאָן די באַוועגונג פון די דאָרפישע אַרבעטער בעשומויפן ניט באַקומען קיין

* א סיסטעם, לויט וועלכער דאָס גאַנצע דאָרף האָט געענטפערט פאַר דעם פויער, וועלכער האָט ניט איינגעצאָלט די שטייערן. קעדיי זיך באַוואָרענען האָט די געמיינדע געהאַט דאָס רעכט ניט צו געבן אים קיין פּאַס, באַשטראָפן אים קערפּערלעך א. א. וו. איב.

אַלגעמיין-נאַציאָנאַלע באַדייטונג ניט היינט, ניט אין דער נאָענטסטער צוקונפט. פאַרקערט, די פראַגע וועגן אָפּראַמען די רעשטן פון דער לייביגנשאַפט, וועגן אויסמעקן פון אַלע פאַראָנדקעס אין דער רוסישער מעלוכע דעם גייסט פון שטאַנדישער אומגלייכבאַרעכטיקטקייט און פון דערנידעריקן צענדליקער מיליאָנען „פּראָסטן האַמוין“, — דידאָזיקע פראַגע האָט שוין איצט אַן אַלגעמיין-נאַציאָנאַלע באַדייטונג, און אַ פאַרטיי, וועלכע פרעטענדירט אויף דער ראָלע פונעם אוואַנגאַרד-קעמפער פאַר פרייהייט, קאָן זיך ניט באַזייטיקן פון דערדאָזיקער פראַגע.

די אָנערקענונג פון דעם פויערס צאָרעס איז איצט געוואָרן (אין אַ מער אָדער ווייניקער אַלגעמיינער פאָרם) קימאַט אַן אַלגעמיינע, די פראַגע וועגן די „כעסרוינעס“ פון דער רעפאָרם פונעם יאָר 1861 און וועגן דער נייטיקייט פון מעלוכע-הילף איז געוואָרן אַ אומלייקנדיקער עמעס. אונדזער כיוו איז אָנצוּווייזן, אַז דידאָזיקע צאָרעס נעמען זיך דאַפקע פון דער קלאַסן-אונטערדריקונג פונעם פויער, אַז די רעגירונג איז אַ געטרייער באַשיצער פון די אונטערדריקנדיקע קלאַסן, אַז די, וועלכע ווילן אופריכטיק און ערנסט, די לאַגע פון די פויערים זאָל זיך ראַדיקאַל אויסבעסערן, דאַרפן זיך דערשלאָגן ניט קיין הילף פון דער רעגירונג, נאָר באַפרייונג פון איר דרוק, דעראָבערונג פון פאָליטישע פרייהייט. מע רעדט וועגן דער איבערמאָסיקער הויך פון די אויסקויף-צאָלונגען, וועגן דעם ווילטוענדיקן מאָסמיטל פון דער רעגירונג — פאַרקלענערן די אָפּצאָלונגען און פראָלאָנגירן זיי. מיר וועלן דערויף זאָגן, אַז די אַלע אויסקויף-צאָלונגען, — זיינען ניט קיין אַנדער זאַך, ווי צינז פאַר די לייביגנטימער פאַר דער באַפרייונג פון זייערע קנעכט. מיר וועלן אַרויסרוקן די פאָדערונג פון טייקעף און פולשטענדיק אָפּשאַפן די אויסקויף-צאָלונגען און די עלטצינזן-זאַמלונגען, די פאָדערונג אומצוקערן דעם פאָלק יענע הונדערטער מיליאָנען, וועלכע די צאַרישע רעגירונג האָט יאָרנלאַנג אַרויסגעשלאָגן, כדי צו באַפרידיקן די אַפּעטיטן פון די שקלאַפן-אייגנטימער. מע רעדט וועגן דער קליין-ערדיקייט בא די פויערים, וועגן דעם, אַז ס'איז נייטיק מעלוכע-הילף, כדי צו פאַרברייטערן דעם פויערשן ערד-באַזיץ. מיר וועלן דערויף זאָגן, דאַפקע א ד א נ ק דער מעלוכע-הילף — פאַרשטייט זיך, הילף די פריצים — האָבן די פויערים אין אַזאַ מאַסע פאַלן פאַרלאָרן די נייטיקסטע ערד. מיר וועלן אַרויסרוקן די פאָדערונג אומצוקערן די פויערים יענע אָפּשניטן, דורך וועלכע עס האַלט זיך איין די געצוווּנגענע, קאַבאַלע, באַרשטשינע-אַרבעט, ד. ה. אין דער ווירקלעכקייט די זעלביקע לייביגנשאַפטלעכע אַרבעט. מיר וועלן אַרויסרוקן די פאָדערונג צו גרינדן פויערשע קאָמיטעטן אויף פאַריכטן יענע שרייענדיקע אומגערעכטיקייט, וואָס עס האָבן אָנגעמאַכט בענוגייע צו די שקלאַפן, וועלכע מע האָט באַפרייט, די פריציש קאָמיטעטן, געגרינדעטע דורך דער צאַרישער מאַכט. מיר וועלן פאָדערן, עס זאָלן געגרינדעט ווערן געריכטן, וועלכע זאָלן האָבן רעכט צו פאַרקלענערן דאָס אָן אַ מאָס הויכע געצאָלט פאַר דער ערד, וועלכע די פריצים נעמען

אַראָנק דער אויסגאַנגלאָזיקייט פון די פויערימס לאַגע, — געריכטן, פאַר וועלכע דער פויער זאָל האָבן רעכט צו פאַרפאָלגן פאַר וואָכערײַ יענע, וואָס שליסן קאַבאַל-אָפּמאַכן, אויסנוצנדיק די עקסטע נויט פונעם אַנדערן. מיר וועלן זיך באַמיִען שטענדיק און בײַ יעדער געלעגנהייט צו דערקלערן די פויערים, אַז מיִנטשן, וועלכע ריידן צו זיי וועגן אַפּיטראָפּסעם אָדער הילף מיצאַד דער היימיקער מעלוכע, זײַנען אָדער טאַמים, אָדער שאַרלאַטאַנעס און זייערע ערגסטע פײַנט, אַז דאָס פויערטום באַדאַרף פריִער פאַר אַלץ באַפרײַען זיך פון דער יוילקיר און דעם דרוק פון די משינאָוויקעס, באַדאַרף קוידעמקאָל, עס זאָל אָנערקענט ווערן די פולע, אומבאַדינגטע גלײַכבאַרעכטיקונג פון די פויערים אין אַלע הינזיכטן מיט אַלע איבעריקע שטאַנדן, פולע פרײַהייט פון באַוועגונג און איבערוואַנדערונג, פרײַהייט פון פאַראָרדענען מיט זייער ערד, פרײַהייט פון פאַראָרדענען מיט אַלע קאָהאָלשע איניאָנים און קאָהאָלשע האַכנאָסעס. די געוויינלעכע פאַקטן פונעם לעבן פון וועלכן איר ווילט רוסישן דאָרף קאָנען שטענדיק געבן טויזנטער געלעגנהייטן צו אַגיטאַציע אין נאָמען פון די אָנגעוויזענע פאָדערונגען. דידאָזיקע אַגיטאַציע דאַרף אַרויסגיין פון די אָרטיקע, קאָנקרעטע, אַמייסטן צײַטיקע געוואָרענע נויטן פון די פויערים, אָבער ניט אָפּשטעלן זיך אויף דידאָזיקע נויטן, נאָר אָן אויפהער פאַרברייטערן דעם האָריזאָנט פון די פויערים, אָן אויפהער אַנטוויקלען זייער פאָליטישן באַוווסטזיין, אָנווײַזן אויף דאָס באַזונדערע אָרט, וועלכן עס פאַרנעמען אין דער מעלוכע די פּריצים און די פויערים, אָנווײַזן אויף דאָס איינציקע מיטל צו באַפרײַען דאָס דאָרף פונעם יאָך פון יוילקיר און אונטערדריקונג, וועלכער הענגט איבער אים שטענדיק, — צונויפרופן די פאָלקס-פאַרטרעטער, אַראָפּוואַרפן די זעלבסטמאַכט פון די משינאָוויקעס. ס'איז אומזיניק און מעשוגעדיק די באַהויפּטונג, אַז קלוימערשט די דאָזיקע פאָדערונג פון פאָליטישער פרײַהייט איז ניט צוטריטלעך פאַרן באַוווסטזיין פון די אַרבעטער: ניט בלויז די אַרבעטער, וועלכע האָבן איבערגעלעבט יאָרן דירעקטן קאַמף מיט די פאַבריקאַנטן און מיט דער פּאָליציי, וועלכע זעען שטענדיק ווילקירלעכע אַרעסטן און פאַרפאָלגונגען פון די בעסטע צווישן זיי, ניט בלויז דידאָזיקע אַרבעטער, שוין אָנגעשטעקטע מיט סאָציאַליזם, נאָר איטלעכער פאַרשטאַנדיקער פויער, וועלכער פאַרטראַכט זיך כאָטש וויפל ניט איז איבער דעם, וואָס ער זעט אַרום זיך, וועט אימשטאַנד זײַן צו פאַרשטיין און טויפעס זײַן, פאַרוואָס עס קעמפן די אַרבעטער, טויפעס זײַן די אידיי פון אַ זעמסקע סאָבאָר *, וועלכער באַפרײַט דאָס גאַנצע לאַנד פון דער אַלמעכטיקייט פון די פאַרהאַסטע משינאָוויקעס. און די אַגיטאַציע אויפן באָדן פון די אומיטלבאַרע און ברענענדיקסטע נויטן פונעם פויערטום וועט בלויז דאַמאָלסט אימשטאַנד זײַן צו דערפילן איר אויפגאַבע — אַרײַנטראָגן קלאַסנקאַמף אין דאָרף, — ווען זי וועט מיט איטלעכער דעמאַסקירונג פון דער אָדער יענער „עקאָנאָמישער צאָרע“ אימשטאַנד זײַן צו פאַרבינדן באַשטימטע פאָליטישע פאָדערונגען.

* לאַנדפאַרזאַמלונג (ז. אָנמערקונג צום ערשטן אַרטיקל פון דעמדאָזיקן בוך, זײַט 67). איב.

אָבער ס'פרעגט זיך — צי קאָן די ס"ד ארבעטער=פארטיי ארייננטראָגן אין איר פראָגראַם אַזעלכע פאָדערונגען, ווי מיר האָבן נאָר וואָס איבערגערעכנט? צי קאָן זי נעמען אַף זיך די אַגיטאַציע צווישן דעם פויערטום? צי וועט דאָס ניט פירן דערצו, אַז מיר וועלן זיך פאַנאַנדערוואַרפן און וועלן קערעווען אונדזערע רעוואָליוציאָנערע קויכעס, וואָס זיינען אַזוי אויך קליין אין צאָל, — אין אַ זייט פונעם איקערדיקן און איינציק זיכערן פאַרוואַטער?

אַזעלכע דערווידערונגען זיינען געגרינדעט אַף אַ מיספאַרשטייעניש. יאָ, מיר מוזן דורכויס אַריינטראָגן אין אונדזער פראָגראַם די פאָדערונגען וועגן באַפרייען אונדזער דאָרף פון אַלע איבערעשטן פון שקלאַפעריי, פאָדערונגען, וועלכע זיינען פעיִק אַרויסצורופן אינעם בעסטן טייל פונעם פויערטום אויב ניט אַ זעלבשטענדיקן פאָליטישן קאַמף, איז אַ באַוווסטזיניקע אונטערשטיצונג פונעם באַפרייונג=קאַמף פונעם ארבעטערקלאַס. מיר וואָלטן געטאָן אַ פעלער, אויב מיר וואָלטן גענומען איינשטעלן זיך פאַר מאָסמיטלען, וועלכע זיינען פעיִק צו פאַרהאַלטן די געזעלשאַפטלעכע אַנטוויקלונג, אָדער קינסטלעך פאַרהיטן דאָס קליינע פויערטום פונעם וווּקס פון קאַפּיטאַליזם, פון דער אַנטוויקלונג פון דער גרויספראָדוקציע, אָבער נאָך פאַטאַלער וואָלט זיין דער פעלער, אויב מיר וואָלטן ניט פאַרשטיין אויסצונוצן די אַרבעטער=באַוועגונג, קעדיי צו פאַרשפּרייטן אינעם פויערטום יענע דעמאָקראַטישע פאָדערונגען, וועלכע ס'האָט ניט מעקאַיעם געווען די רעפאָרם פונעם 19=טן פעוראַל 1861 י. אַדאַנק דעם, וואָס די פריצים און טשינאָווניקעס האָבן זי פאַרקריפלט. איינשליסן אַזעלכע פאָדערונגען איז פאַר אונדזער פאַרטיי נייטיק, אויב זי וויל זיך שטעלן בעראָש פונעם גאַנצן פאָלק אין קאַמף מיט דער זעלבסטהערשונג *. אָבער אַזאַ איינשליסונג זעצט נאָרניט פאָרויס, אַז מיר זאָלן נעמען רופן די אַקטיווע קויכעס פון שטאָט אין דאָרף אַריין. וועגן דעם קאָן קיין רייד ניט זיין. עס איז אָן סאָפעק, אַז אַלע קאַמף=עלעמענטן פון דער פאַרטיי דאַרפן שטרעבן צו די שטעט און פאַבריק=זאַוואָדישע צענטרען, אַז בלויז דער אינדוסטריעלער פראָלעטאַריאַט איז פעיִק אַף אומאָפּהענגלעכן און מאַסנווייזן קאַמף אַקעגן דער זעלבסטהערשונג, אַז בלויז דערדאָזיקער פראָלעטאַריאַט איז פעיִק אַרויסצוטראָגן אַף זיינע פּלייצעס אַזעלכע קאַמף=מיטלען, ווי איינאָרדענען אָפענע דעמאָנסטראַציע אָדער אַוועקשטעלן רעגלמעסיק דערשיינענדיקע און ברייט פאַרשפּרייטע פּאָליטישע פאָלקסצייטונגען. ניט קעדיי אָפּצורופן פון שטאָט אין דאָרף אַריין איבערצייגטע סאָציאַל=דעמאָקראַטן, ניט קעדיי צוצושמידן זיי צום דאָרף, דאַרפן מיר אַריינטראָגן אין אונדזער פראָגראַם פויערשע פאָדערונגען, — ניין, אָבער צוליב דעם, קעדיי

* מיר האָבן שוין צוזאַמענגעשטעלט אַ פּראָיעקט פון אַ סאָציאַל=דעמאָקראַטישער פראָגראַם, אין וועלכער ס'זיינען איינגעשלאָסן די אָנגעוויזענע פאָדערונגען. מיר האָפן, אַז נאָך דעם ווי דערדאָזיקער פּראָיעקט וועט באַהאַנדלט און איבערגעאַרבעט ווערן מיט דער הילף פון דער גרופּע „באַפרייונג פון דער אַרבעט", וועלן מיר פּובליקירן אין איינעם פון די נאָענטסטע נומערן דעם פּראָיעקט פון אַ פּראָגראַם פון אונדזער פאַרטיי.

לעניִנס אָנמערקונג.

צו געבן אַן אָנפירונג אין דער מעטיקייט פאַר די קויכעס, וועלכע קאָנען ניט
געפינען קיין אָנווענדונג פאַר זיך אַנדערש, ווי אין דאָרף, קעדיי אויסצונוצן פאַר
דער זאַך פון דער דעמאָקראַטיע און פונעם פּאָליטישן קאַמף פאַר פרייהייט.
יענע פאַרבינדונגען מיטן דאָרף, וועלכע זיינען אַדאַנק די אומשטאַנדן פאַראַן
בײַ ניט קיין קליינער צאָל פון אינטעליגענטן און אַרבעטער, געטרייע דער סאָ=
ציאַלדעמאָקראַטיע, און וועלכע פאַרברייטערן זיך און וואַקסן אומפאַרמיידלעך
צוזאַמען מיטן וווּקס פון דער באַוועגונג. מיר זיינען שוין לאַנג אַריבערגעוואַקסן
יענע סטאַדיע, ווען מיר זיינען געווען אַ קליינער אָטריאַד פרייוויליקע, ווען
דער גאַנצער רעזערוו סאָציאַל=דעמאָקראַטישע קויכעס פלעגט זיך אויסשעפּן מיט
קרייזלעך יוגנט, וועלכע זיינען אַלע ביז איינעם „געגאַנגען צו די אַרבעטער“.
אונדזער באַוועגונג האָט איצט אין איר רעשוס אַ גאַנצע אַרמיי, אַן אַרמיי פון
אַרבעטער, באַרירטע דורכן קאַמף פאַרן סאָציאַליזם און פאַר דער פרייהייט,—
אַן אַרמיי פון אינטעליגענטן, וועלכע האָבן גענומען און נעמען היינט אָנטייל
אין דער באַוועגונג און זיינען שוין היינט צעוואָרפן איבער אַלע עקן פון רוס=
לאַנד, — אַן אַרמיי פון מיטפילנדיקע, וועלכע קוקן מיט גלויבן און האָפע=
נונג אויף דער אַרבעטער=באַוועגונג און זיינען גרייט טאָן פאַר איר טויזנטער
שליכעס. און פאַר אונדז שטייט אַ גרויסע אויפגאַבע: אָרגאַניזירן דידאָזיקע אַלע
אַרמייען, אָרגאַניזירן אַזוי, אַז מיר זאָלן פּעניק זיין ניט בלויז אָרגאַניזירן פאַר=
בייגייענדיקע אויפבליצן, ניט בלויז דערלאַנגען דעם סוינע צופעליקע, פאַרייבצלטע
(און דעריבער אומגעפערלעכע) קלעפּ, נאָר פאַרפאָלגן דעם סוינע מיט אַן אומ=
אָפּווענדלעכן, איינגעשפּאַרטן און אויסגעהאַלטענעם קאַמף אויף דער גאַנצער
ליניע, העצן די זעלבסטהערשנדיקע רעגירונג אומעטום, וווּ זי זייט אומטערדריקונג
און שניידט האָס. און צי איז מעגלעך צו דערגרייכן דאָסדאָזיקע ציל, ניט
אַריינטראָגנדיק אין דער פּילמיליאָניקער מאַסע פונעם פּויערטום קיין זוימען פונעם
קלאַסנקאַמף און פון פּאָליטישן באַוווסטזיין? און איר זאָלט ניט זאָגן, אַז
אַריינטראָגן דידאָזיקע זוימען איז אוממעגלעך: דאָס איז ניט בלויז מעגלעך, דאָס
קומט שוין פאָר, דאָס גייט מיט טויזנטער וועגן, וועלכע פאַלן אַרויס פון אונד=
זער אויפמערקזאַמקייט און אונדזער ווירקונג. דאָס וועט גיין אָן אַ מאָס ברייטער
און גיכער, ווען מיר וועלן קאָנען געבן אַ לאָזונג פאַר אַזאַ ווירקונג און וועלן
אַרויסוואַרפן די פאָן פון באַפרייען דאָס רוסישע פּויערטום פון אַלע איבער=
רעשטן פון דער שענדלעכער לייבייגנשאַפט. דער דאָרפישער אוילעם, וועלכער
קומט אין די שטעט, קוקט זיך שוין היינט צו מיט נייגעריקייט און אינטערעס
צו דעם קאַמף פון די אַרבעטער, וועלכער איז פאַר אים אומפאַרשטענדלעך,
און טראָגט פאַנאַנדער די יעדיעס וועגן אים איבער פאַרשיידענע העקן. מיר
קאָנען און דאַרפן דערשלאָגן זיך, אַז דידאָזיקע נייגעריקייט פון זייטיקע צוזעער
וועט זיך פאַרבייטן אויב ניט מיט אַ פולן פאַרשטאַנד, איז כאָטש מיט אַ
נעפּלהאַפטן באַוווסטזיין, אַז די אַרבעטער קעמפן פאַר די אינטערעסן פונעם
גאַנצן פאָלק, וועט זיך פאַרבייטן מיט אַלץ אַ גרעסערן מיטגע=

פיל צו זייער קאמף, און דעמאָלט וועט דער טאָג פונעם ניצאָכן פון דער
רעוואָליוציאָנערער אַרבעטער=פּאַרטיי איבער דער פּאָליציי־שער רעגירונג דער=
געענטערן זיך מיט א גיכקייט, אף וועלכער מיר אַליין ריכטן זיך ניט און וועלכע
מיר אליין זיינען זיך ניט מעשאער.

„איסקרא“ № 3, אפרעל 1901.

# פון וואָס דארף מען אָנהייבן?

די פראגע: „וואָס דארף מען טאָן?“ רוקט זיך אַרויס פאר די לעצטע
יאָרן מיט א באזונדערן קויעך פאר די רוסישע סאָציאל=דעמאָקראטן. עס האנדלט
זיך ניט וועגן אויסקלייבן דעם וועג (ווי דאָס איז געווען סאָף אַכציקער און
אָנהייב נײַנציקער יאָרן), נאָר וועגן דעם, וועלכע פּראקטישע שריט און וויאזוי
דארפן מיר מאַכן אַף דעם באַוווּסטן וועג. עס האַנדלט זיך וועגן דער סיסטעם
און דעם פּלאַן פון דער פּראַקטישער מעטיקייט. און מע דארף אָנערקענען, אז
די־דאָזיקע פראגע, וועלכע איז אַ גרונט=פראגע פאר א פּראקטישער פּארטיי, די
פּראגע וועגן דעם כאַראַקטער און די אויפאַנים פונעם קאַמף, בלייבט באַ אונדז
נאָך אַלץ ניט קיין געלייזטע, וועקט נאָך אוף ערנסטע מיינונג=פארשיידנהייטן,
וועלכע אנטפּלעקן א טרויערדיקע ניט=שטאַנדהאַפטיקייט און אַ וואַקלונג פונעם
געדאַנק. פון איין זייט, איז נאָך לאַנג ניט געשטאָרבן די „עקאָנאָמישע“ ריכ=
טונג, וועלכע באַמיט זיך אַרומשניידן און פארשמעלערן די ארבעט פון פּאָ=
ליטישער אָרגאַניזירונג און אַגיטאַציע, פון דער אַנדער זייט, הייבט ווי פריער
שטאָלץ דעם קאָפּ די ריכטונג פון פּרינציפּלאָזן עקלעקטיציזם, וועלכער פּאַסט
זיך צו צו איטלעכער נייער „ווייזונג“, וועלכער פאַרשטייט ניט צו אונטערשיידן
צווישן די נאָכפראגען פונעם מאָמענט און די גרונט=אויפגאַבן און שטענדיקע
נייטן פון דער באַוועגונג אינגאַנצן. ווי באַוווּסט, האָט אזא ריכטונג אויסגע=
פּלאָכטן זיך א נעסט אין „ראבאָטשעיע דיעלאָ“. זיין לעצטע „פּראָגראַם=מעל=
דונג“ — אַ הויכער ארטיקל אונטער אַ הויכן נאָמען „היסטאָרישע ווענדונג“
(נומער 6 פונעם „בלעטל פון ראבאָטשעיע דיעלאָ“) — באַשטעטיקט באַזונדערס
אָנשוילעך די געמאַכטע כאַראַקטעריסטיק. נאָך נעכטן האָבן מיר געביינדלט זיך
מיט „ראבאָטשאַיאַ מיסל“, „געמילדערט“ פּלעכאַנאָווס פראגעשטעלונג וועגן
קאַמף אקעגן זעלבסטהערשונג, — און היינט ציטירן מיר שוין ליבקנעכטס
ווערטער: „אויב די אומשטאַנדן וועלן זיך ענדערן אין 24 שאָ, דארף מען אויך
די טאַקטיק ענדערן אין 24 שאָ“, מיר ריידן שוין וועגן אַ „פעסטער שלאַכט=
אָרגאַניזאַציע“ צוליב דער דירעקטער אַטאַקע, צוליב דעם שטורעם אף דער
זעלבסטהערשונג, וועגן א ברייטער רעוואָליוציאָנערער פּאָליטישער אַגיטאַציע (אַט
ווי ענערגיש: סיי רעוואָליוציאָנער, סיי פּאָליטיש!), אַגיטאַציע אין דער מאסע,
וועגן „אומופהערלעכן צורוף צום גאסנפּראָטעסט“, וועגן „איינאָרדענען גאמן=
דעמאָנסטראציעס פון א שארף *(Sic!) פּאָליטישן כאראקטער“ א. א. וו. א. א. וו.

* „אזוי!“ (אף לאטיין).

איב.

מיר וואָלטן עפּשער געקאָנט אויסדריקן אונדזער פאַרגעניגן איבער דעם, וואָס „ראַבאָטשעיע דיעלאָ“ האָט אַזוי גיך טויפעס געוועזן די פראָגראַם, וועלכע מיר האָבן אַרויסגערוקט שוין אינעם ערשטן נומער „איסקראַ“, די פראָגראַם פון באַשאַפן אַ פעסטע אָרגאַניזירטע פאַרטיי, וועלכע ריכט זיך אָף דעראָבערן ניט בלויז איינצעלנע האַנאָכעס, נאָר די גאַנצע פעסטונג פון זעלבסטהערשונג; אָבער דאָס, וואָס די, וועלכע האָבן די פראָגראַם טויפעס געוועזן, האָבן ניט קיין שום פעסטן שטאַנדפונקט, איז פעיִק קאַליע צו מאַכן איטלעך פאַרגעניגן.

ליבקנעכטס נאָמען באַנוצט „ראַב. דיעלאָ“, נאַטירלעך, אומזיסט. אין 24 שאָ קאָן מען ענדערן די טאַקטיק פון אַגיטאַציע אין אַ וועלכער ניט איז ספעציעלער פראַגע, די טאַקטיק פון דורכפירן אַ וועלכע ניט איז דעטאַל פון פאַרטיי-אָרגאַניזירונג, אָבער ענדערן ניט בלויז אין 24 שאָ, נאָר אַפילע אין 24 כאַדאָשים די אָנשוויונגען אָף דעם, צי איז ביכלאַל שטענדיק און אומבאַדינגט נייטיק אַ שלאַכט-אָרגאַניזאַציע און אַ פאָליטישע אַגיטאַציע אין די מאַסן, דאָס קאָנען בלויז מענטשן אָן וועלכע ניט איז פרינציפן. ס'איז לעכערלעך צו פאַרופן זיך אָף דעם אונטערשייד פון דער סיטואַציע, אָף דעם איבערבייט פון פעריאָדן: אַרבעטן אָף באַשאַפן אַ שלאַכט-אָרגאַניזאַציע און אָף פירן אַ פאָליטישע אַגיטאַציע איז אָבליגאַטאָריש באַ וועלכער איר ווילט „גרויער, פרידלעכער“ סיטואַציע, אין פעריאָד פון אַ וועלכער איר ווילט „יערידע פונעם רעוואָליוציאָנערן גייסט“ — פאַרקערט: דאַפקע באַ אַזאַ סיטואַציע און אין אַזעלכע פעריאָדן איז באַזונדערס נייטיק די אָנגעוויזענע אַרבעט, ווייל אין מאָמענטן פון אויפרייסן און אויפבליצן איז שוין שפעט צו באַשאַפן די אָרגאַניזאַציע; זי דאַרף זיין גרייט, קעדיי מיטאַמאָל צו אַנטוויקלען איר טעטיקייט. „ענדערן אין 24 שאָ די טאַקטיק“! אָבער קעדיי ענדערן די טאַקטיק, דאַרף מען האָבן אַ טאַקטיק, און אויב ס'איז ניטאָ קיין פעסטע אָרגאַניזאַציע, אַן אויסגעפרוּווטע אינעם פאָליטישן קאַמף באַ איטלעכער סיטואַציע און אין אַלערליי פעריאָדן, קאָן אַפילע קיין רייד ניט זיין וועגן יענעם סיסטעמאַטישן, מיט פעסטע פרינציפן באַלויכטענעם, אומאָפווענדלעך דורכגעפירטן טעטיקייט-פלאַן, וועלכער פאַרדינט איינציק דעם נאָמען טאַקטיק. גיט אינדערעמעס אַ קוק: מע זאָגט אונדז שוין, אַז דער „היסטאָרישער מאָמענט האָט אַרויסגערוקט פאַר אונדזער פאַרטיי די „פולקום נייע“ פראַגע — וועגן טעראָר“. נעכטן איז „פולקום נייע“ געוועזן די פראַגע וועגן פאָליטישער אָרגאַניזאַציע און אַגיטאַציע, היינט — די פראַגע וועגן טעראָר. צי איז ניט מערקווירדיק צו הערן, ווי מענטשן, וועלכע געדענקען אַזוי ווייט ניט פון זייער טאַטן, כקירען זיך וועגן ראַדיקאַלער ענדערונג פון דער טאַקטיק?

צום גליק איז „ראַב. דיעלאָ“ אומגערעכט. די פראַגע וועגן טעראָר איז גאָרניט קיין נייע פראַגע, און ס'איז אונדז גענוג אין קורצן צו דערמאָנען די פעסטגעשטעלטע אָנשוויונגען פון דער רוסישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע.

פרינציפיעל פלעגן מיר קיינמאָל ניט אָפזאָגן זיך און קאָנען ניט אָפזאָגן
זיך פונעם טעראָר. דאָס איז איינע פון די מיליטערישע אָפעראַציעס, וועלכע
קאָן זיין פולקום טויגלעך און אפילע נייטיק אין א געוויסן מאָמענט פון דער
שלאַכט, באַ אַ געוויסן צושטאַנד פונעם כאַיל און באַ געוויסע באַדינגונגען.
אָבער דער מאָך פונעם איניען איז גראָד דערין, וואָס דער טעראָר ווערט
היינט אַרויסגערוקט בעשום אויפן ניט ווי איינע פון די אָפעראַציעס פון דער
ווירקנדיקער אַרמיי, ענג פאַרבונדן און צוזאַמענגעפאַסט מיט דער גאַנצער סיס=
טעם פונעם קאַמף, נאָר ווי אַ זעלבשטענדיק, פון איטלעכער אַרמיי אומאָפהענגיק
מיטל פון אייגצלנעם אָנפאַל. און בעיים עס פעלט א צענטראַלע רעוואָלוציאָנערע
אָרגאַניזאַציע און ס'זיינען שוואַך די אָרטיקע, — קאָן דער טעראָר טאַקע קיין
אַנדער זאַך ניט זיין. אָט דערפאַר דערקלערן מיר אַנטשלאָסן, אז באַ די גע=
געבענע אומשטאַנדן איז אזא קאַמף=מיטל ניט צייטמעסיק, ניט צוועקמעסיק,
צ'יט דאָס אָפ די אַקטיווסטע קעמפער פון זייער ווירקלעכער אויפגאַבע, דער
וויכטיקסטער אין די אינטערעסן פון דער גאַנצער באַוועגונג, דעזאָר=
גאַניזירט ניט די רעגירונגס=קויכעס, נאָר די רעוואָלוציאָנערע קויכעס. דערמאָנט
זיך אָן די לעצטע געשעענישן: אין אונדזערע אויגן רייסן זיך די ברייטע מאַסן
שטאָטישע אַרבעטער און שטאָטישער „האַמוין" צום קאַמף, און באַ די רעוואָ=
ליוציאָנערן, ווייזט זיך אַרויס, איז ניטאָ קיין שטאַב פון אָנפירער און אָרגאַ=
ניזאַטאָרן. צי דראָט ניט באַ אַזעלכע באַדינגונגען דאָס אַוועקגיין פון די ענער=
גישסטע רעוואָליוציאָנערן אין טעראָר אריין — מיט אַן אָפשוואַכונג פון יענע
שלאַכט=אָטריאַדן, אף וועלכע בלויז מע קאָן ארופליגן ערנסטע האָפענונגען?
צי דראָט דאָס ניט צו צערייסן די פאַרבינדונג צווישן די רעוואָליוציאָנערע
אָרגאַניזאַציעס און יענע צעברעקלטע מאַסן אומצעפרידענע, פראָטעסטירנדיקע,
קאַמף=גרייטע, וועלכע זיינען שוואַך דאַפקע מיט זייער צעברעקלטקייט? אָבער
אין דערהאָזיקער פאַרבינדונג ליגט דאָך דער איינציקער קוואַל פון אונדזער
דערפאָלג. מיר זיינען ווייט פונעם געדאַנק צו לייקענען איטלעכע באַדייטונג
אין אייגצלנע העראָישע קלעפ, אָבער אונדזער כויוו איז — מיט דער גאַנצער
ענערגיע צו וואָרענען פון לאָזן זיך פאַרכאַפן דורך טעראָר, פון אָנערקענען
אים פאַר דעם איקערדיקן, פאַר דעם גרונט=מיטל פונעם קאַמף, צו וואָס זייער
און זייער פיל זיינען היינט אַזוי שטאַרק נויטע. טעראָר קאָן קיינמאָל ניט
ווערן קיין טאָגטעגלעכע מיליטער=אָפעראַציע, אין בעסטן פאַל טויג ער ווי איינער
פון די מעטאָדן באַם אנטשלאָסענעם שטורעם. פרעגט זיך, צי קאָנען מיר איצט
געגעבענעם מאָמענט רופן אף אזא שטורעם? „ראַב. דיעלאָ", ווי עס שיינט,
מיינט אז יאָ. וויגיקסטנס, זי רופט אויס: „שטעלט זיך אין שטורעם=קאָלאָ=
נעס"! אָבער דאָס איז ווייטער אייפערדיקייט ניט לויטן סייכל. די הויפט=מאַסע
פון אונדזערע קריגס=קויכעס — דאָס זיינען פרייוויליקע און אופשטענדלער.
שטענדיקע אַרמיי פאַרמאָגן מיר בלויז עטלעכע קליינע אָטריאַדן, און דאָס אויך
ניט קיין מאָביליזירטע, ניט קיין פאַרבונדענע צווישן זיך, ניט אויסגעלערנטע

צו שטעלן זיך אין קריגס־קאָלאָנעס ביכלאל, ווער רעדט שוין אין שטורעמקאָלאָנעס. בא אזעלכע באדינגונגען איז פאר יעדערן ווער ס'איז פעיק צו באטראכטן די אַלגעמיינע באדינגונגען פון אונדזער קאמף, ניט פארגעסנדיק ווען זיי בא איטלעכער „ווענדונג“ פון דעם היסטאָרישן גאנג פון די געשעענישן, — דארף זיין קלאָר, אז אונדזער לאָזונג אינעם געגעבענעם מאָמענט קאָן ניט זיין „גיין אין שטורעם“, אז דער לאָזונג דארף זיין: „אָרגאניזירן א רעגלמעסיקע באלאגערונג פון דער פיינטלעכער פעסטונג“. מיט אנדערע ווערטער: די אומיטלבארע אופגאבע פון אונדזער פארטיי קאָן ניט זיין טייקעף רופן אַלע פאראנענע קויכעס אין אטאַקע. די אופגאבע איז — רופן אויסארבעטן א רעוואָליוציאָנערע אָרגאניזאציע, וועלכע איז פעיק צו פאראייניקן אַלע קויכעס און אָנפירן מיט דער באוועגונג ניט בלויז לויטן נאָמען, נאָר אין דער ווירקלעכקייט, ד. ה. שטענדיק גרייט זיין צו אונטערשטיצן איטלעכן פראָטעסט און איטלעכן אויפבליץ, באנוצנדיק זיי, קעדיי צו פארמערן און פארשטארקן די קריגס־קויכעס, וועלכע טויגן צו אן אנטשלאָסענעם שלאכט.

די לעקציע פון די פעווראל־ און מארט־געשעענישן איז אזוי אימפּאָזאנט, אז מע קאָן איצט קוים טרעפן פרינציפיעלע דערווידערונגען אקעגן אזא אויספיר. אָבער פון אונדז פאָדערט זי הייַנטיקע צייט ניט קיין פרינציפיעלע לייזונג פון דער פראגע, נאָר א פראקטישע. עס פאָדערט זיך ניט בלויז קלאָרמאכן, וואָס געמלעך פאר אן אָרגאניזאציע צוליב וואָס געמלעך פאר אן ארבעט ס'איז נייטיק, — עס פאָדערט זיך אויסצוארבעטן א געוויסן פלאַן פון אָרגאניזאציע, קעדיי מע זאָל קאָנען צוטרעטן בויען זי פון אַלע זייטן. געמענדיק אין אכט די דרינגענדיקע וויכטיקייט פון דער פראגע, אנטשליסן מיר זיך, פון אונדזער זייט, פאָרצולייגן דער אופמערקזאמקייט פון די כאווירים אן עסקיז פון א פלאן, וועלכן מיר אנטוויקלען אויספירלעך אין א בראָשור, וואָס גרייט זיך צום דרוק.

לויט אונדזער מיינונג, דארף דער אויסגאנג־פונקט פון דער טעטיקייט, דער ערשטער פראקטישער שריט צו באשאפן די געווונטשענע אָרגאניזאציע, ענדלעך, דער גרונטשנור, וואָס האלטנדיק זיך פאר אים וואָלטן מיר געקאָנט אומאָפּהענגלעך אנטוויקלען, פארטיפן און פארברייטערן דידאָזיקע אָרגאניזאציע, — דארף זיין אָרויסשטעלן אן אַלגעמיין־רוסישע פאָליטישע צייטונג. מיר דארפן קוידעמקאָל א צייטונג, — אָן איר איז אוממעגלעך יענס סיסטעמאטישע פירן א פרינציפיעל אויסגעהאַלטענע און אַלזייטיקע פראָפּאגאנדע און אגיטאציע, וועלכע בילדעט די שטענדיקע און הויפטלעכע אופגאבע פון דער סאָציאַלדעמאָקראטיע ביכלאַל און די באזונדערס אקטועלע אופגאבע פונעם הייַנטיקן מאָמענט, ווען דער אינטערעס צו פאָליטיק, צו פראגן פון סאָציאַליזם איז דערוועקט אין די ברייטסטע שיכטן פון דער באפעלקערונג. און קיינמאָל האָט זיך ניט געפילט מיט אזא קויעך, ווי איצט, דאָס באדערפעניש אין דעם, די צעבראָקלטע אגיטאציע דורך פערזענלעכן איינפלוס, דורך אָרטיקע בלעטלעך,

בראָשורן א. א. וו. זאָל דערגאַנצט ווערן מיט יענער פּאַראַלעמייגערטער און
רעגולערער אַגיטאַציע, וועלכע מע קאָן פירן בלויז מיט הילף פון אַ פּעריאָדישער
פרעסע. ס'וועט קוים זיין א גוזמע צו זאָגן, אז דער גראַד פון אָפטקייט און
רעגולערקייט, מיט וועלכער ס'גייט ארויס א צייטונג (און מיט וועלכער זי ווערט
פאַרשפּרייט), קאָן דינען אַלס פינקטלעכסטער מאָסשטאַב פון דעם, אף וויפל
סאָליד ס'איז בײַ אונדז אוועקגעשטעלט דערדאָזיקער ערשטריי:קער און אַק=
טועלער צווייג פון אונדזער קריג=טעטיקייט. ווייטער, מיר באַדאַרפן דאַפקע אַן אַל=
געמיין=רוסישע צייטונג. אויב מיר וועלן ניט פאַרשטיין און ביז וואַנען מיר
וועלן ניט פאַרשטיין צו פאַרייניקן אונדזער ווירקונג אף דעם פאָלק און אף
דער רעגירונג דורך דעם געדרוקטן וואָרט, — וועט זיין א אוטאָפּיע די פאַ=
ריי:ניקונג פון אַנדערע, קאָמפּליצירטערע, שוואַכערע, אָבער דערפאַר אַנטשיי=
דענערע ווירקונג=אויפאַנים. סיי אין דער אידייִשער, סיי אין דער פּראַקטישער,
אָרגאַניזאַטאָרישער באַציִונג לײַדט אונדזער באַוועגונג מער פאַר אַלץ פון איר
צעברעקלטקייט, דערפון, וואָס די געוואַלטיקע מערהייט פון די סאָציאַל=דעמאָ=
קראַטן זייַנען קימאַט אינגאַנצן פאַרשלונגען מיט ריין אָרטיקער ארבעט, וועלכע
פאַרשמעלערט סיי זייער האָריזאָנט, סיי דעם פאַרנעם פון זייער טעטיקייט, סיי
זייער קאָנספּיראַטיווע געשיקטקייט און צוגעגרייטקייט. דאַפקע אין דערדאָזיקער
צעברעקלטקייט דאַרף מען זוכן די טיפסטע וואָרצלען פון יענער ניט שטאַנד=
האַפטיקייט און פון יענער וואַקלונג, וועגן וועלכע מיר האָבן גערעדט העכער.
און דער ע ר ש ט ע ר שריט פאָרויס אפן וועג פון באַפרייען זיך פון דעמ=
דאָזיקן כעסאָרן, אפן וועג פון פאַרוואַנדלען עטלעכע אָרטיקע באַוועגונגען אין
איין אַלגעמיין=רוסישע באַוועגונג דאַרף זיין דאָס אוועקשטעלן אַן אַלגעמיין=
רוסישע צייטונג. ענדלעך, מיר באַדאַרפן דורכויס אַ פ אָ ל י ט י ש ע צייטונג.
אָן א פאָליטישן אָרגאַן איז אין היינטיקער אייראָפּע אומדענקבאַר א באַ=
וועגונג, וועלכע פאַרדינט דעם נאָמען פאָליטישע. אָן אים איז אַבסאָליוט ניט
דורכפירבאַר אונדזער אויפגאַבע — קאָנצענטרירן אַלע עלעמענטן פון פאָליטי=
שער אומצופרידנקייט און פּראָטעסט, באַפרוכפּערן מיט זיי די רעוואָליוציאָ=
נערע באַוועגונג פונעם פּראָלעטאַריאַט.

מיר האָבן געמאַכט דעם ערשטן שריט, מיר האָבן אויפגעוועקט אינעם
אַרבעטער=קלאַס די „לײַדנשאַפט" פון „עקאָנאָמישע", פאַבריקישע דעמאַסקי=
רונגען. מיר דאַרפן מאַכן דעם ווייטערדיקן שריט: אויפוועקן אין אַלע וויפל ניט
איז באַוווסטזיניקע שיכטן פונעם פאָלק די לײַדנשאַפט פון פ אָ ל י ט י ש ע דע=
מאַסקירונגען. מע דאַרף ניט אַראָפּפאַלן בײַ זיך צוליב דעם, וואָס די פאָליטיש=
דעמאַסקירנדיקע שטימען זייַנען אַזוי שוואַך, זעלטן און ניט=דרייסט אין דער
איצטיקער צייט. די סיבע דערפון — איז בעשום אויפן ניט דאָס, וואָס אַלע
ביז איינעם מאַכן שאָלעם מיט דער פאָליצייִשער ווילקיר. די סיבע איז די,
וואָס בײַ די מענטשן, וועלכע זייַנען פעיִק און גרייט צו דעמאַסקירן, איז ניטאָ
קיין טריבונע, פון וועלכער זיי זאָלן קאָנען ריידן, — ניטאָ קיין אודיטאָריע,

וואָס הערט ליידנשאַפטלעך צו און מונטערט אויף די רעדנער, — אַז זיי זעען ניט אין ערגעץ אינעם פאָלק אַזאַ קויעך, צו וועלכן עס וואָלט קעדיי זיין צו ווענדן זיך מיט אַן אָנקלאָג אויף דער „אַלמעכטיקער" רוסישער רעגירונג. אָבער איצט ענדערט זיך דאָס אַלץ מיט אַ געוואַלטיקער גיכקייט. אַזאַ קויעך איז פאַראַן, דאָס איז דער רעוואָליוציאָנערער פּראָלעטאַריאַט, ער האָט שוין דערוויזן זיין גרייטקייט ניט בלויז צו הערן און צו אונטערשטיצן דעם צורוף צום פּאָליטישן קאַמף, נאָר אויך דרייסט וואַרפן זיך אין קאַמף. מיר זיינען איצט אימשטאַנד, און מיר זיינען מעכויעוו — צו באַשאַפן אַ טריבונע פאַר דער אַלפאָלקישער דעמאַסקירונג פון דער צאַרישער רעגירונג; — אַזאַ טריבונע דאַרף זיין אַ סאָציאַל-דעמאָקראַטישע צייטונג. דער רוסישער אַרבעטער-קלאַס, צום אונטערשייד פון די איבעריקע קלאַסן און שיכטן פון דער רוסישער געזעלשאַפט, ווייזט אַרויס אַ שטענדיקן אינטערעס צום פּאָליטישן וויסן, ווייזט אַרויס שטענדיק (און ניט בלויז אין די פּעריאָדן פון באַזונדערער אויפרעגונג) אַ געוואַלטיקע נאָכפראַגע אויף אומלעגאַלער ליטעראַטור. בײַ אַזאַ מאַסן-נאָכפראַגע, בײַ דער שוין אָנגעפאַנגענער אויסאַרבעטונג פון געניטע רעוואָליוציאָנערע אָנפירער, בײַ יענער קאָנצענטרירטקייט פונעם אַרבעטער-קלאַס, וועלכע מאַכט אים פאַר אַ פאַקטישן באַלעבאָס אין די אַרבעטער-קוואַרטאַלן פון דער גרויסער שטאָט, אינעם זאַוואָד-יישעוו, אינעם פאַבריק-שטעטל, — איז די אויפשטעלונג פון אַ פּאָליטישער צייטונג אַ זאַך, צו וועלכער דער פּראָלעטאַריאַט באַרמאָגט פולשטענדיק די נייטיקע קויכעס. און דורכן פּראָלעטאַריאַט וועט די צייטונג אַרייַנדרינגען אין די רייען פונעם שטאָטישן קלייַנבירגערטום, פון די דאָרפישע קוסטאַרעס און פויערים און וועט ווערן אַן עמעסע פאָלקסטימלעכע פּאָליטישע צייטונג.

אָבער די ראָליע פון דער צייטונג באַגרענעצט זיך ניט בלויז מיט פאַרשפּרייטן אידייען, מיט פּאָליטישער דערציונג און צוציִען פּאָליטישע פאַרבינדעטע. די צייטונג איז ניט בלויז אַ קאָלעקטיווער פּראָפּאַגאַנדיסט און קאָלעקטיווער אַגיטאַטאָר, נאָר אויך אַ קאָלעקטיווער אָרגאַניזאַטאָר. אין דער דאָזיקער לעצטער באַציִונג קאָן מען זי פאַרגלייכן מיט די רעשטאַוואַניעס, וועלכע מע שטעלט אַרום אַ ביניען וואָס בויט זיך, וועלכע מערקן אָן די קאָנטורן פונעם ביניען, פאַרגרינגערן דעם פאַרקער צווישן די באַזונדערע בויער, העלפן זיי צו צעטיילן די אַרבעט און צו באַטראַכטן די געמיינזאַמע רעזולטאַטן, וואָס זיינען דערגרייכט דורך אָרגאַניזירטע אַרבעט. מיט דער הילף פון דער צייטונג און אין פאַרבינדונג מיט איר וועט פון זיך אַליין אויסבילדן זיך אַ שטענדיקע אָרגאַניזאַציע, וועלכע וועט זיין פאַרנומען ניט בלויז מיט אָרטיקער, אָבער אויך מיט רעגולערער אַלגעמיינער אַרבעט, וועלכע וועט לערנען אירע מיטגלידער אויפמערקזאַם אַכטונג צו געבן אויף די פּאָליטישע געשעענישן, אָפּשאַצן זייער באַדייטונג און זייער ווירקונג אויף פאַרשיידענע שיכטן פון דער באַפעלקערונג, אויסאַרבעטן צוועקמעסיקע אויפאַנים פון ווירקן אויף די דאָזיקע געשעענישן מיצאַד

דער רעוואָליוציאָנערער פּאַרטיי. שוין די טעכנישע אויפגאַבע אַליין — באַוואָרענען, די צייטונג זאָל רעגלמעסיק באַזאָרגט ווערן מיט מאַטעריאַלן און זי זאָל רעגלמעסיק פאַרשפּרייט ווערן, צווינגט צו באַשאַפן אַ נעץ אָרטיקע אַגענטן פון דער איינהייטלעכער פּאַרטיי, אַגענטן, וועלכע געפינען זיך אין לעבעדיקע באַציִונגען איינע מיט די אַנדערע, וועלכע ווייסן די אַלגעמיינע זאַכלאַגע, וועלכע ווערן געוווינט רעגולער אויסצופירן די דרויב-פונקציעס פון דער אַלגעמיין-רוסישער אַרבעט, וועלכע פּרובירן זייערע קויכעס אַף אָרגאַניזירן די אָדער יענע רעוואָליוציאָנערע אהנדלונגען. דידאָזיקע נעץ אַגענטן * וועט זיין דער סקעלעט דאַפקע פון אַזאַ אָרגאַניזאַציע, וועלכע מיר האָבן נייטיק: אַ גענוג גרויסער, קעדיי אַרומצוכאַפּן דאָס גאַנצע לאַנד; אַ גענוג ברייטער און פאַלזייטיקער, קעדיי דורכצופירן אַ שטרענגע און דעטאַלירטע אַרבעט-צעטיילונג; אַ גענוג אויסגעהאַלטענער, קעדיי צו קענען אַלערליי אומשטאַנדן, באַ אַלערליי „ווענדונגען" און אומדערוואַרטקייטן אומאָפּוועגדלעך פירן *איר אייגענע* אַרבעט; אַ גענוג עלאַסטישער, קעדיי צו קענען, פון איין זייט אויסמיידן אַ שלאַכט אין אָפענעם פעלד מיט דעם סוינע, וואָס וועגט שטאַרק אַריבער מיט זיין קויעך, ווען דער לעצטער האָט צונויפגעזאַמלט אין איין פונקט אַלע זיינע קויכעס, און פון דער אַנדערער זייט, קעדיי צו קאָנען אויסנוצן די שווערפירעוודיקייט פון דעמדאָזיקן סוינע און אָנפאַלן אַף אים דאָרט און דעמאָלסט, ווו מע ריכט זיך אַמווייניקסטן אַף אַן אָנפאַל. היינט האָט זיך פאַר אונדז געשטעלט אַ פאַרהעלטניסמעסיק לייכטע אויפגאַבע צו אונטערשטיצן סטודענטן, דעמאָנסטרירן אין די גאַסן פון די גרויסע שטעט. מאָרגן וועט עפּשער שטעלן זיך אַ שווערערע אויפגאַבע, — צום ביישפּיל, אונטערשטיצן די באַוועגונג פון אַרבעטסלאָזע אין אַ געוויסן ראַיאָן. איבערמאָרגן דאַרפן מיר זיך געפינען אַף אונדזער פּאָסטן, קעדיי צו נעמען אַ רעוואָליוציאָנערן אָנטייל אין אַ פּויערשן בונט. היינט דאַרפן מיר אויסנוצן יענע פאַרשאַרפונג פון דער פּאָליטישער לאַגע, וועלכע די רעגירונג האָט באַשאַפן מיט איר מאַרש אַנקעגן דער זעמסטווע, מאָרגן דאַרפן מיר אונטערשטיצן די אויפגעבראַכטקייט פון דער באַפעלקערונג אַנקעגן דעם אָדער יענעם פאַריסענעם צאַרישן באַשיבוזוק און העלפן — דורך באָיקאָט, העצע, מאַניפעסטאַציע — אָנצולערנען אים אַזוי, ער זאָל נעצוווּנגען זיין צו אַן אָפענעם צוריקטריט. אַזאַ גראַד פון שלאַכט-פערטיקייט קאָן מען אויסאַרבעטן בלויז אַף אַ שטענדיקער טעטיקייט, וועלכע באַשעפטיקט אַ רעגולערן כאַיל. און ווען מיר וועלן פאַראייניקן אונדזערע קויכעס אַף פירן אַן אַלגעמיינע צייטונג, וועט אַזאַ אַרבעט צוגרייטן און אַרויסרוקן ניט בלויז די געניטסטע פּראָפּאַגאַנדיסטן, נאָר אויך די

* ס'פאַרשטייט זיך, אַז אַזעלכע אַגענטן וואָלטן געקאָנט אַרבעטן מיט דערפאָלג בלויז ביטנאַי פון זייער פולשטענדיקער נאָענטקייט צו די אָרטיקע קאָמיטעטן (גרופּן, קרייזלעך) פון אונדזער פּאַרטיי. און ביכלאַל, אונדזער גאַנצער פּלאַן קאָן פאַרווירקלעכט ווערן, נאַטירלעך, בלויז באַ דער אַקטיווסטער אונטערשטיצונג פון די קאָמיטעטן, וועלכע האָבן ניט איינמאָל געמאַכט שריט צו דער פאַראייניקונג פון דער פּאַרטיי און וועלכע — מיר זיינען זיכער — עס וועלן זיך דערשלאָגן דידאָזיקע פאַראייניקונג ניט היינט, איז מאָרגן, ניט אין דער פאָרם, איז אין אַן אַנדערער.

לעניִנס אָנמערקונג

געשיקטסטע אָרגאַניזאַטאָרן, די טאַלאַנטפולסטע פּאָליטישע פירער פון דער פּאַרטיי, וועלכע זיינען פעיִק אין דער גייטיקער מינוט צו געבן א לאָזונג צום אנטשלאָסענעם קאַמף און אָנפירן מיט אים.

צום סאָף — א פּאָר ווערטער, קעדיי אויסצומיידן א מעגלעכע מיספאַרשטייעניש. מיר האָבן די גאַנצע צייט גערעדט בלויז וועגן א סיסטעמאַטישער, פּלאַנמעסיקער צוגרייטונג, אָבער מיר האָבן דערמיט לאַכלוטן ניט געוואָלט זאָגן, אַז די זעלבסטהערשונג קאָן פאַלן אויסשליסלעך פון א רעגלמעסיקער באַלאַגערונג אָדער פון אן אָרגאַניזירטן שטורעם. אַזא בליק וואָלט געווען אן אומגעלומפּערטע דאָקטרינעריי*. פאַרקערט, ס'איז פולקום מעגלעך און היסטאָריש אסאך מער וואַרשיינלעך, אַז די זעלבסטהערשונג וועט פאַלן אונטערן דרוק פון איינעם פון יענע סטיכישע אויפרייסן אָדער ניט פאָרגעזעענע פּאָליטישע פאַרוויקלונגען, וועלכע דראָען טאָמיד פון אַלע זייטן. אָבער קיין איינציקע פּאָליטישע פּאַרטיי קאָן ניט, ניט אריינפאַלנדיק אין אוואַנטיוריזם, בויען איר טעטיקייט אַף דעם אויסרעכענען אַף אַזעלכע אויפרייסן און פאַרוויקלונגען. מיר דאַרפן גיין מיט אונדזער וועג, אומאָפּווענדלעך טאָן אונדזער סיסטעמאַטישע אַרבעט, און וואָס ווייניקער מיר וועלן אויסרעכענען אַף אומדערוואַרטקייטן, אַלץ מער איז דאָ וואַרשיינלעכקייט, אַז קיינע „היסטאָרישע ווענדונגען" וועלן אונדז ניט טרעפן אומגעריכטערהייט.

„איסקרא" נום. 4, מײַ 1901

# א שמועס מיט די פאַרטיידיקער פון עקאָנאָמיזם

מיר ברענגען איינגאַנצן א בריוו, וועלכן ס'האָט אונדז געשיקט איינער פון אונדזערע פּאַרטרעטער:

## א בריוו אין די רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע אָרגאַנען

„אַלס ענטפער אַף דעם פאָרשלאָג פון אונדזערע כאַווײרים לויט דער פאַרשיקונג־ארויסצוזאָגן זיך וועגן דער „איסקרא" האָבן מיר באַשלאָסן צו מעלדן וועגן די סיבעס פון אונדזער ניט־מאַסקים זיין מיט דעמדאָזיקן אָרגאַן.

„אַנערקענענדיק, אַז ס'איז פולקום צוועקמעסיק די דערשיינונג פון א באַזונדערן ס"ד אָרגאַן, ספּעציעל געווידמעט די פראַגן פון פּאָליטישן קאַמף, רעכענען מיר ניט, אַז די „איסקרא", וועלכע האָט אַף זיך גענומען אַזא אויפגאַבע, זאָל זי באַפרידיקנדיק האָבן געלייזט. איר גרונט־כיסאָרן, וועלכער גייט דורך ווי א רויטער פאָדעם איבער אַלע אירע שפּאַלטן און וועלכער איז די סיבע פון אַלע אירע איבעריקע גרויסע און קליינע כעסרוינעס, באַשטייט אין דעם, אַז „איסקרא" גיט אָפּ זייער אַ אַנגעזעענעם אָרט די אידעאָלאָגן פון דער באַוועגונג אינעם זינען פון זייער ווירקונג אַף דער אָדער יענער ריכטונג אירער. אין דערזעלביקער צייט רעכנט זיך די „איסקרא" ווייניק מיט יענע מאַטעריעלע עלעמענטן פון דער באַוועגונג און מיט יענער מאַטעריעלער סוויווע, וואָס פון זייער קעגנזייטיקער ווירקונג באַשאַפט זיך א געוויסער טיפּ פון אן אַרבעטער־באַוועגונג און ס'באַשטימט זיך איר וועג, פון וועלכן עס זיינען ניט אימשטאַנד אָראָפּצוציען זי קיינע באַמיִונגען פון די אידעאָלאָגן, מעגן זיי אַפילע באַגייסטערט זיין מיט די בעסטע טעאָריעס און פּראָגראַמען.

* דאָקטרין — לערע (דאָקטאָר־לערער). דאָקטרינעריי — הוילע, אַבסטראַקטע טעאָרעטיזירונג, אָפּגעריסן פון לעבן. איב.

„דערדאָזיקער כיסאָרן פון דער „איסקרא“ ווארפט זיך באזונדער אין די אויגן באם פארגלייכן זי מיט „יוזשני ראבאָטשי“ *, וועלכער, אופהויבנדיק, ווי די „איסקרא“, די פאָן פון פּאָליטישן קאמף, שטעלט אים אין פארבינדונג מיטן פּאָריקן פאזיס פון דער דאָרעם-רוסישער ארבעטער-באוועגונג. אזא שטעלונג פון דער פראגע איז פולקום פרעמד דער „איסקרא“. שטעלנדיק פאר איר ציל צו באשאפן „פון א פונק א גרויסע סרייפע“, פארגעסט זי, אז צוליב דעם איז נייטיק א פּאסיקער ברען-מאטעריאל און גינסטיקע אויסערלעכע באדינגונגען. מיט ביידע הענט אָפּציילעמענדיק זיך פון די „עקאָנאָמיסטן“, לאָזט די „איסקרא“ ארדיס פונעם אויג, אז זייער טעטיקייט האָט צוגעגרייט יענעם אָנטייל פון די ארבעטער אין די געשעעניש פון פעווראל און פון מארט, וועלכע זי שטרייכט אונטער מיט א באזונדער פלייסיקייט און איז זיי ווי עס שיינט שטארק מעגאזוים. באציִענדיק זיך נעגאטיוו צו דער טעטיקייט פון די ס. ד. פונעם סאָף 90-ער יאָרן, איגנאָרירט די „איסקרא“, אז אין יענער צייט האָבן געפעלט די באדינגונגען פאר אן אנדער ארבעט, אכוץ קאמף פאר קליינע פאָדערונגען, און אז דערדאָזיקער קאמף האָט געהאט א געוואלטיקע דערציִערישער באדייטונג. דעמדאָזיקן פעריאָד און דידאָזיקע ריכטונג אין דער טעטיקייט פון די רוסישע סאָציאלדעמאָקראטן שאצט די „איסקרא“ אָפּ פולקום ניט ריכטיק און ניט היסטאָריש, זי אידענטיפיצירט זייער טאקטיק מיט דער טאקטיק פון זובאטאָוו'ן **, ניט זעענדיק קיין נאפקע-מינע צווישן דעם „קאמף פאר קליינע פאָדערונ-

* „יוזשני ראבאָטשי“ — סאָצ. דעמ. צייטונג, ארויסגעגעבן פון א גרופע מיט דעמזעלבן נאָמען. אף דאָרעם-רוסלאנד האָט זי געהאט א באדייטנדיקע ווירקונג. אין איר פארלעגערישער און ליטעראַרישער טעטיקייט האָט די גרופע געשטיצט זיך אף די דאָרעם-רוסישע ס. ד. אָרגאניזאציעס, דעריקער אף דער יעקאטערינאָסלאווער און אף דעם כארקאָווער קאָמיטעט. דער נומער 1 איז ארויס אין יאנואר 1900, דער לעצטער, נומער 12, איז ארויס אין אפּרעל 1903. לויט זיין ריכטונג איז „יוזשני ראבאָטשי“ געווען נאָענט צו דער „איסקרא“, ארויסרוקנדיק, צום הייפעד פון דעם עקאָנאָמיזם, די רעוואָלוציאָנער-פּאָליטישע אויפגאבן פונעם ארבעטער-קלאס און די נייטיקייט אראָפּצוווארפן די זעלבסטהערשונג. אינעם נומער 10 „יוזשני ראבאָטשי“ (דעקאבער 1902) האָט די גרופע אָפיציעל דערקלערט וועגן איר סאָלידארישקייט מיט „איסקרא“. אינעם אָרגאניזיר-געביט האָט „יוזשני ראבאָטשי“ ניט אינגאנצן אָנגענומען די איסקרישע מעטאָדן פון אָרגאניזירן די פּארטיי (צענטראליזם), און האָט געשטרעבט אייַנצוהיטן און פארפעסטיקן זיין זעלבשטענדיקייט. די גרופע האָט געמאכט א פּרווו צו באשאפן א געגנט-אָרגאניזאציע, ס'איז צונויפגערופן געוואָרן א צוזאמענפאָר, און דער נומער 10 „יוזשני ראבאָטשי“ איז ארויס (פעווראל 1902), ווי אן אָרגאן פונעם „פארבאנד פון די דאָרעם-קאָמיטעטן און אָרגאניזאציעס פון רסדא“פּ“.

די גרופע „יוזשני ראבאָטשי“ האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירן לויטן באשלוס פונעם 2-טן צוזאמענפאָר פון דער פּארטיי.

לויט דער אָנמ. צו דער רוסישער אויסג.

** זובאטאָוו — באאמטער פון פּאָליציי-דעפּארטאמענט, בארימט געוואָרן דורך זיין סיסטעם פון „פּאָליצייִשן סאָציאליזם“, וועלכן ער האָט דורכגעפירט אין די יאָרן 1901—1903, ווען ער איז געווען דער שעף פון מאָסקווער זשאנדארמען-אָפּטיילונג. דאָס איז געווען א פּרווו פון דער רעגירונג צו נעמען די ארבעטער-באוועגונג אין אירע הענט, ארופירן זי אף א ריין עקאָנאָמישן וועג און אָפּציִען זי פונעם וועג פון פּאָליטישן קאמף און פונעם סאָציאליזם. די ערשטע זובאטאָווישע אָרגאניזאציע איז געגרינדעט געוואָרן אין מאָסקווע, אין מיי 1901 י.: „געזעלשאפט פון קעגנזייטיקער הילף פון די ארבעטער אין דער מעכאנישער פּראָדוקציע“. זומער פונעם זעלביקן יאָר האָט זובאטאָוו געגרינדעט אין מינסק די „יִדישע אומאָפּהענגיקע ארבעטער-פּארטיי“. שפּעטער איז א זובאטאָווישע אָרגאניזאציע באשאפן געוואָרן אין אָדעס און אין אנדערע שטעט. אין פעווראל 1902 איז זובאטאָוו געלונגען צו אָרגאניזירן אין מאָסקווע א פּאטריאָטישע דעמאָנסטראציע פון 50.000 ארבעטער צו אלעקסאנדער דעם צווייטנס דענקמאָל.

די גרויסע שטרייק-באוועגונג האָט גענומען פארפלייצן די זובאטאָווישע אָרגאניזאציעס. די קאפּיטאליסטן האָבן אקעגן זיי פּראָטעסטירט. צווישן די ארבעטער האָבן זיי פארלאָרן דעם קרעדיט און זיי האָבן זיך ליקווידירט.

איב.

גען", וואָס פֿאַרבריטערט און פֿאַרטיפֿט די אַרבעטער=באַוועגונג, און „קליינע האַנאַכעס", וואָס האָבן דעם ציל צו פֿאַראַליזירן איטלעכן קאַמף און איטלעכע באַוועגונג.

דורך און דורך דורכגעדרונגען מיט סעקטאַנטישע אומטאָלעראַנטקייט, וועלכע איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פֿאַר די אידעאָלאָגן פֿונעם קינדערפֿעריאַד פֿון די סאָציאַלע באַוועגונגען, איז „איסקראַ" גרייט איטלעכע מיינונג=פֿאַרשיידנהייט מיט איר שטעמפּלען ניט בלויז ווי אַן אָפּטרעטן פֿון די ס. ד. פּרינציפּן, נאָר אַפֿילע ווי אַן איבערגאַנג אינעם פֿיינטלעכן לאַגער. פֿון אַזאַ מין איז איר ניט אָנשטענדיקער אַרויספֿאָר אַנקעגן „ראַבאָטשאַיאַ מיסל", וועלכער זי האָט געווידמעט דעם אַרטיקל וועגן זובאַטאָוו'ן און האָט דער ווירקונג פֿון „ר. מ." צוגעשריבן זובאַטאָווס דערפֿאָלגן צווישן אַ געוויסן טייל אַרבעטער. דערדאָזיקער אַרויספֿאָר מוז פֿאַרורטיילט ווערן אויפֿן שטרענגסטן און אומבעראַכמאָנעסדיקסטן אויפֿן. באַציענדיק זיך נעגאַטיוו צו אַנדערע ס. ד. אָרגאַניזאַציעס, וועלכע קוקן אַנדערש, ווי זי, אויפֿן גאַנג און אויף די אויפֿגאַבן פֿון דער רוסישער אַרבעטער=באַוועגונג, פֿאַרגעסט אַמאָל „איסקראַ" אינעם ברען פֿון דער פּאָלעמיק מיט זיי דעם עמעס און, בינדנדיק זיך צו אייַנצלנע ווירקלעך אומגעלונגענע אויסדריקן, שרייבט זי צו אירע קעגנער אַזעלכע אָנשווּנגען, וועלכע געהערן זיי ניט, באַטאָנט מיינונג=פֿאַרשיידנהייטן, וועלכע זייַנען אָפּט ווייניק וועזנטלעך, און פֿאַרשווייגט אַקשאָנעסדיק די פּילצאָליקע פּונקטן, אין וועלכע די אָנשווּנגען באַרירן זיך: מיר זייַנען דאָ אויסן „איסקראַ"ס באַציִונג צו „ראַבאָטשעיע דיעלאָ".

„דידאָזיקע איבערטריבענע נייגונג אירע צו פּאָלעמיק דרינגט אַרויס קווידעמקאָל דערפֿון, וואָס זי שאַצט איבער די ראָלע פֿון דער „אידעאָלאָגיע" (פּראָגראַמען, טעאָריעס...) אין דער באַוועגונג, טיילווייז איז זי אַן אָפּקלאַנג פֿון דעם ברודער=קאַמף, וועלכער האָט זיך אָנגעצונדן אין מיירעוו צווישן די רוסישע עמיגראַנטן און וועגן וועלכע זיי האָבן זיך געיילט צו דערציילן דער וועלט אין אַ ריי פּאָלעמישע בראָשורן און אַרטיקלען. לויט אונדזער מיינונג, האָבן די אַלע מיינונג=פֿאַרשיידנהייטן זייערע קימאַט קיין שום ווירקונג ניט אויף דעם פֿאַקטישן גאַנג פֿון דער רוסישער סאָציאַל=דעמאָקראַטישער באַוועגונג; סיידן זיי שאָדן איר בלויז, אַרייַנטראָגנדיק אַן אומגעוווּנטשענע שפּאַלטונג אין דער סוויווע פֿון די כאַווייריִם, וועלכע אָפּערירן אין רוסלאַנד, און דעריבער קאָנען מיר ניט ניט באַציִען זיך נעגאַטיוו צו דער פּאָלעמישער היץ פֿון „איסקראַ", באַזונדערס ווען זי גייט אַרויס פֿון די ראַמען, וועלכע ס'דערלאָזט די אָנשטענדיקייט.

„דערזעלביקער גרונט=כיסאָרן פֿון דער „איסקראַ" איז די סיבע פֿון איר ניט=קאָנסעקווענטקייט אין דער פֿראַגע וועגן דער באַציִונג פֿון דער סאָציאַל=דעמאָקראַטיע צו פֿאַרשיידענע געזעלשאַפֿטלעכע קלאַסן און ריכטונגען. לייזנדיק דורך טעאָרעטישע קאַלקוליאַציעס די אויפֿגאַבע פֿון טייקעפּדיקן איבערגאַנג צום קאַמף אַקעגן אַבסאָלוטיזם און פֿילנדיק, מינאַסטאַם, די גאַנצע שווערקייט פֿון דערדאָזיקער אויפֿגאַבע פֿאַר די אַרבעטער בא דער איצטיקער זאַכלאַגע, אָבער ניט האָבנדיק קיין געדולד צו וואַרטן, ביז וואַנען זיי וועלן ווייטער אָנזאַמלען קויכעס צוליב דעמדאָזיקן קאַמף, הייבט אָן די „איסקראַ" צו זוכן פֿאַרבינדעטע צווישן די ליבעראַלן און דער אינטעליגענץ און אין אירע זוכענישן גייט זי ניט זעלטן אַראָפּ פֿונעם קלאַסנשטאַנדפּונקט, פֿאַרטושנדיק די קלאַסקעגנזאַצן און אַרויסרוקנדיק אויפֿן ערשטן פּלאַן די געמיינשאַפֿט פֿון אומצופֿרידנקייט מיט דער רעגירונג. האַגאַם די סיבעס און דער גראַד פֿון דערדאָזיקער אומצופֿרידנקייט זייַנען בא די „פֿאַרבינדעטע" זייער פֿאַרשיידן. אַזעלכע זייַנען, צום בייַשפּיל, די באַציִונגען פֿון דער „איסקראַ" צו דער זעמסטווע. די פּראָנדירנדיקע* אַרויספֿאַלן פֿון דער זעמסטווע**, וועלכע ווערן ניט זעלטן אַרויס=

* אָפּאָזיציאָנעלע.

** זעמסקע זעלבסטפֿאַרוואַלטונג — פֿאַרזאַמלונג פֿון פֿאַרטרעטער פֿון די פּריציִם, קאַפּיטאַליסטן און רייַכע פּויערים, וועלכע פֿלעגן אין מאַסשטאַב פֿון גובערניע אָדער אויעזד פֿאַרנעמען זיך מיט אייניקע אָרטיקע איניאָנים — ווי פֿאָלק=שולן, שפּיטאָלן, סטאַטיסטיק, וועטערינאַרע, אַגראָנאָמישע הילף א. א. וו. די קאָמפּעטענץ און די רעכט פֿון דער זעמסטווע זייַנען געווען זייער שמאָל.

איב

גערופן דורך דעם, וואָס די רעגירונג באשיצט ניט גענוג, אין פארגלייך מיט דער אינדוסטריע, די אגראר=אפּעטיטן פון די הערן זעמצעס, באמיט זיך די „איסקרא“ פאנאנדערצעבלאָזן אין א פלאם פון פּאָליטישן קאמף און זאָגט צו די פריצים, וועלכע זיינען ניט באפרידיקט מיט די רעגירונג=נעדאָוועס, די הילף פונעם ארבעטער=קלאס, ניט ארויסלאָזנדיק דערביי קיין איינציק וואָרט וועגן די קלאסנבילוקים צווישן דידאָזיקע שיכטן פון דער באפעלקערונג. מיר קאָנען דערלאָזן, אז מע מעג ריידן וועגן דער דערוואכונג פונעם זעמסטווע=אוילעם אנן אָנווייזן אף דער זעמסטווע, ווי אף אן עלעמענט, וועלכער קעמפט מיט דער רעגירונג, אָבער בלויז אין א קלאָרער און שארפער פאָרם, וועלכע זאָל ניט איבערלאָזן קיין שום ספּעק וועגן דעם כאראקטער פון אונדזער מעגלעכן אויסגלייך מיט אזעלכע עלעמענטן. אָבער די „איסקרא“ שטעלט די פראגע וועגן דער באציִונג צו דער זעמסטווע אזוי, אז דאָס קאָן, לויט אונדזער מיינונג, בלויז פארטונקלען דאָס קלאסנבאוווּסטזיין, וויל דאָ שטעלט זי, צוגלייך ווי די פריידיקער פונעם ליבעראליזם און פון פארשיידענע קולטור=אופטועכצן, א קעגנגעוויכט צו דער גרונט=אופגאבע פון דער סאָציאלדעמאָקראטישער ליטעראטור, צו דער אופגאבע, וועלכער באשטייט אין קריטיקירן די בורזשואזע אָרדענונג און קלאָר מאכן די קלאסן=אינטערעסן, און ניט אין פארטונקלען זייער אנטאגאָניזם. דיזעלביקע באציִונג איז בא דער „איסקרא“ צו דער סטודענטן=באוועגונג. און אין דערזעלביקער צייט, אין אנדערע ארטיקלען, פארורטיילט „איסקרא“ שארף איטלעכע „קאָמפּראָמיסן“ און טרעט, צום ביישפּיל, ארויס צום שוץ פון דער אומטאָלערנטער אופירונג פון די געדיסטן *.

ניט אָפּשטעלנדיק זיך אף די איבעריקע ווייניקער וויכטיקע כעסרוינעס און פעלערן פון דער „איסקרא“, האלטן מיר צום שלום פאר אונדזער כויוו צו באמערקן, אז מיט אונדזער קריטיק ווילן מיר בעשום אויפן ניט פארקלענערן יענע באדייטונג, וועלכע ס'קאָן האָבן די „איסקראָ“, און מאכן ניט צו די אויגן אף אירע מייַלעס. מיר באגריסן זי, ווי א פּאָליטישע סאָציאל=דעמאָקראטישע צייטונג אין רוסלאנד. מיר האלטן פאר אירן א גרויסן פארדינסט די געלונגענע קלאָרמאכונג פון דער פראגע וועגן טעראָר, וועלכער זי האָט צו דער צייט געווידמעט עטלעכע ארטיקלען. ענדלעך, קאָנען מיר ניט ניט פארצייכענען די מוסטערהאפטע שפּראך פון דער „איסקרא“, וועלכע איז אזוי זעלטן אין אומרעגולערע אויסגאבן, די רעגולערקייט פון איר דערשיינונג און די רייִכקייט מיט פרישן און אינטערעסאנטן מאטעריאל.

כאוויירים

5 סענטיאבער 1901 יאָר“.

---

* ג ע ד י ס ט ן  און  פּ אָ ס י ב י ל י ס ט ן — די הויפּט=פראקציעס, אף וועלכע עס האָט זיך איגעם יאָר 1882 צעשפּאָלטן די פראנצויזישע סאָציאליסטישע פּאַרטיי. די ג ע ד י ס ט ן (געד. לאפראג) האָבן געשטעלט אלס גרונט=ציל פון דער זעלבשטענדיקער רעוואָליוציאָנערער פּאָליטיק פונעם פּראָלעטאריאט — די דעראָבערונג פון דער מעלוכעמאכט (דיקטאטור פון פּראָלעטאריאט), האָבן אָפּגעוואָרפן די מיטארבעטערשאפט מיט דער בורזשואזיע און האָבן זיך איינגעשטעלט פארן אָרגאניזאציאָנעלן צענטראליזם אין דער פּארטיי. די פּ אָ ס י ב י ל י ס ט ן אָדער ב ר ו ס י ס ט ן (ברוס, מאלאָן) זיינען געווען דער מעסיקער, רעפאָרמיסטישער פליגל, וועלכער האָט געפּרוווט פארייניקן מארקסיזם מיט פּרודאָניזם, האָט פארטושט די סאָציאליסטישע און קאָמוניסטישע צילן פונעם פּראָלעטאריאט, האָט צוגעגעבן אן איבערמאָסיקע באדייטונג דעם דורכפירן די פּאָרשטייער פון דער פּארטיי אין די שטאָטישע זעלבסט=פארוואלטונגען, האָט געבויט די פּארטיי אף יעסוידעס פון פעדעראציע און אווטאָנאָמיע און האָט רעקאָמענדירט דעם פּראָלעטאריאט צו פאָדערן בלויז דאָס, וואָס ס'איז „מעגלעך“ (אף פראנצויזיש „פּאָסיבל“).

אבוך די געדיסטן און פּאָסיביליסטן זיינען געווען נאָך אנדערע גרופּירונגען. שפּעטער איז די ברעקלונג געגאנגען ווייטער און אין 1901 יאָר האָבן די געדיסטן געבילדעט די „סאָציאליסטישע פּארטיי פון פראָנקרייך“, און די רעפאָרמיסטן אין 1902 יאָר — די „פראנצויזישע סאָציאליסטישע פּארטיי“. סאָפקאָלסאָף האָבן זיך אלע פאראייניקט אין איין רעפאָרמיסטישע פּאַרטיי.

געקירצט לויט דער אָנמ. צו דער רוס. אויסג.

לאָמיר פריער פאר אלץ באמערקן בענויגייע צו דעמדאָזיקן בריוו, אז מיר באגריסן פונעם גאנצן הארצן די געראדקייט און אָפנהערציקייט פון זיינע פארפאסער. ס'איז שוין לאנג צייט אופצוהערן צו שפילן אין באהעלטעניש, באהאלטנדיק דאָס אייגענע עקאָנאָמיסטישע „קרעדאָ“ (ווי דאָס טוט א טייל פונעם אָדעסער קאָמיטעט, פון וועלכן ס'האָבן זיך אָפּגעטיילט די „פּאָליטיקער“), אָדער מעלדנדיק, אזוי ווי טרייבנדיק כוויזעק איבערן עמעס, אז אין דער הייניקער צייט איז לאכלוטן קיין איינציקע ס“ד אָרגאניזאציע ניט שולדיק אין עקאָנאָמיזם (די בראָשור „צוויי צוזאמענפאָרן“, ארויסגעגעבן פון „ראב. דיעלאָ“, ז. 32). — און איצט צו דער זאך.

דער גרונט־טאָעס פון די פארפאסער פונעם בריוו איז פונקט דערזעלביקער, אין וועלכן ס'פאלט אריין אויך „ראבאָטשעיע דיעלאָ“ (באזונדערס זע נומער 10). זיי פּלאָנטערן זיך אין דער פראגע וועגן דער קעגנזייטיקער פארהעלטעניש צווישן די „מאטעריעלע“ (סטיכישע, לויטן אויסדרוק פון „ראב. דיעלאָ“) עלעמענטן פון דער באוועגונג און די אידעאָלאָגישע (באוווסטזיניקע, וואָס ווירקן „לויט א פּלאַן“). זיי פארשטייען ניט, אז אן „אידעאָלאָג“ פארדינט בלויז דעמאָלט דעם נאָמען „אידעאָלאָג“ ווען ער גייט פ א ר א ו ס פאר דער סטיכישער באוועגונג, ווייזנדיק איר דעם וועג, ווען ער פארשטייט פריער פאר די איבעריקע צו לייזן אלע טעאָרעטישע, פּאָליטישע, טאקטישע און אָרגאניזאציאָנעלע פראגן, אף וועלכע עס שטויסן זיך סטיכיש אָן די „מאטעריעלע עלעמענטן“ פון דער באוועגונג. קעדיי ווירקלעך צו „רעכענען זיך מיט די מאטעריעלע עלעמענטן פון דער באוועגונג“, דארף מען קריטיש זיך באציִען צו זיי, דארף מען פארשטיין אָנצווייזן אף די סאקאָנעס און כעסרוינעס פון דער סטיכישער באוועגונג, דארף מען פארשטיין אופצוהויבן די סטיכישקייט ביז באוווסטזיניקייט. אָבער ריידן, אז די אידעאָלאָגן (ד. ה. די באוווסטזיניקע אָנפירער) קאָנען ניט אראָפּציִען די באוועגונג פונעם וועג, וואָס ווערט באשטימט דורך דער קעגנזייטיקער ווירקונג פון דער סוויווע און פון די עלעמענטן, — דאָס הייסט פארגעסן יענעם אלעמבאוויִסטיקן עמעס, אז דאָס באוווסטזיין באטייליקט זיך אין דערדאָזיקער קעגנזייטיקער ווירקונג און אין דערדאָזיקער באשטימונג. די קאטוילישע און מאָנארכיסטישע ארבעטער־פאריינען אין איראָפּע זיינען אויך א נויטווענדיקער רעזולטאט פון דער קעגנזייטיקער ווירקונג צווישן דער סוויווע און די עלעמענטן, אָבער באטייליקט זיך האָט אין דערדאָזיקער קעגנזייטיקער ווירקונג די באוווסטזיניקייט פון די גאלאָכים און פון זובאטאָווס, און ניט פון די סאָציאַליסטן. די טעאָרעטישע אָנשויונגען פון די פארפאסער פונעם בריוו (ווי אויך פון „ראב. דיעלאָ“) שטעלן פאָר מיט זיך ניט קיין מארקסיזם, נאָר יענע פּאראָדיע אף אים, מיט וועלכער ס'טראָגן זיך ארום אונדזערע „קריטיקער“ און בערנשטייניאנער, וואָס פארשטייען ניט, וויאזוי צו פארבינדן די סטיכישע עוואָליוציע מיט באוווסטזיניקער רעוואָליוציאָנערער טעטיקייט.

דערדאָזיקער טיפער טעאָרעטישער טאָעס ברענגט אומפארמיידלעך, אי=
נעם מאָמענט, וועלכן מיר לעבן איבער, צו דעם גרעסטן טאַקטישן פעלער, וועל=
כער האָט שוין געבראַכט און ברענגט אַזאַ שאָדן דער רוסישער סאָציאַל=דעמאָ=
קראַטיע, וואָס לאָזט זיך גאָרניט אויסרעכענען. עס האַנדלט זיך אין דעם, אַז
דער סטיכישער אופשטייג סיי פון דער אַרבעטער=מאַסע, סיי (אַדאַנק איר ווירקונג)
קונג) פון אַנדערע געזעלשאַפטלעכע שיכטן, קומט פאָר אין די לעצטע יאָרן
מיט אַ ווונדערבאַרער גיכקייט. די „מאַטעריעלע עלעמענטן“ פון דער באַוועגונג
זיינען אויסגעוואַקסן ריזיק אַפילע אין פאַרגלייך מיטן יאָר 1898, אָבער די באַ=
וווסטזיניקע פירער (די סאָציאַל=דעמאָקראַטן) שטייען אָפּ
פון דעמדאָזיקן וווּקס. דערינען איז די גרונט=סיבע פונעם קריזיס,
וועלכן ס'לעבט איבער די רוסישע סאָציאַל=דעמאָקראַטיע. בײַ דער מאַסן=באַוועגונג
גונג (דער סטיכישער) פעלן „אידעאָלאָגן“, וועלכע זאָלן זיין אַף אַזויפיל צוגע=
גרייט טעאָרעטיש, אַז זיי זאָלן פאַרזיכערט זיין פון איטלעכער וואַקלונג, פעלן
פירער, וועלכע זאָלן פאַרמאָגן אַזאַ ברייטן פּאָליטישן האָריזאָנט, אַזאַ רעוואָלוּ=
ציאָנערע ענערגיע, אַזאַ אָרגאַניזאַטאָרישן טאַלאַנט, אַז זיי זאָלן באַשאַפן אַף
דער באַזע פון דער נייער באַוועגונג אַ קאַמף=פעיִקע פּאָליטישע פאַרטיי.

אָבער דאָס אַלץ וואָלט נאָך געווען אַ האַלבער אומגליק. סיי טעאָרעטישע
קענטעניש, סיי פּאָליטישע דערפאַרונג, סיי אָרגאַניזאַטאָרישע געשיקטקייט, —
דאָס אַלץ זיינען זאַכן, וועלכע מע קאָן אָנלערנען. אַבי ס'זאָל זיין די לוסט צו לער=
נען זיך און אויסצואַרבעטן אין זיך די געפאָדערטע מיילעס. אָבער אָט האָבן פו=
נעם אָנפאַנג 1897 יאָר און באַזונדערס פונעם סאָף 1898 י. אין דער רוסישער
סאָציאַל=דעמאָקראַטיע אופגעהויבן דעם קאָפּ אַזעלכע מענטשן און אַזעלכע אָר=
גאַנען, וועלכע פלעגן ניט בלויז פאַרמאַכן די אויגן אַף דעמדאָזיקן כיסאָרן, נאָר
האָבן אים דערקלערט פאַר אַ באַזונדער מיילע, וועלכע האָבן דערהייבן צו אַ
טעאָריע דאָס בוקן זיך און דאָס קריכן אַף אַלע פיר פאַר דער סטיכישקייט,
וועלכע האָבן אָנגעהויבן פּרעדיקן, אַז די סאָציאַל=דעמאָקראַטן דאַרפן ניט גיין
פאָרויס, נאָר שלעפן זיך אינעם עק פון דער באַוועגונג. (צו דידאָזיקע
אָרגאַנען האָט געהערט ניט בלויז „ראַב. מיסל“, נאָר אויך „ראַב. דיעלאָ“,
וועלכע האָט אָנגעהויבן מיט דער „טעאָריע פון סטאַדיעס“, און האָט געענדיקט
מיט אַ פּרינציפּיעלער באַשיצונג פון סטיכישקייט, פון „פולבארעכטיקייט פון
דער באַוועגונג אין דער קעגנוואַרט“, „טאַקטיק=פּראָצעס“ א. א. וו).

אָט דאָס איז שוין געווען אַן עמעסער אומגליק. דאָס איז געווען די בילדונג
דונג פון אַן עמעסער ריכטונג, וועלכע ס'איז אָנגענומען אָנצורופן
עקאָנאָמיזם (אינעם ברייטן זינען פונעם וואָרט) און וואָס איר גרונט=שטריך
באַשטייט אין ניט פאַרשטיין און אַפילע פאַרטיידיקן די אָפּגעשטאַ=
נענקייט, ד. ה., ווי מיר האָבן שוין דערקלערט, די אָפּגעשטאַנענקייט מיצאַד
די באַוווסטזיניקע פירער בענויגייע צו דעם סטיכישן אופשטייג פון די מאַסן.
דידאָזיקע ריכטונג כאַראַקטעריזירט זיך: אין דער פּרינציפּיעלער הינזיכט —

מיט ווּלגאַריזירן דעם מאַרקסיזם און מיט הילפלאָזיקייט פאַר דער מאָרגנער „קריטיק“, העמדאָזיקן גייסטן מין אָפּאָרטוניזם; אין דער פּאָליטישער הינזיכט — מיט דער שטרעבונג צו פאַרשמעלערן אָדער צעבייטן אויף קלייניקייטן די פּאָליטישע אַגיטאַציע און דעם פּאָליטישן קאַמף, מיט ניט פאַרשטיין, אַז אויב די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע וועט ניט נעמען אין איר ע הענט די אָנפירערשאַפט מיט דער אַלגעמיין-דעמאָקראַטישער באַוועגונג, וועט זי ניט קאָנען אַראָפּוואַרפן די זעלבסטהערשונג; אין דער טאַקטישער הינזיכט — מיט פולער ניט שטאַנדהאַפטיקייט („ראַב. דיעלאָ“ איז אום פרילינג אין צעטומלעניש געבליבן שטיין פאַר דער „נייער“ פראַגע וועגן טעראָר און האָט זיך אַרויסגעזאָגט אָקעגן אים ערשט אין אַ האַלב יאָר אַרום אין זייער אַ צווייַדייטיקער רעזאָליוציע, שלעפּנדיק זיך, ווי שטענדיק, איבעם עק פון דער באַוועגונג); אין דער אָרגאַניזאַציאָנעלער הינזיכט — מיט דעם ניט פאַרשטיין, אַז דער מאַסנכאַראַקטער פון דער באַוועגונג ניט בלויז ער שוואַכט ניט אָפּ, נאָר פאַרקערט, ער פאַרשטאַרקט אונדזער פליכט צו באַשאַפן אַ שטאַרקע און צענטראַליזירטע אָרגאַניזאַציע פון רעוואָלוציאָנערן, וועלכן איז פעיִק אָנצופירן סיי מיטן צוגרייטונג-קאַמף, סיי מיט איטלעכן אומדערוואַרטעטן אויפרייס, סיי ענדלעך, מיטן לעצטן אַנטשיידענעם אָנפאַל.

מיט העראָזיקער ריכטונג האָבן מיר געפירט און וועלן פירן אַן אָנשאָלעמדיקן קאַמף. אָבער די פאַרפאַסער פונעם בריוו גופא געהערן קענטיק צו דעראָזיקער ריכטונג. זיי ווייזן אונדז אָן, אַז דער עקאָנאָמישער קאַמף האָט צוגעגרייט דעם אָנטייל פון די אַרבעטער אין די דעמאָנסטראַציעס. יאָ, און דאַפקע מיר האָבן פריִער פאַר אַלעמען און טיפער פאַר אַלעמען אָפּגעשאַצט דיזאָזיקע צוגרייטונג, ווען מיר האָבן נאָך אין דעקאַבער 1900 (נומער 1) אַרויסגעזאָגט זיך אַנקעגן דער טעאָריע פון סטאַדיעס, ווען מיר האָבן אין פעווראַל (נומער 2) באַלד נאָך דעם, ווי מע האָט אָפּגעגעבן די סטודענטן פאַר סאָלדאַטן און נאָך פאַר דעם אָנהויב פון די דעמאָנסטראַציעס, גערופן די אַרבעטער גיין צו הילף די סטודענטן. די געשעענישן פון פעווראַל און פון מאַרט האָבן ניט „ווידערגעלייגט די שרעקנישן און דייגעס“ פון דער „איסקראַ“ (ווי ס'מיינט—„ראַב. דיעלאָ“ נומער 10, ז. 53—מאַרטינאָוו, וואָס באַווייזט דערמיט, אַז ער פאַרשטייט ניט לאַבלומען דעם איניען), זיי האָבן זיי פולקום באַשטעטיקט, ווייל די אָנפירער האָבן זיך אַרויסגעוויזן ה י נ ט ע ר דעם ספּיכישן אופשטייג פון די מאַסן, האָבן זיך אַרויסגעוויזן ניט צוגעגרייט צו דערפילן זייערע פליכטן, ווי אָנפירער. דיזאָזיקע צוגרייטונג איז נאָך היינט אויך זייער ניט קיין פולקומענע, און אַלערליי דיבורים מיקויעך „איבערשאַצן די ראָליע פון די אידעאָלאָגן“ אָדער די ראָליע פונעם באַוווסטזיניקן עלעמענט אין פאַרגלייך מיטן ספּיכישן א. א. וו. זעצן דערייבער פאָר צו האָבן די שעדלעכסטע פּראַקטישע ווירקונג אויף אונדזער פּאַרטיי.

דיזעלבע שעדלעכע ווירקונג האָבן די דיבורים וועגן דעם, אַז מע מוז, קלוימערשט אין נאָמען פונעם קלאַסנשטאַנדפּונקט, ווייניקער באַטאָנען די נעמי=

שאפט פון דער אומצעפרידנקייט מיט דער רעגירונג בא פארשיידענע שיכטן פון דער באפעלקערונג. פארקערט, מיר שטעלצירן דערמיט, וואָס די „איסקרא“ וועקט אוף אַ פּאָליטישע אומצעפרידנקייט אין אַלע שיכטן פון דער באפעלקערונג, און מיר באדויערן בלויז, וואָס עס גיט זיך אונדז ניט איין צו מאכן דאָס אין נאָך א ברייטערן אומפאנג. ס'איז ניט ריכטיק, אז מיר פארטושן דעם קלאסנשטאנדפונקט: קיין איינציקן קאָנקרעטן ביישפיל פון אזא פארטושן האָבן די פארפאסער פונעם בריוו ניט אָנגעוויזן און וועלן ניט קאָנען אָנווייזן. אָבער די סאָציאַל=דעמאָקראַטיע, ווי דער אוואנגארד=קעמפער פאר דעמאָקראַטיע, מוז, — טראָץ דער מיינונג פון „ראב. דיעלאָ“ נומער 10, ז. 41 — אָנפירן מיט דער אקטיווער מעטיקייט פון פארשיידענע אָפּאָזיציאָנעלע שיכטן, דערקלערן זיי די אַלגעמיינע פּאָליטישע באַדייטונג פון זייערע פריוואַטע און פּראָפעסיאָנעלע צוזאַמענשטויסן מיט דער רעגירונג, צוציען זיי צו שטיצן די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי, זי דארף אויסאַרבעטן אין איר סוויווע אַזעלכע פירער, וועלכע זאָלן פארשטיין פּאָליטיש צו ווירקן אף אלע און איטלעכע אָפּאָזיציאָנעלע שיכטן. איטלעכער אָפּזאָג פון דערדאָזיקער ראָליע, אין וועלכע מעליצעדיקע פראזן וועגן ענגער, אָרגאנישער פארבינדונג מיטן פּראָלעטארישן קאמף א. א. וו. ער זאָל זיך ניט פארשלייערן, הייסט א נייע „פארטיידיקונג פון אָפּגעשטאַנענקייט“ פון די סאָציאַל=דעמאָקראַטן, אן אָפּזאָג פון הייבן די דעמאָקראַטישע אַלפאָלקישע באוועגונג, הייסט איבערגעבן די אָנפירנדיקע ראָלע אין די הענט פון דער בורזשואזער דעמאָקראַטיע. זאָלן די אַוטאָרן פונעם בריוו א קלער געבן וועגן דעם, פארוואָס עפעס האָבן די פרילינג=געשעענישן ארויסגערופן אזא אופלעבונג פון די רעוואָליוציאָנערע ניט=סאָציאַל=דעמאָקראַטישע ריכטונגען אָנשטאָט ארויסצורופן א פארשטארקונג פונעם אויטאָריטעט און פונעם פּרעסטיזש פון דער סאָציאַל=דעמאָקראַטיע!

מיר קאָנען ניט ניט שטעלן זיך אויך אנקעגן דער איבערראשנדיקער קורצזיכטיקייט, וועלכע ס'ווייזן ארויס די פארפאסער פונעם בריוו אין דער פראגע וועגן דער פּאָלעמיק און וועגן דעם אינווייניקסטן קאמף צווישן די עמיגראנטן, זיי כאזערן איבער די אלטע נארישקייטן וועגן דער „ניטאָנשטענדיקייט פונעם ווידמען דעם ארטיקל וועגן זובאַטאָוון דער „ראב. מיסל“. עפשער וועט זיי אייגפאלן צו לייקענען, אז די פארשפרייטונג פונעם עקאָנאָמיזם פארגרינגערט די אופגאבע פאר די הערן זובאטאָווס? בלויז דאָס זאָגן מיר דאָך, בעשום אויפן ניט „אידעגטיפיצירנדיק“ די טאקטיק פון די עקאָנאָמיסטן און זובאטאָווס טאקטיק. און וואָס אָנבאלאנגט די „עמיגראנטן“ (אויב די פארפאסער פונעם בריוו וואָלטן ניט זיין אזוי אומפארצייטלעך זאָרגלאָז בענוגייע צו דער יערושעדיקייט פון די אידייען אין דער רוסישער סאָציאַל=דעמאָקראַטיע, וואָלט זיי געווען באקאנט, אז די „האסראָעס פון די „עמיגראנטן“, נעמלעך פון דער גרופּע „באפרייונג פון דער ארבעט“ בענוגייע צום עקאָנאָמיזם זיינען מעקויעם געוואָרן אפן גלענצנדיקסטן אויפן), איז אָט הערט, וויאזוי לאסאל, ביים ער האָט געארבעט אינעם

יאָר 1852 צווישן די רייניגשע ארבעטער, האָט געווירמיילט וועגן די שטרייקן אין דער לאָנדאָנער עמיגראציע.

ער האָט געשריבן צו מארקסן:

„מיצאד דער פּאָליציי וועלן קוים זיין מעגיעס אקעגן ארויסגעבן דיין ווערק אקעגן די „גרויסע מענטשן“, קינקעל'ן, רוגע א. אנד... די רעגירונג, רעכן איך, איז אפילע צעפרידן, ווען ס'דערשיינען אזעלכע ווערק, ווייל זי קלערט, אז די „רעוואָליוציאָנערן וועלן זיך אופעסן איינע די אנדערע“. אז דער פּארטיי-קאמף גיט צו דער פּארטיי קויעך און לעבנסקראפט, אז דער גרעסטער באוויז פון דער שוואכקייט פון דער פּארטיי איז איר צעשוומענקייט און די אָפּטעמפּונג פון שארף באצייכנטע גרענעצן, אז די פּארטיי באפעסטיקט זיך דערמיט, וואָס זי רייניקט זיך, — דערוויף שטויסט זיך ניט אָן די לאָגיק פון טשינאָווניקעס, פאַר דעם האָט זי ניט קיין מוירע“ (פון לאסאלס בריוו צו מארקסן, 24-טן יוני 1852 יאָר).

דאָס מעגן וויסן אלע זיידענע נעשאָמעס, וואָס זיינען היינט אזויפיל אין צאָל, וואָס זיינען קעגנער פון שארפקייט, פון אָנשאָלעמדיקייט, פון פּאָלעמישער היציקייט א. א. וו!

צום שלום וועלן מיר באמערקן, אז מיר האָבן דאָ געקאָנט בלויז פּארבייגייענדיק בארירן די שטרייט-פראגן. אין אויספירלעכן אנאליז פון די דאָזיקע פראגן וועלן מיר ווידמען א באזונדער בראָשור, וועלכע וועט ארויסגיין, מיר האָפן, אין א כאַדאָשים אָנדערהאלבן ארום.

„איסקרא“ נומ. 12. 6 דעקאבער 1901

# רעוואָליוציאָנערער אוואנטיוריזם

מיר לעבן איבער שטורמישע ציימן, ווען רוסלאנדס געשיכטע שפרייזט פאָרויס מיט זיבנמייליקע טריט, ווען איטלעכס יאָר באטייט אמאָל מערער, איידער יאָרצענטן פון פרידלעכע פעריאָדן. עס ווערן אונטערגעפירט סאכאקלען פון א האלבן יאָרהונדערט נאָכרעפאָרמען-עפּאָכע, עס ווערן פארלייגט שטיינער פאר סאָציאל-פּאָליטישע ביניאָנים, וועלכע וועלן לאנג-לאנג באשטימען די שיקזאלן פונעם גאנצן לאנד. די רעוואָליוציאָנערע באוועגונג האלט אין איין וואקסן מיט א מערקווירדיקער גיכקייט, און „אונדזערע ריכטונגען“ ווערן צייטיק (און בליען אָפּ) אויסעראָרדנטלעך גיך.

ריכטונגען, וועלכע האָבן סאָלידע יעסוידעס אין דער קלאסנאָרדענונג פון אזא שנעל זיך אנטוויקלענדיקן קאפּיטאליסטישן לאנד, ווי רוסלאנד, געפינען זיי קימאַט מיטאמאָל „זייער פּאָליצע“ און טאפּן אָן די קלאסן, וועלכע זיינען זיי קרובים. א ביישפּיל: די עוואָליוציע פונעם ה. סטרוווע*, פון וועלכן די רעוואָ-

* אין די 90-ער יאָרן לעגאלער „מארקסיסט“, אינדערעמעסן שוין דעמאָלט פאָרשטייער פון דער פּראָגרעסיווער בורזשואזיע, וועלכער האָט אויסגענוצט דעם מארקסיזם אין די אינטערעסן פון דער בורזשואזיע, ארויסוואַרפנדיק פון אים זיין רעוואָליוציאָנערן אינהאלט. היינט — אַ שווארצער מאָנארכיסט, איינער פון די בלוטיקסטע סאָנים פון ראטנרוסלאנד.
איב.

ליוציאָנער=ארבעטער האָבן קוים מיט אָנדערהאלבן יאָר צוריק פאָרגעלייגט „אראָפּצורייסן די מאַסקע“ פון א מארקסיסט און וועלכער איז שוין איצט ארויסגעטראָטן אָן א מאסקע אליין, ווי א פירער (אָדער מעשאָרעס?) פון די ליבעראלע פריצים, שטאָלצע מיט זייער באָדנדיקייט און ניכטערקייט. פארקערט, ריכטונגען, וועלכע דריקן אויס בלויז די טראַדיציאָנעלע ניטשטאַנדהאַפטיקייט פון דער אָנשווונג פון די צווישנדיקע און אומבאשטימטע שיכטן פון דער אינטעליגענץ, באמִיען זיך צו פארבייטן די דערנענטערונג מיט באשטימטע קלאסן דורך דאָס א רווישיקערער ארויסטרעטונג, וואָס העכער עס דונערן די געשעענישן. „מיר טומלען, ברודערל, מיר טומלען“ * — דאָס איז דער לאָזונג פון פיל רעוואָליוציאָנער=געשטימטע פארשוינען, מיטגעריסענע דורכן שטורעם פון די געשעענישן, וועלכע האָבן ניט קיין טעאָרעטישע, ניט קיין סאָציאלע יעסוידעס.

צו אזעלכע „רווישיקע“ ריכטונגען געהערן אויך די „סאָציאליסטן=רעוואָליוציאָנערן“, וואָס זייער פארצעף צייכנט זיך אויס אלץ דייטלעכער. און ס'איז שוין צייט, דער פראָלעטאַריאַט זאָל אופמערקזאַם צוקוקן זיך צו דעמדאָזיקן פארצעף, אָפּגעבן זיך א גענויען דינוועכעזשבן, וואָס שטעלן פאָר מיט זיך אין דער ווירקלעכקייט יענע מענטשן, וועלכע זוכן זיין פריינטשאפט דאָס דרינגלעכער, וואָס מערער זיי שפירן, אז ס'איז פאר זיי אוממעגלעך צו עקזיסטירן, ווי א באזונדער ריכטונג, ניט דערנענטערנדיק זיך ענג מיט א ווירקלעך רעוואָליוציאָנערן געזעלשאפטלעכן קלאס.

דרייערליי אומשטאַנדן האָבן מער פאר אלץ מיטגעהאָלפן, עס זאָל אופגעקלערט ווערן דער ווירקלעכער פארצעף פון די סאָציאליסטן=רעוואָליוציאָנערן. דאָס איז, ערשטנס, די שפאלטונג צווישן דער רעוואָליוציאָנערער סאָציאל=דעמאָקראַטיע און דעם אָפּאָרטוניזם, וועלכער הויבט אוף דעם קאָפּ אונטער פאָן פון „קריטיק פונעם מארקסיזם“. דאָס איז, צווייטנס, די טויטונג פון סיפּיאַגינען דורך באלמאשאָוו'ן ** און די נייע ווענדונג צום טעראָר אין דער שטימונג פון אייניקע רעוואָליוציאָנערן. דאָס איז דריטנס — דאָס איז דער איקער — די גייסטע באוועגונג אינעם פויערטום, וועלכע האָט געצווונגען מענטשן, וואָס זיינען געוווינט געוואָרן צו זיצן צווישן צוויי שטולן און האָבן ניט קיין שום פראָגראם, ארויסצוטרעטן כאָטש אכערהאַמייסע מיט עפּעס אזוינס, וואָס זאָל ענלעך זיין צו א פראָגראם. לאָמיר באטראכטן די אלע אומשטאַנדן, אויסריידנדיק, אז אין א צייטונג=אַרטיקל קאָן מען בלויז בעקיצער אָנמערקן די גרונט=פונקטן פון דער ארגומענטאציע, און אז עס וועט אונדז מיגהאסטאם נאָך אויסקומען אומצוקערן זיך אין א זשורנאל=ארטיקל אָדער אין א בראָשור צו איר אויספירלעכער פאָרמולירונג.

* אויסרוף פון איינעם פון די העלדן פון גריבאָיעדאָווס „צאָרעס צוליב שׂכל“ רעפּעטילאָוו. איב.

** באלמאשאָוו, מיטגליד פון דער קאמף=אָרגאניזאציע פון די ס"ר, האָט דעם 2=טן אַפּריל 1902 יאָר געטויט דעם אינערן=מיניסטער סיפּיאַגין. איב.

מיט אַ פּרינציפּיעל טעאָרעטישער מעלדונג האָבן די סאָציאַל-רעוואָליוציאָנערן צונעקליבן זיך ארויסצוטרעטן ערשט אין נומער 2 „וועסטניק רוסקאָי רעוואָליוצי“ *, אין אַ רעדאַקציאָנעלן ניט געכאַסמעטן ארטיקל: „דער וועלטוווקס און דער קריזיס פונעם סאָציאַליזם“. מיר רעקאָמענדירן דרינגענדיק דעמדאָזיקן ארטיקל אַלעמען, ווער ס'וויל האָבן אַ באַשיימפּערלעכע פאָרשטעלונג וועגן דער פולסטער טעאָרעטישער פּרינציפּלאָזיקייט און וואַקלדיקייט (און אויך וועגן דער קונסט צוצודעקן דידאָזיקע אייגנשאַפטן מיט אַ שטראָם ווערטער). דער גאַנצער אינהאַלט פון דעמדאָזיקן העכסט מערקווירדיקן ארטיקל קאָן איבערגעגעבן ווערן אין אַ פּאָר ווערטער.

דער סאָציאַליזם איז אויסגעוואַקסן אין אַ וועלטקויעד, דער סאָציאַליזם (מאַרקסיזם) שפּאַלט זיך איצט צוליב דעם קאַמף פון די רעוואָליוציאָנערן („אָרטאָדאָקסן“) מיט די אָפּאָרטוניסטן („קריטיקער“). מיר, די סאָצ. רעוואָליוציאָנערן, האָבן „נעוויס“, קיינמאָל ניט מיטגעפילט דעם אָפּאָרטוניזם, אָבער מיר שפּרינגען און טאַנצן לעקאָוועד דער „קריטיק“, וועלכע האָט אונדז באַפרייט פון דער דאָגמע, מיר נעמען זיך אויך רעווידירן דידאָזיקע דאָגמע, — און הגאַם מיר האָבן נאָך אבסאָליוט קיין שום קריטיק (אַכוץ בורזשואַז-אָפּאָרטוניסטישער) ניט באַוויזן, הגאַם מיר האָבן נאָך אבסאָליוט גאָרנישט רעווידירט, אָבער דידאָזיקע פרייהייט פון טעאָריע דאַרף אונדז טאַקע פאַרעכנט ווערן פאַר אַן עקסטראַ פאַרדינסט. באַזונדערס דאַרף זי אונדז פאַרעכנט ווערן פאַר אַ פאַרדינסט צוליב דעם, וואָס אלס טעאָריען-פרייע מענטשן שטייען מיר פלאַם-פייער פאַר אַן אַלגעמיינער פאַרייניקונג, פאַרורטיילן מיר הייס איטלעכע פּרינציפּיעל-טעאָרעטישע שטרייטיקייטן. „אַן ערנסטע רעוואָליוציאָנערע אָרגאַניזאַציע, — פאַרזיכערט אונדז גאָר ערנסט דער „וויעסטניק רוסקאָי רעוואָליוצי“ (נומער 2, ז. 127) — וואָלט זיך אָפּגעזאָגט פון לייזן די אייביק שפּאַלטנדיקע שטרייט-פראַגן פון דער סאָציאַלער טעאָריע, וואָס דאַרף נעוויס ניט שטערן די טעאָרעטיקער צו זוכן זייער לייזונג“, — אָדער, פּאָשעטער: דער שרייבער זאָל זיך צוביסלעך שרייבן, דער לעזער — צוביסלעך לעזן, און מיר, ביז ווער וואָס, וועלן זיך מעסאַמייעד זיין לעקאָוועד דעם באַפרייטן ליידיקן אָרט.

ערנסט פאַנאַנדערקלייבן דידאָזיקע טעאָריע פון אויסווייכן (אייננטלעד צוליב וויקוכים) דעם סאָציאַליזם איז נאַטירלעך ניט קעדיי. לויט אונדזער מיינונג איז דער קריזיס פונעם סאָציאַליזם מעכאַיעוו וויפל ניט איז ערנסטע סאָציאַליסטן זיי זאָלן דאַפקע אַ פאַרשטאַרקטע אופמערקזאַמקייט ווידמענען דער טעאָריע, — זיי זאָלן אנטשלאָסענער פאַרנעמען אַ שטרענג באַשטימטע פּאָזיציע, זיי זאָלן שאַרפער אָפּגרענעצן זיך פון וואַקלדיקע און אומזיכערע עלעמענטן. אָבער לויט דער מיינונג פון די סאָצ. רעוואָליוציאָנערן, קוים עס עקזיסטירט

* טעאָרעטישער אָרגאַן פון די סאָציאַליסטן-רעוואָליוציאָנערן. ערשטער נומער ארויס אין יולי 1901 יאָר.

„אפילע בא די דייטשן“ א שפּאַלטונג און צעבלאָנזקייט, איז אונדז, רוסלענדער, האָט גאָט אַליין געהייסן צו שטאָלצירן דערמיט, וואָס מיר ווייסן אַליין ניט, ווהין מיר שלעפּן זיך. א רעוואָלוציאָנערע ריכטונג, וועלכע האָט ניט קיין טעאָריע, האָט ניט לויט אונדזער מיינונג קיין רעכט אף עקזיסטענץ, און אזא ריכטונג איז פּארורטיילט, פרי׳ער אָדער שפּעטער, אף א פּאָליטישן קראַך. אָבער לויט דער מיינונג פון די סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן, איז דאָס פעלן פון א טעאָריע זייער א גוטע זאך, באזונדערס באקוועם „צוליב פאַרייניקונג“. ווי איר זעט, קאָנען מיר מיט זיי ניט אופּריידן זיך, ווייל מיר ריידן גאָר אף פארשיידענע שפּראכן. איין האָפענונג, צי וועט זיי ניט ברענגען צום סייכל העער סטרווע, וועלכער רעדט אויך (נאָר ערנסטער) וועגן באזייטיקן די דאָגמע און וועגן דעם, אז „אונדזער“ זאך (ווי די זאך פון יעדער בורזשואזיע, וועלכע ווענדט זיך צום פּראָלעטאריאט) איז ניט צעטיילן, נאָר פאַרייניקן. צי וועלן די סאָצ. רעוואָלוציאָנערן ווען עס איז ניט דערזען, מיט דער הילף פונעם העער סטרווע, וואָס פאר א ווירקלעכע באדייטונג עס האָט זייער פּאָזיציע פון באפרייען זיך פונעם סאָציאַליזם צוליב פארייניקונג און פון פאַרייניקן זיך לעקאָווער דעם באפרייען זיך פונעם סאָציאַליזם?

לאָמיר אריבערגיין צום צווייטן פונקט, צו דער פראגע וועגן טעראָר.

פארטיידיקנדיק דעם טעראָר, וואָס זיין אומטויגלעכקייט איז אזוי קלאָר דערוויזן דורך דער דערפארונג פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באוועגונג, קריכן די סאָצ. רעוו׳ פון דער הויט, דערקלערנדיק, אז זיי אָנערקענען דעם טעראָר בלויז צוזאמען מיט ארבעט אין די מאסן, און אז יענע ארגומענטן, מיט וועלכע די רוסישע סאָצ. דעמאָקראטן האָבן ווידערגעלייגט (און האָבן אף א לאנגער צייט טאקע איינגאנצן ווידערגעלייגט) די צוועקמעסיקייט פון אזא קאמפּסמעטאָד, האָבן צו זיי ניט קיין שייכעס. דאָ כאזערט זיך איבער א געשיכטע, וועלכע איז זייער ענלעך צו זייער באציונג צו „קריטיק“. מיר זיינען ניט קיין אָפּאָרטוניסטן, — שרייען די סאָצ. רעוו., און אין דערזעלביקער צייט גיבן זיי אָפּ אין ארכיוו די דאָגמע פונעם פּראָלעטארישן סאָציאַליזם אפן גרונט פון בלויז אן אָפּאָרטוניסטישער און קיין שום אנדערער קריטיק. מיר כאזערן ניט איבער דעם טעאָעס פון די טעראָריסטן, מיר ציען ניט אָפּ פון דער ארבעט אין די מאסן, — פארזיכערן די סאָצ. רעוו., און אין דערזעלביקער צייט רעקאָמענדירן זיי דער פּאַרטיי איי‑פערדיק אזעלכע אקטן, ווי די טויטונג פון סיפּיאגינען דורך באלמאשאָוו׳ן, האָגאם איטלעכער ווייס און זעט אויסגעצייכנט, אז דערדאָזיקער אקט איז אין קיין שום פארבינדונג מיט די מאסן ניט געשטאנען און האָט לויט דעם אויפן פון זיין דורכפירונג ניט געקענט שטיין, — אז די פערזאָנען, וועלכע האָבן דורכגעפירט דעמדאָזיקן אקט, האָבן ניט אויסגערעכנט און ניט געהאָפט אף קיין שום באשטימטע ארויסטרעטונג אָדער אונטערשטיצונג פון דעם האמוין. נאַיוו באמערקן ניט די סאָצ. רעוו, אז זייער נייגונג צום טעראָר איז צונויפגעבונדן דורך

דער ענגסטער קאוזאל־פארבינדונג * מיט יענעם פאקט, וואָס זיי האָבן פון אָנהייב אוועקגעשטעלט זיך און בלייבן שטיין אין דער זייט פון דער ארבעטער־באוועגונג, אפילע ניט שטרעבנדיק צו ווערן א פארטיי פונעם רעוואָליוציאָנערן קלאַס, וועלכער פירט זיין קלאסנקאמף. ווען איינער שווערט זיך מיט גרויס היס־פיילעס, צווינגט דאָס אָפט אָנצושטעלן די אויגן און אויערן און נעמען אונטער א כשאד די עמעסדיקייט פון דעם, וואָס נייטיקט זיך אין אזא שטארקן געוויריץ. און ווען איך לייען די פארזיכערונגען פון די סאָצ. רעוו.: מיר רוקן ניט אָפּ דורכן טעראָר די ארבעט אין די מאסן, — ווען איך לייען זיי, דערמאָן איך זיך אָפּט אָן די ווערטער: ווי פוילט מען זיך דאָס ניט אזויפיל צו שווערן זיך? דאָס פאר־זיכערן דאָך די זעלביקע לייט, וועלכע האָבן זיך שוין אָפּגערוקט פון דער סאָצ. דעמאָקראטישער ארבעטער־באוועגונג, וואָס הייבט ווירקלעך אוף די מאסן, און וועלכע זעצן פאָר אָפּצורוקן זיך פון איר, אָנכאפנדיק זיך פאר ברעקלעך פון וועלכע איר ווילט טעאָריעס.

אלס א שיינע איליוסטראציע פאר דאָס געזאָגטע קאָן דינען די פּראָקלאַ־מאציע פונעם 3 אפּרעל פון 1902 י., וועלכע איז ארויסגעגעבן פון דער „פארטיי סאָצ. רעוו“. דאָס איז די לעבעדיקסטע, די נאָענטסטע צו די אומיטלבארע טוער, די אויטענטישסטע קוואל. „די שטעלונג פון דער פראגע וועגן טעראָריסטישן קאמף“ אין דערדאָזיקער פּראָקלאמאציע „פאלט אינגאנצן צוזאמען“ אויך „מיט דער „פארטייישער אָנשוואונג“ לויט דעם ווערטפולן איידעס־זאָגן פון דער „רעוו. ראָסיא“ ** (נומער 7, ז. 24) ***.

די פּראָקלאמאציע פון 3 אפּרעל קאָפּירט מערקווירדיק פינקטלעך דעם שאבלאָן פון דער „נייסטער“ ארגומענטאציע פון די טעראָריסטן. פריער פאר אלץ וואַרפן זיך אייך אין די אויגן די ווערטער: „מיר רופן צום טעראָר ניט אָנשטאָט ארבעטן אין די מאסן, נאָר דאפקע צוליב דערדאָזיקער ארבעט און איינצייטיק מיט איר“. זיי וואַרפן זיך אין די אויגן דערפאר, ווייל זיי זיינען

* קאוזא — סיבע. קאוזאל־פארבינדונג — פארבינדונג צווישן צוויי דערשיינונגען, וואָס איינע איז די סיבע פון דער צווייטער. איב.

** אָרגאן פון דער פארטיי סאָצ. רעוו., געווידמעט טאָגטעגלעכע פראגן, נומער 1 ארויסגעגאנגען אין פינלאנד אינעם יאָר 1901.

איב.

*** עמעס, „רעוו. ראָסיא“ מאכט דורך אין דעם פונקט עפּעס אן עקוויליבריסטיק. פון איין זייט „פאלט אינגאנצן צוזאמען“, פון דער אנדערער א רעמעז אף „איבערטרייבונגען“. פון איין זייט מעלדעט די „רעוו. ראָסיא“, אז דידאָזיקע פּראָקלאמאציע איז די זאך בלויז פון „א גרופּע“ סאָצ. רעוו., פון דער אנדערער זייט האָבן מיר יענעם פ א ק ט, אז אף דער פּראָקלאמאציע שטייט די כסימע: „ארויסגאבע פון דער פ א ר ט יי סאָצ. רעוו“, און ס'איז אַכוץ דעם איבערגעכאזערט דער עפּיגראף פון דערזעלביקער „רעוו. ראסיא“ („אינעם קאמף וועסטו דיין רעכט געפינען“). מיר פארשטייען, אז דער „רעוו. ראָסיא“ איז ניט אָנגענעם צו בארירן, א קיצלדיקן פונקט, אָבער מיר רעכענען, אז שפּילן אין באהעלטעניש איז אין אזעלכע פאלן פּאַשעט ניט אָנשטענדיק. פאר דער רעוואָליוציאָנערער סאָצ. דעמאָקראטיע איז אויך געווען ניט אָנגענעם די עקזיסטענץ פונעם עקאָנאָמיזם, אָבער זי פלעגט אים אָפּן דעמאסקירן, ניט פרווונדיק קיינעם און קיינמאָל ארייננפירן אין א טאָעס.

לענינס אָנמערקונג

אויסגענוצט מיט א שריפט דריי מאָל א גרעסערן, איידער דער איבעריקער
טעקסט (א גאנג, וועלכן ס'מאַזערט איבער גאַטירלעך אויך די „רעוו. ראסיא“);
דאָס איז דאָך אזוי איינפאך, איגדערעמעסן! אָפּדרוקן מיט א פעטן שריפט
„ניט אָנשטאָט, נאָר צוזאמען“ — און אַלע רייעס פון די סאָצ. דעמאָקראטן,
די גאנצע לעקציע פון דער געשיכטע וועט מיטאמאָל אָפּפאלן. און פרווט איבער=
לייענען די גאנצע פּראָקלאמאציע, וועט איר זען, אז די שוואַ פון דער פעטער
שריפט נעמט אָן אומזיסט דעם נאָמען פון די מאָסן. — יענע צייט, „ווען ס'וועט
ארויסגיין פון דעם כוישער דאָס ארבעט=פאָלק“, און וועט „מיט א מעכטיקער
פאָלקס=כוואַליע אָף שטיקער צעשמעטערן דעם אייזערנעם טויער“ — וועט „אָ
זויי“ (בוכשטעבלעך אזוי „אָ וויי“!) נאָך ניט אזוי גיך אָנקומען, און ס'איז
שרעקלעך א קלער צוגעבן, וויפל קאָרבאָנעס ס'וועט זיין „דערביי“! אָט די
ווערטער. „אָ וויי, נאָך ניט גיך“—דריקן זיי דען ניט אויס מיט זיך, אז מע פאר=
שטייט ניט אינגאנצן די מאסן=באוועגונג און מע גלויבט ניט אין איר? איז
דען דידאָזיקע רייע ניט אויסגעטראכט בעקיוון צום שפּאָט איבער יענעם פאקט,
אז דאָס ארבעטספאָלק הייבט זיך שוין אוף? און ענדלעך, אויב אפילע דערדאָ=
זיקער אויסגעדראָשענער ארגומענט וואָלט זיין אזוי גרינטלעך, ווי ער איז אינ=
דערעמעסן אומזיניק, — וואָלט פון אים אַרויסגעדרונגען באַזונדערס בוילעט
די אומטויגלעכקייט פונעם טעראָר, ווייל אָן דעם ארבעט=פאָלק זיינען קראפט=
לאָז, בעפיירעש קראפטלאָז איטלעכע באָטבעס.

הערט ווייטער: „איטלעכער טעראָריסטישער קלאַפּ נעמט אזוי אָפּ א
טייל קויעך בא דער זעלבסטהערשונג און וואַרפט אריבער (!) דעמדאָזיקן גאנצן
קויעך (!) אָף דער זייט פון די קעמפער פאר פרייהייט“. „און אויב דער טעראָר
וועט דורכגעפירט ווערן סיסטעמאטיש (!), איז קלאָר, אז אונדזער וואָגשאָל
וועט סאָפּקאָלסאָף איבערוועגן“. יאָ, יאָ, פאר איטלעכן איז קלאָר, אז מיר האָבן
דאָ פאר אונדז אין דער גראָבסטער פאָרם דעם גרעסטן פון די פאָרורטיילן פו=
נעם טעראָריזם: דער פּאָליטישער מאָרד „וואַרפט אריבער“ פון זיך אליין „דעם
קויעך“! אָט האָט איר, פון איין זייט, די טעאָריע פון איבערוואַרפן דעם קויעך,
און פון דער אנדערער — „ניט אָנשטאָט, נאָר צוזאמען“... ווי פוילט מען זיך
ניט צו שווערן זיך?

אָבער דאָס זיינען נאָך בלימעלעך. די בערעלעך וועלן נאָך זיין שפּעטער.
„ווע מען דארף מען קלאַפּן?“ פרעגט די פארטיי סאָצ.רעוו. און ענטפערט: די
מיניסטאָרן, ניט דעם צאר, ווייל דער צאר וועט ניט דערפירן די זאך ביז עקס=
טרעמקייט“ (!! פונוואנען זיינען זיי דאָס געוווּיר געוואָרן ??), און דערצו „איז
דאָס אויך גרינגער“ (בוכשטעבלעך אזוי!): „קיין שום מיניסטער קאָן ניט
אוועקזעצן זיך אין פאלאץ, ווי אין א פעסטונג“: אין דידאָזיקע ארגומענטאציע פא=
רענדיקט זיך מיט אזא מין כקירע, וועלכע פארדינט פאַרייביקט צו ווערן, ווי
א מוסטער פון דער „טעאָריע“ פון די סאָצ. רעוו. „אקעגן דעם האמוין האָט
די רעגירונג סאָלדאטן, אקעגן די רעוואָליוציאָנערע אָרגאניזאציעס — געהיימע

און אָפענע פּאָליציי, אָבער וואָס וועט זי ראטעווען (וועמען—זי? די זעלבסטהערשונג? אומבאמערקט פאר זיך האָט שוין דער פּראָפעסאָר אידענטיפיצירט די זעלבסטהערשונג מיט יענעם מיניסטער, וועלכן ס'איז גרינגער צו קלאַפּן!..)... פון באזונדערע פּערזאָנען אָדער פון קליינע קרייזלעך, וועלכע גרייטן זיך צום אָנפאַל און פאלן אָן קעסיידער, אפילע אומבאוווסט איינער פארן אנדערן? קיין קויעך וועט ניט העלפן אקעגן דעם, וואָס קאָן ניט געכאַפּט ווערן. אלזאָ, איז אונדזער אויפגאבע קלאָר: אראָפּזעצן איטלעכן באמעכטיקטן געוואלדטוער פון דער זעלבסטהערשונג אף דעם איינציקן אויפן, וועלכן ס'האָט אונדז איבערגעלאָזן די זעלבסטהערשונג, — דורך טויטן". וואָסערע בערג פּאַפּיר די סאָצ. רעוו. זאָלן ניט האָבן אויסגעשריבן. פארזיכערנדיק, אז מיט זייער פריידיקן טעראָר רוקן זיי ניט אָפּ, דעזאָרגאניזירן זיי ניט די ארבעט אין די מאסן, קאָנען זיי ניט ווידערלייגן מיט שטראָמען ווערטער יענעם פאקט, אז די ווירקלעכע פּסיכאָלאָגיע פונעם הייגטיקן טעראָריסט ווערט ריכטיק איבערגעגעבן גראָד דורך דער ציטירטער פּראָקלאָמאציע. די טעאָריע פון איבערוואַרפן דעם קויעך ווערט נאטירלעך דערגאַנצט דורך דער טעאָריע פון דער פעיִקייט ניט געכאַפּט צו ווערן, דער טעאָריע, וועלכע דרייט איבער ענדגילטיק מיטן דעק ארויף ניט בלויז די גאנצע דערפארונג פון דער פארגאנגענהייט, אָבער אויך איטלעכן געזונטן פארשטאנד. אז די איינציקע האָפענונג פון דער רעוואָליוציע איז דער „האמוין", אז קעמפן אקעגן דער פּאָליציי קאָן איינציק און אליין א רעוואָליוציאָנערע אָרגאניזאציע, וועלכע פירט אָן (אין דער ווירקלעכקייט, ניט אפן וואָרט) מיט דעמדאָזיקן האמוין — דאָס איז אן אַלעפבייז. דאָס איז א כאַרפּע צו דערווייזן און בלויז מענטשן, וועלכע האָבן אַלץ פארגעסן און אבסאָליוט גאָרנישט ניט אויסגעלערנט זיך, האָבן געקאָנט באשליסן „פארקערט", דערריידנדיק זיך ביז דעם פּאבלהאַפּטן, הימלשרייענדיקן שטות, אז „ראטעווען" די זעלבסטהערשונג פונעם האמוין קאָנען סאָלדאטן, פון די רעוואָליוציאָנערע אָרגאניזאציעס — פּאָליציי, און פון איינצלנע פּערזאָנען, וועלכע יאָגן זיך נאָך די מיניסטאָרן, ו ע ט ג אָ ר נ י ש ט ניט ראטעווען!!

דידאָזיקע פּאבלהאַפּטע כקירע, וועלכער ס'איז באשערט, מיר זיינען אין דעם איבערצייגט, צו ווערן בארימט, איז לאכלוטן ניט קיין פּראָסטער קוריאָז, ניין, זי איז באַלערנדיק דערמיט, וואָס זי דעמאסקירט דורך דרייסט דערפירן ביז אבסורד דעם גרונט־פעלער פון די טעראָריסטן, וועלכע איז בא זיי געמיינזאם מיט די עקאָנאָמיסטן (עפשער הארף מען שוין זאָגן: מיט די געוועזענע פאָרשטייער פונעם געשטאָרבענעם עקאָנאָמיזם?). דערדאָזיקער פעלער באַשטייט, ווי מיר האָבן שוין פיל מאָל אָנגעוויזן, אינעם ניט פ א ר ש ט י י ן דעם גרונט־כיסאָרן פון אונדזער באוועגונג. אראָנק דעם אומגעווייגלעך גיכן וווקס פון דער באוועגונג, זיינען די אָנפירער אָפּגעשטאַנען פון דער מאסע, האָבן די רעוואָליוציאָנערע אָרגאניזאציעס ארויסגעוויזן זיך אלס ניטדערוואקסן ביז דער רעוואָליוציאָנערער אקטיווקייט פונעם פּראָלעטאריאַט, אלס אומפעיִק צו

ציין פון פאַרגעט און אָנפירן מיט די מאַסן. אז אזא מין ניט־אַנטשפּרעכעדיקייט עקזיסטירט, דערין וועט ניט צווייפלען קיין איינציקער געוויסנהאַפטער מענטש, וועלכער איז וויפל ניט איז באַקאַנט מיט דער באַוועגונג. און אויב דאָס איז אַזוי, איז קלאָר, אַז די איצטיקע טעראָריסטן זיינען עמעסע עקאָנאָמיסטן אַף דער לינקער זייט, אַריינפאַלנדיק אין פונקט אַזאַ ניט־קלוגער, אָבער קעגנזײַ־לעכער עקסטרעמקייט. אין אַזאַ צייט, ווען בא די רעוואָליוציאָנערן קלעקט שוין ניט קיין קויכעס און קיין מיטלען אַף אָנצופירן מיט דער מאַסע, וואָס הייבט זיך שוין אויף, רופן צו אַזאַ טעראָר, ווי באַזונדערע פּערזאָנען און קרייז־לעך, וואָס ווייסן ניט איינס פונעם אַנדערן, אָרדענען אַיין אַטענטאַטן אַקעגן מיניסטאָרן — דאָס באַטייט דורך דעם גופע ניט בלויז אַרונטערייסן די אַרבעט אין די מאַסן, אָבער אויך אַריינטראָגן אין איר אַ דירעקטע דעזאָרגאַני־זאַציע. מיר, רעוואָליוציאָנערן, „זיינען געוווינט געוואָרן ציטעריק צוזאַמענדריקן זיך אין איין קופּע—לייענען מיר אין דער פּראָקלאַמאַציע פונעם 3־טן אַפּרעל,— און אַפילע N B)* יענער נייער, דרייסטער גייסט, וועלכער האָט אַ ווייַ געטאָן אין די לעצטע 3—4 יאָר, האָט דערוויַל באַשאַפן מער אַן אויפשטייג אין דער שטימונג פונעם האַמוין איידער פון פּערזאָנען". אין דידאָזיקע ווערטער איז פאַראַן פיל ניט־ווילנדיק אַרויסגעזאָגטער עמעס. און גראָד אָט דער עמעס צע־קלאַפּט אינגאַנצן די פריידיקער פונעם טעראָריזם, פון דעמדאָזיקן עמעס וועט איטלעכער דענקענדיקער סאָציאַליסט מאַכן אַן אויספיר: מע דאַרף ענערגישער, דרייסטער און אָרגאַניזירטער האַנדלען, ווי אַ קופּע. און דער סאָצ. רעוו. דרינגט אַרויס: „שיס, פּערזאָן, וואָס דיך קאָן מען ניט כאַפּן, ווייל די קופּע, דאָס איז, אָ ווייַ, נאָך ניט אַזוי גיך, און דערצו זיינען אַקעגן דער קופּע פאַראַן סאָלדאַטן". דאָס איז שוין גאָרניט סייכלדיק, מיינע הערן!

די פּראָקלאַמאַציע קומט ניט אויס אויך אָן דער טעאָריע פון עקסציטאַ־טיוו (וועקנדיקן. איב.) טעראָר. „איטלעכער צוויי־קאַמף פון אַ העלד וועקט אין אונדז אַלעמען דעם גייסט פון קאַמף און מוט", זאָגט מען אונדז. אָבער מיר ווייסן פון דער פאַרגאַנגענהייט און זעען אין דער קעגנוואַרט, אַז בלויז די נייע פאָרמען פון דער מאַסנבאַוועגונג אָדער די דערוואַכונג פון נייע שיכטן פון דער מאַסע וועקן ווירקלעך אין אַלעמען דעם גייסט פון קאַמף און מוט. און די צווייקאַמפן, דאַפּקע אַף אַזויפיל, אַף וויפל זיי בלייבן צוויי־קאַמפן פון די באַלמאַשאָוס, רופן אומיטלבאַר אַרויס בלויז אַ סענסאַציע, וואָס גייט באַלד איבער, און אומדירעקט פירן זיי אַפילע צו אַפּאַטיע, צום וואַרטן פּאַסיוו אַף דעם קומענדיקן צוויי־קאַמף. מע פאַרזיכערט אונדז, ווייטער, אַז „איטלעכער בליץ פון טעראָר קלערט אויף דעם סייכל", וואָס מיר האָבן

---

* N. B (נאָטאַבענע) — אַ לאַטייניש וואָרט, וואָס ווערט געברויכט, ווען מע וויל ספּעציעל אָפּשטעלן אַף עפּעס די אויפמערקזאַמקייט — די אייגענע — באַם לעזן, אָדער דעם לעזערס — באַם שרייבן.

איב.

לײדער ניט באמערקט אף דער פארטײ סאָץ. רעוו., װעלכער פרײדיקט טעראָר. מע טראָגט אונדז אונטער א טעאָריע פון גרױסער ארבעט און פון קלײנער: „װער ס'האָט מערער קױכעס, מערער מעגלעכקײט און אנטשלאָסנקײט, דער זאָל זיך ניט בארויִקן אף קלײנארבעט (!); זאָל ער זוכן און אָפּגעבן זיך דער גרױסער זאך, — דער פּראָפּאגאנדע פון טעראָר אין די מאסן (!), דער צוגרײטונג פון קאָמפּליצירטע (די טעאָריע פון פעיִקײט ניט געכאפּט צו װערן איז שױן פארגעסן געװאָרן) ...טעראָריסטישע אונטערנעמונגען.“ ניט עמעס, װי דאָס איז װוּנדערלעך קלוג: אָפּגעבן דאָס לעבן פון א רעװאָליוציאָנער צוליב געקאָמענעמען פונעם מעניװול סיפּיאגין און צוליב פארבײטן אים מיטן מעניװול פּלעװע * — דאָס איז גרױסע ארבעט. און גרײטן, צום בײשפּיל, די מאסע צו א באוואָפנטער דעמאָנסטראציע — דאָס איז קלײנארבעט. אָט פארטײטשט דאָס טאקע די „רעוו. ראָסיא“ אינעם נומער 8, מעלדנדיק, אז װעגן באוואָפנטע דעמאָנסטראציעס איז „גרינג צו שרײבן און צו רײדן, װי װעגן א זאך פון דער אומבאַשטימט־װײטער צוקונפט“, „אָבער די אלע געשפּרעכן האָבן ביז איצט געהאט בלױז א טעאָרעטישן כאראקטער“. װי גוט איז אונדז באקאנט דיזע שפּראך פון מענטשן, װעלכע זײנען פרײ פונעם דרוק פון פעסטע סאָציאליסטישע איבערצײגונגען, פון דער באלאסטיקנדיקער דערפארונג פון אלע און אלערלײ פאָלקסבאַװעגונגען: די אומיטלבארע מאמאָשעסדיקײט און מענטאציאָנעלקײט פון די רעזולטאטן מישן זײ צונױף מיט פּראקטישקײט. די פאָדערונג אומאָפּװענדלעך צו שטײן אפן קלאסנשטאנדפּונקט און אָפּהיטן דעם מאסןכאראקטער פון דער באװעגונג הײסט פאר זײ — „אומבאשטימט“ „טעאָרעטיזירן“, באשטימטקײט הײסט אין זײערע אױגן — שקלאפיש נאָכפאָלגן איטלעכן קער אין דער שטימונג און... און יענע הילפלאָזיקײט בא איטלעכן קער, װעלכע איז דערבײ אומפארמײדלעך. עס הײבן זיך אָן דעמאָנסטראציעס — האָן גיסן זיך פון דיזאָזיקע מענטשן בלוטיקע פראזן, דיבורים װעגן אָנהײב פונעם סאָף. שטעלן זיך אָפּ די דעמאָנסטראציעס — לאָזן זיך אראָפּ די הענט, און נאָך ניט באװיזן אָפּצונוצן די שטיװל, שרײען מיר שױן: „דאָס פאָלק, אָ װײ, װעט נאָך ניט אזױ גיך“... א נײע געװאָלד פון די צארישע געװאלדטוער, און מיר פאָדערן, מע זאָל אונדז װײזן אזא „באשטימט“ מיטל, װאָס זאָל דיגען אלס אױסשעפּנדיקער ענטפער דאפקע אף אָט די געװאלדטאט, אזא מיטל, װאָס זאָל געבן א טײקעפּדיק „איבערװארפן דעם קױעך“, און שטאָלץ זאָגן מיר צו דאָס־

* פּלעװע — דער אָנגעזעענסטער פאָרשטײער פון דער פּאָליציי־ביוראָקראטישער רעאקציע אין דער עפּאָכע פון אלעקסאנדער דעם 3־טן און ניקאָלײ דעם 2־טן. אין די 80־ער יאָרן — אקשאָנעסדיק געקעמפט מיט די רעשטן פון דער „נאראָדנאיא װאָליא“, אין די 90־ער יאָרן דורכגעפירט ענדגילטיקע פארשקלאפונג פון פינלאנד. נאָך סיפּיאגינס טויט געװאָרן אינערן־מיניסטער, אראָפּגעשטויסן װיטען און געװאָרן אף א געװיסער צײט דער פּאָליצײישער דיקטאטאָר פון רוסלאנד. בארימט געװאָרן מיט זײנע רעדיפעס אקעגן די ארבעטער, סטודענטן, זעמצעס א. א. װ. אָרגאניזאטאָר פון יידישע פּאָגראָמען. האָט ארויסגערופן דעם קריג מיט יאפּאן, אלס מיטל אײנצושטילן די רעװאָליוציאָנערע באװעגונג. געטײט דעם 15/VII 1904 דורך סאזאָנאָװ.

לויט דער אָנמ. צו דער רוס. אויסג.

דאָזיקע איבערווארפן! אזעלכע לייט פארשטייען ניט, אז שוין אָט דער פארשפרעך גופא פון „איבערווארפן" דעם קויעך איז פאָליטישער אוואנטיוריזם, און אז זייער אוואנטיוריזם הענגט אָפ פון זייער פרינציפלאָזיקייט.

די סאָציאל=דעמאָקראטיע וועט שטענדיק וואָרענען אקעגן אוואנטיוריזם און אומדערבארעמדיק דעמאסקירן די איליוזיעס, וועלכע ענדיקן זיך אומפארמיידלעך מיט פולער אנטוישונג. מיר מוזן געדענקען, אז א רעוואָליוציאָנערע פארטיי פארדינט איר נאָמען בלויז דעמאָלט, ווען זי פירט אָן *ווירקלעך* מיט דער באוועגונג פון א רעוואָליוציאָנערן קלאס. מיר דארפן געדענקען, אז איטלעכע פאָלקס=באוועגונג נעמט אָן אומענדלעך פארשיידנארטיקע פאָרמען, שטענדיק אויסארבעטנדיק נייע, אָפווארפנדיק אלטע, באשאפנדיק אָפענדערונגען אָדער נייע קאָמבינאציעס פון אלטע און פון נייע פאָרמען. און אונדזער כויוו איז — אקטיוו באטייליקן זיך אין דעמדאָזיקן פראָצעס פון אויסארבעטן די מעטאָדן און מיטלען פון קאמף. ווען ס'האָט זיך פארשארפט די סטודענטן=באוועגונג, האָבן מיר אָנגעהויבן רופן דעם ארבעטער צו הילף דעם סטודענט („איסקרא" נומער 2), ניט נעמענדיק זיך פאָרויסצוזאָגן די פאָרמען פון די דעמאָנסטראציעס, ניט צוזאָגנדיק פון זיי ניט קיין טייקעפדיק איבערווארפן קויעך, ניט קיין אויפקלערונג פונעם סייכל, ניט קיין באזונדער פעיקייט ניט געכאפט צו ווערן. ווען ס'האָבן זיך איינגעשטעלט דעמאָנסטראציעס, — האָבן מיר אָנגעהויבן רופן צו אָרגאניזירן זיי, צו באוואָפענען די מאסן, מיר האָבן ארויסגערוקט די אויפגאבע פון צוגרייטן דעם פאָלקס=אויפשטאנד. גאָרניט לייקענענדיק אין פרינציפ קיין געוואלדטאט און קיין טעראָר, האָבן מיר געפאָדערט ארבעט אף צוגרייטן אזעלכע געוואלט=פאָרמען, וועלכע זאָלן אויסרעכענען אף דעם דירעקטן אָנטייל פון דער מאסע און זאָלן באוואָרענען דעמדאָזיקן אָנטייל. מיר פארמאכן ניט די אויגן אף דער שוועריקייט פון דערדאָזיקער אויפגאבע, אָבער מיר וועלן פעסט און אקשאָנעסדיק ארבעטן אף איר, ניט לאָזנדיק זיך פארווירן דורך רעדווידערונגען, אז דאָס איז „אומבאשטימט ווייטע צוקונפט". יאָ, מיינע הערן, מיר שטייען אויך פאר די צוקונפטיקע, און ניט בלויז פאר די פארגאנגענע באוועגונג=פאָרמען. לאנגע און שווערע ארבעט אף דעם, וואָס האָט פאר זיך די צוקונפט, ציען מיר פאָר דער „לייכטער" איבערכאזערונג פון דעם, וואָס איז שוין פארורטיילט דורך דער פארגאנגענהייט. מיר וועלן שטענדיק דעמאסקירן מענטשן, וועמען אף דער צונג ס'איז מילכאָמע מיט די שאבלאָנען פון דער דאָגמע, און אין דער טאט פארמאָגן זיי בלויז די פארעלטערטסטע און שעדלעכע טעאָריעס פון איבערווארפן דעם קויעך, פונעם אונטערשייד צווישן גרויסער ארבעט און קליינארבעט, און, נאטירלעך, פון דער טעאָריע פון צוויי=קאמף און פון שלאָגן זיך איינער קעגן איינעם. „ווי עס פלעגן אמאָל, אין שלאכטן צווישן פעלקער, זייערע פירער לייזן דעם שטרייט דורך קאמף איינער קעגן איינעם, אזוי וועלן אויך די טעראָריסטן אינעם צוויי=קאמף קעגן דער זעלבסטהערשונג דעראָבערן פאר רוסלאנד די פרייהייט". — אזוי ענדיקט זיך די פראָקלאמאציע

פון 3 אפּרעל. אזעלכע פראזן איז געווען איבערצודרוקן, קעדיי זיי צו חידערלייגן.

ווער ס'פירט ווירקלעך זיין רעוואָליוציאָנערע ארבעט אין פארבינדונג מיטן קלאַסנקאַמף פונעם פּראָלעטאַריאַט, דער ווייס, זעט און פילט אויסגעצייכנט, וואָס פאר א מאסע אומיסלבארע און דירעקטע נאָכפראגן פונעם פּראָלעטאריאַט (און פון יענע פּאָלקסשיכטן, וועלכע זיינען פעיק אים צו אונטערשטיצן) עס בלייבט אומבאפרידיקט. דער ווייס, אז אין א מאסע ערטער, אין גאנצע געוואָלטיקע ראיאָנען רייסט זיך דאָס ארבעטספאָלק בוכשטעבלעך צום קאמף, און זיינע דראנגען גייען לעזיבעד צוליב דוחקער אין ליטעראטור, אין אָנפירער, צוליב פעלן פון קויכעס און מיטלען בא די רעוואָליוציאָנערע אָרגאניזאציעס. און מיר געפינען זיך אויס — מיר זעען דאָס, אז מיר געפינען זיך אויס, — אין דעמזעלביקן פארקישעפטן קרייז, וועלכער האָט, ווי א שלעכטער פאטום (גוירל, איב.), אזוי לאַנג געלאסטעט איבער דער רוסישער רעוואָליוציע. פון איין זייט, גייט לעזיבעד דער רעוואָליוציאָנערער דראנג פונעם ניט גענוג אופגעקלערטן, פונעם ניט אָרגאניזירטן האמוין. פון דער אנדערער זייט, גייען לעזיבעד שאָסן פון „פּערזאָנען, וואָס זיינען ניט צו כאפּן", וועלכע פארלירן דעם גלויבן אין דער מעגלעכקייט צו גיין אין ריי און גליך, ארבעטן האנט בא האנט מיט דער מאסע.

אָבער די זאך קאָן מען נאָך פולקום פאריכטן, כאווירים! פארלירן דעם גלויבן אין ווירקלעכער ארבעט — דאָס איז ניט מער, ווי א שטימונג, וועלכע גייט גיך פארביי. זאָלן זשע פעסטער צוזאמענשליסן זיך די רייען פון די סאָציאַל־דעמאָקראטן, און מיר וועלן צוזאמענשליסן אין איין גאנצקייט די קאמף־אָרגאניזאציע פון די רעוואָליוציאָנערן און די מאסנהעלדישקייט פונעם רוסישן פּראָלעטאַריאַט!

---

אינעם קומענדיקן ארטיקל וועלן מיר באטראכטן די אגראר־פּראָגראם פון די סאָציאליסטן־רעוואָליוציאָנערן.

„איסקרא" נומ. 23
1 אווגוסט 1902

# רעוואָליוציאָנערער אוואנטיוריזם II

די באציונג פון די סאָצ. רעוו. צו דער פויערשער באוועגונג שטעלט פאָר א באזונדערן אינטערעס. דאפקע אין דער אגראר־פראגע האָבן זיך שטענדיק געהאלטן פאר באזונדערס שטארק סיי די פאָרשטייער פונעם אלטן רוסישן סאָציאַליזם, סיי זייערע ליבעראל־פּאָלקיסטישע יאָרשים, סיי יענע, פּילצאָליקע אין רוסלאנד, אָנהענגער פון דער אָפּאָרטוניסטישער קריטיק, וועלכע פארזיכערן שרייענדיק, אז אין דעמדאָזיקן פונקט איז דער מאַרקסיזם שוין ענדגילטיק אָראָפּגעשלאָגן פון זיין פּאָזיציע דורך דער „קריטיק". און אונדזערע סאָצ. רעוו.

צעטראָגן דעם מאַרקסיזם, ווי מע זאָגט, אף וואָס די וועלט שטייט: „דאָגמאַטישע פאָרורטיילן, אָפּגעלעבטע דאָגמאַטן, לאַנג צעקלאַפּטע דורכן לעבן... די רעוואָליוציאָנערע אינטעליגענץ האָט פאַרמאַכט די אויגן אפן דאָרף, רעוואָליוציאָנערע אַרבעט אינעם דאָרף פלעגט די אָרטאָדאָקסיע פאַרבאָטן“ א. א. וו. דאָס איז היינט אין דער מאָדע — שמויסן מיט די פּיס די אָרטאָדאָקסיע. אָבער צו וועלכן אונטערמין כאַיעס דאַרף מען פאַרעכענען יענע פון דער צאָל פוסשטויסנדיקע, וועלכע האָבן נ י ט ב א ו ו י ז ן, ביז וואַנען ס'האָט זיך אָ נ ג ע ה ו י ב ן די באַוועגונג אינעם פויערטום, אָנצומערקן אפילע זייער אייגענע אגראַר=פּראָגראַם? ווען „איסקרא“ האָט נאָך אינעם נומער 3 אָנגעצייכנט איר אגראַר=פּראָגראַם, האָט דער „וועסניק נאַראָדנאָי וואָלי“ בלויז געהאַט די האַמצאָע אויסצושטאַמלען: „בא אזא שטעלונג פון דער פראַגע ווערט באַדייטנדיק אויסגעמעקט נאָך איינע פון אונדזערע מיינונגס=פאַרשיידנהייטן“. און דערביי האָט זיך מיט דער רעדאַקציע „וו. נ. ר.“ געטראָפן יענעם קליין אומגליק, אז זי האָט אַבסאָליוט ניט פאַרשטאַנען דאַפקע די שטעלונג פון דער פראַגע בא דער „איסקרא“ („אריינטראָגן קלאַסנקאַמף אין דאָרף“. איצטער באַרופט זיך „רעוו. ראָסיא“, פאַרשפּעטיקט אין דער דאַטע, אף דער בראָשור „אָטשערעדנאָי וואָפּראָס“, האנאם קיין שום פּראָגראַם איז דאָרטן ניטאָ, און פאַראַן איז דאָרטן בלויז א לויב=געזאַנג פאַר אזעלכע „באַרימטע“ אָפּאָרטוניסטן, ווי הערטץ*).

און אָט די לייט, וועלכע זיינען ביז דעם אָנפאַנג פון דער באַוועגונג געווען מאַסקים סיי מיט דער „איסקרא“, סיי מיט הערטצ'ן, טרעטן אַרויס אף מאָרגן נאָך דעם פויערשן אופשטאַנד מיט א מאַניפעסט „פונעם פויערשן פאַרבאַנד (!) פון דער פּאַרטיי סאָצ. רעוו.“, און דערביי ווערט איר אין דעמדאָזיקן מאַניפעסט ניט געפינען קיין איינציקן טאָן, וואָס זאָל אַרויסקומען ווירקלעך פונעם פויער, איר וועט באַגעגענען בלויז אן איבערכאַזערונג וואָרט בא וואָרט פון דעם, וואָס איר האָט הונדערטער מאָל געלייענט בא די פאָלקיסטן, ליבעראַלן און „קריטיקער“. מע זאָגט, אז דרייסטקייט נעמט שטעט. דאָס איז ריכטיק, הערן עס=ערן, אָבער ניט ווען אזא דרייסטקייט זאָגט איידעם די גראָב אָנגעליאַפּעטע רעקלאַמע.

מיר האָבן געזען, אז די הויפּט=„מיילע“ פון די עס=ערן באַשטייט אין פרייהייט פון טעאָריע, זייער הויפּט=קונסט איז — קענען אזוי ריידן, אז ס'זאָל גאָרנישט ניט געזאָגט ווערן. אָבער קעדיי געבן א פּראָגראַם, דאַרף מען זיך אזוי צי אַנדערש אַרויסזאָגן. מע דאַרף, לעמאָשל, אַרויסוואַרפן איבערן באָרט דעם „דאָגמאַט פון די רוסישע ס“ד אינעם סאָף 80=ער און אָנפאַנג 90=ער יאָרן

* ה ע ר ט ץ פ ר. עסטרייכישער עקאָנאָמיסט, סאָצ. דעמאָקראַט, איינער פון מאַרקס קריטיקער אין דער אגראַר=פראַגע; אין זיין בוך „די אגראַר=פראַגן פונעם שטאַנדפּונקט פונעם סאָציאַליזם“ האָט ער זיך באַמיט צו דערווייזן די לעבנס=פעיִקייט פונעם קליינערד=באַזיץ אין דער היינטיקער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט און זיין פעיִקייט אויסצוהאַלטן די קאָנקורענץ פון דער גרויסער ווירטשאַפט. די פאָלקיסטן האָבן אויסגענוצט הערטצעס בוך אינעם קאַמף אקעגן די מאַרקסיסטן.

אָנמערקונג צו דער רוס. אויסג.

וועגן דעם, אז ס'איז ניטאָ קיין שום רעוואָליוציאָנערער קויער, אכוץ דעם שטאָ=
טישן פּראָלעטאריאט". וואָס פאר א באקוועם ווערטל דאָס איז: „דאָגמאט"!
ס'איז גענוג אביסל פארדרייען א פיינטלעכע טעאָריע, צודעקן דידאָזיקע פאר=
דרייונג מיטן שרעקוואָרט „דאָגמאט" — און די זאך איז פארטיק!

דער גאנצער מאָדערנער סאָציאליזם, אָנפאנגנדיק מיטן קאָמוניסטישן מאַ=
ניפעסט, רוט אויף יענעם בליסאָפעקדיקן עמעס, אז דער איינציקער ווירקלעך
רעוואָליוציאָנערער קלאס פון דער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט איז און קאָן
זיין דער פּראָלעטאריאט. די איבעריקע קלאסן קאָנען זיין און זיינען רעוואָליו=
ציאָנער בלויז טיילוויז און בלויז בא באוווסטע באדינגונגען. עס פרעגט זיך,
וואָס זשע דארף מען טראכטן וועגן מענטשן, וועלכע האָבן „פארוואנדלט" דעמ=
דאָזיקן עמעס אין א דאָגמאט פון די רוסישע ס"ד פון א באשטימטער עפּאָכע,
און באמינען זיך צו פארזיכערן דעם נאיוון לעזער, אז דערדאָזיקער דאָגמאט איז
קלוימערשט „אינגאנצן געגרינדעט געווען אפן גלויבן אין דער וויטקייט פונעם
אָפענעם פּאָליטישן קאמף"?

אקעגן מארקס לערע וועגן דעם איינציקן ווירקלעך רעוואָליוציאָנערן קלאס
פון דער היינטיקער געזעלשאפט רוקן די עס=ערן ארויס א דרייליינג — „אינטע=
ליגענץ, פּראָלעטאריאט און פויערטום", ארויסווייזנדיק דערמיט א האָפּעגונגלאָזן
באגריף=פלאָנטער. אויב איר שטעלט אנקעגן די אינטעליגענץ דעם פּראָלעטאַ=
טאריאט און דעם פויערטום, — הייסט דאָס, איר פארשטייט אונטער איר א בא=
וווסטע סאָציאלע שיכט, א גרופּע פערזאָנען, וועלכע פארנעמען אזא באשטימטע
סאָציאלע פּאָזיציע, ווי ס'איז באשטימט די סאָציאלע פּאָזיציע פון די געדונגענע
ארבעטער און פון די פויערים. אָבער אלס אזא שיכט איז די רוסישע אינטעלי=
גענץ דאפקע א בורזשואזע און א קליינבירגערלעכע אינטעליגענץ. בענוגייע צו
דערדאָזיקער שיכט איז פולקום גערעכט ה' סטרוווע, וועלכע רופט אָן זיין אָר=
גאן — אָרגאן פון דער רוסישער אינטעליגענץ. אויב איר רעדט אָבער וועגן יענע
אינטעליגענטן, וועלכע האָבן נאָך ניט פארנומען קיין שום באשטימטע
סאָציאלע פּאָזיציע אָדער זיינען שוין דורכן לעבן ארויסגעשלאָגן פון
זייער נאָרמאלער פּאָזיציע און גייען אריבער אפן צאד פונעם פּראָלעטאריאט,
איז דעמאָלט אינגאנצן אומזיניק אנקעגנצושטעלן דידאָזיקע אינטעליגענץ דעם
פּראָלעטאריאַט. ווי איטלעכער אַנדערער קלאַס פון דער היינטיקער געזעלשאַפט,
ארבעט דער פּראָלעטאריאט אויס ניט בלויז זיין אייגענע אינטעליגענץ, אָבער
נעמט פאר זיך אָנהענגער צווישן אלע און אלערליי געבילדעטע מענטשן. דער
אופמארש פון די עס=ערן אנקעגן דעם גרונט=„דאָגמאט" פונעם מארקסיזם דער=
ווייזט בלויז אן איבעריקס מאָל, אז דעם גאנצן קויעך פון דערדאָזיקער פארטיי
שטעלט פאָר יענס הייפל רוסישע אינטעליגענטן, וואָס פונעם אלטן זיינען זיי
אָפּגעגאַנגען און צום נייעם ניט צוגעשטאַנען.

וואָס אָנבאלאנגט דאָס פויערטום, זיינען וועגן אים די בקירעס פון די עס=ערן
נאָך מער צעפּלאָנטערט. וואָס איז ווערט בלויז דאָס שטעלן די פראגע אליין:

„וועלכע געזעלשאפטלעכע קלאסן ביכלאל (!) האלטן זיך שטענדיק (!!) פאר דער עקזיסטירנדיקער... (בלויז פאר דער זעלבסטהערשנדיקער? אָדער פאר דער בורזשואזער ביכלאל?)... אָרדענונג, היטן זי אָפּ און לאָזן זיך ניט רעוואָליוציאָניזירן?“... איינפאַכער קאָן מען אַף דערדאָזיקער פראגע בלויז ענטפערן מיט א פראגע: וועלכע עלעמענטן פון דער אינטעליגענץ האלטן זיך ביכלאל שטענדיק פאר דעם עקזיסטירנדיקן אידייען־כאאָס, היטן אים אָפּ און לאָזן זיך ניט באהערשן פון קיין באשטימטער סאָציאליסטישער וועלט־אָנשויונג? אָבער די ס״ר ווילן אַף ניט קיין ערנסטער פראגע געבן אַן ערנסטן ענטפער. זיי רעכענען צו צו „דידאָזיקע“ קלאסן ערשטנס די בורזשואזיע, ווייל אירע „אינטערעסן זיינען באפרידיקט“. דערדאָזיקער אלטער פאָרורטייל, אז קלוימערשט די אינטערעסן פון דער רוסישער בורזשואזיע זיינען שוין אַף אזויפיל באפרידיקט, אז בא אונדז איז ניטאָ און ס'קאָן ניט זיין קיין בורזשואזע דעמאָקראטיע (פארגל. „וו. ר. ר.“ נומער 2, ז״ז 132—133), בילדעט איצטער דאָס געמיינזאמע פארמעגן פון די עקאָנאָמיסטן און פון די ס״ר נאָכאמאָל. עפשער וועט סטרוווע זיי ברענגען צום סייכל?

צווייטנס, רעכענען די ס״ר צו צו דידאָזיקע קלאסן די „קליינבירגערלעכע שיכטן“, „וועמענס אינטערעסן עם זיינען אינדיווידואליסטיש, ניט באשטימט ווי קלאסן־אינטערעסן און פאָרמולירן זיך ניט אין קיין רעפאָרמאטאָרישער אָדער רעוואָליוציאָנערער סאָציאל־פּאָליטישער פּראָגראם“. פונוואנען דאָס איז, ווייס אללאך (דער מוסולמאנישער גאָט, איב.). אז דאָס קליינבירגערטום, ניט בלויז דאָס היט ניט אָפּ ביכלאל און אומעטום די עקזיסטירנדיקע אָרדענונג, אז, פארקערט, דאָס טרעט אָפט ארויס אלס רעוואָליוציאָנער אפילו אקעגן דער בורזשואזיע (נעמלעך, ווען דאָס שליסט זיך אָן צום פּראָלעטאַריאַט), זייער אָפט — אקעגן אבסאָליוטיזם און פאָרמולירט קימאט אלעמאָל סאָציאל־רעפאָרמאטאָרישע פּראָגראמען, דאָס איז באקאנט אלעמען און איטלעכן. אונדזער פארפאסער האָט פאָשעט א פלאפל געטאָן וואָס „רווישיקער“ אקעגן דעם קליינבירגערטום, פאָלגנדיק יענער „לעבנסרעגל“, וועלכע טורגעניעוו האָט, גענומען בא איינעם אן „אלטן שווינדלער“, פאָרמולירט אין איינעם פון זיינע „לידער אין פּראָזע“: שרייען וואָס העכער אקעגן יענע כעסרוינעס, וועלכע מע פילט אין זיך אליין. איז אָט: אזוי ווי די ס״ר פילן, אז דער איינציקער סאָציאלער באזיס פון זייער פּאָזיציע צווישן צוויי שטולן קאָנען זיין בלויז איינציקע קליינבירגערלעכע שיכטן פון דער אינטעליגענץ, דעריבער שרייבן זיי וועגן דעם קליינבירגערטום אזוי, אז קלוימערשט דערדאָזיקער טערמין באטייט ניט א סאָציאַלע קאטעגאָריע, נאָר בלויז א פּאָלעמישע רעדע־ווענדונג. זיי ווילט זיך אויך אויסמיידן יענעם אומאָנגענעמען פונקט, אז זיי פארשטייען ניט, דאָס דאָס הייגטיקע פויערטום, ווי א גאנצעס, געהערט צו „קליינבירגערלעכע שיכטן“. עפשער וועט איר פּרובירן, ה״ה ס״ר, געבן אונדז אן ענטפער צו דעמדאָזיקן פונקט? עפשער וועט איר אונדז זאָגן, פונוואנען קומט דאָס, אז איבערכאזערנדיק ברעקלעך פון

דער טעאָריע פונעם רוסישן מאַרקסיזם (לעמאַשל, וועגן דער פּראָגרעסיווער באַדייטונג פונעם פויערישן אָפּגאַנג און וואַנדערעווען), פאַרמאַכט איר די אויגן דערויף, אַז דעזעלביקער מאַרקסיזם האָט דערוויזן דעם קלייַנבירגערלעכן געבוי פון דער רוסישער פויערשער ווירטשאַפט? צי וועט איר אונדז ניט דערקלערן, ווי אַזוי קאָנען דאָס „איינגנטימער“ אָדער האַלב-איינגנטימער“ אין דער הייַנטיקער געזעלשאַפט ניט באַציִען זיך צו קלייַנבירגערלעכע שיכטן?

גיין, האָפט ניט! די ס"ר וועלן ניט ענטפערן, זיי וועלן גאָרנישט ניט זאָגן און וועלן גאָרנישט ניט דערקלערן אין טאָג, ווייל זיי (ווידעראַמאָל גלייך ווי די עקאָנאָמיסטן) האָבן פעסט אָנגעייגנט די טאַקטיק צו מאַכן זיך וואָיענען, ווען ס'האַנדלט זיך וועגן טעאָריע. „רעוו. ראָסיא“ ווינקט אָף „וו. ר. ר.“. — דאָס איז, הייסט דאָס, זייער זאַך (פאַרגל. נומער 4, ענטפער דער „זאַריאַ“) און „וו. ר. ר.“. דערציילט דעם לעזער וועגן די העלדנטאַטן פון דער אָפּאָרטוניסטישער קריטיק און סטראַשעט, סטראַשעט און סטראַשעט, אַז זי וועט געבן נאָך אַ שאַרפערע קריטיק. ווייניקלעך, מייַנע הערן!

די ס"ר האָבן זיך איינגעהיט אין שליימעס אקעגן דער פאַרדאַרבלעכער ווירקונג פון די הייַנטיקע סאָציאַליסטישע לערן. זיי האָבן אינגאַנצן איינגעהיט די גוטע אַלטע מעטאָדן פונעם וווּלגאַרן סאָציאַליזם. מיר האָבן פאַר אונדז אַ נייעם היסטאָרישן פאַקט, אַ נייע באַוועגונג אין אַ געוויסער שיכט פונעם פאָלק. זיי פאָרשן ניט אויס די לאַגע פון דערדאָזיקער שיכט, זיי שטעלן זיך ניט קיין ציל צו דערקלערן איר באַוועגונג דורך דעם כאַראַקטער פון דערדאָזיקער שיכט און דורך איר באַציִונג צו דער זיך אַנטוויקלענדיקער עקאָנאָמישער אָרדענונג פון דער גאַנצער געזעלשאַפט. דאָס איז אַלץ פאַר זיי — אַ פוסטע דאָגמע, אַן אָפּגעלעבטע אָרטאָדאָקסיע. בײַ זיי ווערט דאָס געמאַכט פּאָשעטער. — וועגן וואָס ריידן די פּאָרשטייער גופא פון דעם שיכט, וואָס הייבט זיך אויף? וועגן ערד, צעשניידן ערד, איבערטיילן ערד. — נו, אָט האָט איר דאָ אַלץ. אָט האָט איר אַ „האַלב-סאָציאַליסטישע פּראָגראַם“, אַ „פולקום ריכטיקן פּרינציפּ“, „אַ ליכטיקע אידיי“, „אַ אידעאַל, וועלכער לעבט שוין אין אַן עמבריאָנאַלער פאָרם אינעם קאָפּ פונעם פויער“ א. א. וו. מע דאַרף בלויז „רייניקן און אויסאַרבעטן דעמדאָזיקן אידעאַל“, אויספירן „די ריינע אידיי פונעם סאָציאַליזם“. איר גלויבט ניט, לעזער? אייך דוכט זיך אומגלויבלעך, אַז דאָסדאָזיקע פּאָלקיסטישע אַלטוואַרג זאָל ווייטער אַרויסגעשלעפּט ווערן אָף דער ווייסער וועלט דורך מענטשן, וועלכע כאָזערן איבער אַזוי האָפערדיק דאָס, וואָס עס זאָגט זיי דאָס לעצטע בוך? אָבער דאָס איז פונדעסטוועגן אַ פאַקט, און אַלע ווערטלעך, וועלכע מיר האָבן ציטירט, זייַנען גענומען געוואָרן פון דער מעלדונג „פונעם פויערישן פאַרבאַנד“ אינעם נומער 8 „רעוו. ראָסיא“.

די ס.-רעוו. באַשולדיקן די „איסקראַ“, אַז זי האָט, אָנרופנדיק די פויערשע באַוועגונג — לעצטער אופרור פון די פויערים, צו פרי אָנגעהויבן צו זאָגן קאַדיש: דאָס פויערטום, לערנט מען אונדז, קאָן זיך באַטייליקן אויך אין דער

סאָציאַליסטישער באַוועגונג פונעם פּראָלעטאַריאַט. די דאָזיקע באַשולדיקונג באַווייזט באַשיימפּערלעך דעם גאַנצן געדאַנקענפּלאָנטער בײַ די ס״ר. זיי האָבן זיך אַפילו ניט פאַנאַנדערגעקליבן אין דעם, אַז איינס איז די דעמאָקראַטישע באַוועגונג אַנקעגן די רעשטן פון לײַבאייגנשאַפט, און אַן אַנדער זאַך איז — די סאָציאַליסטישע באַוועגונג אַנקעגן דער בורזשואַזיע. ניט פאַרשטייענדיק די פויערשע באַוועגונג גופא, האָבן זיי ניט געקאָנט פאַרשטיין אויך דאָס, אַז די ווערטער פון דער „איסקרא“, וועלכע האָבן זיי דערשראָקן, באַציִען זיך בלויז צו דער ערשטער באַוועגונג. וועגן דעם, אַז די אונטערגייענדיקע קליינפּראָדוצירער (צווישן זיי די פויערים) קאָנען און דאַרפן באַטייליקן זיך אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג פונעם פּראָלעטאַריאַט, האָט די „איסקרא“ ניט בלויז געזאָגט אין איר פּראָגראַם, נאָר האָט אויך פּינקטלעך באַשטימט די באַדינגונגען פון דער דאָזיקער באַטייליקונג. אָבער די הײַנטיקע פויערשע באַוועגונג איז גאָרניט קיין סאָציאַליסטישע באַוועגונג, וועלכע דאַרף זײַן געריכטעט אַקעגן דער בורזשואַזיע און דעם קאַפּיטאַליזם. פאַרקערט, זי פאַראייניקט די בורזשואַזע און פּראָלעטאַרישע עלעמענטן פונעם פויערטום, וועלכע זײַנען ווירקלעך אייניק אינעם קאַמף מיט די רעשטן פון דער לײַבאייגנשאַפט. די הײַנטיקע פויערשע באַוועגונג פירט — און וועט ברענגען — צום אײַנשטעלן ניט אַ סאָציאַליסטישן און ניט קיין האַלב-סאָציאַליסטישן דאָרפישן געבוי, נאָר אַ בורזשואַזן דאָרפישן געבוי, נאָכדעם ווי זי וועט אָפּרייניקן די בורזשואַזע יסודות פון אונדזער דאָרף, וועלכע זײַנען שוין צײַטיק, פון די לײַבאייגנטימערשע פּענטעס.

איבעריקנס, פאַר די ס״ר איז דאָס אַלץ אַ בוך, אַף וועלכן עס הענגען זיבן זיגלען. זיי פאַרזיכערן אַפילו ערנסט די „איסקרא“, אַז אָפּרייניקן דעם וועג פאַר דער אַנטוויקלונג פונעם קאַפּיטאַליזם, — דאָס איז אַ פוסטער דאָגמאַט, ווײַל די „רעפאָרמען“ (פון די 60-ער יאָרן) „האָבן טאַקע ריינגעמאַכט (!) אַפילו האַרבאָווע (!!) פאַר דער אַנטוויקלונג פונעם קאַפּיטאַליזם“. אָט צו וואָס עס קאָן זיך דערשרײַבן אַ האַפּערדיקער מענטש, וואָס עס באַהערשט אים זײַן האַפּערדיקע פעדער און וועלכער בילדעט זיך אײַן, אַז „פונעם פויערשן פאַרבאַנד“ קאָן מען אויסברענגען אַבי וואָס: דער פויער וועט זיך ניט פאַנאַנדערקלײַבן. — אָבער ניט אַ קלער, איך בעט אײַך, ליבער אַוטאָר: צי האָט איר אַמאָל ניט געהערט, אַז די רעשטן פון דער לײַבאייגנשאַפט פאַרהאַלטן די אַנטוויקלונג פונעם קאַפּיטאַליזם? צי דוכט זיך אײַך ניט, אַז דאָס איז אַפילו קימאַט אַ טאַווטאָלאָגיע*? און צי האָט איר ניט געלייענט ערגעץ-ווו וועגן די רעשטן פון דער לײַבאייגנשאַפט אינעם הײַנטיקן רוסישן דאָרף?

„איסקרא“ זאָגט, אַז די קומענדיקע רעוואָלוציע וועט זײַן אַ בורזשואַזע רעוואָלוציע, די ס-ערן דערווידערן: זי וועט „פריער פאַר אַלץ זײַן אַ פּאָליטישע

---

* אַן אויסדרוק, וועלכער אַנטהאַלט אַ פּשוטע איבערכאַזערונג פון איינעם און דעמזעלביקן באַגריף.

איב.

און ביז א געוויסן גראד א דעמאָקראטישע רעוואָליוציע". עפּשער וועלן די אַווטאָרן פון דערדאָזיקער באַציינטער דערווידערונג פּרוּוון זיך דערקלערן, צי איז ווען עס איז געווען אין דער געשיכטע, צי איז דענקבאר ביכלאל אזא בורזשואזע רעוואָליוציע, וועלכע זאָל ניט זיין „ביז א געוויסן גראד א דעמאָקראטישע"? די פּראָגראם פון די ס"ר גופא (אויסגלייך=באַנוץ פון דער ערד, וועלכע גייט אריבער אין אייגנטום פון דער געזעלשאפט) גייט נאָך ניט ארויס פון די ראמען פון דער בורזשואזער פּראָגראם, ווייל איינהאלטן די סכוירע=פּראָדוקציע און דערלאָזן די פּריוואט=ווירטשאפט האָנאָם אף געמיינזאמער ערד, באזייטיקט גאָרניט די קאפּיטאליסטישע באציונגען אין דער ערד=ארבעט.

וואָס לייבמזיניקער די ס"ר באציִען זיך צו די עלעמענטארסטע עמעסן פון היינטיקן סאָציאליזם, דאָס גרינגער פארפאסן זיי די „עלעמענטארסטע רעדוקציעס" *, שטאָלצירנדיק אפילע דערמיט, אז זייער „פּראָגראם לאָזט זיך אויס" צו אזעלכע רעדוקציעס. לאָמיר באטראכטן אלע דריי רעדוקציעס זייערע, וועלכע וועלן, מינאסטאם, אף לאנג פארבלייבן א דענקמאָל פון דער שארפזיניקייט און טיפקייט פון די סאָציאליסטישע איבערצייגונגען פון די ס"ר.

רעדוקציע נומער 1: „שוין איצט געהערט א גרויסער כיילעק פון רוסלאנדס טעריטאָריע דער מעלוכע, מע דארף, אז די גאנצע טעריטאָריע זאָל געהערן דעם פאָלק". „שוין איצט" זיינען די הארצרירנדיקע בארופונגען אף דעם מעלוכישן ערד=באזיץ אין רוסלאנד פארקראָכן אונדז אין די ציין און די ווערק פון די פּאָליציישע פּאָרקיסטן (אשטייגער ווי סאזאָנאָוו ** און אנד.)

---

* אינדוקציע און רעדוקציע — צוויי מעטאָדן אין דער פאָרמעלער לאָגיק. דער מעטאָד פון אינדוקציע באשטייט אין דעם, וואָס מע זאמלט, שטודירט א ריי קאָנקרעטע איינצל=פאלן, קעגנשטאנדן — און מע מאכט דערפון אן אלגעמיינעם קלאל=אויספיר. די רעדוקציע נעמט א פּארטיקן, פאָרויסגעגעבענעם קלאל און מאכט פון אים אויספירן בענוגע צו קאָנקרעטע פאלן. ביישפּיל פון אינדוקציע: דורך באַאָבאכטונגען, דורך דערפארונג, ד. ה. דורך זאמלען אסאך איינצלפאלן, איז די מעדיצין געקומען צום קלאל, אז די מאליאריע דארף מען היילן מיט כינע. ביישפּיל פון רעדוקציע: דער דאָקטער, געפינענדיק באם כוילע יענעם קאָמפּלעקס סימאָנים, וועלכער איז כאראקטעריסטיש פאר מאליאריע, פארשרייבט אים כינע. דאָס הייסט פונעם אלגעמיינעם קלאל, אז כינע העלפט פון מאליאריע, מאכט ער דעם אויספיר, וויאזוי צו העלפן דעם געגעבענעם קראנקן.

אין דעם דיאלעקטישן דענקען זיינען די רעדוקציע און די אינדוקציע אומצערייסלעך פארבונדן צווישן זיך. מע קאָן ניט סתאם זאמלען קיין פאקטן, אויב מע האָט ניט דערביי קיין באשטימטע אלגעמיינע איינשטעלונגען, קיין אלגעמיינעם קלאל. מע קאָן ניט באנוגענען זיך מיט פּאָשעט אָנווענדן א פאָרויסגעגעבענעם פּארטיקן קלאל צו א באשטימטער דערשיינונג, ניט דיסקאָנטירנדיק דערביי דאָס קאָנקרעטע, דאָס ספּעציפישע, דאָס נייע אין דערדאָזיקער דערשיינונג, ניט רעכענענדיק זיך דערמיט, אז איטלעכער קלאל, איטלעכע קאטעגאָריע ענדערט זיך אינעם פּראָצעס פון דער אנטוויקלונג. און אז איטלעכער עמעס איז קאָנקרעט.

איב.

** סאזאָנאָוו — א רעאקציאָנערער פּאָלקיסט. אין זיין ווערק וועגן דער געמיינדע דערווייזט ער די לעבנספעיִקייט פון דעם געמיינדישן ערד=באזיץ, זיין ווערט, ווי אן אומיטלבארער באזיס פון דער קומענדיקער סאָציאליסטישער אָרדענונג.

איב.

איז פון פארשיידענע קאטעדער-רעפארמאטארן *. „מע דארף", אז איינעם עק בא דיראזיקע הערן זאלן זיך גאכשלעפן אזוינע, וואס רופן זיך אן סאציאליסטן און דערצו נאך רעוואליוציאנערן. „מע דארף", אז סאציאליסטן זאלן באטאנען די קלוימערשטע אלמעכטיקייט פון דער „מעלוכע" (פארגעסנדיק אפילע, אז דער גרעסטער כיילעק פון די מעלוכע-ערדן איז קאנצענטרירט אין די ניט-באוווינטע קאנטן פונעם לאנד), זיי זאלן ניט באטאנען דעם קלאסנגעזעץ צווישן דעם האלב-לייבייגענעם פויערטום און דעם פריווילעגירטן הויפן גרויס-אייגנטימער, וועלכע באזיצן די מאסע בעסער באארבעטע ערדן און מיט וועלכע די „מעלוכע" האט ששטענדיק געלעבט אין שאלעם-באים. אונדזערע ס"ר בילדן זיך איין, אז זיי פירן אויס די ריינע אידיי פונעם סאציאליזם; אינדהערעמעסן באשמוצן זיי בלויז דיזאזיקע אידיי דורך זייער ניט-קריטישע באציונג צום אלטן פאלקיזם.

רעדוקציע נומער 2: „שוין איצט פליסט די ערד אריבער פונעם קאפיטאל צו דער ארבעט — מע דארף, די מעלוכע זאל פארענדיקן דעמדאזיקן פראצעס". וואס ווייטער — אלץ גערדיכטער. לאמיר מאכן נאך א שריט צום פאליציישן פאלקיזם, לאמיר רופן די „מעלוכע" (די קלאסן-מעלוכע!) צו פארברייטערן דעם פויערשן ערד-באזיץ ביכלאל. דאס איז מערקווירדיק סאציאליסטיש און וווּנדערבאר רעוואליוציאנער. אבער וואס דען קאן מען ווארטן פון מענטשן, פאר וועמען דאס, וואס פויערים קויפן און ארענדירן ערד, באטייט ניט, אז די ערד גייט אריבער פון די לייבייגנטימער-פריצים צו דער דארפישער בורזשואזיע, נאר וועלכע רופן דאס אן איבערגאנג פון „קאפיטאל צו דער ארבעט". לאמיר דערמאנען דיזאזיקע לייט לעפאכעס די ציפערן וועגן דעם, וויאזוי עס ווערן פאקטיש צעטיילט די ערדן, וועלכע „פליסן אריבער צו דער ארבעט": פון 6 ביז 9 צענטל פון דער גאנצער געקויפטער פויערשער ערד און פון 5 ביז 8 צענטל פון דער ארענדע איז קאנצענטרירט אין די הענט בא איין פינפטכיילעק פון די הויפן, ד. ה. בא ניט קיין גרויסער מינדערהייט פארמעגלעכע. אורטיילט לויט דעם, צי ס'איז פאראן פיל עמעס אין די ווערטער פון די סאצ. רעוו., ווען זיי באהויפטן, אז אף די פארמעגלעכע פויערים „רעכענען מיר נאר ניט אויס", נאר בלויז אף די „ריין-הארעפאשנע שיכטן".

רעדוקציע נומער 3: „דער פויער האט שוין ערד און באנוצט זי אלפי דאוו אין אויסגעגלייכטער צעטיילונג, — מע דארף, אז דערדאזיקער ארבעט-באנוץ זאל דערפירט ווערן ביזן סאף... און זאל פארענדיקט ווערן דורך דער אנטוויקלונג פון אלערהאנט קאאפעראציע אין א קאלעקטיווער לאנדווירטשאפטלעכער פראדוקציע". גיט א קראץ א סאצ.-רעוואליוציאנער און איר וועט געפינען

---

* קאטעדער-רעפארמאטארן — נאכגעמאכט לויטן דייטשישן „קאטעדער-סאציאליסטן" — געלערנטע פראפעסארן, וועלכע האבן קלוימערשט געפרייוויקט דעם סאציאליזם, נאר פארגעשטעלט זיך, אז ס'איז מעגלעך צו פארווירקלעכן אים אן א קאמפ- דורך פרידלעכע איבערראנדערשונגען.

איב.

דעם הער וו. וו.* ווי נאָר עס איז דערגאַנגען צו דעם, וואָס מע דאַרף טאָן, זיי־נען באַלד אַרויסגעקראָכן אויף דרויסן אַלע אַלטע פאָרורטיילן פונעם פאָלקיזם, וועלכע האָבן זיך בעשאָלעם איינגעהאַלטן אונטערן צודעק פון קונציקע פראַזן. מעלוכעשער ערדבאַזיץ — איבערגאַנג פון דער ערד צום פויערטום, וועלכן ס'פּאַרענהיקט די מעלוכע־געמיינדע — קאָאָפּעראַציע, קאָלעקטיוויזם — אין דער־פאָזיקער גרויסאַרטיקער סכעמע פון די הערן סאַזאָנאָוו, יוזאָוו**, נ.—אָן*** סאָצ.־רעוואָליוציאָנערן, האָפּשטעטער, טאָטאָמיאַנץ און אַנד., אין דעררדאָזיקער סכעמע פעלט בלויז אַ קליינע קלייניקייט. אין איר איז ניטאָ ניט קיין קאַפּי־טאַליזם, וואָס אַנטוויקלט זיך, ניט קיין קלאַסנקאַמף. און פון וואַנען האָט זיך מאַקע גענומען די דאָזיקע קלייניקייט אין די קעפּ פון מענטשן, וואָס זייער גאַנצער אידייענבאַגאַזש באַשטייט פון שמאַטעס פון פאָלקיזם און פון פּוציקע לאַטעס פון דער מאָדישער קריטיק? האָט דען הער בולגאַקאָוו אַליין ניט געזאָגט, אַז אין דאָרף איז ניטאָ קיין אָרט פאַר קלאַסנקאַמף? ווען דען דאָס פאַרבייטן דעם קלאַסנקאַמף מיט „אַלערהאַנט קאָאָפּעראַציעס" ניט באַפרייען סיי די ליבעראַלן, סיי די „קריטיקער", סיי ביכלאַל די אַלע, פאַר וועמען דער

* וו. וו. (פּסעוודאָנים פון וו. פּ. וואָראָנצאָוו) — אָנגעזעענער טעאָרעטיקער פונעם פאָלקיזם אין די 80־ער און 90־ער יאָרן. אין זיין הויפּט־ווערק „סודבי קאַפּיטאַליזמא וו ראָסיי" — (די שיקזאַלן פונעם קאַפּיטאַליזם אין רוסלאַנד) ווערט אַנטוויקלט די אידיי פון דער שעפערישער מאַכטלאָזיקייט פונעם רוסישן קאַפּיטאַליזם, די אומעגלעכקייט פאַר רוסלאַנד צו דערגרייכן די העכסטע שטופע פון אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג אויפן וועג פונעם קאַפּיטאַליזם. מע טאָר ניט באַהויפּטן, אַז די „ווירטשאַפטלעכע אַנטוויקלונג לויטן טיפּ, וועלכן ס'האָט אָנגעוויזן מייריעוו־אייראָפּע, איז אַן אַלגעמיינער און אייננאַרטיקער פּראָצעס, וועלכער ברענגט צו גלייכע רעזולטאַטן איטלעכס לאַנד". די פאַרשפּעטיקטקייט פון אונדזער קאַפּיטאַליזם פירט דערצו, אַז די אינדוסטריע קאָן זיך ניט אַנטוויקלען, ווייל ס'פעלן אויסלענדישע מערק (זיי זיינען שוין צעכאַפּט פון אַנדערע) און ווייל דער אינווייניקסטער מאַרק איז שוואַך. עס דאַרף איינגאַנצן באַזייטיקט ווערן דער מאַרק; עס איז נייטיק אַ פּלאַנמעסיקע אָרגאַניזירונג פון דער פּראָדוקציע אין דירעקטער פאַרבינדונג מיט דעם געברויך. וו. וו.'ס טעאָריעס האָט לענין שאַרף קריטיקירט.

לויט דער אָנמ. צו דער רוס. אויסג.

** יוזאָוו (פּסעוודאָנים פון קאַבליץ) אידעאָלאָג פונעם רעאַקציאָנערן פאָלקיזם פון די 70־ער, 80־ער יאָרן, אין זיינע הויפּט־ווערק ווערט אידעאַליזירט דאָס „פאָלק" מיט זיין אומופהערלעכער שטרעבונג צו וואַרהייט, קעגנזאַץ צו דער אינטעליגענץ, וועלכע שטאָלצירט מיט איר סייכל און געבילדעטקייט; עס ווערן אָפּגעוואָרפן די פּרעטענזיעס פון דער מעלוכע, ראַטעווענדיק זיך פון דער פרעמדער אויסלענדישער מוסטירונג, וועלכע זיינען פרעמד זיין גאַנצער וועלט־אָנשויונג; אָט פאַרוואָס דאָס פאָלק „אַנטלויפט" פון דער מעלוכע, ראַטעווענדיק זיך פון דער פרעמדער אויסלענדישער מוסטירונג, אָט פאַרוואָס ס'איז פאַלש די גאַנצע זאַך פון די ליבעראַלן, ווייל אַ קאָנסטיטוציע — דאָס איז בלויז אַן איבערבייט פון איין פאָרם מעלוכע־קאַבאַל אויף דער צווייטער.

לויט דער אָנמ. צו דער רוס. אויסג.

*** נ.—אָן (פּסעוודאָנים פון נ. דאַניעלסאָן) — אָנגעזעענער טעאָרעטיקער פונעם פאָלקיזם. זיין ווערק „אָטשערקי נאַשעוואָ אָבשטשעסטווענאָגאָ פּאָרעפאָרמענאָוואָ כאָזייסטוואָ" — „עסקיזן פון אונדזער געזעלשאַפטלעכער נאָכרעפאָרם־ווירטשאַפט" — פאַרטיידיקט דעם געדאַנק וועגן דער „קינסטלעכקייט" פונעם רוסישן קאַפּיטאַליזם. אין רוסלאַנד דאָמי־נירט די „פאָלקס־פּראָדוקציע" און דער קאַפּיטאַליזם איז פון איר אָפּגעריסן און כאַפּט אַרום בלויז אַ „הויפן" אַרבעטער. באַם וווּקס פונעם קאַפּיטאַליזם איז אומעגלעך דער וווּקס פון דעם פאָלקס־רייכטום. נ.—אָן האָט איבערזעצט מאַרקסעס „קאַפּיטאַל" (1 באַנד), בײַט זייער געלונגען.

לויט דער אָנמ. צו דער רוס. אויסג.

סאָציאַליזם איז ניט מער, ווי א פּראָדיציאָנעלער שילד? און צי קען מען מאַקון ניט פרובירן באַרונקן גאָווע מענטשן מיט דער פאַרזיכערונג: „אימלעבע אידעאַ־
ליזאציע פון דער געמיינדע איז אונדז געווים פרעמד“, האָגאם צוגלייך מיט
דערדאָזיקער פאַרזיכערונג לייענט איר א קאָלאָסאַלע פּראָזנטרייבעריי וועגן דער
„קאָלאָסאַלער אָרגאַניזאַציע פונעם קאָהאָלשן פּויערטום“, וועגן דעם, אז „אין
געווינטע באַציונגען ווערט קיין איינציקער קלאַס אין רוסלאַנד אזוי ניט געשטויסן
צו א ריין (!) פּאָליטישן קאַמף, ווי גראָד דאָס פּויערטום“, אז „די פּויערשע
זעלבסט־באַשטימונג (!) איז מיט אירע גרענעצן און קאָמפּעטענץ ברייטער,
איידער די זעמסקע“, אז דידאָזיקע פאַריניקונג פון א „ברייטער... (אזש ביז
דער גרענעץ פונעם דאָרף?)... זעלבסטטעטיקייט“ מיט דעם פעלן פון די „עלע־
מענטאַרסטע בירגער־רעכט“ איז „פּונקט ווי בעקיוון אויסגעטראַכט געוואָרן,
קעדיי ...צו וועקן און צו איבן (!) פּאָליטישע אינסטינקטן און געוווינהייטן פו־
נעם געזעלשאַפטלעכן קאַמף“. ס'געפעלט דיר ניט — נויט מען דיך ניט צו
הערן, אָבער... *.

„מע דאַרף זיין בלינד, קעדיי ניט צו זען, אף וויפל ס'איז גרינגער אריבער־
צוגיין צו דער אידיי פון סאָציאַליזירן די ערד פון דער טראַדיציע פון דער
געמיינדע, וואָס צעברעקלט דאָס פּויערטום אף פּיצינקע פאַריינען און בינדט
געמיינדע־פאַרוואַלטונג מיט דער ערד“. און עפשער פאַרקערט, מיינע הערן? צי
זייגען ניט האָפענונגלאָז בלינד און טויב יענע, וועלכע ווייסן ניט אדאַיאָם, אז
דאַפקע די מיטלאַלטערלעכע איינגעשלאָסנקייט פון דער האַלב־לייבייגנשאַפטלעכער
געמיינדע, וואָס צעברעקלט דאָס פּויערטום אף פּיצינקע פאַריינען און בינדט
הענט און פיס דעם דאָרפישן פּראָלעטאַריאַט, אונטערשטיצט די טראַדיציעס
פון אינערץ, דערשלאָגנקייט און פאַרווילדעטקייט? צי קלאַפּט איר ניט זיך
גופע, אָנערקענענדיק דעם גוצן פונעם אָפּגאַנג פון די פּויערים אף זייטיקע
פאַרדינסטן, וועלכער האָט שוין אף דריי פערטל צעשטערט די מעפורסעמע
אויסגעגלייכטקייט פון די געמיינדע־טראַדיציעס און האָט אויסגעלאָזט דידאָזיקע
טראַדיציעס בלויז צו א פּאָליציייִשער רייסעניש?

די פּראָגראַם־מאַקסימום פון די סאָצ.־רעוו., זייענדיק געגרינדעט אף דער
אויבן־אַנאַליזירטער טעאָריע, איז אן עמעסער קוריאָז. צוויי פּונקטן זייגען דאָ
אין דערדאָזיקער „פּראָגראַם“: 1) „סאָציאַליזאַציע פון דער ערד, ד. ה. איר אי־
בערגאַנג אין אייגנטום פון דער גאַנצער געזעלשאַפט און באַנוץ פון די אר־
בעטנדיקע“; 2) „אַנטוויקלונג איגעם פּויערטום פון פאַרשיידענע מינים פון גע־
זעלשאַפטלעכע פאַרייניקונגען און פון עקאָנאָמישע קאָאָפּעראַציעס... (צוליב
„ריין“ פּאָליטישן קאַמף?) ...צוליב דער בעהאַדראָגעדיקער באַפרייונג פונעם
פּויערטום פון אונטער דער מאַכט פונעם געלטקאַפּיטאַל... (אונטער דער מאַכט
פונעם אינדוסטריעלן קאַפּיטאַל?)... און צוליב צוגרייטן די קומענדיקע קאָלעק־

* א רוסיש ווערטל: Не любо--не слушай, а врать—не мешай
(...אָבער לייגן זאָלסטו ניט שטערן).


уб 3327—10

מיזע לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקציע". ווי די זון אין א קליינעם טראָפּן וואַסער שפּיגלט זיך אָפּ אין דידאָזיקע צוויי פּונקטן דער גאַנצער גייסט פונעם מאָדערנעם „סאָציאַל־רעוואָלוציאָנאַריזם". אין דער טעאָריע — רעוואָלוציאָנערע פראזעס אַנשטאָט א דורכגעטראַכטער און גאַנצער סיסטעם פון אַנשויונגען, אין דער פּראַקטיק — אַ הילפלאָז אַנכאַפּן זיך אָן דעם אָדער יענעם מאָדישן מיטל אַנשטאָט אַנטייל אינעם קלאַסנקאַמף, — אָט דאָס איז אַלץ, וואָס בא זיי איז פאַראַן. אַוועקשטעלן אין דער פּראָגראַם־מינימום אײנגעבן דאָס אַנדערע די סאָציאַליזאַציע פון דער ערד און די קאָאָפּעראַציע, דערצו איז גוישוועגדיק געווען, מיר זײַנען מודיע, א זעלטענער בירגערלעכער מוט. אונדזער פּראָגראַם־מינימום איז — פון איין זייט באַבעף*, פון דער אַנדערער לעוויטסקי**. דאָס איז ניט נאָכצומאַכן.

אויב מע וואָלט קאָנען ערנסט באַציִען זיך צו דערדאָזיקער פּראָגראַם, וואָלט אונדז אויסגעקומען צו זאָגן, אז די סאָצ.־רעוו., אָפּנאַרנדיק זיך אַליין מיטן קלאַנג פון ווערטער, נאַרן אָפּ אויך דעם פּויער. דאָס איז אָפּנאַרעריי, אַז „אַלערהאַנט־קאָאָפּעראַציעס" שפּילן קלוימערשט א רעוואָלוציאָנערע ראָליע אין דער הײַנטיקער געזעלשאַפט און גרייטן צו דעם קאָלעקטיוויזם, און ניט די פאַרפעסטיקונג פון דער דאָרפישער בורזשואַזיע. דאָס איז אָפּנאַרעריי, אז מע קאָן קלוימערשט אלס א „מינימום", אלס עפּעס אַזאַ נאָענטס, ווי די קאָאָפּעראַציעס, אַוועקשטעלן פאַר דעם „פויערטום" די סאָציאַליזאַציע פון דער ערד. איטלעכער סאָציאַליסט וואָלט דערקלערט אונדזערע סאָצ.רעוו., אז די פאַרניכטונג פונעם פּריוואַט־אייגנטום אף ערד קאָן איצט זײַן בלויז א דירעקטער פּראָלאָג צו פאַרניכטן דאָס אייגנטום ביכלאַל, אז בלויז דאָס איבערגעבן די ערד „אינעם באַנוץ פון די אַרבעטנדיקע" וואָלט נאָך ניט באַפרידיקט דעם פּראָלעטאַריאַט, ווייל מיליאָנען און צענדליקער מיליאָנען רויִנירט פויערטום איז שוין ניט בעקויעך צו פירן די ווירטשאַפט אף דער ערד, אפילע ווען זי וואָלט בא זיי זײַן. און באַזאָרגן דידאָזיקע רויִנירטע מיליאָנען מיט ווערקצייגן, פי א. א. וו. וואָלט שוין באַטייט סאָציאַליזאַציע פון אלע פּראָדוציר־מיטלען און וואָלט געפאָדערט ניט קיין פּויערשע באַוועגונג אַנקעגן די רעשטן פון דער לייבאייגנשאַפט, נאָר א סאָציאַליסטישע רעוואָליוציע פונעם פּראָלעטאַריאַט. די סאָצ.־רעוו. מישן צונויף די סאָציאַליזאַציע פון דער ערד מיט איר בורזשואַזער נאַציאָנאַליזאַציע. די לעצטע איז דענקבאַר,

* באַבעף — אַנגעזעענער טוער פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָליוציע, וועלכער איז אין זײַן צייטונג „פאָלקס־טריבון" און אין זײַן בראָשור „מאַניפעסט פון די גלייכע" אַרויסגעטראָטן מיט די אידייען פון קאָמוניזם, פון געמיינזאַמקייט פון אייגנטום. עס טאָר ניט זײַן קיין פּערזענלעכער אייגנטום אף ערד; די ערד געהערט קיינעם ניט, אירע פּרוכטן געהערן אַלעמען. באַבעף און זײַנע אָנהענגער האָבן געמאַכט א פּרווו אַרויסצוטרעטן אַקעגן דער בורזשואַזער רעגירונג און זײַנען געקעפּט געוואָרן אינעם יאָר 1797.

לויט דער אַנמ. צו דער רוס. אויסג.

** לעוויטסקי — באַוווּסטער אָרגאַניזאַטאָר פון אַרטעלן אין יענער צייט.

אויה.

דיינדיק אבסטראקט, אויך אפן באַזיס פונעם קאַפּיטאַליזם, אַן פאַרניכטונג פון געדונגענער ארבעט. אָבער דאָסקע דאָס ביישפּיל פון דיזעלביקע סאָצ.=רעוו. באַשטעטיקט באַשיימפּערלעך יענעם עמעס, אַז ארויסרוקן די פאָדערונג פון סאָציאַליזירן די ערד אין אַ פּאָליציישער מעלוכע באַטייט — פאַרטונקלען דעם איינציק רעוואָלוציאָנערן פּרינציפּ פון קלאַסנקאַמף און גיסן וואַסער אַף דער מיל פון אַלערהאַנט באַאַמטנמאַכערייען.

דאָס איז נאָך ווייניק: די סאָצ.=רעוו. לאָזן זיך אַראָפּ אויך ביז דירעקטער רעאַקציאָנערישקייט, ווען זיי שטייען אויף אַקעגן דער פאָדערונג פונעם פּראָיעקט פון אונדזער פּראָגראַם: „אָפּשאַפן אַלע געזעצן, וועלכע דריקן דעם פּויער אין פריי פאַראָרדענען איבער זיין ערד“. אינעם נאָמען פונעם פאָלקיסטישן פאָרורטייל וועגן דעם „געמיינדע=פּרינציפּ“ און דעם „אויסגלייכונג=פּרינציפּ“, זאָגן זיי אָפּ דעם פּויער אין יענעם „עלעמענטאַרסטן בירגער=רעכט“, ווי דאָס רעכט צו פאַראָרדענען איבער זיין ערד, זיי מאַכן צו גוטמוטיק די אויגן אַף דער שטאַנדישער איינגעשלאָסנקייט פון דער ווירקלעכער געמיינדע, זיי ווערן פאַרטיידיקער פון די פּאָליציישע פאַרבאָטן, וועלכע זיינען איינגעשטעלט געוואָרן און ווערן אונטערשטיצט דורך דער „מעלוכע“ פון.... זעמסקע נאַטשאַלניקעס*! מיר רעכענען, אַז ניט בלויז ה. לעוויטסקי, נאָר אפילו ה. פּאָביעדאָנאָסצעוו וועלן זיך ניט זייער דערשרעקן פאַר דער פאָדערונג פון סאָציאַליזירן די ערד צוליב אויסגלייך=באַנוץ, אויב דיזאָזיקע פאָדערונג שטעלט זיך ארויס ווי אַ מיניטום, געבן וועלכע ס'פיגורירן סיי די קאָאָפּעראַציעס, סיי די פאַרטיידיקונג פון דער פּאָליציישער צוגעפעסטיקטקייט פונעם פּויער צום קאַזיאָנעם ערד=ביילעק (נאַדיעל), וועלכער באַוואָרנט דיזאָזיקע צוגעפעסטיקטקייט.

זאָל די אגראַר=פּראָגראַם פון די סאָצ.=רעוו. דינען אלס לעקציע און וואָרענונג פאַר אַלע סאָציאַליסטן, אלס באַשיימפּערלעך ביישפּיל, צו וואָס עס ברענגען אידייעגלאָזיקייט און פּרינציפּלאָזיקייט, וואָס איינצקע לייכטזיניקע מענטשן רופן אַן פרייהייט פון דאָגמע. ווי נאָר ס'איז דערגאַנגען צו טאַט, האָט זיך ארויסגעוויזן, אַז בא די סאָצ.=רעוו. איז ניטאָ קיין איינציקע פון די דריי באַדינגונגען, וועלכע זיינען נייטיק, קעדיי ארויסצושטעלן אַ קאָנסעקווענטע סאָציאַליסטישע פּראָגראַם: ניט קיין קלאָרע אידיי וועגן דעם ענדציל, ניט קיין ריכטיק פאַרשטיין יענעם וועג, וועלכער פירט צו דעמדאָזיקן ציל, ניט קיין גענויע פאָרשטעלונג וועגן דער ווירקלעכער זאַכלאַגע אינעם געגעבענעם מאָמענט און וועגן די נאָענטסטע אויפגאַבן פון דעמדאָזיקן מאָמענט. דאָס ענדציל פונעם

* זעמסקע נאַטשאַלניק — ניט צונויפמישן מיט דער זעמסקער „זעלבסטפאַרוואַלטונג“, ספּעציעלער ראַיאָנער באַאַמטער, מייסטנס פון די אַרטיקע פּריצים, וועלכער האָט געהאַט אַן אומבאַגרענעצטע מאַכט איבער דער פּויערשער באַפעלקערונג פון זיין ראַיאָן און איבער אירע זעלבסט=פאַרוואַלטונג=אָרגאַנען. איינגעפירט דורך אַלעקסאַנדער דעם דריטן.

סאָציאַליזם האָבן זיי בלויז פאַרטונקלט, צונויפמישנדיק די סאָציאַליזאַציע פון דער ערד מיט איר בורזשואַזער נאַציאָנאַליזאַציע, צונויפפלאָנטערנדיק די פּרימיטיווע פויערשע אידיי וועגן קליינעם אויסגעגלייכטן ערד-באַנוץ מיט דער לערע פונעם היינטיקן סאָציאַליזם וועגן איבערגאַנג פון אַלע פּראָדוציר-מיטלען אין געזעלשאַפטלעכן אייגנטום און וועגן אָרגאַניזירן סאָציאַליסטישע פּראָדוקציע. זייער פאַרשטעלונג וועגן דעם וועג, וועלכער פירט צום סאָציאַליזם, ווערט אומפאַרגלייכלעך כאַראַקטעריזירט דורך פאַרבייטן דעם קלאַסנקאַמף מיט אַנטוויקלונג פון קאָאָפּעראַציעס. אין דער אָפּשאַצונג פונעם געגעבענעם מאָמענט פון דער אַגראַר-עוואָלוציע פון רוסלאַנד האָבן זיי פאַרגעסן אַ קלייניקייט: די רעשטן פון דער לייבייגנשאַפט, וועלכע שטיקן אונדזער דאָרף. דער באַרימטער דרייליגג, וועלכער האָט אויסגעדריקט זייערע טעאָרעטישע אָנשוויונגען: סיי די אינטעליגענץ, סיי דער פּראָלעטאַריאַט, סיי דאָס פויערטום — איז דערגאַנצט געוואָרן מיט אַ ניט ווייניקער באַרימטן „פּראָגראַם"-דרייליגג: סאָציאַליזאַציע פון דער ערד — קאָאָפּעראַציע, צופעסטיקונג צום נאַדיעל (ערד-ביילעק).

פאַרגלייכט דערמיט די פּראָגראַם פון דער „איסקראַ", וועלכע ווייזט אָן אין איינהייטלעכן ענדציל דעם גאַנצן קעמפנדיקן פּראָלעטאַריאַט, ניט אויסלאָזנדיק דאָס צו אַ „מינימום", ניט אַראָפּנידערנדיק דאָס צוליב צופּאַסן צו די אידייען פון ניט-אַנטוויקלטע שיכטן פונעם פּראָלעטאַריאַט אָדער פון די קליינע פּראָדוצירער. דער וועג צו דערגרייכן דעמדאָזיקן ציל איז איינער, סיי אין שטאָט, סיי אין דאָרף — קלאַסנקאַמף פונעם פּראָלעטאַריאַט אַקעגן דער בורזשואַזיע. אָבער אַחוץ דעמדאָזיקן קלאַסנקאַמף ווערט נאָך פאָרגעזעצט אינעם דאָרף אַ צווייטער קאַמף: דער קאַמף פונעם גאַנצן פויערטום אַקעגן די רעשטן פונעם לייבייגנטום. און אין *דעמדאָזיקן* קאַמף זאָגט צו די פּאַרטיי פונעם פּראָלעטאַריאַט איר אונטערשטיצונג דעם *גאַנצן* פויערטום, באַמיענדיק זיך אָנצווייזן אַן עמעסן ציל פאַר דעם לעצטנס רעוואָלוציאָנערן דראַנג, קערעווען זיין אויפשטאַנד אַקעגן זיין ווירקלעכן פיינט, האַלטנדיק פאַר ניט ערלעך און ניטווירדיק צו באַציִען זיך צום פויער ווי צו איינעם, וואָס געפינט זיך אונטער אַפּיטראָפּסעס, צו באַהאַלטן פון אים, אַז ער קאָן אין דער איצטיקער צייט און טייקעף דערשלאָגן זיך בלויז אַ פולע אָפּשאַפונג פון אַלע שפורן און רעשטן פון לייבייגנטום, בלויז אַן אָפּרייניקונג פונעם וועג צוליב אַ ברייטערן און אַ שווערערן קאַמף פונעם גאַנצן פּראָלעטאַריאַט אַקעגן דער גאַנצער בורזשואַזער געזעלשאַפט.

„איסקראַ" נומ. 24
1 סענטיאַבער 1902

# א בריוו צו א כאווער וועגן אונדזערע אָרגאַניזאַציאָנעלע אויפגאַבן*

## פאָרוואָרט צו דער געדרוקטער אויסגאַבע

דער „בריוו צו א כאווער“, וועלכן איך דרוק דאָ איבער, איז אָנגעשריבן געוואָרן מער ווי א יאָר צוריק, — אויב דער זיקאָרן נאַרט מיך ניט, אין סענטיאַבער 1908 י. פון אָנהייב איז ער אומגעגאַנגען בא אַלעמען פון האַנט צו האַנט אין קאָפּיעס און איז פאַרשפּרייט געוואָרן אין רוסלאַנד ווי א פאָרמולירונג פון די איסקרישע אָרגאַניזיר-אַנשויונגען. דערנאָך האָט דער סיבירער פאַרבאַנד אין יוני פאָריקן יאָר איבערגעדרוקט דעמדאָזיקן בריוו און פאַרשפּרייט אים אין זייער א באַדייטנדיקער צאָל עקזעמפּליאַרן. אַף אַזא אופן איז דער בריוו שוין געוואָרן אינגאַנצן אן אייגנס פונעם פובליקום, און איצט איז ניטאָ קיין שום גרונטן צו פאַרהאַלטן זיין פובליקאַציע. יענער טאַם, צוליב וועלכן איך האָב פריער ניט געדרוקט דעמדאָזיקן בריוו, — געמלעך, זיין עקסטע ליטעראַרישע ניט-באַאַרבעטקייט, זיין פולשטענדיקער „ברוליאָן“ **-כאַראַקטער, — פאַלט אַוועק, ווייל דאַפקע אין דעמדאָזיקן ברוליאָן-אויסזעען האָבן שוין פיל רוסישע פּראַקטיקער באַקענט זיך מיטן בריוו. אַחוץ דעם, איז נאָך א וויכטיקער אַרגומענט פאַר איבערדרוקן דעמדאָזיקן בריוו אין זיין ברוליאָן-אויסזען (איך האָב געמאַכט בלויז די נייטיקסטע סטיליסטישע אויסבעסערונגען) זיין איצטיקע באַדייטונג אלס „דאָקומענט“ ***. די נייע רעדאַקציע פון דער „איסקרא“ האָט אַרויסגערוקט, ווי מ'איז שוין באַקאַנט, אינעם נומער 53 מיינונג-פאַרשיידנהייטן אין אָרגאַניזיר-פראַגן. צום באַדויערן איילט זיך ניט די רעדאַקציע באַשטימט אָנצווייזן, אין וואָס עס באַשטייען דידאָזיקע מיינונג-פאַרשיידנהייטן, באַגרענעצנדיק זיך מערסטנטייל מיט רעמאָזים דערויף, וואָס קיינער ווייס ניט.

מע דאַרף זיך באַמיִען צו פאַרגרינגערן דער נייער רעדאַקציע איר שווערע אויפגאַבע. זאָלן די אַלטע אָרגאַניזיר-אַנשויונגען פון דער „איסקרא“ ווערן באַקאַנט אין אַלע דעטאַלן, ביז אפילע ברוליאָן-עסקיזן, — עפשער וועט דאַ-

---

* דעמדאָזיקן אַרטיקל האָט לענין אָנגעשריבן אין סענטיאַבער 1902, דעמאָלט איז ער פאַרשפּרייט געוואָרן אין א העקטאָגראַפישער פאָרם. אין 1904 יאָר איז ער אַרויסגעגעבן געוואָרן אין זשענעווע אין א באַזונדער בראָשור, צו וועלכער לענין האָט אָנגעשריבן א פאָרוואָרט און א נאָכוואָרט. צוליב גאַנצקייט פונעם איינדרוק דרוקן מיר דאָס פאָרוואָרט און נאָכוואָרט צוזאַמען מיט דעם אַרטיקל גופא, פאַרלויפנדיק אַף אַזא אופן פאָרויס.

רעד.

** ברוליאָן — ערשטער אָנטוואורף, „טשערנאָוויק“. אויב.

*** נאָך דעם, ווי מיינע אָפּאָנענטן האָבן ניט איין מאָל אויסגעדרוקט דעם ווונטש צו באַנוצן זיך מיט דעמדאָזיקן בריוו אלס דאָקומענט, וואָלט איך געהאַלטן, אַז אַרויסנעמען וועלכע ניט איז ענדערונגען באַם איבערדרוקן וואָלט פון מיין זייט געווען.... ווי דריקט מען זיך אויס ווייבער?... ניט פּאַסיק.

לענינס אַנמערקונג

מאָלסט די נייע רעדאַקציע אויסקלייבן זיך צו אָנטרעקן אירע נייע אָרגאַניזיר־אָנשווייונגען דער פּאַרטיי, מיט וועלכער זי „פירט אידייִש אָן". עפּשער וועט דאַמאָלסט די נייע רעדאַקציע טיילן זיך ענדלעך מיט אונדז מיט אַ גענויער פאָרמולירונג פון יענע ראַדיקאַלע ענדערונגען, וועלכע זי וואָלט פּראָיעקטירט אין אונדזער פּאַרטייִשן אָרגאַניזיר־סטאַטוט. ווייל ווער זשע פאַרשטייט ניט, אַז אינדערעמעסן, אַז דאַפקע דערדאָזיקער אָרגאַניזיר־סטאַטוט האָט אַריינגענומען אין זיך אונדזערע שטענדיקע אָרגאַניזיר־פּלענער?

פאַרגלייכנדיק „וואָס דאַרף מען טאָן?" און די אַרטיקלען אין דער „איסקראַ" וועגן אָרגאַניזיר־פראַגן מיט דעם „בריוו צו אַ כאַווער", וועלכער ווערט דאָ פאַרעפנטלעכט, און דעם לעצטן מיט דעם סטאַטוט, וועלכער איז אָנגענומען געוואָרן אויפן צווייטן צוזאַמענפאָר, קאָנען די לעזער אויפבילדן זיך אַ קלאָרע פאָרשטעלונג וועגן דעם, אויף וויפל קאָנסעקווענט האָבן מיר, די מערהייט איסקריסטן און די מערהייט פונעם פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר, דורכגעפירט אונדזער אָרגאַניזיר־„ליניע". און פון דער נייער רעדאַקציע פון דער „איסקראַ" וועלן מיר וואַרטן, און מיט גרויסער אומגעדולד וואַרטן, זי זאָל אויסלייגן אירע נייע אָרגאַניזיר־אָנשווייונגען, וואַרטן, זי זאָל אָנווייזן, אין וואָס נעמלעך און פון וועלכן מאָמענט נעמלעך זי האָט זיך אַנטוישט און פאַרוואָס האָט זי אָנגעהויבן צו „פאַרברענען דאָס, צו וואָס זי האָט זיך געבוקט" *.

יאַנוואַר 1904

# א בריוו צו א כאַווער וועגן אונדזערע אָרגאַניזאַציאָנעלע אופגאבן

טייערער כאַווער! איך דערפיל מיט פאַרגעניגן אייער באַקאָשע צו געבן אַ קריטיק פון אייער פּראָיעקט פון „אָרגאַניזאַציע פון דער ס. פּעטערבורגער רעוואָליוציאָנערער פּאַרטיי" (איר האָט מיגהאַסטאַם געהאַט אין זינען די אָרגאַניזאַציע פון דער ס. פּעטערבורגער אַרבעט פון דער רוס. ס. ד. אַרב. פּאַרטיי). די פראַגע, וועלכע איר האָט אופגעהויבן, איז אַזוי וויכטיק, אַז אין איר באַהאַנדלונג דאַרפן זיך באַטייליקן אַלע מיטגלידער פונעם פּעטערבורגער קאָמיטעט און אַפילו אַלע רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן ביכלאַל.

קודעמקאָל וועל איך פאַרצייכענען מיין פולע סאָלידאַרישקייט מיט אייער דערקלערונג פאַרוואָס עס טויג ניט די פריִערדיקע („פאַרבאַנדישע", ווי איר רופט זי אָן) אָרגאַניזאַציע פונעם „בונד פון קאַמף". איר ווייזט אָן, אַז בא די פאָרגעשריטענע אַרבעטער פעלט אַן ערנסטע צוגרייטונג און אַ רעוואָליוציאָנערע

* לעגענדאַרער שפּרוך פון אַ פירער פון די אַמאָליקע פראַנקן (גערמאַנישער שטאַם), וועלכער האָט זיך געלאָזט טויפן, און האָט געמיינט דערמיט צו זאָגן, אַז די פריִערדיקע אָפּגעטער, אין וועלכע ער האָט געגלויבט, פאַרברענט ער און פאַר דעם ציילעם, וועלכן ער פלעגט פאַרפאָלגן, בוקט ער זיך. דערדאָזיקער אויסדריק ווערט געברויכט אין דער ליטעראַטור פאַר מענטשן, וואָס בייטן ראַדיקאַל זייערע איבערצייגונגען.

אײַב.

דערצױונג. איר װײזט אָן אַף די אַזױ אָנגערופֿענע װאַל־סיסטעם, װעלכע װערט אַזױ שטאַרק און אָקשאָנעסדיק פֿאַרטײדיקט דורך די האַבאָטשעדיעליסטן צוליב די „דעמאָקראַטישע" פּרינציפּן, איר װײזט אָן, אַז אַרבעטער זײַנען פֿאַרפֿרעמדעט פֿון אַקטיװער טעטיקײט.

טאַקע אַזױ: 1) דאָס פֿעלן פֿון אַן ערנסטער צוגרײטונג און פֿון אַ רעװאָליוציאָנערער דערצױונג (ניט בלױז בײַ די אַרבעטער, נאָר אױך בײַ די אינטעליגענטן), 2) דאָס אָנװענדן ניט צום אָרט און ניט אין דער געהעריקער מאָס דעם פּרינציפּ פֿון געװײלטקײט און 3) די פֿאַרפֿרעמדקײט פֿון די אַרבעטער פֿון אַקטיװער רעװאָליוציאָנערער טעטיקײט — אין דעם באַשטײט טאַקע דער הױפּט־כיסאָרן ניט בלױז פֿון דער ס. פּעטערבורגער, נאָר אױך פֿון פֿיל אַנדערע אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס פֿון אונדזער פּאַרטײ.

פּולקום טײלנדיק אײַער גרונט־אָנשױונג אַף די אָרגאַניזיר־אױפֿגאַבן, פּאַרטײניק איך זיך אױך צו אײַער אָרגאַניזיר־פּראָיעקט, אַף װיפֿל זײַנע הױפּט־שטריכן װערן פֿאַר מיר קלאָר פֿון אײַער בריװ.

נעמלעך, איך בין פּולקום מסכים מיט אײַך, אַז מע דאַרף באַזונדערס באַטאָנען די אױפֿגאַבן פֿון דער אַלגעמײן־רוסישער אַרבעט און פֿון דער גאַנצער פּאַרטײ בּיכלאַל: בײַ אײַך איז דאָס אױסגעדריקט דערמיט, װאָס דער ערשטער פּונקט פֿונעם פּראָיעקט הײסט: „דער אָנפֿירנדיקער צענטער פֿון דער פּאַרטײ (און ניט בלױז פֿונעם קאָמיטעט אָדער פֿונעם ראַיאָן) איז די צײַטונג „איסקראַ", װעלכע האָט שטענדיקע קאָרעספּאָנדענטן צװישן די אַרבעטער און איז ענג פֿאַרבונדן מיט דער אינעװײניקסטער אַרבעט פֿון דער אָרגאַניזאַציע". איך װאָלט בלױז באַמערקט, אַז די צײַטונג קאָן און דאַרף זײַן דער א י ד י י ש ע ר אָנפֿירער פֿון דער פּאַרטײ, אַנטװיקלען טעאָרעטישע עמעסן, טאַקטישע האַנאָכעס, אַלגעמײנע אָרגאַניזאַציאָנעלע אידײען, אַלגעמײנע אױפֿגאַבן פֿון דער גאַנצער פּאַרטײ אין דעם אָדער יענעם מאָמענט. אָבער דער אומיטלבאַרער פּ ר א ק ט י ש ע ר אָנפֿירער פֿון דער באַװעגונג קאָן זײַן בלױז אַ באַזונדערע צענטראַלע גרופּע (לאָמיר זי אָנרופֿן כאָטש צענטראַלער קאָמיטעט), װעלכע האָט אַ פּ ע ר ז ע נ ל ע כ ע באַצױונג מיט אַלע קאָמיטעטן, װעלכע שליסט אײַן אין זיך אַלע בעסטע רעװאָליוציאָנערע קױכעס פֿון אַלע רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן און פֿאַראָרדנט איבער אַלע אַלגעמײן־פּאַרטײישע עיניאָנים, דהײנו: צעטײלן ליטעראַטור, אַרױסגעבן בלעטלעך, צעטײלן די קרעפֿטן, באַשטימען פֿערזאָנען און גרופּן צוליב פֿאַרװאַלטן מיט באַזונדערע אונטערנעמונגען, צוגרײטן אַלגעמײן־רוסישע דעמאָנסטראַציעס און דעם אױפֿשטאַנד א. א. װ. בײַ דער נײטיקײט פֿון דער שטרענגסטער קאָנספּיראַציע און פֿון אָפּהיטן די טראַדיציע פֿון דער באַװעגונג, — קאָנען און דאַרפֿן בײַ אונדזער פּאַרטײ זײַן צ װ ײ אָנפֿירנדיקע צענטרען: דער צ. אָ. (צענטראַלער אָרגאַן) און דער צ. ק. (צענטראַלער קאָמיטעט). דער ערשטער דאַרף אָנפֿירן אידײיש, דער צװײטער — אומיטלבאַר און פּראַקטיש. די אײנהײט און די נײטיקע סאָלידאַרישקײט צװישן

ידיאָזיקע גרופּן דאַרפן באַוואָרנט זיין ניט בלויז דורך דער איינהייטלעכער פּאַרטיי־פּראָגראַם, אָבער אויך דורכן צוזאַמענשטעל פון ביידע גרופּן (מע דאַרף, אַז אין ביידע גרופּן, אינעם צ. אָ. און אינעם צ. ק. זאָלן זיין מענטשן, וועלכע האָבן זיך אינגאַנצן צונויפגעזונגען איינער מיטן אַנדערן) און דורך איינשטעלן רעגולערע און שטענדיקע באַראַטונגען צווישן זיי. בלויז דאַן וועט דער צ. אָ. פון איין זייט, אַוועקגעשטעלט ווערן אויסער דעם רעשוס פון די רוסישע זשאַנדאַרמען, און עס וועט פאַר אים באַוואָרנט זיין אויסגעהאַלטנקייט און טראַדיציע, — און דער צ. ק. פון דער אַנדערער זייט, וועט שטענדיק זיין סאָלידאַריש מיטן צ. אָ. אין אַלעם וועזנטלעכן און וועט גענוג פריי זיין אין דעם אומיטלבאַרן פאַראָרדענען איבער דער גאַנצער פּראַקטישער זייט פון דער באַוועגונג.

ס'וואָלט דעריקער זיין ווינשנסווערט, אַז דער ערשטער פּונקט פונעם סטאַטוט (אַנטשפּרעכנדיק צו אייער פּראָיעקט) זאָל אָנווייזן ניט בלויז אָף דעם, וועלכער פּאַרטיי־אָרגאַן עס ווערט אָנערקענט אַלס אָנפירנדיקער, (דאָס איז, באַמערקט, אַ נייטיקע אָנווייזונג), אָבער אויך אָף דעם, אַז די געגעבענע אָרטיקע אָרגאַניזאַציע שטעלט פאַר איר אויפגאַבע אַקטיוו צו אַרבעטן איבער דער באַשאַפונג, אונטערשטיצונג און באַפעסטיקונג פון יענע צענטראַלע אינסטיטוציעס, אָן וועלכע אונדזער פּאַרטיי קאָן ניט עקזיסטירן, ווי אַ פּאַרטיי.

ווייטער אינעם צווייטן פּונקט רעדט איר וועגן דעם קאָמיטעט, אַז ער דאַרף „אָנפירן מיט דער אָרטיקער אָרגאַניזאַציע" (עפּשער איז בעסער צו זאָגן: „מיט דער גאַנצער אָרטיקער אַרבעט און מיט אַלע אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס פון דער פּאַרטיי", אָבער איך וועל זיך ניט אָפּשטעלן אָף די דעטאַלן פון דער פאָרמולירונג), און אַז ער דאַרף באַשטיין סיי פון אַרבעטער, סיי פון אינטעליגענטן, און אַז טיילן זיי אָף צוויי קאָמיטעטן איז שעדלעך. דאָס איז פולקום און אינגאַנצן ריכטיק. דער קאָמיטעט פון דער רוס. סאָצ.־דעמ. אַרב.־פּאַרטיי דאַרף זיין איינער, און אין אים דאַרפן זיין פולקום באַוווסטזיניקע סאָציאַל־דעמאָקראַטן, וועלכע ווידמענען זיך אינגאַנצן דער סאָצ.־דעמאָקראַטישער טעטיקייט. מע דאַרף באַזונדערס באַמיען זיך, וואָס מערער אַרבעטער זאָלן ווערן פולקום באַוווסטזיניקע און פּראָפעסיאָנעלע רעוואָלוציאָנערן און זאָלן אַריינקומען אינעם קאָמיטעט *. בײַ דעם באַדינג פון אַ איינהייטלעכן, און ניט פון אַ טאָפּלטן קאָמיטעט, באַקומט אַ באַזונדער באַדייטונג די פראַגע וועגן דעם, אַז די מיטגלידער פונעם קאָמיטעט זאָלן פּערזענלעך קענען פיל אַרבעטער.

קעדיי אָנצופירן מיט אַלעם, וואָס עס קומט פאָר אין דער אַרבעטער־סוויווע, דאַרף מען האָבן די מעגלעכקייט אומעטום אַריינצוקומען, דאַרף מען זייער פיל

* אינעם קאָמיטעט דאַרף מען זיך שטאַרען אַריינצופירן אַרבעטער־רעוואָלוציאָנערן, וועלכע האָבן די גרעסטע פאַרבינדונגען און דעם בעסטן „שעם" אין דער אַרבעטער־מאַסע.

לענינס אַנמערקונג.

זיין זייער אסאך און זייער פארשיידנאַרטיקע, אכוץ די, וואָס איר האָט אָנגערופן) דאַרפן צוזאַמען אונטערגעאָרדנט זיין דעם קאָמיטעט, און אז עס זיינען נייטיק גרופן ראַיאָנישע (פאַר זייער גרויסע שטעט) און זאַוואָדישע (שטענדיק און אומעטום). אָבער אין אייניקע פּראָטים בין איך, דאַכט זיך, ניט אינגאַנצן מאסקים מיט אייך. צום ביישפּיל, מיקויעד דער „דיסקוסיע". איך רעכן, אז אזא אינסטיטוציע *באַדאַרף מען אינגאַנצן ניט האָבן*. „די בעסטע רעוואָליוציאָנערן" דאַרפן אַלע זיין אינעם קאָמיטעט אָדער אף באַזונדערע פונקציעס (דרוקעריי, טראַנספּאָרט, אַרומפאָר־אַגיטאַציע, אָרגאַניזירונג, לאָמיר זאָגן, פון א פּאַספּאָרט־ביוראָ, אָדער פון אן אָטריאַד אף קעמפן אַקעגן שפּיאָנען און פּראָוואָקאַטאָרן, אָדער פון גרופן אין דער אַרמיי א. א. וו.).

„באַראַטונגען" וועלן פּאָרקומען סיי אינעם קאָמיטעט, סיי אין איטלעכן ראַיאָן, אין איטלעכן זאַוואָדישן, פּראָפּאַגאַנדיסטישן, פּראָפעסיאָנעלן (פון וועבער, מעכאַניקער, לעדער־אַרבעטער א. א. וו.), סטודענטישן, ליטעראַרישן א. א. וו. קרייז. צוליב וואָס דאַרף מען אַ באַזונדער אינסטיטוציע פאַר באַראַטונגען?

ווייטער. איר פאָדערט פולקום ריכטיק, אז אַלע וואָס „ווילן" זאָלן באַקומען די מעגלעכקייט דירעקט צו קאָרעספּאָנדירן אין דער „איסקרא". אָבער „דירעקט" דאַרף מען פאַרשטיין ניט אזוי, אז מע דאַרף אַלעמען, וואָס ווילן, געבן אַ גאַנג און אַן אַדרעס צו דער רעדאַקציע. מע דאַרף עס פאַרשטיין אַזוי, אז מע דאַרף אָבליגאַטאָריש איבערגעבן (אָדער איבערשיקן) דער רעדאַקציע בריוו פון *אַלעמען, וואָס ווילן*. אַדרעסן דאַרף מען געבן *גאַנץ ברייט*, אָבער פונדעסטוועגן ניט אַלעמען, וואָס ווילן, נאָר בלויז רעוואָליוציאָנערן זיכערע און אַזעלכע, וואָס צייכענען זיך אויס מיט קאָנספּיראַטיווער געניטקייט, — עפשער ניט איינעם אף א ראַיאָן, ווי איר ווילט, נאָר צו עטלעכע; מע דאַרף אויך, אז אַלע אָנטיילנעמער פון דער אַרבעט, אַלע און איטלעכע קרייזלעך *זאָלן האָבן דאָס רעכט* צו ברענגען זייערע באַשלוסן, ווונטשן, אָנפראַגן צו קענטעניש סיי פונעם קאָמיטעט, סיי פונעם צ. אָ. און פונעם צ. קּ. אויב מיר וועלן דאָס באַוואָרענען, וועט דאַמאָלסט *די פולקייט פון באַראַטונגען פון אַלע פּאַרטיי־טוער* דערגרייכט ווערן אָן באַשאַפן אַזעלכע האַמעטנע און ניט־קאָנספּיראַטיווע אינסטיטוציעס, ווי די „דיסקוסיע". געוויס, דאַרף מען נאָך שטאַרען זיך איינצואָרדענען *פּערזענלעכע באַראַטונגען* פון אַ מעגלעך גרעסערער צאָל פון אַלע און איטלעכע טוער, — אָבער דאָ איז דאָך די גאַנצע זאַך אין קאָנספּיראַציע. אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען און צוזאַמענקומענישן זיינען אין רוסלאַנד מעגלעך בלויז זעלטן, ווי אַן אויסנאַם, און מע דאַרף זיין באַזונדערס פאָרזיכטיק באַם דערלאָזן אף דיזאָזיקע פאַרזאַמלונגען די „בעסטע רעוואָליוציאָנערן", ווייל אף אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען איז ביכלאַל גרינגער אַריינצוקומען אַ פּראָוואָקאַטאָר, און אַ שפּיאָן איז גרינגער אויסצושפּירן אַן אָנטיילנעמער פון אַזעלכע פאַרזאַמלונגען.

איך רעכן עס וואָלט עפּשער זיין בעסער צו טאָן אַזוי: ווען מע קאָן, איינאָרדענען גרויסע (לאָמיר זאָגן 30—100 מאן) אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען (צ. ב. זומער אין וואַלד אָדער אין אַ באַזונדער אויסגעזוכטער קאָנספּיראַטיווער דירע), דאַמאָלסט זאָל דער קאָמיטעט שיקן אַהין 1—2 „בעסטע רעוואָליוציאָנערן“ און באַזאָרגן א גוטן באַשטאַנד פון דער פאַרזאַמלונג, ד. ה. צום ביישפּיל איינלאַדן א מעגלעך גרעסערע צאָל זיכערע מיטגלידער פון די זאַוואָדישע קרייזן א. א. וו., אָבער מע דאַרף ניט מאַכן פון דער דאָזיקער פאַרזאַמלונג קיין איינגעשטעלטע פאָרמעלע זאַך, מע דאַרף זיי ניט אַריינטראָגן אין סטאַטוט, מאַכן זיי רעגולער, מאַכן, אַז אַלס מיטגלידער פון דער פאַרזאַמלונג זאָלן קענען אַלע אָנווענדיקע, ד. ה. אַז אַלע זיינען „פאָרשטייער“ פון קרייזן א. א. וו.; אָט פאַרוואָס איך בין ניט בלויז קעגן „דיסקוסיעס“, נאָר אויך קעגן א „פאַרטרעטונגסכאָדקע“. אָנשטאָט די ביידע אינסטיטוציעס וואָלט איך פאָרגעלייגט איינצושטעלן, אומגעפער, אזא רעגל. דער קאָמיטעט זאָרגט וועגן איינאָרדענען גרויסע פאַרזאַמלונגען פון אַ מעגלעך גרעסערער צאָל פון פּראַקטישע אָנטיילנעמער פון דער באַוועגונג און פון אַלע אַרבעטער בכלל. די צייט, דאָס אָרט, די געלעגנהייט פון דער פאַרזאַמלונג און איר צוזאַמענשטעל ווערן באַשטימט דורכן קאָמיטעט, וועלכער איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר קאָנספּיראַטיוו אַוועקשטעלן אַזעלכע אונטערנעמונגען. עס פאַרשטייט זיך, אַז דערמיט ווערט בשום אופן ניט געשטערט, די אַרבעטער זאָלן קאָנען איינאָרדענען נאָך ווייניקער אויסגעפאָרמירטע סכאָדקעס אויף שפּאַצירגאַנגען, אינעם וואַלד א. א. וו. עפּשער וואָלט זיין נאָך בעסער גאָרניט צו ריידן וועגן דעם אינעם סטאַטוט.

ווייטער, וואָס אָנבאַלאַנגט די ראַיאָנע גרופּן, בין איך בעגוויייע צו זיי פולקום מסכים מיט אייך, אַז איינע פון זייערע וויכטיקסטע אויפגאַבן איז — ריכטיק אַוועקשטעלן די צעטיילונג פון דער ליטעראַטור. איך רעכן, די ראַיאָנע גרופּן דאַרפן זיין, דעריקער, פאַרמיטלער צווישן די קאָמיטעטן און זאַוואָדן, פאַרמיטלער און אפילו דעריקער איבערגעבער. קאָנספּיראַטיוו אַוועקשטעלן דאָס ריכטיקע פאַרשפּרייטן די ליטעראַטור, וועלכע קומט אָן פונעם קאָמיטעט, דאַרף זיין זייער הויפּט-אויפגאַבע. און די דאָזיקע אויפגאַבע איז העכסט וויכטיק, ווייל, אויב מע זאָל באַוואָרענען רעגולערע באַציונגען פון א באַזונדער ראַיאָנער גרופּע שפּרייטער מיט אַלע זאַוואָדן פונעם ראַיאָן, מיט אַ מעגלעך גרעסערער צאָל אַרבעטער-וווינונגען פונעם ראַיאָן, וועט דאָס האָבן א געוואַלטיקע באַדייטונג סיי פאַר דעמאָנסטראַציעס, סיי פאַר אן אויפשטאַנד. איינאָרדענען, אָרגאַניזירן דעם איניען פון גיך און רעגלמעסיק איבערגעבן ליטעראַטור, בלעטלעך, פּראָקלאַמאַציעס און אַנד., צוגעוויינען דערצו א גאַנצע נעץ אַגענטן — דאָס באַטייט אָפּטאָן די גרעסערע העלפט אַרבעט פון צוגרייטן פאַר דער צוקונפט דעמאָנסטראַציעס אָדער אן אויפשטאַנד. אינעם מאָמענט פון אויפרעגונג, שטרייק, אירונג איז שוין שפּעט איינצואָרדענען דאָס פאַנאַנדערטראָגן ליטעראַטור, — דערצו קאָן מען צוגעוויינען בלויז בעהאַדראָגע.

אָבליגאַטאָריש דורכמאַכנדיק דאָס אַ צוויי=דריי מאָל אין כוירעש. אויב ס'איז ניטאָ קיין צייטונג, קאָן מען און דאַרף מען דורכמאַכן דאָס מיט בלעטלעך, אָבער בעשום אויפן ניט דערלאָזן, דערדאָזיקער שפּריי=אַפּאַראַט זאָל גאָרניט טאָן. מע דאַרף שטרעבן צו דערפירן דעמדאָזיקן אַפּאַראַט ביז אַזאַ שטופע פולקומענהייט, אַז מע זאָל קאָנען אין איין נאַכט באַנאַכריכטיקן און אַזוי צו זאָגן מאָביליזירן די גאַנצע אַרבעטער=באַפעלקערונג פון פעטערבורג, און דאָס איז גאָר ניט קיין אוטאָפּישע אויפגאַבע באַם באַדינג פון סיסטעמאַטיש איבערגעבן די בלעטלעך פונעם צענטער צו שמעלערע פאַרמיטלערשע קרייזלעך און פון זיי צו שפּרייטער. פאַרברייטערן די קאָמפּעטענץ פון דער ראַיאָנער גרופּע אויף אַנדערע פונקציעס, אויסער ריין פאַרמיטלערשער און איבערגעבערישער, וואָלט מען לויט מיין מיינונג ניט געדאַרפט, אָדער, ריכטיקער, געדאַרפט בלויז מיט אויסערגעוויינלעכער פאָרזיכט, — דאָס קאָן בלויז שאַטן סיי דער קאָנספּיראַטיווקייט, סיי דער גאַנצקייט פון דער אַרבעט. באַראַטונגען מעקוייעך אַלע פּאַרטייפראַגן וועלן געוויס פאָרקומען אויך אין די ראַיאָנע קרייזלעך. אָבער אָנשיידן אַלע אַלגעמיינע פראַגן פון דער אָרטיקער באַוועגונג קאָן בלויז דער קאָמיטעט. די זעלבסטשטענדיקער פון דער ראַיאָן=גרופּע וואָלט מען געדאַרפט דערלאָזן בלויז אין פראַגן וועגן דער טעכניק פון איבערגעבן און פאַרשפּרייטן. דער צוזאַמענשטעל פון דער ראַיאָן=גרופּע דאַרף באַשטימט ווערן דורכן קאָמיטעט, ד. ה. דער קאָמיטעט באַשטימט איינעם=צוויי פון זיינע מיטגלידער (אָדער אפילו פון ניט=מיטגלידער) אַלס דעלעגאַטן אויף אַזאַ און אַזאַ ראַיאָן און גיט דידאָזיקע דעלעגאַטן דעם אויפטראָג צוזאַמענצושטעלן אַ ראַיאָן=גרופּע, וואָס אַלע אירע מיטגלידער ווערן ווידעראַמאָל באַשטעטיקט, אַזוי צו זאָגן, אויף זייער פּאָסטן דורכן קאָמיטעט. די ראַיאָן=גרופּע איז אַ פיליאַל פונעם קאָמיטעט, וואָס באַקומט זיינע פולמאַכטן בלויז פונעם קאָמיטעט.

איך גיי אַריבער צו דער פראַגע וועגן קרייזן פון פּראָפּאַגאַנדיסטן. אָרגאַניזירן זיי באַזונדער באַ איטלעכן ראַיאָן איז קוים מעגלעך באַ דער אָרעמקייט אין פּראָפּאַגאַנדישע כויכעס און קוים ווינטשנסווערט. די פּראָפּאַגאַנדע דאַרף געפירט ווערן אין איין גייסט דורכן גאַנצן קאָמיטעט, און מע דאַרף זי שטרענג צענטראַליזירן. דעריבער שטעל איך זיך פאָר דעם עניין אַזוי: דער קאָמיטעט גיט עטלעכע מיטגלידער זיינע אַן אויפטראָג צו אָרגאַניזירן אַ גרופּע פּראָפּאַגאַנדיסטן (וועלכע וועט זיין אַ פיליאַל=אָפּטיילונג פונעם קאָמיטעט אָדער איינע פון די קאָמיטעטישע אינסטיטוציעס). דידאָזיקע גרופּע, באַנוצנדיק אין קאָנספּיראַטיווער באַציונג די הילף פון די ראַיאָן=גרופּן, דאַרף פירן די פּראָפּאַגאַנדע אין דער גאַנצער שטאָט, אין דער גאַנצער געגנט, וועלכע איז „אינעם רעשוס“ פונעם קאָמיטעט. אויב מע דאַרף, קאָן דידאָזיקע גרופּע צוזאַמענשטעלן נאָך אַ אונטער=גרופּע, איבערענטפערן, אַזוי צו זאָגן, ווייטער דעם אָדער יענעם טייל פון אירע פונקציעס, אָבער דאָס אַלץ ניט אַנדערש, ווי באַ דעם באַדינג פון באַשטעטיקונג מיצאַד דעם קאָמיטעט, דער קאָמיטעט דאַרף

האָבן דאָס רעכט שטענדיק און אומבאַדינגט צו שיקן זיין דעלעגאַט אין איטלעכע גרופּע, אונטערגרופּע אָדער קרייזל, וועלכע האָט א וועלכע ניט איז שייכעס צו דער באַוועגונג.

לויט דעמזעלביקן טיפּ אויפטראָגן, לויטן טיפּ פון פיליאַלע אָפּטיילונגען פון קאָמיטעט אָדער פון זיינע אינסטיטוציעס, דאַרפן אָרגאַניזירט ווערן אַלע פאַרשיידנאַרטיקע גרופּן, וועלכע באַדינען די באַוועגונג — סיי גרופּן פון דער סטודענטישער און גימנאַזיסטישער יוגנט, סיי גרופּן, לאָמיר זאָגן, פון מיטהעלפנדיקע באַאַמטע, סיי די טראַנספּאָרט-גרופּע, די טיפּאָגראַפישע, די פּאַספּאָרטן-גרופּע, גרופּן אַף איינאָרדענען קאָנספּיראַטיווע דירעס, גרופּן אַף נאָכשפּירן שפּיאָנען, גרופּן פון מיליטער-לייט, גרופּן אַף באַזאָרגן מיט געווער, גרופּן אַף אָרגאַניזירן, לעמאָשל, א „פּראָפיטברענגענדיקע פינאַנציעלע אונטערנעמונג“ א. א. וו. די גאַנצע קונסט פון א קאָנספּיראַטיווער אָרגאַניזאַציע דאַרף באַשטיין אין אויסנוצן אַלע און אַלעמען, „געבן אַרבעט אַלעמען און איטלעכן“, אייגהאַלטנדיק אין דערזעלביקער צייט די אָנפירערשאַפט מיט דער גאַנצער באַוועגונג, איינהיטנדיק, פאַרשטייט זיך, ניט דורך דעם קויעך פון דער מאַכט, אָבער מיטן קויעך פון אויטאָריטעט, פון ענערגיע, פון גרעסערער דערפאַרנקייט, פון גרעסערער אַלזייטיקייט, פון גרעסערער טאַלענטירטקייט. דידאָזיקע באַמערקונג באַציט זיך צו יענער מעגלעכער און געוויינלעכער דערווידערונג, אַז א שטרענגע צענטראַליזאַציע קאָן צו לייכט פאַטערן די זאַך, אויב אינעם צענטער וועט זיך צופעליק אייגעפינען א ניט-פעאיקע פּערזאָן, וועלכע פאַרמאָגט א געוואַלטיקע מאַכט. דאָס איז געוויס מעגלעך, אָבער א מיטל קעגן דעם קאָן זיין ניט געוויילטקייט און דעצענטראַליזירונג, וועלכע איז אין דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט אונטער דער זעלבסטהערשונג אַבסאָליוט ניט דערלאָזבאַר אין וויפל ניט איז ברייטן אומפאַנג און אַפילע דירעקט שעדלעך. מיטלען קעגן דעם גיט גיט קיין שום סטאַטוט, זיי קאָנען באַשאַפן ווערן בלויז דורך מיטלען פון „באַוואַרשער ווירקונג“, אָנהייבנדיק מיט רעזאָלוציעס פון אַלע און אַלערליי אונטערגרופּן, פאָרזעצנדיק מיט זייער ווענדונג צו צ. אָ. און צום צ. ק. און ענדיקנדיק (אינעם ערגסטן פאַל) מיט אַראָפּוואַרפן די פולקום ניט-פעאיקע מאַכט. דער קאָמיטעט דאַרף זיך סטאַרען וואָס פולער דורכצופירן די צעטיילונג פון דער אַרבעט, געדענקענדיק, אַז פאַר פאַרשיידענע זייטן פון דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט זיינען נייטיק פאַרשיידענע פעאיקייטן, אַז אַמאָל וועט א מענטש, וואָס טויג אינגאַנצן ניט פאַר אן אָרגאַניזאַטאָר, זיין אַן אומפאַרבייטלעכקייט אַגיטאַטאָר, אָדער א מענטש, וועלכער איז ניט פעאיק צו קאָנספּיראַטיווער שטרענגסטער אויסגעהאַלטנקייט, וועט זיין אַן אויסגעצייכנטער פּראָפּאַגאַנדיסט א. א. וו.

אגעוו, מעקויעך די פּראָפּאַגאַנדיסטן וואָלט איך נאָך וועלן זאָגן עטלעכע ווערטער אַקעגן דעם געוויינלעכן איבערפילן דידאָזיקע פּראָפעסיע מיט ווייניק-פעאיקע מענטשן און קעגן אַראָפּנידעריקן דערמיט דאָס ניוואָ פון דער פּראָפּאַגאַנדע. בא אונדז רעכנט מען אַמאָל פאַר א פּראָפּאַגאַנדיסט איטלעכן סטו-

רעגט אָן איבערקלייבן, און די גאַנצע יוגנט פּאָדערט, מע זאָל איר „געבן א קרייז" א. א. וו. אקעגן דעם וואָלט מען געדאַרפט קעמפן, ווייל שאָדן טרעפט זיך דערפון זייער פיל. ווירקלעך פּרינציפּיעל אויסגעהאַלטענע און פעסטע פּראָפּאַגאַנדיסטן איז פאַראַן זייער ווייניק (און קעדיי צו ווערן אזעלכע, דאַרף מען א היפּש ביסל לערנען און אָנזאַמלען דערפאַרונג), און אזעלכע מענטשן דאַרף מען ספּעציאַליזירן, פאַרנעמען זיי אינגאַנצן און באַזונדערס אָפּהיטן. מע דאַרף אָרגאַניזירן צו עטלעכע לעקציעס אין וואָך פאַר אזעלכע פערזאָנען און קאָנען צו דער צייט אַרויסרופן זיי אין אַנדערע שטעט, ביכלאַל אָרגאַניזירן, געניטע פּראָפּאַגאַנדיסטן זאָלן אַרומפאָרן איבער פאַרשיידענע שטעט. און די מאַסע אָנפאַנגיקע יוגנט דאַרף מען שטעלן מערער אף פּראַקטישע אונטערנעמונגען, וועלכע זיינען בא אונדז אָפּט פאַררוקט אין הינטערגרונט אין פאַרגלייך מיט יענעם סטודענטישן אַרומגיין איבער די קרייזלעך, וועלכע מע רופט אָן אָפּטימיסטיש „פּראָפּאַגאַנדע". אוודאי, פאַר ערנסטע פּראַקטישע אונטערנעמונגען איז אויך נייטיק א גרונטלעכע צוגרייטונג, אָבער פאָרט איז דאָ לייכטער צו געפינען אַרבעט אויך פאַר די „אָנפאַנגער".

איצט וועגן זאַוואָדישע קרייזן. זיי זיינען פאַר אונדז באַזונדערס וויכטיק: דער גאַנצער קויעך פון דער באַוועגונג איז דאָך אין דער אָרגאַניזירטקייט פון די אַרבעטער אף די גרויסע זאַוואָדן, ווייל גרויסע זאַוואָדן (און פאַבריקן) שליסן איין אין זיך יענעם טייל פונעם אַרבעטער-קלאַס, וואָס ניט בלויז ער דאָמינירט לויט דעם קאַמעס, אָבער וואָס דאָמינירט נאָך מער לויט זיין ווירקונג, אַנטוויקלונג, קאַמפּעניקייט. איטלעכער זאַוואָד דאַרף זיין אונדזערע א פעסטונג. און צוליב דעם דאַרף די „זאַוואָדישע" אַרבעטער-אָרגאַניזאַציע זיין פונקט אזוי קאָנספּיראַטיוו אינעווייניק בא זיך, פונקט אזוי „פאַרצווייגט" אף דרויסן, דאָס הייסט אין אירע אויסערלעכע באַציִונגען, דאַרף פונקט אזוי ווייט דורכרוקן, און אין די פאַרשיידנסטע זייטן — דורכרוקן אירע טאַפּערס, ווי איטלעכע רעוואָליוציאָנערע אָרגאַניזאַציע. איך באַטאָן, אז דאָס קערן און דער אָנפירער, „דער באַלעבאָס"—דאַרף אויך דאָ אָבליגאַטאָריש זיין א גרופּע רעוואָליוציאָנערן—אַרבעטער. מיט דער טראַדיציע פון סאָציאַל-דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס פון א ריין אַרבעטערשן אָדער פּראָפעסיאָנעלן טיפּ דאַרפן מיר צערייסן אינגאַנצן, אפילע אין די „זאַוואָדישע" קרייזן אויך. די זאַוואָדישע גרופּע אָדער דער זאַוואָדישער פאַבריק-קאָמיטעט (קעדיי צו אונטערשיידן אים פון די איבעריקע גרופּן, וועלכע עס דאַרף זיין אסאך) דאַרף באַשטיין פון זייער א קליינער צאָל רעוואָליוציאָנערן, וועלכע באַקומען אומיטלבאַר פונעם קאָמיטעט אויפטראָגן און פולמאַכטן צו פירן די גאַנצע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע אַרבעט אפן זאַוואָד, אלע מיטגלידער פונעם זאַוואָד-קאָמיטעט דאַרפן קוקן אף זיך, ווי אף אגענטן פונעם קאָמיטעט, וועלכע זיינען מכויעוו אונטערצוואַרפן זיך אלע זיינע פאַראָרדענונגען, מכויעוו אָפּצוהיטן אלע „דינים און מינהאָגים" פון יענער „אָפּעראַטיווער אַרמיי", אין וועלכער זיי זיינען אַריינגעטראָטן און

פון וועלכער זיי האָבן ניט קיין רעכט אוועקצוגיין אין דער צייט פונעם קריג אָן דער דערלויבעניש פון דער אויבעריקייט. דער צוזאמענשטעל פונעם זאוואָד=קאָמיטעט האָט דעריבער זייער א גרויסע באדייטונג, און איינע פון די הויפּט=זאָרגן פונעם קאָמיטעט דארף זיין — ריכטיק אוועקשטעלן דידאָזיקע אונטער=קאָמיטעטן. איך שטעל זיך פאָר דידאָזיקע זאך אזוי: דער קאָמיטעט גיט אָן אויפטראָג די און די מיטגלידער זיינע (פּלוס, לאָמיר זאָגן, די און די פּערזאָנען פון די ארבעטער, פּערזאָנען, וואָס זיינען צוליב די אָדער יענע סיבעס ניט אריין אין קאָמיטעט, אָבער וואָס קאָנען זיין נוצלעך מיט זייער דערפארונג, מענטשן=קענעניש, סייכל, מיט זייערע פארבינדונגען) צו אָרגאניזירן אומעטום זאוואָדישע אונטערקאָמיטעטן. די קאָמיסיע באראט זיך מיט די ראיאָן=באפולמעכטיקטע, באשטימט א ריי טרעפענישן, פּרוּווט אויס ווי געהעריק איז די קאנדידאטן פאר מיטגלידער פון די זאוואָד=אונטער=קאָמיטעטן, פירט זיי דורך דורך א קרייצ=פארהער „מיט אָנקוועטשן" *, פירט זיי דורך, אויב ס'איז נייטיק, דורך אן אויספּרוּוונג, סטארעט זיך דערביי אליין דירעקט זען און אויספּרוּוון וואָס א גרעסערע צאָל קאנדידאטן אינעם זאוואָדישן קאָמיטעט פונעם געגעבענעם זאוואָד און לייגט ענדלעך פאָר דעם קאָמיטעט צו באשטעטיקן אזא און אזא באשטאנד פון איטלעכן זאוואָדישן קרייז אָדער באפולמעכטיקן אזא און אזא ארבעטער צוזאמענצושטעלן, אָנמערקן, צוקלייבן א גאנצן אונטער=קאָמיטעט. אף אזא אופן וועט דער קאָמיטעט באשטימען, ווער פון דידאָזיקע אגענטן דארף האָבן די באציִונגען מיט אים און ווי אזוי צו פירן (אָלס אָלגעמיינע רעגל — דורך די ראיאָן=באפולמעכטיקטע, אָבער צו דערדאָזיקער רעגל זיינען מעגלעך סיי דערגאנצונגען, סיי ענדערונגען). געמענדיק אין באטראכט די וויכטיקייט פון דידאָזיקע זאוואָדישע קאָמיטעטן, דארפן מיר שטרעבן, ווי ווייט ס'איז מעגלעך, דערצו, אז איטלעכער אונטערקאָמיטעט זאָל סיי האָבן אן אדרעס אף ווענדן זיך אין צ. אָ., סיי האלטן אין א זיכערן אָרט דעם לאגער פון זיינע פארבינדונגען (ד. ה., אז די יעדיעס, וועלכע זיינען נייטיק קעדיי טייקעף ווייטער אויפצושטעלן דעם אונטערקאָמיטעט אין פאל פון א דורכפאל, זאָלן וואָס רעגולערער און צאָלרייכער איבערגעגעבן ווערן אינעם צענטער פון דער פארטיי, קעדיי זיי זאָלן אָפּגעהיט ווערן דאָרט, וווּהין די רוסישע זשאנדארמען זיינען קראפטלאָז דורכצוקריכן). ס'פארשטייט זיך, אז דאָסדאָזיקע איבערגעבן די אדרעסן דארף באשטימט ווערן דורכן קאָמיטעט אפן יעסאָד פון זיינע האשאָרעס און מאטעריאלן, און ניט אפן

* אף רוסיש с пристрастием בוכשטעבלעך — מיט אָנשרעקן; מיט סטראשען — א פארהער с пристрастием האָט אין דער אלטער רוסישער געריכט=פּראקטיק באטייט א פארהער מיט פּייניקן, קעדיי דורך פּייניקן באקומען פונעם אָנגעקלאָגטן דעם עמעס. אין דער איצטיקער ליטעראַרישער שפּראך באטייט דאָס: זייער א שטרענגער פארהער, א פארהער, בא וועלכן מע גלויבט ניט אפן וואָרט, נאָר מע „עקבערט", מע בונדט זיך, מע פאָדערט אף איטלעכער מינדסטער זאך באווייזן, מע באציט זיך אזוי ווי מיט אומצוטרוי צו דעם, וועמען מע פרעגט אויס, קעדיי ארויסבאקומען וואָס גענויער, וואָס פּינקטלעכערע, וואָס באגרינדעטערע ענטפערס.

איב.

גרונט פונעם ניט-עקזיסטירנדיקן רעכט אַף אַ „דעמאָקראַטישע“ צעטיילונג פון דידאַזיקע אַדרעסן. ענדלעך, איז עפּשער ניט איבעריק אויסצורעדן, אַז אַמאָל וועט מען דאַרפן אָדער ס'וועט באַקוועמער זיין צו באַגרענעצן זיך מיט באַשטימען איין אגענט פונעם קאָמיטעט (און צו אים אַ קאַנדידאַט). נאָכדעם ווי דער זאַוואָד-קאָמיטעט האָט זיך אויסגעבילדעט, דאַרף ער צוטרעטן צו באַשאַפן אַ גאַנצע ריי זאַוואָדישע גרופּן און קרייזן מיט פאַרשיידענע אויפגאַבן, מיט אַ פאַרשיידענעם גראַד פון קאָנספּיראַטיוויקייט און פאָרמירטקייט, לעמאָשל, קרייזן אַף פאַנאַנדערטראָגן און שפּרייטן ליטעראַטור (איינע פון די וויכטיקסטע פונקציעס, וועלכע דאַרף אַוועקגעשטעלט ווערן אַזוי, אַז מיר זאָלן האָבן אַן אייגענע פּאָסט, אַז עס זאָלן אויסגעפּרוווט און דורכגעקאָנטראָלירט ווערן ניט בלויז די מעטאָדן פון שפּרייטן, אָבער אויך דאָס פאַנאַנדערטראָגן איבער די הייזער, אַז מע זאָל דורכווים וויסן אַלע דירעס און אַלע גענג צו זיי), קרייזן אַף לייענען אומלעגאַלע ליטעראַטור, קרייזן אַף נאָכשפּירן שפּיאָנען *, קרייזן אַף ספּעציעל אָנפירן מיט דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג און מיטן עקאָנאָמישן קאַמף, קרייזן פון אַגיטאַטאָרן און פּראָפּאַגאַנדיסטן, וועלכע קאָנען אָנהייבן נעשפּרעכן און לאַנג פירן זיי פולקום לעגאַל (וועגן מאַשינען, וועגן אינספּעקציע א. א. וו.), קעדיי צו ריידן אָן סאַקאָנע און עפנטלעך, קעדיי אויסשפּירן מענטשן און אָנטאַפּן דעם באָדן א. א. וו. ** דער זאַוואָדישער אונטערקאָמיטעט דאַרף זיך באַמיִען ארומכאַפּן דעם גאַנצן זאַוואָד, וואָס אַ גרעסערע צאָל ארבעטער מיט אַ נעץ פון אַלמענלעכע קרייזן (אָדער אגענטן). מיט דער צאָלרייכקייט פון דידאָזיקע קרייזן, מיט דער מעגלעכקייט פאַרן ארומפאָרנדיקן פּראָפּאַגאַנדיסט אַריינצודרינגען אין זיי, און דער איקער, מיט דער ריכטיקייט פון דער רעגלמעסיקער ארבעט פון פאַרשפּרייטן ליטעראַטור און באַקומען ידיעס און קאָרעספּאָנדענץ דאַרף מען מעסטן די דערפאָלגרייכקייט פון דער טעטיקייט פונעם אונטערקאָמיטעט.

אַלזאָ, דער אַלגעמיינער טיפּ פון דער אָרגאַניזאַציע דאַרף לויט מיין מיינונג זיין פון אַזאַ מין: בעראָש פון דער גאַנצער אָרטיקער באַוועגונג, פון דער גאַנצער אָרטיקער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער ארבעט שטייט דער קאָמיטעט. פון אים

* מיר דאַרפן איינפלאַנצן אין די ארבעטער, אַז טויטן שפּיאָנען און פּראָוואָקאַטאָרן קאָן אַמאָל זיין אומבאַדינגט נייטיק, אָבער עס וואָלט זיין העכסט ניט ווינטשנסווערט און פאַלש צו מאַכן דערפון אַ סיסטעם, אַז מיר דאַרפן שטרעבן באַשאַפן אַן אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז פעיִק צו פאַראַליזירן דעם שאָדן פון די שפּיאָנען און פּראָוואָקאַטאָרן דורך אַנטפּלעקן און פאַרפאָלגן זיי. אויסהארגענען אַלע שפּיאָנען איז אוממעגלעך, אָבער באַשאַפן אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס שפּירט זיי אויס און דערציט די ארבעטער-מאַסע, איז מעגלעך און איז אַ נויט.

לענינס אָנמערקונג.

** עס זיינען נייטיק אויך קאַמף-קרייזן, וועלכע אוטיליזירן די געוועזענע מיליטערלייט אָדער באַזונדערס שטאַרקע און געשיקטע ארבעטער אַפן פאַל פון דעמאָנסטראַציעס, באַפרייונג פון געפענגענישן א. א. וו.

לענינס אָנמערקונג.

גייען אַרום די אינסטיטוציעס און פיליאַלן, וועלכע זיינען אים דירעקט אונטערגעוואָרפן, אין דער פאָרם: ערשטנס, פון א נעץ אויספיר־אַגענטן, וועלכע נעמט אַרום די גאַנצע (ווי ווייט ס'איז מעגלעך) אַרבעטער־מאַסע און וועלכע איז אָרגאַניזירט אין דער פאָרם פון ראַיאָן־גרופן און פון זאַוואָדישע (פאַבריקישע) אונטערקאָמיטעטן. דידאָזיקע נעץ וועט אין דער פרידלעכער צייט שפּרייטן ליטעראַטור, בלעטלעך, פּראָקלאַמאַציעס און קאָנספּיראַטיווע מעלדונגען פונעם קאָמיטעט; אין קריג־צייט אָרגאַניזירן דעמאָנסטראַציעס און ענלעכע קאָלעקטיווע אַקציעס. צווייטנס, גייט פונעם קאָמיטעט אַרום א ריי אַלערליי קרייזן און גרופן, וואָס באַדינען די גאַנצע באַוועגונג (פּראָפּאַגאַנדע, טראַנספּאָרט, אַלערליי קאָנספּיראַטיווע אונטערנעמונגען א. א. וו.). אַלע גרופּן, קרייזן, אונטערקאָמיטעטן א. א. וו. דאַרפן זיין אין דער שטעלונג פון קאָמיטעטישע אינסטיטוציעס אָדער פון פיליאַלן פונעם קאָמיטעט. אייניקע פון זיי וועלן דירעקט מעלדן וועגן זייער ווונטש אַריינצוגיין אינעם באַשטאַנד פון דער רוסל. ס. ד. אַרב. פּאַרטיי, און ביטניי פון באַשטעטיקט ווערן דורכן קאָמיטעט, וועלן זיי אַריינגיין אין איר באַשטאַנד, וועלן נעמען אויף זיך (לויטן אויפטראָג פונעם קאָמיטעט אָדער לויט אַן אָפּמאַך מיט אים) געוויסע פונקציעס, וועלן זיך פאַרפליכטן אונטערצוּוואַרפן זיך די פאָראָרדענונגען פון די פּאַרטיי־אָרגאַנען, וועלן באַקומען רעכט פון אַלע פּאַרטיי־מיטגלידער, וועלן זיך רעכענען פאַר די נאָענטסטע קאַנדידאַטן אין קאָמיטעט א. א. וו. אַנדערע וועלן ניט אַריינגיין אין דער רוסל. ס. ד. אַרבעטער־פּאַרטיי, זייענדיק אין דער שטעלונג פון קרייזן, איינגעאָרדנטע דורך פּאַרטיי־מיטגלידער, אָדער וואָס שליסן זיך אָן צו דער אָדער צו דער אַנדערער פּאַרטיי־גרופּע א. א. וו.

אין אַלע זייערע אינערלעכע איניאָנים זיינען די מיטגלידער פון די אַלע קרייזן, נאַטירלעך, פונקט אַזוי גלייכבאַרעכטיקט, ווי די קאָמיטעט־מיטגלידער צווישן זיך. דער איינציקער אויסנאַם דערפון וועט זיין דאָס, אַז דאָס רעכט פון פערזענלעכע באַציִונגען מיטן אָרטיקן קאָמיטעט (און אויך מיטן צ"ק און מיטן צ"אָ) וועט האָבן בלויז יענע פערזאָן (אָדער פערזאָנען), וועלכע איז באַשטימט פון דעמדאָזיקן קאָמיטעט. אין אַלע אַנדערע הינזיכטן וועט דידאָזיקע פערזאָן זיין גלייכבאַרעכטיקט מיט די איבעריקע, וועלכע האָבן דאָסזעלביקע רעכט צו ווענדן זיך (בלויז ניט פערזענלעך) מיט מעלדונגען סיי אינעם אָרטיקן קאָמיטעט, סיי אינעם צ"ק און צ"אָ. אויף אַזאַ אופן וועט דער אָנגעוויזענער אויסנאַם אין טאָך זיין ניט קיין אויוועערזיין אויף גלייכבאַרעכטיקונג, נאָר א נויטווענדיקע האַנאָכע פאַר די אומבאַדינגטע פאָדערונגען פון דער קאָנספּיראַציע. דער מיטגליד פון קאָמיטעט, וועלכער האָט ניט איבערגעגעבן די מעלדונג פון „זיין" גרופּע אין קאָמיטעט, אין צ"ק אָדער אין צ"אָ, וועט ענטפערן פאַר דירעקט אויוועער זיין אויף זיין פּאַרטייִשן כויוו. ווייטער, וואָס אָנבאַלאַנגט די קאָנספּיראַטיווקייט און אויסגעפאָרמירטקייט פון אַלערהאַנט קרייזן, וועט דאָס אָפּהענגען פון דער אַרט פון זייערע פונקציעס: אָפּהענגיק פון דעם וועלן דאָ זיין די פאַרשיידנסטע אָרגאַניזאַציעס (פון דער „שטרענגסטער", שמאָלער, געשלאָסענער ביז דער „פרייסטער", ברייטער, אָפענער, ווייניק אויסגעפאָרמירטער). לעמאָשל, פאַר

א נרופע שפּרייטער איז נייטיק די גרעסטע קאָנספּיראַציע און מיליטערישע דיס=
ציפּלין. פאַר א גרופּע פּראָפּאַגאַנדיסטן איז קאָנספּיראַציע אויך נייטיק, אָבער
מיליטערישע דיסציפּלין — אסאַך ווייניקער. פאַר א גרופּע אַרבעטער, וואָס לייענען
לעגאַלע ליטעראַטור אָדער אָרדענען איין שמועסן וועגן פּראָפעסיאָנעלע נויטן
און נאָכפראַגן, איז נייטיק נאָך א קלענערע קאָנספּיראַציע א. א. וו. די גרופּן
שפּרייטער דאַרפן געהערן צו דער רסדא״פ און קאָנען א געוויסע צאָל מיטגלידער
און פונקציאָנערן אירע. פאַר א גרופּע, וועלכע שטודירט די פּראָפעסיאָנעלע אַרבעט=
באַדינגונגען און אַרבעט אויס מיגים פון פאָרמען פון פּראָפעסיאָנעלע פאָדערונגען,
איז ניט קיין מוז דאַפקע געהערן צו דער רסדא״פ. א גרופּע סטודענטן, אָפיצערן,
אָנגעשטעלטע, וועלכע פאַרנעמען זיך מיט זעלבסט=בילדונג באַם אָנטייל פון איינעם=
צוויי פּאַרטיי=מיטגלידער, דאַרף אמאָל אפילע אינגאַנצן ניט וויסן וועגן זיין אָנגע=
העריקייט צו דער פּאַרטיי א. א. וו. אָבער אין איין הינזיכט דאַרפן מיר אומ=
באַדינגט פאָדערן די מאַקסימאַלע פאָרמירטקייט פון
דער אַרבעט אין די אַלע פיליאַלע גרופּן, נעמלעך: איטלעכער פּאַרטיי=מיטגליד,
וועלכער באַטייליקט זיך אין זיי, איז פאַראַנטוואָרטלעך דורך פאָרמעלער פאַראַנט=
וואָרטלעכקייט פאַר דעם, וויאַזוי עס ווערט געפירט די אַרבעט אין דידאָזיקע גרופּן,
איז אויך פאַרפליכטעט אָנצונעמען אַלע מיטלען, פאַרן צ״ק און פאַרן צ״אָ
זאָלן זיין אַמייסטן אָפן סיי דער באַשטאַנד פון איטלעכער אזא גרופּע, סיי
דער גאַנצער מעכאַניזם פון איר אַרבעט, סיי דער גאַנצער אינהאַלט פון
דערדאָזיקער אַרבעט. דאָס איז נייטיק אויך צוליב דעם, דער צענטער זאָל האָבן
א פולן בילד פון דער גאַנצער באַוועגונג, סיי צוליב דעם, מע זאָל קאָנען פון וואָס
א ברייטערן קרייז מענטשן מאַכן די אויסוואַל אף פאַרשיידענע פּאַרטיי=אַמטן,
סיי צוליב דעם, אַלע גרופּן פון דער ענלעכער אַרט אין גאַנץ רוסלאַנד זאָלן קאָנען
לערנען פון איין גרופּע (דורכן צענטער), סיי צוליב פאַרהיטן, עס זאָלן ניט דער=
שיינען קיין פּראָוואָקאַטאָרן און צווייפלהאַפטע פּערזאָנען, — קורץ, דאָס איז
אומבאַדינגט און אין אַלע פאַלן דרינגענדיק נייטיק.

ווי זאָל מען דאָס מאַכן? רעגולערע באַריכטן דעם קאָמיטעט, מיטיילונג
פון א מענלעך גרעסערן טייל פון דעם אינהאַלט פון א מעגלעך גרעסערער צאָל
פון דידאָזיקע באַריכטן אין צ״אָ, איינאָרדענונג פון באַזוכן אַלערליי קרייזן דורך
מיטגלידער פונעם צ״ק און פונעם אָרטיקן קאָמיטעט, ענדלעך, אָבליגאַטאָ=
ריש איבערגעגעבן אין אן אָפּגעהיט אָרט (און אין די ביוראָען פון דער פּאַרטיי
באַם צ״אָ און צ״ק) די פאַרבינדונגען מיט דעמדאָזיקן קרייז, ד. ה. די נעמען
און אדרעסן פון עטלעכע מיטגלידער פון דעמדאָזיקן קרייז. בלויז דעמאָלט, ווען
די באַריכטן ווערן מיטגעטיילט און די פאַרבינדונגען איבערגעגעבן, קאָן מען
אָנערקענען, אז דער פּאַרטיי=מיטגליד, וועלכער באַטייליקט זיך אין דעם און דעם
קרייז, האָט דערפילט זיין פליכט, בלויז דעמאָלט וועט נאָר די פּאַרטיי אינגאַנצן
אימשטאַנד זיין צו לערנען בא איטלעכן קרייז, וועלכער פירט א פּראַקטישע
אַרבעט; בלויז דעמאָלט וועלן פאַר אונדז ניט שרעקלעך זיין קיין דורכפאַלן, ווייל
בעשאַס עס זיינען פאַראַן פאַרבינדונגען מיט די פאַרשיידנאַרטיקע קרייזן, וועט

דעם דעלעגאט פון אונדזער צ״ק שטענדיק גרינג זיין באלד צו געפינען שטעלפארטרעטער און אויפשטעלן די ארבעט. דער קראך פונעם קאָמיטעט וועט דעמאָלט ניט צעשטערן די גאנצע מאשין, וועט בלויז אראָפּשניידן די פירער, בא וועמען עס זיינען גרייט קאנדידאטן. און זאָל מען ניט ריידן, אז מיטיילן די באריכטן און די פארבינדונגען איז אומעגלעך צוליב קאָנספּיראטיווע באדינגונגען: מע דארף בלויז וועלן, און די מעגלעכקייט איבערצוגעבן (אָדער איבערצושיקן) מיטיילונגען און פארבינדונגען איז שטענדיק פאראן און וועט שטענדיק זיין, כאָלזמאַן מיר וועלן האָבן קאָמיטעטן, וועלן האָבן א צ״ק אָדער א צ״אָ.

מיר זיינען צוגעגאנגען צו זייער א וויכטיקן פּרינציפּ פון דער גאנצער פארטיי-אָרגאניזאציע און פארטיי-טעטיקייט. אויב בענוגע צו דער אידייִשער און פּראקטישער אָנפירונג מיט דער באוועגונג און מיטן רעוואָליוציאָנערן קאמף פונעם פּראָלעטאריאט איז נייטיק א מעגלעך גרעסערע צענטראליזאציע, איז בענוגע צו דער אינפאָרמירטקייט פונעם פארטיי-צענטער (אלזאָ אויך פון דער גאנצער פארטיי בכלל) מיקויעד דער באוועגונג, בענוגע צו דער פאראנטוואָרטלעכקייט פאר דער פארטיי איז נייטיק א מעגלעך גרעסערע דעצענטראליזאציע. אָנפירן מיט דער באוועגונג דארף א מעגלעך קלענערע צאָל פון ווי מעגלעך אייגנארטיקע גרופּן, אויסגעפּרוּווטע דורך דער דערפארונג פון פּראָפעסיאָנעלע רעוואָליוציאָנערן. באטייליקן זיך אין דער באוועגונג דארף א מעגלעך גרעסערע צאָל פון מעגלעך פארשיידנארטיקע און פארשיידנמיניקע גרופּן פון די פארשיידנסטע שיכטן פונעם פּראָלעטאריאט (און פון אנדערע קלאסן פונעם פאָלק). און בענוגע צו איטלעכער פון אזעלכע גרופּן דארף דער פארטיי-צענטער האָבן פאר זיך ניט בלויז גענויע ידיעות וועגן זייער טעטיקייט, אָבער אויך מעגלעכסט פולע ידיעות וועגן זייער צוזאמענשטעל. מיר דארפן צענטראליזירן די אָנפירונג מיט דער באוועגונג. מיר באדארפן אויך (און באדארפן דאָס צוליב דעם, ווייל אָן אינפאָרמירטקייט איז אומעגלעך די צענטראליזאציע) דעצענטראליזירן מעגלעכסט מערער די פאראנטוואָרטלעכקייט פאר דער פארטיי פון איטלעכן באזונדערן מיטגליד אירן, פון איטלעכן אָנטיילנעמער פון דער ארבעט, פון איטלעכן קרייזל, וואָס גייט אריין אין דער פארטיי אָדער שליסט זיך אָן איר אָן. די דאָזיקע דעצענטראליזאציע איז א נויטווענדיקער תּנאי פאר דער רעוואָליוציאָנערער צענטראליזאציע און א נויטווענדיקער קאָרעקטיוו צו איר. דאַפקע ווען די צענטראליזאציע וועט דערבראכט ווערן ביזן סאָף און מיר וועלן האָבן א צ״אָ און א צ״ק, דעמאָלט וועט די מעגלעכקייט צו ווענדן זיך צו זיי מיצאַד איטלעכער קלענסטער גרופּע, — און ניט בלויז די מעגלעכקייט צו ווענדן זיך, אָבער אויך די רעגולערקייט פון די ווענדונגען צום צ״אָ און צום צ״ק, אויסגעארבעט דורך א לאנגיאָריקער פּראקטיק, — וועט די דאָזיקע מעגלעכקייט באזייטיקן די מעגלעכקייט פון טרויעריקע רעזולטאטן פון א צופעליקער ניט געלונגנקייט פונעם צוזאמענשטעל פון דעם אָדער יענעם אָרטיקן קאָמיטעט. איצט,

ווען מיר גייען צו הארט צו דער פאקטישער פאראייניקונג פון דער פארטיי און
צו דער באשאפונג פון א ווירקלעכן אָנפירנדיקן צענטער, דארפן מיר באזונדערס
פעסט געדענקען, אז דערדאָזיקער צענטער וועט זיין קראפטלאָז, אויב מיר
וועלן אין דערזעלביקער צייט נישט דורכפירן קיין מאקסימאלע דעצענט=
ראליזאציע סיי אין דער פאראנטוואָרטלעכקייט פאר אים, סיי אין זיין
אינפארמירטקייט וועגן אלע רעדער און רעדעלעך פון דער פארטיי=מאשין. אזא
דעצענטראליזאציע איז נישט קיין אנדער זאך, ווי די לינקע זייט פון יענער אר=
בעט=צעטיילונג, וועלכע בילדעט לויט דער אלגעמיינער אָנערקענונג איינע
פון די ברענענדיקסטע פראקטישע באדערפענישן פון אונדזער באוועגונג. קיינע
אָפיציעלע אָנערקענונגען פון א געוויסער אָרגאניזאציע פאר אן אָנפירנדיקער,
קיינע אָרגאניזירונגען פון פאָרמעלע צ"ק=ען וועלן נאָך נישט מאכן אונדזער באוועגונג
פאר א ווירקלעך איינהייטלעכער, וועלן נאָך נישט באשאפן קיין פעסטע קאמף=
פארטיי, אויב דער פארטיי=צענטער וועט ווי פריער פארצאמט ווערן פון דער די=
רעקטער פראקטישער ארבעט דורך די אָרטיקע קאָמיטעטן פונעם אלטן טיפ,
ד. ה. דורך אזעלכע, אין וועלכע ס'גייט פון איין זייט אריין א גאנצע קופע פערזאָ=
נען, וואָס איטלעכער פון זיי איז מעמונע איבער אלע און אלערליי עניאָנים, וועלכע
ווידמענען זיך נישט צו איינצלנע פונקציעס פון דער רעוואָלוציאָנערער ארבעט,
זייגען נישט פאראנטוואָרטלעך פאר ספעציעלע אונטערנעמונגען, וועלכע דערפירן
נישט ביזן סאָף אן איינמאָל אָנגענומענעם, גוט דורכגעטראכטן און צוגעגרייטן
עניען, וועלכע פארשווענדן א מהאָם צייט און קויכעס אף ראדיקאלישע שוויצע=
ריי, — און פון דער אנדער זייט איז פאראן א גאנצע מאסע סטודענטישע און
ארבעטערשע קרייזן, וואָס א העלפט זייגען גאָרנישט באקאַנט דעם קאָמיטעט, און
א העלפט זייגען זיי פונקט אזעלכע האמעטנע, נישט ספעציאליזירטע, ווי דער קאָמי=
טעט, ארבעטן נישט אויס קיין פראָפעסיאָנעלע דערפארונג, נוצן נישט אויס די דער=
פארונג פון אנדערע און זייגען פארנומען פונקט אזוי, ווי דער קאָמיטעט, מיט
ענדלאָזע בעראטונגען „וועגן אלץ", מיט וואלן און צוזאמענשטעלן סטאטוטן. כדי
דער צענטער זאָל קאָנען גוט ארבעטן, דארפן די אָרטיקע קאָמיטעטן רעאָר=
גאניזירן זיך, ווערן מער ספעציאליזירטע און מער „זאכלעכע" אָרגאניזא=
ציעס, וואָס דערגרייכן ווירקלעכע „פולקומענקייט" דאָס אין דער, דאָס אין יענער
פראקטישער פונקציע. כדי דער צענטער זאָל קאָנען נישט בלויז אייצעגען,
איבערצייגן, דיסקוטירן (ווי ס'האָט זיך געטאָן ביז איצט), אָבער ווירקלעך דירי=
זשירן מיטן אָרקעסטער, ידערצו איז נייטיק, עס זאָל זיין גענוי באקאנט, ווו, ווער
אין וועלכע פידל עס שפילט, ווו און ווי ער האָט געלערנט אָדער לערנט צו שפילן
אף וועלכן אינסטרומענט, ווער, ווו און פארוואָס עס שפילט פאלש (אזוי אז די
מוזיק הייבט אָן צו גרילצן אין די אויערן), און וועמען, ווי און וווהין מע דארף אריי=
בערפירן, כדי צו פאריכטן דעם דיסקאָנט, א. א. וו. אין היינטיקער צייט, —
מע דארף ריידן אָפן — איז אָדער מיר ווייסן גאָרנישט וועגן דער ווירקלעכער
אינערלעכער ארבעט פונעם קאָמיטעט, אכוץ זייגע פראָקלאמאציעס און

אלגעמיינע קאָרעספאָנדענצן, אָדער מיר ווייסן יאָ — פון פריינט און גוטע פערזענלעכע באקאנטע. אָבער ס'איז דאָך לעכערלעך צו קלערן, אז דערמיט זאָל קאָנען באגרענעצן זיך א געוואלטיקע פארטיי, וועלכע איז פעיק אָנצופירן מיט דער רוסישער ארבעטער=באוועגונג און גרייט אן אלגעמיינעם אָנגריף אָף דער זעלבסטהערשונג. פארקירצן די צאָל מיטגלידער פונעם קאָמיטעט, איבערגעבן, ווי ווייט ס'איז מעגלעך, איטלעכן פון זיי א באשטימטע באזונדערע פונקציע, פאר וועלכער ער איז פאראנטוואָרטלעך און פאר וועלכער ער דארף אָפגעבן א באריכט, באשאפן א באזונדערן, זייער א קליינעם לויט דער צאָל, פאראָרדענונגס=צענטער, אויסארבעטן א נעץ אויספיר=אגענטן, וועלכע פארבינדן דעם קאָמיטעט מיט איטלעכן גרויסן זאוואָד און פאבריק, וועלכע פירן רעגולער דאָס שפרייטן די ליטעראטור און גיבן דעם צענטער א גענוי בילד פון דעמדאָזיקן שפרייטן און פון דער גאנצער מעכאניק פון דער ארבעט, ענדלעך, באשאפן א גרויסע צאָל גרופן און קרייזן, וועלכע נעמען אָף זיך פארשיידענע פונקציעס אָדער פאראייניקן די פערזאָנען, וואָס שליסן זיך אָן אָן דער סאָציאל=דעמאָקראטיע, וואָס העלפן איר, וואָס גרייטן זיך צו ווערן סאָציאל=דעמאָקראטן, קעדיי דעם קאָמיטעט און דעם צענטער זאָל שטענדיק זיין באוווסט די טעטיקייט (און דער צוזאמענשטעל) פון די ד י ד אָ ז י ק ע קרייזן — אָט אין וואָס עס דארף באשטיין די רעאָרגאניזירונג פונעם פעטערבורגער ווי אויך פון אלע אנדערע קאָמיטעטן פון דער פארטיי, און אָט פארוואָס עס האָט אזא ווייניק וויכטיקע באדייטונג די פראגע וועגן דעם סטאטוט.

איך האָב אָנגעהויבן מיט אנאליזירן דעם אנטוורף פונעם סטאטוט, קעדיי צו באווייזן אָנשוילעכער, צו וואָס עס גייען מיינע פאָרשלאָגן. און אלס רעזולטאט איז פארן לעזער קלאָר געוואָרן, ווי איך האָף, אז אין טאָך וואָלט מען עפשער געקאָנט אויסקומען אָן א ס ט א ט ו ט, פארבייטנדיק אים מיט רעגולער אָפרעכענען זיך מיצאד איטלעכן קרייז, מיצאד איטלעכער ארבעט=פונקציע. וואָס קאָן מען אָנשרייבן אינעם סטאטוט? דער קאָמיטעט פירט אָן מיט אלעמען (דאָס איז אזוי אויך קלאָר). דער קאָמיטעט קלייבט אויס א פאראָרדענונגס=גרופע (דאָס איז ניט אלע מאָל נייטיק, און ווען דאָס איז נייטיק, האנדלט עס זיך ניט וועגן דעם סטאטוט, נאָר וועגן מ ו י ד י ע ז י י ן דעם צענטער וועגן דעם צוזאמענשטעל פון דערדאָזיקער גרופע און וועגן די קאנדידאטן צו איר). דער קאָמיטעט צעטיילט צווישן זיינע מיטגלידער די באזונדערע זייטן פון דער ארבעט, באופטראָגנדיק איטלעכן, ער זאָל רעגולער ראפאָרטירן דעם קאָמיטעט און מיטיילן דעם צ"אָ און דעם צ"ק וועגן דעם גאנג פון דער זאך (אויך דאָ איז וויכטיקער מיטצוטיילן אינעם צענטער וועגן אזא און אזא צעטיילונג, איידער אָנצושרייבן אינעם סטאטוט א רעגל, וועלכע בלייבט אָפט אָן אָנווענדונג בא דער אָרעמקייט פון אונדזערע קויכעס). דער קאָמיטעט דארף גענוי באשטימען, ווער עס איז זיינער א מיטגליד. דער קאָמיטעט ווערט פארפולט דורך קאָאָפטאציע. דער קאָמיטעט באשטימט ראיאָן=גרופן, זאוואָדישע אונטערקאָמיטעטן, גרופן אזוינע און אזוינע (אויב מע זאָל איבערעכענען דאָס, וואָס איז ווינטשנסווערט, ווערט מען

קיינמאָל ניט ענדיקן, און אומגעפער איבערעכענען איגעם סטאַטוט איז ניטאָ צוליב וואָס; ס'איז גענוג מיטצוטיילן אינעם צענטער וועגן דער אָרגאַניזירונג פון דער און דער אינסטיטוציע). די ראַיאָן־גרופּן און אונטערקאָמיטעטן אָרגאַניזירן אַזוינע און אַזוינע קרייזן... צוזאַמענשטעלן אַזאַ סטאַטוט איז דאָס ווייניקער נוצלעך אין איצטיקער צייט, וואָס מיר האָבן קימאַט ניט (אין פיל ערטער אינגאַנצן ניט) קיין אַלגעמיינפּאַרטייִשע דערפאַרונג: פון דער טעטיקייט פון פאַרשיידענע אַזעלכע גרופּן און אונטערגרופּן, און קעדיי אויסצואַרבעטן אַזאַ דערפאַרונג איז נייטיק ניט קיין סטאַטוט, נאָר אָרגאַניזירונג פון דער פּאַרטייִשער, אויב מע קאָן זיך אַזוי אויסדריקן, אינפאָרמירטקייט: אָפּן סטאַטוט ניט בא אונדז אויס איטלעכע אָרטיקע אָרגאַניזאַציע מינימום עטלעכע אָוונטן. אויב דידאָזיקע צייט וואָלט איטלעכער געווידמעט, לויט זיין ספּעציעלער פונקציע, אַף אַן אויספירלעכן און דורכגעטראַכטן באַריכט וועגן איר פאַר דער גאַנצער פּאַרטיי, וואָלט די אַרבעט געווונען הונדערט מאָל.

און ניט בלויז דערפאַר זיינען אומנוצלעך סטאַטוטן, וואָס ניט שטענדיק דערלאָזט די רעוואָליוציאָנערע אַרבעט אויסגעפאָרמירטקייט. ניין, אויסגעפאָרמירטקייט איז נייטיק, און מיר דאַרפן זיך באַמיִען אויסצופאָרמירן די גאַנצע אַרבעט, ווי ווייט ס'איז מעגלעך. און די אויספאָרמירטקייט איז דערלאָזבאַר אין א פיל גרעסערן פאַרנעם, איידער מע קלערט געוויינלעך, אָבער זי קאָן דערגרייכט ווערן ניט דורך סטאַטוטן, אָבער בלויז און אויסשליסלעך (מיר כאַזערן דאָס איבער נאָך און נאָכאַמאָל) דורך גענוי אינפאָרמירן דעם פּאַרטיי־צענטער: בלויז דעמאָלט וועט דאָס זיין א רעאַלע אויסגעפאָרמירטקייט, וועלכע וועט זיין פאַרבונדן מיט א רעאַלער פאַראַנטוואָרטלעכקייט און (פּאַרטייִשער) פאַרעפנטלעכונג. ווער דען ווייס בא אונדז ניט, אַז ערנסטע קאָנפליקטן און מיינונגס־פאַרשיידנהייטן ווערן בא אונדז געלייזט אין טאָך גאָר ניט דורך אָפּשטימונגען „אַל פּי סטאַטוט", אָבער דורך קאַמף און סטראַשען מיט „אַוועקגיין?" מיט אַזאַ אינווייניקסטן קאַמף איז פול די געשיכטע פון דער מערהייט פון אונדזערע קאָמיטעטן פאַר די לעצטע 3—4 יאָר פּאַרטיי־לעבן. ס'איז א גרויסער שאָדן, וואָס דערדאָזיקער קאַמף איז ניט געווען אויסגעפאָרמירט: מיר וואָלטן דאַן געגעבן אַסאַך מער פאַרן באַלעבן די פּאַרטיי, צו דער דערפאַרונג פון די, וואָס וועלן קומען נאָך אונדז. אָבער אַזאַ ניצלעכע אויסגעפאָרמירטקייט ווערט ניט באַשאַפן דורך קיין שום סטאַטוטן, זי ווערט באַשאַפן אויסשליסלעך דורך פּאַרטיי־עפנטלעכקייט. אונטער דער זעלבסטהערשונג קאָן בא אונדז ניט זיין קיין אַנדער מיטל און קיין אַנדער געווער פון פּאַרטייִשער עפנטלעכקייט, אַכוץ רעגולער אינפאָרמירן דעם פּאַרטיי־צענטער.

און בלויז דעמאָלט, ווען מיר וועלן זיך אויסלערנען ברייט אָנצווענדן דידאָזיקע עפנטלעכקייט, וועט זיך בא אונדז ווירקלעך אויסאַרבעטן די דערפאַרונג פונעם פונקציאָנירן פון די אָדער יענע אָרגאַניזאַציעס, בלויז אָפּן יעסאָד פון אַזאַ ברייטער און פיליאָריקער דערפאַרונג קאָנען זיך אויסאַרבעטן ניט קיין פּאַפּירענע סטאַטוטן.

# נאָכוואָרט

## צו דער געדרוקטער אויסגאבע פונעם „בריוו צו א כאווער“

די רעדאקציע פון דער „איסקרא“ זאָגט אינעם נומער 55, אז צווישן דעם צ״ק און דער אָפּאָזיציע „איז פאָרגעקומען אן אָפּמאך איבערצוגעבן דער פארגעסנקייט“ די פאקטן, וועלכע זיינען דערמאָנט אין מיין „בריוו אין רעדאקציע פון דער „איסקרא“ („פארוואָס איך בין ארויסגעגאנגען פון דער רעדאקציע פון דער „איסקרא“)*. דידאָזיקע מעלדונג פון דער רעדאקציע שטעלט פאָר מיט זיך אן „אָפּשרייבן זיך“, שוין בעעמעס א פאָרמאליסטישע, ביוראָקראטישע און קאנצעליאַרישע (אויסדריקנדיק מיט כ׳ אַקסעלראָדס שיינעם סטיל). אין דער ווירקלעכקייט איז אזא אָפּמאך *ניט געווען*, ווי עס מעלדעט דירעקט דער אויסלענדישער פאָרשטייער פונעם צ״ק אין א באַזונדער בלעטל, וועלכעס איז ארויסגעלאָזן געוואָרן באלד נאָך דעם, ווי ס׳איז ארויסגעגאנגען דער נומער 55 פון דער „איסקרא“. אזא אָפּמאך האָט אויך *ניט געקאָנט זיין*, ווי עס דארף זיין קלאָר פאר איטלעכן אויפמערקזאמען לעזער פון מיין בריוו, ווייל די אָפּאָזיציע האָט *אָפּגעוואָרפן* דעם „גוטן שאָלעם“, וועלכן ס׳האָט פאָרגעשלאָגן דער צ״ק און וועלכער וואָלט *זיכער* אנטהאלטן אין זיך דעם טנײ איבערצוגעבן דער פארגעסנהייט דאָס אלץ, וואָס איז ווערט פארגעסן צו ווערן. שוין זשע איז די רעדאקציע געווען אזוי נאיוו, אז זי האָט, אָפּווארפנדיק דעם שאָלעם און אָנהייבנדיק אינעם נומער 53 א *מילכאָמע אנקעגן דעם מעפורסעמען ביוראָקראטיזם*, געהאָפט אף דעם, אז דער צאד שעקענעגעד וועט פארשווייגן די ווירקלעכע קוואל פון דידאָזיקע מייסעס וועגן ביוראָקראטיזם?

דער רעדאקציע איז זייער און זייער ניט געפעלן געוואָרן, וואָס איך האָב אָנגערופן די ווירקלעכע קוואל פון דידאָזיקע מייסעס — רייסעריי (ליטעראטן־רייסעריי). אוואדע! אָבער אָנזאָגן א שלאל קלאָנג־ווערטער צו דעמדאָזיקן ווירקלעך אומאָנגענעמען פאקט הייסט נאָך ניט ווידערלייגן דעם פאקט.

מיר וועלן זיך דערלויבן צו שטעלן דער געערטעסטער רעדאקציע צוויי פראגן.

*ערשטע פראגע*. פארוואָס איז דאָס, אז פאר *איינעם* זעען אויס בלויז אמוזאנט די סאמע צערייצטע באשולדיקונגען אין זעלבסטהערשונג, אין א ראָבעספּיערישן רעזשים, אין מאכן אן איבערקערעניש א. א. וו. א. א. וו., און *אנדערע* ווערן בלויז *באלײדיקט* פון א רויִקער דערציילונג וועגן פאקטן און וועגן פאקטיש פארלאנגטע גענעראלן־ערטער? באלײדיקט אף אַזויפיל, אז זיי האַלטן גאָר „ניט־קעדאיעדיקע“ רעדעס וועגן „פערזאָנען“, „מאָראלישן שאָטן“ און אפילע וועגן שאָפּעלע (פונוואנען איז דאָס??) מאָטיוון? פארוואָס אזא נאפקעמינע, — הא, ליבע פריינט? עפשער דערפאר, וואָס אן אָרט פון א גענעראל אין „שאָפּעלער“, איידער אן אָרט פון א זעלבסטהערשער?

*צווייטע פראגע*. פארוואָס דערקלערט די רעדאקציע ניט די לעזער, *לעמײ* האָט זי (אין יענע ווייטע צייטן, ווען זי האָט געהערט צו דער אָפּאָזיציע,

* זע דאָסדאָזיקע בוך, ז. 187.

און איז אין דער ווירקלעכקייט געווען „אין דער מינדערהייט“) אויסגעדריקט דעם וווּנטש איבערצוגעבן דער פארגעסנהייט אייניקע פאקטן? צי געפינט ניט די רעדאקציע, אז שוין דער געדאנק גופא וועגן ווען „איבערגעבן דער פארגעסנהייט“ פרינציפיעלע מיינונג־פארשיידנהייטן איז אומזיניק און האָט ניט געקאָנט איינפאלן קיין שום מענטשן, וואָס איז בא זיין זינען?

איר זעט, ווי איר זייט אומגעשיקט, מיינע ליבע „פּאָליטישע קעגנער“! איר האָט מיך געוואָלט פארניכטן מיט דער באַשולדיקונג, אז איך טראָג אריבער א פרינציפיעלן שטרייט אין געביט פון רייסעררייען, און אָנשטאָט דעם האָט איר באשטעטיקט מיין באהויפּטונג וועגן דעם ווירקלעכן קוואל פון אייניקע אונדזערע „מיינונג־פארשיידנהייטן“.

ווייטער. האָבנדיק אָנערקענט, צוליב דער אייגענער אומגעשיקטקייט, אז רייסעררייען זיינען געווען, האָט די רעדאקציע ניט באמיט זיך צו דערקלערן די לעזער, ווו, לויט איר מיינונג, עס ענדיקט זיך די פרינציפּיעלע מיינונג־פארשיידנהייט און ווו ס'הייבן זיך אָן די רייסעררייען. די רעדאקציע פארשוויינט, אז אין מיין בריוו מאך איך א פרווו גאנץ גענוי פאנאנדערצוגרענעצן דאָס געביט פון דעם און פון יענעם. איך באווייז דאָרטן, אז א פרינציפּיעלע מיינונג־פארשיידנהייט (ווייט ניט אזא טיפע, קעדיי זי זאָל ארויסרופן א ווירקלעך פאנאנדערגיין זיך), האָט זיך ארויסגעוויזן צו דער פראגע וועגן דעם 1 § פונעם סטאטוט און האָט זיך פארברייטערט דורך דער דערנענטערונג פון דער איסקריסטישער מינדערהייט מיט די ניט־איסקריסטישע עלעמענטן צום סאָף פונעם צוזאַמענפאָר. איך באווייז אויך, אז די רייד וועגן ביוראָקראטיזם, פאָרמאַליזם און אנד. זיינען קוידעם־כּל א פּאָשעטער אָפּקלאנג פון די רייסעררייען, וועלכע זיינען געווען נאָכן צוזאמענפאָר.

די רעדאקציע איז מינהאסטאם ניט מאסקים מיט אזא באגרענעצונג פון דעם, „וואָס עס איז פרינציפּיעל“ און „וואָס עס דארף איבערגעגעבן ווערן דער פארגעסנהייט“? פארוואָס זשע האָט זי זיך ניט מאטריעד געווען מיטצוטיילן איר מיינונג וועגן דער „ריכטיקער“ פאנאנדערגרענעצונג פון דידאָזיקע געביטן? עפּשער דערפאר, וואָס דידאָזיקע געביטן האָבן זיך נאָך ניט פאנאנדערגעגרענעצט (און קאָנען ניט פאנאנדערגעגרענעצט ווערן) אין איר באוווסטזיין?

לויט דעם פעליעטאָן פונעם געערטן כאַווער אקסעלראָד אין דעם זעלביקן נומער 55 „איסקרא“ קאָנען די לעזער אורטיילן, צו וואָס עס ברענגט דידאָזיקע... ניט־אויסקלייבערישקייט און אין וואָס עס ווערט פארוואנדלט אונדזער צענטראלער פארטיי־אָרגאן. וועגן אונדזערע שטרייטן צו דער פראגע וועגן דעם 1 § פונעם סטאטוט זאָגט כ' אקסעלראָד קיין איינציק וואָרט ניט אין טאָך, באגרענעצנדיק זיך מיט רעמאָזים אף „פעריפעריע־געזעלשאפטן“, וואָס זיינען אבסאָליוט אומפארשטענדלעך פאר א מענטשן, וועלכער איז ניט געווען אפן צוזאמענפאָר. כ' אקסעלראָד האָט מינהאסטאם פארגעסן, ווי לאנג און אויספירלעך מיר האָבן געשטרייט וועגן דעם 1 §! דערפאר האָט כ' אקסעלראָד באשאפן פאר

זיך א „טעאָריע“, לויט וועלכער די „מערהייט איסקריסטן, וועלכע זיינען געקומען אפן צוזאַמענפאָר, איז דורכגעדרונגען געווען מיט דער איבערצייגונג, אז זייער הויפּט=אויפגאַבע איז... פירן א קאַמף אקעגן די אינוויייניקסטע פיינט“. „פאַרדערדאָזיקער מיסיע האָט זיך פאַר דער מערהייט „אָפּגעטושט“ (לויט דער טעמער איבערצייגונג פונעם געערטן כ׳ אקסעלראָד) די באַפאָרשטייענדיקע פּאָזיטיווע אויפגאַבע“. „די פּערספּעקטיוו פון דער פּאָזיטיווער ארבעט ווערט אָפּגערוקט אין דער געפּלהאַפטער ווייטקייט פון דער אומבאַשטימטער צוקונפט“; פאַר דער פּאַרטיי שטייט א מער דרינגנדיקע „מיליטערישע אויפגאַבע פון שטיל מאַכן די אינוויייניקסטע פיינט“. און כ׳ אקסעלראָד געפינט ניט קיין ווערטער, קעדיי צו שטעמפּלען רעמדאָזיקן „ביוראָקראַטישן * (אָדער מעכאַנישן) צענטראַליזם“, דידאָזיקע יאַקאָבינישע ** (!!) פּלענער, דידאָזיקע „דעזאָרגאַניזאַטאָרן“ וועלכע „דריקן און טרעטירן“ עמעצן, „ווי קראַמאָלניקעס“ ***.

קעדיי צו באַווייזן, דעם עמעסן ווערט פון דערדאָזיקער טעאָריע, — ריכטיקער פון דידאָזיקע באַשולדיקונגען בענויגייע צו דער מערהייט פונעם צוזאַמענפאָר אין דעזאָרגאַניזאַטאָרישע טענדענצן צו דריקן די (מין האַסטאַם, אויסגעפּאַנטאַזירטע) קראַמאָלע און אין איגנאָרירן די פּאָזיטיווע ארבעט, וועט פאַר מיר גענוג זיין צו דערמאָנען דעם פאַרגעסערישן כ׳ אקסעלראָד איין (צום אָנפאַנג איינעם) קליינעם פאַקט. דעם 6 אָקטיאַבער 1903, נאָך פיל איינטייגען מיט די מיטגלידער פון דער מינדערהייט וועגן דער אומזיניקייט און דעם דעזאָרגאַניזירנדיקן כאַראַקטער פון זייער באָיקאָט, האָבן מיר, איך מיט פּלעכאַנאָוו, אָפיציעל איינגעלאַדן די „קראַמאָלנע“ ליטעראַטן (צווישן זיי אויך כ׳ אקסעלראָד) צו נעמען זיך פאַר פּאָזיטיווער ארבעט, מיר האָבן זיי אָפיציעל דערקלערט, אז אן אָפּזאָג פון דערדאָזיקער ארבעט איז גלייך אומפאַרשטענדיק סיי פונעם שטאַנדפּונקט פון פערזענלעכער צערייצטקייט, סיי פונעם שטאַנדפּונקט

---

* אגעוו, איך מאַך אויפמערקזאַם די רעדאַקציע, אז מיין בראָשור=גייט ארויס מיט דעם „איינגעשטעלטן טיטל“ (רסדא״פּ — איב.). ווי אן איבערצייגטער צענטראַליסט, וואַרף איך זיך אונטער די „פּרינציפּיעלע“ אָנווייזונגען פון אונדזער צ. אָ., וועלכער האָט איינעם נומער 55 געעפנט אן אָפּטייל פון איבערזיכט פון די פּאַרטיי=אויסגאַבן פונעם שטאַנדפּונקט פון „טיטלען“ (אין נאָמען פונעם קאַמף אקעגן פאָרמאַליזם).

לעניגס אָנמערקונג

** פּאָליטישע גרופּירונג פונעם רעוואָלוציאָנערן קליינבירגערטום בעשאַס דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. די מענשעוויקעס האָבן באַשולדיקט לעניגען, אז ער נעמט אריבער די מעטאָדן פון די יאַקאָבינער. לענין האָט אף דעם געענטפערט: „א יאַקאָבינער, וועלכער איז ענג פאַרבונדן מיט דער אָרגאַניזאַציע פונעם פּראָלעטאַריאַט, וועלכער האָט דערקענט זיינע קלאַסן=אינטערעסן, אָט דאָס איז טאַקע א רעוואָליוציאָנערער סאָציאַל=דעמאָקראַט“.

איב.

*** אן אלט=רוסיש וואָרט, וואָס פלעגט פאַר דער רעוואָלוציע פיגורירן אין פאַרשיידענע רעגירונג=ווענדונגען, אלס באַצייכענונג פאַר די רעוואָליוציאָנערן, „קראַמאָלע“ האָט באַטייט אין דער שפּראַך פון די צאַרישע דאָקומענטן — פינצטערע אונטערערדישע ארבעט אנקעגן דעם קייסער און דעם פאָטערלאַנד. אקסעלראָד געברויכט דאָסדאָזיקע וואָרט איראָניש: לויט לענינס מעטאָדן דאַרף, קלוימערשט, אין דער פּאַרטיי עקזיסטירן א מין זעלבסטהערשונג, ווער ס׳איז קעגן דעם, דער איז, אלזאָ, א „קראַמאָלניק“ אין דער פּאַרטיי.

איב.

פון די אַרער יענע מיינונגס־פאַרשיידנהייטן (אף אויסלייגן די לעצטע עפענען מיר די זייטן פון אונדזערע אויסגאַבן).

כ׳ אקסעלראָד האָט וועגן דעם פאַרגעסן. ער האָט פאַרגעסן, אַז ער האָט דעמאָלט געענטפערט מיט אַן אַנטשיידענעם אָפּזאָג אָן וועלכע ניט איז דערקלע־רונגען פון די סיבעס. ער האָט פאַרגעסן, אַז פאַר אים האָט דעמאָלט, אין דידאַ־זיקע לאַנג פאַרגאַנגענע צייטן, „די פּאָזיטיווע אַרבעט אָפּגערוקט זיך אין דער נעפּלהאַפטער ווייטקייט פון דער אומבאַשטימטער צוקונפט“, וועלכע איז ערשט דעם 26 נאָיאַבער 1903 געוואָרן די געוואונטשענע קעגנוואַרט.

כ׳ אקסעלראָד האָט ניט בלויז „פאַרגעסן“ דאָס, אָבער ער וואָלט אויך וועלן ביכלאַל „איבערגעבן דער פאַרגעסנהייט“ אַזעלכע „פּערזענלעכקייטן“, ניט עמעס?

אָנווייזן דער מינדערהייט אף דעם, אַז זי האָט גאַנצע כאַדאָשים דעמאָראַליזירט די פּאַרטיי, פאַרוואָרפן די פּאָזיטיווע אַרבעט, האָט אָפּגעצויגן מיט אירע רייסערייען א טהאָם קויבעס באַם צ״ק, — דאָס איז „פּער־זענלעכקייטן“, דאָס באַטייט אַרופוואַרפן א מאָראַלישן שאָטן, דאָס באַטייט אַראָפּ־פירן דעם קאַמף פון די טענדענצן צו דער מאַדרייגע פון א רייסעריי. דערוף איז ניט קיין אָרט אף די זייטן פונעם צ״אָ.

אָבער באַשולדיקן די מערהייט פונעם פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר אין דעם, וואָס זי האָט זיך דערוועגט צו פאַרשווענדן צייט אף אַריינטייענען מיט די „קראַמאָל־ניקעס“, אַז זי האָט דעזאָרגאַניזירט די פּאַרטיי מיט דעם קאַמף אַקעגן די (פּאַנ־טאַזירטע) דעזאָרגאַניזאַטאָרן — דאָס זיינען פּרינציפּיעלע מיינונגס־פאַרשיידנ־הייטן, צוליב וועלכע מע דאַרף „שאַנעווען“ די שפּאַלטן פון דער „איסקראַ“. ניט עמעס, געערטער כ׳ אקסעלראָד?

עפּשער וועט כ׳ אקסעלראָד, אַרומקוקנדיק זיך אַרום זיך, געפינען אויך אין היינטיקער צייט ניט ווייניק ביישפּילן, וויאַזוי די „פּאָזיטיווע אַרבעט“ רוקט זיך אָפּ אויך פאַר די פּראַקטיקער פון דער מינדערהייט אין דער נעפּלהאַפטער ווייטקייט פון דער אויך געוואונטשענער, אָבער אומבאַשטימטער צוקונפט?

ניין, ווייסט איר, עס וואָלט פאַר אייך בעסער לוינען גאָרניט צו באַרירן די פראַגע וועגן דער באַציונג פון דער מערהייט און פון דער מינדערהייט צו פּאָזי־טיווער אַרבעט! ס׳וואָלט פאַר אייך בעסער לוינען ניט צו דערמאָנען וועגן דעם, וועגן וואָס עס רעדט, צ. ב., איין זאַוואָדישער אַרבעטער פון דער שטאָט —וו. אינעם פּאָלגנדיקן בריוו צו מיר:

„טייערער כאַווער!

אין דער לעצטער צייט, ד. ה. נאָכן צווייטן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר, האָט מען אונדז געמאָלדן, אַז דער צ״ק איז אָפּן צוזאַמענפאָר ניט אויסגעקליבן געוואָרן איינשטימיק, אַז דער צוזאַמענפאָר האָט זיך צעשפּאָלטן אף צוויי טיילן אין דער פראַגע וועגן די באַציונגען פונעם צענטראַל־אָרגאַן צום צענטראַל־קאָמיטעט און עס האָט זיך געבילדעט אַן אַזוי אָנגערופענע מערהייט און מינדערהייט. דאָס

אלץ איז ווי א שווערער שטיין ארופגעפאלן אף אונדזער קאפ און האט אונדז צוגעדריקט מיט זיין מאסע, ווייל די פראגע גופא וועגן דער באציִונג פונעם צ״אָ צום צ. ק. איז פאר אונדז געווען אן אומדערוואַרטעטע גיים: ביז דעם צוזאמענפּאָר גופא איז זי דאָך ניט בלויז ניט אופגעוועקט געוואָרן אין קיין שום קרייזן און פארזאמלונגען, אָבער וויפל איך געדענק, איז זי פארשוויגן געוואָרן אויך אין דער ליטעראטור. אָט דאָס פארשווייגן זי־ביזן צוזאמענפּאָר איז פאר מיר אומפארשטענדלעך. אויב מע זאָל זיך מעשאער זיין, אז זי האָט אינגאנצן ניט עקזיסטירט, דארף מען אָנערקענען, אז די כאווירים, וועלכע האָבן געלייגט אלע זייערע קויכעס אף פארייניקן די פארטיי, האָבן ניט פאָרגעשטעלט זיך קלאָר איר אָרגאניזאציע, ד. ה. ־איר איינאָרדענונג. אָבער דאָס צווייטע איז אינגאנצן אומעגלעך, ווייל די פראגע, וועלכע האָט איצט צעשפּאָלטן די פארטיי, האָט קלאָר באוויזן, אז א קוק אף דער איינאָרדענונג פון דער פארטיי איז געווען, און געווען ניט בא אלעמען דערזעלביקער. און אויב דאָס איז אזוי, טאָ פארוואָס האָט מען אים געהאלטן בעסאָד? דאָס איז ערשטנס, און צווייטנס, — דידאָזיקע פראגע גופא; ווען ס׳קומט אוים זי צו לייזן, שטעל איך מיר אזא פראגע: וועלכע איינאָרדענונג פון דער פארטיי וועט באוואָרענען איר אָרטאָדאָקסאלע ריכטונג, און טייקעף דערשיינט בא מיר גלייך מיט איר דער געדאנק, אז כוץ דער איינאָרדענונג פון דער פארטיי איז וויכטיק דער צוזאמענשטעל פון אירע פירער, ד. ה. אויב זיי זיינען אָרטאָדאָקסן, איז די ריכטונג פון דער פארטיי אויך אן אָרטאָדאָקסאלע, אויב — אָפּאָרטוניסטן, איז די פארטיי אויך אזא. איצט, האָבנדיק אזעלכע האשאָרעס און קענענדיק דעם צוזאמענשטעל פון די פארטיי־פירער, זאָג איך זיך אומבאדינגט ארוים דערפאר, אז אין דער אידייִשער אָנפירונג מיט דער פארטיי זאָל דער צ. אָ. האָמינירן איבער דעם צ׳ ק. ארויסזאָגן זיך דערפאר צווינגט נאָך מער די רוסישע ווירקלעכקייט: ווי אָרטאָדאָקסאל דער צ. ק. זאָל ניט זיין, אָבער געפינענדיק זיך אין רוסלאנד, קאָן ער ניט זיין פארסטראכירט פון א דורכפאל, אלזאָ אויך פון פארלירן די אָרדאָקסאלקייט אָן זיין ווילן, ווייל די נאָכפאָלגער אנטשפּרעכן ניט שטענדיק יענע, וועמען זיי פארבייטן. וועמען פון די כאווירים, וועלכע ארבעטן כאָטש ניט פיל אין קאָמיטעטן, זיינען אומבאקאנט אזעלכע דערשיינונגען, אז דער בעסטער קאָמיטעט ווערט צוליב איינער פון פיל צופעליקייטן פארביטן דורך א שלעכטן און פארקערט. גאָרניט אזוי איז מיטן צ. אָ. ער שטייט אין אנדערע באדינגונגען (געמענדיק אין באטראכט, אז דער צ. אָ. וועט זיך געפינען אין אויסלאנד), וועלכע באוואָרענען אים א לאנגדויערנדיקע עקזיסטענץ, אלזאָ אויך די מעגלעכקייט צוצוגרייטן פאר זיך ווירדיקע נאָכפאָלגער. אָבער איך ווייס ניט, כאווער, צי קאָן מען אנטשיידן דידאָזיקע פראגע איינמאָל פאר אלעמאָל, ד. ה. דער צ״אָ זאָל שטענדיק דאָמינירן איבער דעם צ״ק, אָדער צ״ק איבער דעם צ״אָ. איך רעכן, אז ניין. לאָמיר נעמען אזא לאגע: מיטאמאָל האָט זיך דער צוזאמענשטעל פונעם צ. אָ. געענדערט און איז פון אן אָרטאָדאָקסאלן געוואָרן אן אָפּאָרטוניסטישער, ווי לעמאָשל, דער „פאָרווערטס“ אין דייטשלאנד; נו, קאָן מען אים

דעמאָלט לאָזן דאָמינירן אין דער אידייִשער אָנפירונג? וואָס וואָלטן געטאָן מיר, דערצווינגענע אינעם אָרטאָדאָקסאַלן גייסט, שוין זשע וואָלטן מיר געדארפט איינשטימען מיט אים? ניין, אונדזער פליכט וואָלט געווען אָפּנעמען בא אים דאָס רעכט אף דאָמינירן און איבערגעבן דאָס אין די הענט פון אן אנדער אינסטיטוציע, און אויב דאָס וואָלט צוליב וועלכער ניט איז געלעגנהייט ניט געמאַכט געוואָרן, אלציינס, צי צוליב פּארטיי=דיסציפּלין, צי צוליב אן אנדער זאך, וואָלטן מיר אלע ווערט געווען דעם נאָמען פון פארעטער פון דער סאָציאל=דעמאָקראטישער ארבעטער=באוועגונג. אזוי קוק איך אף דעם און קאָן בעשום אויפן ניט מאסקים זיין מיט א באשלוס איינמאָל פאר אלעמאָל, ווי דאָס טוען אייניקע באווייִרים.

איצט איז פאר מיר גאָר אומפארשטענדלעך יענער קאמף, וועלכער פירט זיך איצט צווישן דער מערהייט און דער מינדערהייט, און פיל פון אונדז דוכט זיך, אז ער איז ניט קיין ריכטיקער. נו, זאָגט, כאווער! צי איז נאטירלעך אזא לאגע, ווען אלע קויכעס ווערן אוועקגעלייגט אף ארומפּאָרענישן איבער די קאָמיטעטן בלויז צוליב דעם, קעדיי דורכשמועסן זיך וועגן דער מערהייט און דער מינדערהייט. בענעמאָנעס, איך ווייס ניט. שוין זשע איז דידאָזיקע פראגע אף אזויפיל וויכטיק, אז מע זאָל איר אוועקגעבן אלע קויכעס און צוליב איר קוקן איינער אף דעם אנדערן שיר ניט ווי אף א סוינע? און אינדערעמעסן קומט אזוי ארויס, אז אויב דער קאָמיטעט איז צוגעקליבן, לאָמיר זאָגן, פון איין לאגער, וועט שוין פון דעם אנדערן קיינער אהין ניט אריינפאלן, ניט קוקנדיק אף גאָר זיין טויגלעכקייט צו דער ארבעט, ער וועט אפילע, אויב איר ווילט, ניט אריינפאלן אויך דאן, ווען ער איז נויטווענדיק פאר דער ארבעט, ווען די לעצטע פארלירט פיל צוליב זיין אָפּוועזנהייט. דערמיט וויל איך נאטירלעך ניט זאָגן, אז מע זאָל גאָר אוועקוואַרפן דעם קאמף צוליב דערדאָזיקער פראגע: דאָס ניט, אָבער לויט מיין מיינונג דארף ער טראָגן אן אנדער כאראקטער, און צוליב אים טאָרן מיר ניט פארגעסן אונדזער הויפט=אויפגאבע, דעהיינע די פּראָפּאגאנדע פון סאָציאל=דעמאָקראטישע אידייען אין דער מאסע, ווייל פארגעסנדיק דאָס, אנטקרעפטיקן מיר דערמיט גופע אונדזער פּארטיי. איך ווייס ניט, צי דאָס איז ערלעך, אָבער ווען ס'איז אויסגעקומען צו זען, אז די אינטערעסן פון דער זאך זיינען איינגעטראָטן געוואָרן אין שמוץ און זיינען אינגאנצן פארגעסן געוואָרן, רוף איך זיי אלעמען אָן פּאָליטישע אינטריגאנטן. עס פלעגט אָנהייבן עפּעס ווי צו טאָן, עס פלעגט אָנכאפּן א מוירע פאר דער ארבעט גופע, ווען דו זעסט, אז די מענטשן, וואָס שטייען בעראָש פון דער ארבעט זיינען פארנומען מיט עפּעס אנדערש. קוקנדיק אף דעם, קלערסטו: ניט שוין זשע איז אונדזער פארטיי באוורטיילט אף אייביקע שפּאלטונגען צוליב אזעלכע קלייניקייטן, ניט שוין זשע זיינען מיר ניט פעיק אין איינער און דערזעלביקער צייט צו פירן דעם אינערלעכן קאמף צוזאמען מיט דעם אויסערלעכן. צוליב וואָס זשע ווערן האָן אָרגאניזירט צוזאמענפאָרן, אויב זייערע באשטימונגען ווערן ניט אָנגענומען אין באטראכט, און איטלעכער טוט, וואָס אים פאלט איין, פארענטפערנדיק זיך דערמיט, אז דער צוזאמענפאָר האָט, הייסט דאָס, ניט ריכטיק

באשטימט, דער צ. ק. איז ניט מאמפעיק א. א. וו. און דאָס טוען יענע, וועלכע האָבן ביזן צוזאמענפאָר די גאנצע צייט געשריען וועגן צענטראליזאציע, וועגן פארטיי=דיסציפלין און אזוי ווייטער, און איצט ווילן זיי אזוי ווי באוויזן, אז דיסציפלין איז נייטיק בלויז פאר אייגנפאכע באָסאָר וואָראָמס, און ניט פאר זיי, פאר די מענטשן פון אויבן=אָן. זיי האָבן מינהאסטאם פארגעסן, אז זייער ביישפיל דעמאָראליזירט שרעקלעך ווייניק=דערפארענע כאווערים, עס הערט זיך שוין איצט ווייטער צווישן די ארבעטער אן אומצעפרידנקייט מיט דער אינטעליגענץ, וועלכע פארגעסט אָז זיי צוליב די רייסענישן צווישן זיך, שוין איצט לאָזן די היציקערע אראָפּ די הענט, ניט ווינגדיק, וואָס צו טאָן. ביז וואנען וואָס, — אָבער דערווייל איז די גאנצע צענטראליזירטע איינשטעלונג פון דער ארבעט איצט אַ פוסטער קלאנג. עס בלייבט בלויז צו האָפן, אז אין דער צוקונפט וועט זיך אלץ איבערבייטן אף בעסער".

# פון די דאָקומענטן צום II צוזאמענפאָר פון רסדא"פּ

## פּראָיעקט פון א רעזאָלוציע וועגן דעם אָרט פונעם „בונד" אין דער פארטיי

נעמענדיק אין באַטראַכט, אז די פולסטע און ענגסטע אייגהייט פונעם קעמפנדיקן פּראָלעטאריאט איז אומבאדינגט נייטיק סיי קעדיי וואָס גיכער צו דערגרייכן זיין ענדציל, סיי אין די אינטערעסן פון אומאָפּוועגדלעך פירן דעם פּאָליטישן און עקאָנאָמישן קאמף אפן באָדן פון דער עקזיסטירנדיקער געזעלשאפט;

— אז ביפראט די פולע אייגהייט פונעם יידישן און ניט=יידישן פּראָלעטאריאט איז באזונדערס נייטיק, אכוץ דעם, אויך צוליב דעם דערפאָלגרייכן קאמף אקעגן דעם אנטיסעמיטיזם, דעמדאָזיקן נידערטרעכטיקן פאנאנדערבלאָזן די ראסן=אָפּגעזונדערטקייט און דעם נאציאָנאלן האס, וואָס עס טרייבט די רעגירונג און די עקספּלואטאטאָרישע קלאסן; — אז די פולע צוזאמענגיסונג פון די ס"ד אָרגאניזאציעס פונעם יידישן און ניט=יידישן פּראָלעטאריאט קאָן בעשומויפן און אין קיין זאך ניט דריקן די זעלבשטענדיקייט פון אונדזערע יידישע כאווערים אין פירן די פּראָפּאגאנדע און אגיטאציע אף דער אָדער יענער שפּראך, אין ארויסגעבן ליטעראטור, וואָס זאָל אנטשפּרעכן די באדערפענישן פון דער געגעבענער אָרטיקער אָדער נאציאָנאלער באוועגונג, אין אוועקשטעלן אזעלכע לאָזונגען פון אגיטאציע און פון אומיטלבארן פּאָליטישן קאמף, וועלכע זאָלן זיין אן אָנווענדונג און אנטוויקלונג פון די אלגעמיינע און גרונט=האנאָבעס פון דער ס"ד פּראָגראם וועגן פולער גלייכבארעכטיקונג און וועגן פולער פרייהייט פון שפּראך, נאציאָנאלער קולטור א. א. וו. א. א. וו.

— וואָרפט דער צוזאַמענפאָר אַנטשיידן אָפּ דעם פעדעראַטיוון פּרינציפּ פון בויען די רוסלענדישע פּאַרטיי און באַשטעטיקט דעם אָרגאַניזיר־פּרינציפּ, וועלכער איז אויסגעלייגט אין יעסאָד פונעם סטאַטוט פונעם י. 1898, ד. ה. די אווטאָנאָמיע פון די נאַציאָנאַלע ס"ד אָרגאַניזאַציעס אין די איניאָנים, וועלכע באַרירן... *.

צוערשט אָפּגעדרוקט אינעם י. 1927
„לענינסקי סבאָרניק" VI

# פון די אַרויסטרעטונגען אפן II צוזאַמענפאָר פון רסדא"פּ **

## 1. רעדע צו דער פראגע וועגן דעם אָנטייל פון די פּוילישע סאָ-ציאַל-דעמאָקראַטן אַפן צוזאַמענפאָר דעם 31 (18) יולי

די קאָמיסיע געפינט אין איר באַריכט דעם אָנטייל פון די פּוילישע כאַווערים פאַר ווינטשענסווערט, דערביי בלויז מיט באַראַטונג־רעכט. לויט מיין מיינונג איז דאָס פולקום ריכטיק, און עס דוכט זיך מיר פולקום באַגרינדעט אָנצוהייבן די רעזאָליוציע פון דער קאָמיסיע־גראָד פון דערדאָזיקער מעלדונג. זייער ווינטשענסווערט וואָלט אויך זיין די אָנוועזנהייט פון די לעטן און פון די ליטווינער, אָבער צום באַדויערן איז דאָס ניט דורכפירבאַר. די פּוילישע כאַווערים וואָלטן שטענדיק געקאָנט מעלדן זייערע באַדינגונגען פון פאַראייניקונג, אָבער זיי האָבן דאָס ניט געטאָן. דער אָרגאַניזיר־קאָמיטעט האָט דערביי ריכטיק געהאַנדלט, זייענדיק איינגעהאַלטן בענויגייע צו זיי. דער בריוו פון דער פּוילישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, וועלכן מ'האָט דאָ איבערגעלייענט, קלערט ווידעראַמאָל ניט אויף די פראגע. דעריבער לייג איך פאָר איינצולאַדן די פּוילישע כאַווערים אַלס געסט.

## 2. רעדע צו דער פראגע וועגן דער פּראָגראַם פון דער פּאַרטיי דעם 4-טן אויגוסט (22־טן יולי)

קוידעמקאָל דאַרף איך פאַרצייכענען דאָס אויסערסט כאַראַקטעריסטישע צוזאַמענמישן מיצאַד דעם כאַווער ליבער — דאָס צוזאַמענמישן אַן אַדל־מאַרשאַלעק מיט א שיכט אַרבעטנדיקע און עקספּלואַטירטע. דאָס דאָזיקע צוזאַמענמישן איז כאַראַקטעריסטיש פאַר די גאַנצע דעבאַטן. אומעטום מישט מען צוזאַמען איינצלנע עפּיזאָדן פון אונדזער פּאָלעמיק מיט דער איינשטעלונג פון פּרינציפּיעלע גרונטלאַגן. מע קאָן ניט לייקענען, ווי דאָס טוט כ' ליבער, אַז ס'איז מעגלעך דער איבערגאַנג אויך פון א שיכט (דער אָדער יענער) פון דער אַרבעטנדיקער און עקספּלואַטירטער באַפעלקערונג אויף דער זייט פונעם פּראָלעטאַריאַט. דערמאָנט זיך, אַז מאַרקס האָט אין 1852 יאָר, האָבנדיק אין זינען די אויפשטאַנדן פון די

* דער מאַנוסקריפּט איז ניט פאַרענדיקט. רעד.

** די רעדעס, וועלכע האָבן א שייכעס צום קאַמף קעגן „בונד", זיינען אַלע אָפּגעדרוקט אינעם באַנד VIII, ז. 1 פון דער יידישער אויסגאַבע. רעד.

פראָנצויזישע פויערים, געשריבן (אין „18 ברומער"), אַז דאָס פויערטום טרעט ארויס דאָס ווי אַ פאָרשטייער פון דער פארגאנגענהייט, דאָס ווי אַ פאָרשטייער פון דער צוקונפט: צום פויערטום קאָן מען אפעלירן, זייענדיק אויסן ניט בלויז זיין פארורטייל, אָבער אויך זיין פארשטאנד. דערמאָנט זיך ווייטער, אַז מארקס האָט אָנערקענט פאר פולקום ריכטיק די באַהויפּטונג פון די קאָמונאַרן, אַז די זאך פון דער קאָמונע איז אויך די זאך פונעם פויערטום. איך באַזער איבער, מע קאָן ניט צווייפלען, אַז בא געוויסע באדינגונגען איז דער איבערגאנג פון דעת אָדער יענער שיכט ארבעטנדיקע אפן צאד פונעם פראָלעטאריאט בשום אויפן ניט אומעגלעך. די גאנצע זאך איז אין דעם, ריכטיק צו באַשטימען דידאָזיקע באדינגונגען. און אין די ווערטער „גייען אַריבער אפן שטאַנדפּונקט פונעם פראָלעטאַריאט" איז די באדינגונג, ווען וועלכער ס'האנדלט זיך, אויסגעדריקט מיט דער פולער גענויקייט. דאפקע דידאָזיקע ווערטער גרענעצן אָפּ אונדז, סאָציאַל-דעמאָקראטן, אפן אנטשיידנסטן אויפן פון אלערליי, קלוימערשט סאָציאַליסטישע, שטרעמונגען ביכלאל און פון די אזוי אָנגערופענע סאָציאַליסטן-רעוואָליוציאָנערן ביפראט.

איך גיי אריבער צו יענעם שטרייטבארן אָרט פון מיין בראָשור „וואָס דארף מען טאָן" *, וועלכע האָט דאָ ארויסגערופן אַזויפיל פיירושים. דוכט זיך, נאָך די אַלע פיירושים איז שוין די פראגע קלאָר געוואָרן אף אַזויפיל, אַז עס בלייבט מיר ווייניק וואָס צוצוגעבן. עס איז קלאָר, אַז דאָ האָט מען צוזאמענגעמישט די פרינציפיעלע איינשטעלונג פון אַ גרויסער טעאָרעטישער פראגע (אויסארבעטונג פון דער אידעאָלאָגיע) מיט איין עפּיזאָד פונעם קאמף אקעגן עקאָנאָמיזם, און דערביי איז דערדאָזיקער עפּיזאָד איבערגעגעבן געוואָרן אינגאנצן ניט ריכטיק.

קעדיי צו דערווייזן דידאָזיקע לעצטע האנאָכע, קאָן איך זיך באַרופן, קוידעמקאָל אף די כ"כ אקימאָוו און מארטינאָוו, וועלכע האָבן דאָ גערעדט. זיי האָבן אָנשוילעך באַוויזן, אַז דאָ האנדלט זיך דאפקע וועגן אַן עפּיזאָד פונעם קאמף אקעגן עקאָנאָמיזם. זיי זיינען ארויסגעטראָטן מיט אָנשוינגען, וועלכע מע האָט שוין אָנגערופן (און מיט רעכט אָנגערופן) אָפּאָרטוניזם. זיי זיינען דערגאנגען סיי ביז „ווידערלייגן" די טעאָריע פון פארעלענדונג, סיי ביז „באַשטרייטן" די דיקטאַטור פונעם פראָלעטאריאט און אפילע ביז „דערפילונגסטעאָריע" ווי ס'האָט זיך אויסגעדריקט כ' אקימאָוו. עמעס, איך ווייס ניט, וואָס דאָס באַטייט. צי האָט כ' אקימאָוו ניט געוואָלט זאָגן וועגן דער „אויסליידיקונג-טעאָריע", דער טעאָריע וועגן דעם, אַז דער קאפּיטאליזם „ליידיקט זיך אויס" —, ד. ה. וועגן איינער פון די פּאָפּולערסטע, גאנגבארע אידייען פון דער בערנשטייניאנישער טעאָריע. כאָווער אקימאָוו איז אין דער פארטיידיקונג פון די אַלטע גרונטלאגן פונעם עקאָנאָמיזם ארויסגעטראָטן אפילע מיט אזא אומגעהויער אָריגינעלן ארגומענט, אַז בא אונדז אין דער פּראָגראם שטייט דאָס וואָרט פראָלעטאריאט קיין איינציק מאָל ניט

---

* זע I ב. 2 טייל (י״ד. אויסג.) ז. 34—35, 42—45.

אינעם נאָמינאַטיוו, העכסטנס — האָט אַרויסגערופן כ' אַקימאָוו — אַז דער פּראָלעטאַריאַט שטייט באַ זיי אין גענעטיוו. אַלזאָ, עס ווייזט זיך אַרויס, אַז דער נאָמינאַטיוו איז דער סאַמע בעקאָוועדיקער, און דער גענאַטיוו שטייט אויפן צווייטן אָרט לויט דער כּאָשעוודיקייט. עס בלייבט בלויז איבערגעבן רידאָזיקע האַשאָרע, עפּשער דורך אַ באַזונדער קאָמיסיע, דעם כ' ריאַזאַנאָוו, ער זאָל זיין ערשט געלערנט ווערק וועגן אויסיעס דערגאַנצן מיט אַ צווייט געלערנט ווערק וועגן דעקלינאַציעס.

וואָס אַנבאַלאַנגט די דירעקטע באַרופונגען אַף מיין בראָשור, „וואָס דאַרף מען טאָן?“, איז מיר זייער ניט שווער צו דערווייזן זייער אַרויסגעריסנקייט פונעם קאָנטעקסט. מע זאָגט: לענין דערמאָנט ניט וועגן קיין שום קעגנקעמפנדיקע טענדענצן, ער באַהויפּט אַבסאָליוט, אַז די אַרבעטער-באַוועגונג „גייט“ שטענדיק צו אונטערגעוואָרפנקייט אונטער דער בורזשואַזער אידעאָלאָגיע. טאַקע אַזוי? צי איז אָבער ניט געזאָגט באַ מיר, אַז די אַרבעטער-באַוועגונג ציט זיך צו בורזשואַזיקייט באַ דער *לייטזעליקער מיטווירקונג* פון די שולצע-דעליטשעס און *זייער גלייכן*?* — און ווער ווערט דאָ געמיינט אונטער „זייער גלייכן“? קיינער אַנדערער, ווי די עקאָנאָמיסטן, קיינער אַנדערער, ווי די מענטשן, וועלכע האָבן דעמאָלט גערעדט, אַז די בורזשואַזע דעמאָקראַטיע אין רוסלאַנד איז אַ פאַנטאָם**. איצטער איז גרינג אַזוי ביליק צו ריידן וועגן בורזשואַזן ראַדיקאַליזם און ליבעראַליזם, ווען אַלע זעען פאַר זיך מוסטערן פון דעם, אָבער צי איז פריער געווען אַזוי?

לענין נעמט גאָרניט אין אַכט, אַז אויך די אַרבעטער באַטייליקן זיך אין אויסאַרבעטן די אידעאָלאָגיע. טאַקע אַזוי? אָבער צי רעדט זיך באַ מיר ניט פיל און פיל מאָל, אַז גראָד דער גרעסטער כיסאָרן פון אונדזער באַוועגונג איז דער דויכעק אין פולקום באַוווסטזיניקע אַרבעטער, אַרבעטער-אָנפירער, אַרבעטער-רעוואָליוציאָנערן? צי רעדט זיך דאָרטן ניט, אַז דאָס אויסאַרבעטן אַזעלכע אַרבעטער-רעוואָליוציאָנערן דאַרף ווערן אונדזער אָרדנטלעכע אויפגאַבע***. צי ווערט דאָרטן ניט אָנגעוויזן אַף דער וויכטיקייט פון אַנטוויקלען די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג און באַשאַפן אַ ספּעציעלע פּראָפעסיאָנעלע ליטעראַטור?**** צי ווערט דאָרט ניט געפירט קיין פאַרצווייפלטער קאַמף אַקעגן אַלע פּרוּוון אַראָפּצולאָזן דאָס ניוואָ פון די פאָרגעשריטענע אַרבעטער ביז דעם ניוואָ פון דער מאַסע אָדער ביז דעם ניוואָ פון די מיטלמענטשן?

איך וועל ענדיקן. אַלע ווייסן מיר איצט, אַז די עקאָנאָמיסטן האָבן אויסגעבויגן דעם שטעקן אין איין זייט. קעדיי אויסצוגלייכן דעם שטעקן, האָט מען געמוזט אויסבויגן דעם שטעקן אין דער אַנדערער זייט, און איך האָב דאָס געטאָן. איך בין זיכער, אַז די רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע וועט שטענדיק מיט ענערגיע

* זע I באַנד, 2 טייל (יידישע אויסג.) ז. 45—46.
** אַ געשפּענסט, אַ פאַנטאַזיע.
*** זע יידישע אויסגאַבע I באַנד, 2 טייל, ז. 133—136.
**** זע יידישע אויסגאַבע I באַנד, 2 טייל ז. 116—119, 153—155.

אויסבויגן דעם שטעקן, וועלכן ס'בויגט אויס איטלעכער אָפּאָרטוניזם, און אַז אונדזער שטעקן וועט דעריבער שטענדיק זיין דער סאמע גלייכער און דער סאמע ווידערשטאנד-פעיִקער.

## 3. רעפעראט וועגן דעם פארטיי-סטאטוט
## דעם 11-טן אווגוסט (29 יולי)

לענין (רעפערענט) גיט א דערקלערונג מיקוויעד דעם סטאטוט-פּראָיעקט, וועלכן ער האָט פאָרגעלייגט. די גרונט-אידיי פונעם סטאטוט איז די פאנאנדערטיילונג פון די פ ו נ ק צ י ע ס. דעריבער, לעמאָשל, איז די טיילונג אף צוויי צענטרען ניט קיין רעזולטאט פון צעטיילן דידאָזיקע צענטרען לויטן אָרט (רוסלאנד און אויסלאנד), נאָר א לאָגישער רעזולטאט פונעם פאנאנדערטיילן לויט פונקציעס. דעם צענטראַל-קאָמיטעט געהערט די פונקציע פון פּראקטישער אָנפירונג, דעם צענטראַל-אָרגאן — פון אידייִשער אָנפירונג. קעדיי צו פאַרייניקן די טעטיקייט פון דידאָזיקע צוויי צענטרען, קעדיי אויסמיידן אָפּגעזונדערטקייט צווישן זיי און טיילווייז, קעדיי צו לייזן קאָנפליקטן, איז נייטיק דער ראט, וועלכער דארף גאָרניט טראָגן קיין כאראקטער פון א ריינער בוירערים-אינסטיטוציע. די פאראגראפן פונעם סטאטוט, וועלכע באַציִען זיך צו די פארהעלטענישן צווישן דעם צענטראַל-קאָמיטעט און די אָרטיקע, וועלכע באַשטימען די קאָמפּעטענץ-ספערע פונעם צענטראַל-קאָמיטעט, קאָנען ניט און דארפן ניט איבערעכענען אַלע פונקטן, אין וועלכע דער צענטראַל-קאָמיטעט איז קאָמפּעטענט. אזא איבערעכענונג איז ניט מעגלעך און גיט באַקוועם, ווייל עס איז אומעגלעך פאָרויסצוזען אַלע מעגלעכע פאלן, און אַבויץ דעם וועלן די ניט-איבערגערעכנטע פונקטן אַזוי ווי ניט געהערן צו דער קאָמפּעטענץ פונעם צענטראַל-קאָמיטעט. מע מוז איבערלאָזן דעם צענטראַל-קאָמיטעט, ער זאָל אַליין באַשטימען זיין קאָמפּעטענץ-ספערע, ווייל אין איטלעכן אָרטיקן איניען קאָנען אָנגערירט ווערן אַלגעמיין-פּארטייִשע אינטערעסן, און ס'איז נייטיק איבערצולאָזן דעם צענטראַל-קאָמיטעט די מעגלעכקייט אריינצומישן זיך אין אָרטיקע איניאָנים, עפּשער טראָץ די אָרטיקע אינטערעסן, אָבער אין די אַלגעמיין-פּארטייִשע צילן.

## 4. ערשטע רעדע באַם באַהאנדלען די אגראר-פּראָגראם
## דעם 13 אווגוסט (31 יולי)

איך וועל פריער פאר אַלץ אָנווייזן אף איין דעטאל, וועלכע איז ארויסגעשווומען אין די דעבאטן. כ' יעגאָראָוו האָט אויסגעדריקט זיין באַדויערן וועגן דעם, וואָס ס' איז ניטאָ קיין פּאָרטראג, וועלכער וואָלט קאָנען באַדייטנדיק פאַרגרינגערן און געבן א ריכטונג אַלע אונדזערע דעבאטן. אלס פּאָרטרעגער האָט מען פאָרגעשלאָגן מיר, און מיר קומט אַזוי ווי אויס צו פאַרטיידיקן זיך פאר דעם פעלן פון א פּאָרטראָג. און איך וועל זאָגן צוליב פאַרטיידיקן זיך, אַז א פּאָרטראָג האָב איך: דאָס איז מיין ענטפער דעם כ' איקס, וועלכער ענטפערט גראָד אף

די סאַמע פאַרשפּרייטע דערווײַדערונגען און מיספאַרשטייענישן, וואָס ווערן אַרויסגערופן דורך אונדזער אַגראַר־פּראָגראַם, און וועלכן מע האָט פאַנאַנדערגעגעבן אַלע דעלעגאַטן פונעם צוזאַמענפאָר. דער פּאָרטראָג הערט ניט אויף צו זיין אַ פּאָרטראָג צוליב דעם, וואָס ער דרוקט זיך און ווערט פאַנאַנדערגעגעבן די דעלעגאַטן, אָבער ניט געלעזן פאַר זיי.

איך וועל אַריבערגיין צום אינהאַלט פון די רעדעס פון די רעדנער, וועלכע האָבן צום באַדויערן ניט גענומען אין באַטראַכט גראָד אָט דעם פּאָרטראָג מיינעם. כ' מאַרטינאָוו, לעמאָשל, האָט ניט גענומען אין באַטראַכט אַפילו די פריערדיקע ליטעראַטור וועגן אונדזער אַגראַר־פּראָגראַם, ווען ער האָט ווידער און ווידער גערעדט וועגן פאַריכטן די היסטאָרישע אומגערעכטיקייט, וועגן אומזיסט אומקערן זיך אויף 40 יאָר צוריק, וועגן פאַרגיכטן ניט דעם מאָדערנעם פעאָדאַליזם, נאָר דעם פעאָדאַליזם פון די 60־ער יאָרן א. א. וו. ס'קומט אויס איבערצוכאַזערן זיך, ענטפערנדיק אויף דיזאָזיקע אַרגומענטן. אויב מיר וואָלטן זיך שטיצן בלויז אויפן פּרינציפּ פון „פאַריכטן די היסטאָרישע אומגערעכטיקייט“, — וואָלטן מיר זיך געלאָזט פירן בלויז דורך דעמאָקראַטישער פראַזע. אָבער מיר באַרופן זיך אויף די איבערלעבונגען פון דער לייביינגשאַפט, וועלכע עקזיסטירן אַרום אונדז, אויף דער הייניקער ווירקלעכקייט, אויף דעם, וואָס דריקט און פאַרהאַלט היינט דעם באַפרייונג־קאַמף פונעם פּראָלעטאַריאַט. מע באַשולדיקט אונדז אין אומקערן זיך צו דעם גראָען אַלטערטום. דיזאָזיקע באַשולדיקונג באַווייזט בלויז דאָס ניט־וויסן די סאַמע אַלגעמיין־באַוווּסטע פאַקטן וועגן דער טעטיקייט פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטן פון אַלע לענדער. איבעראַל און אומעטום שטעלן זיי אַרויס אין פאַרווירקלעכן די אויפגאַבע: פאַרענדיקן דאָס, וואָס עס האָט ניט דערמאַכט ביז סאָף די בורזשואַזיע. גראָד דאָס טוען מיר. און כדי דאָס צו טאָן, מוז מען זיך אומקערן צו דער פאַרגאַנגענהייט, און די סאָציאַל־דעמאָקראַטן פון איטלעכן לאַנד מאַכן דאָס, אומקערנדיק זיך שטענדיק צו זייער 1789, צו זייער 1848 יאָר. אויך די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן קאָנען ניט אומקערן זיך צו זייער 1861 יאָר, און אומקערן זיך וואָס ענערגישער און וואָס עפטער, וואָס אַ קלענערן טייל דעמאָקראַטישע איבערבלײַבעכצן ס'האָט פאַרווירקלעכט אונדזער פויערשע, איך בעט אייך איבער אייער קאָוועד, „רעפאָרם“.

וואָס אָנבאַלאַנגט דעם כ' גאָרין, מאַכט ער אויך דעם געוויינלעכן פעלער, פאַרגעסנדיק וועגן דער רעאַל־עקזיסטירנדיקער פּריצישער קאַבאַל. כ' גאָרין זאָגט, אַז „די האָפענונג אויף די אָפּשניטן האַלט איין צוזאַמען דעם קליינעם פויער אין אַנטיפּראָלעטאַרישער אידעאָלאָגיע“. אָבער אין דער ווירקלעכקייט האַלטן איין די איצטיקע אָפּשניטן, ניט די „האָפענונג“ אויף די אָפּשניטן, — האַלטן זיי אין צוזאַמען די לייביינגשאַפטלעכע קאַבאַל, און ס'איז ניטאָ קיין אַנדער אויסוועג פון דעראָזיקער קאַבאַל, פון דעראָזיקער לייביינגשאַפטלעכער אָרענדע, סיידן די קלוימערשט־אָרענדאַטאָרן זאָלן זיך פאַרוואַנדלען אין פרייע אייגנטימער.

ענדלעך האָט כ. יעגאָראָוו אַוועקגעשטעלט פאַר די אַוטאָרן פון דער פּראָגראַם די פראַגע וועגן איר באַדײַטונג. צי איז די פּראָגראַם, האָט ער געפרעגט, אַן אויספיר פון אונדזערע גרונט-אידייען וועגן דער עקאָנאָמישער עוואָליוציע פון רוסלאַנד, אַ וויסנשאַפטלעכע פאָרויסנעמונג פון דעם מעגלעכן און אומפאַרמיידלעכן רעזולטאַט פון די פּאָליטישע איבעראַנדערשונגען (אין דעם פאַל וואָלט כ. יעגאָראָוו קאָנען מאסכּים זײַן מיט אונדז), אָדער אונדזער פּראָגראַם איז אַ פּראַקטיש אַגיטאַטאָרישער לאָזונג, און דעמאָלט וועלן מיר ניט שלאָגן קיין רעקאָרד איבער די סאָציאַליסטן-רעוואָליוציאָנערן, דעמאָלט דאַרף די דאָזיקע פּראָגראַם אָנערקענט ווערן פאַר ניט קיין ריכטיקער. איך דאַרף זאָגן, אַז איך פאַרשטיי ניט דעם דאָזיקן אונטערשייד, וועלכן ס'פירט דורך כ. יעגאָראָוו. אויב אונדזער פּראָגראַם וואָלט ניט אַנטשפּרעכן דער ערשטער באַדינגונג, וואָלט זי געווען ניט קיין ריכטיקע, און מיר וואָלטן זי ניט קאָנען אָננעמען. אָבער אויב די פּראָגראַם איז ריכטיק, קאָן זי ניט ניט געבן קיין פּראַקטיש טויגלעכן לאָזונג פאַר דער אַגיטאַציע. דער ווידערשפּרוך צווישן כ. יעגאָראָווס צוויי דילעמען איז בלויז אַ שײַנבאַרער: אין דער ווירקלעכקייט קאָן אַזאַ ווידערשפּרוך ניט זײַן, ווײַל די ריכטיקע טעאָרעטישע לייזונג באַוואָרנט אַ זיכערן דערפאָלג אויך פון דער אַגיטאַציע. און מיר שטרעבן גראָד צו אַ זיכערן דערפאָלג און ווערן גאָרניט ניספּאָעל פון צײַטווײַליקע ניט-דערפאָלגן.

אויך כ. ליבער האָט איבערגעכאַזערט די דערווידערונגען, וועלכע זײַנען שוין לאַנג אָפּגעוואָרפן, וווּנדערנדיק זיך, ווי „מיזעריש" (קליינלעך) ס'איז אונדזער פּראָגראַם און פאָדערנדיק „ראַדיקאַלישע רעפאָרמען" אויך אינעם אַגראַר-געביט. כ. ליבער האָט פאַרגעסן וועגן דעם אונטערשייד צווישן דעם דעמאָקראַטישן און דעם סאָציאַליסטישן טייל פון דער פּראָגראַם: ער האָט אָנגענומען פאַר „מיזערישקייט" דאָס פעלן פון עטוואָס סאָציאַליסטישעס אין דער דעמאָקראַטישער פּראָגראַם. ער האָט ניט באַמערקט, אַז דער סאָציאַליסטישער טייל פון אונדזער אַגראַר-פּראָגראַם געפינט זיך אין אַן אַנדער אָרט, נעמלעך אין דעם אַרבעטער-אָפּטייל, וועלכער באַציט זיך אויך צו דער לאַנדווירטשאַפט. בלויז די סאָציאַליסטן-רעוואָליוציאָנערן מיט דער פּרינציפּלאָזיקייט, וועלכע איז פאַר זיי כאַראַקטעריסטיש, קאָנען צוזאַמענמישן און מישן צוזאַמען שטענדיק די דעמאָקראַטישע און די סאָציאַליסטישע פאָדערונגען, אָבער די פּאַרטיי פונעם פּראָלעטאַריאַט איז מחויב אויפן שטרענגסטן אויפן צעטיילן זיי און אונטערשיידן צווישן זיי.

## 5. צווייטע רעדע באַם באַהאַנדלען די אַגראַר-פּראָגראַם דעם 14 (1) אויגוסט

איידער איך וועל אַריבערגיין צו די דעטאַלן, וויל איך דערווידערן אַף איייניקע אַלגעמיינע האַנאָכעס, און פריִער פאַר אַלץ דעם כ. מאַרטינאָווס. כ. מאַרטינאָוו זאָגט, אַז מיר דאַרפן קעמפן ניט מיט יענעם פעאָדאַליזם, וועל-

כער איז געווען, נאָר מיט דעם, וואָס איז פאַראַן היינט. דאָס איז ריכטיק, אָבער איך וועל דערמאָנען מיין ענטפער דעם כ. איקס. יענער האָט זיך באַרופן אַף סאַראַטאָווער גובערניע, איך האָב גענומען די אָנגאַבן פון דערזעלביקער סאַראַטאָווער גובערניע, און ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן: דער פאַרנעם פון די אָפשניטן בילדעט דאָרט 600.000 דעסיאַטין, ד. ה. צוויי פינפטל פון דער גאַנצער ערד, וועלכע האָט זיך געפונען אינעם באַזיץ פון די פויערים בײַ דער לייבייגנשאַפט, און די אַרענדע בילדעט 900.000 דעסיאַטין; אַלזאָ, צוויי דריטל פון דער אַרענדירטער ערד — זיינען אָפשניטן. הייסט דאָס מיר שטעלן אויף דעם ערד-באַנוץ אַף צוויי דריטל. הייסט דאָס, מיר קעמפן ניט מיט אַ געשפענסט, נאָר מיט אַ רעאַלן בייז. מיר וואָלטן געקומען דערצו, וואָס ס'האָט זיך באַקומען אין אירלאַנד, ווו ס'איז נייטיק געווען אַ מאָדערנע פויערשע רעפאָרם, וועלכע פאַרוואַנדלט די פערמערס אין קלייניגנטימער. אַף דער אַנאַלאָגיע צווישן אירלאַנד און רוסלאַנד איז שוין אָנגעוויזן געוואָרן אין דער עקאָנאָמישער ליטעראַטור פון די פאָלקיסטן. כ. גאָרין זאָגט, אַז דאָס מאָסמיטל, וואָס איך לייג פאָר, איז ניט דאָס בעסטע, אַז בעסער איז אַריבערצופירן אין שטאַנד פון פרייע אַרענדאַטאָרן. אָבער ער האָט אַ טאָעס, מיינענדיק, אַז דאָס אַריבערפירן פון האַלב-פרייע אַרענדאַטאָרן אין פרייע איז בעסער. מיר טראַכטן ניט אויס דעם איבערגאַנג, נאָר מיר לייגן פאָר אַזאַ, בײַ וועלכן דער יורידישער ערדבאַנוץ ווערט אַנטשפרעכנדיק דעם פאַקטישן, און פאַרניכטן דערמיט די היינטיקע קאַבאַל-באַציונגען. מאַרטינאָוו זאָגט, אַז מיזעריש זיינען ניט אונדזערע פאָדערונגען, מיזעריש איז יענער פרינציפ, פון וועלכן זיי דרינגען אַרויס. אָבער דאָס איז ענלעך צו די האיעס, וועלכע עס ברענגען אַקעגן אונדז די סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן. אינעם דאָרף פאַרפאָלגן מיר צוויי קוואַליטאַטיוו-פאַרשיידענע צילן: ערשטנס, ווילן מיר באַשאַפן פרייהייט פון בורזשואַזע באַציונגען, צווייטנס, פירן דעם קאַמף פונעם פראָלעטאַריאַט. אונדזער אויפגאַבע איז, טראָץ די פאָרורטיילן פון די סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן — צו באַווייזן די פויערים, ווו עס הייבט זיך אָן די רעוואָלוציאָנער-פראָלעטאַרישע אויפגאַבע פונעם פויערשן פראָלעטאַריאַט. דעריבער זיינען ניט גילטיק כ. קאַסטראָווס דערווידערונגען. מע זאָגט אונדז, אַז דאָס פויערטום וועט זיך ניט באַפרידיקן מיט אונדזער פראָגראַם, אַז דאָס וועט גיין ווייטער: אָבער מיר האָבן ניט קיין מורא פאַר דעם, דערצו איז בײַ אונדז פאַראַן אונדזער סאָציאַליסטישע פראָגראַם, און דעריבער האָבן מיר ניט קיין מורא אויך פאַר איבערטיילן די ערד, וואָס דאָס שרעקט אַזוי די כ. כ. מאַכאָוו און קאַסטראָוו.

איך פאַרענדיק. כ. יעגאָראָוו האָט אָנגערופן כימערע אונדזער האָפענונג אַף די פויערים. ניין! מיר לאָזן זיך ניט מיטרייסן, מיר זיינען גענוג סקעפטיקער, מיר זאָגן דעריבער דעם פויערשן פראָלעטאַריער: „דו קעמפסט היינט צוזאַמען מיט דער פויערשער בורזשואַזיע, אָבער דו דאַרפסט זיין שטענדיק

פּאַרטײַ צום קאַמף אַקעגן דער־דאָזיקער בורזשואַזיע, און דערמאָזיקן קאַמף וועסטו פירן צוזאַמען מיט די שטאָטישע אינדוסטריעלע פּראָלעטאַריער".

אינעם 48 יאָר האָט מאַרקס געזאָגט, אַז בײַ די פּויערים איז פאַראַן ניט בלויז פאָרורטייל, נאָר אויך פאַרשטאַנד. און אַגװײַזנדיק איצט דער פּויערשער אָרעמשאַפט אויף דער סיבע פון איר אָרעמקייט, קאָנען מיר רעכענען אויף דער־פאָלג. מיר גלויבן, אַז צוליב דעם, וואָס די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז איצט אַרויסגעטראָטן אין קאַמף פאַר די פּויערשע אינטערעסן, וועלן מיר אין דער צוקונפט רעכענען זיך מיטן פאַקט, אַז די פּויערשע מאַסע וועט געוויינט ווערן צו קוקן אויף דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, ווי אויף דער פאַרטיידיקערן פון אירע אינטערעסן.

## 6. דריטע רעדע בײַם באַהאַנדלען די אַגראַר־פּראָגראַם דעם 14 (1) אויגוסט

אומזיסט וואונדערט זיך כ. ליבער. ער פאָדערט פון אונדז איין אַלגעמיינע מאָס, אָבער אַזאַ מאָס עקזיסטירט ניט. עס קומט אויס אַרויסצורוקן איינמאָל— איינס, דאָס צווייטע מאָל—דאָס אַנדערע. בײַ אונדז זײַנען ניטאָ קיין שאַבלאָנען. ליבער ווײַזט אָן, אַז אונדזער פאָדערונג וועגן פאַרניכטן די לײַבייגנשאַפט פאַלט צוזאַמען מיט די פאָדערונגען פון די ליבעראַלן. אָבער די ליבעראַלן זאָגן ניט, וויאַזוי וועט די־דאָזיקע פאָדערונג דורכגעפירט ווערן. און מיר זאָגן, אַז זי דאַרף דורכגעפירט ווערן ניט דורך דער ביוראָקראַטיע, אָבער דורך די אונטערדריקטע קלאַסן, און דאָס איז שוין דער וועג פון רעוואָלוציע. דערין איז אונדזער ראַ־דיקאַלער אונטערשייד פון די ליבעראַלן, וועלכע „פאַרפאַסקודיען" דאָס פאָלקס־באַוואוסטזײַן מיט זייערע בקירעם וועגן איבעראַנדערשונגען און רעפאָרמען. אויב מיר וואָלטן קאָנקרעטיזירן אַלע פאָדערונגען וועגן פאַרניכטן די לײַבייגנשאַפט, וואָלטן זיך בײַ אונדז באַקומען גאַנצע בענד. דעריבער ווײַזן מיר בלויז אָן אויף די וויכטיקסטע פאָרמען און אַרטן פון פאַרשקלאַפונג, און אונדזערע קאָ־מיטעטן וועלן אין פאַרשיידענע געגנטן, אַלס אַנטוויקלונג פון דער אַלגעמיינער פּראָגראַם, אַרויסשטעלן און אויסאַרבעטן זייערע טיילווייזע פאָדערונגען. טראָצ־קיס אָנווײַזונג, אַז מיר קאָנען ניט באַרירן קיין אָרטיקע פאָדערונגען, איז ניט ריכטיק אין דער הינזיכט, אַז די פראַגע וועגן די כיזאַנען * און די צייט־ווײַליק־פאַרפליכטעטע ** איז ניט בלויז אַן אָרטיקע פראַגע. דערצו איז וועגן איר באַוואוסט אין דער אַגראַר־ליטעראַטור.

* כיזאַנען — זײַנען געווען אַ באַזונדערע קאַטעגאָריע פון פּויערים אין גרוזיע, וועלכע זײַנען אין דער לײַבייגנשאַפט קיינמאָל ניט געווען, אָבער זײַנען געווען געפּענ־טעט דורך אַ גאַנץ באַזונדערן פּאַק פליכטן בענוגע צו די פריצים.

איב.

** צײַטווײַליק פאַרפליכטעטע — פּויערים, וועלכע האָבן נאָך ניט אויסגעקויפט זייערע ערד־באַלאַקים.

איב.

# 7. רעדע באַם באַהאַנדלען דעם פּאַרטיי-סטאַטוט
## דעם 15 (2) אווגוסט

איך וואָלט פריִער פאר אלץ וועלן מאַכן צוויי באַמערקונגען פון א פּריוואַטער אַרט. ערשטנס, מיקויעך דעם ליבנסווירדיקן (איך זאָג דאָס אָן איראָניע) פאַרשלאָג פונעם כ. אַקסעלראָד „אופצודיגען זיך". איך וואָלט גערן געפאָלגט אזא צורוף, ווייל איך האַלט גאָר ניט אונדזער מיינונגספאַרשיידנהייט פאר אזא וויכטיקער, אז פון איר זאָל אָפּהענגען דאָס לעבן אָדער דער טויט פון דער פּאַרטיי. פון א שלעכטן סטאַטוט-פּונקט וועלן מיר נאָך ווייט ניט אומקומען! אָבער אויב ס'איז שוין דערגאַנגען ביז אן אויסוואַל צווישן צוויי פאָרמולירונגען, קאָן איך בעשום אויפן ניט אָפּזאָגן זיך פון מיין פעסטער איבערצייגונג, אז מאַרטאָווס פאָרמולירונג איז א פאַרערגערונג פונעם אָנפאַנגלעכן פּראָיעקט, א פאַרערגערונג, וועלכע קאָן ברענגען דער פּאַרטיי, בא געוויסע באַדינגונגען, ניט ווייניק שאָדן. די צווייטע באַמערקונג באַציט זיך צו כ. ברוקער. ס'איז גאַנץ נאַטירלעך, וואָס כ. ברוקער, וועלנדיק דורכפירן אומעטום דעם פּרינציפּ פון געוויילטקייט, האָט אָנגענומען מיין פאָרמולירונג, וואָס בלויז זי באַשטימט וויפל ניט איז גענוי דעם באַגריף פון א פּאַרטיי-מיטגליד. ס'איז פאר מיר דעריבער אומפאַרשטענדלעך, פאַרוואָס מאַרטאָוו האָט האַנאָע פון דעם, וואָס כ. ברוקער איז מיט מיר מאַסקים. שוין זשע אָנערקענט כ. מאַרטאָוו אינדערעמעסן, אז ער דאַרף האַנדלען אזוי, עס זאָל זיין דער היפּוך צו דעם, וואָס עס זאָגט כ. ברוקער, ניט אַנאַליזירנדיק זיינע מאָטיוון און אַרגומענטן? אַריבערגייענדיק צום מאָך פון דער זאַך, וועל איך זאָגן, אז כ. טראָצקי האָט אינגאַנצן ניט פאַרשטאַנען כ. פּלעכאַנאָווס גרונט-געדאַנק און איז דעריבער אין זיינע בקירעס אַרומגעגאַנגען פאַרביי דעם גאַנצן מאָך פון דער פראַגע. ער האָט גערעדט וועגן אינטעליגענטן און אַרבעטער, וועגן קלאַסן-שטאַנדפּונקט און וועגן מאַסן-באַוועגונג, אָבער ער האָט ניט באַמערקט איין גרונט-פראַגע: מיין פאָרמולירונג, צי פאַרשמעלערט זי דעם באַגריף פון א פּאַרטיי-מיטגליד אָדער זי פאַרברייטערט אים? אויב ער וואָלט פאר זיך געשטעלט דיזאָזיקע פראַגע, וואָלט ער לייכט דערזען, אז מיין פאָרמולירונג פאַרשמעלערט דעמדאָזיקן באַגריף, און מאַרטאָווס פאַרברייטערט אים, אז זי צייכנט זיך אויס (לויט מאַרטאָווס גופע ריכטיקן אויסדרוק) מיט „עלאַסטישקייט". און אין אזא פּעריאָד פונעם פּאַרטיי-לעבן, וועלכן מיר לעבן איבער, עפנט גראָד די „עלאַסטישקייט" ברייט די טירן פאר אלע עלעמענטן פון צעבלאָנזשעטקייט, וואַקלונג און אָפּאָרטוניזם. קעדיי צו ווידערלייגן דעמדאָזיקן איינפאַכן און באַשיימפּערלעכן אויספיר, דאַרף מען דערווייזן, אז אַזעלכע עלעמענטן זיינען ניטאָ, אָבער כ. טראָצקי'ן איז גאָר ניט איינגעפאַלן דאָס צו טאָן. און ס'איז אומעגלעך דאָס צו דערווייזן, ווייל אַלע ווייסן, אז אַזעלכע עלעמענטן איז פאַראַן ניט ווייניק, אז זיי זיינען פאַראַן אויך אינעם אַרבעטער-קלאַס. אָפּהיטן די פעסטקייט

פון דער פארטיי=ליניע און די ריינקייט פון די פארטיי=פרינציפן — דאס ווערט גראדע איצט דאס מער דרינגענדיק, וואס די פארטיי, ווייטער אופגעשטעלט אין איר איינהייט, וועט אריינעמען אין אירע רייען זייער פיל ניט שטאנדהאפטיקע עלעמענטן, וואס זייער צאל וועט וואקסן מיטן וווקס פון דער פארטיי. כ. טראצקי האט זייער ניט ריכטיק פארשטאנען דעם גרונט=געדאנק פון מיין בוך „וואס דארף מען טאן?“, ווען ער האט גערעדט, אז די פארטיי איז ניט קיין פארשווערער=ארגאניזאציע (דידאזיקע דערווידערונג האבן מיר געמאכט אויך פיל אנדערע). ער האט פארגעסן, אז איך לייג פאר אין מיין בוך א גאנצע ריי פארשיידענע טיפן פון ארגאניזאציע, אנהייבנדיק פון די קאנספיראטיווסטע און שמאלסטע און פארענדיקנדיק מיט פארהעלטניסמעסיק ברייטע און „פרייע“ (לויזע). ער האט פארגעסן, אז די פארטיי דארף זיין בלויז אן אוואנגארד=אטריאד, אן אנפירער פון דער געוואלטיקער מאסע פונעם ארבעטער=קלאס, וועלכער (דער קלאס) ארבעט אינגאנצן (אדער קימאט אינגאנצן) „אונטערן קאנטראל און אונטער דער אנפירונג“ פון די פארטיי=ארגאניזאציעס, אבער וועלכער גייט ניט אריין אינגאנצן און דארף ניט אריינגיין אינגאנצן אין דער „פארטיי“. גיט א קוק אינדערעמעסן, וואס פאר אויספירן עס באקומט כ. טראצקי צוליב זיין גרונט=פעלער. ער האט אונדז דא געזאגט, אז אונדזער פארטיי וואלט געווען א מאדנע, אויב רייען און רייען ארבעטער וואלטן ארעסטירט ווערן און אלע ארבעטער וואלטן געמאלדן, אז זיי געהערן ניט צו דער פארטיי. עפשער פארקערט? עפשער איז גאר מאדנע גראדע דעם כ. טראצקיס בקירע? ער האלט פאר טרויעריק דאס, וואס עס וואלט בלויז געקאנט פרייען איטלעכן וויפל ניט איז דערפארענעם רעוואליוציאנער. אויב הונדערטער און טויזנטער ארבעטער, וועלכע מען ארעסטירט פאר שטרייקן און דעמאנסטראציעס, וואלטן זיך ארויסגעוויזן אלס ניט=מיטגלידער פון דער פארטיי, וואלט דאס בלויז באוויזן, אז אונדזערע ארגאניזאציעס זייען גוט, אז מיר דערפילן אונדזער אויפגאבע — פארקאנספירירן א מער אדער ווייניקער שמאלן קרייז אנפירער, צוציענדיק צו דער באוועגונג א מעגלעך ברייטערע מאסע.

דער ווארצל פונעם פעלער בא יענע, וואס שטייען פאר מארטאווס פארמולירונג, באשטייט אין דעם, וואס ניט בלויז זיי איגנארירן איינע פון די גרונט=צארעס פון אונדזער פארטיי=לעבן, נאר פארקערט, דידאזיקע צארע פארהייליקן זיי אפילע. דידאזיקע צארע באשטייט אין דעם, אז אין דער אטמאספער פון א קימאט אלגעמיינער פאליטישער אומצופרידנקייט, בא די באדינגונגען פון דער פולער פארבארגנקייט פון דער ארבעט, בא די באדינגונגען, ווען דער גרעסטער טייל פון דער טעטיקייט ווערט קאנצענטרירט אין ענגע געהיימע קרייזלעך און אפילע אין פריוואטע צונויפקומענישן, איז אונדז העכסט שווער, קימאט אומעגלעך, אפצוגרענעצן די, וואס פלוידערן, פון די, וואס ארבעטן. און ס'וועט קוים געפינען זיך א צווייט לאנד, אין וועלכן דאס אופמישן פון די ביידע קאטעגאריעס זאל זיין אזוי געווייגלעך, זאל אריינטראגן אזא טהאס פלאנטער און

שאָדן, ווי אין רוסלאַנד. ניט בלויז אין דער אינטעליגענץ, אויך אין דער סוויווע פונעם אַרבעטער-קלאַס ליידן מיר האַרט פון דערדאָזיקער צאָרע, און כ. מאַרטאָוואָס פאַרמולירונג פאַרגעזעצלעכט דידאָזיקע צאָרע. דידאָזיקע פאַרמולירונג שטרעבט אומפאַרמיידלעך צו מאַכן אַלעמען און איטלעכן פאַר פּאַרטיי-מיטגלידער; כ. מאַרטאָוו האָט אַליין געדאַרפט אָנערקענען דאָס מיט אַן אויסריידעניש — „אויב איר ווילט, איז יאָ“ — האָט ער געזאָגט. דאַפקע דאָס ווילן מיר טאַקע ניט! דאַפקע דערפאַר שטעלן מיר זיך אַזוי אַנטשלאָסן אַנקעגן מאַרטאָוואָס פאַרמולירונג. עס איז בעסער, אַז צען, וועלכע אַרבעטן, זאָלן זיך ניט אָנרופן פּאַרטיי-מיטגלידער (ווירקלעכע טוער יאָגן זיך ניט נאָך „טשינעס“!), איידער איינער, וואָס פּלוידערט, זאָל האָבן דאָס רעכט און די מעגלעכקייט צו זיין אַ פּאַרטיי-מיטגליד. אָט איז אַ פּרינציפּ, וועלכן מע קאָן, ווי מיר דוכט זיך, ניט אומוואַרפן און וועלכער צווינגט מיך צו קעמפן אַקעגן מאַרטאָוו'ן. מע האָט מיר דערווידערט, אַז מיר גיבן דאָך די פּאַרטיי-מיטגלידער ניט קיין שום רעכט, און דעריבער דאַרף אויך ניט זיין קיין מיסברויכן. אַזאַ דערווידערונג איז אינגאַנצן ניט גילטיק: אויב עס איז באַ אונדז ניט אָנגעוויזן, וועלכע באַזונדערע רעכט עס באַקומט געמלעך אַ פּאַרטיי-מיטגליד, איז באַמערקט, אַז ס'איז באַ אונדז ניטאָ אויך קיין שום אָנווייזונגען וועגן דער באַגרענעצונג פון די רעכט פון אַ פּאַרטיי-מיטגליד. דאָס איז ערשטנס, און צווייטנס, און דאָס איז דער איקער, אומאָפּהענגיק אַפילע פון די רעכט, טאָר מען ניט פאַרגעסן, אַז איטלעכער פּאַרטיי-מיטגליד איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער פּאַרטיי און *די פּאַרטיי איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר איטלעכן מיטגליד*. און באַ אונדזערע באַדינגונגען פון פּאָליטישער טעטיקייט, באַ דעם עמבריאָנעלן צושטאַנד פון דער איצטיקער פּאָליטישער אָרגאַניזירטקייט, וואָלט געווען דירעקט געפערלעך און שעדלעך צו געבן ניט-מיטגלידער פון אַן אָרגאַניזאַציע רעכט אַף מיטגלידערשאַפט און אַרופלייגן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער פּאַרטיי אַף אַזעלכע מענטשן, וועלכע גייען ניט אַריין אין דער אָרגאַניזאַציע (און גייען ניט אַריין עפּשער בעקיוון). כ. מאַרטאָוו איז געווען אויסער זיך, וואָס ניט קיין מיטגליד פון אַן אָרגאַניזאַציע וועט ניט האָבן קיין רעכט, ניט קוקנדיק אַף זיין ענערגישער אַרבעט, אָנצורופן זיך אַפן גערעכט פּאַרטיי-מיטגליד. מיך שרעקט דאָס ניט. אַן ערנסטער שאָדן, פאַרקערט, וואָלט געווען, ווען אַפן גערעכט וואָלט זיך אַרויסגעוויזן פון דער נעגאַטיווער זייט אַזאַ מענטש, וועלכער רופט זיך אָן פּאַרטיי-מיטגליד, ניט געהערנדיק צו קיינער פון די פּאַרטיי-אָרגאַניזאַציעס. ס'איז אוממעגלעך צו ווידערלייגן, אַז אַזאַ פּערזאָן האָט געאַרבעט אונטערן קאָנטראָל און אונטער דער אָנפירונג פון אַן אָרגאַניזאַציע, — אוממעגלעך דאַפקע צוליב דער צעשוומענקייט פונעם טערמין. פאַקטיש — אין דעם קאָן ניט זיין קיין סאָפעק — וועלן די ווערטער „אונטער קאָנטראָל און אָנפירונג“ ברענגען דערצו, אַז *ס'וועט ניט זיין ניט קיין קאָנטראָל און ניט קיין אָנפירונג*.

קיינמאָל וועט דער צ. ק. ניט זיין בעקוועך צו פארשפרייטן אַ ווירקלעכן קאָנ־טראָל אף אלעמען, ווער ס'ארבעט, נאָר ער גייט ניט אריין אין די אָרגאַניזאַציעס. אונדזער אויפגאַבע איז — געבן דעם פּ אַ ק ט י ש ן קאָנטראָל אין די הענט פונעם צ. ק. אונדזער אויפגאַבע איז — אָפּהיטן די פעסטקייט, די אויסגע־האַלטנקייט, די ריינקייט פון אונדזער פּאַרטיי. מיר דאַרפן זיך באַמיען אויפצוהייבן דעם נאָמען און די באַדייטונג פון אַ פּאַרטיי־מיטגליד העכער, העכער און העכער, — און דעריבער בין איך קעגן מאַרטאָוו'ס פאָרמולירונג.

# פאַרוואָס בין איך אַרויסגעגאַנגען פון דער רעדאַקציע „איסקראַ" *

(אַ בריוו אין דער רעדאַקציע פון דער „איסקראַ")

דאָס איז גאָר ניט קיין פּערזענלעכע פראַגע. דאָס איז די פראַגע וועגן די פאַרהעלטעניש צווישן דער מערהייט און דער מינדערהייט פון אונדזער צוזאַמענפאָר. און איך בין מעכוּיעוו צו ענטפערן אף איר טייקעף און אָפן, מעכוּיעוו ניט בלויז דערפאַר, וואָס די דעלעגאַטן פון דער מערהייט פאַרשיטן מיך מיט אָנפראַגן, אָבער אויך דערפאַר, וואָס דער אַרטיקל „אונדזער צוזאַמענ־פאָר" אינעם № 53 „איסקראַ" האָט געגעבן אינגאַנצן ניט קיין ריכטיקע באַלייכטונג פון יענער ניט זייער טיפער, אָבער זייער דעזאָרגאַניזירנדיקער צע־טיילונג צווישן די איסקריסטן, צו וועלכער ס'האָט געבראַכט דער צוזאַמענפאָר.

דער אַרטיקל לייגט אויס די זאַך אַזוי, אַז קיינער וועט אַפילע דורך אַ פאַרגרעסער־גלאָז ניט אייגזען אין אים קיין איינציקע ווירקלעך ערנסטע סיבע פון דער צעטיילונג, קיינער וועט ניט דערזען אַפילע קיין שאָטן דער־קלערונג פון אַזאַ דערשיינונג, ווי די ענדערונג אינעם צוזאַמענשטעל פון דער רעדאַקציע פונעם צ. אָ., קיינער וועט ניט געפינען אַפילע קיין אָנבליק פון די ערנסטע סיבעס, צוליב וועלכע איך בין אַרויס פון דער קאָלעגיע. מיר זיינען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען אין דער פראַגע וועגן אָרגאַניזירן די פּאַרטיי־צענטרען — זאָגט דער פאַרפאַסער פונעם אַרטיקל — אין דער פראַגע וועגן דער פאַר־העלטעניש צווישן דעם צ. אָ. און דעם צ. ק., וועגן דעם אויפן פון דורכפירן דעם צענטראַליזם, וועגן די גרענעצן און דעם כאַראַקטער פון דער מעגלעכער און נוצלעכער צענטראַליזאַציע, וועגן דער שעדלעכקייט פונעם ביוראָקראַטישן פאָרמאַליזם.

טאַקע? אָבער צי זיינען מיר ניט פ אַ נ אַ נ ד ע ר ג ע ג אַ נ ג ע ן זיך אין דער פראַגע וועגן דעם פּערזענלעכן צוזאַמענשטעל פון די צענטרען, אין דער פראַגע וועגן דעם, צי איז ניט דערלאָזבאַר צוליב אומצופרידנקייט מיטן צוזאַ־מענשטעל, וועלכער איז אויסגעקליבן אפן צוזאַמענפאָר, צו באָיקאָטירן דידאָזיקע צענטרען, צו דעזאָרגאַניזירן די פּראַקטישע אַרבעט, איבערצומאַכן די באַ־

* דעמדאָזיקן בריוו אין רעדאַקציע האָב איך געשיקט אין דער „איסקראַ" גלייך נאָך דעם, ווי ס'איז דערשינען דער נומער 53, די רעדאַקציע האָט זיך אָפּגעזאָגט אים צו דרוקן אינעם נומער 54 און איך בין געצוווּנגען אַרויסצוטרעטן מיט אַ באַזונדער בלעטל.
לענינס אָנמערקונג

שלוסן פונעם פּאַרטיי-צוזאַמענפאָר צוליב א געוויסן קרייזל פון אויסלענדישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן, אַשטייגער, ווי די מערהייט פון דער ליגע? *.

איר ווייסט אויסגעצייכנט, אז די זאך איז געווען דאפקע אזוי. אָבער די געוואַלטיקע מערהייט פון די ווירקונגפולסטע און אַקטיווסטע פּאַרטייטוער ווייסן דאָס נאָך ניט, און איך וועל אינקורצן אָנצייכענען די גרונטפאקטן, — אין קורצן דערפאר וואָס אינגיכן, לויט דער מעלדונג פונעם № 53 פון דער „איסקראַ", וועלן פאַרעפנטלעכט ווערן די פולע מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פון אונדזער פאַנאַנדערגיין זיך.

אַף אונדזער צוזאַמענפאָר, ווי ס'ווייזט ריכטיק אָן סיי דער פארפאסער פונעם ארטיקל, מיט וועלכן מיר באַשעפטיקן זיך דאָ, סיי די דעלעגאַציע פונעם „בונד" אין איר נאָר וואָס דערשינענעם באריכט, איז געווען אַ באַדייטנדיקע מערהייט „איסקריסטן", לויט מיין כעזשבן ארום דריי פינפטל שטימען אפילע איידער עס זיינען אַוועקגעגאַנגען די דעלעגאַטן פונעם „בונד" און פון „ראַבאָטשעיע דיעלאָ". אין דער ערשטער העלפט פונעם צוזאַמענפאָר זיינען דידאַזיקע איסקריסטן געגאַנגען אייניק צוזאַמען אנקעגן אלע אַנטי-איסקריסטן און ניט-קאָנסעקווענטע איסקריסטן, באַזונדערס בוילעט האָט זיך דאָס אויסגעדריקט אין די צוויי אינצידענטן פון דער ערשטער העלפט פונעם צוזאַמענפאָר, וועלכע זיינען וויכטיק, קעדיי צו פארשטיין אונדזער פאַנאַנדערגיין זיך: אפן אינצידענט מיטן אָ. ק. און אפן אינצידענט מיט דער גלייכבארעכטיקונג פון שפּראַכן (אין דעם פאַל האָט די קאָמפּאַקטע מערהייט איסקריסטן דאָס איינציקע מאָל אַראָפּגעלאָזן זיך פון דריי פינפטל ביז אַ העלפט). אין דער צווייטער העלפט פונעם צוזאַמענפאָר האָבן די איסקריסטן אָנגעהויבן פאַנאַנדערצוגיין זיך און צום סאָף זיינען זיי אינגאַנצן פאַנאַנדערגעגאַנגען זיך. די שטרייטן וועגן § 1 פונעם פּאַרטיי-סטאַטוט און וועגן די וואַלן פון די צענטרען באַווייזן גענוי דעם כאַראַקטער פון דעמדאָזיקן פאַנאַנדערגיין זיך: די מינדערהייט פון די איסקריסטן (מיט מאַרטאָוו'ן בעראָש) קאָנצענטרירט אַרום זיך ביסלעכווייז אַלץ אַ גרעסערע און גרעסערע צאָל ניט-איסקריסטן און אומאַנטשלאָסענע עלעמענטן, שטייענדיק אַקעגן דער מערהייט איסקריסטן (צווישן וועלכע ס'זיינען געווען פּלעכאַנאָוו און איך). אפן פאראגראף 1 פונעם סטאַטוט האָט זיך דידאָזיקע גרופּירונג נאָך ניט אויסגעגאָסן אין קיין ענדגילטיקער פאָרם, אָבער די שטימען פון די בונדיסטן און צוויי פון די דריי שטימען פון די ראַבאָטשעדיעלצעס גיבן פונדעסטוועגן אַ איבערוואָג דער איסקרישער

* „אויסלענדישע ליגע פון דער רוסישער רעוואָליוציאָנערער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע" — א פאראייניקונג פון די אויסלענדישע גרופּן נאָך דער שפּאַלטונג מיט די עקאָנאָמיסטן. אפן צווייטן צוזאמענפאָר פון דער ליגע, וועלכער איז פאָרגעקומען נאָך דעם צווייטן צוזאמענפאָר פון דער רסדא"פּ, האָבן די מענשעוויקעס געהאט א מערהייט (22 שטימען אקעגן די 18 שטימען פון די באָלשעוויקעס). זיי האָבן דורכגעפירט אפן צוזאמענפאָר פון דער ליגע זייער גאנצע ליניע און אנטקעגנגעשטעלט אים דעם פּארטיי-צוזאמענפאָר. די באָלשעוויקעס האָבן דעם צוזאמענפאָר פארלאָזן און די מענשעוויקעס האָבן אליין דערפירט אים ביזן סאָף און אויסגעקליבן א מענשעוויסטישע אָנפירערשאפט („אדמיניסטראציע").

איב.

מינדערהייט. אַף די וואַלן פון די צענטערן ווערט די איסקרישע מערהייט די מערהייט פונעם פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר (אַדאַנק דעם, וואָס פונעם צוזאַמענפאָר זיינען אַוועק די פינף בונדישע און די צוויי ראַבאָטשעדיעלישע שטימען). און ערשט דאָ גייען מיר זיך פונאַנדער אין דעם ווירקלעכן זינען פונעם וואָרט.

אונדז צעטיילט מיך קוידעמקאָל דער צוזאַמענשטעל פונעם צ"ק. שוין נאָכן אינצידענט מיטן אָ. ק., אינעם סאַמע אָנהייב פונעם צוזאַמענפאָר, באַהאַנדלען די איסקריסטן היימ די קאַנדידאַטור פון פאַרשיידענע מיטגלידער (און ניט־מיטגלידער) פונעם אָ. ק. אין צ"ק, און אַף די ניט־אָפיציעלע פאַרזאַמלונגען פון דער אָרגאַניזאַציע „איסקרא“, נאָך לאַנגע און הייסע דעבאַטן וואַרפן זיי אָפּ איינע פון די קאַנדידאַטורן, וועלכע מאַרטאָוו האָט אונטערגעשטיצט, מיט ניין שטימען קעגן פיר באַ דריי אָפּגעהאַלטענע; נעמען אָן מיט צען שטימען אַקעגן צוויי באַ פיר אָפּגעהאַלטענע דעם צעטל פון פינף, אין וועלכן ס'איז אַריינגעפירט געוואָרן, לויט מיין פאָרשלאַג, איין לידער פון די ניט־איסקרישע עלעמענטן און איין לידער פון דער איסקרישער מינדערהייט. אָבער די מינדערהייט באַשטייט אַף דעם, זי זאָל האָבן דריי פון פינף, און כאַפּט אַדאַנק דעם אַ פולע מאַפּאָלע אַפן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר. פונקט אַזוי ענדיקט זיך די גרויסע שלאַכט, וואָס האָט זיך פאַרבונדן אַפן צוזאַמענפאָר אַרום דער פראַגע וועגן באַשטעטיקן דעם אַלטן זעקסלינג אָדער אויסקלייבן אַ נייעם דריילינג אין דער רעדאַקציע פונעם צ. אָ. *.

בלויז פון דעמדאָזיקן מאָמענט ווערט דאָס פונאַנדערגיין זיך אַף אַזויפיל פול, אַז דאָס פירט אַרויף אַפן געדאַנק וועגן שפּאַלטונג; בלויז פון דעמדאָזיקן מאָמענט הייבט די מינדערהייט אָן, וואָס דאָס איז ניט געזען געוואָרן אַפן צוזאַמענפאָר, אָפּצוהאַלטן זיך פון אָפּשטימונג (די מינדערהייט פאַרוואַנדלט זיך שוין אין אַ ווירקלעכע „קאָמפּאַקטע“ מינדערהייט). — דאָסדאָזיקע פונאַנדערגיין זיך פאַרשאַרפט זיך אַלץ מער נאָכן צוזאַמענפאָר. די אומצופרידענע מינדערהייט גייט אַריבער צו באָיקאָט, וועלכער ציט זיך כאַדאָשימלאַנג. אַף דעמדאָזיקן באָדן וואַקסן אויס באַשולדיקונגען אין ביוראָקראַטישן פאָרמאַליזם, באַשולדיקונגען, אַז מע פאָדערט מעכאַנישע געהאָרכזאַמקייט אָן שום טיינעם ווענמיינעם. און ענלעכע נישטיקייטן. ס'איז קלאָר, אַז דאָס איז אַלץ

* נעמענדיק אין באַטראַכט די מוירעדיקע צאָל שמועסן און פאַרדרייונגען, וועלכע זיינען אויפגעוועקט דורך דעמדאָזיקן באַרימטן „דריילינג“, וועל איך טייקעף באַמערקן, אַז נאָך לאַנג פאַרן צוזאַמענפאָר איז פאַר אַלע מער אָדער ווייניק נאָענטע כאַווייריִם באַקאַנט געווען מיין פּיירעש צום פּראָיעקט פון דער טאָג־אָרדענונג פונעם צוזאַמענפאָר. אין דעמדאָזיקן פּיירעש, וועלכער איז אומגעגאַנגען איבער די הענט אַפן צוזאַמענפאָר, שטייט: „דער צוזאַמענפאָר קלייבט אויס דריי פּערזאָנען אין דער רעדאַקציע פונעם צ. אָ. און דריי אין צ. ק. די דאָזיקע זעקס פּערזאָנען דערגאַנצן צוזאַמען, לויט דער מערהייט פון 2/3, אויב דאָס איז נייטיק, דעם צוזאַמענשטעל פון דער רעדאַקציע פונעם צ. אָ. און פונעם צ. ק. דורך קאָאָפּטאַציע און מאַכן אָן אָנטשפּרעכנדיקן באַריכט דעם צוזאַמענפאָר. נאָך דעם, ווי דער צוזאַמענפאָר באַשטעטיקט דעמדאָזיקן באַריכט, ווערט די ווייטערדיקע קאָאָפּטאַציע געמאַכט דורך דער רעדאַקציע פונעם צ. אָ. און דורך דעם צ. ק. באַזונדער.
לעניגס אָנמערקונג

א פרווו ארויפצוּוואַרפן פונעם קראַנקן קאָפּ אַפן געזונטן און אַז דאָס איז אַזוי, קאָן איליוסטרירט ווערן כאָטש מיט דעם פאָלגנדיקן טיפּישן צופאַל. די נייע רעדאַקציע (ד. ה. פלעכאַנאָוו און איך) לאָדט איין מיטצואַרבעטן אַלע אַלטע רעדאַקטאָרן, לאָדט איין, נאַטירלעך, פון אָנהייב אָן „פאָרמאַליזם“, מינדלעך. זי באַקומט אן אָפּזאָג. דעמאָלט שרייבן מיר א פּאַפּירל (ביוראָקראַטן!) צו די „געערטע כאַווירים“ און בעטן מיטאַרבעטן ביכלאַל און ביפראַט אויסלייגן זייערע מיינונגס-פאַרשיידנהייטן אַף די זייַטן פון די אויסגאַבן, וועלכע מיר רעדאַקטירן. מיר באַקומען א פאָרמעלע מעלדונג, אַז מע וויל גיט נעמען קיין שום אָנטייל אין דער „איסקראַ“. און טאַקע באַדאָשים-לאַנג אַרבעט ניט קיינער פון די ניט-רעדאַקטאָרן אין דער „איסקראַ“. די באַציונגען ווערן אויסשליסלעך פאָרמעל ביוראָקראַטישע, — צוליב וועמענס „איניציאַטיוו“?

מע הייבט אָן באַשאַפן אומלעגאַלע ליטעראַטור, וועלכע פילט אָן אויסלאַנד, ווערט פאַנאַנדערגעשיקט צו די קאָמיטעטן און הייבט שוין איצט אָן טיילווייז אומצוקערן זיך פון רוסלאַנד קיין אויסלאַנד. דער באַריכט פונעם סיבירער דעלעגאַט, — נ'ס בריוו וועגן די לאָזונגען פון דער „אָפּאָזיציע“, מאַרטאָווס „נאָכאַמאָל אין דער מינדערהייט“ זיינען פול מיט די קאָמישסטע באַשולדיקונגען אַנקעגן לענינען — אַז ער איז „זעלבסטהערשעריש“, אַז עס ווערט באַשאַפן א ראָביעספּערישער רעזשים פון קעפּונגען (אַזוי!), אַז עס ווערן אָרגאַניזירט פּאָליטישע קוורעס פאַר אַלטע כאַווירים (ניט אויסווייַלן אין די צענטרען הייסט באַגראָבן!) א. א. וו. דורכן גאַנג פון די געשעענישן ווערט די אָפּאָזיציע געצווּנגען אַף אויסזוכן אַזעלכע „פּרינציפּיעלע“ מיינונגס-פאַרשיידנהייטן אין די אָרגאַניזירפראַגן, וועלכע דערלאָזן ניט קיין געמיינזאַמע אַרבעט. באַזונדערס צופּט מען דערביי דעם „פינפטן מיטגליד“ אינעם פּאַרטיי-ראַט. אין אַלע אָנגעוויזענע ווערק שטעלט מען פאַר דעם ראַט, ווי לעניגס א דיפּלאָמאַטיע אָדער א פּאָקוס, ווי א ווערקצייַג פון אונטערדריקן דעם רוסישן צ"ק דורכן אויסלענדישן צ"אָ — פּונקט אַזוי ווי עס שטעלט פאַר די זאַך אויך די דעלעגאַציע פון „בונד“ אין איר באַריכט וועגן דעם צוזאַמענפאָר. ס'איז ניטאָ וואָס צו ריידן, אַז דידאָזיקע מיינונג-פאַרשיידנהייט איז פּונקט אַזאַ נישטיקייט, ווי דער באַרימטער ביוראָקראַטישער פאָרמאַליזם: דעם פינפטן מיטגליד ווײַלט אויס דער צוזאַמענפאָר; אַלזאָ, לאָזט זיך די זאַך אויס צו דער פּערזאָן, וועלכע פאַרדינט דעם גרעסטן צוטרוי פון דער מערהייט; און דער ווילן פון דער מערהייט פונעם פּאַרטיי-צוזאַמענפאָר וועט שטענדיק, בא איטלעכער אָרגאַניזאַציע פון די פּאַרטיי-צענטרען, אַנטפּלעקן זיך אין דעם צוקלייבן באַשטימטע פּערזאָנען.

ווי ווייט ס'איז פאַרשפּרייט געוואָרן אין אויסלאַנד דידאָזיקע גאַנצע ליטעראַטור, איז קענטיק פון דעם, אַז אפילע דער גוטער פּאַרוווּס * איז אַוועק אין

* פּאַרוווּס (פּסעוודאָנים פון א. ל. העלפאַנד, 1869—1924) — רוסישער עמיגראַנט, אין די 90-ער יאָרן און אָנפאַנג 900-ער יאָרן געאַרבעט אין דער דייטשישער סאָצ. דעמאָקראַטיע אַפן לינקן פליגל אירן, געקעמפט צוזאַמען מיט לוקסעמבורג אַקעגן די

א מאַרש אַקעגן דער שטרעבונג צו פאַרייניקן אַלע פּערעם אין איין האַנט און „קאָמאַנדעווען" (אַזוי!) מיט דעם אַרבעטער פון עפּעס א זשעניעוו. („פון דער וועלט-פּאָליטיק", V יאָרגאַנג, נומער 48, 30.XI.03). ס'וועט אָפּלויפן איין בוידעש, צוויי, אונדזער נייער קעגנער פון דער זעלבסטהערשונג וועט איבערלייענען די פּראָטאָקאָלן פון די צוזאַמענפאָרן פון דער פּאַרטיי און פון דער ליגע און וועט זיך איבערצייגן, אַז ס'איז לייכט צו ווערן לעכערלעך, אויב מע נעמט אָן פאַר א גוטע מאַטבייע איטלעכע פּאַרטיי-פּלוידעריי.

דער אָפּאָגיי פון די קריג-אָפּעראַציעס פון דער אָפּאָזיציע אַנקעגן די צענטרען איז געוואָרן דער צוזאַמענפאָר פון דער ליגע. פון זיינע פּראָטאָקאָלן וועלן די לעזער דערזען, צי זיינען גערעכט געווען יענע, וועלכע האָבן אים באַצייכנט אַלס אַרענע אַף אָפּרעכענען זיך פאַרן פּאַרטיי-צוזאַמענפאָר, צי איז אינעם אָנדראַנג פון דער אָפּאָזיציע געווען עטוואָס אַזוינס, וואָס האָט פּראָוואָצירט דעם צ"ק אַף פּולקום אויסעראָרדנטלעכע מאָסמיטלען (ווי ס'האָט זיך אויסגעדריקט דער צ"ק גופא, בישאַס די ענדערונג אינעם צוזאַמענשטעל פון דער רעדאַקציע האָט געגעבן א האָפענונג, אַז ס'וועט אין דער פּאַרטיי איינגעשטעלט ווערן שאָלעם). די רעזאָליוציעס פון דעמדאָזיקן צוזאַמענפאָר באַווייזן, וואָס פאַר א כאַראַקטער עס האָבן די „פּרינציפּיעלע" מיינונג-פאַרשיידנהייטן אין דער פראַגע וועגן זעלבסטהערשעריש ביוראָקראַטיזם.

די אַטמאָספער פון שפּאַלטונג האָט זיך נאָכן צוזאַמענפאָר פון דער ליגע אָנגעמערקט אַזוי דראָענדיק, אַז פּלעכאַנאָוו האָט באַשלאָסן צו קאָאָפּטירן די אַלטע רעדאַקציע. איך האָב פאָרויסגעזען, אַז די אָפּאָזיציע וועט זיך מיט דעם ניט צופרידנשטעלן, און האָב געהאַלטן פאַר אומעגלעך איבערצומאַכן דעם באַשלוס פונעם פּאַרטיי-צוזאַמענפאָר, קעדיי צוליב טאָן א ק ר י י ז ל. אָבער נאָך ווייניקער האָב איך געהאַלטן פאַר דערלאָזבאַר צו שטעלן זיך אינמיטן וועג אַקעגן דעם מעגלעכן שאָלעם אין דער פּאַרטיי, און בין דעריבער אַרויסגעגאַנגען פון דער רעדאַקציע נאָך דעם נומער 51 „איסקראַ", מעלדנדיק דערביי, אַז פון מיטאַרבעטערשאַפט זאָג איך זיך ניט אָפּ און אַז איך באַשטיי אַפילו ניט, עס זאָל וועגן מיין אַרויסגאַנג פאַרעפנטלעכט ווערן, אויב ס'וועט זיך איינשטעלן א גוטער שאָלעם אין דער פּאַרטיי. די אָפּאָזיציע האָט פאַרלאַנגט (ניט עס זאָל געענדערט ווערן די ניט-עקזיסטירנדיקע סיסטעם פון ביוראָקראַטיזם, פאָרמאַליזם, זעלבסטהערשונג, מעכאַניזם א. א., נאָר) עס זאָל ווייטער אופגעשטעלט ווערן די אַלטע רעדאַקציע, די פאָרשטייער פון אָפּאָזיציע זאָלן קאָאָפּטירט ווערן אין צענטראַל-קאָמיטעט, מע זאָל זיי געבן צוויי ערטער אינעם ראַט און דער צוזאַמענפאָר פון דער ליגע זאָל אָנערקענט ווערן פאַר געזעצלעך. דער צענטראַל-קאָמיטעט האָט פאָרגעלייגט צו גאַראַנטירן דעם שאָלעם, איינגייענדיק אַף

---

רעוויזיאָניסטן. באַטייליקט זיך אין דער „איסקראַ". נאָך דער שפּאַלטונג געשטיצט די מענשעוויקעס, האָגאַם אין איינִיקע פראַגן פאַנאַנדערגעגאַנגען זיך מיט זיי. האָט אַרויסגערוקט די טעאָריע פון דער „פּערמאַנענטער רעוואָליוציע". בעשאַס דער אימפּ. מילכאָמע געוואָרן א סאָציאַל-שאָוויניסט און פאַרקויפט זיך צו דער דייטשישער רעגירונג.

קאָאָפּטירן צוויי אין צ״ק, אף איבערגעבן איין אָרט אינעם ראַט, אף דעם, אז די ליגע זאָל בעהאדראָגע רעאָרגאַניזירט ווערן. די אָפּאָזיציע האָט אָפּגעוואָרפן אויך דידאָזיקע טנאָים. די רעדאַקציע האָט מען קאָאָפּטירט, און די פראַגע וועגן שאַלעם איז געבליבן אָפן. אזוי איז געווען די לאַגע צו דעם מאָמענט, ווען ס'איז ארויסגעגאַנגען דער נומער 53 „איסקרא“.

אז די פּאַרטיי וויל שאַלעם און פּאָזיטיווע ארבעט, דערינען איז קוים דערלאַזבאר צו צווייפלען. אָבער אזעלכע ארטיקלען, ווי „אונדזער צוזאמענפאָר“, שטערן, עס זאָל זיך איינשטעלן שאַלעם, שטערן דערמיט, וואָס זיי הייבן אוף רעמאָזים און אָפּגעריסענע שטיקלעך פון פראַגן, וועלכע זייגען אומפארשטענדלעך און קענען ניט זיין פארשטענדלעך, אויב מע זאָל ניט פולשטענדיק אויסלייגן אלע פּעריפּעטיעס פונעם פאנאנדערגיין זיך; זיי שטערן דערמיט, וואָס זיי ווארפן ארוף די שולד פון אן אויסלענדישן קרייזל אף אונדזער פּראַקטישן צענטער, וועלכער איז פארנומען מיט דער שווערער ארבעט פון פאקטיש פאראייניקן די פּאַרטיי און וועלכער האָט אויך אָן דעם שוין באַגעגנט און באַגעגנט אויך איצט צו פיל שטערונגען אפן וועג פון דורכפירן דעם צענטראַליזם. די רוסישע קאָמיטעטן פירן א קאמף אקעגן דער דעזאָרגאַניזאַטאָרישער טעטיקייט, וועלכע טאָרמאָזירט די גאַנצע ארבעט, אקעגן דעם באָיקאָט מיצאד דער מינדערהייט. רעזאָלוציעס אין דעם זינען זייגען שוין צוגעשיקט געוואָרן מיצאַד דעם פּעטערבורגער קאָמיטעט, דעם מאָסקווער, דעם ניזשעגאָראָדער, דעם טווערער, דעם אָדעסער, דעם טולער, דעם צאָפן-פארבאַנד.

מיר זייגען זאט מיט דער אויסלענדישער ליטעראַטן-רייסעניש! זאָל זי איצט דיגען פאר די פּראַקטיקער פון רוסלאַנד אלס מוסטער דערפון, „וו אָ ס מ ע ד אַ ר ף נ י ט ט אָ ן“! זאָל די רעדאַקציע פונעם צ. אָ. פון דער פּאַרטיי רופן אלעמען צו מאכן א סאָף מיטן באָיקאָט, פון וועלכן צאד ער זאָל ניט פּראַקטיקירט ווערן, צו אייניקער ארבעט אונטער דער אָנפירונג פונעם צ״ק פון דער פּאַרטיי!

* * *

און דער אונטערשייד צווישן די שאַטירונגען בא די „איסקריסטן? ווער פרעגן דער לעזער. ערשטנס, וועלן מיר דערוף ענטפערן, באַשטייט לויט דער מיינונג פון דער מערהייט דער אונטערשייד אין דעם, אז מע קאָן און מע דארף דורכפירן די אייגענע מיינונגען אין דער פּאַרטיי אומאָפּהענגיק פון דעם, דער פּערזענלעכער צוזאמענשטעל פון די צענטרען זאָל איבערגעמאכט ווערן. איטלעכס קרייזל, זאָל אַפילע זיין פון די ראַבאָטשעדיעלצעס, האָט רעכט, אריינגייענדיק אין דער פּאַרטיי, צו פּאָדערן די מעגלעכקייט ארויסצוזאָגן און דורכצופירן זיינע מיינונגען, אָבער קיין איין קרייזל, זאָל זיין אפילע פון גענעראַלן, האָט ניט קיין רעכט צו פּאָדערן פּאָרשטייערשאפט אין די פּאַרטיי-צענטרען. צווייטנס, באַשטייט לויט דער מיינונג פון דער מערהייט דער אונטערשייד אין דעם, אז די שולדיקייט אין פּאָרמאַליזם און ביוראָקראַטיזם פאלט אף יענעם, וועלכער האָט מיט זיין באַזייטיקן זיך פון דער ארבעט אונטער דער אָנפירונג

פון די צענטרע פאַרשווערט די מעגלעכקייט צו פירן די ארבעט ניט=פאָרמאַליס=
טיש. דריטנס, איז מיר באקאנט אַז איינציקע, און בלויז אַזאַ איינציקע,
מיינונג=פאַרשיידנהייט אין די אָרגאַניזיר=פראַגן, גראָד יענע מיינונג=פאַרשיידנ=
הייט, וועלכע האָט זיך אויסגעדריקט אין די דעבאַטן וועגן דעם פּאַראַגראַף 1 פונעם
פּאַרטיי=סטאַטוט. ווען ס'וועלן דערשיינען די פּראָטאָקאָלן פונעם צוזאמענפאָר,
וועלן מיר זיך באַמיִען אומצוקערן זיך צו דערדאָזיקער פראַגע. מיר וועלן דאַ=
מאָלס באַווייזן, אַז מאַרטאָווס פאָרמולירונג איז דורכגעפירט געוואָרן דורך
ניט=איסקרישע און קלוימערשט=איסקרישע עלעמענטן ניט צופעליק, נאָר דער=
פאַר, וואָס זי מאַכט אַ שריט צום אָפּאָרטוניזם, אַז דעמדאָזיקן שריט זעען מיר
נאָך בעשיימפּערלעך—אין נ'ס בריוו און אין „נאָכאַמאָל אין דער מינדערהייט“ *.
די פּראָטאָקאָלן וועלן באַווייזן, אַז ס'איז פּאַקטיש ניט ריכטיק יענע מיינונג
פונעם פאַרפאַסער פונעם אַרטיקל „אונדזער צוזאַמענפאָר“, אַז קלוימערשט
„דער שטרייט באַם באַהאַנדלען דעם פּאַרטיי=סטאַטוט האָט זיך קאָנצענטרירט
קימאַט אויסשליסלעך אויף דער פראַגע וועגן אָרגאַניזירן די צענטראַל=אינסטיטו=
ציעס פון דער פּאַרטיי“. דאַפקע פאַרקערט. דער איינציקער וויפיל ניט איז
פּרינציפּיעלער שטרייט, וועלכער האָט פאַנאַנדערגעטיילט וויפיל ניט איז באַ=
שטימט ביידע צדדים, (ד. ה. די מערהייט און די מינדערהייט איסקריסטן),
איז געווען דער שטרייט וועגן דעם פּאַראַגראַף 1 פונעם פּאַרטיי=סטאַטוט. אָבער
די שטרייטן וועגן דעם צוזאַמענשטעל פונעם ראַט, וועגן קאָאָפּטירן אין די צענט=
רען א. א. וו. זיינען געבליבן שטרייטן צווישן איינצלנע דעלעגאַטן, צווישן מיר
און מאַרטאָוון א. ז. וו., דידאָזיקע שטרייטן האָבן באַרירט פּאַרהעלטענישמעסיק
זייער פּריוואַטע דעטאַלן, האָבן ניט אַרויסגערופן קיין שום באַשטימטע גרופּי=
רונג באַ די איסקריסטן, וועלכע פלעגן מיט זייער אָפּשטימונג קאָרעגירן דאָס
איינעם, דאָס דעם אַנדערן צווישן אונדז, וועלכער פלעגט איבערכאַפּן די מאָס.
אויסלאָזן צו דידאָזיקע שטרייטן די קוואַל פון די מיינונג=פאַרשיידנהייטן אין
די פראַגן וועגן די אויפגאַבעס פון דורכפירן דעם צענטראַליזם, וועגן זיינע גרע=
נעצן וועגן זיין כאַראַקטער א. א. וו., באַדייט איינפאַך צופוצן די פּאָזיציע פון
דער מינדערהייט און די מעטאָדן פון קאַמף פאַר ענדערן דעם פּערזאָנען=צוזאַ=
מענשטעל פון די צענטרען, וועלכן זי האָט געפירט און וועלכער האָט בלויז
אַליין אַרויסגערופן צווישן אונדז אַ פאַנאַנדערגיין זיך איבער פולן זינען פונעם
וואָרט.

אָנגעשריבן אָנפאַנג דעקאַבער 1903 י.
געדרוקט אַלס באַזונדער בלעטל אין
דעקאַבער 1390 י.

---

* דאַמאָלס וועלן מיר אויך בעטן צו דערקלערן, וואָס באַדייטן די אָנווייזונגען פונעם אַרטיקל „אונדזער צוזאַמענפאָר“ אויף דער ניט=פאַרדינטער ניט=אויפמערקזאַמקייט צו די ניט=איסקריסטן, אויף דער ניט=אָנטשפּרעכנדיקייט צווישן די שטרענגע סטאַטוט=פּונקטן און די רעאַלע קרעפטן=פאַרהעלטענישן אין דער פּאַרטיי. צו וואָס באַציִען זיך דידאָזיקע אָנווייזונגען?

לענינס אָנמערקונג

# אינהאלט

זייט

פראָלעטאריער פון אלע לענדער, פאראייניקט זיך!

ל ע נ י ן - ב י בּ ל י אָ ט ע ק

סעריע № 1

נ. לענין (וו. אוליאנאָוו)

# אויסגעוויילטע ווערק

בּאנד | טייל 2

## וואָס דארף מען טאָן?

אידיש: גאָלדבערג

צענטראלער פעלקער־פארלאג פון פ.ס.ס.ר

1930 מאָסקווע — כארקאָוו — מינסק 1930

# פון דער רעדאקציע

סעריי בעסער צו פארשטיין לענינס ווערק, דארף מען איבערלייענען א וועלכע ניט איז געשיכטע פון אל. ק. פּ. (ב): פון די איבערזעצטע אף אידיש ווערן רעקאָמענדירט:

פּאָפּאָוו נ. נ.

יאראָסלאווסקי (ערשטער טייל)

באזונדערס, פערטער קאפּיטל. ס'איז אויך נויטיק איבערצולייענען וועגן לענינס לעבן און טעטיקייט.

אין אידיש איז פאראן:

עסטער. „לענין און זיין ארבעט“. די עפּאָכע, צו וועלכער עס באציט זיך „וואָס דארף מען טאָן?“ איז אין עסטערס ביכל כאראקטעריזירט אין די קאפּיטלען VIII, IX, X.

Главлит № А 52564 Заказ № 2043 Тираж 5000 экз.

Книжная ф-ка Центр. Изд-ва Народов СССР. Москва, Шлюзовая наб., 10.

# וואָס דארף מען טאָן?

## די אָנגעווייטיקסטע פראגן פון אונזער באוועגונג

(1902 יאָר)

...„דער פארטיי-קאמף גיט צו דער פאר-
טיי קראפט און לעבעדיקייט, דער גרע-
סטער באוויז פון שוואכקייט פון דער
פארטיי איז איר צעשוואומענקייט און
די אָפּטעמפונג פון די שארף-באצייכנטע
גרענעצן; די פארטיי פארפעסטיקט זיך
דערמיט, וואָס זי רייניקט זיך אָפּ...“
(פון לאסאלס בריוו צו מארקסן דעם
24 יוני 1852 יאָר).

# אריינפיר

די בראָשור, וועלכע ווערט דאָ פאָרגעלייגט, האָט לויטן אווטאָרס לעבאַטכילעדיקן פּלאַן, געדאַרפט געווידמעט זיין דער גענויער אַנטוויקלונג פון די געדאַנקען, וועלכע זיינען אַרויסגעזאָגט געוואָרן אינם אַרטיקל: „פון וואָס דאַרף מען אָנהויבן?“ („איסקרא“, נומער 4, מאַי 1901 י.) און מיר דאַרפן פריער פאַר אַלץ זיך אַנטשולדיקן פאַרן לעזער דערפאַר, וואָס מיר פילן שפּעט אוים דעם צוזאָג, וועלכן מיר האָבן דאָרטן געגעבן (און איבערגעכאַזערט אין די ענטפערס אַף פיל פּריוואַטע אָנפראַגן און בריוו). איינע פון די סיבעס פון אַזאַ פאַרשפּעטיקונג איז געווען דער פּרואוו צו פאַראייניקן אַלע אויסלענדישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס, וועלכער איז אונטערגענומען געוואָרן אין יוני פונם פאַרגאַנגענעם (1901) יאָר *. עס איז נאַטירלעך געווען צו וואַרטן אַף די רעזולטאַטן פון דעמדאָזיקן פּרואוו, ווייל ווען ער וואָלט זיך איינגעגעבן, וואָלט עפּשער

* דאָ רעדט זיך וועגן דער קאָנפערענץ, וועלכע איז פאָרגעקומען אין יוני 1901 און האָט געהאַט אַלס ציל צו מאַכן שאָלעם צווישן די אויסלענדישע אָרגאַניזאַציעס פון די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן נאָך דער שפּאַלטונג, וועלכע איז פאָרגעקומען אין אַפּריל 1900 יאָר. די אָרגאַניזאַציע „פאַרבאַנד פון די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן“, אין וועלכער עס האָט פריער געשפּילט אַן אָנפירנדיקע ראָלע די גרופּע „באַפרייאונג פון דער אַרבעט“, איז צו יענער צייט אַריבער אין די הענט פון אָפּאָרטוניסטישע, רעוויזיאָניסטישע עלעמענטן, דער אָרגאַן פונם „פאַרבאַנד“ „ראַבאָטשעיע דיעלאָ“ (1899—1902) האָט זיך פּאַקטיש אַלץ מער געשטעלט אַף דעם שטאַנדפּונקט פון די עקאָנאָמיסטן. אַפן II צוזאַמענפאָר פונם „פאַרבאַנד“ אין אַפּריל 1900 האָט זיך די גרופּע „באַפרייאונג פון דער אַרבעט“ צוזאַמען מיט נאָך מיטגלידער אָפּגעשפּאַלטן און האָט געגרינדעט אַ נייע אָרגאַניזאַציע „דער סאָציאַל־דעמאָקראַט“. אין יוני 1901 איז געמאַכט געוואָרן אַ פּרואוו דורכצוקומען. עס איז צונויפגערופן געוואָרן אַ קאָנפערענץ, אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט פאַרשטייער פונם „פאַרבאַנד“, פונם „סאָציאַל־דעמאָקראַט“, פון דער גרופּע „איסקרא—זאַריאַ“, פונם אויסלענדישן קאָמיטעט פון „בונד“, פון דער גרופּע „באָרבאַ“. די קאָנפערענץ האָט אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, וועלכע האָט געזאָלט זיין אַ באַזע פאַר געמיינזאַמער אַרבעט. די רעזאָלוציע האָט פאַרורטיילט דעם בערנשטייניאַניזם, עקאָנאָמיזם און אַנדערע אָפּווייכונגען פונם מאַרקסיזם. עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז דער „פאַרבאַנד“ און זיין אָרגאַן „ראַבאָטשעיע דיעלאָ“ האָבן פאַרגעזעצט די פריערדיקע ליניע, פּאַקטיש נאָך מער דערנעענטערט זיך צו די עקאָנאָמיסטן. אין אָקטיאָבער 1901, איז צונויפגערופן געוואָרן דער אַזוי אָנגערופענער „פאַראייניקונגס־צוזאַמענפאָר“. אַף דעמדאָזיקן צוזאַמענפאָר איז פאָרגעקומען אַן ענדגילטיקע שפּאַלטונג. די רעוואָלוציאָנערע מאַרקסיסטן האָבן אים פאַרלאָזן. די אָרגאַני־

אויסגעקומען איבערצוגעבן די אָרגאַניזאַציאָנעלע אָנשויאונגען פֿון דער „איסקראַ“ פֿון אַביסל אַן אַנדערן שטאַנדפּונקט, און אַלנפֿאַלס וואָלט אַזאַ געלונגענער אויסגאַנג צוגעזאָגט זייער גיך צו מאַכן אַ סאָף צו דער עקזיסטענץ פֿון צוויי שטרעמונגען אין דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. ווי דעם לעזער איז באַקאַנט, האָט זיך דער פּרואוו ניט איינגעגעבן, און, ווי מיר וועלן זיך באַמיען צו דערווייזן ווייטער, האָט ער זיך ניט געקאָנט ניט ענדיקן אַזוי נאָך דעם נייעם קער, וואָס די „ראַבאָטשעיע דיעלאָ“ האָט געמאַכט אינם נומ. 10 צו עקאָנאָמיזם. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן פֿאַר אומבאַדינגט נויטיק אַריינצוטרעטן אין אַן אַנטשיידענעם קאַמף מיט דערדאָזיקער ריכטונג, וועלכע איז אַ צעשוואומענע און ווייניק באַשטימטע, אָבער איז דערפֿאַר נאָך מער שטאַנדהאַפֿטיק און פֿעאיק צו ווידערגעבורט אין פֿאַרשיידנאַרטיקע פֿאָרמען. דער לעבאַטכילעדיקער פּלאַן פֿון דער בראָשור האָט זיך אין פֿאַרבינדונג דערמיט געענדערט אין דער פֿאָרם און באַדייטנדיק פֿאַרברייטערט.

די הויפּט־טעמע אירע האָבן געזאָלט זיין דריי פֿראַגן, וואָס זיינען אַוועקגעשטעלט געוואָרן אינם אַרטיקל: „פֿון וואָס דאַרף מען אָנהויבן?“. דהאַינו: די פֿראַגן וועגן דעם כאַראַקטער און הויפּט־אינהאַלט פֿון אונזער פּאָליטישער אַגיטאַציע, וועגן אונזערע אָרגאַניזאַציאָנעלע אויפֿגאַבן, וועגן דעם פּלאַן אויפֿצובויען גלייכצייטיק און פֿון פֿאַרשיידענע עקן אַן אַלגעמיין־רוסישע שלאַכט־אָרגאַניזאַציע. דיזאָזיקע פֿראַגן אינטערעסירן שוין לאַנג דעם אַוטאָר, וועלכער האָט זיך געפּרואווט זיי אויפֿהויבן נאָך אין דער „ראַבאָטשאַיאַ גאַזעטאַ“*, בעאיים איינעם פֿון די ניט געלונגענע פּרואוון זי צו באַנייען (זע דעם 5־טן קאַפּיטל). עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז דעם לעבאַטכילעדיקן פּראָיעקט פֿונם פֿאַרפֿאַסער זיך צו באַגרעניצן אין דער בראָשור מיט פֿאַנאַנדערקלייבן בלויז דידאָזיקע דריי פֿראַגן און איבערגעבן זיינע אָנשויאונגען ווי ווייט מעגלעך אין אַ פּאָזיטיווער פֿאָרם, ניט באַנוצנדיק זיך אָדער קימאַט ניט באַנוצנדיק זיך מיט פּאָלעמיק, איז אַבסאָלוט אומעגלעך צו פֿאַרווירקלעכן צוליב צוויי סיבעס. פֿון איין זייט, האָט זיך דער עקאָנאָמיזם אַרויסגעוויזן פֿאַר אַסאַך מער לעבנספֿעאיקער, איידער מיר האָבן געמיינט (מיר באַנוצן דאָס וואָרט עקאָנאָמיזם אינם ברייטן זין, אַזוי ווי דאָס איז דערקלערט געוואָרן אין „איסקראַ“ נומער 12 (דעקאַבער 1901 יאָר) אינם אַרטיקל „אַ שמועס מיט די פֿאַרטיידיקער פֿונם עקאָנאָמיזם“, וועלכער האָט אָנגעמערקט, אַזוי צו זאָגן, אַ קאָנספּעקט פֿאַר דער בראָשור, וואָס

זאַציעס „סאָציאַל־דעמאָקראַט“ און „איסקראַ—זאַריאַ“ האָבן באַשאַפֿן אַ נייע פֿאַראייניקונג: די „אויסלענדישע ליגע פֿון דער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע“.
איב.

* אָרגאַן, וועלכער איז אַרויסגעגאַנגען אין קיעוו אין 1897 יאָר און איז אָנערקענט געוואָרן אויפֿן ערשטן צוזאַמענפֿאָר פֿון רסדא“פּ פֿאַרן צענטראַל־אָרגאַן. לענין האָט פֿון סיביר געשיקט אַרטיקלען פֿאַר ראַב. גאַז., אָבער זי איז אַחוץ צוויי נומערן, אַרויסגעגעבענע אין 1897 י., מער ניט אַרויסגעגאַנגען.
איב.

ווערט איצט פֿאַרגעלייגט דעם לעזער). עס איז געוואָרן אויסער צווייפֿל, אַז דער פֿאַרשיידענער קוק אַף דער לייזונג פֿון דיזאָזיקע דריי פֿראַגן דערקלערט זיך אין אַסאַך אַ גרעסערער מאָס מיט דער ראַדיקאַלער קעגנזעצלעכקייט פֿון די צוויי ריכטונגען אין דער רוסישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, איידער מיט מיי-נונגס-פֿאַרשיידנהייטן אין פּראָטים. פֿון דער צווייטער זייט, איז דאָס וואונדערן זיך פֿון די עקאָנאָמיסטן, פֿאַרוואָס אין דער „איסקרא“ ווערן פּאָקטיש דורכ-געפֿירט אונזערע אָנשויאונגען, דאָסדאָזיקע וואונדערן זיך האָט באַשיינפּערלעך באַוויזן, אַז אָפּטמאָל ריידן מיר בוכשטעבלעך אַף פֿאַרשיידענע שפּראַכן, אַז דעריבער קאָנען מיר ניט דערריידן זיך צו גאָרנישט, אויב מיר וועלן ניט אָנ-הויבן ab ovo (פֿון אָנהויב), אַז מע מוז מאַכן אַ פּרואוו סיסטעמאַטיש „אויסצוטאַינען זיך“ מיט אַלע עקאָנאָמיסטן וועגן אַלע גרונט-פּונקטן פֿון אונזערע מיינונגספֿאַרשיידנהייטן און מאַכן דאָס מעגלעך מער פּאָ-פּולער, אילוסטרירן מיט וואָס מערער קאָנקרעטע ביישפּילן. און איך האָב באַ-שלאָסן צו מאַכן אַזאַ פּרואוו „אויסצוטאַינען זיך“ מיטן פֿולן באַוואוסטזיין, אַז דאָס וועט זייער שטאַרק פֿאַרגרעסערן דעם פֿאַרנעם פֿון דער בראָשור און וועט אָפּהאַלטן איר דערשיינען, אָבער אין דערזעלביקער צייט האָב איך ניט געזעען קיין שום מעגלעכקייט אַנדערש אויסצופֿילן דעם צוזאָג, וועלכן איך האָב געגעבן אינם אַרטיקל „פֿון וואָס דאַרף מען אָנהויבן?“. צו דער אַנט-שולדיקונג פֿאַר דער פֿאַרשפּעטיקונג קומט מיר אויס אַזוי אַרום צוצוגעבן נאָך אַן אַנטשולדיקונג פֿאַר די קאָלאָסאַלע פֿעלערן אין דער ליטעראַרישער באַאַר-בעטונג פֿון דער בראָשור: איך האָב געמוזט אַרבעטן ביז דעם לעצטן גראַד, אין איילעניש, און פֿלעג דערביי אָפּגעריסן ווערן דורך אַלערליי אַנדערע אַרבעטן.

דער אַנאַליז פֿון די אויבן אָנגעוויזענע דריי פֿראַגן בילדעט, ווי פֿריער, די הויפּט-טעמע פֿון דער בראָשור, אָבער אָנהויבן איז מיר אויסגעקומען פֿון צוויי מער אַלגעמיינע פֿראַגן: פֿאַרוואָס איז אַזאַ „אומשולדיקער“ און „נאַטירלעכער“ לאָזונג, ווי "פֿרייהייט פֿון קריטיק", פֿאַר אונז איצט אַן עכטער שלאַכט-סיגנאַל? פֿאַרוואָס קאָנען מיר זיך ניט צונויפֿריידן אַפֿילע איבער דער גרונט-פֿראַגע וועגן דער ראָלע פֿון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע בענוגייע צו דער סטיכישער מאַסן-באַוועגונג? ווייטער, דאָס פֿאָרמולירן די אָנשויאונגען אַפֿן כאַראַקטער און אינ-האַלט פֿון דער פּאָליטישער אַגיטאַציע איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ דערקלע-רונג פֿון דעם אונטערשייד צווישן דער טרעד-יוניאָניסטישער און סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאָליטיק, און דאָס פֿאָרמולירן די אָנשויאונגען אַף די אָרגאַ-ניזאַציאָנעלע אויפֿגאַבן — אין אַ דערקלערונג פֿון דעם אונטערשייד צווישן דער קוסטאַרעריי, וועלכע באַפֿרידיקט די עקאָנאָמיסטן, און דער אָרגאַניזאַציע פֿון רעוואָלוציאָנערן, וועלכע איז נייטיק לויט אונזער קוק. ווייטער, וואָס מער ניט אויסגעהאַלטן עס זיינען געווען די דערוווידערונגען, וועלכע זיינען געמאַכט גע-וואָרן קעגן דעם „פּלאַן“ פֿון אַן אַלגעמיין-רוסישער פּאָליטישער צייטונג, און וואָס

ווייניקער מע האָט געענטפערט אין טאָד אַף דער פראַגע, וועלכע איך האָב געשטעלט אינם אַרטיקל „פון וואָס דאַרף מען אָנהויבן“, וועגן דעם, ווי אַזוי וואָלטן מיר געקאָנט אייגצייטיק פון אַלע עקן נעמען זיך אויסצובויען די אָר־גאַניזאַציע, וועלכע מיר האָבן נויטיק,—אַלץ מער באַשטיי איך אַף דעם „פּלאַן“. און צולעצט, אינם שלום־טייל פון דער בראָשור, האָף איך צו באַווייזן, אַז מיר האָבן געטאָן אַלץ, וואָס פון אונז איז אָפּהענגיק געווען, קעדיי ניט צו דערלאָזן צו קיין אַנט־שיידענעם ברוך מיט די עקאָנאָמיסטן, וועלכער האָט זיך פונדעסטוועגן אַרויס־געוויזן פאַר אומפאַרמיידלעך; — אַז די „ראַבאָטשעיע דעלאָ“ האָט באַקומען אַ באַזונדערע, אַ „היסטאָרישע“, אויב איר ווילט, באַדייטונג דערמיט, וואָס זי האָט פולער פון אַלץ, בוילעטער פון אַלץ אויסגעדריקט ניט דעם קאָנזעקווענטן עקאָנאָמיזם, נאָר יענע צעשפּליטערטקייט און יענע וואַקלונגען, וועלכן האָבן גע־בילדעט דעם אונטערשייד־שטריך פון אַ גאַנצן פעריאָד אין דער געשיכטע פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע; — אַז דעריבער באַקומט אַ באַדייטונג אויך די צו פיל געגויע, אין פלוג, פּאָלעמיק מיט דער „ראַבאָטשעיע דעלאָ“, ווייל מיר קאָנען ניט גיין פאָרויס, אויב מיר וועלן ניט ליקווידירן ענד־גילטיק דעמדאָזיקן פעריאָד.

פעוראַל, 1902.

I

# דאָגמאַטיזם און פרייהייט פון קריטיק

## א) וואָס איז אַזוינס „פרייהייט פון קריטיק“

„פרייהייט פון קריטיק“ — דאָס איז, אָן ספק, דער סאַמע מאָדישער לאָזונג אין איצטיקער צייט, וואָס ווערט אָפטער פון אַלץ באַנוצט אין די דיסקוסיעס צווישן די סאָציאַליסטן און דעמאָקראַטן פון אַלע לענדער. אין פלוג איז שווער זיך פאָרצושטעלן עפּעס מער מעשוגעדיקס, ווי דאָסדאָזיקע פייערלעכע פאַרופן זיך פון איינעם פון די שטרייטנדיקע צדדים אַף פרייהייט פון קריטיק. צי דען האָבן זיך פון צווישן די פאָרגעשריטענע פאַרטייען דערהערט שטימען קעגן יענעם קאָנסטיטוציע-געזעץ פון דער מערהייט אייראָפּעאישע לענדער, וועלכער זיכערט די פרייהייט פון וויסנשאַפט און פון וויסנשאַפטלעכער אויספאָרשונג? „דאָ איז עפּעס ניט אין אָרדענונג!“ — וועט מוזן זאָגן צו זיך יעדער זייטיקער מענטש, וועלכער האָט דערהערט אָט דעם מאָדישן לאָזונג, וואָס ווערט איבערגעכאַזערט אַף אַלע ראָגן, אָבער ער איז נאָך ניט אַריינגעדרונגען אינם טאָך פון די מיינונגס-פאַרשיידנהייטן צווישן די שטרייטנדיקע. דערדאָזיקער לאָזונג איז, ווייזט אויס, איינס פון די ביטנאָיקע ווערטלעך, וועלכע ווערן, פונקט ווי צונעמענישן, פאַרגעזעצלעכט דערמיט, וואָס מע געברויכט זיי, און זיי ווערן קימאַט זאַך-נעמען.

און טאַקע בעעמעס, עס איז פאַר קיינעם קיין ספק ניט, אַז אין דער מאָדערנער אינטערנאַציאָנאַלער * סאָציאַל-דעמאָקראַטיע האָבן זיך אויסגעבילדעט

* אַגעוו. אין דער געשיכטע פונם מאָדערנעם סאָציאַליזם איז דאָס עפּשער די איינציקע און אין איר אַרט העכסט טרייסטנדיקע דערשיינונג, וואָס דער קאַמף צווישן פאַרשיידענע ריכטונגען איגעווייניק אינם סאָציאַליזם האָט זיך צום ערשטן מאָל פאַרוואַנדלט פון אַ נאַציאָנאַלן אין אַן אינטערנאַציאָנאַלן. אין די פריערדיקע צייטן פלעגן די שטרייטן צווישן די לאַסאַליאַנער און אייזענאַכער [1], צווישן די געדיסטן און פּאָסיביליסטן [2], צווישן די פאַביאַנער און די סאָציאַל-דעמאָקראַטן [3], צווישן די נאַראָדנאָוואָלצעס און סאָציאַל-דעמאָקראַטן פאַרבלייבן ריין נאַציאָנאַלע שטרייטן, זיי האָבן אָפּגעשפּיגלט ריין נאַציאָנאַלע באַזונדערהייטן, זיינען פאָרגעקומען, אַזוי צו זאָגן, אין פאַרשיידענע פלאַכן. אין דער איצטיקער צייט (איצט איז עס שוין באַשיינפערלעך צו זען) איז די ענגלישע פאַביאַנער, די פראַנצויזישע מיניסטעריאַליסטן, די דייט-

צוויי ריכטונגען, וואָס דער קאַמף צווישן זיי אַט צעפלאַקערט ער זיך און צינדט זיך אָן מיט אַ העלן פלאַם, אַט ווערט ער איינגעשטילט און טליעט אונטערן אַש פון אימפּאָזאַנטע „רעזאָלוציעס וועגן וואָפן=שטילשטאַנד". און וואָס עס באַשטייט די „נייע" ריכטונג, וועלכע באַציט זיך „קריטיש" צום „אַלטן דאָגמאַטישן" מאַרקסיזם, דאָס האָט מיט גענוגער באַשטימטקייט ג ע ז א ָ ג ט  בערנשטיין* און  ב אַ ו ו י ז ן  מיליעראַן**.

---

שישע בערנשטייניאַנער, די רוסישע קריטיקער, — דאָס איז אַלץ איין מישפּאָכע, זיי אַלע לויבן איינער דעם אַנדערן, זיי לערנען זיך איינער באַ דעם אַנדערן און צוזאַמען טרעטען זיי אַרויס אין קאַמף קעגן דעם „דאָגמאַטישן" מאַרקסיזם. עפּשער די אינטערנאַציאָנאַלע רעוואָלוציאָנערע סאָציאַל=דעמאָקראַטיע וועט אין דעמדאָזיקן ערשטן וויכטיקן אינטערנאַציאָנאַלן געראַנגל מיטן סאָציאַליסטישן אָפּאָרטוניזם זיך גענוג פאַרשטאַרקן, אַז צו מאַכן אַ סאָף צו דער פּאָליטישער רעאַקציע, וועלכע הערשט שוין לאַנג אין אייראָפּע?

## צו לענינס אנמערקונג:

[1] לאַסאַליאַנער און אייזענאַכער — צוויי ריכטונגען אין דער דייטשישער אַרבעטער=באַוועגונג אין דער צווייטער העלפט 60=ער און ערשטער העלפט 70=ער יאָרן, וועלכע האָבן געפירט צווישן זיך אַ העפטיקן קאַמף. אויב פאַרגלייכן מיט די היינטיקע ריכטונגען, קען מען די לאַסאַליאַנער באַצייכענען ווי מענשעוויקעס; די אייזענאַכער ווי פאַרטרעטער פונם רעוואָלוציאָנער=מאַרקסיסטישן געדאַנק. אין 1875 יאָר האָבן זיי זיך פאַראייניקט.

[2] געדיסטן און פּאָסיביליסטן — צוויי ריכטונגען אינם פראַנצויזישן סאָציאַליזם. די פּאָסיביליסטן זיינען געווען דער סאַמע מעסיקער, רעפאָרמיסטישער פליגל, די געדיסטן — דער רעוואָלוציאָנערער פליגל.

[3] „פאַביאַנער געזעלשאַפט" און „סאָצ. דעמאָקראַטישע פעדעראַציע" — זיינען געווען דער קאָנזעקווענט=רעפאָרמיסטישער און דער לינקער פליגל אין דער ענגלישער באַוועגונג. אינם יאָר 1900 ביידע אַריין אין דער „אַרבעטער=פּאַרטיי".

* ב ע ר נ ש ט יי ן. דייטשישער סאָציאַל=דעמאָקראַט, אין מיטן 90=ער יאָרן אַרויסגעטראָטן מיט אַרטיקלען, וואו ער האָט געמאַכט אַ רעוויזיע פון די פילאָזאָפישע, עקאָנאָמישע און פּאָליטישע גרונדלאַגן פונם רעוואָלוציאָנערן מאַרקסיזם, און האָט אַרויסגעשטעלט אַקעגן זיי די טעאָריע פון שאָלעם מאַכן צווישן קלאַסן, אָפּטעמפּן די קלאַסנקעגנזאַצן, לייקענען די אומפאַרמיידלעכקייט פונם קראַך פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט. אָנשטאָט דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע און דעם קאַמף פאַר דיקטאַטור פון אַרבעטערקלאַס האָט בערנשטיין געפּריידיקט די מעגלעכקייט פון פרידלעך אַריינוואַקסן אין דעם סאָציאַליזם. סיסטעמאַטיש זיינען בערנשטיינס געדאַנקען פאָרמולירט אינם בוך „פאָרהאַנאַכעס פונם סאָציאַליזם און די אויפגאַבן פון דער סאָציאַל=דעמאָקראַטיע". בערנשטיין איז געוואָרן דער אויסדריקער פון דער וועלטאַנשויאונג פונם אָפּאָרטוניסטישן, רעוויזיאָניסטישן פליגל אין דער אַרבעטערבאַוועגונג. אַקעגן אים זיינען אין נאָמען פונם אויסגעהאַלטענעם מאַרקסיזם („אָרטאָדאָקסאַלן" מאַרקסיזם) אַרויסגעטראָטן: לוקסעמבורג, פּאַרוואוס, קאַוטסקי, פּלעכאַנאָוו א. א. וו. ווי באַוואוסט, האָט קאַוטסקי אַליין ביסלעכווייז אינגאַנצן קאַפּיטולירט פאַרן רעוויזיאָניזם. בערנשטיין האָט סאָף קאָל סאָף אָפּגעהאַלטן אין דער דייטשישער סאָציאַל=דעמאָקראַטיע אַ פולן ניצחון. די היינטיקע דייטשישע סאָציאַל=דעמאָקראַטיע מיט קאַוטסקי בעראָש שטייט

די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע דאַרף זיך פון אַ פּאַרטיי פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע פאַרוואַנדלען אין אַ דעמאָקראַטישער פּאַרטיי פון סאָציאַלע רעפאָרמען. דידאָזיקע פּאָליטישע פאָדערונג האָט בערנשטיין אַרומגעשטעלט מיט אַ גאַנצער באַטאַרייע גאַנץ געשיקט צונויפגעפּאַסטע „נייע" אַרגומענטן און האַשאָרעס. עס איז אָפּגעלייקנט געוואָרן די מעגלעכקייטן וויסנשאַפטלעך צו באַגרינדן דעם סאָציאַליזם און צו דערווייזן, פונם שטאַנדפּונקט פון מאַטעריאַליסטישן פאַרשטיין די געשיכטע, זיין נויטווענדיקייט און אומפאַרמיידלעכקייט. עס איז אָפּגעלייקנט געוואָרן דער פאַקט פון דער וואַקסנדיקער אָרימקייט, פון דער פּראָלעטאַריזירונג און פון דער פאַרשאַרפונג פון די קאַפּיטאַליסטישע ווידערשפּרוכן; עס איז דערקלערט געוואָרן פאַר ניט־גילטיק דער עצעם באַגריף וועגן „ענדציל" און עס איז אומבאַדינגט אָפּגעוואָרפן געוואָרן די אידייע פון דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט; עס איז געלייקנט געוואָרן די פּרינציפּיעלע קעגנזעצלעכקייט פונם ליבעראַליזם און סאָציאַליזם; עס איז געלייקנט געוואָרן די טעאָריע פון קלאַסנקאַמף, וועלכע קאָן קלוימערשט ניט אָנגעווענדט ווערן בענוגייע צו אַ שטרענג דעמאָקראַטישער געזעלשאַפט, וואָס ווערט רעגירט אין העסקעם מיטן ווילן פון דער מערהייט, און אַז. וו.

אַזוי אַרום, איז די פאָדערונג פון אַן אַנטשיידענעם קער פון דער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע צו בורזשואַזער סאָציאַל־רעפאָרמאַטאָריי באַגלייט געוואָרן מיט אַ ניט ווייניקער אַנטשיידענעם קער צו בורזשואַזער קריטיק פון אַלע גרונט־אידייען פונם מאַרקסיזם. און אַזוי ווי דידאָזיקע לעצטע קריטיק איז שוין לאַנג געפירט געוואָרן קעגן דעם מאַרקסיזם סאַי פון דער פּאָליטישער טריבונע, סאַי פון דער אוניווערסיטעטישער קאַטעדרע, סאַי אין אַ מאַסע בראָשורן, סאַי אין אַ ריי וויסנשאַפטלעכע טראַקטאַטן, אַזוי ווי די גאַנצע אונטערוואַקסנדיקע יוגנט פון די געבילדעטע קלאַסן איז אין מעשעך פון יאָרנצענטן סיסטעמאַטיש דערצויגן געוואָרן אַף דערדאָזיקער קריטיק, — איז ניט קיין וואונדער, וואָס די „נייע קריטישע" ריכטונג אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז אַרויס עפּעס מיט אַמאָל אַ פולשטענדיק פאַרענדיקטע, פונקט ווי מינערווע פון יופּיטערס קאָפּ. לויט איר אינהאַלט, איז דערדאָזיקער ריכטונג ניט אויסגעקומען זיך צו אַנטוויקלען און אויסצובילדן: זי איז דירעקט אַריבערגעטראָגן געוואָרן פון דער בורזשואַזער ליטעראַטור אין דער סאָציאַליסטישער.

---

מיט ביידע פיס אַף בערנשטיינס פּאָזיציעס און אַנטוויקלט זיי נאָך לאָגישער און קאָנזעקווענטער.

איב.

** מילעראַן, דאָ ניט לאַנג פּרעזידענט פון פראַנקרייך, איינער פון די בלוטיקסטע פאַרשטייער פונם פראַנצויזישן אימפּעריאַליזם, איז אין זיינע יונגע יאָרן געווען אַ סאָציאַליסט. ער האָט פאַרטיידיקט די מעגלעכקייט פאַר סאָציאַליסטן אַריינצוגיין אין אַ בורזשואַזער רעגירונג און איז אַליין געוואָרן אַ מיניסטער.

איב.

ווייטער. אויב בערנשטיינס טעארעטישע קריטיק און זיינע פאליטישע באַ⸗
גערן זיינען נאך פאר וועמען עס איז געבליבן ניט קלאר, האבן די פראנצויזן
גענזארגט צו דעמאנסטרירן אנשוילעך די „נייע מעטאדע“. פראנקרייך האט אויך
דאסמאל בארעכטיקט איר אלטע רעפוטאציע פון „א לאנד, אין וועמעס געשיכטע
דער קלאסן⸗קאמף פלעגט מער, ווי ערגעץ וואו, דערפירט ווערן ביזן ענדגילטיקן
סאף“ (ענגעלעס, פון דער פארעדע צו מארקס ווערק „דער אכצנטער ברױמער“).
די פראנצויזישע סאציאליסטן האבן אנגעהויבן ניט טעארעטיזירן, נאר דירעקט
טאן; די פאליטישע באדינגונגען אין פראנקרייך, וועלכע זיינען מער אנטוויקלט
אין דעמאקראטישער הינזיכט, האבן זיי געגעבן א מעגלעכקייט מיטאמאל ארי⸗
בערצוגיין צו „פראקטישן בערנשטייניאניזם“ אין אלע זיינע פאלגן. מיליעראן
האט געגעבן אן אויסגעצייכנט מוסטערל פון דעמדאזיקן פראקטישן בערנ⸗
שטייניאניזם, — ניט אומזיסט האבן זיך סאי בערנשטיין, סאי פאלמאר * אזוי
אייפערדיק א װארף געטאן צו פארטיידיקן און לויבן מיליעראנען! און טאקע
בעעמעס: אויב די סאציאל⸗דעמאקראטיע איז אין טאך גענומען פאשעט א
פארטיי פון רעפארמעס און דארף האבן די דרייסטקייט אפן דאס צו אנער⸗
קענען, — דעמאלט האט א סאציאליסט ניט נאר דאס רעכט ארייצוטרעטן אין
א בורזשואזן מיניסטעריום, נאר ער דארף אפילע שטענדיק שטרעבן דערצו.
אויב דעמאקראטיע באטייט, אין טאך גענומען, פארניכטונג פון דער קלאסן⸗
הערשאפט, — איז פארוואס זאל א סאציאליסטישער מיניסטער ניט באצויבערן
די גאנצע בורזשואזע וועלט מיט רעדעס וועגן מיטארבעטערשאפט צווישן קלאסן?
פארוואס זאל ער ניט בלייבן אינם מיניסטעריום אפילע נאך דעם, ווי די דער⸗
מארדונגען פון ארבעטער דורך זשאנדארמען האבן צום הונדערטסטן און צום
טויזנטסטן מאל באוויזן דעם עמעסן כאראקטער פון דער דעמאקראטישער מיט⸗
ארבעטערשאפט צווישן קלאסן? פארוואס זאל ער ניט אנטייל נעמען פערזענ⸗
לעך אין באגריסן דעם צאר, וועלכן די פראנצויזישע סאציאליסטן רופן איצט
ניט אנדערש, ווי העלד פון טליע, בייטש און פארשיקונג Knouteur, peenrnd
et deportater און אלס פרייז פאר דערדאזיקער אומענדלעכער דערנידערונג
און זעלבסטבאשפייאונג פונם סאציאליזם פאר דער גאנצער וועלט, פאר דער
פארדארבונג פון סאציאליסטישן באוואוסטזיין פון די ארבעטער⸗מאסן — דעם⸗
דאזיקן איינציקן באזיס, וועלכער קאן אונז זיכערן דעם ניצאכן, — אלס פרייז
דערפאר — הויכע פראיעקטן פון נישטיקע רעפארמעס, נישטיקע אף
אזויפיל, אז עס פלעגט זיך איינגעבן צו דערשלאגן זיך מער אפילע פון בור⸗
זשואזע רעגירונגען!

ווער עס פארמאכט ניט בעקיוון די אויגן, דער קאן ניט ניט זען, אז די נייע
„קריטישע“ ריכטונג אינם סאציאליזם איז בלויז א נייער מין אפארטו⸗
ניזם. און אויב מע זאל אורטיילן וועגן מענטשן ניט לויט דעם גלענצנדיקן

* פאלמאר — איינער פון די רעכסטע פירער פון די דייטשישע אפארטוניסטן.
האט דרייסט און אויסגעהאלטן פארטיידיקט א ריין בורזשואזע פאליטיק.

מוגדיר װעלכן זיי האָבן אַליין אָפּ זיך אָנגעטאָן, ניט לויט דעם עפּעקטפולן צוגעמעניש, װעלכן זיי האָבן זיך אַליין גענומען, נאָר לויט דעם, װי אַזוי זיי האַנדלען און װאָס זיי פּראָפּאַגאַנדירן אין דער װירקלעכקייט, — װעט װערן קלאָר, אַז „פרייהייט פון קריטיק" איז פרייהייט פון דער אָפּאָרטוניסטישער ריכטונג אין דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, פרייהייט צו פאַרװאַנדלען די סאָציאַלדעמאָקראַטיע אין אַ דעמאָקראַטישער רעפאָרם-פּאַרטיי, פרייהייט אַריבערצופלאַנצן אין דעם סאָציאַליזם בורזשואַזע אידייען און בורזשואַזע עלעמענטן.

פרייהייט איז אַ גרויס װאָרט, אָבער אונטער דער פאָן פון אינדוסטריעלער פרייהייט זיינען געפירט געװאָרן די סאַמע רויבערישע מילכאָמעס, אונטער דער פאָן פון פרייהייט פון אַרבעט האָט מען באַרויבט די אַרבעטנדיקע. פּונקט אַזאַ אינערלעכע פאַלשקייט ליגט אינעם מאָדערנעם באַנוצן דאָס װאָרט: „פרייהייט פון קריטיק". מענטשן, װעלכע זיינען װירקלעך איבערצייגט דערין, אַז זיי האָבן אַ רוק געטאָן פאָרויס די װיסנשאַפט, װאָלטן געפאָדערט ניט קיין פרייהייט פאַר די נייע אָנשױאונגען צוגלייך מיט די אַלטע, נאָר אַז מע זאָל פאַרבייטן די לעצטע מיט די נייע. און די מאָדערנע אויסגעשרייען „זאָל לעבן די פרייהייט פון קריטיק!" דערמאָנען צופיל דעם מאָשל װעגן אַ פּוסטער פאַס.

מיר גייען אין ענג הייפל מיט אַ שװערן שטיינבאַרגיקן װעג פאַרביי אָפּגרונטן, פעסט האַלטנדיק זיך פאַר די הענט. מיר זיינען פון אַלע זייטן אַרומגערינגלט מיט סאָנים, און אונז קומט קימאַט שטענדיק אויס צו גיין אונטער זייער פייער. מיר האָבן זיך פאַראייניקט, לויט אַ פריי אָנגענומענעם באַשלוס, טאַקע קעדיי צו קעמפן מיט די סאָנים און ניט אויסגליטשן זיך אין דעם שכיינעסדיקן זומפּ, װעמעס איינװאױנער עס האָבן אונז פון סאַמע אָנהויב אָן געטאַדלט דערפאַר, װאָס מיר האָבן זיך אויסגעטיילט אין אַ באַזונדער גרופּע און האָבן אויסגעקליבן דעם װעג פון קאַמף און ניט דעם װעג פון שאָלעם מאַכן. איז אָט הויבן אָן אייניקע פון אונז צו שרייען: לאָמיר גיין אין דעמדאָזיקן זומפּ! — און װען מע הויבט אָן צו שעמען זיי, ענטפערן זיי: װאָס פאַר אַן אָפּגעשטאַנענע מענטשן איר זייט! װי שעמט איר זיך ניט צו לייקענען פאַר אונז די פרייהייט צו רופן אייך אָפּ אַ בעסערן װעג! — אָ, יאָ, מיינע הערן, איר זייט פריי ניט נאָר צו רופן, נאָר אויך צו גיין, װאוהין איר װילט, אַפילע אין דעם זומפּ אַריין; מיר האַלטן אַפילע, אַז דאָס עמעסע אָרט איז טאַקע אינעם זומפּ, און מיר זיינען גרייט לויט אונזערע קויכעס צו העלפן אייך, איר זאָלט זיך אַריבערקלייבן אַהין. אָבער לאָזט דעמאָלט אָפּ אונזערע הענט, כאַפּט זיך ניט אָן פאַר אונז און באַפלעקט ניט דאָס גרויסע װאָרט פרייהייט, װייל מיר זיינען דאָך אויך „פריי" צו גיין, װאוהין מיר װילן, פריי צו קעמפן ניט נאָר מיטן זומפּ, נאָר אויך מיט די, װעלכע קערעװען זיך אויס צום זומפּ!

## ב) די נייע פאַרטיידיקער פון דער „פרייהייט פון קריטיק“

און אַט דערדאָזיקער לאָזונג („פרייהייט פון קריטיק“) איז פייערלעך אַרויסגערוקט געוואָרן אין דער סאַמע לעצטער צייט דורך „ראַבאָטשעיע דעלאָ“ (נומער 10), דעם אָרגאַן פונם אויסלענדישן „פאַרבאַנד פון די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן“, ער איז אַרויסגערוקט געוואָרן ניט ווי אַ טעאָרעטישע האַנאָכע, נאָר ווי אַ פּאָליטישע פאָדערונג, אַלס ענטפער אַף דער פראַגע: „צי איז מעגלעך די פאַרייניקונג פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע ווירקן אין אויסלאַנד?“ — „פאַר אַ פעסטער פאַראייניקונג איז נויטיק פרייהייט פון קריטיק“ (ז. 36).

פון דערדאָזיקער דערקלערונג דרינגען אַרויס צוויי גאַנץ באַשטימטע אויספירן: 1) „ראַבאָטשעיע דיעלאָ“ נעמט אונטער איר שוץ די אָפּאָרטוניסטישע ריכטונג אין דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע ביכלאַל; 2) „ראַבאָטשעיע דיעלאָ“ פאָדערט פרייהייט פאַרן אָפּאָרטוניזם אין דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. לאָמיר באַטראַכטן דידאָזיקע אויספירן.

דער „ראַבאָטשעיע דיעלאָ“ געפעלט ניט „באַזונדערס“ די „נעטיע פון דער „איסקרא“ און פון דער „זאַריאַ“ * נעוויעס צו זאָגן וועגן אַן איינרייס צווישן די **מאָנטאַניאָרן** און **זשיראָנדיסטן** פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע“ **.

„דער שמועס וועגן **מאָנטאַניאָרן** און **זשיראָנדיסטן** אין די רייען פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע — שרייבט דער רעדאַקטאָר פון „ראַבאָטשיע דיעלאָ“ ב. קריטשעווסקי — שטעלט זיך אונז ביכלאַל פאָר ווי אַן אויבערפלעכלעכע היסטאָרישע אנאלאָגיע, וואָס איז מעשונעדיק אונטער דער פעדער פון אַ מאַרקסיסט: די מאָנטאַניאָרן און די זשיראָנדיסטן האָבן פאָרגעשטעלט ניט קיין פאַרשיידענע

---

* זשורנאַל, אַרויסגעגאַנגען אין אויסלאַנד אונטער דערזעלביקער רעדאַקציע, ווי „איסקרא“ (1901—1902). איב.

** דער פאַרגלייך פון די צוויי ריכטונגען אינם רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט (אַ רעוואָלוציאָנערע און אַן אָפּאָרטוניסטישע) מיט די צוויי שטרעמונגען אין דער רעוואָלוציאָנערער בורזשואַזיע פונם 18־טן יאָרהונדערט (די יאַקאָבינישע — די מאָנטאַניאַרן — און די זשיראָנדיסטישע) איז געמאַכט געוואָרן אינם לייט־אַרטיקל פונם צווייטן נומער „איסקרא“ (פעווראַל 1901 יאָר). דער מעכאַבער פונם דאָזיקן אַרטיקל איז פּלעכאַנאָוו. ריידן וועגן „יאַקאָביניזם“ אין דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָבן ביז איצט זייער ליב אי די קאַדעטן, אי די „בעזזאַגלאַוויצעס“[1] די מענשעוויקעס. אָבער וועגן דעם, ווי אַזוי פּלעכאַנאָוו האָט צום ערשטן מאָל אַרויסגערוקט דעם דאָזיקן באַגריף קעגן דעם רעכטן פליגל פון די עסדע, — וועגן דעם האַלט מען איצט פאָר בילכער צו שווייגן אָדער „צו פאַרגעסן“ (לעניגס אַ באַמערקונג צו דער אויסגאַבע פון 1908 יאָר ).

[1] צו לענינס אַנמערקונג: „בעז זאַגלאַוויא“ — איז געווען אַ זשורנאַל, וועלכן ס'האָט אין 1906 י. אַרויסגעגעבן אַ האַלבע קאַדעטישע גרופּע. איב.

טעמפּעראַמענטן אָדער גייסטיקע שטרעמונגען, ווי דאָס קאָן אויסווייזן די היסטאָריקער אידעאָלאָגן, נאָר פאַרשיידענע קלאַסן אָדער שיכטן — די מיטעלע בורזשואַזיע, פון איין זייט, און דאָס שטאָטישע קליינבירגערטום מיטן פּראָלעטאַריאַט, פון דער צווייטער. אין דער מאָדערנער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אָבער איז ניטאָ קיין צוזאַמענשטויס פון קלאַסן=אינטערעסן. אינגאַנצן, אין אַ ל ע (ב. קריטשעווסקים קורסיוו) אירע פאַרשיידענע פאָרמען, איינגעשלאָסן אויך די סאַמע בעפיירעשדיקע בערנשטייניאַנער, שטייט זי אַף דער באַזע פון די קלאַסן=אינטערעסן פונם פּראָלעטאַריאַט, פון זיין קלאַסן=קאַמף פאַר דער פּאָליטישער און עקאָנאָמישער באַפרייאונג" (זייט 32—33).

א דרייסטע באהויפּטונג! צי האָט ניט געהערט ב. קריטשעווסקי וועגן דעם, שוין לאנג באמערקטן, פאקט, אז גראָד דער ברייטער אָנטייל פון א ש י כ ט „אקאדעמיקער" אין דער סאָציאַל=דעמאָקראטישער באוועגונג פון די לעצטע יאָרן האָט געזיכערט אַזאַ ברייטע פאַרשפּרייטונג פונם בערנשטייניאַניזם? און דער איקער, — אַף וואָס אונזער מעכאבער באַגרינדעט זיין מיינונג, אז אפילע „די סאמע באפיירעשדיקע בערנשטייניאנער" שטייען אַף דער באזע פון קלאסן=קאמף פאר דער פּאָליטישער און עקאָנאָמישער באפרייאונג פונם פּראָלעטאַריאט? דאָס איז ניט באוואוסט. דאָס אנטשיידענע פארטיידיקן די סאמע בעפיירעשדיקע בערנשטייניאנער ווערט לאכלוטן ניט באפעסטיקט מיט קיין שום אַרגומענטן, מיט קיין שום מאָטיוון. דער מעכאַבער מיינט, ווייזט אוים, אַז אויב ער כאַזערט איבער דאָס, וואָס עם ריידן וועגן זיך אַפילע די סאַמע בעפיירעשדיקע בערנשטייניאנער, נויטיקט זיך זיין באהויפּטונג אין גאנצן ניט אין קיין באווייזן. צי קאָן מען זיך אָבער פאָרשטעלן עפּוואָס מער „אויבערפלעכלעכעס", ווי דידאָזיקע בקירע וועגן אַ גאַנצער ריכטונג אַפּן גרונט פון דעם, וואָס עס ריידן אליין וועגן זיך די פאָרשטייער פון דער דאָזיקער ריכטונג? צי קאָן מען זיך פאָרשטעלן עפּוואָס מער אויבערפלעכלעכעס, ווי די ווייטערדיקע „מאָראל" וועגן צוויי פארשיידענע און אפילע דיאמעטראל קעגנזעצלעכע טיפּן אָדער וועגן פון דער פּארטייאישער אנטוויקלונג („ראבאָטשעיע דיעלאָ" ז. ז. 34,35)? די דייטשישע סאָציאל=דעמאָקראטן, זעט איר, אנערקענען די פולע פרייהייט פון קריטיק, — די פראנצויזן אָבער ניט, און טאַקע זייער ביישפּיל באווייזט די גאנצע „שעדלעכקייט פון אומטאָלעראנטקייט".

גראָד ב. קריטשעווסקים ביישפּיל — וועלן מיר דערויף ענטפערן — באווייזט, אַז צומאָל רופן זיך אָן מיטן נאָמען מאַרקסיסטן — מענטשן, וועלכע קוקן אַף דער געשיכטע בוכשטעבלעך „אַלפּי אילאָוואַיסקי"*. קעדיי צו דערקלערן די איינהייטלעכקייט פון דער דייטשישער און די צעברעקלקייט פון דער פראַנצויזישער סאָציאליסטישער פּארטיי איז קלאל ניטאָ קיין נויטווענדיקייט זיך צו

* אַ רעאַקציאָנער שולבוך פון געשיכטע, פון וועלכן דוירעס האָבן בישאָס דעם צאַריזם געלערנט די מאָנאַרכיסטישע, פריצישע, שוואַרצמייעדיקע געשיכטע=קאָנצעפּציע. אַ מוסטער פון אומוויסנקייט און פון דערקלערן די געשיכטע מיט האַנדלונגען פון קייסאָרים און מיט פּסיכאָלאָגיע. איב.

גריבלען אין די באזונדערהייטן פון דער געשיכטע פון דעם אָדער יענעם לאנד, אנטקעגנשטעלן איינע די אנדערע די באדינגונגען פונם מיליטערישן האלבן אבסאָלוטיזם און רעפובליקאנישן פארלאמענטאריזם, פאנאנדערקלייבן די פאָלגן פון דער קאָמונע און פונם אויסנאם־געזעץ קעגן די סאָציאליסטן, פארגלייכן דעם עקאָנאָמישן שטייגער און די עקאָנאָמישע אנטוויקלונג, דערמאָנען זיך וועגן דעם, ווי אזוי דער „ביישפיללאָזער וואוקס פון דער דייטשישער סאָציאל־דעמאָקראטיע" איז באגלייט געוואָרן מיט א ביישפיללאָזער אין דער געשיכטע פונם סאָציאליזם ענערגיע פון קאמף ניט נאָר קעגן די טעאָרעטישע (מיולבערגער, דיורינג *, די קאטעדער־סאָציאליסטן), נאָר אויך קעגן די טאקטישע (לאסאל) גרייזן א. א. וו. א. א. וו. דאָס אַלץ איז איבעריק! די פראַנצויזן קריגן זיך, ווייל זיי זיינען אומטאָלעראנט, די דייטשן זיינען איינהייטלעך, ווייל זיי זיינען לייטישע קינדער.

און באַמערקט, אַז מיט דער הילף פון דערדאָזיקער אומפאַרגלייכלעכער טיפזיניקייט ווערט „געפאַסלט" דער פאַקט, וועלכער וואַרפט אינגאַנצן אום די פאַרטיידיקונג פון די בערשטייניאַנער. צי שטייען זיי אַפן באָדן פון קלאסן־קאמף פונם פראָלעטאריאט, — די דאָזיקע פראגע קאָן ענדגילטיק און קאטעגאָריש געלייזט ווערן בלויז דורך דער היסטאָרישער דערפארונג. הייסט עס, אַז די סאמע וויכטיקע באדייטונג האָט אין דערדאָזיקער היגזיכט גראד דער ביישפיל פון פראנקרייך, אלס איינציקן לאנד, אין וועלכן די בערנשטייניאנער האָבן זיך געפרואווט שטעלן זעלבשטענדיק אַף די פיס, בא דער הייסער

* ווען ענגעלס איז אָנגעפאַלן אַף דיורינגן,[1] זיינען צו דיורינגס אָנשוויאונגען גענייגט געווען גאַנץ פיל פאָרשטייער פון דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, און באַשולדיקונגען אין שאַרפקייט, אומטאָלעראַנטקייט, ניט באַוועריקער פּאָלעמיק א. א. וו. האָבן זיך געשאָטן אַף ענגעלסן אַפילע עפנטלעך אַפן פאַרטיי־צוזאַמענפאָר. מאָסט[2] מיט זיינע באַוויירים האָבן אַרייגעטראָגן (אַפן צוזאַמענפאָר פון 1877 יאָר) אַ פאָרשלאָג צו באַזייטיקן ענגעלסעס אַרטיקלען פונם „פאָרווערטס", אַלס אַזעלכע, וואָס „שטעלן ניט פאָר קיין אינטערעס פאַר דער קאָלאָסאַלער מערהייט לעזער", און וואַלטייך האָט דערקלערט, אַז דאָס אָפּדרוקן דידאָזיקע אַרטיקלען האָט געבראַכט גרויסן שאָדן דער פאַרטיי, אַז דיורינג האָט אויך געבראַכט נוצן דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע: „מיר דאַרפן זיך באַנוצן מיט אַלעמען צוליב די „אינטערעסן פון דער פאַרטיי, און אויב פּראָפעסאָרן קריגן זיך, איז דער „פאָרווערטס" קלאַל ניט קיין אָרט אַף צו פירן אַזוינע קריגערייען" („פאָרווערטס", נומער 65, פון 6 יוני 1877 יאָר). ווי איר זעט, איז דאָס אויך אַ ביישפיל פון פאַרטיידיקן די „פרייהייט פון קריטיק", און עס וואָלט ניט געשאַדט, אַז אונזערע לעגאַלע קריטיקער און אומלעגאַלע אָפּאָרטוניסטן, וועלכע האָבן אַזוי ליב זיך צו פאַרופן אַפן ביישפיל פון די דייטשן, זאָלן אַ טראַכט טאָן איבער דעמדאָזיקן ביישפיל.

צו לעניס אָנמערקונג.[1]) דיורינג — אַ דייטשישער עקאָנאָמיסט און פילאָזאָף, וועלכער האָט שאַרף קריטיקירט מאַרקס און ענגעלסעס טעאָריע. ענגעלס האָט צעקלאַפּט דיורינגן אינעם בוך „אַנטי־דיורינג".[2]) מאָסט — אַ „לינקער" ס. ד. שפּעטער אַנאַרכיסט.

איב.

באווליקונג פון זייערע דייטשישע קאָלעגן (און מיילוויז אויך פון די רוסישע אָפּאָרטוניסטן: פארגלייך „ראבאָטשעיע דיעלאָ“ נומער 2—3, ז. 83—84). דאָס פארופן זיך אף דער „אומבעשאָלעמדיקייט“ פון די פראנצויזן — אכוץ זיין „היסטאָרישער“ (אינם נאָזדריאָווישן * זינען) באַדייטונג — ווייזט זיך עס פאָשעט ארויס ווי א פרואוו צו פארייבן מיט בייזע ווערטער זייער ניט קיין אָנגענעמענע פאַקטן.

און אויך די דייטשן האָבן מיר נאָך קלאַל ניט בעדייע אַוועקצושטעלן ב. קרימשעווסקין און די איבעריקע פילצאָליקע פארטיידיקער פון דער „פרייהייט פון קריטיק“. אויב „די סאמע בעפיירעשדיקע בערנשטייניאנער“ ווערן נאָך געדולדעט אין די רייען פון דער דייטשישער פארטיי, איז עס בלויז אף אזויפיל, אף וויפיל זיי וואַרפן זיך אונטער אי דער האנאָווערישער רעזאָלוציע, וועלכע האָט אנטשיידן אָפּגעוואָרפן בערנשטיינס „אויסבעסערונגען“, אי דער ליובעקער, וועלכע אנטהאלט אין זיך (ניט געקוקט אף דער גאנצער דיפלאָמאַטישקייט) א דירעקטע האסראָע בערנשטיינען. מע קאָן שטרייטן, פונם שטאַנדפּונקט פון די אינטערעסן פון דער דייטשישער פארטיי, וועגן דעם, אף וויפל דאָ האָט געפאסט דיפלאָמאטישקייט, צי איז אין דעם געגעבענעם פאל געווען בעסער אַ שלעכטער שאָלעם, איידער אַ גוטער קריג, מע קאָן, מיט איין וואָרט, זיך פאנאנדערגיין אין דער אָפּשאצונג פון דער צוועקמעסיקייט פון דעם אָדער יענעם אויפן פון אָפּוואַרפן דעם בערנשטייניאניזם, אָבער מע קאָן ניט ניט זעען דעם פאקט, אז די דייטשישע פארטיי האָט צוויי מאָל אָפּגעוואָרפן דעם בערנשטייניאניזם. מיינען, אז דער ביישפיל פון די דייטשן באשטעטיקט דעם טעזיס: „די סאַמע בעפיירעשדיקע בערנשטייניאַנער שטייען אַפן באָדן פונם קלאסן-קאמף פונם פראָלעטאריאט פאר זיין עקאָנאָמישער און פאָליטישער באפרייאונג“ — הייסט דעריבער לאכלוטן ניט פארשטיין דאָס, וואָס עס קומט פאָר פאַר אַלעמענס אויגן **.

* נאָזדריאָוו — אַ העלד פון גאָגאָלס „טויטע נעפאַשעס“, וועלכער פלעגט אַלע ווילע אַרייַנפאַלן אין מיעסע געשיכטעס, „היסטאָריעס“ — צוליב זיין שאַרלאַטאַנעווען. אוב.

** מע דאַרף באַמערקן, אַז איבער דער פראַגע וועגן דעם בערנשטייניאַניזם אין דער דייטשישער פאַרטיי האָט זיך „ראַבאָטשעיע דיעלאָ“ שטענדיק באַגרענעצט מיטן הוילן איבערדערציילן די פאַקטן, אַבסאָלוט „אָפּהאַלטנדיק זיך“ צו געבן אַן אייגענע אָפּשאַצונג פון זיי. זע, לעמאָשל, דעם נומער 2—3, ז. 66 וועגן דעם שטוטגאַרטער צוזאַמענפאָר; אַלע מיינונגס-פאַרשיידנהייטן ווערן דערפירט צו „טאַקטיק“ און עס ווערט בלויז קאָנסטאַטירט, אַז די קאָלאָסאַלע מערהייט איז געטריי דער פריערדיקער רעוואָלוציאָנערער טאַקטיק. אָדער דעם נומער 4—5, ז. 25 און די ווייטערדיקע — אַ פּאָשעטע איבערדערציילונג פון די רעדעס אַפן האנאָווערשן צוזאַמענפאָר, דערביי ווערט געבראַכט בעבעלס רעזאָלוציע; דאָס איבערגעבן דעם אינהאַלט און קריטיקירן בערנשטיינען איז ווידער אָמאָל (פונקט ווי אינם נומער 2—3) אָפּגעלייגט ביז „אַ ספּעציעלן אַרטיקל“. עס איז אַ קוריאָז, וואָס אַף דער זייט 33 אינם נומער 4—5 לייענען מיר: „...די אַנ-

נאָך מער. ווי מיר האָבן שוין באמערקט, טרעט ארויס „ראבאָטשעיע דיעלאָ“ פאר דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע מיט דער פאָדערונג פון „פרייהייט פון קריטיק“ און מיט אַ פאַרטיידיקונג פונם בערנשטייניאניזם. איר איז, ווייזט־אויס, אויסגעקומען זיך צו איבערצייגן, אַז בײַ אונז האָט מען ניט יוישערדיק באַליידיקט אונזערע „קריטיקער“ און די בערנשטייניאַנער. וועלכע דעהאינגע? ווער? וואו? ווען? אין וואָס איז געמלעך באשטאנען די ניט יוישערדיקייט? — ווענן דעם שווייגט „ראבאָטשעיע דיעלאָ“, ניט דערמאָנענדיק קיין איין מאָל וועגן קיין שום רוסישן קריטיקער און בערנשטייניאַנער! אונז בלייבט בלויז צו מאכן איינע פון די צוויי מעגלעכע האשאָרעס. אָדער דער ניט יוישערדיק באַליידיקטער צאד איז ניט קיין אנדערע, ווי די „ראבאָטשעיע דיעלאָ“ גופע (דאָס ווערט באַשטעטיקט דערמיט, וואָס אין ביידע ארטיקלען אינם 10 נומ. רעדט זיך בלויז וועגן אוולעס, וואָס „ראבאָטשעיע דיעלאָ“ האָט באקומען פון „זאריא“ און פון דער „איסקרא“). דעמאָלט איז מיט וואָס זאָל מען דערקלערן אזא מאָדנע זאך, וואָס „ראבאָטשעיע דיעלאָ“, וועלכע האָט זיך שטענדיק אזוי אקשאָנעסדיק אָפּגעזאָגט פון וועלכער עס איז סאָלידארישקייט מיטן בערנשטייניאניזם, האָט ניט געקאָנט זיך פארטיידיקן, ניט אריינוואַרפנדיק קיין ווערטל פאר די „סאמע בעפּירעשדיקע בערנשטייניאַנער“ און פאר דער פרייהייט פון קריטיק? אָדער די ניט יוישערדיק באַליידיקטע זיינען עפּעס דריטע פערזאָגנען. איז וואָס פאר אַ מאָטיוון קאָנען דאָ זיין אַף צו פאַרשווייגן זיי?

מיר זעען, אזוי ארום, אז „ראבאָטשעיע דיעלאָ“ פירט ווייטער דאָס זעלביקע שפּיל אין באהעלטעניש, מיט וועלכן זי האָט זיך פארנומען (ווי מיר וועלן ווייטער דערווייזן) פון איר סאמע אנטשטייאונג אָן. און נאכהער טוט א קוק אַף דאָס דאָזיקע ערשטע פאקטישע אנווענדן די געריממטע „פרייהייט פון קריטיק“. אין דער ווירקלעכקייט האָט זי טייקעף געבראַכט ניט נאָר צו דער אָפּוועזנהייט פון יעטווידער קריטיק, נאָר אויך צו דער אָפּוועזנהייט פון זעלבשטענדיקן דענקען ביכלאַל. די זעלביקע „ראבאָטשעיע דיעלאָ“, וועלכע מאַכט אַ שווייג, פונקט ווי וועגן אַ באהאַלטענע קרענק (לויט סטאַראָווערס טרעפלעכן אויסדריק), וועגן דעם רוסישן בערנשטייניאָניזם, זי לייגט פאָר אַף צו היילן דידאָזיקע קרענק פּאָשעט אראָפּצושרייבן דעם דייטשישן רעצעפּט קעגן דער דייטשישער פאָרם פון דערדאָזיקער קרענק! אָנשטאָט פרייהייט פון קריטיק—שקלאַפּערישע... ערגער: מאַלפּישע נאָכמאַכונג!

שויאונגען, וועלכע בעבעל האָט ארויסגעזאָגט, האָבן פאַר זיך די קאָלאָסאַלע מערהייט פונם צוזאַמענפאָר“, און עטוואָס ווייטער: „...דאווויד האָט פאַרטיידיקט בערנשטיינס אָנשויאונגען... פריער פאַר אַלץ האָט ער זיך באַמיט צו באַווייזן, אַז... בערנשטיין און זיינע פריינט שטייען פאָרט (sic!) אַפן באָדן פון קלאַסן־קאַמף“... דאָס איז געשריבן געוואָרן אין דעקאַבר 1899 יאָר, און אין סענטיאַבר 1901 יאָר האָט שוין „ראבאָטשעיע דיעלאָ“, ווי עס ווייזט אויס, אויפגעהערט גלויבן אין בעבעלס גערעכטיקייט און כאַזערט איבער דאווידס קוק, ווי אירן אַן אייגענעם! (דידאָזיקע באַמערקונג האָט לעניַן אין דער אויסגאַבע פון 1908 יאָר אויסגעשלאָסן).

דערזעלביקער סאָציאַל־פּאָליטישער אינהאַלט פונם מאָדערנעם אינטערנאַציאָ־
נאַלן אָפּאָרטוניזם ווייזט זיך ארויס אין די אָדער יענע פאַרשיידענע פאָרמען,
צוגעפּאַסט צו די נאַציאָנאַלע באַזונדערהייטן. אין איין לאַנד איז די גרופּע
אָפּאָרטוניסטן שוין פון לאַנג ארויסגעטראָטן אונטער אַ באַזונדערער פאָן, אין
אַ צווייטן האָבן די אָפּאָרטוניסטן פאַרוואָרפן די טעאָריע, האָבן געפירט פּראַקטיש
אַ פּאָליטיק פון ראַדיקאַל־סאָציאַליסטן, אינם דריטן — זיינען עטלעכע מיט־
גלידער פון דער רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי אריבערגעלאָפן אין דעם לאַגער פונם
אָפּאָרטוניזם און זיי באַמיען זיך צו דערשלאָגן זיך זייערע צילן ניט דורך אַן
אָפענעם קאַמף פאַר די פּרינציפּן און פאַר דער נייער טאַקטיק, נאָר דורך
בעהאַדראָגיקן אומבאַמערקבאַרן און, אויב מע קאָן זיך אַזוי אויסדריקן, אומ־
באַשטראָפלעכן דעמאָראַליזירן זייער פּאַרטיי; אינם פערטן — באַנוצן אַזוינע
אריבערלויפער דיזעלביקע מיטלען אין דער פינצטערניש פון פּאָליטישער
שקלאַפעריי און בּאַ אַ גאַנץ אָריגינעלער קעגנזייטיקער פאַרהעלטעניש צווישן
דער „לעגאַלער“און „אומלעגאַלער“ טעטיקייט א. א. וו. נעמען זיך אָבער ריידן
וועגן פרייהייט פון קריטיק און פון בערנשטייניאַניזם, ווי אַ באַדינג פאַר דער
פאַרייניקונג פון די ר ו ס י ש ע סאָציאַל־דעמאָקראַטן, און דערביי ניט געבן
קיין אַנאַליז פון דעם, אין וואָס נעמלעך עס האָט זיך ארויסגעוויזן און וואָס
פאַר אַ פּרוכטן עס האָט געגעבן דער ר ו ס י ש ע ר בערנשטייניאַניזם, — דאָס
הייסט, נעמען זיך ריידן, קעדיי גאָרנישט צו זאָגן.

טאָ לאָמיר אַליין פּרואוון זאָגן, כאָטש אין עטלעכע ווערטער, דאָס, וואָס
עס האָט ניט געוואָלט זאָגן (אָדער עפשער, ניט געקאָנט אפילע פאַרשטיין) די
„ראַבאָטשעיע דיעלאָ“.

## ג) די קריטיק אין רוסלאַנד

די איקערדיקע באַזונדערהייטן פון רוסלאַנד אין דער באַטראַכטער הינזיכט
באַשטייט דערין, וואָס שוין דער אָ נ ה ו י ב ג ו פ ע פון דער סטיכישער אַר־
בעטער־באַוועגונג, פון איין זייט, און דער קער פון דער פאָרגעשריטענער געזעל־
שאַפטלעכער מיינונג צום מאַרקסיזם, פון דער צווייטער, זיינען באַצייכנט געווען
מיט אַ פאַרייניקונג פון בעפיירעש פאַרשיידנאַרטיקע עלעמענטן אונטער אַן
אַלגעמיינער פאָן און צוליב קאַמף מיט אַן אַלגעמיינעם קעגנער (דער פאַרעל־
טערטער סאָציאַל־פּאָליטישער וועלט־אָנשויאונג). מיר ריידן וועגן דעם האָניק־
כוידעש פונם „לעגאַלן מאַרקסיזם“. דאָס איז ביכלאַל געווען אַ העכסט אָריגי־
נעלע דערשיינונג, וואָס אין איר מעגלעכקייט אַליין וואָלט קיינער ניט געקאָנט
אַפילע גלויבן אין די 80־קער אָדער אין אָנהויב פון די 90־ער יאָרן. אין אַן
אַבסאָלוטישן לאַנד, וואו די פּרעסע איז אינגאַנצן פאַרשקלאַפט, אין אַן עפּאָכע
פון ווילדער פּאָליטישער רעאַקציע, וועלכע האָט גערוידעפט די קלענסטע שפּראָ־

צונגען פון פּאָליטישער אומצופרידנקייט און פּראָטעסט, — שלאָגט זיך פּלוצלינג דורך אַ וועג אין דער צענזורירטער ליטעראַטור די טעאָריע פון רעוואָלוציאָנערן מאַרקסיזם, וועלכע ווערט איבערגעגעבן מיט אַן עזאָפּישער, אָבער פאַר אַלע, „וואָס אינטערעסירן זיך", פאַרשטענדלעכער שפּראַך. די רעגירונג איז צוגעוואוינט צו האַלטן פאַר געפערלעך בלויז די טעאָריע פונם (רעוואָלוציאָנערן) נאַראָדאָוואָליזם, ניט באַמערקנדיק, ווי דער שטייגער איז, זיין אינערלעכע עוואָלוציע, פרייענדיק זיך מיט יעדער קריטיק, וואָס איז קעגן איר געווענדעט. ביז וואַנען די רעגירונג האָט זיך געכאַפּט, ביז וואַנען די שווערוואָגיקע אַרמיי צענזאָרן און זשאַנדאַרמען האָט אויפגעזוכט דעם נייעם סוינע און איז אים באַפאַלן, — איז אַוועק ניט ווייניק (אַף אונזער רוסישן כעשבן) צייט. און אין דער צייט זיינען דערשינען איינס נאָכן אַנדערן מאַרקסיסטישע ביכער, עס האָבן זיך געעפנט מאַרקסיסטישע זשורנאַלן און צייטונגען, מאַרקסיסטן זיינען געוואָרן דורכויס אַלע, די מאַרקסיסטן האָט מען געכאַנפעט, נאָך די מאַרקסיסטן איז מען נאָכגעגאַנגען, די פאַרלעגער זיינען אַנטציקט געווען מיטן אויסערגעוויינלעך גאַנגבאַרן אָפּזאַץ פון די מאַרקסיסטישע ביכער. עס איז גאַנץ פאַרשטענדלעך, אַז צווישן די אָנפאַנגער מאַרקסיסטן, וואָס זיינען אַרומגערינגלט געווען מיט דעמדאָזיקן טשאַד, האָט זיך אַרויסגעוויזן ניט איין „שרייבער, וואָס איז געוואָרן גרוים באַ זיך"... *.

באַ איצטיקער צייט קאָן מען וועגן דעמדאָזיקן פּעריאָד ריידן רואיק, ווי וועגן פאַרגאַנגענהייט. עס איז פאַר קיינעם קיין סאָד ניט, אַז די קורצווייליקע אויפבליאונג פונם מאַרקסיזם אַף דער אויבערפלאַך פון אונזער ליטעראַטור איז אַרויסגערופן געוואָרן דורך אַ בונד פון מענטשן עקסטע מיט מענטשן גאַנץ מעסיקע. אין טאָך גענומען זיינען דידאָזיקע לעצטע געווען בורזשואַזע דעמאָקראַטן, און דערדאָזיקער אויספיר (וועלכער איז ביז באַשיינפערלעכקייט פאַרשטאַרקט געוואָרן דורך זייער ווייטערדיקער „קריטישער" אַנטוויקלונג) האָט זיך אַליין געבעטן פאַר אייניקע נאָך אין דער צייט, ווען דערדאָזיקער „בונד" איז געווען גאַנץ *

אָבער אויב אַזוי, פאַלט עפשער די סאַמע גרעסטע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער שפּעטערדיקער „מעהומע" גראָד אַף די רעוואָלוציאָנערע סאָציאַלדעמאָקראַטן, וועלכע זיינען אַריינגעטראָטן אין דעמדאָזיקן בונד מיט די צוקונפטיקע „קריטיקער"? אַזאַ פראַגע, צוזאַמען מיט אַ פּאָזיטיוון ענטפער אַף איר, קומט אוים צומאָל צו הערן פון מענטשן, וועלכע קוקן צו גראָדליניק אַף

---

* גאָמען פון גאַרקים אַ דערציילונג.

איב.

* מיר האָבן דאָ אין אויג ק. טולינס אַרטיקל קעגן סטרואווען, וואָס איז צונויפגעשטעלט פון אַ רעפעראַט, וועלכער האָט געטראָגן דעם נאָמען „די אָפּשפּיגלונג פונם מאַרקסיזם אין דער בורזשואַזער ליטעראַטור" (לעניגס אָנמערקונג צו דער אויסגאַבע פון 1908 יאָר — רעד).

דער זאַך. אָבער דידאַזיקע מענטשן זיינען אַבסאָלוט אומגערעכט. מוירע האָבן פאַר צייטווייליקע בונדן, זאָל זיין אַפילע מיט ניט קיין זיכערע מענטשן, קאָן בלויז דער, ווער עס פאַרלאָזט זיך ניט אַף זיך אַליין, און קיין איין פּאָליטישע פּאַרטיי וואָלט ניט געקאָנט עקזיסטירן אָן אַזוינע בונדן. און די פאַרייניקונג מיט די לעגאַלע מאַרקסיסטן איז געווען אַ מין ערשטער ווירקלעך פּאָליטישער בונד פון דער רוסישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. אַדאַנק דעמדאָזיקן בונד איז דערגרייכט געוואָרן אַ וואונדערבאַרער גיכער ניצאָכן איבער דעם פאָלקיזם און אַ קאָלאָסאַלע פאַרשפּרייטונג אין דער ברייט פון די אידייען פונם מאַרקסיזם (האַגאַם אין אַ וואולגאַריזירטער פאָרם). דערביי איז דער בונד געשלאָסן געוואָרן ניט אינגאַנצן אָן וועלכע עס איז „טנאָים“. אַ באַווייז: דער מאַרקסיסטישער זאַמלבוך „מאַטעריאַלן צו דער פראַגע וועגן דער ווירטשאַפטלעכער אַנטוויקלונג פון רוסלאַנד“, וועלכן די צענזור האָט פאַרברענט אין 1895 יאָר. אויב אַ ליטעראַרישן אויסגלייך מיט די לעגאַלע מאַרקסיסטן קאָן מען פאַרגלייכן מיט אַ פּאָליטישן בונד, קאָן מען דאָסדאָזיקע בוך פאַרגלייכן מיט אַ פּאָליטישן אָפּמאַך.

דער ברוך איז אַרויסגערופן געוואָרן, פאַרשטייט זיך, ניט דערמיט, וואָס די „פאַרבינדעטע“ האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר בורזשואַזע דעמאָקראַטן. פאַרקערט, די פאָרשטייער פון דערדאָזיקער לעצטער ריכטונג זיינען נאַטירלעכע און געוואונשענע פאַרבינדעטע פאַר דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, אַף וויפל עס רעדט זיך וועגן אירע דעמאָקראַטישע אויפגאַבן, וועלכע ווערן אַרויסגערוקט אַפן ערשטן פּלאַן דורך דער איצטיקער לאַגע אין רוסלאַנד. אָבער דער אומבאַדינגטער טנאַי פאַר אַזאַ בונד איז די פולע מעגלעכקייט פאַר די סאָציאַליסטן אויפצודעקן פאַרן אַרבעטער-קלאַס די פיינטלעכע קעגנזעצלעכקייט צווישן זיינע אינטערעסן מיט די אינטערעסן פון דער בורזשואַזיע. יענער בערנשטייניאַניזם און יענע „קריטישע“ ריכטונג אָבער, צו וועלכער עס האָט זיך מאַסנווייז געווענדעט די מערהייט לעגאַלע מאַרקסיסטן, האָט אָפּגענומען די דאָזיקע מעגלעכקייט און האָט דעמאָראַליזירט דאָס סאָציאַליסטישע באַוואוסטזיין, וואולגאַריזירנדיק דעם מאַרקסיזם, פּרעדיקנדיק די טעאָריע פון אָפּטעמפּן די סאָציאַלע ווידערשפּרוכן, דערקלערנדיק פאַר אומגעלומפּערט די אידייע פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע און פון דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט, אויסלאָזנדיק די אַרבעטער-באַוועגונג און דעם קלאַסן-קאַמף צו שמאָלן „טרעד-יוניאָניזם“ און צו אַ „רעאַליסטישן“ קאַמף פאַר קליינלעכע, בעהאַדראַגיקע רעפאָרמעס. דאָס איז פולשטענדיק גלייך געווען דערצו, אַז די בורזשואַזע דעמאָקראַטיע לייקנט דאָס רעכט אַף זעלבשטענדיקייט פאַרן סאָציאַליזם און, דאָס הייסט, אויך זיין רעכט אַף עקזיסטענץ; דאָס האָט אין דער פּראַקטיק באַטייט אַ שטרעבונג צו פאַרוואַנדלען די אויפקומענדיקע אַרבעטער-באַוועגונג אין אַן עק פון די ליבעראַלן.

עס איז נאַטירלעך, אַז באַ אַזוינע באַדינגונגען איז דער ברוך געווען נויטיק. אָבער די „אָריגינעלע“ באַזונדערהייט פון רוסלאַנד האָט זיך געלאָזט פילן דע-

רין, וואס דערדאזיקער ברוך וואס באטייט, אז די סאציאל-דעמאקראטן ווערן פאשעט דערווייטערט פון דער פאר אלעמען אמערסטן צוטריטלעכער און ברייט פארשפרייטער „לעגאלער“ ליטעראטור. אין איר האבן זיך פארפעסטיקט די „געוועזענע מארקסיסטן“, וועלכע האבן זיך געשטעלט „אונטערן צייכן פון קריטיק“ און האבן באקומען קימאט א מאנאפאליע אף „צעטראגן“ דעם מארקסיזם. די אויסרופן: „קעגן ארטאדאקסיע“ און „זאל לעבן די פרייהייט פון קריטיק“ (וואס די „ראבאטשעיע דיעלא“ כאזערט איצט איבער), זיינען מיטאמאל געווארן מאדישע ווערטלעך, און אז קעגן דערדאזיקער מאדע זיינען ניט ביינגעשטאנען אויך די צענזארן מיט די זשאנדארמען איז צו זען פון אזוינע פאקטן, ווי דאס דערשיינען פון דריי רוסישע אויסגאבן פונם בארימטן (העראסטאטיש בארימטן) בערנשטיינס בוך, אדער ווי דאס, וואס זובאטאוו רעקאמענדירט בערנשטיינס, ה. פראקאפאוויטשעס א. אנד. ביכער („איסקרא“ נומער 10). אף די סאציאל-דעמאקראטן איז איצט געפאלן די אויפגאבע, א שווערע אליין פאר זיך, און נאך אויסערגעוויינלעך פארשווערט דורך ריין אויסערלעכע שטערונגען, די אויפגאבע פון קאמף מיט דער נייער שטרעמונג. און דידאזיקע שטרעמונג האט זיך ניט באגרעניצט מיטן געביט פון ליטעראטור. דער קער צו „קריטיק“ איז באגלייט געווארן מיט אן אנקעגנשטרעמונג פון די פראקטיקער סאציאל-דעמאקראטן צום „עקאנאמיזם“.

ווי אזוי עס איז אנטשטאנען און געוואקסן די פארבינדונג און די קעגנזייטיקע אפהענגיקייט פון דער לעגאלער קריטיק און דעם אומלעגאלן עקאנאמיזם, דידאזיקע אינטערעסאנטע פראגע וואלט געקאנט דינען אלס טעמע פאר א באזונדערן ארטיקל. פאר אונז איז גענוג צו פארצייכענען דא די אנצווייפלדיקע עקזיסטענץ פון דערדאזיקער פארבינדונג. דאס בארימטע „קרעדא“ * האט דערפאר באקומען אזא פארדינטע בארימטקייט, וואס דאס האט אפן פארמולירט דידאזיקע פארבינדונג און האט אויסגעפלאפלט די איקערדיקע פאליטישע טענדענץ פונם „עקאנאמיזם“: זאלן די ארבעטער פירן אן עקאנאמישן קאמף (פינקטלעכער וואלט געווען צו זאגן: א טרעד-יוניאניסטישן קאמף, ווייל דערדאזיקער לעצטער נעמט ארום אויך די ספעציפיש-ארבעטערשע פאליטיק), און די מארקסיסטישע אינטעליגענץ זאל זיך צונויפגיסן מיט די ליבעראלן צוליב „פאליטישן“ קאמף. די טרעד-יוניאניסטישע ארבעט „אינם פאלק“ האט זיך ארויסגעוויזן פאר אן אויספילונג פון דער ערשטער, — די לעגאלע קריטיק, — פון דער צווייטער העלפט פון דערדאזיקער אויפגאבע. דידאזיקע דערקלערונג איז געווען אזא אויסגעצייכנטע געווער קעגן דעם עקאנאמיזם, אז ווען דאס „קרעדא“ וואלט ניט געווען, וואלט געלוינט דאס אויסצוטראכטן.

---

* דאקומענט, פארפאסט דורך דער „עקאנאמיסטקע“ קוסקאווא (היינט א דאס סוינע פון ראטנרוסלאנד), וועלכער האט אנטהאלטן די גאנצע פלאטפארם פונם עקאנאמיזם, קרעדא באטייט: „אנימאמין“.

דאָס „קרעדאָ“ איז ניט אויסגעטראַכט געוואָרן, נאָר דאָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אויסער דעם ווילן, און עפּשער אַפילע קעגן דעם ווילן פון אירע מעכאַבירים. לעכאָלאַפּאָכעס, דעם שרייבער פון דידאָזיקע שורעס, וועלכער האָט אָנטייל גענומען אין אַרויסשלעפּן אַף דער ליכטיקער וועלט די נייע „פּראָגראַם“ *, איז אויסגעקומען צו הערן אָנקלאָגעס און פאָרוואורפן מיקויעד דעם, וואָס די רעזומע פון זייערע אָנשויאונגען, וועלכע די רעדנער האָבן אָנגעוואָרפן, איז פאַרשפּרייט געוואָרן אין קאָפּיעס, האָט באַקומען דעם צונאָמען „קרעדאָ“ און איז אַפילע אַריינגעפאַלן אין דרוק צוזאַמען מיטן פּראָטעסט! מיר באַרירן דעמדאָזיקן עפּיזאָד, ווייל ער דעקט אויף זייער אַ פּיקאַנטן שטריך פון אונזער עקאָנאָמיזם: די מוירע פאַר עפנטלעכקייט. אָט דאָס איז טאַקע אַ שטריך פונם עקאָנאָמיזם ביכלאַל, און ניט בלויז פון די מעכאַברים פון „קרעדאָ“: אים האָבן אַרויסגעוויזן אי די „ראַבאָטשאיא מיסל“, דער סאַמע אָפענער און סאַמע ערלעכער אָנהענגער פונם עקאָנאָמיזם, אי די „ראַבאָטשעיע דיעלאָ“ (וואָס רעגט זיך אויף דערפון, וואָס די „עקאָנאָמישע“ דאָקומענטן זיינען פאַרעפנטלעכט אינם „וואַדעמעקום“) **, אי דער קיעווער קאָמיטעט, וועלכער האָט מיט צוויי יאָר צוריק ניט געוואָלט געבן קיין דערלויבעניש צו פאַרעפנטלעכן זיין profession de foi („אַנימאַימין“) צוזאַמען מיט דער האַקכאָשע ***, וואָס איז קעגן דעם אָנגעשריבן געוואָרן, אי פילע=פילע באַזונדערע פאַרשטייער פונם עקאָנאָמיזם.

דידאָזיקע מוירע פאַר קריטיק, וועלכע די אָנהענגער פון פרייהייט פון קריטיק ווייזן אַרויס, קאָן ניט דערקלערט ווערן בלויז דורך כיטרעקייט (האַגאַם ווען ניט ווען באַגייט זיך עס ניט, אָן סאָפּעק, אויך אָן כיטרעקייט: עס לוינט ניט אויפדעקן פאַרן אָנגריף פון די קעגנער די נאָך ניט קרעפטיק געוואָרענע שפּראָצונגען פון דער נייער ריכטונג!). ניין, די מערהייט עקאָנאָמיסטן קוקט גאַנץ אויפריכטיק (און לויטן סאַמע מאָך פונם עקאָנאָמיזם, דאַרפן זיי קוקן) ניט גינסטיק אַף אַלערליי טעאָרעטישע וויקוכים, פראַקציאָנעלע מיינונגס=פאַרשיידנהייטן,

---

* עס רעדט זיך וועגן דעם פּראָטעסט פון די זיבעצן קעגן דער „קרעדאָ“. דער שרייבער פון דידאָזיקע שורעס האָט זיך באַטייליקט אין צוזאַמענשטעלן דעמדאָזיקן פּראָטעסט (סאָף 1899 יאָר). דער פּראָטעסט, צוזאַמען מיט דעם „קרעדאָ“, איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין אויסלאַנד אין פרילינג 1900 יאָר. באַ איצטיקער צייט איז פון מאַדאַם קוסקאָוואַס אַרטיקל (דאַכט זיך, אין „בילאָיע“) שוין באַקאַנט, אַז דער מעכאַבער פון דער „קרעדאָ“ איז געווען זי; צווישן די אויסלענדישע „עקאָנאָמיסטן“, ווידער, פון יענער צייט האָט די אָנגעזעענסטע ראָלע געשפּילט דער הער פּראָקאָפּאָוויטש (דידאָזיקע באַמערקונג האָט לענין צוגעגעבן צו דער אויסגאַבע פון 1908 יאָר.).

** אַף וויפל אונז איז באַקאַנט, האָט זיך דער באַשטאַנד פונם קיעווער קאָמיטעט פון דעמאָלט געענדערט (דידאָזיקע באַמערקונג האָט לענין אויסגעשלאָסן אין דער אויסגאַבע פון 1908 יאָר. — רעד.).

*** פּלעכאַנאָווס אַן אַרטיקל אַנקעגן די עקאָנאָמיסטן.

ברייטע פּאָליטישע פראגן, פּראָיעקטן צו אָרגאַניזירן די רעוואָלוציאָנערן און אַז. וו. „מע וואָלט דאָס אַלץ געדאַרפט אָפּגעבן קיין אויסלאַנד!“ — האָט מיר איינמאָל געזאָגט איינער פון די גאַנץ אויסגעהאַלטענע עקאָנאָמיסטן, און ער האָט דערמיט אויסגעדריקט די זייער פאַרשפּרייטע (און ווידער אַמאָל ריין טרעד־יוניאָניסטישע) אָנשויאונגען: אונזער זאַך איז די אַרבעטער־באַוועגונג, די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס דאָ, אין אונזער געגנט, און דאָס איבעריקע — דאָס זיינען אויסטראַכטענישן פון דאָקטרינערן, אַן „איבערשאַצונג פון דער אידעאָלאָגיע“, ווי עס האָבן זיך אויסגעדריקט די מעכאַברים פונם בריוו אין נומער 12 „איסקרא“ אין איינקלאַנג מיטן נומער 10 „ראַבאָטשעיע דיעלאָ“.

פרעגט זיך איצט: צוליב אַזוינע באַזונדערהייטן פון דער רוסישער „קריטיק“ און פונם רוסישן בערנשטייניאָניזם, אין וואָס וואָלט געדאַרפט באַשטיין די אויפגאַבע פון די, וועלכע וואָלטן אין דער ווירקלעכקייט, און ניט בלויז אַף ווערטער געוואָלט זיין קעגנער פונם אָפּאָרטוניזם? ערשטנס, וואָלט מען באַדאַרפט זאָרגן וועגן באַנייען די טעאָרעטישע אַרבעט, וועלכע איז קוים־קוים אָנגעהויבן געוואָרן מיט דער עפּאָכע פונם לעגאַלן מאַרקסיזם און וועלכע איז איצט ווידער אַמאָל אויסגעפאַלן אַף די אומלעגאַלע טוער; אָן אַזאַ אַרבעט איז אומעגלעך געווען דער דערפאָלגרייכער וואוקס פון דער באַוועגונג. צווייטנס, איז נויטיק געווען אַקטיוו אַרויסצוטרעטן אין קאַמף קעגן דער לעגאַלער „קריטיק“, וועלכע האָט אַריינגעטראָגן אַ באַזונדערס גרויסע אויסגעלאַסנקייט אין די מויכעס. דריטנס, איז נויטיק געווען אַרויסצוטרעטן אַקטיוו קעגן דער צעשפּליטערטקייט און די וואַקלונגען אין דער פּראַקטישער באַוועגונג, דעמאַסקירנדיק און ווידערלעגנדיק די אַלערליי פּרואוון באַוואוסטזיניק אָדער אומבאַוואוסטזיניק נידעריק צו מאַכן אונזער פּראָגראַם און אונזער טאַקטיק.

אַז „ראַבאָטשעיע דיעלאָ“ האָט ניט געטאָן ניט דאָס ערשטע, ניט דאָס צווייטע, ניט דאָס דריטע, דאָס איז באַוואוסט, און ווייטער וועט אונז אויסקומען גענוי אויפצוקלערן דעמדאָזיקן באַוואוסטן עמעס פון פאַרשיידענע זייטן. איצט אָבער ווילן מיר בלויז באַווייזן, אין וואָס פאַר אַ שרייענדיקן ווידערשפּרוך עס געפינט זיך די פאָדערונג פון „פרייהייט פון קריטיק“ מיט די באַזונדערהייטן פון אונזער היימישער קריטיק און פונם רוסישן עקאָנאָמיזם. טוט אין דער עמעסן אַ קוק אַפן טעקסט פון דער רעזאָלוציע, דורך וועלכער דער „פאַרבאַנד פון די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן אין אויסלאַנד“ האָט באַשטעטיקט דעם שטאַנדפּונקט פון „ראַבאָטשעיע דיעלאָ“:

„אין די אינטערעסן פון דער ווייטערדיקער אידייאישער אַנטוויקלונג פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אנערקענען מיר די פרייהייט פון קריטיק פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער טעאָריע אין דער פּאַרטיי־ליטעראַטור פאַר אומבאַדינגט נויטיק, אַף וויפל דידאָזיקע קריטיק איז ניט סויסער דעם קלאַסאַוון און רעוואָלוציאָנערן כאַראַקטער פון דערדאָזיקער טעאָריע“ („צוויי צוזאַמענפאָרן“ זייט 10).

און די מאָטיווירונג: די רעזאָלוציע „פאַלט אין איר ערשטן טייל צונויף מיט דער רעזאָלוציע פונם ליובעקער פאַרטיי=טאָג מיקוויעך בערנשטייניען“... אין זייער נאַיווקייט באַמערקן גאָר ניט די „פאַרבינדעטע“ וואָס פאַר testimonium paupertatis (אָרימקייט=צייגניש) זיי שרייבן זיך אונטער מיט דעמדאָזיקן קאָפּירן!.. „אָבער... אינם צווייטן טייל באַגרעניצט זי ענגער די פרייהייט פון קריטיק, איידער דאָס האָט געטאָן דער ליובעקער פאַרטיי=טאָג“.

הייסט עס, די רעזאָלוציע פונם „פאַרבאַנד“ איז געווענדעט קעגן די רוסישע בערנשטייניאַנער? אַנדערש וואָלט דאָך געווען אַ פולשטענדיקער אַבסורד זיך צו פאַרופן אַף ליובעק! אָבער דאָס איז ניט ריכטיק, אַז זי „באַגרעניצט ענגער די פרייהייט פון קריטיק“. די דייטשן האָבן מיט זייער האַנאָווערשער רעזאָלוציע אָפּגעוואָרפן פונקט נאָך פונקט גראָד די אויסבעסערונגען, וועלכע עס האָט געמאַכט בערנשטיין. און דורך דער ליובעקער רעזאָלוציע האָבן זיי דערקלערט אַ האַסראָע בערנשטיינען פערזענלעך, אָנרופנדיק אים אין דער רעזאָלוציע באַם נאָמען. אונזערע „פרייע“ נאָכמאַכער אָבער גיבן אַפילו קיין רעמעז ניט וועגן קיין איינציק דערשיינונג פון דער ספּעציעל רוסישער „קריטיק“ און פונם רוסישן עקאָנאָמיזם; דאָס בלויזע פאַרופן זיך אַפן קלאַסאָוון און רעוואָלוציאָנערן כאַראַקטער פון דער טעאָריע באַ אַזאַ מין שווייגן לאָזט איבער אַסאַך מער פרייהייט פאַר פאַלשע אויסטייטשונגען, באַזונדערס, אויב דער „פאַרבאַנד“ זאָגט זיך אָפּ צו פאַרעכענען צום אָפּאָרטוניזם דעם „אַזוי גערופענעם עקאָנאָמיזם“ („צוויי צוזאַמענפאָרן“, ז. 8, צום פונקט 1). דאָס איז אָבער פאַרבייגייענדיק. דער איקער אָבער איז דאָס, וואָס די פּאָזיציעס פון די אָפּאָרטוניסטן אין דער באַציאונג צו די רעוואָלוציאָנערע סאָציאַל=דעמאָקראַטן זיינען דיאַמעטראַל קעגנזעצלעך אין דייטשלאַנד און אין רוסלאַנד. אין דייטשלאַנד שטייען די רעוואָלוציאָנערע סאָציאַל=דעמאָקראַטן, ווי באַוואוסט, פאַר דעם, אַז עס זאָל פאַרהיט ווערן דאָס, וואָס עס איז פאַראַן: פאַר דער אַלטער פּראָגראַם און טאַקטיק, וועלכע איז אַלעמען באַקאַנט און וועלכע איז אין אַלע דעטאַלן דערקלערט דורך דער דערפאַרונג פון פולע יאָרצענטן. די „קריטיקער“ ווידער ווילן אַריינטראָגן ענדערונגען, און ווייל די דאָזיקע קריטיקער זיינען אַ נישטיקע מינדערהייט און זייערע רעוויזיאָניסטישע שטרעבונגען זיינען זייער ניט=דרייסט, קאָן מען פאַרשטיין די מאָטיוון, צוליב וועלכע די מערהייט באַגרעניצט זיך מיטן טרוקענעם אָפּוואַרפן די „נייעסן“. באַ אונז ווידער אין רוסלאַנד זיינען די קריטיקער און עקאָנאָמיסטן פאַר פאַרהיטן דאָס, וואָס עס איז פאַראַן: די „קריטיקער“ ווילן, אַז מע זאָל זיי ווייטער האַלטן פאַר מאַרקסיסטן און מע זאָל זיי זיכערן די „פרייהייט פון קריטיק“, מיט וועלכער זיי האָבן זיך אין אַלע הינזיכטן באַנוצט (ווייל קיין שום פּאַרטייאישע פאַרבינדונג האָבן זיי אין טאָך גענומען קיינמאָל ניט אָנערקענט *, און עס איז באַ אונז טאַקע ניט געווען אַזאַ

* שוין בלויז די דאָזיקע אָפּוועזנהייט פון אָפענער פּאַרטייאישער פאַרבינדונג און פּאַרטייאישער טראַדיציע בילדעט אַזאַ קאַרדינאַלן אונטערשייד צווישן רוסלאַנד און

אַלגעמײן אנערקענטער פּאַרטײ־אָרגאַן, װעלכער װאָלט געקאָנט „באַגרעניצן“ די פרײהײט פון קריטיק, זאָל זײן אַפילע דורך אַן אײצע); די עקאָנאָמיסטן װילן, אַז די רעװאָלוציאָנערן זאָלן אנערקענען די „פולבאַרעכטיקטקײט פון דער באַװעגונג איצט“ („ר. ד“. נומער 10, ז. 25), דאָס הײסט די „געזעצלעכקײט“ פון דער עקזיסטענץ פון דעם, װאָס עס עקזיסטירט; אַז די „אידעאָלאָגן“ זאָלן זיך ניט פּרואװן „אָראָפּציען“ די באַװעגונג פון דעם װעג, װעלכער „װערט באַשטימט דורך דער קעגנזײטיקער װירקונג פון די מאַטעריעלע עלעמענטן און פון דער מאַטעריעלער סװיװע“ (דער „בריװ“ אינם נומער 12 „איסקרא“); אַז זײ זאָלן אנערקענען פאַר געװאונשן צו פירן דעם קאַמף, „װעלכן עס איז בלויז מעגלעך פאַר די אַרבעטער צו פירן באַ די געגעבענע אומשטענדן“, און אַלס מעגלעך זאָלן זײ אנערקענען דעם קאַמף, „װעלכן זײ פירן אין דער װירקלעכקײט אין דער געגעבענער מינוט“ (ספּעציעלע בײלאַגע צו „ראַבאָטשאיא מיסל“ ז. 14). פאַרקערט, מיר, די רעװאָלוציאָנערע סאָציאַל־דעמאָקראַטן, זײנען ניט צופרידן מיט דעמראַזיקן בוקן זיך פאַר דער סטיכישקײט, דאָס הײסט, פאַר דעם, װאָס עס איז פאַראַן „אין דער געגעבענער מינוט“; מיר פאָדערן צו ענדערן די טאַקטיק, װעלכע הערשט די לעצטע יאָרן, מיר דערקלערן, אַז „אײדער פאַרײניקן זיך און קעדײ צו פאַרײניקן זיך, מוז מען זיך אַפריער אָנטשײדן און באַשטימט פאַנאַנדערגרעניצן“ (פון דער מעלדונג װעגן אַרויסגעבן די „איסקרא“). מיט אײן װאָרט, די דײטשן בלײבן באַ דעם געגעבענעם, אָפּװאַרפנדיק די ענדערונגען; מיר פאָדערן צו ענדערן דאָס געגעבענע, אָפּװאַרפנדיק דאָס בוקן זיך פאַר דעמראָזיקן געגעבענעם און דאָס שאָלעם מאַכן מיט אים.

אָט דעם „קלײנינקן“ אונטערשײד האָבן עס ניט באַמערקט אונזערע „פרײע“ קאָפּירער פון די דײטשישע רעזאָלוציעס!

---

דײטשלאַנד, װאָס װאָלט געדאַרפט דינען װי אַ האַסראָע פאַר יעטװידער פאַרנונפטיקן סאָציאַליסט קעגן בלינדער נאָכמאַכערײ. און אָט איז אַ מוסטער דערפון, צו װאָס עס דערגײט די „פרײהײט פון קריטיק“ אין רוסלאַנד: דער רוסישער קריטיקער הער בולגאַקאָװ מאַכט אַזאַ פאַרװאורף דעם עסטרײכישן קריטיקער הערצן: „באַ דער גאַנצער אומאָפּהענגיקײט פון זײנע אויספירן, בלײבט פונדעסטװעגן הערץ, װי עס װײזט אויס, אין דעמראַזיקן פונקט (װעגן קאָאָפּעראַציעס) צופיל געבונדן מיט די מײנונגען פון זײן פאַרטײ, און פאַנאַנדערגײענדיק זיך אין פּראַטים, באַשליסט ער זיך, ניט צו צעשײדן זיך מיטן אַלגעמײנעם פּרינציפּ“ („קאַפּיטאַליזם און ערדאַרבעט“, ב. II, ז. 278). אַן אונטערטאַן פון אַ פּאָליטיש פאַרשקלאַפטער מעלוכע, אין װעלכער 999 טויזנטלעך פון דער באַפעלקערונג זײנען ביזן מאַרך פון די בײנער דעמאָראַליזירט דורך פּאָליטישער לאַקײאישקײט און פולשטענדיקן ניט פאַרשטײן די פּאַרטײאישע ערע און פּאַרטײאישע פאַרבינדונג, — מאַכט גאַיװעדיק אַ פאַרװאורף אַ בירגער פון אַ קאָנסטיטוציאָנעלער מעלוכע דערפאַר, װאָס יענער איז צופיל „געבונדן מיט די מײנונגען פון דער פּאַרטײ!“ אונזערע אומלעגאַלע אָרגאַניזאַציעס בלײבט טאַקע בלויז נעמען זיך צוזאַמענשטעלן רעזאָלוציעס װעגן דער פרײהײט פון קריטיק...

## ד) ענגעלס וועגן דער באַדייטונג פון טעאָרעטישן קאַמף

„דאָגמאַטיזם, דאָקטרינערישקייט", „די פאַרגליווערונג פון דער פּאַרטיי איז אַן אומפאַרמיידלעכע שטראָף פאַרן פאַרשנורעווען איבערגוואַלט דעם געדאַנק",— אָט דאָס זיינען די סאָנים, קעגן וועלכע עס טרעטן ריטערלעך אַרויס די קעמפער פאַר „פרייהייט פון קריטיק" אין „ראַבאָטשעיע דיעלאָ". עס פרייט אונז זייער, וואָס דיזאָזיקע פראַגע איז אַוועקגעשטעלט אַפן טאָג-סיידער, און מיר וואָלטן בלויז פאָרגעלייגט צוצוגעבן צו איר נאָך אַ צווייטע פראַגע:

און די ריכטער ווער זיינען?

מיר האָבן פאַר זיך צוויי מוידאָעס וועגן ליטעראַרישער פאַרלעגעריי. איינע— „די פּראָגראַם פון אַ פּעריאָדישן אָרגאַן פונם פאַרבאַנד פון די רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן „ראַבאָטשעיע דיעלאָ" (אַן אָפּדרוק פונם ערשטן נומער „ראַבאָטשעיע דיעלאָ"). די צווייטע — די „מוידאָע וועגן באַנייען די אויסגאַבן פון דער גרופּע „באַפרייאונג פון דער אַרבעט". ביידע זיינען באַצייכנט מיטן יאָר 1899, ווען דער „קריזיס פונם מאַרקסיזם" איז שוין לאַנג געשטאַנען אַפן טאָג-סיידער. און וואָס זעען מיר? אינם ערשטן ווערק וואָלט אימזיסט געווען איר זאָלט זוכן אַן אָנווייזונג אַף דערדאָזיקער דערשיינונג און אַ באַשטימטע פאָרמולירונג פון דער פּאָזיציע, וועלכע עס האָט בעדייע צו פאַרנעמען איבער דערדאָזיקער פראַגע דער נייער אָרגאַן. וועגן טעאָרעטישער אַרבעט און וועגן אירע וויכטיקסטע אויפגאַבן אין דער געגעבענער צייט — קיין איין וואָרט — ניט אין דערדאָזיקער פּראָגראַם, ניט אין די צוגאָבן צו איר, וועלכע עס האָט אָנגענומען דער 3-טער צוזאַמענפאָר פונם פאַרבאַנד אין 1901 יאָר („צוויי צוזאַמענפאָרן" ז. ז. 15—18). פאַר דערדאָזיקער גאַנצער צייט האָט די רעדאַקציע פון „ראַבאָטשעיע דיעלאָ" געלאָזט אָן אַ זייט די טעאָרעטישע פראַגן, ניט געקוקט דערויף, וואָס זיי האָבן אינטערעסירט אַלע סאָציאַל-דעמאָקראַטן פון דער גאַנצער וועלט.

די צווייטע מעלדונג, פאַרקערט, ווייזט פריער פון אַלץ אָן אַף דער אָפּשוואַכונג פונם אינטערעס צו טעאָריע פאַר די לעצטע יאָרן, זי פאָדערט קאַטעגאָריש „שאַרפע אויפמערקזאַמקייט צו דער טעאָרעטישער זייט פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פונם פּראָלעטאַריאַט" און רופט צו „אָנראַכמאָנעסדיקער קריטיק פון די בערנשטייניסטישע און אַנדערע אַנטירעוואָלוציאָנערע טענדענצן" אין אונזער באַוועגונג. די דערשינענע נומערן „זאַריאַ" באַווייזן, ווי אַזוי דידאָזיקע פּראָגראַם איז אויסגעפילט געוואָרן.

מיר זעען אַלזאָ, אַז די הויכע פראַזן קעגן דער פאַרגליווערונג פונם געדאַנק א. א. וו. דעקן צו מיט זיך זאָרגלאָזיקייט און הילפלאָזיקייט אין דער אַנטוויקלונג פונם טעאָרעטישן געדאַנק. דער ביישפּיל פון די רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן אילוסטרירט באַזונדערס אָנשוילעך יענע אַלגעמיין אייראָפּייאישע דערשיינונג (וועלכע די דייטשישע מאַרקסיסטן האָבן שוין אויך לאַנג פאַרצייכנט), אַז די באַרימטע פרייהייט פון קריטיק באַטייט ניט פאַרבייטן איין טעאָריע אַף אַ צווייטע,

נאָר פריי ווערן פון יעטווידער גאַנצער און דורכגעטראַכטער טעאָריע, זי באַטייט עקלעקטיזם און פּרינציפּלאָזיקייט. ווער עס איז וויפל ניט איז באַקאַנט מיטן פאַקטישן צושטאַנד פון אונזער באַוועגונג, דער קאָן ניט ניט זעען, אַז די ברייטע פאַרשפּרייטונג פונם מאַרקסיזם איז באַגלייט געוואָרן מיט אַ געוויסער אַראָפּני-דערונג פונם טעאָרעטישן ניוואָ. צו דער באַוועגונג איז צוליב איר פּראַקטישער באַדייטונג און אירע פּראַקטישע דערפאָלגן צוגעשטאַנען ניט ווייניק מענטשן, וועלכע זיינען זייער ווייניק אָדער אַפילו אינגאַנצן ניט צוגעגרייט טעאָרעטיש. מע קאָן אורטיילן לויט דעם, וואָס פאַר אַן אַפּוועזנהייט פון טאַקט עס ווייזט אַרויס „ראַבאָטשעיע דיעלאָ", ווען זי רוקט אַרויס מיט אַ זיגרייכן אויסזעען מאַרקס אויסדרוק: „יעדער שריט פון דער ווירקלעכער באַוועגונג איז וויכטיקער, איידער אַ טוץ פּראָגראַמעס". איבערכאַזערן דידאָזיקע ווערטער אין דער עפּאָכע פון טעאָרעטישער צעשפּליטערטקייט איז אַלציינס, ווי שרייען: „איר זאָלט שלעפּן און ניט אויפהערן צו שלעפּן", בעשאַס מע זעט אַ לעוואַיע-פּראָצעסיע *. און גענומען זיינען דידאָזיקע ווערטער מאַרקס פון זיין בריוו וועגן דער גאָטישער פּראָגראַם, אין וועלכן ער ט אַ ד ל ט  ש אַ ר ף דעם דערלאָזענעם עקלעקטיזם אין דער פאָרמולירונג פון די פּרינציפּן: אויב מע האָט זיך שוין געדאַרפט פאַריי-ניקן, — האָט געשריבן מאַרקס צו די פירער פון דער פּאַרטיי, — טאָ שליסט אָפּמאַכן, קעדיי צו באַפרידיקן די פּראַקטישע צילן פון דער באַוועגונג, דערלאָזט אָבער ניט קיין מיסכער מיט פּרינציפּן, מאַכט ניט קיין טעאָרעטישע „האַנאָכעס". אָט ווי עס איז געווען מאַרקס געדאַנק, און באַ אונז געפינען זיך מענטשן, וועלכע באַמיען זיך, אין זיין נאָמען, אָפּצושוואַכן די באַדייטונג פון טעאָריע!

אָן אַ רעוואָלוציאָנערער טעאָריע קאָן ניט זיין אויך קיין רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג. מע קאָן ניט גענוג באַשטיין אַף דעמדאָזיקן געדאַנק אין אַזאַ צייט, ווען מיט די מאָדישע דראָשעס פון אָפּאָרטוניזם פאָרט זיך צונויף היספּאַילעס פאַר די שמאָלסטע פאָרמען פון פּראַקטישער טעטיקייט. און פאַר דער רוסי-שער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע ווערט די באַדייטונג פון טעאָריע פאַרשטאַרקט נאָך דורך דריי אומשטענדן, וועגן וועלכע מע פאַרגעסט אָפט, דעהאַינו: ערשטנס, דערמיט, וואָס אונזער פּאַרטיי בילדעט זיך ערשט איצט אויס, זי אַרבעט ערשט אויס איר פיזיאָנאָמיע און האָט נאָך ווייט ניט פאַרענדיקט אירע כעשבוינעס מיט די אַנדערע ריכטונגען פונם רעוואָלוציאָנערן געדאַנק, וועלכע דראָען אַראָפּ-צושלעפּן די באַוועגונג פונם ריכטיקן וועג. פאַרקערט, גראַד די סאַמע לעצטע צייט איז באַצייכנט געוואָרן (ווי אַקסעלראָד האָט שוין לאַנג נעוויעם געזאָגט די עקאָנאָמיסטן) מיט אַן אויפלעבונג פון די ניט סאָציאַל-דעמאָקראַטישע רע-וואָלוציאָנערע ריכטונגען. באַ אַזוינע באַדינגונגען קאָן אַ פעלער אין פלוג „ניט

* אין דער רוסישער פאָלקס-מאַיסע פיגורירט אַ נאַר, וואָס פלעגט שטענדיק רעדן ניט צו דער זאַך: אַף אַ כאַסענע פלעגט ער שרייען: „באַרעד דאַיען עמעס", און אַף אַ לע-וואַיע — „מאַזלטאָוו". לעניין איז מעראַמעז אַף דעמדאָזיקן נאַר.

איב.

קיין וויכטיקער" אַרויסרופן די סאַמע טרויעריקע פאָלגן, און נאָר קורצזיכטיקע מענטשן קאָנען האַלטן, אַז פּראַקטיציאָנעלע שטרייטן און אַ שטרענגע אונטערשיידונג פון שאַטירונגען זיינען ניט צוועקמעסיק אָדער איבעריק. פון דער פאַרפעסטיקונג פון דער אָדער יענער „שאַטירונג" קאָן אָפּהענגען די צוקונפט פון דער רוסישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אויף אַסאַך און אַסאַך יאָרן.

צווייטנס, איז די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע באַוועגונג אינטערנאַציאָנאַל לויטן סאַמע טאָך אירן. דאָס באַטייט ניט נאָר, אַז מיר דאַרפן קעמפן קעגן דעם נאַציאָנאַלן שאָוויניזם. דאָס באַטייט אויך, אַז די באַוועגונג, וואָס הויבט זיך אָן אין אַ יונגן לאַנד, קאָן האָבן דערפאָלג בלויז בײַ דעם באַדינג, אויב זי שאַפט איבער די דערפאַרונג פון די אַנדערע לענדער. און פאַר אַזאַ איבערשאַפונג איז ניט גענוג פּשוט באַקאַנט זיין מיט דערדאָזיקער דערפאַרונג אָדער פּשוט איבערשרייבן די לעצטע רעזאָלוציעס. דערצו איז נויטיק די פעאיקייט קריטיש זיך צו באַציען צו דערדאָזיקער דערפאַרונג און זעלבשטענדיק זי צו קאָנטראָלירן. ווער עס וועט זיך בלויז פאָרשטעלן, ווי ריזיק עס איז זיך צעוואַקסן און עס האָט זיך צעצווייגט די מאָדערנע אַרבעטער-באַוועגונג, דער וועט פאַרשטיין, וואָס פאַר אַ רעזערוו טעאָרעטישע קויכעס און פּאָליטישע (און אויך רעוואָלוציאָנערע) דערפאַרונג עס איז נויטיק אויף אויסצופילן דידאָזיקע אויפגאַבע.

דריטנס, זיינען די נאַציאָנאַלע אויפגאַבן פון דער רוסישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אַזעלכע, וועלכע עס האָט נאָך ניט געהאַט קיין שום סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אין דער וועלט. אונז וועט ווייטער אויסקומען צו ריידן וועגן די פּאָליטישע און אָרגאַניזאַציאָנעלע פליכטן, וועלכע עס לייגט אַרויף אויף אונז דידאָזיקע אויפגאַבע צו באַפרייען דאָס גאַנצע פאָלק פון אונטערן יאָך פון דער זעלבסטהערשונג. איצט אָבער ווילן מיר בלויז אָנווייזן, אַז די ראָלע פון אַן אַוואַנגאַרד-קעמפער קאָן אויספילן בלויז אַ פּאַרטיי, וועלכע ווערט אָנגעפירט דורך אַ פאָרגעשריטענער טעאָריע. און קעדיי כאָטש וויפל ניט איז קאָנקרעט פאָרצושטעלן זיך, וואָס דאָס באַטייט, זאָל זיך דער לעזער דערמאָנען וועגן אַזוינע פאָרגייער פון דער רוסישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, ווי הערצען, בעלינסקי, טשערנישעווסקי און די גלענצנדיקע פּלעיאַדע* רעוואָלוציאָנערן פון די זיבעציקער יאָרן; זאָל ער אַ טראַכט טאָן וועגן דער אַלוועלטלעכער באַדייטונג, וועלכע עס באַקומט איצט די רוסישע ליטעראַטור; זאָל ער... נאָר עס וועט גענוג זיין אויך דאָס!

לאָמיר ברענגען ענגעלסעס באַמערקונגען איבער דער פראַגע וועגן דער באַדייטונג פון טעאָריע אין דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער באַוועגונג, וועלכע געהערן צום 1874 יאָר. ענגעלס אנערקענט ניט קיין צוויי פאָרמען פונם גרויסן קאַמף פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע (די פּאָליטישע און עקאָנאָמישע), — ווי דאָס איז אָנגענומען בײַ אונז, — נאָר דריי, שטעלנדיק באַגלייך

* אַ נאָמען פון אַ גרופּע שטערן.

מיט זיי אויך דעם טעאָרעטישן קאַמף. זיין אָנזאָג דער פּראַקטיש און פּאָליטיש קרעפטיק געוואָרענער דייטשישער אַרבעטער־באַוועגונג איז אַזוי באַלערנדיק פונם שטאַנדפּונקט פון די מאָדערנע פראַגן און שטרייטן, אַז דער לעזער וועט אַף אונז קיין פאַריבל ניט האָבן, האָפן מיר, פאַר אַ לאַנגן אויסצוג פונם פאָרוואָרט צו דער בראָשור „דער דייטשישער פּויערים־קריג“, וועלכע איז שוין לאַנג געוואָרן אַ ביבליאָגראַפישע זעלטנהייט:

„די דייטשישע אַרבעטער האָבן צוויי וועזנטלעכע מאַילעס לעגאַבע די אַרבע־טער פון דער איבעריקער אייראָפּע. די ערשטע — דאָס, וואָס זיי געהערן צום סאַמע טעאָרעטישן פאָלק פון אייראָפּע און וואָס זיי האָבן פאַרהיט אין זיך יענעם טעאָרעטישן זין, וועלכן עס האָבן קימאַט אינגאַנצן פאַרלאָרן די אַזוי גערופענע „געבילדעטע“ קלאַסן אין דייטשלאַנד. דער דייטשישער וויסנשאַפט־לעכער סאָציאַליזם, — דער איינציקער סאָציאַליזם, וועלכער האָט ווען עס איז עקזיסטירט, וואָלט זיך קיינמאָל ניט באַשאַפן, ווען ער וואָלט ניט געהאַט פאַר זיך די דייטשישע פילאָזאָפיע, באַזונדערס העגעלס. אָן אַ טעאָרעטישן זין באַ די אַרבעטער וואָלט דער וויסנשאַפטלעכער סאָציאַליזם קיינמאָל אין אַזאַ מאָדרייגע ניט אַריין אין זייער בלוט און פלייש, ווי מיר זעען עס איצט. און ווי אומענדלעך גרויס עס איז דיזאַזיקע מאַילע, דאָס באַווייזט, פון איין זייט, יענע גלייכגילטיקייט צו יעטווידער טעאָריע, וועלכע איז איינע פון די הויפּט־סיבעס דערפון, פאַרוואָס די ענגלישע אַרבעטער־באַוועגונג באַוועגט זיך אַזוי לאַנגזאַם פאָרויס, ניט געקוקט אַף דער פּראַכטפולער אָרגאַניזאַציע פון באַזונדערע פאַכן, — און פון דער צווייטער זייט, באַווייזן עס די אומרואיקייט און די וואַק־לונגען, וועלכע עס האָט פאַרזייט דער פּרודאָניזם * אין זיין לעכאַטכילעדיקער פאָרם — באַ די פראַנצויזן און בעלגיער, אין זיין קאַריקאַטורישער, פון באַקו־נינען צוגעגעבענער, פאָרם — באַ די שפּאַניער און איטאַליענער.

„די צווייטע מאַילע באַשטייט דערין, וואָס די דייטשן האָבן אָנגעהויבן אָנ־טייל נעמען אין דער אַרבעטער־באַוועגונג קימאַט שפּעטער פון אַלעמען. פּונקט ווי דער דייטשישער טעאָרעטישער סאָציאַליזם וועט קיינמאָל ניט פאַרגעסן, אַז ער שטייט אַף סען־סימאָנס, פוריעס און אָאוענס אַקסלען — אַף די אַקסלען פון די דריי דענקער, וואָס ניט געקוקט אַף דער גאַנצער פאַנטאַסטישקייט און אַפן גאַנצן אוטאָפּיזם פון זייערע לערעס, געהערן זיי צו די גרעסטע מויכעס פון אַלע צייטן און וועלכע האָבן געניאַל פאָרויסגעזען אָן אַ צאָל אַזוינע עמעסן, וואָס זייער ריכטיקייט דערווייזן מיר איצט וויסנשאַפטלעך, — פּונקט אַזוי דאַרף די דייטשישע פּראַקטישע אַרבעטער־באַוועגונג קיינמאָל ניט פאַרגעסן, אַז זי האָט זיך אַנטוויקלט אַף די אַקסלען פון דער ענגלישער און פראַנצויזישער באַוועגונג, אַז זי האָט געהאַט די מעגלעכקייט פּשוט אויסצונוצן פאַר זיך זייער

* פּרודאָנס טעאָריע האָט קריטיקירט דעם קאַפּיטאַליזם אין נאָמען פון ריין קליינ־בירגערלעכע אידעאַלן. איינער פון די טעאָרעטיקער פונם אַנאַרכיזם.

איב.

טייער געקויפטע דערפאַרונג, אויסצומיידן איצט זייערע פעלערן, וועלכע מע האָט דעמאָלט אין דער מערהייט פאַלן ניט געקאָנט אויסמיידן. וואָן וואָלטן מיר איצט געווען אָן דעם מוסטער פון די ענגלישע טרעד-יוניאָנען און פונם פראַנצויזישן פּאָליטישן אַרבעטער-קאַמף, אָן דעם קאָלאָסאַלן שטויס, וועלכן עס האָט באַזונדערס געגעבן די פּאַריזער קאָמונע?

„מע דאַרף אָפּגעבן גערעכטיקייט די דייטשישע אַרבעטער, אַז זיי האָבן מיט זעלטענער געשיקטקייט זיך באַנוצט מיט די מאַילעס פון זייער לאַגע. צום ערשטן מאָל, זינט עס עקזיסטירט אַן אַרבעטער-באַוועגונג, ווערט דער קאַמף געפירט פּלאַנמעסיק אין אַלע דריי ריכטונגען זיינע, וועלכע ווערן קאָנטאַקטירט און פאַרבונדן צווישן זיך: אין דער טעאָרעטישער, פּאָליטישער און אין דער פּראַקטיש-עקאָנאָמישער (דער ווידערשטאַנד קעגן די קאַפּיטאַליסטן). אין דעמדאָזיקן, אַזוי צו זאָגן, קאָנצענטרישן אַטאַקירן באַשטייט טאַקע דער קויעך און די אומבאַזיגבאַרקייט פון דער דייטשישער באַוועגונג.

„פון איין זייט, צוליב דערדאָזיקער גינסטיקער לאַגע זייערער, פון דער צווייטער זייט, צוליב די אינזל-באַזונדערהייטן פון דער ענגלישער באַוועגונג און דער געוואַלטזאַמער אונטערדריקונג פון דער פראַנצויזישער, זיינען די דייטשישע אַרבעטער אינם געגעבענעם מאָמענט אַוועקגעשטעלט געוואָרן בעראָש פונם פּראָלעטאַרישן קאַמף. ווי לאַנג די געשעענישן וועלן זיי דערלויבן צו פאַרנעמען דעמדאָזיקן ערן-פּאָסטן, דאָס קאָן מען ניט פאָרויסזעען. אָבער קאָלזמאַן זיי וועלן אים פאַרנעמען, וועלן זיי, דאַרף מען האָפן, אויספילן ווי געהעריק איז די פליכטן, וועלכע ווערן אַף זיי אַרויפגעלייגט. דערצו פאָדערט זיך אַ דאָפּלטע אָנשטרענגונג פון די קויכעס אין אַלע געביטן פון קאַמף און אַגיטאַציע. באַזונדערס וועט די פליכט פון די פירער באַשטיין דערין, אַז זיי זאָלן אַלץ מער און מער אויסבילדן זיך אין אַלע טעאָרעטישע פראַגן, אַלץ מער און מער באַפרייען זיך פון דער ווירקונג פון די טראַדיציאָנעלע פראַזן, וועלכע געהערן צו דער אַלטער וועלט-אָנשויאונג, און זיי זאָלן שטענדיק האָבן אין אויג, אַז דער סאָציאַליזם, זינט ער איז געוואָרן אַ וויסנשאַפט, פאָדערט ער, אַז מע זאָל זיך מיט אים באַגיין, ווי מיט אַ וויסנשאַפט, דאָס הייסט מע זאָל אים שטודירן. דעם אַף אַזאַ אויפן דערוואָרבענעם, אַלץ קלאָרער ווערנדיקן באַוואוסטזיין מוז מען פאַרשפּרייטן צווישן די אַרבעטער-מאַסן מיט אַלץ אַ גרעסערער אייפערדיקייט און אַלץ שטאַרקער צוזאַמענשליסן די פּאַרטיי-אָרגאַניזאַציע און די אָרגאַניזאַציע פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען...

„...אויב די דייטשישע אַרבעטער וועלן אַזוי גיין פאָרויס, וועלן זיי — ניט וואָס מאַרשירן בעראָש פון דער באַוועגונג, — דאָס איז קלאָר ניט אין די אינטערעסן פון דער באַוועגונג, אַז די אַרבעטער פון איינער, אַ וועלכער ניט איז נאַציע זאָלן מאַרשירן בעראָש פון איר, נאָר זיי וועלן פאַרנעמען אַ בעקאָוועדיק אָרט אין דער קעמפער-ליניע; און זיי וועלן שטיין אין פולער באַוואָפענונג, אויב

אומגעריכט שווערע ניסיוינעם אָדער גרויסע געשעעניש וועלן פאָדערן פון זיי העכערן מוט, העכערע אַנטשלאָסנקייט און ענערגיע".

ענגעלס ווערטער האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר גערוויאישע. אין עטלעכע יאָר אַרום האָבן די דייטשישע אַרבעטער אומגעריכט געטראָפן שווערע ניסיוינעם אין דער פאָרם פונם אויסנאַם-געזעץ קעגן די סאָציאַליסטן. און די דייטשישע אַרבעטער האָבן זיי ווירקלעך באַגעגנט אין דער פולער באַוואָפענונג און האָבן באַוויזן זיגרייך אַרויסצוגיין פון זיי.

דעם רוסישן פראָלעטאַריאַט שטייען פאַר ניסיוינעם נאָך אָן אַן ערעך שוועדערע, עס שטייט אים פאָר אַ קאַמף מיט אַ ווילדער כאַיע, וואָס אין פאַרגלייך מיט איר זעט אוים דער אויסנאַם-געזעץ אין אַ קאָנסטיטוציאָנעלן לאַנד ווי אַן עמעטער פיגמיי *. די געשיכטע האָט איצט אַוועקגעשטעלט פאַר אונז די נאָענטסטע אויפגאַבע, וועלכע איז די סאַמע רעוואָלוציאָנערסטע פון אַלע גאָענטסטע אויפגאַבן פונם פראָלעטאַריאַט פון אַ וועלכן עס איז אַנדערן לאַנד. פאַרווירקלעכן דידאָזיקע אויפגאַבע, צעשטערן די מעכטיקסטע פעסטונג ניט נאָר פון דער אייראָפּייאישער, נאָר אויך (קאָנען מיר איצט זאָגן) פון דער אַזיאַטישער רעאַקציע, — דאָס וואָלט געמאַכט דעם רוסישן פראָלעטאַריאַט פאַרן אַוואַנגאַרד פונם אינטערנאַציאָנאַלן רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט. און מיר האָבן דאָס רעכט אויסצורעכענען, אַז מיר וועלן זיך דערשלאָגן דעמדאָזיקן ערן-נאָמען, וועלכן עס האָבן שוין פאַרדינט אונזערע פאָרגייער, די רעוואָלוציאָנערן פון די 70-קער יאָרן, אויב מיר וועלן באַווייזן צו באַגייסטערן אונזער טויזנט מאָל ברייטערע און טיפערע באַוועגונג מיט דערזעלביקער גרעניצלאָזער אַנטשלאָסנקייט און ענערגיע.

## II

# די סטיכישקייט פון די מאסן און די באוואוסטזיניקייט פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע

מיר האָבן געזאָגט, אַז אונזער באַוועגונג, וועלכע איז אַסאַך ברייטער און טיפער, איידער די באַוועגונג פון די 70-קער יאָרן, מוז מען באַגייסטערן פונקט מיט אַזאַ גרעניצלאָזער אַנטשלאָסנקייט און ענערגיע, ווי דעמאָלט. און בעעמעס ביז איצט האָט נאָך, דאַכט זיך, קיינער ניט געצווייפלט דערין, אַז די קראַפט פון דער מאָדערנער באַוועגונג איז די אויפוואַכונג פון די מאַסן (און דעריקער

* העלדן פונם באַרימטן ענגלישן ווערק „הוליווערס נעסיע", פאַנטאַסטישע מאַגינקע מענטשעלעך.

אויב.

פונם אינדוסטריעלן פראָלעטאַריאַט), און די שוואַכקייט אירע איז דער מאַנגל
פון באַוואוסטזיניקייט און איניציאַטיווקייט בײַ די אָנפירער—רעוואָלוציאָנערן.

אָבער אין דער סאַמע לעצטער צייט איז געמאַכט געוואָרן אַ גוואַלדאָווגע
אַנטדעקונג, וועלכע דראָט איבערצוקערן אַלע אָנשויאונגען מיקויעד דערדאָזי=
קער פראַגע, וואָס האָבן ביז איצט געהערשט. דידאָזיקע אַנטדעקונג האָט גע=
מאַכט „ראַבאָטשעיע דיעלאָ“, וועלכע האָט, פּאָלעמיזירנדיק מיט דער „איסקרא“
און „זאַריאַ“, זיך ניט באַגנוגנט מיט בלויזע פּריוואַטע דערווידערונגען, נאָר זי
האָט זיך געפּרואווט דערפירן די „אַלגעמיינע מיינונגס=פאַרשיידנהייט“ צו אַ
טיפערן וואָרצל — צו דער „פאַרשיידענער אָפּשאַצונג פון דער פאַרהעלט=
ניסמעסיקער באַדייטונג פונם סטיכישן און באַוואוסזיניק „פּלאַנמעסיקן“
עלעמענט“. דער באַשולדיקונגס=טעזיס פון „ראַבאָטשעיע דיעלאָ“ קלינגט אַזוי:
דאָס פאַרמינערן די באַדייטונג פונם אָביעקטיוון
אָדער סטיכישן עלעמענט פון דער אַנטוויקלונג“ *).
מיר וועלן דערויף זאָגן: ווען די פּאָלעמיק פון דער „איסקרא“ און „זאַריאַ“
וואָלט אַפילו ניט געגעבן אַבסאָלוט קיין שום אַנדערע רעזולטאַטן אַחוץ דעם,
וואָס זי האָט באַוואויגן די „ראַבאָטשעיע דיעלאָ“ זיך צו דערטראַכטן צו דער=
דאָזיקער „אַלגעמיינער מיינונגס=פאַרשיידנהייט“, וואָלט שוין דער איינער רע=
זולטאַט אויך געגעבן אונז אַ גרויסע באַפרידיקונג: אַף אַזוי פיל באַדייטנדיק
איז דערדאָזיקער טעזיס, אַף אַזוי פיל העל באַלויכט ער דעם גאַנצן טאָך פון די
איצטיקע טעאָרעטישע און פּאָליטישע מיינונגס=פאַרשיידנהייטן צווישן די רו=
סישע סאָציאַל=דעמאָקראַטן.

אָט פאַרוואָס די פראַגע וועגן דער באַציאונג צווישן באַוואוסטזיניקייט און
סטיכישקייט שטעלט פאָר אַ קאָלאָסאַלן אַלגעמיינעם אינטערעס, און אַף דער=
דאָזיקער פראַגע דאַרף מען זיך אָפּשטעלן מיט דער גאַנצער גענויקייט.

## א) דער אָנהויב פונם סטיכישן אויפשטייג

מיר האָבן פאַרצייכנט אינם פאָריקן קאַפּיטל די עפּידעמישע פאַרינ=
טערעסירטקייט מיט דער טעאָריע פון מאַרקסיזם בײַ דער רוסישער געבילדעטער
יוגנט אין מיטן די 90=קער יאָרן. פונקט אַזאַ עפּידעמישן כאַראַקטער האָבן אָנ=
גענומען אַז ערעך אין דערזעלביקער צייט די אַרבעטער=שטרייקן נאָך דער באַ=
רימטער פּעטערבורגער אינדוסטריעלער מילכאָמע אין 1896 יאָר. זייער פאַר=
שפּרייטונג איבער גאַנץ רוסלאַנד האָט בעפּיירעש איידעס געזאָגט וועגן דער
טיפקייט פון דער אַפּסניי אויפשטייגנדיקער פאָלקס=באַוועגונג, און אויב מע זאָל
שוין ריידן וועגן אַ „סטיכישן עלעמענט“, וועט, פאַרשטייט זיך, גראָד דידאָזיקע
שטרייק=באַוועגונג אויסקומען פריער פאַר אַלץ צו אַנערקענען פאַר אַ סטיכי=

* „ראַבאָטשעיע דיעלאָ“ נומער 10, סענטיאַבר 1901 יאָר, ז“ז 17 און 18. קורסיוו
פון „ראַבאָטשעיע דיעלאָ“.

שע. אָבער סטיכישקייט צו סטיכישקייט איז ניט גלייך. שטרייקן זיינען פאָרגע־קומען אין רוסלאַנד אויך אין די 70־ער יאָרן און אין די 60־ער יאָרן (און אַפילע אין דער ערשטער העלפט פונם 19־טן יאָרהונדערט), און זיי זיינען באַגלייט געווען מיט אַ „סטיכישן" צעשטערן די מאַשינעס א. א. וו. אין פאַרגלייך מיט דידאָזיקע „בונטן" קאָן מען די שטרייקן פון די 90־ער יאָרן אַפילע אָנרופן „באַוואוסטזיני־קע"—אַזוי באַדייטנדיק איז דער שריט פאָרויס, וועלכן עס האָט פאַר דער צייט געמאַכט די אַרבעטער־באַוועגונג. דאָס באַווייזט אונז, אַז „דער סטיכישער עלע־מענט" שטעלט מיט זיך פאָר אין טאָך גענומען בלויז די עמבריאָנעלע פאָרם פון באַוואוסטזיניקייט. אויך די פרימיטיווע בונטן האָבן שוין מיט זיך אויסגעדריקט אַ געוויסע דערוואַכונג פון באַוואוסטזיניקייט: די אַרבעטער פלעגן פאַרלירן דעם אַלטן דויר־דוירעסדיקן גלויבן אין דער אומגעוואַקלטקייט פון די אָר־דענונגען, וועלכע דריקן זיי, זיי פלעגן אָנהויבן... איך וועל ניט זאָגן, פאַרשטיין, נאָר פילן די נויטיקייט פון אַ קאָלעקטיוון ווידערשטאַנד, און פלעגן אנטשיידן ברעכן מיט דער שקלאַפישער אונטערטעניקייט פאַר נאַטשאַלסטווע. אָבער דאָס איז פונדעסטוועגן געווען אַסאַך מער אַ דערשייגונג פון פאַרצווייפלונג און נע־קאָמע, איידער קאַמף. די שטרייקן פון די 90־קער יאָר באַווייזן אונז אַסאַך מער אויפבליצן פון באַוואוסטזיניקייט: עס ווערן אַרויסגעשטעלט באַ־שטימטע פאָדערונגען, עס ווערט פאָרויס אויסגערעכנט, וועלכער מאָמענט עס איז באַקוועמער, עס ווערן באַהאַנדלט געוויסע פאַלן און ביישפּילן אין אַנדערע ערטער א. א. וו. אויב די בונטן זיינען געווען אַן אויפשטאַנד פון אונטער־דריקטע מענטשן, האָבן די סיסטעמאַטישע שטרייקן מיט זיך שוין אויסגעדריקט עמבריאָנען פון קלאַסן־קאַמף, אָבער טאַקע נאָר עמבריאָנען. גענומען אַליין פאַר זיך, זיינען דידאָזיקע שטרייקן געווען אַ קאַמף אַ טרעד־יוניאָניסטישער, אָבער נאָך ניט קיין סאָציאַל־דעמאָקראַטישער; זיי האָבן באַצייכנט די אויפוואַכונג פונם אַנטאַגאָניזם צווישן די אַרבעטער און באַלעבאַטים, אָבער בא די אַרבע־טער איז ניט געווען און עס האָט ניט געקאָנט זיין דער באַוואוסטזיין פון דער אומבעשאָלעמדיקער קעגנזייצלעכקייט פון זייערע אינטערעסן צו דער גאַנצער מאָדערנער פּאָליטישער און געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג, דאָס הייסט, קיין סאָ־ציאַל־דעמאָקראַטישער באַוואוסטזיין. אין דעם זין זיינען די שטרייקן פון די 90־קער יאָרן, ניט געקוקט אַפן קאָלאָסאַלן פּראָגרעס אין פאַרגלייך מיט די „בונטן", געבליבן אַ באַוועגונג אַ ריין סטיכישע.

מיר האָבן געזאָגט, אַז קיין סאָציאַל־דעמאָקראַטישער באַוואוסטזיין האָט בא די אַרבעטער אַפילע ניט געקאָנט זיין. ער האָט געקאָנט געבראַכט ווערן בלויז פון דרויסן. די געשיכטע פון אַלע לענדער זאָגט איידעס, אַז אויס־שליסלעך מיט זיינע אייגענע קויכעס איז דער אַרבעטער־קלאַס אימשטאַנד אויס־צואַרבעטן בלויז אַ באַוואוסטזיין אַ טרעדיוניאָניסטישן, דאָס הייסט, די איבער־צייגונג אין דער נויטיקייט צו פאַרייניקן זיך אין פאַריינען, צו פירן אַ קאַמף מיט די באַלעבאַטים, צו דערשלאָגן זיך פון דער רעגירונג, אַז זי זאָל אַרויסגעבן

די אָדער יענע געזעצן, וועלכע זיינען נויטיק פאַר די אַרבעטער א. א. וו.*. די לערע פון סאָציאַליזם אָבער איז אויסגעוואַקסן פון יענע פילאָזאָפישע, היסטאָ-רישע, עקאָנאָמישע טעאָריעס, וועלכע עס האָבן אויסגעאַרבעט די געבילדעטע פאָרשטייער פון די פאַרמעגלעכע קלאַסן, די אינטעליגענץ. די גרינדער פון דעם מאָדערנעם וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם, מאַרקס און ענגעלס, האָבן אַליין אויך לויט זייער סאָציאַלער לאַגע געהערט צו דער בורזשואַזער אינטעליגענץ. פונקט אַזוי איז אויך אין רוסלאַנד די טעאָרעטישע לערע פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אַנט-שטאַנען גאַנץ אומאָפּהענגיק פונם סטיכישן וואוקס פון דער אַרבעטער-באַוועגונג, אַנטשטאַנען, ווי אַ נאַטירלעכער און אומפאַרמיידלעכער רעזולטאַט פון דער גע-דאַנקען-אַנטוויקלונג באַ דער רעוואָלוציאָנער-סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ. צו יענער צייט, וועגן וועלכער עס רעדט זיך באַ אונז, דאָס הייסט, צו דער העלפט 90-קער יאָרן, איז שוין דידאָזיקע לערע געווען ניט נאָר אַ פולשטענדיק אויסגע-בילדעטע פּראָגראַם פון דער גרופּע „באַפרייאונג פון דער אַרבעט“, נאָר זי האָט אויך געוואונען פאַר זיך די מערהייט פון דער רעוואָלוציאָנערער יוגנט אין רוסלאַנד.

אַזוי אַרום האָבן מיר פאַר זיך געהאַט סאַי אַ סטיכישע אויפוואַכונג פון די אַרבעטער-מאַסן, אַן אויפוואַכונג צו אַ באַוואוסטזיניקן לעבן און באַוואוסטזי-ניקן קאַמף, סאַי ס'איז בענימצע געווען אַ רעוואָלוציאָנערע יוגנט, אַ באַוואָפנטע מיט דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער טעאָריע, וועלכע האָט זיך געריסן צו די אַרבעטער. דערביי איז באַזונדערס וויכטיק פעסטצושטעלן דעם פאַקט, וועלכן מע פאַרגעסט אָפט (און וועלכער איז פאַרהעלטניסמעסיק ווייניק באַוואוסט), אַז די ע ר ש ט ע סאָציאַל-דעמאָקראַטן פון דעמדאָזיקן פעריאָד האָבן זיך פ ל י ס י ק פ אַ ר נ ו מ ע ן מ י ט ע ק אָ נ אָ מ י ש ע ר אַ ג י ט אַ צ י ע — (און פולשטענדיק רעכענענדיק זיך אין דערדאָזיקער הינזיכט מיט די ווירקלעך נוצלעכע אָנווייזונגען פון דער בראָשור „וועגן אַגיטאַציע“, וועלכע איז נאָך דע-מאָלט ארומגעגאַנגען אין מאַנוסקריפּט) — האָבן זיי ניט נאָר ניט געהאַלטן דידאָזיקע אַגיטאַציע פאַר זייער איינציקער אויפגאַבע, נאָר, פאַרקערט, זיי האָבן פ ו ן ס אַ מ ע אָ נ ה ו י ב אָ ן אַרויסגערוקט אויך די סאַמע ברייטע היס-טאָרישע אויפגאַבן פון דער רוסישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע בכלל און די אויפגאַבע אַראָפּצוּוואַרפן די זעלבסטהערשונג ביפראַט. אַזוי, למשל, האָט יענע גרופּע פעטערבורגער סאָציאַל-דעמאָקראַטן, וועלכע האָט געגרינדעט דעם „פאַרבאַנד פון קאַמף פאַר דער באַפרייאונג פונם אַרבעטער-קלאַס“, נאָך אין סאָף 1895 יאָר צוזאַמענגעשטעלט דעם ערשטן נומער פון אַ צייטונג אונטערן

* דער טרעד־יוניאָניזם שליסט קלאָל ניט אויס יעטווידער „פּאָליטיק“, ווי מע מיינט צומאָל. די טרעד־יוניאָנען האָבן שטענדיק געפירט אַ געוויסע (אָבער ניט קיין סאָציאַל-דעמאָקראַטישע) פּאָליטישע אַגיטאַציע און קאַמף. וועגן דעם אונטערשייד צווישן דער טרעד־יוניאָניסטישער און סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאָליטיק וועלן מיר זאָגן אינם ווייטערדיקן קאַפּיטל.

נאָמען „ראַבאָטשעיע דיעלאָ“. אַ פולשטענדיק גרייטער צום דרוק, איז דערדאַ=
זיקער נומער פאַרכאַפּט געוואָרן דורך די זשאַנדאַרמען בעאייסן אָנפאַל פונם
8=טן אַפן 9=טן דעקאַבר 1895 יאָר באַ איינעם פון די מיטגלידער פון דער גרופּע,
אַנאַטאָלי אַלעקסעיעוויטש וואַנייעוו *, און דער „ראַבאָטשעיע דיעלאָ“ פון דער
ערשטער פאָרמאַציע איז ניט באַשערט געווען צו דערזעען די ליכטיקע שיין.
דער לייט=אַרטיקל פון דערדאָזיקער צייטונג (וועלכן אַ וואָסער ניט איז „רוסקאַיאַ
סטאַרינא“ וועט אין אַ דרייסיק יאָר אַרום עפּשער אַרויסציען פון די אַרכיוון
פונם פּאָליציי=דעפּאַרטאַמענט) האָט געמאָלט די היסטאָרישע אויפגאַבן פונם
אַרבעטער=קלאַס אין רוסלאַנד און האָט בעראָש פון דידאָזיקע אויפגאַבן גע=
שטעלט דאָס דעראָבערן פּאָליטישע פרייהייט. דערנאָך איז געווען אַן אַרטיקל
„וועגן וואָס טראַכטן אונזערע מיניסטאָרן“, וועלכער איז געווידמעט געווען דעם
פּאָליצייאישן פּאָגראָם אַף די אַלעפבייז=קאָמיטעטן **, און אַ ריי קאָרעספּאָנדענצן
ניט נאָר פון פּעטערבורג, נאָר אויך פון אַנדערע געגנטן פון רוסלאַנד (לעמאָשל,
וועגן דער האַריגע אַף די אַרבעטער אין יאַראָסלאַווער גובערניע). אַזוי אַרום
האָט דערדאָזיקער, אויב מיר האָבן קיין טאָעס ניט, „ערשטער פּרואוו“ פון די
רוסישע סאָציאַל=דעמאָקראַטן אין די 90=קער יאָרן פאָרגעשטעלט מיט זיך אַ
צייטונג ניט מיט קיין ענג=אָרטיקן, און ביפראַט נאָך ניט מיט קיין „עקאָנאָמישן“
כאַראַקטער, אַ צייטונג, וואָס האָט געשטרעבט צו פאַרייניקן דעם שטרייקן=
קאַמף מיט דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג קעגן דער זעלבסטהערשונג און
צוציען צו שטיצן די סאָציאַל=דעמאָקראַטיע. אַלעמען, ווער עס איז אונטערדריקט
דורך דער פּאָליטיק פון רעאַקציאָנער=פינצטערער ווילדער רעאַקציע. און קיינער,
ווער עס איז כאָטש וויפל ניט איז באַקאַנט מיטן צושטאַנד פון דער באַוועגונג
אין יענער צייט, וועט ניט צווייפלען, אַז אַזאַ מין צייטונג וואָלט אַרויסגערופן
אַ פולשטענדיקן מיטגעפיל סײַ באַ די אַרבעטער פון דער הויפּט=שטאָט, סײַ
באַ דער רעוואָלוציאָנערער אינטעליגענץ, און וואָלט באַקומען די ברייטסטע פאַר=
שפּרייטונג. דער אומדערפאָלג ווידער פון דער אונטערנעמונג האָט בלויז באַ=
וויזן, אַז די דעמאָלטיקע סאָציאַל=דעמאָקראַטן האָבן זיך אַרויסגעוויזן ניט בע=
קויעך צו באַפרידיקן דעם לעבנס=וויכטיקן נאָכפרעג פונם מאָמענט צוליב מאַנגל
אין רעוואָלוציאָנערער דערפאַרונג און פּראַקטישער צוגעגרייטקייט באַ זיי. דאָסזעל=
ביקע דאַרף מען זאָגן אויך מיקויעך דעם „ס=פּעטערבורגער ראַבאָטשי ליסטאָק“,
און באַזונדערס מיקויעך דער „ראַבאָטשאַיאַ גאַזעטאַ“ און מיקויעך דעם „מאַ=

* א. א. וואַנייעוו איז געשטאָרבן אין 1899 יאָר אין מיזרעך=סיביר פון שווינד=
זוכט, וועלכע ער האָט געקראָגן אין דער איינצל=קאַמער פון דער אויספאָרשונג=טורמע.
דעריבער האָבן מיר איינגעפונען פאַר מעגלעך צו פאַרעפנטלעכן די יעדיעס, וועלכע
ווערן געבראַכט אין טעקסט, וואָס פאַר זייער ריכטיקייט קאַווירן מיר, ווייל זיי שטאַמען
פון פּערזאָנען, וועלכע האָבן אומיטלבאַר און אַפן נאָענטסטן אויפן געקענט א. א.
וואַנייעוון.

** קאָמיטעטן אַף ליקווידירן דאָס אַמעראַצעס.

אױב.

גיפעסט“ פון דער רוסלענדישער סאָציאַל=דעמאָקראַטישער אַרבעטער=פּאַרטיי, וועלכע איז געבילדעט געוואָרן אין פרילינג 1898 יאָר. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אונז קומט אַפילע אַפן זין ניט אַרויף צו באַשולדיקן די דעמאָלטיקע טוער פאַר דערדאָזיקער ניט צוגעגרייטקייט. אָבער קעדיי צו באַנוצן זיך מיט דער דערפארונג פון דער באוועגונג און ארויסציען פון דערדאָזיקער דערפארונג פּראקטישע לעקציעס, מוז מען זיך אָפּגעבן א פולן דינוואָכעשבן וועגן די סיבעס און דער באדייטונג פון דעם אָדער יענעם פעלער. דעריבער איז זייער וויכטיק פעסטצושטעלן, אַז אַ טייל (און עפשער די מערהייט) פון די סאָציאַל=דעמאָקראטן, וועלכע האָבן געווירקט אין די יאָרן 1895—1898, האָבן גאַנץ גערעכטיק געהאלטן פאר מעגלעך גלייך דעמאָלט, אין סאמע אָנהויב פון דער „סטיכישער“ באוועגונג, ארויסצוטרעטן מיט דער ברייטסטער פּראָגראם און מיט קאמף=טאַקטיק *). די ניט צוגעגרייטקייט ווידער פון דער מערהייט רעוואָלוציאָנערן, וואָס דאָס איז געווען א דערשיינונג א נאטירלעכע, האָט קיין שום באזונדער מוירע ניט געקאָנט ארויסרופן. אויב די אוועקשטעלונג פון די אויפגאַבן איז געווען א ריכטיקע, אויב נאָר עס איז געווען ענערגיע אף איבערכאזערן די פּרואוון צו פארווירקלעכן דידאָזיקע אויפגאבן, — זיינען די צייטווייליקע אומ=דערפאָלגן געווען א האלבע צאָרע. רעוואָלוציאָנערע דערפארנקייט און רעוואָלוציאָנערע געשיקטקייט זיינען זאכן, וואָס מע קאָן דערווערבן. זאָל נאָר זיין ביישעק אויסצוארבעטן אין זיך די נויטיקע אייגנשאפטן! זאָל נאָר זיין דער באוואוסטזיין פון די פעלערן, וועלכער איז אין דער רעוואָלוציאָנערער ארבעט געגליכן מער ווי צו אַ העלפט אויסבעסערונג!

אָבער די האַלבע צאָרע איז געוואָרן אַ גאַנצע צאָרע, ווען דערדאָזיקער באַוואוסטזיין האָט אָנגעהויבן פארטונקלט ווערן (און געוועזן איז ער זייער לעבעדיק באַ די טוער פון די אויבן אָנגערופענע גרופּן), ווען עס האָבן זיך באַוויזן

* „נעגאַטיוו באַציענדיק זיך צו דער טעטיקייט פון די סאָציאַל=דעמאָקראַטן פונם סאָף 90=ער יאָרן, איגנאָרירט די „איסקרא“ דאָס, וואָס אין יענער צייט זיינען ניט געווען קיין באַדינגונגען פאַר קיין אַנדער אַרבעט, אַכוץ דעם קאַמף פאַר די קליינע פּאָדערונגען“ — דערקלערן די עקאָנאָמיסטן אין זייער „בריוו אין די רוסישע סאָצ.=דעמ. אָרגאַנען“ („איסקרא“ נומער 12). די פאַקטן, וואָס זיינען געבראַכט געוואָרן אינם טעקסט, דערווייזן, אַז דידאָזיקע באַהויפּטונג וועגן דעם, אַז עס זיינען „ניט געווען קיין באַדינגונגען“, איז דיאַמעטראַל קעגנזעצלעך צום עמעס. ניט נאָר אינם סאָף, נאָר אויך אינם מיטן 90=ער יאָרן זיינען געווען אַלע באַדינגונגען פאַר אַ נ ד ע ר אַרבעט, אַכוץ דעם קאַמף פאַר קליינע פּאָדערונגען, אַלע באַדינגונגען, אויסער דער גענוגנדיקער צוגעגרייטקייט פון די אָנפירער. איז אָט אָנשטאָט אָפן צו אנערקענען דעמדאָזיקן מאַנגל אין צוגעגרייטקייט באַ אונז, באַ די אידעאָלאָגן, די אָנפירער, — ווילן די „עקאָנאָמיסטן“ אַרויפוואַרפן אַלץ אַף דאָס „פעלן פון באַדינגונגען“, אַף דער ווירקונג פון דער מאַטעריעלער סוויווע, וועלכע באַשטימט דעם וועג, פון וועלכן עס קאָן ניט אַראָפּפירן די באַוועגונג קיין שום אידעאָלאָג. וואָס איז דאָס אַזוינס, אויב ניט אַ שקלאַפעריש בוקן זיך פאַר סטיכישקייט? אויב ניט אייגנגעליבטקייט פון די „אידעאָלאָגן“ אין זייערע פעלערן?

מענטשן, — און אַפילע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָרגאַנען, — וועלכע זיינען גרייט געוועזן צו דערהויבן דעם פעלער צו דער מאדריגע פון א מאילע, וועלכע האָבן זיך געפּרואווט אפילע טעאָרעטיש צו באגרינדן זייער שקלאַפּערישע באַציאונג און זייער בוקן זיך פאַר דער סטיכישקייט. אָט צו דער ריכטונג, וועמענס אינהאַלט עס ווערט ניט גענוי כאַראַקטעריזירט דורך דעם באַגריף „עקאָנאָמיזם“, וואָס איז צו שמאָל אַף אויסצודריקן זי, איז צייט אונטערצופירן סאכאקלען.

### ב) דאָס בוקן זיך פאַר סטיכישקייט.
### די „ראַבאָטשאַיאַ מיסל“

איידער מיר וועלן איבערגיין צו די ליטעראַרישע דערשיינונגען פון דעמאָזיקן בוקן זיך, וועלן מיר פאַרצייכענען פאָלגנדיקן כאַראַקטעריסטישן פאַקט (וועלכע מע האָט אונז איבערגעגעבן פון דער אויבן דערמאָנטער קוועלע), וואָס וואַרפט אַ געוויסע שיין דערויף, ווי צווישן די כאַוויירים, וועלכע האָבן געאַרבעט אין פּעטערבורג, איז אנטשטאַנען און געוואָקסן דער סיכסעך פון די צוויי צוקונפטיקע ריכטונגען אין דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. אין אָנהויב 1897 יאָר איז א. א. וואַנייעוון און אייניקע פון זיינע כאַוויירים אויסגעקומען אָנטייל צו נעמען, איידער זיי זיינען פאַרשיקט געוואָרן, אין איינער א פּריוואַטער פאַרזאַמלונג, וואו עס זיינען זיך צונויפגעקומען „אַלטע“ און „יונגע“ מיטגלידער פונם „פאַרבאַנד פון קאַמף פאַר דער באַפרייאונג פונם אַרבעטער־קלאַס“. דעם שמועס האָט זיך געפירט דעריקער וועגן דער אָרגאַניזאַציע און באַזונדערס וועגן דעם זעלביקן „סטאַטוט פון דער אַרבעטער־קאַסע“, וועלכער איז אין זיין ענדגילטיקער פאָרם אָפּגעדרוקט געוואָרן אינם נומער 9—10 פונם „ליסטאָק ראַבאָטניקאַ“ * (ז. 46). צווישן די „אַלטע“ (די „דעקאַבריסטן“, ווי עס האָבן זיי דעמאָלט אין שפּאַס גערופן די פּעטערבורגער סאָציאַל־דעמאָקראַטן) און אייניקע פון די „יונגע“ (וועלכע האָבן דערנאָך גענומען א נאָענטן אָנטייל אין דער „ראַבאָטשאַיאַ מיסל“) האָט זיך גלייך ארויסגעוויזן א שאַרפע מיינונגס־פאַרשיידנהייט און עס האָט זיך צעפלאַקערט א הייסע פּאָלעמיק. די „יונגע“ האָבן פאַרטיידיקט די הויפּט־יעסוידעס פונם סטאַטוט אין דער פאָרם, אין וועלכער ער איז אָפּגעדרוקט. די „אַלטע“ האָבן געזאָגט, אז מיר דאַרפן פריער פאַר אַלץ האָבן ניט דאָס, נאָר די פאַרפעסטיקונג פונם „קאַמפס־פאַרבאַנד“ אין אַן אָרגאַניזאַציע פון רעוואָלוציאָנערן, — וועלכער עס דאַרפן

* „ליסטאָק ראַבאָטניקאַ“ איז אַרויסגעגאַנגען אין די יאָרן 1896—1899, זיין אַרויסגעבער איז געווען דער „פאַרבאַנד פון די רוסישע ס. ד.“. די ערשטע 8 נומערן זיינען אַרויס אונטער דער רעד. פון גרופּע „באַפרייאונג פון דער אַרבעט“ (פּלעכאַנאָוו, אַקסעלראָד, זאַסוליטש). דער לעצטער נומער (9—10) איז אַרויס אונטער אַ צייטווייליקער רעדאַקציע און האָט געהאַט אַן עקאָנאָמישע ריכטונג.

אָנמערקונג צו דער רוסישער אויסגאַבע.

אונטערגעוואָרפן ווערן די פאַרשיידענע ארבעטער־קאסעס, קרייזלעך פאַר פראָפּאגאַנדע צווישן דער שטודירנדיקער יוגנט א. ד. גל. עס איז זעלבסט־פאַרשטענדלעך, אז די, וועלכע האָבן געשטריטן, זיינען ווייט געוועזן פונם געדאנק צו זעען אין דערדאָזיקער מיינונגס־פאַרשיידנהייט אן אָנהויב פון פאַנאנדערגייען זיך, און האָבן זי, פאַרקערט, געהאַלטן פאַר אַן איינצלנער און צופעליקער. אָבער דערדאָזיקער פאַקט באַווייזט, אַז די אַנטשטייאונג און אַנטוויקלונג פונם „עקאָנאָמיזם“ איז געגאַנגען אין רוסלאנד קלאָל ניט אָן קאמף מיט די „אלטע“ סאָציאל־דעמאָקראטן (דאָס פארגעסן אָפטמאָל די איצטיקע עקאָנאָמיסטן). און אויב דערדאָזיקער קאמף האָט ניט איבערגעלאָזט מערסטנטייל קיין „דאָקומענטאלע“ שפּורן, איז די סיבע דערפון איינציק דאָס, וואָס דער באשטאַנד פון די ארבעטנדיקע קרייזלעך האָט זיך געביטן אומגלויבלעך אָפט, קיין שום טראַדיציע איז ניט איינגעשטעלט געוואָרן, און דעריבער זיינען די מיינונגס־פאַרשיידנהייטן ניט פיקסירט געוואָרן דורך קיין שום דאָקומענטן.

די אנטשטייאונג פון „ראבאָטשאיא מיסל“ האָט אַרויסגעפירט דעם עקאָנאָמיזם אף דער ליכטיקער שיין, אָבער אויך ניט מיטאמאָל. מע דאַרף זיך קאָנקרעט פאָרשטעלן די ארבעטס־באַדינגונגען און די קורצווייליקייט פונם לעבן פון דער מאסע רוסישע קרייזלעך (און קאָנקרעט פאָרשטעלן זיך עס קאָן בלויז דער, ווער עס האָט עס איבערגעלעבט), קעדיי צו פאַרשטיין, וויפל צופעליקס עס איז געווען אינם דערפאָלג אָדער אומדערפאָלג פון דער נייער ריכטונג אין פאַרשיידענע שטעט און ווי לאַנג ניט די אָנהענגער, ניט די קעגנער פון דעמדאָזיקן „נייעם“ האָבן ניט געקאָנט, בוכשטעבלעך טאקע ניט געהאט קיין מעגלעכקייט צו באשטימען, צי עס איז ווירקלעך א באזונדער ריכטונג אָדער פּאָשעט אן אויסדרוק פון דער ניט־צוגעגרייטקייט פון באזונדערע פּערזאָנען. לעמאָשל, די ערשטע העקטאָגראפירטע נומערן „ראבאָטשאיא מיסל“ זיינען געבליבן אפילע אינגאנצן אומבאוואוסט פאר דער גרעסטער מערהייט סאָציאל־דעמאָקראטן, און אויב מיר קאָנען איצט זיך פארופן אף דעם לייטארטיקל אין איר ערשטן נומער, איז עס בלויז אַדאַנק דעם, וואָס ער איז איבערגעדרוקט אין וו. אי'ס ארטיקל („ליסטאָק ראבאָטניקא“ נומער 9—10, ז. 47 און די ווייטערדיקע), וועלכער האָט ניט פארפעלט, פארשטייט זיך, אייפערדיק, איבער די קויכעס אייפערדיק צו לויבן די נייע צייטונג, וואָס האָט זיך אזוי שארף אונטערשיידט פון די אויבן דורך אונז אָנגערופענע צייטונגען און פּראָיעקטן פון צייטונגען *. און אף דעמדאָזיקן לייטארטיקל לוינט זיך אָפּצושטעלן — אף אזויפיל בוילעט

* אַגעוו, דידאָזיקע לויב פּאַר „ראַבאָטשאַיאַ מיסל“ אין נאָיאַבר 1898, ווען דער עקאָנאָמיזם, באַזונדערס אין אויסלאַנד, האָט זיך פולשטענדיק דעפיניִרט, האָט גע־שטאַמט פונם זעלביקן וו. אי., וועלכער איז דערנאָך געוואָרן איינער פון די רעדאַקטאָרן פון „ראַבאָטשעיע דיעלאָ“. און די „ראַבאָטשעיע דיעלאָ“ האָט נאָך געלייקנט די עק־זיסטענץ פון צוויי ריכטונגען אין דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, פּונקט ווי זי האַלט עס נאָך אין איין לייקענען אויך איצט!

האָט ער אויסגעדריקט דעם ג א נ צ ן ג י י ס ט פון „ראַבאָטשאַיאַ מיסל“ און פונם עקאָנאָמיזם ביכלאַל.

אָנווייזנדיק דערויף, אַז דער האַנט אינם בלויען אָפּשלאַג * וועט זיך ניט איינגעבן צו פאַרהאַלטן די אַנטוויקלונג פון דער אַרבעטער=באַוועגונג, שרייבט דער לייט=אַרטיקל ווייטער: „...איר לעבנספעאיקייט האָט די אַרבעטער=באַוועגונג צו פאַרדאַנקען דעם פאַקט, וואָס דער אַרבעטער אַליין נעמט זיך ענדלעך פאַר זיין גורל, אַרויסרייסנדיק דעמדאָזיקן גורל בא די פירער פון די הענט“, און אָט דערדאָזיקער גרונט=טעזיס ווערט גענוי אַנטוויקלט ווייטער. אין דער עמעסן זיינען גאָר די פירער (ד. ה. די סאָציאַל=דעמאָקראַטן, די אָרגאַניזאַטאָרן פונם קאַמפּס=פאַרבאַנד), אַרויסגעריסן געוואָרן בא די אַרבעטער, קאָן מען זאָגן, פון די הענט! ** — און די זאַך ווערט פאָרגעשטעלט אַזוי, אַז די אַרבעטער האָבן קלוימערשט געפירט אַ קאַמף קעגן דידאָזיקע פירער און האָבן זיך באַפרייט פון אונטער זייער יאָך! אָנשטאָט צו רופן פאָרויס, צו פאַרפעסטיקן די רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציע און צו פאַרברייטערן די פּאָליטישע טעטיקייט, האָט מען אָנגעהויבן רופן אַ ף צ ו ר י ק, בלויז צו טרעד=יוניאָניסטישן קאַמף. מע האָט פּראָקלאַמירט, אַז „די עקאָנאָמישע באַזע פון דער באַוועגונג ווערט פאַרטונקלט דורך דער שטרעבונג שטענדיק ניט צו פאַרגעסן דעם פּאָליטישן אידעאַל“, אַז דער דעוויז פון דער אַרבעטער=באַוועגונג איז — „קאַמף פאַר דער עקאָנאָמישער לאַגע“ (!) אָדער, נאָך בעסער, „די אַרבעטער פאַר די אַרבעטער“; עס איז דערקלערט געוואָרן, אַז שטרייק=קאַסעס „זיינען טייערער פאַר דער באַוועגונג, איידער הונדערט אַנדערע אָרגאַניזאַציעס“ (פאַרגלייכט דידאָזיקע באַהויפּטונג, וועלכע געהערט צו אָקטיאַבער 1897 יאָר, מיטן שטרייט צווישן די „דעקאַבריסטן“ מיט די יונגע אין אָנהויב 1897 יאָר) אַ. אַ. וו. ווערטלעך פון דעם מין, אַז בעראָש פון אַלץ דאַרף מען שטעלן ניט די „סמעטענע“ פון די אַרבעטער, נאָר דעם „דורכשניטלעכן“ אַרבעטער, דעם מאַסאָוון אַרבעטער, אַז „די פּאָליטיק פאָלגט שטענדיק געהאָרכזאַם נאָך דער עקאָנאָמיק“ *** אַ. אַ. וו. אַ. אַ. וו. — זיינען

* דאָ ווערט געמיינט: זשאַנדאַרמען. זייער קליידונג איז געווען בלוי.

איב.

** אַז דערדאָזיקער פאַרגלייך איז אַ ריכטיקער, קאָן מען זען פונם פאָלגנדיקן כאַראַקטעריסטישן פאַקט. נאָכן אַרעסט פון די „דעקאַבריסטן“, ווען צווישן די אַרבעטער פונם שליסעלבורגער טראַקט האָט זיך פאַרשפּרייט די ידיעה, אַז דעם דורכפאַל האָט מיטגעווירקט דער פּראָוואָקאַטאָר נ. נ. מיכאַילאָוו (אַ צאָן=דאָקטער), וועלכער איז באַנט געווען צו איינער פון די גרופּן, וואָס זיינען געקומען אין באַרירונג מיט די „דעקאַבריסטן“, זיינען דידאָזיקע אַרבעטער אַזוי אויפגעבראַכט געווען, אַז זיי האָבן באַשלאָסן צו דערהאַרגענען מיכאַילאָוון.

*** פונם זעלביקן לייט=אַרטיקל פונם ערשטן נומער „ראַבאָטשאַיאַ מיסל“. מע קאָן אורטיילן לויט דעם, ווי עס האָט אויסגעזען די טעאָרעטישע צוגעגרייטקייט פון דידאָזיקע „וו. וו.׳ס“ [1] פון דער רוסישער סאָציאַל=דעמאָקראַטיע, וואָס האָבן איבערגע=

[1] אַ ליבעראַלער פּאָלקיסט.

איב.

געוואָרן א מאָדע און האָבן באקומען גאָר א שטאַרקע ווירקונג אַף דער מאסע יוגנט, וועלכע ווערט צוגעצויגן צו דער באוועגונג און וועלכע איז אל פי ראוו באַקאַנט בלויז מיט שטיקלעך מאַרקסיזם, אין דער פאָרם, ווי ער ווערט איבערגעגעבן לעגאל.

דאָס איז געווען א פולשטענדיקע אונטערדריקונג פון דער באוואוסטזיניקייט דורך דער סטיכישקייט — דורך דער סטיכישקייט פון יענע „סאָציאַל-דעמאָ-קראַטן“, וועלכע האָבן איבערגעכאַזערט דעם הער וו. וו.'ס „אידייען“, דורך דער סטיכישקייט פון יענע אַרבעטער, וועלכע האָבן זיך אונטערגעגעבן דעם מאָטיוו, אז א קאָפּיקע אַפן רובל איז סאי נעענטער, סאי טייערער, איידער וועלכער ניט איז סאָציאַליזם און וועלכע ניט איז פּאָליטיק, אַז זיי דאַרפן פירן „א קאמף, ווייסנדיק, אז זיי קעמפן ניט פאר עפּעס קומענדיקע דורעס, נאָר פאר זיך און פאר זייערע קינדער“ (דער לייט-ארטיקל אינם ערשטן נומער „ראבאָטשאיא מיסל“). ענלעכע פראזן האָבן שטענדיק געבילדעט דאָס בא-ליבטע געווער בא יענע מאירעוו-אייראָפּייאישע בורזשוא, וועלכע האָבן, האסנדיק דעם סאָציאַליזם, אַליין געאַרבעט (אַ שטייגער, ווי דער דייטשישער „סאָציאַל-פּאָליטיקער“ הירש) אַף אַריבערצופלאַנצן דעם ענגלישן טרעד-יוניאָניזם אַף זייער היימישן באָדן, זאָגנדיק די ארבעטער, אז בלויז דער פּראָפעסיאָנעלער קאַמף* איז טאַקע אַ קאַמף פאַר זיך און פאַר די אייגענע קינדער, און ניט פאר עפּעס קומענדיקע דורעס מיט עפּעס א צוקינפטיקן סאָציאַליזם. — און איצט האָבן זיך די „וו. וו.'ס פון דער רוסישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע“ גענומען איבערכאַזערן דידאָזיקע בורזשואזע פראזעס. עס איז וויכטיק צו פארצייכענען דאָ דריי אומשטענדן, וועלכע וועלן אונז זייער צוניץ קומען באַם ווייטערדיקן פאַנאַנדערקלייבן די מאָדערנע מיינונגס-פאַרשיידנהייטן **.

---

כאַזערט די גראָבע וואולגאַריזאַציע פונם „עקאָנאָמישן מאַטעריאַליזם“ אין דער זעל-ביקער צייט, ווען אין דער ליטעראַטור איז געגאַנגען אַ מילכאָמע פון די מאַרקסיסטן קעגן דעם עכטן הער וו. וו., וועלכער האָט שוין פון לאַנג באַקומען דעם נאָמען פון אַ „מאַיסטער פון רעאַקציאָנערע איניאַנים“ פאַר פונקט אַזאַ פאַרשטייִן די פאַר-העלטעניש צווישן פּאָליטיק און עקאָנאָמיק!

* באַ די דייטשן איז פאַראַן אַפילע אַ ספּעציעל וואָרט: „נור — געווערקשאַפטלער“, וועלכער באַטייט די אָנהענגער פון „בלויז פּראָפעסיאָנעלן“ קאַמף.

** מיר שטרייכן אונטער מאָדערנע צוליב די, ווער עס וועט, ווי אַ פּאַרעש, קוועטשן „מיט די אקסלען און וועט זאָגן: איצט איז לייכט צו אָנפאַלן אַף דער „ראַבאָטשאַיאַ מיסל“, אָבער דאָס איז דאָך בלויז אַן ארכאַאיזם [1] Mutato nomine de te fabula narratur (אונטער אַן אַנדער נאָמען ווערט וועגן דיר די מאַיסע דערציילט.) — וועלן מיר ענטפערן אַזוינע מאָדערנע פּרושים, וועמעס פולשטענדיקע פאַרשקלאַפונג אונטער די אידייען פון „ראַבאָטשאַיאַ מיסל“ עס וועט דערוויזן ווערן ווייטער.

---

[1] אַן אַלטע, לאַנג פאַרגאַנגענע זאַך.

איב.

ערשטנס, איז די אונטערדריקונג פון דער באַוואוסטזיניקייט דורך דער סטיכישקייט, וועלכע מיר האָבן אָנגעוויזן, פאָרגעקומען אויך אַף אַ סטיכישן וועג. דאָס זעט אויס, ווי אַ וויץ, אָבער דאס איז—ליידער! — אַ ביטערער עמעס. פאָרגעקומען איז עס ניט דורך אַן אָפענעם קאַמף צווישן צוויי גאַנץ קעגנזעצלעכע אָנשויאונגען און דורך אַ ניצאָכן פון איינער איבער דער אנדערער, נאָר דורך דעם, וואָס די זשאנדארמען האָבן „ארויסגעריסן“ אַלץ אַ גרעסערע און גרעסערע צאָל רעוואָלוציאָנערן — „אַלטע“, און דורך דעם, וואָס אַף דער סצענע זיינען אַלץ מער און מער ארויסגעטראָטן די „יונגע“ „וו. וו.’ס פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע“. יעדער, ווער עס האָט — איך וועל ניט זאָגן: אָנטייל גענומען אין דער מאָדערנער רוסישער באַוועגונג, נאָר: לעכאָלאַפּאָכעס געשמעקט איר לופט, — ווייסט אויסגעצייכנט, אַז די זאַך באַשטייט טאַקע אַזוי. און אויב מיר באַשטייען פונדעסטוועגן באַזונדערס דערויף, אַז דער לעזער זאָל פאר זיך אינגאנצן קלאָר מאכן דעם דאָזיקן אלגעמיין באוואוסטן פאקט, אזוי צו זאָגן צוליב אָנשוילעכקייט, די אָנזאָגן וועגן „ראַבאָטשעיע דיעלאָ“ פון דער ערשטער פאָרמאַציע און וועגן דעם שטרייט צווישן די „אַלטע“ און „יונגע“ אין אָנהויב 1897 יאָר, — איז עס בלויז דערפאר, ווייל דערויף, וואָס דאָס ברייטע פובליקום (אָדער די גאָר יונגע יוגנט) איז ניט באַקאָנט מיט דעם דאָזיקן פאַקט, דערויף ספּעקולירן מענטשן, וועלכע בארימען זיך מיט זייער „דעמאָקראטיזם“. מיר וועלן זיך דערצו נאָך אומקערן ווייטער.

צווייטנס, קאָנען מיר שוין אַף דער ערשטער ליטעראַרישער אנטפלעקונג פונם עקאָנאָמיזם באַאָבאַכטן די דערשיינונג, וועלכע איז אין דער העכסטער מאָס אייגנאַרטיק און העכסט כאַראַקטעריסטיש אַף צו פאַרשטיין אַלע מיינונגספארשיידנהייטן צווישן די מאָדערנע סאָציאַל־דעמאָקראַטן, וואָס די אָנהענגער פון דער „ריין אַרבעטערשער באַוועגונג“, די פאַרערער פונם סאַמע ענגן און סאַמע „אָרגאַנישן“ (אַן אויסדריק פון „ראַבאָטשעיע דיעלאָ“) צוזאַמענבונד מיטן פּראָלעטאַרישן קאַמף, די קעגנער פון יעטווידער ניט־אַרבעטערשער אינטעליגענץ (דאָס זאָל זיין אַפילע אַ סאָציאַליסטישע אינטעליגענץ) זיינען געצוואונגען, אַף צו באשיצן זייער פּאָזיציע, צו באַנוצן זיך מיט מאָטיוון פון די בורזשואַזע „בלויז טרעדיוניאָניסטן“. דאָס באַווייזט אונז, אַז די „ראַבאָטשאַיאַ מיסל“ האָט זיך פון איר סאמע אָנהויב אָן גענומען — אומבאוואוסטזיניק פאר זיך אליין — פאַרווירקלעכן די פּראָגראַם פון „קרעדאָ“). דאָס באַווייזט, — (אָט דאָס קאָן בעשום אויפן ניט פאַרשטיין די „ראַבאָטשעיע דיעלאָ“) — אַז איטלעכעס בוקן זיך פאר דער סטיכישקייט פון דער ארבעטער־באַוועגונג, איטלעכעס פארמינערן די ראָליע פונם „באַוואוסטזיניקן עלעמענט“, די ראָליע פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע — באַטייט מעמילע, — אַבסאָלוט אומאָפּהענגיק דערפון, צי וויל עס דער פארמינערער אָדער ניט, באַטייט עס אַ פאַרשטאַרקונג פון דער ווירקונג פון דער

בורזשואַזער אידעאָלאָגיע אַף די אַרבעטער. אַלע וואָס טאַינען ווענן אַז „איבערשאַצונג פון דער אידעאָלאָגיע" *, ווענן איבערטרייבן די ראָליע פונם באַוואוסטזיניקן עלעמענט ** א. ד. גל, מיינען, אַז אַ ריין אַרבעטערי־שע באַוועגונג קאָן אַליין פאַר זיך אויסאַרבעטן און וועט פאַר זיך אויסאַרבעטן אַ זעלבשטענדיקע אידעאָלאָגיע, אַבי נאָר די אַרבעטער זאָלן „אַרויסרייסן בא די אָנ־פירער פון די הענט זייער גורל". אָבער דאָס איז אַ טיפער פעלער. אַלס צוגאָב צו דעם, וואָס עס איז געזאָגט אויבן, וועלן מיר נאָך ברענגען די פאָלגנדיקע, טיף גערעכטיקע און וויכטיקע ווערטער ק. קאוטסקיס, וואָס ער האָט געזאָגט מיקוויעך דעם פּראָיעקט פון אַ נייער פּראָגראַם פון דער עסטרייכישער ס.־ד. פאַרטיי:

„פיל פון אונזערע רעוויזיאָניסטישע קריטיקער מיינען, אַז מארקס האָט קלוימערשט באַהויפּטעט, אַז די עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג און דער קלאַסן־קאַמף שאַפן ניט נאָר די באַדינגונגען פאַר דער סאָציאַליסטישער פּראָדוקציע, נאָר זיי שאַפן אויך אומיטלבאַר דעם באַוואוסטזיין (אונטערגעשטראָכן פון קאוטסקין) פון איר נויטיקייט. איז אָט דידאָזיקע קריטיקער דערווידערן, אַז דאָס לאַנד פון דער העכסטער סאמע קאפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג, ענגלאַנד, איז מער פון אַלץ פרעמד דעמדאָזיקן באַוואוסטזיין. אפן גרונט פונם פּראָיעקט וואָלט מען געקאָנט מיינען, אַז בא דעמדאָזיקן קלוימערשט אָרטאָדאָקסאַל־מארקסיסטישן קוק, וועלכער ווערט געלייקנט אפן אָנגעוויזענעם אויפן, האַלט זיך אויך די קאָמיסיע, וועלכע האָט אויסגעאַרבעט די עסטרייכישע פּראָגראַם. אינם פּראָיעקט שטייט געשריבן: „וואָס מער די קאפּיטאַליסטישע אַנטוויקלונג פאַרגרעסערט דעם פּראָלעטאַריאַט, אַלץ מער ווערט ער געצוואונגען און באַקומט די מעגלעכקייט צו פירן אַ קאַמף קעגן דעם קאַפּיטאַליזם. דער פּראָלעטאַריאַט קומט צום „באַוואוסטזיין" פון דער מעגלעכקייט און דער נויטיקייט פונם סאָציאַ־ליזם. אַזאַ פאַרבינדונג שטעלט זיך דער סאָציאַליסטישער באַוואוסטזיין פאָר, ווי אַ נויטיקער אומיטלבאַרער רעזולטאַט פונם פּראָלעטאַרישן קלאַסן־קאַמף. אָבער דאָס איז אבסאָלוט ניט ריכטיק. פאַרשטייט זיך, דער סאָציאַליזם, אַלס לערע, איז אין דער זעלביקער מאָס איינגעוואָרצלט אין די מאָדערנע עקאָנאָמישע פאַר־העלטעניש, פונקט ווי דער קלאַסן־קאַמף פונם פּראָלעטאַריאַט, און דער זעל־ביקער מאָס, ווי דער לעצטער, דרינגט ער אַרויס פונם קאַמף קעגן דער אָרימקייט און דעם דאַלעם פון די מאַסן, וואָס ווערט אַרויסגערופן דורכן קאַפּיטאַליזם, נאָר דער סאָציאַליזם און דער קלאַסן־קאַמף אַנטשטייען זייט בא זייט איינס מיטן אַנ־דערן, און ניט איינס פונם אַנדערן, זיי אַנטשטייען בא פאַרשיידענע פאָרהאַנאָכעס. דער מאָדערנער סאָציאַליסטישער באַוואוסטזיין קאָן אַנטשטיין בלויז אַפן יעסאָד פון טיפער וויסנשאַפטלעכער קענטעניש. און טאַקע בעעמעס, די מאָדערנע עקאָנאָ־מישע וויסנשאפט איז פונקט אַזוי אַ באַדינג פאַר דער סאָציאַליסטישער פּראָ־

* דער בריוו פון די „עקאָנאָמיסטן" אינם נומער 12 „איסקרא".

** „ראַבאָטשעיע דיעלאָ" נומער 10.

דוקציע, ווי די מאָדערנע, לאָמיר זאָגן, טעכניק, און דער פּראָלעטאריאט קאָן באם גאנצן ווילן זיינעם ניט באשאפן ניט דאָס און ניט יענץ; ביידע אנטשטייען זיי פונם מאָדערנעם געזעלשאַפטלעכן פּראָצעס. דער טרעגער ווידער פון דער וויסנשאַפט איז ניט דער פּראָלעטאריאט, נאָר די בורזשואזע אינטעליגענץ (אונטערגעשטראָכן פון ק. ק.); אין די מויכעס בא באזונדערע מיטגלידער פון דערדאָזיקער שיכט איז דאָך אַנטשטאַנען אויך דער מאָדערנער סאָציאַליזם, און זיי האָבן אים שוין מיטגעטיילט די גייסטיק מער אַנטוויקלטע פּראָלעטאריער, וועלכע טראָגן אים דערנאָך אריין אין דעם קלאסן=קאמף פונם פּראָלעטאריאט דאָרט, וואו דאָס דערלאָזן די באדינגונגען. אזוי ארום איז דער סאָציאַליסטישער באוואוסטזיין עטוואָס אזוינס, וואָס איז אריינגעבראכט פון דרויסן (von aussen hineinge tragenes.) אין דעם קלאַסן=קאַמף פונם פּראָלעטאריאט, און ניט עטוואָס אזוינס, וואָס איז סטיכיש (Urwüchsig) פון אינ[ן] אנטשטאנען. אין העסקעם דערמיט האָט טאקע די אלטע הײנפעלדער פּראָגראם געזאָגט גאנץ באשטימט, אז די אויפגאבע פון דער סאָציאַל=דעמאָקראַטיע איז אַריינגעטראָגן אין דעם פּראָלעטאַריאַט (בוכשטעבלעך: אָנפילן דעם פּראָלעטאריאט) דעם באוואוסטזיין פון זיין לאגע און דעם באוואוסטזיין פון זיין אויפגאבע. דערין וואָלט ניט געווען קיין נויטווענדיקייט, ווען דערדאָזיקער באוואוסטזיין וואָלט פון זיך אליין ארויסגעדרונגען פונם קלאסן=קאמף. דער נייער פּראָיעקט ווידער האָט דידאָזיקע האנאָכע איבערגענומען בא דער אלטער פּראָגראם און צוגענייט זי צו דער אויבן געבראכטער האנאָכע. אָבער דאָס האָט אינגאנצן איבערגעריסן דעם געדאנקען=גאנג..."

אויב ווען אַ זעלבשטענדיקער אידעאָלאָגיע, וועלכע די אַרבעטער=מאַסן אַליין אַרבעטן אויס אינם גאַנג פון זייער באַוועגונג, קאָן אַפילע קיין רייד ניט זיין*, שטייט די פראגע נאָר אזוי: א בורזשואזע אָדער א סאָציאַליסטישע

* דאָס באַטייט ניט, פאַרשטייט זיך, אַז די אַרבעטער באַטייליקן זיך ניט אין דערדאָזיקער אויסאַרבעטונג. אָבער זיי באַטייליקן זיך ניט ווי אַרבעטער, נאָר ווי טעאָרעטיקער פונם סאָציאַליזם, אַלס פּרודאָנס און ווייטלינגס, זיי נעמען אָנטייל, אַנדערש געזאָגט, נאָר דעמאָלט און אַף אַזויפיל, אַף וויפל זיי גיט זיך איין אין אַ גרעסערער אָדער אין אַ קלענערער מאָס צו באַהערשן די וויסנשאַפט פון זייער דאָר און רוקן פאָרויס דידאָזיקע וויסנשאַפט. און קעדיי די אַרבעטער זאָל זיך דאָס אָפטער איינגעבן, דערצו איז נויטיק ווי ווייט מעגלעך מער צו זאָרגן וועגן העכערן דעם ניוואָ פונם באַוואוסטזיין פון די אַרבעטער ביכלאַל, דערצו איז נויטיק, אַז די אַרבעטער זאָלן זיך ניט פאַרשליסן אין די קינסטלעך פאַרשמעלערטע ראַמען פון „ליטעראַטור פאַר אַרבעטער“, נאָר זיי זאָלן זיך לערנען צו באַהערשן אַלץ מער און מער די אַלגעמיינע ליטעראַטור. ריכטיקער וואָלט געווען אַפילע צו זאָגן אַנשטאָט „זיך פאַרשליסן“ — איינגעשלאָסן ווערן, ווייל די אַרבעטער אַליין לייענען און ווילן לייענען אַלץ, וואָס מע שרייבט פאַר דער אינטעליגענץ, און נאָר אייניקע (שלעכטע) אינטעליגענטן מיינען, אַז „פאַר אַרבעטער“ איז גענוג צו דערציילן וועגן די פאַבריק=אָרדענונגען און איבערקייען דאָס, וואָס עס איז שוין פון לאַנג באַוואוסט.

אידעאָלאָגיע. קיין מיטן איז דאָ ניטאָ (ווייל קיין שום „דריטע“ אידעאָלאָגיע האָט די מענטשהייט ניט אויסגעאַרבעט, און בכלל קאָן אין אַ געזעלשאַפט, וועלכע ווערט צעריסן דורך קלאַסן=ווידערשפּרוכן, קיינמאָל ניט זיין קיין אויסער=קלאַסאָווע אָדער איבער=קלאַסאָווע אידעאָלאָגיע). דעריבער איז איטלעכם פאַרמינערן פון דער סאָציאַליסטישער אידעאָלאָגיע, איטלעכם באַזייטיקן זיך פון איר באַטייט דערמיט גופא אַ פאַרשטאַרקונג פון דער בורזשואַזער אידעאָלאָגיע. מע שמועסט וועגן סטיכישקייט. אָבער די סטיכישע אַנטוויקלונג פון דער אַרבעטער=באַוועגונג גייט גראָד אין דער ריכטונג פון אונטערוואַרפן זי דער בורזשואַזער אידעאָלאָגיע, זי גייט גראָד לויט דער פּראָגראַם פון „קרעדאָ“, ווייל די סטיכישע אַרבעטער=באַוועגונג איז טרעד=יוניאָניזם, איז „נור=געווערקשאַפטלערייי“, און טרעד=יוניאָניזם באַטייט טאַקע אידייאישע פאַרשקלאַפונג פון די אַרבעטער דורך דער בורזשואַזיע. דעריבער באַשטייט אונזער אויפגאַבע, די אויפגאַבע פון דער סאָציאַל=דעמאָקראַטיע, אין קאַמף קעגן דער סטיכישקייט, זי באַשטייט דערין, אַז מיר זאָלן אַראָפּציען די אַרבעטער=באַוועגונג פון דערדאָזיקער סטיכישער טרעד=יוניאָניסטישער שטרעבונג אונטערן פליגל פון דער בורזשואַזיע און צוציען זי אונטערן פליגל פון דער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַל=דעמאָקראַטיע. די פראַזע פון די מעכאַברים פונם „עקאָנאָמישן“ בריוו אינם נומער 12 „איסקרא“, אַז קיין שום אָנשטרענגונגען פון די סאַמע באַגייסטערטע אידעאָלאָגן קאָנען ניט אַראָפּציען די אַרבעטער=באַוועגונג פון דעם וועג, וועלכער ווערט באַשטימט דורך דער קעגנזייטיקער ווירקונג פון די מאַטעריעלע עלעמענטן און פון דער מאַטעריעלער סוויווע, איז אַבסאָלוט גלייך צום אָפּזאָגן זיך פונם סאָציאַליזם, און ווען דידאָזיקע מעכאַברים וואָלטן פעאיק געווען דורכטראַכטן דאָס, וואָס זיי זאָגן, ביזן סאָף, אָן שרעק און קאָנסעקווענט, ווי עס דאַרף דורכטראַכטן זיינע געדאַנקען יעדער=ער, וועך עס טרעט אַרויס אַף דער אַרענע פון דער ליטעראַרישער און געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, וואָלט זיי קיין זאַך ניט געבליבן, ווי „צונויפלייגן אַף דער פוסטער ברוסט די אומנויטיקע הענט“ און... און פרייזלאָזן דאָס פעלד פאַר די הערן סטרואוועס און פראָקאָפּאָוויטשעס, וועלכע ציען די אַרבעטער=באַוועגונג „לויט דער ליניע פון קלענסטן ווידערשטאַנד“, דאָס הייסט, לויט דער ליניע פון בורזשואַזן טרעד=יוניאָניזם, אָדער פאַר די הערן זובאַטאָווס, וועלכע ציען זי לויט דער ליניע פון דער גאַלאָכיש=זשאַנדאַרמישער „אידעאָלאָגיע“.

דערמאָנט זיך דעם ביישפּיל פון דייטשלאַנד. אין וואָס איז באַשטאַנען לאַסאַלס פאַרדינסט פאַר דער דייטשישער אַרבעטער=באַוועגונג? דערין, וואָס ער האָט אַראָפּגעצויגן דידאָזיקע באַוועגונג פון יענעם וועג פון פּראָגרעסיסטישן טרעד=יוניאָניזם און קאָאָפּעראַטיוויזם, אַף וועלכן זי איז סטיכיש געוועגדעט געוואָרן (באַם גנעדיקן אָנטייל פון די שולצע=דע=

ליטשם* און ענלעכע צו זיי). קעדיי אויסצופילן דיראָזיקע אויפגאַבע,
איז נויטיק געווען עטוואָס אַזוינס, וואָס איז אינגאַנצן ניט ענלעך אַף די שמועסן
וועגן אַ פאַרמינערונג פונם סטיכישן עלעמענט, וועגן אַ טאַקטיק־פּראָצעס, וועגן
דער קעגנזייטיקער ווירקונג פון די עלעמענטן און פון דער סוויווע א. ד. גל. דער־
צו איז נויטיק געווען אַ פאַרביסענער קאַמף קעגן דער סטי־
כישקייט, און נאָר אין רעזולטאַט פון אַזאַ קאַמף, וואָס האָט זיך געפירט
לאַנגע, לאַנגע יאָרן, איז דערגרייכט געוואָרן, למשל, דאָס, וואָס די אַרבעטער־
באַפעלקערונג פון בערלין, איז פון אַן אָנשפּאַר פאַר דער פּראָגרעסיסטישער
פּאַרטיי פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איינער פון די בעסטע פעסטונגען פון דער
סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. און דערדאָזיקער קאַמף איז קלאַל ניט פאַרענדיקט
אַפילע ביז איצט (ווי עס וואָלט זיך געקאָנט אויסדוכטן מענטשן, וועלכע שטו־
דירן די געשיכטע פון דער דייטשישער באַוועגונג לויט פּראָקאָפּאָוויטשן, און די
פילאָזאָפיע אירע — לויט סטרואווען). אויך איצט איז דער דייטשישער אַרבע־
טער־קלאַס, אויב מע קאָן זיך אַזוי אויסדריקן, צעברעקלט צווישן עטלעכע אידעאָ־
לאָגיעס: אַ טייל אַרבעטער איז פאַרייניקט אין די קאַטוילישע און מאָנאַרכיס־
טישע אַרבעטער־פאַריינען, אַ צווייטער — אין די הירש־דונקערישע, וועלכע זיינען
געבילדעט געוואָרן דורך די בורזשואַזע פאַרערער פונם ענגלישן טרעד־יוניאָניזם,
דער דריטער — אין די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פאַריינען. דער לעצטער טייל
איז אָן אַן ערעך גרעסער, איידער אַלע איבעריקע, אָבער צו דערדאָזיקער פּרע־
וואַלירנדיקער לאַגע האָט זיך די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אידעאָלאָגיע געקאָנט
דערשלאָגן און דידאָזיקע לאַגע האָט זי באַוויזן צו פאַרהיטן נאָר דורך אַן אויס־
געהאַלטענעם קאַמף קעגן אַלע איבעריקע אידעאָלאָגיעס.

פאַרוואָס אָבער — וועט פרעגן דער לעזער — גייט די סטיכישע באַוועגונג,
די באַוועגונג לויט דער ליניע פון קלענסטן ווידערשטאַנד, גראָד צו דער הערשאַפט
פון דער בורזשואַזער אידעאָלאָגיע? צוליב דער פּאָשעטער סיבע, וואָס די בור־
זשואַזע אידעאָלאָגיע איז לויט איר אָפּשטאַמונג אַסאַך עלטער, איידער די סאָ־
ציאַליסטישע, וואָס זי איז מער אַלזייטיק פאַנאַנדערגעאַרבעט, וואָס זי פאַרמאָגט
אָן אַן ערעך גרעסערע פאַרשפּרייטונגס־מיטלען**. און וואָס יונגער עס איז

---

* שולצע־דעליטש — אַ דייטשישער געזעלשאַפטלעכער טוער, אידעאָלאָג פונם קליינ־
בירגערטום, האָט פּראָפּאַגאַנדירט פאַר קאָאָפּעראַטיווע גענאָסנשאַפטן, וועלכע האָבן לויט
זיין מיינונג געקאָנט באַוואָרענען די עקאָנאָמישע זעלבשטענדיקייט פון די האַנטווערקער
און פון די אַרבעטער.

לויט דער אָנמ. צו דער רוסישער אויסגאַבע.

** אָפטמאָל זאָגט מען: דער אַרבעטער־קלאַס שטרעבט סטיכיש צום סאָציאַ־
ליזם. דאָס איז אַבסאָלוט ריכטיק אין דעם זין, וואָס די סאָציאַליסטישע טעאָריע דע־
פינירט טיפער פון אַלע און ריכטיקער פון אַלע די סיבעס פון די ליידן פונם אַרבעטער־
קלאַס, און דעריבער באַנעמען זי טאַקע די אַרבעטער אַזוי לייכט, אויב נאָר די־
דאָזיקע טעאָריע אַליין גיט זיך ניט אונטער דער סטיכישקייט, אויב נאָר זי
באַהערשט די סטיכישקייט. געוויינלעך איז עס זעלבספאַרשטענדלעך, אָבער „ראַבאָט־

די סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין אַ וועלכן עס איז לאַנד, אַלץ ענערגישער דאַרף דעריבער זיין דער קאַמף קעגן אַלע פּרואוון צו פאַרפעסטיקן די ניט סאָציאַליסטישע אידעאָלאָגיע, אַלץ אַנטשיידענער דאַרף מען וואָרענען די אַרבעטער קעגן יענע שלעכטע אייצע-געבער, וועלכע שרייען קעגן „איבערטרייבן דעם באַוואוסטזיניקן עלעמענט" און ד. גל. די מעכאַברים פונם עקאָנאָמישן בריוו שיטן פעד און שוועבל, אין איינקלאַנג מיט דער „ראַבאָטשעיע דיעלאָ", אַף דער אומטאָלעראַנטקייט, וועלכע איז אייגנטימלעך פאַרן קינדהייט-פעריאָד פון דער באַוועגונג. מיר וועלן ענטפערן דערויף: יאָ, אונזער באַוועגונג געפינט זיך ווירקלעך אין אַ קינדהייט-צושטאַנד, און קעדיי גיכער אויסצוואַקסן, דאַרף זי זיך טאַקע אָנשטעקן מיט אומטאָלעראַנטקייט בענוגייע די מענטשן, וועלכע פאַרהאַלטן איר וואוקס מיט זייער בוקן זיך פאַר סטיכישקייט. עס איז ניטאָ קיין מער לעבערלעכע און מער שעדלעכע זאַך, ווי פאַרשטעלן זיך פאַר זקיינים, וועלכע האָבן שוין לאַנג דורכגעלעבט אַלע אַנטשלאָסענע עפּיזאָדן פונם קאַמף.

דריטנס, דער ערשטער נומער „ראַבאָטשאַיאַ זשיזן" באַווייזט אונז, אַז דער נאָמען „עקאָנאָמיזם" (פון וועלכן מיר טראַכטן ניט, פאַרשטייט זיך, אָפּצוזאָגן זיך, ווייל אַזוי אָדער אַנדערש, אָבער דערדאָזיקער צונאָמען האָט זיך שוין איינגעשטעלט) גיט ניט גענוג פּינקטלעך איבער דעם טאָך פון דער נייער ריכטונג. „ראַבאָטשאַיאַ מיסל" לייקנט ניט אינגאַנצן דעם פּאָליטישן קאַמף: אין יענעם סטאַטוט פון קאַסע, וועלכער איז אָפּגעדרוקט אינם ערשטן נומער „ראַבאָטשאַיאַ מיסל", רעדט זיך וועגן קאַמף קעגן דער רעגירונג. „ראַבאָטשאַיאַ מיסל" האַלט בלויז, אַז „די פּאָליטיק פאָלגט שטענדיק געהאָרכזאַם נאָך דער עקאָנאָמיק" (און „ראַבאָטשעיע דיעלאָ" וואַריאירט דעמדאָזיקן טעזיס, פאַרזיכערנדיק אין איר פּראָגראַם, אַז „אין רוסלאַנד איז מער, ווי אין אַ וועלכן עס איז אַנדערן לאַנד, דעם עקאָנאָמישן קאַמף *ניט אָפּצורייסן* פונם פּאָליטישן"). די דאָזיקע האַנאָכעס פון „ראַבאָטשאַיאַ מיסל" און „ראַבאָטשעיע דיעלאָ" זיינען לאַכלוטן ניט ריכטיק, *אויב מע זאָל פאַרשטיין אונטער פּאָליטיק די סאָציאַל דעמאָקראַטישע פּאָליטיק.* זייער אָפט טרעפט, אַז דער עקאָנאָמישער קאַמף פון די אַרבעטער איז פאַרבונדן (האַגאַם ניט אומצערייסלעך) מיט אַ בורזשואַזער פּאָליטיק, מיט אַ קלעריקאַלער און מיט אַנדערע, ווי מיר האָבן שוין געזען. די האַנאָכעס פון „ראַבאָטשעיע דיעלאָ" זיינען ריכטיק, אויב מע זאָל פאַרשטיין אונטער פּאָליטיק אַ טרעד-יוניאָניסטישע פּאָליטיק, דאָס הייסט, די אַלגעמיינע שטרעבונג פון אַלע אַרבעטער צו דערשלאָגן זיך פאַר זיך באַ דער מעלוכע די אָדער יענע מאָסמיטלען, וואָס זיינען געווענדעט קעגן די ליידן, וואָס זיינען אייגנטימלעך פאַר זייער לאַגע, נאָר

---

שעיע דיעלאָ" פאַרגעסט גראָד און פאַרקריפּלט אָט דאָס זעלבסטפאַרשטענדלעכע. דער אַרבעטער-קלאַס שטרעבט סטיכיש צום סאָציאַליזם, אָבער די סאַמע פאַרשפּרייטע (און די טאָמיד ווידער-אויפוואַכנדיקע אין די סאַמע פאַרשיידנאַרטיקע פאָרמען) בורזשואַזע אידעאָלאָגיע ווערט פונדעסטוועגן סטיכיש מער פון אַלץ אָנגעבונדן דעם אַרבעטער.

וועלכע באַווייזיקן נאָך ניט דידאַקטיזיקע לאַגע, דאָס הייסט, זיי פאַרניכטן ניט די אונטערגעוואָרפנקייט פון דער אַרבעט צום קאַפּיטאַל. דידאַקטיזיקע שטרעבונג איז ווירקלעך אַלגעמיין אי פאַר די ענגלישע טרעד־יוניאָניסטן, וועלכע באַציען זיך פיינטלעך צום סאָציאַליזם, אי פאַר די קאַטוילישע אַרבעטער, איז פאַר די „זו־באַטאָווישע" אַרבעטער א. א. וו. עס איז פאַראַן פּאָליטיק און פּאָליטיק. אַזוי אַרום זעען מיר, אַז בענויגייע צו פּאָליטישן קאַמף ווייזט אַרויס „ראַבאָטשאַיאַ מיסל" ניט אַזוי אַן אָפּלייקענונג,וויפל אַ בוקן זיך פאַר זיין סטיכיש־קייט, פאַר זיין אומבאַוואוסטזיניקייט. פולשטענדיק אַנערקענענדיק דעם פּאָלי־טישן קאַמף (ריכטיקער: די פּאָליטישע וואונשן און פאָדערונגען פון די אַרבע־טער), וועלכער וואַקסט אַרויס פון דער אַרבעטער־באַוועגונג גופע, זאָגט זי זיך לאַכלוטן אָפּ פון אויסאַרבעטן זעלבשטענדיק אַ ספּעציפישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאָליטיק, וועלכע זאָל זיין צוגעפּאַסט צו די אַלגעמיינע אויפגאַבן פונם סאָציאַליזם און צו די מאָדערנע רוסישע באַ־דינגונגען. ווייטער וועלן מיר באַווייזן, אַז דעמזעלביקן פעלער באַגייט אויך „ראַבאָטשעיע דיעלאָ".

### ג) די „גרופּע פון זעלבסטבאַפרײַאונג" און „ראַבאָטשעיע דיעלאָ".

מיר האָבן אַזוי גענוי אַנאַליזירט דעם ווייניק באַקאַנטן און באַ איצטיקער צייט קימאַט פאַרגעסענעם לייט־אַרטיקל פונם ערשטן נומער „ראַבאָטשאַיאַ מיסל" דערפאַר, ווייל ער האָט פריער פאַר אַלע און בולטעטער פאַר אַלע אויס־געדריקט דעם אַלגעמיינעם שטראָם, וועלכער איז דערנאָך אַרויס אויף דער ליכ־טיקער שיין אין אַן אַ צאָל קליינע שטראָמעלעך. וו. אי. איז געווען אַבסאָלוט גערעכט, ווען ער האָט, לויבנדיק דעם ערשטן נומער און דעם לייט־אַרטיקל פון „ראַבאָטשאַיאַ מיסל", געזאָגט, אַז ער איז אָנגעשריבן „שאַרף, מיט היץ" („ליס־טאָק ראַבאָטניקאַ" נומער 9—10, ז. 49). יעדער מענטש, וואָס איז איבערצייגט אין זיין מיינונג, וואָס מיינט, אַז ער גיט עפּוואָס נייעס, שרייבט „מיט היץ" און שרייבט אַזוי, אַז ער דריקט אויס בולעט זיינע אָנשויאונגען. נאָר באַ מענטשן, וועלכע זיינען געוואוינט צו זיצן צווישן צוויי שטולן, איז ניטאָ קיין שום „היץ", נאָר אַזוינע מענטשן זיינען פעאיק, נעכטן לויבנדיק די היציקייט פון „ראַבאָטשאַיאַ מיסל", אָנצופאַלן היינט פאַר פּאָלעמישער היציקייט אויף אירע קעגנער.

ניט אָפּשטעלנדיק זיך אויף דער „באַזונדערער ביילאַגע צו „ראַבאָטשאַיאַ מיסל" (אונז וועט ווייטער אויסקומען צוליב פאַרשיידענע סיבעס זיך צו פאַרופן אויף דאָסדאָזיקע ווערק, וואָס דריקט קאָנסעקווענטער פון אַלץ אויס די אידייען פון די עקאָנאָמיסטן), וועלן מיר בלויז אין קורצן פאַרצייכענען דעם „אויפרוף פון דער גרופּע פון זעלבסטבאַפרייאונג פון די אַרבעטער" (מאַרט 1899 יאָר,

איבערגעדרוקט אין לאָנדאָנער „נאַקאַנוניע“, („ערע“) נומער 7, יוני 1899 יאָר). די מעכאַברים פון דעמדאָזיקן אויפרוף זאָגן זייער ריכטיק, אַז „דאָס אַרבעטערשע רוסלאַנד וואַכט ערשט אויף, קוקט זיך ערשט אַרום און כאַפּט זיך אינסטינקטיוו פאַר די ערשטע בעסטע קאַמפּס=מיטלען“, אָבער זיי מאַכן דערפון דעמזעלביקן ניט ריכטיקן אויספיר, ווי די „ראַבאָטשאַיאַ מיסל“, פאַרגעסנדיק, אַז אינסטינקטיווקייט איז טאַקע אומבאַוואוסטזיניקייט (סטיכישקייט), וועלכער עס דאַרפן קומען צו הילף די סאָציאַליסטן, אַז „די ערשטע בעסטע“ קאַמפּס=מיטלען וועלן שטענדיק זיין אין דער מאָדערנער געזעלשאַפט די טרעד=יוניאָניסטישע קאַמפּס=מיטלען, און „די ערשטע בעסטע“ אידעאָלאָגיע — די בורזשואַזע (טרעדיוניאָניסטישע) אידעאָלאָגיע. פּונקט אַזוי „לייקענען“ ניט אָפּ דידאָזיקע מעכאַברים אויך די פּאָליטיק, נאָר זיי זאָגן בלויז (בלויז!), נאָכטועגדיק דעם הערן וו. וו., אַז פּאָליטיק איז אַן איבערבוי, און דעריבער „דאַרף די פּאָליטישע אַגיטאַציע זיין אַן איבערבוי איבער דער אַגיטאַציע לעטוויוועס דעם עקאָנאָמישן קאַמף, זי דאַרף אויסוואַקסן אַפּן באָדן פון דעמדאָזיקן קאַמף און גיין נאָך אים“.

וואָס איז שאַיעך „ראַבאָטשעיע דיעלאָ“, האָט זי פּאָשעט אָנגעהויבן איר טעטיקייט פון „פאַרטיידיקן“ די עקאָנאָמיסטן. זאָגנדיק אַ בעפּיירעשדיקן ניט=עמעס גלייך אין איר ערשטן נומער (נומער 1, ז. 141—142), אַז זי האָט קלוימערשט „ניט געוואוסט וועגן וועלכע יונגע כאַווייִרים עס האָט גערעדט אַקסעלראָד“, וועלכער האָט געוואָרנט די עקאָנאָמיסטן אין זיין באַוואוסטער בראָשור *, איז, „ראַבאָטשעיע דיעלאָ“ אין דער פּאָלעמיק מיט אַקסעלראָדן און פּלעכאַנאָוון, וועלכע האָט זיך פאַנאַנדערגעפּלאַקערט מיקויעד דעמדאָזיקן ניט=עמעס, געצוואונגען געווען צו אַנערקענען, אַז זי האָט „אין דער פאָרם פון אַנטשטוינונג געוואָלט פאַרטיידיקן אַלע יונגערע אויסלענדישע סאָציאַל=דעמאָקראַטן קעגן דערדאָזיקער ניט גערעכטער באַשולדיקונג“ (די באַשולדיקונג, אין שמאָלקייט, וועלכע אַקסעלראָד האָט אַרויסגעשטעלט קעגן די עקאָנאָמיסטן). אין דערעמעס איז דידאָזיקע באַשולדיקונג געווען אַ פולשטענדיק גערעכטיקע, און „ראַבאָטשעיע דיעלאָ“ האָט אויסגעצייכנט געוואוסט, אַז צווישן אַנדערע איז זי (די באַשולדיקונג. איב.) געפאַלן אויך אַפּן מיטגליד פון איר רעדאַקציע וו. אי... איך וועל, אַגעוו, באַמערקן, אַז אין דער אָנגעוויזענער פּאָלעמיק איז אַקסעלראָד געווען אַבסאָלוט גערעכט און „ראַבאָטשעיע דיעלאָ“ אַבסאָלוט ניט גערעכט אינם אויסטייטשן מיין בראָשור: „די אויפגאַבן פון די רוסישע סאָציאַל=דעמאָקראַטן“. דידאָזיקע בראָשור איז געשריבן געוואָרן אין 1897 יאָר, נאָך איידער „ראַבאָטשאַיאַ מיסל“ איז דערשינען, ווען איך האָב

* „צו דער פראַגע וועגן די איצטיקע אויפגאַבן און דער טאַקטיק פון די רוסישע סאָציאַל=דעמאָקראַטן“. זשענעווע, 1898. צוויי בריוו אין „ראַבאָטשאַיאַ גאַזעטאַ“, געשריבן אין 1897 יאָר.

געהאַלטן און האָב געהאַט דאָס רעכט צו האַלטן אַלס הערשנדיקע די לעכאַטכילעדיקע ריכטונג פונם פעטערבורגער פאַרבאַנד פון קאַמף, וואָס איך האָב פריער כאַראַקטעריזירט. און ווייניקסטנס ביז האַלב 1898 יאָר איז דידאָזיקע ריכטונג ווירקלעך געווען די הערשנדיקע. דעריבער איז פאַרופן זיך אַף אַ בראָשור, וועלכע האָט איבערגעגעבן אָנשויאונגען, וואָס זיינען אַרויסגעשטויסן געוואָרן אין ס.-פעטערבורג אין די יאָרן 1897—1898 דורך די „עקאָנאָמישע" אָנשויאונגען, פאַרופן זיך אַף דער בראָשור, קעדיי אָפּצולייקענען די עקזיסטענץ און די געפאַר פונם עקאָנאָמיזם, דערויף האָט „ראַבאָטשעיע דיעלאָ" ניט געהאַט דאָס מינדעסטע רעכט *.

אָבער „ראַב. דיעלאָ" האָט ניט נאָר „פאַרטיידיקט" די עקאָנאָמיסטן, נאָר אויך אַליין אַראָפּגעשלאָגן זיך שטענדיק אַף זייערע פעלערן. דער קוואַל פון דעםדאָזיקן אַראָפּשלאָגן זיך איז געלעגן אין דעם צווייטייטיקן פאַרשטיין דעם פאָלגנדיקן טעזיס אין דער פּראָגראַם פון „ראַב. דיעלאָ": „אַלס וויכטיקסטע דערשיינונג פונם רוסישן לעבן, וואָס וועט הויפּטזאַכלעך באַשטימען די אויפגאַבן (אונזער קורסיוו) און דעם כאַראַקטער פון דער ליטעראַרישער טעטיקייט פונם פאַרבאַנד, האַלטן מיר די מאַסאָווע אַרבעטער-באַוועגונג (קורסיוו פון „ראַב דיעלאָ"), וועלכע איז אַנטשטאַנען פאַר די לעצטע יאָרן", אַז די מאַסן-באַוועגונג איז אַ וויכטיקסטע דערשיינונג, וועגן דעם קאָן קיין שטרייט ניט זיין. אָבער די גאַנצע פראַגע באַשטייט דערין, ווי מע זאָל פאַרשטיין די „באַשטימונג פון די אויפגאַבן" דורך דערדאָזיקער מאַסן-באַוועגונג. פאַרשטיין קאָן מען עס אַף צווייערליי אויפאַנים: אָדער אינם זין פון בוקן זיך פאַר דער ספּאָנטאַנישקייט פון דערדאָזיקער באַוועגונג, ד. ה. פון דערפירן די ראָלע פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע ביז פּאָשעטן באַדינען די אַרבעטער-באַוועגונג, אַלס אַזעלכע (ווי עס פאַרשטייט „ראַב. מיסל", די „גרופּע פון זעלבסטבאַפרייאונג"

* צו איר ערשטן ניט-עמעס („מיר ווייסן ניט, וועגן וועלכע יונגע כאַוויירים עס האָט גערעדט פּ. ב. אַקסעלראָד") האָט „ראַבאָטשעיע דיעלאָ", פאַרטיידיקנדיק זיך, צוגעגעבן נאָך אַ צווייטן, ווען זי האָט געשריבן אינם „ענטפער": „זינט עס איז אָנגעשריבן די רעצענזיע אַף די „אויפגאַבן", איז צווישן אייניקע רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן אַנטשטאַנען, אָדער עס האָבן זיך מער אָדער ווייניקער קלאָר באַשטימט, טענדענצן צו עקאָנאָמישער איינזייטיקייט, וואָס זיינען אַ טריט אַף צוריק אין פאַרגלייך מיט דעם צושטאַנד פון אונזער באַוועגונג, וועלכער איז אויסגעמאָלט אין די „אויפגאַבן" (ז. 9). אַזוי זאָגט דער „ענטפער", וואָס איז דערשינען אין 1900 יאָר. און דער ערשטער נומער „ראַבאָטשעיע דיעלאָ" (מיט דער רעצענזיע) איז דערשינען אין אַפּריל 1899 יאָר. צי דען איז ערשט אין 1899 יאָר אַנטשטאַנען דער עקאָנאָמיזם? ניין, אין 1899 יאָר האָט זיך צום ערשטן מאָל דערהערט דער פּראָטעסט פון די רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן קעגן דעם עקאָנאָמיזם (דער פּראָטעסט קעגן דער „קרעדאָ"). דער עקאָנאָמיזם אָבער איז אַנטשטאַנען אין 1897 יאָר, ווי דאָס ווייסט אויסגעצייכנט „ראַבאָטשעיע דיעלאָ", ווייל וו. אי. האָט שוין אין נאָיאַבר 1898 יאָר („ליסטאָק ראבאטניקא" נומער 9—10) געלויבט די „ראַבאָטשאַיאַ מיסל". (אין דער אויסגאַבע פון 1908 יאָר איז דידאָזיקע אָנמערקונג אַרויסגעלאָזן).

און די איבעריקע עקאָנאָמיסטן); אָדער אין דעם זין, אַז די מאַסן=באַווע=
גונג שטעלט פאַר אונז נייע טעאָרעטישע, פּאָליטישע, אָרגאַניזאַציאָנעלע
אויפגאַבן, אַסאַך מער קאָמפּליצירטע, איידער די, מיט וועלכע מע וואָלט זיך
געקאָנט באַפרידיקן אינם פעריאָד, ביז עס איז אַנטשטאַנען די מאַסן=באַוועגונג.
די „ראַב. דיעלאָ" איז נויטע געווען און איז נויטע גראָד צו דער ערשטער אַרט
פאַרשטיין די אויפגאַבן, ווייל וועגן קיין שום נייע אויפגאַבן האָט זיך קיין באַ=
שטימטע זאַך ניט געזאָגט, נאָר געדענקט האָט זי די גאַנצע צייט גראָד אַזוי,
פונקט ווי דידאָזיקע „מאַסן=באַוועגונג" באַפרייט אונז פון דער נויטי=
קייט קלאָר צו באַנעמען און צו לייזן די אויפגאַבן, וועלכע מיר רוקן אַרויס. עס
איז גענוג זיך צו פאַרופן דערויף, אַז „ראַב. דיעלאָ" האָט געהאַלטן פאַר ניט
מעגלעך צו שטעלן פאַר דער מאַסאָווער אַרבעטער=באַוועגונג אַלס ערשטע
אויפגאַבע — שטירצן די זעלבסטהערשונג, דערנידערנדיק דידאָזיקע אויפגאַבע
(אינם נאָמען פון דער מאַסן=באַוועגונג) ביז צו אַן אויפגאַבע פון קאַמף פאַר די
נאָענטסטע פּאָליטישע פאָדערונגען („דער ענטפער", ז. 25).

פאַרבייגייענדיק דעם אַרטיקל פונם רעדאַקטאָר פון „ראַב. דיעלאָ" ב. קרי=
טשעווסקי, אינם נומער 7 — „דער עקאָנאָמישער און דער פּאָליטישער קאַמף
אין דער רוסישער באַוועגונג", אַן אַרטיקל, וועלכער כאַזערט איבער דיזעלביקע
פעלערן *, ווען מיר אריבערגיין דירעקט צום נומער 10 „ראַב. דיעלאָ". מיר

---

* די „טעאָריע פון סטאַדיעס" אָדער די טעאָריע פון „פאַכדאַנישן זיגזאַג" אינם
פּאָליטישן קאַמף דריקט זיך אויס, לעמאָשל, אין דעמדאָזיקן אַרטיקל אַזוי: „די פּאָלי=
טישע פאָדערונגען, וועלכע זיינען לויט זייער כאַראַקטער אַלגעמיין פאַר גאַנץ רוסלאַנד,
דאַרפן פונדעסטוועגן אין די ערשטע צייטן" (דאָס איז געשריבן געוואָרן אין אַווגוסט
1900 יאָר!) „צוגעפּאַסט זיין צו דער דערפאַרונג, וואָס די געגעבענע שיכטן (sic)
אַרבעטער האָט געשעפּט פונם עקאָנאָמישן קאַמף. נאָר (!) אַפן באַדן ,פון דערדאָזיקער
דערפאַרונג קאָן מען און מע דאַרף צוטרעטן צו פּאָליטישער אַגיטאַציע" א. א. וו.
(ז. 11). אַרויסטרעטנדיק אַף דער ז. 4 קעגן די אַבסאָלוט אומבאַגרינדעטע, לויט זיין
מיינונג, באַשולדיקונגען אין עקאָנאָמישער אַפּיקאָרסעס, רופט דער מעכאַבער פּאַטעטיש
אויס: „וואָס פאַר אַ סאָציאַל=דעמאָקראַט ווייס עס דען ניט, אַז לויט מאַרקס און ענ=
געלסעס לערע שפּילן די עקאָנאָמישע אינטערעסן פון באַזונדערע קלאַסן די אַנטשיידנ=
דיקע ראָלע אין דער געשיכטע, און דאָס הייסט, אַז באַזונדערס דער קאַמף פונם
פּראָלעטאַריאַט פאַר זיינע עקאָנאָמישע אינטערעסן דאַרף האָבן אַן „ערשטראַנגיקע באַ=
דייטונג פאַר זיין קלאַסן=אַנטוויקלונג און באַפרייאונגס=קאַמף?" (אונזער קורסיוו). דער=
דאָזיקער „דאָס הייסט" פּאַסט דאָ אַבסאָלוט ניט. דערפון, וואָס די עקאָנאָמישע
אינטערעסן שפּילן אַן אַנטשיידנדיקע ראָלע, איז לאַכלוטן ניט געדרונ=
גען קיין שום אויספיר וועגן דער ערשטראַנגיקער באַדייטונג פונם עקאָנאָמישן (=פּראָ=
פעסיאָנעלן) קאַמף, ווייל די סאַמע וועזנטלעכע, „אַנטשיידנדיקע" קלאַסן=אינטערעסן
קאָנען באַפרידיקט ווערן בלויז דורך אַ ראַדיקאַלער פּאָליטישער איבער=
אַנדערשונג ביכלאַל; ביפראַט, קאָן דער גרונטלעכער עקאָנאָמישער אינטערעס פונם
פּראָלעטאַריאַט באַפרידיקט ווערן נאָר דורך אַ פּאָליטישער רעוואָלוציע, וועלכע פאַרבייט
די דיקטאַטור פון דער בורזשואַזיע מיט דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט. ב. קרי=
טשעווסקי כאַזערט איבער דעם געדאַנק פונם „וו. וו. פון דער רוסישער סאָציאַל=דעמאָ=

װעלן, פאַרשטייט זיך, ניט אָנהויבן אַנאַליזירן ב. קריטשעװסקיס און מאַרטינאָװס איינצלנע דערװידערונגען קעגן דער „זאַריאַ“ און „איסקרא“. אונז אינטערעסירט דאָ בלויז די פּרינציפּיעלע פּאָזיציע, װעלכע עס האָט פאַרנומען „ראַב. דיעלאָ“ אינם נומער 10. מיר װעלן, לעמאָשל, ניט אַנאַליזירן דעם קוריאָז, װאָס „ראַב. דיעלאָ“ האָט איינגעזעען אַ „דיאַמעטראַלן װידערשפּרוך“ צװישן דער האַנאָכע:

„די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע בינדט זיך ניט די הענט, פאַרשמעלערט ניט איר טעטיקייט דורך אַ װעלכן עס איז פריער צוגעטראַכטן פּלאַן אָדער אויפן פון פּאָליטישן קאַמף, — זי אנערקענט אַלע מיטלען פון קאַמף, אַבי זיי זאָלן צוגעפּאַסט זיין צו די פאַראַנענע קויכעס פון דער פּאַרטיי“ א. א. װ. (נומער 1 „איסקרא“).

און דער האַנאָכע:

„אויב עס איז ניטאָ קיין פעסטע אָרגאַניזאַציע, אַן אויסגעפּרואװטע אין פּאָליטישן קאַמף בײַ יעטװידער סיטואַציע און אין אַלערליי פּעריאָדן, קאָן אויך קיין רייד ניט זיין װעגן יענעם סיסטעמאַטישן, מיט פעסטע פּרינציפּן באַלויכטענעם און אָן אָפּנויגן דורכגעפירטן טעטיקייט-פּלאַן, װאָס נאָר ער אַליין פאַרדינט דעם נאָמען טאַקטיק“. (נומער 4 „איסקרא“).

צונויפמישן די פּרינציפּיעלע אנערקענונג פון אַלע קאַמף-מיטלען, אַלע פּלענער און אויפאַנים, אַבי זיי זאָלן נאָר זיין צװעקמעסיק, — מיט דער פאָדערונג אינם געגעבענעם פּאָליטישן מאָמענט צו האַלטן זיך פעסט בײַ דעם פּלאַן, װעלכער װערט דורכגעפירט, אויב דו װילסט ריידן װעגן טאַקטיק, — דאָס האָט באַטייט אַלציינס, װי צונויפמישן דאָס, װאָס די מעדיצין אנערקענט אַלע היילונג-סיסטעמען, מיט דער פאָדערונג צו האַלטן זיך בײַ איין באַשטימטער סיסטעם בעאייסן היילן די געגעבענע קראַנקייט. אָבער דערין באַשטייט דאָך טאַקע די זאַך, װאָס זייענדיק אַליין קראַנק דערויף, װאָס מיר האָבן אָנגערופן בוקן זיך פאַר סטיכישקייט, װיל „ראַב. דיעלאָ“ ניט אָנערקענען קיין שום „סיסטעמען אָף צו היילן“ די דאָזיקע קראַנקייט. זי האָט דעריבער געמאַכט די גלענצנדיקע אַנטדעקונג, אַז „אַ טאַקטיק-פּלאַן װידערשפּרעכט דעם גרונט-גייסט פונם מאַרקסיזם“ (נומער 10 ז. 18), אַז די טאַקטיק איז „אַ פּראָצעס פון װאוקס פון די פּאַרטיי-אויפגאַבן, װעלכע װאַקסן צוזאַמען מיט דער פּאַרטיי“ (ז. 11, קורסיװ פון „ראַב. דיעלאָ“). דערדאָזיקער לעצטער פּאָסעק האָט אַלע שאַנסן צו װערן אַ באַרימטער פּאָסעק, אַ ניט צעשטערבאַרער דענקמאָל פאַר דער „ריכטונג“ פון „ראַב. דיעלאָ“. אָף דער פראַגע: „װאוהין דאַרף מען גיין?“ גיט אַן אָנפירנדיקער אָרגאַן אַן ענטפער: די באַװעגונג איז אַ פּראָצעס פון ענדערן דעם מעהאַלעך צװישן

קראַטיע“ (—די פּאָליטיק פאָלגט נאָך דער עקאָנאָמיק) און פון די בערנשטייניאַנער פון דער דייטשישער (לעמאָשל, װאָלטמאַן האָט פּונקט מיט אַזאַ כקירע געװאָלט דערװייזן, אַז די אַרבעטער דאַרפן פריער באַקומען „עקאָנאָמישע קראַפט“, אוידער זיי טראַכטן װעגן אַ פּאָליטישער רעװאָלוציע).

דעם אויסגאַנגס־פּונקט און די ווייטערדיקע פּונקטן פון דער באַוועגונג. דידאַ־זיקע אומפּאַרגלייכלעכע טיפּזיניקייט שטעלט מיט זיך פאָר פונדעסטוועגן ניט נאָר אַ קוריאָז (דעמאָלט וואָלט אַף אים ניט געלוינט באַזונדער זיך אָפּצושטעלן), נאָר אויך אַ **פּראָגראַם פון אַ גאַנצער ריכטונג**, דעהאַינע: די זעלביקע פּראָגראַם, וועלכע ר. מ. (אין דער „באַזונדערער ביילאַגע צו „ראַב. מיסל“) האָט אויסגעדריקט מיט די ווערטער: געוואונשן איז דער קאַמף, וועלכער איז מעגלעך, און מעגלעך איז דער, וועלכער גייט אָן אין דער געגעבענער מינוט. דאָס איז גראָד די ריכטונג פון גרעניצלאָזן אָפּאָרטוניזם, וועלכער פּאַסט זיך צו פּאַסיוו צו דער סטיכישקייט.

„אַ טאַקטיק־פּלאַן ווידערשפּרעכט דעם גרונט־גייסט פונם מאַרקסיזם!“. אָבער דאָס איז דאָך רעכילעס אָפּן מאַרקסיזם, דאָס הייסט פאַרוואַנדלען אים אין דער זעלביקער קאַריקאַטור, וועלכע עס האָבן אָנטקעגנגעשטעלט קעגן אונז אין דער מילכאָמע מיט אונז די פּאָלקיסטן. דאָס הייסט מאַכן דערנידעריקן די איניציאַטיוו און די ענערגיע פון די באַוואוסטזיניקע טוער, אין דער צייט, ווען דער מאַרקסיזם גיט, פאַרקערט, אַ ריזיקן שטויס דער איניציאַטיוו און דער ענערגיע פונם סאָציאַל־דעמאָקראַט, עפענענדיק פאַר אים די ברייטסטע פּער־ספּעקטיוון, אָפּגעבנדיק (אויב מע קאָן זיך אַזוי אויסדריקן) אין זיין רעשוס די מעכטיקע קויכעס פון מיליאָנען און מיליאָנען פונם אַרבעטער־קלאַס, וועלכער הויבט זיך „סטיכיש“ אויף צום קאַמף. די גאַנצע געשיכטע פון דער אינטערנאַ־ציאָנאַלער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע שווייבלט און גריבלט מיט פּלענער, וועלכע זיינען אַרויסגערוקט געוואָרן אַמאָל דורך איינעם, אַמאָל דורך אַ צווייטן פּאָלי־טישן פירער, באַרעכטיקנדיק די ווייטזיכטיקייט און די ריכטיקייט פון די פּאָלי־טישע, אָרגאַניזאַציאָנעלע אָנשויאונגען פון איינעם, אַרויסווייזנדיק די קורצזיכ־טיקייט און די פּאָליטישע פעלערן פונם צווייטן. ווען דייטשלאַנד האָט איבערגע־טראָגן איינעם פון די גרעסטע פּאָליטישע איבערבראָכן — די אויסבילדונג פון דער אימפּעריע, די עפענונג פונם רייכסטאַג, דאָס געבן אַלגעמיינע וואַלרעכט, — איז איין פּלאַן פון סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאָליטיק און אַרבעט ביכלאַל גע־ווען בא ליבקנעכטן, און אַ צווייטער — בא שווייצערן. ווען אַף די דייטשישע סאָציאַליסטן איז אַראָפּגעפאַלן דער אויסנאַם־געזעץ, — איז איין פּלאַן געווען בא מאָסטן און בא האַסעלמאַנען, וועלכע זיינען גרייט געווען צו רופן צו גוואַל־טאַט און טעראָר, אַ צווייטער — בא האָכבערגן, שראַמען און (טיילווייז) בא בערנשטיינען, וועלכע האָבן אָנגעהויבן פּריידיקן פאַר די סאָציאַל־דעמאָקראַטן, אַז מיט זייער ניט־סייכלדיקער שאַרפקייט און רעוואָלוציאָנערישקייט האָבן זיי אַרויסגערופן דעם געזעץ און זיי דאַרפן איצט מיט אַ מוסטערהאַפטער אויפירונג פאַרדינען, מע זאָל זיי מויכל זיין; אַ דריטער פּלאַן — בא די, וועלכע האָבן צוגעגרייט און פאַרווירקלעכט דאָס אַרויסגעבן אַן אומלעגאַלן אָרגאַן. ווען מע קוקט אַף צוריק, אַסאַך יאָרן נאָך דעם, ווי דער קאַמף איבער דער פראַגע וועגן אויסקלייבן אַ וועג האָט זיך פאַרענדיק, און די געשיכטע האָט געזאָגט איר

לעצטן באַשייד וועגן דער טוינלעכקייט פונם אויסגעקליבענעם וועג, — איז ניט שווער, פאַרשטייט זיך, אַרויסצואווייזן טיפזיניקייט דורך אַ שפּרוך וועגן דעם וואוקס פון די פאַרטייאישע אויפגאַבן, וועלכע וואַקסן צוזאַמען מיט דער פאַרטיי. אָבער אינם מאָמענט פון מעהומע *, ווען די רוסישע „קריטיקער“ און עקאָנאָ־מיסטן דערנידעריקן די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע ביז צו טרעד־יוניאָניזם, און די טעראָריסטן פריידיקן מיט אַלע קויכעס, אַז מע זאָל אָנעמען אַ „טאַקטיק־פּלאַן“, וואָס כאַזוערט איבער די אַלטע פעלערן, אין אַזאַ מאָמענט באַגרעניצן זיך מיט אַזאַ מין טיפזיניקייט, הייסט אַרויסגעבן זיך אַן „אָרעמקייט־צייגעניש“. אין אַ מאָמענט, ווען פיל רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן ליידן גראָד אַף מאַנגל אין איניציאַטיוו און ענערגיע, אַף מאַנגל אין אַ „פאַרנעם פון פּאָליטישער פּראָפּאַ־גאַנדע, אַגיטאַציע און אָרגאַניזאַציע“ **, אַף מאַנגל אין „פּלענער“ פון ברייטע אַוועקשטעלן די רעוואָלוציאָנערע אַרבעט, — אין אַזאַ מאָמענט זאָגן: „אַ טאַק־טיק־פּלאַן ווידערשפּרעכט דעם גרונט־גייסט פונם מאַרקסיזם“ הייסט ניט נאָר טעאָרעטיש וואולגאַריזירן דעם מאַרקסיזם, נאָר אויך פּראַקטיש שלעפּן די פּאַרטיי אַף צוריק.

„אַ רעוואָלוציאָנער־אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט האָט די אויפגאַבע — לערנט אונז ווייטער „ראַב. דיעלאָ“ — מיט זיין באַוואוסטזיניקער אַרבעט בלויז צו פאַרגיכערן די אָביעקטיווע אַנטוויקלונג, און ניט אָפּצושאַפן זי אָדער פאַרבייטן זי אַף סוביעקטיווע פּלענער. די „איסקראַ“ ווייס דאָס אַלץ אין טעאָריע. אָבער די קאָלאָסאַלע באַדייטונג, וועלכע דער מאַרקסיזם גיט צו מיט יושער דער באַוואוסטזיניקער אַרבעט, פאַרפירט זי אין דער פּראַקטיק, אַ דאַנק איר דאָקטרי־נערישן קוק אַף דער טאַקטיק, צום פאַרמינערן די באַדייטונג פון דעם אָביעקטיוון אָדער סטיכישן אַנטוויקלונגס־מאָמענט“. (ז. 18).

ווידעראַמאָל דער גרעסטער טעאָרעטישער פּלאָנטער, וואָס פּאַסט זיך פאַרן ה׳ ו. ו. מיט זיין כאַווראַיע. מיר וואָלטן געפרעגט באַ אונזער פילאָזאָף: אין וואָס קאָן זיך אויסדריקן דאָס „פאַרמינערן“ די אָביעקטיווע אַנטוויקלונג מיצאַד דעם צוזאַמענשטעלער פון סוביעקטיווע פּלענער? וואַרשיינלעך, דעריז, וואָס ער וועט אַרויסלאָזן פון אויג, אַז דידאָזיקע אָביעקטיווע אַנטוויקלונג שאַפט אָדער פאַרפעסטיקט, ברענגט אום אָדער שוואַכט אָפּ אַזוינע און אַזוינע קלאַסן, שיכטן, גרופּן, אַזוינע און אַזוינע נאַציעס, גרופּן נאַציעס א. א. ו., פאַרורזאַכנדיק דער־מיט אַזאַ און אַזאַ אינטערנאַציאָנאַלע און פּאָליטישע גרופּירונג פון די קויכעס,

---

* „איין יאָר דער פערווירונג“ (אַ יאָר פון מעהומע) — אַזוי האָט מערינג אַ נאָמען געגעבן דעם קאַפּיטל פון זיין „געשיכטע פון דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָ־קראַטיע“, אין וועלכן ער באַשרייבט די וואַקלונגען און די ניט־אַנטשלאָסנקייט, וועלכע די סאָציאַליסטן האָבן אַרויסגעוויזן באַם אויסקלייבן אַ „טאַקטיק־פּלאַן“, צוגעפּאַסט צו די נייע באַדינגונגען.

** פונם לייטאַרטיקל פונם ערשטן נומער „איסקראַ“.

פּאָזיציע פון די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען א. א. וו. אָבער די שולד פון אַזאַ
צוזאַמענשטעלער וועט דעמאָלט באַשטיין ניט אין פאַרמינערן דעם סטיכישן
עלעמענט, נאָר, פאַרקערט, אין פאַרמינערן דעם באַוואוסטזיניקן עלע=
מענט, ווייל באַ אים וועט ניט קלעקן קיין „באַוואוסטזיניקייט“ אַף ריכטיק צו
פאַרשטיין די אָביעקטיווע אַנטוויקלונג. אויב געוויסע „סטיכישע אַנטוויקלונגס=
עלעמענטן“ זיינען ביכלאַל צוטריטלעך פאַרן מענטשלעכן באַוואוסטזיין, וועט
די ניט ריכטיקע אָפּשאַצונג זייערע געגליכן זיין צו אַ „פאַרמינערונג פונם באַ=
וואוסטזיניקן עלעמענט“. און אויב זיי זיינען ניט צוטריטלעך פאַרן באַוואוסט=
זיין, ווייסן מיר פון זיי ניט און קאָנען וועגן זיי ניט ריידן. וועגן וואָס זשע טאַינעט
ב. קריטשעווסקי? אויב ער האַלט די „סוביעקטיווע פּלענער“ פון דער „איסקרא“
פאַר פעלערהאַפטע (און גראָד זיי דערקלערט ער אַלס פעלערהאַפטע), וואָלט ער
געדאַרפט באַווייזן, וועלכע אָביעקטיווע פאַקטן עס ווערן נעמלעך איגנאָרירט
דורך דידאָזיקע פּלענער, און באַשולדיקן די „איסקרא“ פאַר דערדאָזיקער איג=
נאָרירונג אין אַ מאַנגל פון באַוואוסטזיניקייט, אין „פאַרמינערן
דעם באַוואוסטזיניקן עלעמענט“, אויב מע זאָל זיך אויסדריקן מיט זיין שפּראַך.
אָבער אויב ער איז אומצופרידן מיט די סוביעקטיווע פּלענער און האָט ניט קיין
אַנדערע אַרגומענטן, אַכוץ דעם פאַרופן זיך אַף דער „פאַרמינערונג פונם סטי=
כישן עלעמענט“ (!!), דערווייזט ער דערמיט בלויז, אַז (1) טעאָרעטיש —
פאַרשטייט ער דעם מאַרקסיזם à la (ווי) די קאַרייעווס * און מיכאַילאָוו=
סקיס **, וועלכע בעלטאָוו *** האָט גענוג אויסגעלאַכט, (2) פּראַקטיש — איז
ער פולשטענדיק צופרידן מיט די „סטיכישע אַנטוויקלונג=עלעמענטן“, וועלכע
פאַרפירן לעגאַלע מאַרקסיסטן אין בערנשטייניאַניזם, און אונזערע סאָציאַל=
דעמאָקראַטן אין עקאָנאָמיזם, און אַז ער איז „זייער ברוגעז“ אַף די מענטשן,
וועלכע האָבן באַשלאָסן אום איטלעכן פּרייז אַראָפּצוציען די רוסישע
סאָציאַל=דעמאָקראַטן פונם וועג פון „סטיכישער“ אַנטוויקלונג.

און ווייטער גייען שוין גאָר פריילעכע זאַכן. „פּונקט ווי די מענטשן וועלן,
ניט געקוקט אַף קיין שום דערפאָלגן פון די נאַטור=וויסנשאַפטן, זיך פאַרמערן
אַפן אַלטן=אַוואויסיינו שטייגער, — אַזוי וועט אויך דאָס אויפקומען פון
אַ נייער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג אַף דער וועלט, ניט געקוקט אַף קיין שום
דערפאָלגן פון די געזעלשאַפטלעכע וויסנשאַפטן און אַפן וואוקס פון די באַוואוסט=
זיניקע קעמפער, — וועט עס אויך אַף ווייטער קומען אַלס רעזולטאַט דערי=

* קאַרייעוו. ליבעראַלער פּראָפעסאָר פון געשיכטע. איינער פון די פאָרשטייער
פון דער „סוביעקטיווער שול“, וועלכע דערקלערט די געשיכטע מיט דער ראָליע פון דער
פערזענלעכקייט.

** מיכאַילאָווסקי, אַנגעזעענער פאָלקיסטישער טעאָרעטיקער; ערקלערט אַלס
הויפּטפאַקטאָר אין דער געשיכטע — די פערזענלעכקייט (סוביעקטיוויסט).

איב.

*** בעלטאָוו — פּסעוודאָנים פון פּלעכאַנאָוו.

איב.

קער פון סטיכישע אויפרייסן" (19). פונקט ווי די אָוועס=אָוואויסיינו=כאָכמע
זאָגט: אַף צו האָבן קינדער — וועמען האָט דען קיין סייכל ניט געקלעקט? —
אַזוי קלינגט אויך די כאָכמע פון די „נייסטע סאָציאַליסטן" a la נארציס
טופאָרילאָוו *: אַף אָנטייל צו נעמען אינם סטיכישן אויפקום פון אַ נייער
געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג אַף דער וועלט וועט קלעקן סייכל באַ יעדערן. מיר
מיינען אויך, אַז עס וועט באַ יעדערן קלעקן. פאַר אַזאַ אָנטייל איז גענוג זיך
אונטערצוגעבן — דעם עקאָנאָמיזם, ווען עס הערשט דער עקאָנאָמיזם,—
דעם טעראָריזם, ווען עס איז אַנטשטאַנען דער טעראָריזם. לעמאָשל, אין פרי=
ליגג הײנטיקס יאָר, ווען עס איז אַזוי וויכטיק געווען צו וואָרענען קעגן לאָזן
זיך פאַרפירן פון טעראָר, איז „ראַב. דיעלאָ" אַ שטוינענדיקע געשטאַנען פאַר
דער פראַגע, וועלכע איז פאַר איר געווען ניי. און איצט, אין אַ האַלב יאָר אַרום,
ווען די פראַגע האָט אויפגעהערט צו זיין ברענענדיק, טראָגט זי אונז אונטער
אין איין און דער זעלביקער צייט אי די דערקלערונג: „מיר האַלטן, אַז די אויפ=
גאַבע פון דער סאָציאַל=דעמאָקראַטיע קאָן ניט זיין און דאַרף ניט זיין קעגנצואַ=
ווירקן דעם אויפשטייג פון טעראָריסטישע שטימונגען" („ר. ד." נומער 10,
ז. 23), אי די רעזאָלוציע פונם צוזאַמענפאָר: „דעם סיסטעמאַטישן אָנגרייפערישן
טעראָר האַלט דער צוזאַמענפאָר פאַר ניט צייטמעסיק" („צוויי צוזאַמענפאָרן",
ז. 18). ווי קלאָר דאָס איז! ווי דאָס קלעפּט איינס צום אַנדערן! מיר ווירקן ניט
קעגן, אָבער מיר דערקלערן פאַר ניט צייטמעסיק, דערביי דערקלערן מיר אַזוי,
אַז דער ניט=סיסטעמאַטישער און דער זעלבסטשוץ=טעראָר ווערט דורך דער „רע=
זאָלוציע" ניט אַרומגענומען. מע דאַרף מוידע זיין, אַז אַזאַ רעזאָלוציע איז זייער
ניט=געפערלעך און איז פולשטענדיק גאַראַנטירט פון פעלערהאַפטיקייט, —
פונקט ווי עס איז גאַראַנטירט פון פעלערן אַ מענטש, וועלכער האָט גערעדט,
קעדיי גאָרנישט צו זאָגן! און דער צוזאַמענשטעלער פון אַזאַ רעזאָלוציע האָט
גויטיק געהאַט בלויז איינס: קענען זיך האַלטן פאַרן עק פון דער באַוועגונג.
ווען די „איסקרא" האָט זיך אויסגעלאַכט פון דעם, וואָס „ר. ד." האָט דערקלערט
די פראַגע וועגן טעראָר פאַר אַ נייער פראַגע, האָט „ר. ד." בייז באַשולדיקט די
„איסקרא" אין אַ „פאָשעט אומגלויבלעכער פרעטענזיע אָנצובינדן דער פאַרטיי=
אָרגאַניזאַציע די לייזונג פון די טאַקטישע פראַגן, וואָס אַ גרופּע שרייבער=עמי=
גראַנטן האָט נעגעבן מיט העכער 15 יאָר צוריק" (ז. 24). ווירקלעך, וואָס פאַר

* „נארציס טופאָרילאָוו" אַ שפּאַס=פסעוודאָנים פון יולי מאַרטאָוו, וועלכער האָט
אַזוי געכאַסמעט זיין סאַטירישן „הימן פון אַ רוסישן סאָציאַליסט" („זאַריאַ" נום. 1).
אין דעמדאָזיקן „הימן" האָט מאַרטאָוו אויסגעלאַכט די עקאָנאָמיסטן. דער צושפּיל צום
„הימן" איז אין זיין צייט געווען באַרימט:

Медленным шагом,
Робким зигзагом
Тише вперед,
Рабочий народ!

לויט דער אָנמ. צו דער רוס. אויסג.

אַ פּרעטענציעזקייט און וואָס פאַר אַ איבערטרייבן דעם באַוואוסטזיניקן עלעמענט: לייזן די פראַגן אַפריער טעאָרעטיש, קעדיי דערנאָך צו איבערצייגן אין דער ריכ־טיקייט פון דערדאָזיקער לייזונג .אי די אָרגאַניזאַציע, אי די פּאַרטיי, אי די מאַסע! *. גאָר אַן אַנדער זאַך איז איבערכאַזוערן נאָך יענעם, און קיינעם קיין זאַך ניט „אָנבינדנדיק“, אונטערוואַרפן זיך איטלעכן „קער“ סײַ אין דער זייט פון עקאָנאָמיזם, סײַ אין דער זייט פון טעראָריזם. „ראַב. דיעלאָ“ פּאַראַלגעמיי־נערט אַפילע דעמדאָזיקן גרויסן געבאָט פון לעבנס־כאָכמע **, באַשולדיקנדיק די „איסקראַ“ און די „זאַריאַ“ אין „אַנטקעגנשטעלן זייער פּראָגראַם קעגן דער באַוועגונג אַלס גייסט, וועלכער שוועבט איבערן פאָרמלאָזן כאַאָס“ (ז. 29). אין וואָס זשע באַשטייט די ראָלע פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, אויב ניט דערין, אַז זי זאָל זיין דער „גייסט“, וואָס ניט נאָר ער שוועבט איבער דער סטיכישער באַוועגונג, נאָר ער הויבט אויף דידאָזיקע באַוועגונג ביז צו „זיין פּראָגראַם“? ניט דערין דאָך, אַז מע זאָל זיך שלעפּן אינם עק פון דער באַוועגונג: אינם בעסטן פאַל איז דאָס אומנוצלעך פאַר דער באַוועגונג, אינם ערגסטן — זייער און זייער שעדלעך. די „ר. ד“. אָבער איז ניט נאָר זי פאָלגט נאָך דערדאָזיקער „טאַקטיק־פּראָצעס“, נאָר זי דערפירט זי אַפילע ביז צו אַ פּרינציפּ, אַזוי אַז אויך די ריכטונג אירע וואָלט ריכטיקער געווען אָנצורופן ניט אָפּאָרטוניזם, נאָר (פונם וואָרט: עק) עקיזם. און מע מוז מוידע זיין, אַז די מענטשן, וועלכע האָבן פעסט באַשלאָסן שטענדיק צו גיין הינטער דער באַוועגונג אַלס אירער אַן עק, זיינען אַף שטענדיק און אַבסאָלוט גאַראַנטירט פון „פאַרמינערן דעם סטיכישן אַנטוויקלונגס־עלעמענט“.

* *
*

אַלזאָ, מיר האָבן זיך איבערצייגט, אַז דער גרונט־פעלער פון דער „נייער ריכ־טונג“ אין דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע באַשטייט אין ־בוקן זיך פאַר סטיכישקייט, אין ניט פאַרשטיין, אַז די סטיכישקייט פון דער מאַסע פאָדערט פון אונז, סאָציאַל־דעמאָקראַטן, אַ מאַסע באַוואוסטזיניקייט. וואָס גרעסער עס איז דער סטיכישער אויפשטייג פון די מאַסן, וואָס ברייטער עס ווערט די באַוועגונג, דאָס גיכער, אומפאַרגלייכלעך גיכער וואַקסט די פאָדערונג אַף אַ מאַסע באַ־וואוסטזיניקייט סײַ אין דער טעאָרעטישער, סײַ אין דער פּאָליטישער, סײַ אין דער אָרגאַניזאַציאָנעלער אַרבעט פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.

---

* מע דאַרף ניט פאַרגעסן אויך, אַז לייזנדיק „טעאָרעטיש“ די פראַגע וועגן טעראָר, האָט די גרופּע „באַפרייאונג פון דער אַרבעט“ פאַראַלגעמיינערט די דערפאַ־רונג פון דער פריערדיקער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

** אין דער אויסגאַבע פון 1908 יאָר איז דער אבזאַץ „און וויטער גייען שוין“ א. א. וו. אויסגעשלאָסן דורכן מעכאַבער ביז די ווערטער: „באַשולדיקנדיק די „איס־קראַ“ און „זאַריאַ“, און דער געהעריקער אבזאַץ לייענט זיך אַזוי: „ר. ד. באַשולדיקט“ אַ. אַ. וו. — רעד.

דער סטיכישער אויפשטייג פון די מאַסן אין רוסלאַנד איז פאָרגעקומען (און קומט נאָך ווייטער פאָר) מיט אַזאַ שנעלקייט, אַז די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע יוגנט האָט זיך אַרויסגעוויזן ניט-צוגעגרייט אויסצופילן דידאָזיקע ריזיקע אויפגאַבן. דידאָזיקע ניט-צוגעגרייטקייט איז אונזער אַלגעמיינע צאָרע, די צאָרע פון אַ ל ע רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן. דער אויפשטייג פון די מאַסן איז געגאַנגען און האָט זיך פאַרברייטערט אָן אויפהער און פון דאָר צו דאָר, ניט נאָר ניט אָפּשטעלנדיק זיך דאָרט, וואו ער האָט זיך אָנגעהויבן, נאָר אויך פאַרכאַפּנדיק נייע געגנטן און נייע שיכטן פון דער באַפעלקערונג (אונטער דער ווירקונג פון דער אַרבעטער-באַוועגונג האָט אויפגעלעבט די אירונג צווישן דער שטודירנדיקער יוגנט, באַ דער אינטעליגענץ ביכלאַל, אַפילע באַם פויערטום). די רעוואָלוציאָנערן ווידער זיינען אָפּגעשטאַנען פון דעמדאָזיקן אויפשטייג סאַי אין זייערע „טעאָריעס“, סאַי אין זייער טעטיקייט, זיי האָט זיך ניט איינגעגעבן צו באַשאַפן אַ אָנאויפהערלעכע און בעיערושעדיקע אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל פעאיק זיין אָנצופירן מיט דער גאַנצער באַוועגונג.

אינם ערשטן קאַפּיטל האָבן מיר קאָנסטאַטירט, אַז „ר. ד.“ דערנידעריקט אונזערע טעאָרעטישע אויפגאַבן און כאַזערט „סטיכיש“ איבער דעם מאָדישן רוף „פרייהייט פון קריטיק“: באַ די, וואָס האָבן אים איבערגעכאַזערט, האָט ניט געקלעקט קיין „באַוואוסטזיניקייט“ צו פאַרשטיין די דיאַמעטראַלע קעגנזעצלעכקייט צווישן די פּאָזיציעס פון די „קריטיקער“-אָפּאָרטוניסטן און די רעוואָלוציאָנערן אין דייטשלאַנד און אין רוסלאַנד.

אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלען וועלן מיר באַטראַכטן, ווי אַזוי דאָסדאָזיקע בוקן זיך פאַר סטיכישקייט האָט זיך אויסגעדריקט אינגט געביט פון די פּאָליטישע אויפגאַבן און אין דער אָרגאַניזיר-אַרבעט פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע.

III

## טרעד-יוניאָניסטישע און סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּאָליטיק

מיר וועלן ווידעראַמאָל אָנהויבן פון אַ לויב דער „ר. ד.“. „דעמאַסקירונגס-ליטעראַטור און פּראָלעטאַרישער קאַמף“ — אַזוי האָט מאַרטינאָוו אַ נאָמען נע-געבן זיין אַרטיקל אינם נומער 10 „ר. ד.“ וועגן די מיינונגס-פאַרשיידנהייטן מיט דער „איסקרא“. „מיר קאָנען זיך ניט באַגרעניצן בלויז מיט דעמאַסקירן די אָרדענונגען, וועלכע שטייען אַפן וועג פון איר (פון דער אַרבעטער-פּאַרטיי) אַנט-וויקלונג. מיר דאַרפן זיך אויך אָפּרופן אַף די נאָענטסטע און לויפנדיקע אינטע-רעסן פונם פּראָלעטאַריאַט“ (ז. 63) — אַזוי האָט ער פאָרמולירט דעם טאָך פון דידאָזיקע מיינונגס-פאַרשיידנהייטן. „...„איסקרא“... איז פאַקטיש אַן אָרגאַן

פון דער רעוואלוציאנערער אפאזיציע, וועלכע דעמאסקירט אונזערע ארדענונגען און דעריקער די פאליטישע ארדענונגען... מיר ווידער ארבעטן און וועלן ארבעטן פאר דער ארבעטער-זאך אין אן ענגער ארגאנישער פארבינדונג מיטן פראלעטארישן קאמף" (דארט). מע קאן ניט ניט דאנקבאר זיין מארטינאוון פאר דער דאזיקער פארמולירונג. זי באקומט אן אנגעזעענעם אלגעמיינעם כאראקטער, ווייל אין טאך גענומען כאפט זי ארום קלאל ניט בלויז אונזערע מיינונגס-פארשיידנהייטן מיט „ר. ד." אליין, נאר אויך ביכלאל אלע מיינונגס-פארשיידנהייטן צווישן אונז און די „עקאנאמיסטן" איבער דער פראגע וועגן פאליטישן קאמף. מיר האבן שוין באוויזן, אז די „עקאנאמיסטן" לייקענען ניט אפ אומבאדינגט די „פאליטיק", נאר זיי שלאגן זיך אראפ שטענדיק פונם סאציאל-דעמאקראטישן אף א טרעד-יוניאניסטישן פארשטיין די פאליטיק. אבסאלוט פונקט אזוי שלאגט זיך אראפ אויך מארטינאוו, און מיר זיינען מאסקים דעריבער צו נעמען אים פאר א מוסטער פון די עקאנאמישע גרייזן אין דער דאזיקער פראגע. פאר אזא אויסוואל — מיר וועלן זיך באמיען דאס צו באווייזן — וועלן ניט האבן קיין רעכט צו האבן צו אונז פרעטענזיעס ניט די מעכאברים פון דער „באזונדערער ביילאגע צו „ראב. מיסל", ניט די מעכאברים פון דער פראקלאמאציע פון דער „גרופע פון זעלבסטבאפרייאונג", ניט די מעכאברים פונם עקאנאמישן בריוו אינם נומער 12 „איסקרא".

## א) די פאליטישע אגיטאציע און ווי אזוי די עקאנאמיסטן פאר-שמעלערן זי

אלעמען איז באקאנט, אז די ברייטע פארשפרייטונג און פארפעסטיקונג פונם עקאנאמישן * קאמף פון די רוסישע ארבעטער איז געגאנגען האנט בא האנט מיט דער באשאפונג פון א „ליטעראטור" פון עקאנאמישע (פאבריקישע און פראפעסיאנעלע) דעמאסקירונגען. דער הויפט-אינהאלט פון די „בלעטלעד" זיינען געווען דעמאסקירונגען פון די פאבריק-ארדענונגען, און צווישן די ארבעטער האט גיך אויפגעפלאמט אן עמעסע לײדנשאפט צו דעמאסקירונגען. ווי נאר די ארבעטער האבן דערזעען, אז די קרייזלעך סאציאל-דעמאקראטן ווילן און קאנען זיי צושטעלן נייע מינע בלעטלעך, וועלכע זאגן דעם גאנצן עמעס וועגן דעם קאפיטאלישן לעבן, וועגן דער אויסערגעווײנלעך שווערער ארבעט און רעכט-לאזער לאגע זייערע, — האבן זיי, קאן מען זאגן, אנגעהויבן פארשיטן מיט

* לאמיר באמערקן, קעדיי אויסצומיידן מיספארשטייענישן, אז ווייטער וועלן מיר אומעטום אונטער עקאנאמישן קאמף (לויט דעם ווארט-באנוץ, וואס האט זיך בא אונז איינגעשטעלט) פארשטיין יענעם „פראקטיש-עקאנאמישן קאמף", וועלכן ענגעלס האט אין דער אויבן געבראכטער ציטאטע אנגערופן „א ווידערשטאנד די קאפיטאליסטן" און וועלכער טראגט אין די פרייע לענדער דעם נאמען פראפעסיאנעלער, סינדיקאלער אדער טרעד-יוניאניסטישער קאמף.

קאָרעספּאָנדענצן פון פאַבריקן און זאַוואָדן. דידאָזיקע „דעמאַסקירונגס=ליטעראַ=טור“ פּלעגט אַרויסרופן אַ קאָלאָסאַלע סענסאַציע ניט נאָר אין דער פאַבריק, וועמעס אָרדענונגען דאָס געגעבענע בלעטל האָט געשמיסן, נאָר אויך אין אַלע פאַבריקן, וואו מע האָט עפּעס וואָס געהערט וועגן די אויפגעדעקטע פאַקטן. און ווייל די גויטן און ליידן פון די אַרבעטער פון פאַרשיידענע אונטערנעמונגען און פאַרשיידענע פּראָפעסיעס האָבן אַסאַך געמיינזאַמס, האָט דער „עמעס וועגן דעם אַרבעטערס לעבן“ אַנטציקט אַ ל ע מ ע ן. צווישן די סאַמע אָפּגעשטאַנענע אַרבעטער האָט זיך אַנטוויקלט אַן עמעסע ליידנשאַפט „זיך צו דרוקן“ — אַן איידעלע ליידנשאַפט צו דערדאָזיקער עמבריאָנאַלער פאָרם פון מילכאָמע מיט דער גאַנצער מאָדערנער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג, וואָס איז געבויט אַף רויב און אונטערדריקונג. און די „בלעטלעך“ זיינען אין אַ קאָלאָסאַלער מערהייט פאַלן געווען אַ ווירקלעכע מילכאָמע=דערקלערונג, ווייל די דעמאַסקירונג פלעגט האָבן אַ שרעקלעך אויפרעגנדיקע ווירקונג, פלעגט אַרויסרופן מיצאַד די אַרבעטער אַן אַלגעמיינע פאָדערונג צו באַזייטיקן די סאַמע שרייענדיקע נעוואָלעס און אַ גרייטקייט צו שטיצן דידאָזיקע פאָדערונגען מיט שטרייקן. די פאַבריקאַנטן אַליין האָבן סאָפּקאָלסאָף אַף אַזויפיל געמוזט אָנערקענען די באַדייטונג פון דידאָזיקע בלעטלעך, אַלס מילכאָמע=דערקלערונג, אַז זיי האָבן אַף שריט און טריט ניט געוואָלט אַפילע דערוואַרטן זיך ביז צו דער מילכאָמע גופע. די דעמאַסקירונגען זיינען, ווי שטענדיק, שטאַרק געוואָרן שוין מיטן פאַקט פון זייער דערשיינען אַליין, זיי האָבן באַקומען די באַדייטונג פון אַ מעכטיקן מאָראַלישן דרוק. עס האָט געטראָפן ניט איין מאָל, אַז שוין דאָס דערשיינען אַליין פון אַ בלעטל איז געווען גענוג אַף צו באַפרידיקן אַלע אָדער אַ טייל פאָדערונגען. מיט איין וואָרט, די עקאָנאָמישע (די פאַבריקישע) דעמאַסקירונגען זיינען געווען און זיי בלייבן אויך איצט אַ מעכטיקער הויבער פון עקאָנאָמישן קאַמף. און דידאָזיקע באַדיי=טונג וועט פאַרבלייבן באַ זיי, קאָלזמאַן עס וועט עקזיסטירן דער קאַפּיטאַליזם, וועלכער רופט נויטווענדיק אַרויס די זעלבסטפאַרטיידיקונג פון די אַרבעטער. אין די סאַמע פאָרגעשריטענע אייראָפּעאישע לענדער קאָן מען אויך איצט צו=זען, ווי די אויפדעקונג פון נעוואָלעס אין עפּעס אַ פּראָווינציעלן „געווערב“ אָדער אין אַ געביט פון שטוב=אַרבעט, וועלכן אַלע האָבן פאַרגעסן, דינט אַלס אויסגאַנגס=פּונקט פאַר דער אויפוואַכונג פונם קלאַסן=באַוואוסטזיין, פאַרן אָנ=הויב פון קלאַסן=קאַמף און פאַר דער פאַרשפּרייטונג פונם סאָציאַליזם *.

* אינם איצטיקן קאַפּיטל ריידן מיר בלויז וועגן פּ אָ ל י ט י ש ן קאַמף, וועגן דעם מער בריי‌טן אָדער מער שמאָלן פאַרשטיין אים. דעריבער וועלן מיר בלויז פאַרביי=גייענדיק פאַרצייכענען, פּאָשעט ווי אַ קוריאָז, דאָס, וואָס די „ר. ד.“ באַשולדיקט די „איסקרא“ אין „צופיל איינגעהאַלטנקייט בענוגייע דעם עקאָנאָמישן קאַמף“ („צוויי צו=זאַמענפאָרן“, ז. 27, צעקייט דורך מאַרטינאָוון אין זיין בראָשור: „די סאָציאַל=דעמאָ=קראַטיע און דער אַרבעטער=קלאַס“). ווען די הערן באַשולדיקער וואָלטן אויסגעדריקט באַטש אין פודן אָדער אין דרוק=בויגנס (ווי זיי האָבן עס ליב צו טאָן) דעם אָפּטייל פון עקאָנאָמישן קאַמף אין דער „איסקרא“ פאַר אַ יאָר און וואָלטן אים פאַרגליכן מיטן

די איבערוועגנדיקע מערהייט רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן פֿון דער לעצטער צייט איז קימאַט אינגאַנצן פֿאַרשלונגען געווען מיט דערדאָזיקער אַרבעט פֿון אָרגאַניזירן די פֿאַבריק-דעמאַסקירונגען. עס איז גענוג צו דערמאָנען די „ראַבאָטשאַיאַ מיסל“, קעדיי צו זען, ביז וואָס פֿאַר אַ מאַדרייגע עס איז דערגאַנגען דידאָזיקע פֿאַרשלונגענקייט, ווי אַזוי מע פֿלעגט דערביי פֿאַרגעסן, אַז *אַליין פֿאַר זיך* איז דאָס אין טאָך גענומען נאָך ניט קיין סאָציאַל-דעמאָקראַטישע, נאָר אַ טרעד-יוניאָניסטישע טעטיקייט. די דעמאַסקירונגען האָבן, אין טאָך גענומען, פֿאַרכאַפּט נאָר די באַציאונגען פֿון די אַרבעטער פֿון דער *געגעבענער פּראָפֿעסיע* צו זייערע באַלעבאַטים און דערגרייכט האָבן זיי בלויז דאָס, אַז די פֿאַרקויפֿער פֿון דער אַרבעטס-קראַפֿט האָבן זיך אויסגעלערנט לויגבאַרער צו פֿאַרקויפֿן דידאָזיקע „סכוירע“ און קעמפֿן מיט די קוינים אַפֿן באָדן פֿון אַ ריין-קאָמערציעלן געשעפֿט. דידאָזיקע דעמאַסקירונגען וואָלטן געקאָנט ווערן (באַם באַדינג, ווען אַן אָרגאַניזאַציע פֿון רעוואָלוציאָנערן זאָל זיי אַף אַ געוויסן אויפֿן אויסנוצן) אַן אָנהויב און אַ באַשטאַנד-טייל פֿון אַ סאָציאַל-דעמאָקראַטישער טעטיקייט, אָבער זיי האָבן אויך געקאָנט (און באַ די באַדינגונגען פֿון בוקן זיך פֿאַר דער סטיכישקייט, האָבן זיי געמוזט) פֿירן צו „בלויז-פּראָפֿעסיאָנעלן“ קאַמף און צו ניט קיין סאָציאַל-דעמאָקראַטישער אַרבעטער-באַוועגונג. די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע פֿירט אָן מיטן קאַמף פֿונם אַרבעטער-קלאַס ניט נאָר פֿאַר גינסטיקע באַדינגונגען פֿון פֿאַרקויפֿן די אַרבעטס-קראַפֿט, נאָר אויך פֿאַר דער פֿאַרניכטונג פֿון יענער געזעלשאַפֿטלעכער אָרדענונג, וועלכע צווינגט די אומפֿאַרמעגלעכע זיך פֿאַרקויפֿן צו די רייכע. די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע שטעלט פֿאַר דעם אַרבעטער-קלאַס ניט אין זיין באַציאונג בלויז צו דער געגעבענער גרופּע אונטערנעמער, נאָר אין זיין באַציאונג צו אַלע קלאַסן פֿון דער מאָדערנער געזעלשאַפֿט, צו דער מעלוכע, אַלס צו אַ אָרגאַניזירטער פּאָליטישער קראַפֿט. דערפֿון איז פֿאַרשטענדלעך, אַז ניט נאָר וואָס די סאָציאַל-דעמאָקראַטן קאָנען זיך ניט באַגרעניצן מיט עקאָנאָמישן קאַמף, נאָר זיי קאָנען אויך ניט דערלאָזן, אַז די אָרגאַניזירונג פֿון עקאָנאָמישע דעמאַסקירונגען זאָל בילדן זייער איבערוועגנדיקע טעטיקייט. מיר דאַרפֿן זיך אַקטיוו נעמען פֿאַר דער פּאָליטישער דערציאונג פֿונם אַרבעטער-קלאַס, פֿאַר דער אַנטוויקלונג פֿון זיין פּאָליטישן באַוואוסטזיין. מיט דעם זיינען *איצט*, נאָכן ערשטן אָנגריף אַפֿן עקאָנאָמיזם מיצאַד דער „זאַריאַ“ מיט דער „איסקרא“, „אַלע מאַסקים“ (האַגאַם אייניקע בלויז אַפֿן וואָרט, ווי מיר וועלן באַלד דערזען).

געהעריקן אַפּטייל אין „ר. ד.“ און „ראַב. מיסל“, צוזאַמען גענומען, וואָלטן זיי לייכט דערזען, אַז זיי שטייען אַפּ אויך אין דער הינזיכט. ווייזט אויס, אַז דאָס באַנעמען דעמדאָזיקן פּאַשעטן עמעס צווינגט זיי צו באַנוצן זיך מיט מאָטיוון, וועלכע באַווייזן קלאָר זייער פֿאַרלאָרנקייט. „דער „איסקרא“ — שרייבן זיי — „קומט אויס (!) ווילנדיק-ניט-ווילנדיק (!) זיך צו רעכענען מיט די מעכטיקע פֿאָדערונגען פֿונם לעבן און כאָטש (!) דרוקן קאָרעספּאָנדענצן וועגן דער אַרבעטער-באַוועגונג“ („צוויי צוזאַמענפֿאָרן“, ז. 27). אָט דאָס איז טאַקע בעעמעס אַן אַרגומענט, וואָס פֿאַרניכטעט אונדז!

פרעגט זיך, אין וואָס דאַרף באַשטייןָ די פּאָליטישע דערציאונג? צי קאָן מען זיך באַגרעניצן מיט פּראָפּאַגאַנדירן די אידייע וועגן דער פּיינטלעכקייט פונם אַרבעטער־קלאַס צו דער זעלבסטהערשונג? אַוודאי ניט. עס איז ניט גענוג צו דערקלערן די פּאָליטישע אונטערדריקונג פון די אַרבעטער (ווי עס איז ניט גענוג געווען צו דערקלערן זיי די קעגנזעצלעכקייט פון זייערע אינטערעסן צו די אינטערעסן פון די באַלעבאַטים). מע מוז אַגיטירן מיקויעד יעטווידער קאָנקרעטער דערשיינונג פון דערדאָזיקער אונטערדריקונג (אַזוי ווי מיר האָבן אָנגעהויבן אַגיטירן מיקויעד די קאָנקרעטע דערשיינונגען פונם עקאָנאָמישן דרוק). און העיוים ווי דידאָזיקע אונטערדריקונג פּאַלט אַף די פאַרשיידענע שיכטן פון דער געזעלשאַפט, העיוים ווי זי ווייזט זיך אַרויס אין די סאַמע פאַרשיידענע געביטן פון לעבן און טעטיקייט, סאַי אינם פּראָפעסיאָנעלן, סאַי אינם אַלגעמיין־בירגערלעכן, סאַי אינם פּערזענלעכן, סאַי אינם פאַמיליען־לעבן, סאַי אינם רעליגיעזן, סאַי אינם וויסנשאַפטלעכן א. א. וו., א. א. וו., איז דען ניט קלאָר, אַז מיר וועלן ניט אויספילן אונזער אויפגאַבע צו אַנטוויקלען דעם פּאָליטישן באַוואוסטזיין פון די אַרבעטער, אויב מיר וועלן ניט נעמען אַף זיך דאָס אָרגאַניזירן די אַלזייטיקע פּאָליטישע דעמאַסקירונג פון דער זעלבסטהערשונג? קעדיי צו אַגיטירן מיקויעד קאָנקרעטע דערשיינונגען פון דרוק, דאַרף מען דאָך דעמאַסקירן די דידאָזיקע דערשיינונגען (פּונקט ווי מע האָט געדאַרפט דעמאַסקירן די מיסברויכן אין די פאַבריקן, קעדיי צו פירן אַן עקאָנאָמישע אַגיטאַציע)?

וואָלט זיך געדאַרפט דאַכטן, אַז דאָס איז קלאָר? אָבער גראָד דאָ ווייזט זיך אַרויס, אַז מיט דער נויטיקייט אַלזייטיק צו אַנטוויקלען דעם פּאָליטישן באַוואוסטזיין זיינען „אַלע" מאַסקים בלויז אַפן וואָרט. אָט דאָ טאַקע ווייזט זיך אַרויס, אַז „ר. ד.", לעמאָשל, האָט ניט נאָר ניט גענומען אַף זיך די אויפגאַבע צו אָרגאַניזירן (אָדער מאַכן אַן אָנהויב פאַר דער אָרגאַניזירונג) פון אַלזייטיקע פּאָליטישע דעמאַסקירונגען, נאָר זי האָט אָנגעהויבן שלעפּן צוריק אויך די „איסקרא", וועלכע האָט זיך גענומען פאַר דערדאָזיקער אויפגאַבע. הערט: „דער פּאָליטישער קאַמף פונם אַרבעטער־קלאַס איז בלויז" (טאַקע ניט בלויז) „די סאַמע אַנטוויקלטע, ברייטע און ווירקלעכע פאָרם פון עקאָנאָמישן קאַמף". (פּראָגראַם פון „ר. ד." נומ. 1, ז. 3). „איצט שטייט פאַר די סאָציאַל־דעמאָקראַטן די אויפגאַבע — ווי אַזוי צוצוגעבן ווי ווייט מעגלעך דעם עקאָנאָמישן קאַמף גופע אַ פּאָליטישן כאַראַקטער" (מאַרטינאָוו אינם נומ. 10, ז. 42). „דער עקאָנאָמישער קאַמף איז דער סאַמע ברייט באַנוצבאַרער מיטל אַף אַריינציִען די מאַסן אין אַקטיוון פּאָליטישן קאַמף". (רעזאָלוציע פונם צוזאַמענפאָר פונם פאַרבאַנד און די „אויסבעסערונגען": „צוויי צוזאַמענפאָרן", ז"ז. 11 און 17). די אַלע האַנאָכעס דרינגען דורך די „ראַב. דיעלאָ", ווי דער לעזער זעט, פון איר סאַמע אַנטשטייאונג אָן און האַרט ביז צו די לעצטע „אינסטרוקציעס פון דער רעדאַקציע", און זיי אַלע דריקן אויס באַשיינפּערלעך איין

קוק אַף דער פּאָליטישער אַגיטאַציע און קאַמף: קוקט זשע זיך צו צו דעמאָזיקן קוק פונם שטאַנדפּונקט פון דער מיינונג, וועלכע הערשט בײַ אַלע עקאָנאָמיסטן, אַז די פּאָליטישע אַגיטאַציע דאַרף נאָכפאָלגן נאָך דער עקאָנאָמישער. צי איז עס ריכטיק, אַז דער עקאָנאָמישער קאַמף איז ביכלאַל * „דער סאַמע ברייט באַנוצבאַרער מיטל" אַף אַרייַנציִען די מאַסן אין פּאָליטישן קאַמף? אַבסאָלוט ניט ריכטיק. לאַכלוטן ניט קיין ווייניקער „ברייט באַנוצבאַרער" מיטל פאַר אַזאַ „אַרייַנציִען" זייַנען אַלע און אַלערליי אַנטפּלעקונגען פון פּאָליציייאישן דרוק און זעלבסטהערשערישן ווילקיר, און קלאַל ניט בלויז אַזוינע אַנטפּלעקונגען, וואָס זייַנען פאַרבונדן מיטן עקאָנאָמישן קאַמף. די זעמסקע נאַטשאַלניקעס און די לייב=שטראָף פאַר פּויערים, דאָס נעמען כאַבאַר פון די באַאַמטע און דאָס באַגיין זיך פון דער פּאָליציי מיטן שטאָטישן „פּראָסטן האַמוין", דער קאַמף קעגן די הונגעריקע און די העצע קעגן דער פאָלקס=שטרעבונג צו ליכט און קענטעניש, דאָס אַרויסשלאָגן ציִנזן און די פאַרפאָלגונג פון סעקטאַנטן, די מושטרירונג פון די סאָלדאַטן און דאָס סאָלדאַטישע באַגיין זיך מיט די סטודענטן און מיט דער ליבעראַלער אינטעליגענץ, — פאַרוואָס זייַנען די אַלע און טויזנטער אַנדערע אַנטפּלעקונגען פון דרוק, וועלכע זייַנען אומיטלבאַר ניט פאַרבונדן מיטן „עקאָנאָמישן" קאַמף, פאַרוואָס שטעלן זיי פאָר מיט זיך ביכלאַל ווייניקער „ברייט באַנוצבאַרע" מיטלען און מאָטיוון פאַר פּאָליטישער אַגיטאַציע, פאַר אַרייַנציִען די מאַסע אין פּאָליטישן קאַמף? גראָד פאַרקערט: אינם אַלגעמיינעם סאַכאַקל פון די לעבנס=פאַלן, ווען דער אַרבעטער ליידט (פאַר זיך אָדער פאַר מענטשן, וועלכע זייַנען אים נאָענט) פון רעכטלאָזיקייט, ווילקיר און גוואַלדטאַט, — בילדן אָן ספק בלויז אַ קליינע מינדערהייט די פאַלן פון פּאָליציייאישן דרוק גראָד אינם פּראָפעסיאָנעלן קאַמף. צו וואָס זשע זאָל מען לעכאַטכילע פאַרשמעלערן דעם פאַרנעם פון דער פּאָליטישער אַגיטאַציע, דערקלערנדיק פאַר „דעם סאַמע ברייט באַנוצבאַרן" — בלויז איינעם פון די מיטלען, וואָס אין איין ריי מיט אים דאַרפן פאַרן סאָציאַל=דעמאָקראַט שטיין אַנדערע, ביכלאַל גערעדט, ניט ווייניקער „ברייט באַנוצבאַרע"?

---

* מיר זאָגן „ביכלאַל", ווייל אין „ר. ד." גייט די רייד גראָד וועגן די אַלגעמיינע פּרינציפּן און אַלגעמיינע אויפגאַבן פון דער גאַנצער פּאַרטיי. עס איז קיין ספק ניט, אַז אין דער פּראַקטיק טרעפן פאַלן, ווען די פּאָליטיק דאַרף ווירקלעך נאָכפאָלגן נאָך דער עקאָנאָמיק, — אָבער וועגן דעם ריידן אין אַ רעזאָלוציע, וועלכע איז באַשטימט פאַר גאַנץ רוסלאַנד, קאָנען נאָר די עקאָנאָמיסטן. עס טרעפן דאָך אויך אַזוינע פאַלן, ווען „פון סאַמע אָנהויב אָן" קאָן מען פירן אַ פּאָליטישע אַגיטאַציע „נאָר אַף אַן עקאָנאָמישן באָדן", — און פונדעסטוועגן האָט זיך די „ר. ד." ענדלעך דערטראַכט דערצו, אַז דערין איז „ניטאָ קיין שום נויטווענדיקייט" („צוויי צוזאַמענפאָרן", ז. 11). אינם פאָלגנדיקן קאַפּיטל וועלן מיר באַווייזן, אַז די טאַקטיק פון די „פּאָליטיקער" און רעוואָלוציאָנערן איז ניט נאָר זי איגנאָרירט ניט די טרעד=יוניאָניסטישע אויפגאַבן פון דער סאָציאַל=דעמאָקראַטיע, נאָר, פאַרקערט, בלויז זי אַליין זיכערט זייער אויסגעהאַלטענע דורכפירונג.

לאַנג־לאַנג פאַרגאַנגענע צייטן (מיט אַ יאָר צוריק!...) האָט די „ר. ד.“ געשריבן: „די נאָענטסטע פּאָליטישע פאָדערונגען ווערן צוטריטלעך פאַר די מאַסן נאָך איין, אָדער אין עקסטן פאַל, נאָך עטלעכע שטרייקן, ווי נאָר די רעגירונג האָט געלאָזט אין גאַנג די פּאָליציי און די זשאַנדאַרמעריע“ (נומ. 7, ז. 15, אַ וו ג ו ס ט 1900 י.). דידאָזיקע אָפּאָרטוניסטישע טעאָריע פון סטאַדיעס איז שוין באַ איצטיקן טאָג אָפּגעוואָרפן דורכן פאַרבאַנד, וועלכער מאַכט אונז אַ האַנאָכע, דערקלערנדיק: „עס איז ניטאָ קיין שום נויטווענדיקייט פון סאַמע אָנהויב אָן צו פירן די פּאָליטישע אַגיטאַציע בלויז אַף אַן עקאָנאָמישן באָדן“ („צוויי צוזאַמענפאָרן“, ז. 11). דער קומענדיקער היסטאָריקער פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע וועט דערפון אַליין, וואָס דער „פאַרבאַנד“ לייקנט אָפּ אַ טייל פון זיינע אַלטע טאָעסן, בעסער, איידער פון אַלערליי לאַנגע כקירעס דערזעען, צו וואָס פאַר אַ דערנידעריקונג עס האָבן דערפירט דעם סאָציאַליזם אונזערע עקאָנאָמיסטן! אָבער וואָס פאַר אַ נאַאיווקייט עס איז געווען מיצאַד דעם פאַרבאַנד זיך פאָרצושטעלן, אַז פאַרן פרייז פון דעמדאָזיקן אָפּזאָג פון איין פאָרם פון פאַרשמעלערן די פּאָליטיק, קאָן מען אונז באַוועגן מאַסקים צו זיין אַף אַן אַנדער פאָרם פאַרשמעלערונג! וואָלט דען ניט לאָגישער געווען אויך דאָ צו זאָגן, אַז דעם עקאָנאָמישן קאַמף דאַרף מען פירן ווי ווייט מעגלעך ברייטער, אַז מיט אים דאַרף מען זיך שטענדיק באַנוצן פאַר דער פּאָליטישער אַגיטאַציע, אַז „עס איז ניטאָ קיין שום נויטווענדיקייט“ צו רעכענען דעם עקאָנאָמישן קאַמף פאַר דעם ס אַ מ ע ברייט באַנוצבאַרן מיטל אַף אַריינצוציען די מאַסן אין אַקטיוון פּאָליטישן קאַמף? *.

דער פאַרבאַנד גיט צו אַ באַדייטונג דערצו, וואָס ער האָט מיטן אויסדרוק „דער סאַמע ברייט באַנוצבאַרער מיטל“ פאַרביטן דעם אויסדרוק „דער בעסטער מיטל“, וואָס איז געשטאַנען אין דער געהעריקער רעזאָלוציע פונם 4־טן צוזאַמענפאָר פונם אידישן אַרבעטערבונד („בונד“). אונז וואָלט בעעמעס שווער געווען צו זאָגן, וועלכע פון די צוויי רעזאָלוציעס איז בעסער: לויט אונזער מיינונג, זיינען ב יי ד ע ע ר ג ע ר. סאַי דער פאַרבאַנד, סאַי דער „בונד“ שלאָגן זיך דאָ אַראָפּ (טיילווייז עפשער אַפילע אומבאַוואוסטזיניק, אונטער דער ווירקונג פון טראַדיציע) אַף אַן עקאָנאָמישער, טרעד־יוניאָניסטישער אויסטייטשונג פון דער פּאָליטיק. אין טאָך גענומען, ענדערט זיך די זאַך לאַכלוטן ניט דערפון, צי דאָס ווערט געטאָן דורכן ווערטל: „בעסטער“ אָדער דורכן ווערטל: „דער סאַמע ברייט באַנוצבאַרער“. ווען דער פאַרבאַנד וואָלט געזאָגט, אַז „די פּאָליטישע אַגיטאַציע אַפן עקאָנאָמישן באָדן“, איז דער מיטל, וועלכער ווערט אַם ברייטסטן באַנוצט (און ניט אַז ער איז „דער באַנוצבאַרער מיטל“), וואָלט ער געווען גערעכט בענויגייע אַ געוויסן פעריאָד אין דער אַנטוויקלונג פון אונזער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער באַוועגונג. דעהאַינע, ער וואָלט געווען גערעכט בענויי־

* דעמדאָזיקן אבזאַץ האָט לעגין אויסגעשלאָסן פון דער אויסגאַבע פון 1908 יאָר.

ייע די עקאָנאָמיסטן, בענויגייע פיל פּראַקטיקער (אויב ניט בענויגייע דער מערהייט זייערער) פון די יאָרן 1898—1901, ווייל דידאָזיקע פּראַקטיקער—עקאָנאָמיסטן האָבן ווירקלעך באַנוצט די פּאָליטישע אַגיטאַציע (אַף וויפל זיי האָבן זי ביכלאַל באַנוצט!) קימאַט אויסשליסלעך אַפן עקאָנאָמישן באָדן. אַזאַ פּאָליטישע אַגיטאַציע האָבן אנערקענט און אַפילע רעקאָמענדירט, ווי מיר האָבן געזעען, סאַי די „ראַב. מיסל“ סאַי די „גרופּע פון זעלבסטבאַפרייאונג“! די „ראַב. דיעלאָ“ האָט געדאַרפט קאַטעגאָריש פאַרורטיילן דאָס, וואָס די נוצלעכע אַרבעט פון עקאָנאָמישער אַגיטאַציע איז באַגלייט געוואָרן מיט אַ שעדלעכער פאַרשמעלערונג פונם פּאָליטישן קאַמף, איז אַנשטאָט דעם דערקלערט זי דעם מיטל, וועלכער ווערט אַם ברייטסטן באַנוצט (דורך די עקאָנאָמיסטן) פאַרן סאַמע באַנוצבאַרן! עס איז ניט קיין וואונדער, אַז ווען מיר רופן אָן דידאָזיקע מענטשן עקאָנאָמיסטן, בלייבט זיי קיין זאַך ניט, ווי נאָר זידלען אונז אַף אַלע אויפאַנים אי מיטן נאָמען „מיסטיפיקאַטאָרס“, אי „דעזאָרגאַניזאַטאָרס“, אי „פויפּסטלעכע נונציעס“, אי „רעכילעס=טרייבער“ *, ווי נאָר וויינען פאַר אַלעמען און פאַר יעדערן, אַז מע האָט זיי בלוטיק באַליידיקט, ווי נאָר דערקלערן שיר ניט מיט שוואועס: „אין עקאָנאָמיזם איז איצט קיין איין סאָציאַל=דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציע ניט שולדיק“ **. אָך, דידאָזיקע רעכילעס=טרייבער, די רעשאָאים — די פּאָליטיקער! צי האָבן זיי ניט אומישנע אויסגעטראַכט דעם גאַנצן עקאָנאָמיזם, קעדיי ביזן בלוט צו באַליידיקן מענטשן, בלויז צוליב זייער מענטשן=האַס? ***.

וואָס פאַר אַ קאָנקרעטן, רעאַלן זין האָט באַ מאַרטינאָוון אין מויל דאָס אַוועקשטעלן פאַר דער סאָציאַל=דעמאָקראַטיע די אויפגאַבע: „צוגעבן דעם עקאָנאָמישן קאַמף גופע אַ פּאָליטישן כאַראַקטער“? דער עקאָנאָמישער קאַמף איז אַ קאָלעקטיווער קאַמף פון די אַרבעטער קעגן די באַלעבאַטים פאַר לוינבאַרע באַדינגונגען פון פאַרקויפן די אַרבעטס=קראַפט, פאַר פאַרבעסערן די באַדינגונגען פון די אַרבעטערס אַרבעט און לעבן. דערדאָזיקער קאַמף איז אויס נויטווענדיקייט אַ פּראָפעסיאָנעלער קאַמף, ווייל די אַרבעטס=באַדינגונגען זייַנען העכסט פאַרשיידנאַרטיק אין פאַרשיידענע פּראָפעסיעס, און דאָס הייסט, אַז דער קאַמף פאַר דער פאַרבעסערונג פון דידאָזיקע באַדינגונגען קאָן זיך ניט פירן ניט לויט די פּראָפעסיעס (דורך די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען אין מאַירעוו, דורך די צייטווייליקע פּראָפעסיאָנעלע פאַרייניקונגען און בלעטלעך אין רוסלאַנד א. א. וו.). צוגעבן „דעם עקאָנאָמישן קאַמף גופע אַ פּאָליטישן כאַראַקטער“ באַטייט אַלזאָ דערשלאָגן זיך, אַז עס זאָלן פאַרווירקלעכט

---

* עכטע אויסדריקן פון דער בראָשור „צוויי צוזאַמענפאָרן“, ז״ז. 31, 32, 28 און 30.

** „צוויי צוזאַמענפאָרן“, ז. 32.

*** דעם סאָף פון דעמדאָזיקן אבזאַץ, אָנגעהויבן פון די ווערטער „עס איז ניט קיין וואונדער“, האָט לענין אויסגעשלאָסן פון דער אויסגאַבע פון 1908 יאָר.

ווערן דיזעלביקע פראָפעסיאָנעלע פאָדערונגען, דיזעלביקע פראָפעסיאָנעלע פאַרבעסערונג פון די אַרבעטסבאַדינגונגען דורך „געזעצגעבערישע און אַדמיניסטראַטיווע מאָסמיטלען" (ווי עס דריקט זיך אויס מאַרטינאָוו אַפן ווייטערדיקן, 43-טן, זייטל פון זיין אַרטיקל). אָט דאָס טאַקע טוען און האָבן שטענדיק געטאָן אַלע פראָפעסיאָנעלע אַרבעטער-פאַראיינען. קוקט אַריין אין אַ ווערק פון די גרינטלעכע געלערנטע (און „גרינטלעכע" אָפּאָרטוניסטן), דאָס פאָר פאָלק וועבס, וועט איר דערזען, אַז די ענגלישע אַרבעטער-פאַראיינען האָבן שוין לאַנג-לאַנג באַנומען און פאַרווירקלעכט די אויפגאַבע „צוצוגעבן דעם עקאָנאָמישן קאַמף גופא אַ פאָליטישן כאַראַקטער", שוין לאַנג-לאַנג קעמפן זיי פאַר דער פרייהייט פון שטרייקן, פאַר דער באַזייטיקונג פון אַלע און אַלערליי יורידישע שטערונגען פאַר דער קאָאָפעראַטיווער און פראָפעסיאָנעלער באַוועגונג, פאַר אַרויסגעבן געזעצן צו באַשיצן די פרויען און קינדער, פאַר פאַרבעסערן די אַרבעטס-באַדינגונגען דורך סאַניטאַרער און פאַבריקישער געזעצגעבונג א. א. וו.

אַזוי אַרום איז אונטער דער הויך קלינגדיקער פראַזע: „צוגעבן דעם עקאָנאָמישן קאַמף גופע אַ פאָליטישן כאַראַקטער", וועלכע קלינגט „שרעקלעך" טיפזיניק און רעוואָלוציאָנערער, איז, אין טאָך גענומען, באַהאַלטן די טראַדיציאָנעלע שטרעבונג צו דערנידעריקן די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פאָליטיק ביז צו אַ פאָליטיק אַ טרעד-יוניאָניסטישער! אונטער דער פאָרם פון פאַריכטן די איינזייטיקייט פון דער „איסקרא", וועלכע שטעלט — זעט איר — „די רעוואָלוציאָניזירונג פון דער דאָגמע העכער פאַר דער רעוואָלוציאָניזירונג פונם לעבן" *, טראָגט מען אונז אונטער, ווי עפעס נייס, דעם קאַמף פאַר עקאָנאָמישע רעפאָרמעס. און טאַקע אין דער עמעסן, אַבסאָלוט קיין זאַך אַכוץ קאַמף פאַר עקאָנאָמישע רעפאָרמעס איז ניטאָ אין דער פראַזע: „צוגעבן דעם עקאָנאָמישן קאַמף גופע אַ פאָליטישן כאַראַקטער". און מאַרטינאָוו אַליין וואָלט זיך געקאָנט דערטראַכטן צו דעמדאָזיקן ניט איבערקלוגן אויספיר, ווען ער זאָל גוט אַריינדרינגען אין דער באַדייטונג פון זיינע אייגענע ווערטער. „אונזער פאַרטיי, — זאָגט ער, אַרויסרוקנדיק דאָס סאַמע שווערסטע געווער זיינס קעגן דער „איסקרא", — וואָלט געקאָנט און וואָלט געדאַרפט שטעלן דער רעגירונג קאָנקרעטע פאָדערונגען פון געזעצגעבערישע און עקאָנאָמישע מאָסמיטלען קעגן עקאָנאָמישער עקספּלואַטאַציע, קעגן אַרבעטסלאָזיקייט, קעגן הונגער א. א. וו." (ז"ז. 42—43 אין נומער 10 „ראַב. דיעלאָ"). קאָנקרעטע פאָדערונגען פון מאָסמיטלען — איז דאָס דען ניט אַ פאָדערונג פון

* „ראַב. דיעלאָ" נומער 10, ז. 60. דאָס איז דער מאַרטינאָווישער וואַריאַנט פון יענעם צופאַסן צו דעם מאָדערנעם כאַאָטישן צושטאַנד פון אונזער באַוועגונג דעם טעזיס: „יעדער טריט פון דער ווירקלעכער באַוועגונג איז וויכטיקער פון אַ טוץ פראָגראַמען", וועלכן מיר האָבן שוין כאַראַקטעריזירט אויבן. אין טאָך גענומען איז דאָס בלויז די רוסישע איבערזעצונג פון דער באַרימטער בערנשטייניאַנישער פראַזע: „די באַוועגונג איז אַלץ, דער ענד-ציל איז גאָרניט".

סאָציאַלע רעפֿאָרמעס? און מיר פֿרעגן נאָך אַמאָל די אָנפֿניעסדיקע לעזער, צי טרייבן מיר רעכילעס אַף די „ראַבאָטשעדעלצעס“ (זאָל מען מיר מויכל זיין דאָס דאָזיקע אומגעלומפערטע גאַנגבאַרע ווערטל!), אָנרופֿנדיק זיי באַהאַלטענע בערנשטייניאַנער, בעשאַס זיי רוקן ארויס, ווי זייערע אַ מיינונגס־פֿאַרשיידנהייט מיט דער „איסקרא“, דעם טעזיס וועגן דער נויטווענדיקייט פֿון אַ קאַמף פֿאַר עקאָנאָמישע רעפֿאָרמעס?

די רעוואָלוציאָנערע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט שטענדיק איינגעשלאָסן און שליסט איין אין איר טעטיקייט דעם קאַמף פֿאַר רעפֿאָרמעס. אָבער מיט דער „עקאָנאָמישער“ אַגיטאַציע באַנוצט זי זיך אַף אַרויסשטעלן דער רעגירונג ניט נאָר פֿאָדערונגען פֿון אַלערליי מאָסמיטלען, נאָר אויך (און פֿריער פֿאַר אַלץ) די פֿאָדערונג אויפֿצוהערן צו זיין אַ זעלבסטהערשערישע רעגירונג. אַחוץ דעם, האַלט זי פֿאַר איר פֿליכט אַרויסצושטעלן דער רעגירונג דידאָזיקע פֿאָדערונג ניט נאָר אַפֿן באָדן פֿון עקאָנאָמישן קאַמף, נאָר אויך אַפֿן באָדן פֿון אַלע ביכלאַל דערשיינונגען פֿונם געזעלשאַפֿטלעך־פאָליטישן לעבן. מיט איין וואָרט, זי אונטערוואַרפֿט דעם קאַמף פֿאַר די רעפֿאָרמעס, ווי אַ טייל צו אַ גאַנצן, אונטער דעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף פֿאַר פֿרייהייט און פֿאַר סאָציאַליזם. מאַרטינאָוו ווידער מאַכט צוריק לעבעדיק אין אַ נייער פֿאָרם די טעאָריע פֿון סטאַדיעס, באַמיענדיק זיך צו פֿאַראָרדענען אומבאַדינגט אַן עקאָנאָמישן, אַזוי צו זאָגן, אַנטוויקלונגסגאַנג פֿונם פאָליטישן קאַמף. אַרויסטרעטנדיק אין אַ מאָמענט פֿון רעוואָלוציאָנערן אויפֿשטייג מיט אַ ספעציפֿישער קלוימערשט „אויפֿגאַבע“ פֿון קאַמף פֿאַר רעפֿאָרמעס, שלעפט ער דערמיט די פאַרטיי אַף צוריק און שפילט אין האַנט אי דעם „עקאָנאָמישן“ אי דעם ליבעראַלן אָפאָרטוניזם.

ווייטער. שעמעוודיק באַהאַלטנדיק דעם קאַמף פֿאַר רעפֿאָרמעס אונטערן אָנגעבלאָזענעם טעזיס: „צוגעבן דעם עקאָנאָמישן קאַמף גופֿא אַ פאָליטישן כאַראַקטער“, האָט מאַרטינאָוו אַרויסגעשטעלט, ווי עטוואָס ספעציפֿישעס, בלויז עקאָנאָמישע (און אַפֿילע בלויז נאָר פֿאַבריקישע) רעפֿאָרמעס. פֿאַרוואָס ער האָט עס געטאָן, ווייסן מיר ניט. עפשער צוליב אַ פֿאַרזעען? נאָר אויב ער וואָלט געהאַט אין אויג ניט נאָר „פֿאַבריקישע“ רעפֿאָרמעס, וואָלט דאָך דער גאַנצער טעזיס זיינער, וועלכן מיר האָבן נאָרוואָס געבראַכט, פֿאַרלאָרן יעטווידער זין. עפשער דערפֿאַר, ווייל ער האַלט פֿאַר מעגלעך און גלויבלעך מיצאַד דער רעגירונג „האַנאָכעס“ נאָר אינם עקאָנאָמישן געביט? * אויב יאָ, איז דאָס אַ מאָדנער גרייז: האַנאָכעס זייגען מעגלעך און קומען פֿאָר אינם געביט פֿון געזעצגעבונג וועגן שמיץ, וועגן פאַספאָרטן, וועגן אויסקויף־צאָלונגען, וועגן סעקטאַנטישקייט, וועגן צענזור א. א. וו. א. א. וו. די „עקאָנאָמישע“ האַנאָכעס (אָדער

---

* ז. 43: „פֿאַרשטייט זיך, אויב מיר רעקאָמענדירן די אַרבעטער אַרויסצושטעלן געוויסע עקאָנאָמישע פֿאָדערונגען דער רעגירונג, טוען מיר עס דערפֿאַר, ווייל אינם עקאָנאָמישן געביט איז די זעלבסטהערשערישע רעגירונג אויס נויט גרייט צו גיין אַף געוויסע האַנאָכעס“.

פאַלשע האַנאָכעס) זיינען פאַר דער רעגירונג, פאַרשטייט זיך, ביליקער פון אַלץ און לוינבאַרער פון אַלץ, ווייל זי האָט דערמיט אַרויסצורופן דעם צומרוי פון די אַרבעטער־מאַסן צו זיך. אָבער טאַקע דערפאַר דאַרפן מיר, סאָציאַל־דעמאָקראַטן, בעשום אויפן און אַבסאָלוט מיט קיין זאַך ניט געבן קיין אָרט פאַר דער מיינונג (אָדער מיספאַרשטייעניש), אַז פאַר אונז זיינען קליימערשט מייערער די עקאָנאָמישע רעפאָרמעס, אַז מיר האַלטן קלוימערשט גראד זיי פאַר באַזונדערס וויכטיקע א. א. וו. „אַזוינע פאָדערונגען — זאָגט מאַרטינאָוו וועגן די קאָנקרעטע פאָדערונגען פון געזעצגעבערישע און אַדמיניסטראַטיווע מאַסמיט־לען, וועלכע ער האָט אויבן אַרויסגערוקט — וואָלטן ניט געוועזן קיין פוסטער קלאַנג, ווייל צוזאָגנדיק געוויסע מאַמאָשעסדיקע רעזולטאַטן, וואָלטן זיי אַקטיוו געקאָנט געשטיצט ווערן דורך דער אַרבעטער־מאַסע"... מיר זיינען ניט קיין עקאָ־נאָמיסטן, אָ ניין! מיר קריכן בלויז אַף אַלע פיר פונקט אַזוי שקלאַפיש פאַר דער „מאַמאָשעסדיקייט" פון די קאָנקרעטע רעזולטאַטן, ווי די הערן בערנשטיינס, פּראָקאָפּאָוויטשעס, סטרוואַוועס, ר. מ.'ס און אַלע איבעריקע!... מיר גיבן בלויז צו פאַרשטיין (צוזאַמען מיט נארצים טופּאָרילאָוו), אַז אַלץ, וואָס „עס זאָגט ניט צו קיין מאַמאָשעסדיקע רעזולטאַטן", איז „אַ פוסטער קלאַנג"! מיר דריקן זיך בלויז אויס אַזוי, פונקט ווי די אַרבעטער־מאַסע איז קלוימערשט ניט פעאיק (און האָט שוין מראָץ די, וועלכע וואַרפן אַרויף אַף איר זייער פיליסטערישקייט, ניט דערוויזן איר פעאיקייט) אַקטיוו צו שטיצן יעטווידער פּראָטעסט קעגן דער זעלבסטהערשונג, אַפילו אַזאַ, וועלכער זאָגט איר ניט צו אַבסאָלוט קיין שום מאַמאָשעסדיקע רעזולטאַטן!.

נעמט אַ שטייגער אַפילו די זעלביקע ביישפּילן וועגן „מאַסמיטלען" קעגן אַרבעטסלאָזיקייט און הונגער, וועלכע מאַרטינאָוו אַליין האָט געבראַכט. אין דערזעלביקער צייט, ווען „ראַב. דיעלאָ" פאַרנעמט זיך, אויב מע זאָל אורטיילן לויט איר צוזאָג, מיט אויסאַרבעטן און פאַנאַנדעראַרבעטן „קאָנקרעטע (אין דער פאָרם פון געזעץ־פּראָיעקטן?) פאָדערונגען פון געזעצגעבערישע און אַדמי־ניסטראַטיווע מאַסמיטלען", „וועלכע פאַרשפּרעכן מאַמאָשעסדיקע רעזול־טאַטן", — אין דערזעלביקער צייט האָט זיך די „איסקרא", וועלכע „האַלט אין איין שטעלן די רעוואָלוציאָניזירונג פון דער דאָגמע העכער פון דער רעוואָ־לוציאָניזירונג פונם לעבן", האָט זיך די „איסקרא" באַמיט צו דערקלערן די פעסטע פאַרבינדונג צווישן דער אַרבעטסלאָזיקייט מיט דער גאַנצער קאַפּיטאַליס־טישער אָרדענונג, זי האָט געוואָרנט, אַז „דער הונגער גייט", זי האָט דעמאַס־קירט דעם פּאָליציייאישן „קאַמף מיט די הונגערנדיקע" און די סקאַנדאַליעזע „צייטווייליק קאַטאָרזשנע קלאַלים". אין דערזעלביקער צייט האָט די „זאַריאַ" אַרויסגעלאָזט אין אַ באַזונדער אָפּדרוק, ווי אַן אַגיטאַציע־בראָשור, אַ טייל פון דער „אינערלעכער איבערזיכט", וועלכע איז געווידמעט דעם הונגער. אָבער, גאָט מיינער, ווי „איינזייטיק" זיינען דערביי געווען די אומפאַרבעסערלעך שמאָלע אָרטאָדאָקסן, די דאָגמאַטיקער, וועלכע זיינען טויב צו די באַפעלן פונם „לעבן

גופע“! אין קיין איינעם פון זייערע אַרטיקלען איז ניט געווען — אָ, ס׳אַראַ שרעק! — ק י י ן  א י י נ צ י ק ע, נו, איר קאָנט זיך פאָרשטעלן: אַבסאָלוט קיין איינציקע „קאָנקרעטע פאָדערונג“, וועלכע „פאַרשפּרעכט מאַמאָשעסדיקע רעזולטאַטן“! אומגליקלעכע דאָגמאַטיקער! אָפּגעבן זיי אין כיידער צו די קריט־שעווסקים און מאַרטינאָווס אַף צו איבערצייגן דערין, אַז די טאַקטיק איז אַ פּראָצעס פון וואוקס, וועלכער וואַקסט א. א. וו. און אַז מע דאַרף דעם עקאָנאָמישן קאַמף  ג ו פ ע  צוגעבן אַ פּאָליטישן כאַראַקטער! *.

„דער עקאָנאָמישער קאַמף פון די אַרבעטער מיט די באַלעבאַטים און מיט דער רעגירונג („און  ע ק אָ נ אָ מ י ש ע ר  קאַמף מיט דער רעגירונג“!!), האָט אַבויץ זיין אומיטלבאַרער רעוואָלוציאָנערער באַדייטונג, נאָך די באַדייטונג, וואָס ער שטויסט אָן די אַרבעטער אָן אויפהער אַף דער פראַגע וועגן זייער פּאָליטישער רעכטלאָזיקייט“ (מאַרטינאָוו ז״ז. 44). מיר האָבן אַרויסגעשריבן דידאָזיקע ציטאַטע ניט קעדיי צום הונדערטסטן און טויזנטסטן מאָל איבערצוכאַזערן דאָס, וואָס איז אויבן שוין געזאָגט געוואָרן, נאָר קעדיי באַזונדער צו באַדאַנקען מאַר־טינאָוון פאַר דערדאָזיקער נייער און אויסגעצייכנטער פאָרמולירונג: „דער עקאָ־נאָמישער קאַמף פון די אַרבעטער מיט די באַלעבאַטים און מיט דער רעגירונג“ ס׳אַראַ מעכאַיע! מיט וואָס פאַר אַ זעלטענעם טאַלענט, מיט וואָס פאַר אַ מיים־טערהאַפטער עלימינירונג ** פון אַלע פּריוואַטע מיינונגס־פאַרשיידנהייטן און פאַרשיידנהייטן אין די שאַטירונגען צווישן די עקאָנאָמיסטן איז דאָ אין אַ קור־צער און קלאָרער האַנאָכע אויסגעדריקט  ד ע ר  ג אַ נ צ ע ר  מ ע ה ו ם  פונם עקאָנאָמיזם, אָנגעהויבן פונם צורוף צו די אַרבעטער צו „פּאָליטישן קאַמף, וועלכן זיי פירן אין די אַלגעמיינע אינטערעסן, האָבנדיק אין אויג די פאַרבעסערונג פון דער לאַגע פון אַלע אַרבעטער“ ***, פאָרזעצנדיק מיט דער טעאָריע פון סטאַדיעס און געענדיקט מיט דער רעזאָלוציע פונם צוזאַמענפאָר וועגן דער „סאַמע ברייטער באַנוצבאַרקייט“ א. א. וו. דער „עקאָנאָמישער קאַמף מיט דער רעגירונג“ איז טאַקע אַ טרעד־יוניאָניסטישע פּאָליטיק, וואָס פון איר ביז צו אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאָליטיק איז נאָך זייער און זייער ווייט.

* דעמדאָזיקן אבזאַץ האָט לענין אויסגעשלאָסן אין דער אויסגאַבע פון 1908 יאָר — רעד.

** באַזייטיקונג — רעד.

*** „ראַבאָטשאַיאַ מיסל“, ביילאַגעס־אָפּטיילונג, ז. 14.

## ב) א מאיסע וועגן דעם, ווי אזוי מארטינאָוו האָט פארטיפט פלעכאנאָוון

„וויפל סאָציאַל־דעמאָקראַטישע לאָמאָנאָסאָווס * עס האָבן זיך באַ אונז די לעצטע צייט באַוויזן!“ האָט איינמאָל באַמערקט איינער אַ כאַוועך, האַלבנדיק אין אויג די וואונדערבאַרע געטיע פון פילע פון די פערסאָנען, וועלכע זיינען גע־גויגט צום עקאָנאָמיזם, צו דערגיין אומבאַדינגט „מיט זייער אייגענעם סייכל“ צו גרויסע עמעסן (אַ שטייגער, ווי דער, אַז דער עקאָנאָמישער קאַמף שטויסט אָן די אַרבעטער אַף דער פראַגע וועגן דער רעכטלאָזיקייט) און איגנאָרירן דערביי, מיטן פראַכטפולן ביטל פון אַ געניאַלן געבוירענעם גאָען, דאָס אַלץ, וואָס עס האָט שוין געגעבן די פריערדיקע אַנטוויקלונג פונם רעוואָלוציאָנערן געדאַנק און פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. טאַקע אַזאַ מין אָריגינאַל איז לאָמאָנאָסאָוו—מאַרטינאָוו. קוקט אַריין אין זיין אַרטיקל: „די אָרדנטלעכע פראַגן“ און איר וועט דערזעען, ווי אַזוי ער קומט צו „מיט זיין סייכל“ דערצו, וואָס עס האָט שוין לאַנג געזאָגט אַקסעלראָד (וועגן וואָס אונזער לאָמאָ־נאָסאָוו מאַכט, פאַרשטייט זיך, אינגאַנצן אַ שוויג), ווי אַזוי ער הויבט אָן, לעמאָשל, צו פאַרשטיין, אַז מיר קאָנען ניט איגנאָרירן די אָפּאָזיציאָנעלקייט פון די אַנדער יענע שיכטן פון דער בורזשואַזיע („ראַב. דיעלאָ“ נומער 9, ז. 61, 62, 71 — פאַרגלייך מיטן „ענטפער“ אַקסעלראָדן פון דער רעדאַקציע פון „ראַב. דיעלאָ“, ז"ז. 22, 23 — 24) א. ד. גל. אָבער — אַך! — ער „קומט“ בלויז צו און „הויבט“ בלויז אָן, ניט מער ווי דאָס, ווייל אַקסעלראָדס געדאַנק האָט ער נאָך פונדעסטוועגן אַף אַזויפיל ניט פאַרשטאַנען, אַז ער רעדט וועגן אַ „עקאָנאָ־מישן קאַמף מיט די באַלעבאַטים און מיט דער רעגירונג“. אין משך פון דריי יאָר (1898—1901) האָט זיך „ראַב. דיעלאָ“ געקליבן מיט קויכעס, קעדיי צו פאַרשטיין אַקסעלראָדן, און — און זי האָט אים פונדעסטוועגן ניט פאַרשטאַנען! עפשער שטאַמט עס אויך דערפון, וואָס די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, „פונקט ווי די מענטשהייט“, שטעלט פאַר זיך שטענדיק בלויז אויפגאַבן, וועלכע עס איז מעגלעך צו פאַרווירקלעכן?

אָבער די לאָמאָנאָסאָווס אונטערשיידן זיך ניט נאָר דערמיט, וואָס זיי וויסן ניט פיל זאַכן (דאָס וואָלט נאָך געווען אַ האַלבע צאָרע!), נאָר אויך דערמיט, וואָס זיי באַנעמען ניט זייער אַמעראַצישקייט. דאָס איז שוין אַן עמעסע צאָרע, און דידאָזיקע צאָרע באַוועגט זיי מיטאַמאָל זיך צו נעמען „פאַרטיפערן“ פלעכאַנאָוון. „פון זינט פלעכאַנאָוו האָט אָנגעשריבן דאָס אָנגערופענע ביכל („וועגן די

---

* גרויסער רוסישער געלערנטער פון XVIII יאָרהונדערט, אַ פויער, וועלכער האָט ערשט אַלס דערוואַקסענער באַכער אָנגעהויבן צו לערנען און האָט זיך דערהויבן ביז דער העכסטער וויסנשאַפט פון זיין צייט. איז אויך געווען אַ פּאָעט.

אוב.

אויפגאַבן פון די סאָציאַליסטן אינם קאַמף מיטן הונגער אין רוסלאַנד“) איז פיל וואַסער אַוועק, — דערציילט לאָמאָנאָסאָוו—מאַרטינאָוו. — די סאָציאַל־דעמאָקראַטן, וועלכע האָבן אָנגעפירט אין מעשעך פון 10 יאָר מיטן עקאָנאָמישן קאַמף פונם אַרבעטער־קלאַס,... האָבן נאָך ניט באַוויזן צו געבן אַ ברייטע טעאָרעטישע באַגרינדונג דער פּאַרטיי־טאַקטיק. איצט איז דידאָזיקע פראַגע צייטיק געוואָרן, און ווען מיר זאָלן וועלן געבן אַזאַ טעאָרעטישע באַגרינדונג, וואָלטן מיר אָן ספק געדאַרפט באַדייטנד פאַרטיפערן די פּרינציפּן פון דער טאַקטיק, וועלכע עס האָט אַמאָל אַנטוויקלט פּלעכאַנאָוו... מיר וואָלטן איצט געדאַרפט דעפינירן דעם כּילעק צווישן פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע אַנדערש, איידער עס האָט געטאָן פּלעכאַנאָוו“ (מאַרטינאָוו האָט נאָרוואָס געבראַכט פּלעכאַנאָווס ווערטער: „דער פּראָפּאַגאַנדיסט גיט אַסאַך אידייען איין פּערזאָן אָדער עטלעכע פּערזאָנען, און דער אַגיטאַטאָר גיט בלויז איינע אָדער בלויז עטלעכע אידייען, דערפאַר גיט ער זיי אַ גאַנצער מאַסע פּערזאָנען“), „אונטער פּראָפּאַגאַנדע וואָלטן מיר פאַרשטאַנען די רעוואָלוציאָנערע באַלייכטונג פון דער גאַנצער איצטיקער אָרדענונג אָדער פון טיילווייזע דערשיינונגען אירע, אָן אונטערשייד, — צי דאָס ווערט געטאָן אין אַ פאָרם, וועלכע איז צוטריטלעך פאַר יעכידים, אָדער פאַר דער ברייטער מאַסע. אונטער אַגיטאַציע, אינם שטרענגן זין פונם וואָרט (sic!) וואָלטן מיר פאַרשטאַנען דאָס רופן די מאַסע צו באַשטימטע קאָנקרעטע מאַיסים, דאָס מיטווירקן דער אומיטלבאַרער רעוואָלוציאָנערער אַריינמישונג פונם פּראָלעטאַריאַט אינם געזעלשאַפטלעכן לעבן“.

מיר גיבן אָפּ מאַזלטאָוו דער רוסישער — און אויך דער אינטערנאַציאָנאַלער — סאָציאַל־דעמאָקראַטיע מיט אַ נייער, מאַרטינאָווישער, טערמינאָלאָגיע, אַ מער שטרענגער און מער טיפער. ביז איצט האָבן מיר געטראַכט (צוזאַמען מיט פּלעכאַנאָוון און אויך מיט אַלע פירער פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג), אַז דער פּראָפּאַגאַנדיסט, אויב ער נעמט, לעמאָשל, די זעלביקע פראַגע וועגן אַרבעטסלאָזיקייט, דאַרף ער דערקלערן די קאַפּיטאַליסטישע נאַטור פון די קריזיסן, באַווייזן די סיבע פון זייער אומפאַרמיידלעכקייט אין דער מאָדערנער געזעלשאַפט, אויסמאָלן די נויטיקייט איבערצואַנדערשן זי אין אַ סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט א. א. וו. מיט איין וואָרט, ער דאַרף געבן „אַסאַך אידייען“, אַזויפיל, אַז מיטאַמאָל דידאָזיקע אַלע אידייען, אין זייער גאַנצן סכום, וועלן באַנעמען בלויז ווייניקע (בעערעך) פּערזאָנען. דער אַגיטאַטאָר ווידער, ווען ער רעדט וועגן דערזעלביקער פראַגע, וועט ער נעמען דעם ביישפּיל, וועלכער איז אַמערסטן באַוואוסט אַלע זיינע צוהערער און איז דער סאַמע אָנגעזעענער,— לאָמיר זאָגן, דעם טויט פון אַן אַרבעטסלאָזער פאַמיליע צוליב הונגער, די פאַרשטאַרקונג פון בעטלעריי א. א. וו. — און וועט אָנווענדן אַלע זיינע באַמיאונגען דערויף, אַז באַנוצנדיק זיך מיט דעמדאָזיקן פאַקט, וועלכער איז באַקאַנט אַלעמען און יעדערן, זאָל ער געבן דער „מאַסע“ איין אידייע: די אידייע וועגן דער אומזיניקייט פונם ווידערשפּרוך צווישן דעם וואוקס פון רייכטום און

דעם וואוקס פון אָרימקייט, ער וועט זיך באַמיען צו דערוועקן אין דער מאַסע אומצופרידנקייט און אויפרעגונג מיט דערדאָזיקער שרייענדיקער אומגע-רעכטיקייט, איבערלאָזנדיק די פולע דערקלערונג פון דעמדאָזיקן ווידערשפּרוך פאַרן פּראָפּאַגאַנדיסט. דער פּראָפּאַגאַנדיסט ווירקט דעריבער דעריקער מיטן געדרוקטן, דער אַגיטאַטאָר — מיטן לעבעדיקן וואָרט. פון אַ פּראָפּאַגאַנדיסט פאָדערן זיך ניט דיזעלביקע אייגנשאַפטן, ווי פון אַן אַגיטאַטאָר. קאַוטסקין און לאַפאַרגן וועלן מיר, לעמאָשל, אָנרופן פּראָפּאַגאַנדיסטן, בעבעלן און געדן — אַגיטאַטאָרס. אויסטיילן ווידער אַ דריטן געביט אָדער אַ דריטע פונקציע פון פּראַקטישער טעטיקייט, פאַררעכנענדיק צו דערדאָזיקער פונקציע דאָס „רופן די מאַסע צו באַשטימטע קאָנקרעטע מאַיסים“, איז דער גרעסטער אומזין, ווייל דער „צורוף“, אַלס איינצלנער אַקט, איז אָדער ער דערגאַנצט מיט זיך נאַטירלעך און אומפאַרמיידלעך סאַי דעם טעאָרעטישן טראַקטאַט, סאַי די פּראָפּאַגאַנדיסטישע בראָשור, סאַי די אַגיטאַציאָנעלע רעדע, אָדער ער בילדעט אַ ריין-אויספירערישע פונקציע. אין דערעמעסן, נעמט, לעמאָשל, דעם איצטיקן קאַמף פון די דײַטשישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן קעגן די ברויט-ציגזן. די טעאָרע-טיקער שרייבן אויספאָרשונגען וועגן דער פּאָליטיק פון גרעניץ-אָפּצאָלונגען, „רופנדיק“, לאָמיר זאָגן, צו קעמפן פאַר האַנדלס-אָפּמאַכן און פאַר דער פריי-הייט פון האַנדל; דער פּראָפּאַגאַנדיסט טוט דאָסזעלביקע אינם זשורנאַל, דער אַגיטאַטאָר — אין עפנטלעכע רעדעס. די „קאָנקרעטע מאַיסים“ פון דער מאַסע אינם געגעבענעם מאָמענט וועלן באַשטיין אין אונטערשרייבן פּעטיציעס צום רייכסטאַג וועגן ניט העכערן די ברויט-ציגזן. דער צורוף צו דידאָזיקע מאַיסים קומט אומדירעקט פון די טעאָרעטיקער, פּראָפּאַגאַנדיסטן און אַגיטאַטאָרן, די-רעקט פון יענע אַרבעטער, וועלכע צעטראָגן איבער די פאַבריקן און איבער אַלער-ליי פּריוואַטע וואוינונגען די אונטערשריפט-בויגנס. לויט דער „מאַרטינאָוושער טעאָריע“ קומט אויס, אַז קאַוטסקי און בעבעל זיינען ביידע פּראָפּאַגאַנדיסטן, און די, וואָס טראָגן פאַנאַנדער די אונטערשריפט-בויגנס, זיינען אַגיטאַטאָרס, ניט אַזוי דען?

דער ביישפּיל פון די דײַטשן האָט מיר דערמאָנט דאָס דײַטשישע וואָרט Verballhornung, וואָס אַף רוסיש באַטייט עם בוכשטעבלעך פאַרבאַל-האָרנעווען. יאָהאַן באַלהאָרן איז געווען אַ לייפּציקער פאַרלעגער אין 16-טן יאָר-הונדערט; ער האָט אַרויסגעגעבן אַן אַלעפבייס און דערביי האָט ער אַריינגע-שטעלט לויטן מינהעג, אויך אַ צייכענונג, וועלכע שטעלט פאָר אַ האָן; אָבער אָנשטאָט אַ געוויינלעכער צייכענונג פון אַ האָן מיט שפּאָרעס אַף די פיס האָט ער אויסגעמאָלט אַ האָן אָן שפּאָרעס, נאָר מיט אַ פּאָר אייער נעבן אים. און אַפן שאַר-בלעטל פונם אַלעפבייס האָט ער צוגעגעבן: „יאָהאַן באַלהאָרנס פאַר-בעסערטע אויפלאַגע“. אָט פון דעמאָלט אָן זאָגן די דײַטשן Verballhornung

ווענן אַזאַ „פאַרבעסערונג“, וואָס אין דער עמעסן איז דאָס אַ פאַרערגערונג, און ניט ווילנדיק דערמאָנסטו זיך וועגן באַלהאָרנען, ווען דו זעסט, ווי אַזוי די מאַר־טינאָווס „פאַרטיפערן“ פּלעכאַנאָוון...

צו וואָס האָט אונזער לאָמאָנאָסאָוו „דערפונדן“ דעמדאָזיקן פּלאָנטער? קעדיי צו אילוסטרירן, אַז די „איסקרא“ וועגדעט די אויפמערקזאַמקייט בלויז אַף איין זייט פון דעם איניען, פונקט ווי פּלעכאַנאָוו האָט עס געטאָן נאָך מיט אַנדערהאַלבן צענדליק יאָר צוריק“ (39). „באַ דער „איסקרא“ ווערן, לעכאַל־אַפּאָכעס פאַר דער איצטיקער צייט, די פּראָפּאַגאַנדע־אויפגאַבן אַוועקגערוקט אַפן הינטערגרונט פון די אַגיטאַציע־אויפגאַבן“ (52). אויב מע זאָל דידאָזיקע לעצטע האַנאָכע פון דער מאַרטינאָווישער שפּראַך איבערזעצן אַף אַן אַלגעמיין מענטשלעכע שפּראַך (ווייל די מענטשהייט האָט נאָך ניט באַוויזן אָנצונעמען די ניי־אַנטדעקטע טערמינאָלאָגיע), וועלן מיר באַקומען אָט וואָס: די אויפגאַבן פון פּאָליטישער פּראָפּאַגאַנדע און פּאָליטישער אַגיטאַציע רוקן אָפּ באַ דער „איסקרא“ אַפן הינטער־גרונט די אויפגאַבע צו „שטעלן דער רעגירונג קאָנקרעטע פאָדערונגען פון געזעצגעבערישע און אַדמיניסטראַטיווע מאָסמיטלען“, „וועלכע פאַרשפּרעכן געוויסע מאַמאָשעסדיקע רעזולטאַטן“ (אָדער די פאָדערונגען פון סאָציאַלע רעפאָרמעס, אויב עס איז דערלויבט כאָטש נאָך איין מאָל צו באַנוצן די אַלטע טערמינאָלאָגיע פון דער אַלטער מענטשהייט, וועלכע איז נאָך ניט דער־וואַקסן צו מאַרטינאָוון.) מיר לייגן פאָר דעם לעזער צו פאַרגלייכן מיט דעמדאָזיקן טעזיס די פאָלגנדיקע טיראַדע:

„עס איבעראַשט אונז אין דידאָזיקע פּראָגראַמעס“ (די פּראָגראַמעס פון די רעוואָלוציאָנערע סאָציאַל־דעמאָקראַטן) „אַי דאָס, וואָס זיי שטעלן אייביק אַרויס אַפן ערשטן פּלאַן די מאַילעס פון דער אַרבעטערשער טעטיקייט אינם פּאַרלאַ־מענט (וועלכער עקזיסטירט ניט באַ אונז) אין דער צייט, ווען זיי איגנאָרירן איג־גאַנצן (אַדאַנק זייער רעוואָלוציאָנערן ניהיליזם) די וויכטיקייט, די אַרבעטער זאָלן זיך באַטייליקן אין די געזעצגעבערישע פאַרזאַמלונגען פון די פאַבריקאַנטן איבער פאַבריק־איניאָנים, וואָס עקזיסטירן באַ אונז... אָדער כאָטש די אַרבעטער זאָלן זיך באַטייליקן אין דער שטאָטישער זעלבסטפאַרוואַלטונג“...

דער מעכאַבער פון דערדאָזיקער טיראַדע דריקט אויס אַביסל פּאָשעטער, קלאָרער און אָפענער דעם זעלביקן געדאַנק, צו וועלכן עס איז מיט זיין סייכל דערגאַנגען לאָמאָנאָסאָוו—מאַרטינאָוו. דערדאָזיקער מעכאַבער ווידער איז ר. מ. אין דער „באַזונדערער ביילאַגע צו „ראַב. מיסל“ (ז. 15).

## ג) פּאָליטישע דעמאָסקירונגען און די „דערציאונג פון רעוואָלוציאָנערער אַקטיווקייט“

אַרויסרוקנדיק קעגן דער „איסקרא“ זיין „טעאָריע“ פון „הויבן די אַקטיווו־קייט פון דער אַרבעטער־מאַסע“, האָט מאַרטינאָוו אין דער ווירקלעכקייט אַרויס־

געוויזן אַ שטרעבונג צו דערנידעריקן דידאָזיקע אַקטיווקייט, ווייל אַלס בעסטן, באַזונדערס וויכטיקן, „אַם בריימסטן באַנוצבאַרן" מיטל און אַלס אַרענע פאַר דערדאָזיקער אַקטיווקייט האָט ער דערקלערט דעמזעלביקן עקאָנאָמישן קאַמף, פאַר וועלכן עס זיינען געקראָכן אַף אַלע פיר אויך אַלע עקאָנאָמיסטן. דערפאַר איז טאַקע כאַראַקטעריסטיש דערדאָזיקער גרייז, ווייל ער איז אייגנטימלעך ווייט ניט פאַר איין מאַרטינאָוון. אין דערעמעסן אָבער קאָן דאָס „הויבן די אַקטיווקייט פון דער אַרבעטער-מאַסע" דערגרייכט ווערן בלויז באַ דעם באַדינג, אויב מיר וועלן זיך ניט באַגרעניצן „מיט פאָליטישער אַגיטאַציע אַפן עקאָנאָמישן באָדן". און איינע פון די גרונט-באַדינגונגען פאַר דער נויטווענדיקער פאַרברייטערונג פון דער פאָליטישער אַגיטאַציע איז די אָרגאַניזירונג פון אַלזייטיקע פאָליטישע דעמאַסקירונגען. אַנדערש, ווי אַף דידאָזיקע דעמאַסקירונגען, קאָן זיך ניט דערציען דער פאָליטישער באַוואוסטזיין און די רעוואָלוציאָנערע אַקטיווקייט פון די מאַסן. דעריבער בילדעט די טעטיקייט פון דעם מין איינע פון די וויכטיקסטע פונקציעס פון דער גאַנצער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, ווייל אויך די פאָליטישע פרייהייט באַזייטיקט לאַבסאָלוט ניט, נאָר זי רוקט עטוואָס אַריבער די ריכטונגספערע פון דידאָזיקע דעמאַסקירונגען. לעמאָשל, די דייטשישע פאַרטיי פאַרפעסטיקט באַזונדערס אירע פאָזיציעס און פאַרברייטערט איר ווירקונג גראָד אַדאַנק דער ניט-אָפגעשוואַכטער ענערגיע פון איר פאָליטיש-דעמאַסקירנדיקער קאַמפאַניע. דער באַוואוסטזיין פונם אַרבעטער-קלאַס קאָן ניט זיין קיין עכט-פאָליטישער באַוואוסטזיין, אויב די אַרבעטער זיינען ניט צוגעוואוינט אָפצורופן זיך אַף אַלע און אַלערליי פאַלן פון ווילקיר און אונטערדריקונג, גוואַלטאַט און מיסברויך, צו וואָס פאַר אַ קלאַסן דידאָזיקע פאַלן זאָלן זיך ניט באַציען; — און דערביי אָפרופן זיך טאַקע פונם סאָציאַל-דעמאָקראַטישן, און ניט פון עפעס אַן אַנדערן שטאַנדפונקט. דער באַוואוסטזיין פון די אַרבעטער-מאַסן קאָן ניט זיין קיין עכט-קלאַסאָווער באַוואוסטזיין, אויב די אַרבעטער וועלן זיך ניט אויסלערנען אַף קאָנקרעטע און דערביי אומבאַדינגט ברענענדיקע (אַקטועלע) פאָליטישע פאַקטן און געשעענישן צו באַאָבאַכטן יעדן פון די איבעריקע געזעלשאַפטלעכע קלאַסן אין אַלע אַנטפלעקונגען פונם גייסטיקן, מאָראַלישן און פאָליטישן לעבן פון דידאָזיקע קלאַסן; — זיי וועלן זיך ניט אויסלערנען באַנוצן אין דער פראַקטיק דעם מאַטעריאַליסטישן אַנאַליז און די מאַטעריאַליסטישע אָפשאַצונג פון אַלע זייטן פון דער טעטיקייט און לעבן פון אַלע קלאַסן, שיכטן און גרופן באַפעלקערונג. ווער עס ווענדעט די אויפמערקזאַמקייט, די באַאָבאַכטונגס-פעאיקייט און דעם באַוואוסטזיין פונם אַרבעטער-קלאַס אויסשליסלעך, אָדער אַפילע דערהויפט, אַף אים גופע, יענער איז ניט קיין סאָציאַל-דעמאָקראַט, ווייל די זעלבסטדערקענונג פונם אַרבעטער-קלאַס איז פעסט פאַרבונדן מיטן אָפגעבן זיך אַ פולן כעשבן ניט נאָר אין די טעאָרעטישע... ריכטיקער איז אַפילע צו זאָגן: ניט אַזויפיל אין די טעאָרעטישע וויפל אין די פאָרשטעלונגען

וועגן דער קעגנזייטיקער באַציאונג פון *אַלע* קלאַסן פון דער מאָדערנער געזעלשאַפט, וועלכע זיינען אויסגעאַרבעט געוואָרן אַף דער דערפאַרונג פונם פּאָליטישן לעבן. אָט פאַרוואָס עס איז אַזוי טיף שעדלעך און אַזוי טיף רעאַקציאָנער לויט דער פּראַקטישער באַדייטונג דאָס, וואָס אונזערע עקאָנאָמיסטן פּריידיקן, אַז דער עקאָנאָמישער קאַמף איז דער אַם ברייטסטן באַנוצבאַרער מיטל אַף אַריינציען די מאַסן אין דער פּאָליטישער באַוועגונג. קעדיי צו ווערן אַ סאָציאַל-דעמאָקראַט, דאַרף זיך דער אַרבעטער קלאָר פאָרשטעלן די עקאָנאָמישע נאַטור און דעם סאָציאַל-פּאָליטישן פאַרצעף פונם גוטבאַזיצער און פונם גאַלעך, פונם הויכן באַאַמטן און פונם פויער, פונם סטודענט און פונם לומפּנפּראָלעטאַריער. ער דאַרף קענען זייערע שטאַרקע און שוואַכע זייטן, קענען זיך פאַנאַנדערקלייבן אין די גאַנגבאַרע פראַזן און פאַרשיידנאַרטיקע סאָפיזמען, מיט וועלכע יעדער קלאַס און יעדער שיכט *דעקט צו* זיינע עגאָאיסטישע שטרעבונגען און זיין עמעסן „טאָך", קענען זיך פאַנאַנדערקלייבן דעריז, וועלכע אַנשטאַלטן און געזעצן עס שפּיגלען אָפּ און ווי אַזוי נעמלעך זיי שפּיגלען אָפּ די אָדער יענע אינטערעסן. און די דאָזיקע „קלאָרע פאָרשטעלונג" וועסטו ניט אַרויסשעפּן פון קיין שום ביכל: זי קאָנען געבן בלויז לעבעדיקע בילדער און דעמאַסקירונגען, וואָס זיינען צוזאַמענגעשטעלט אַף די הייסע שפּורן פון דעם, וואָס עס קומט פאָר אין דעם געגעבענעם מאָמענט אַרום אונז, וועגן וואָס עס ריידן אַף זייער שטייגער אָדער עס שעפּטשען זיך איבער אַלע און יעדערער, וואָס עס דריקט זיך אויס אין אַזוינע און אַזוינע געשעענישן, אין אַזוינע און אַזוינע ציפערן, אין אַזוינע און אַזוינע געריכט-אורטיילן א. א. וו. א. א. וו. א. א. וו. די דאָזיקע אַלזייטיקע פּאָליטישע דעמאַסקירונגען זיינען אַ נויטיקער און *איקערדיקער* באַדינג פאַר דער דערציאונג פון דער רעוואָלוציאָנערער אַקטיווקייט פון די מאַסן.

פאַרוואָס ווייזט נאָך דער רוסישער אַרבעטער ווייניק אַרויס זיין רעוואָלוציאָנערע אַקטיווקייט בענוגע צו דער פּאָליציים ווילדן באַגיין זיך מיטן פאָלק, מיקויעך דער העצע קעגן די סעקטאַנטן, דעם שלאָגן פויערים, מיקויעך די מיעסע אויפטוען פון דער צענזור, די פייניקונגען פון סאָלדאַטן, דער העצע קעגן די סאַמע אומשולדיקע קולטורעלע אָנהויבן א. א. וו.? דערפאַר עפּשער, וואָס אים האָט דערויף ניט „אָנגעשטויסן" דער „עקאָנאָמישער קאַמף", וואָס אים „פאַרשפּרעכט" עס ווייניק „מאַמאָשעסדיקע רעזולטאַטן", עס גיט ווייניק „פּאָזיטיווע"? ניין, אַזאַ מין מיינונג איז, כאַזערן מיר איבער, בלויז אַ פּרואוו אַרויפצוואַרפן פונם קראַנקן קאָפּ אַף אַ געזונטן, אַרויפצוואַרפן די אייגענע פיליסטערישקייט (ד. ה. דעם בערנשטייניאַניזם) אַף דער אַרבעטער-מאַסע. מיר דאַרפן באַשולדיקן זיך, אונזער אָפּגעשטאַנענקייט פון דער מאַסן-באַוועגונג, דערפאַר, וואָס מיר האָבן נאָך ניט באַוויזן צו אָרגאַניזירן גענוג ברייטע, בוילעטע, שנעלע דעמאַסקירונגען פון די דאָזיקע אַלע נעוואָלעס. אַז מיר זאָלן דאָס טאָן (און מיר קאָנען און דאַרפן עס טאָן),—וועט דער סאַמע גרויער אַרבעטער פאַרשטיין *אָדער דערפילן*, אַז איבערן סטודענט און סעקטאַנט, איבער דעם פויער און שרייבער איזדעקע-

וועט זיך און באַגייט ווילדע מאַיסים דיזעלביקע פינסטערע קראַפט, וועלכע דריקט און שטיקט אים אַזוי אַף יעדן טריט פון זיין לעבן, און אַז ער וועט דאָס דערפילן, וועט זיך אים פאַרוועלן, ניט אָפּצוהאַלטן פאַרוועלן זיך אַליין אויך אָפּרופן, ער וועט דעמאָלט באַווייזן — היינט איינאָרדענען אַ קאַץ=קאָנצערט די צענזאָרן, מאָרגן דעמאָנסטרירן פאַרן הויז פון דעם גובערנאַטאָר, וועלכער האָט דערשטיקט אַ פויערשן בונט, איבערמאָרגן אָנלערנען די זשאַנדאַרמען אין קיטלען, וועלכע טוען די אַרבעט פון דער הייליקער אינקוויזיציע א. א. וו. מיר האָבן נאָך זייער ווייניק, קימאַט גאָרנישט געטאָן אַף צו וואַרפן אין דער אַרבעטער=מאַסע אַלזייטיקע און פרישע דעמאַסקירונגען. פילע פון אונז באַנעמען אַפילע נאָך ניט דידאָזיקע פליכט זייערע, נאָר זיי שלעפּן זיך סטיכיש נאָך דעם „גרויען לויפנדיקן קאַמף“ אין די שמאָלע ראַמען פונם פאַבריק=שטייגער. זאָגן באַ אַזאַ זאַכלאַגע: די „איסקרא“ האָט אַ טענדענץ צו פאַרמינערן די באַ=דייטונג פונם פראָגרעסירנדיקן מאַרש פון דעם גרויען לויפנדיקן קאַמף אין פאַר=גלייך מיט דער פראָפּאַגאַנדע פון גלענצנדיקע און פאַרענדיקטע אידייען“ (מאַר=טינאָוו, ז. 61) — הייסט שלעפּן די פאַרטיי אַף צוריק, הייסט פאַרטיידיקן און לויבן אונזער ניט צוגערייטקייט, אָפּגעשטאַנענקייט.

וואָס איז נויגייע רופן די מאַסע צו מאַיסים, וועט דאָס אַרויסקומען אַליין פון זיך, אויב עס איז נאָר פאַראַן אַ ענערגישע פּאָליטישע אַגיטאַציע, לעבעדיקע און בוילעטע דעמאַסקירונגען. כאַפּן עמיצן אַפן אָרט פונם פאַרברעכן און פאַר=שטעמפּלען אים פאַר אַלעמען און אומעטום טייקעף — דאָס ווירקט אַליין פאַר זיך בעסער פון יעטווידער „צורוף“, דאָס ווירקט אָפטמאָל אַזוי, אַז שפּעטער וועט מען שוין גאָר ניט קאָנען באַשטימען, ווער אייגנטלעך עס האָט „גערופן“ דעם האַמוין און ווער אייגנטלעך עס האָט אַרויסגערוקט דעם אָדער יענעם פּלאַן פון אַ דעמאָנסטראַציע א. א. וו. רופן — ניט אינם אַלגעמיינעם, נאָר אינם קאָנ=קרעטן זין פונם וואָרט — קאָן מען נאָר אַפן אָרט פון דער אַקציע, רופן קאָן בלויז דער, ווער עס גייט אַליין און טייקעף. און אונזער זאַך, די זאַך פון די סאָציאַל=דעמאָקראַטישע פובליציסטן, איז צו פאַרטיפערן, פאַרברייטערן און פאַרשטאַרקן די פּאָליטישע דעמאַסקירונגען און די פּאָליטישע אַגיטאַציע.

אַגעוו, וועגן די „צורופן“. דער איינציקער אָרגאַן, וועלכער האָט ביז די פרילינגדיקע געשעענישן גערופן די אַרבעטער אַקטיוו אַריינצומישן זיך אין אַזאַ פראַגע, וועלכע פאַרשפּרעכט ניט קיין שום מאַמאָשעס=דיקע רעזולטאַטן דעם אַרבעטער, ווי די פראַגע וועגן אָפּגעבן די סטודענטן פאַר סאָלדאַטן, — איז געווען די „איסקרא“. גלייך נאָך דעם, ווי עס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן די פאַראָרדענונג פונם 11=טן יאַנוואַר וועגן „אָפּגעבן 183 סטודענטן פאַר סאָלדאַטן“ האָט די „איסקרא“ אָפּגעדרוקט אַן אַרטיקל וועגן דעם (נומער 2, פעוורואַל) און ביז אַ וועלכן עס איז אָנהויב פון דעמאָנסטראַציעס האָט זי דירעקט גערופן „דעם אַרבעטער גיין צוהילף דעם סטודענט“, זי האָט גערופן דאָס „פאָלק“ אָפן צו ענטפערן דער רעגירונג

אַף איר כוצפּעדיקן אַרויסרוף. מיר פרעגן באַ אַלעמען און באַ יעדערן: ווי און מיט וואָס קאָן מען דערקלערן דעם וויכטיקן אומשטאַנד, וואָס ריידנדיק אַזויפיל וועגן „צורופן“, אויסטיילנדיק די „צורופן“ אַפילע אין אַ באַזונדער מין טעטיקייט, האָט מאַרטינאָוו מיט קיין איין ווערטל ניט דערמאָנט וועגן דעמדאָזיקן צורוף? און צי איז דען ניט פיליסטערישקייט נאָך דעם, ווען מאַרטינאָוו דערקלערט די „איסקראַ“ פאַר אַ איינזייטיקע, דערפאַר, ווייל זי „רופט“ ניט נענוג צום קאַמף פאַר פאָדערונגען, וועלכע „פאַרשפּרעכן מאַמאָשעסדיקע רעזולטאַטן“? *.

אונזערע עקאָנאָמיסטן, דערונטער אויך די „ראב. דיעלאָ“, האָבן געהאַט ערפאָלג אַדאַנק דעם, וואָס זיי האָבן זיך צוגעפּאַסט צו די ניט אַנטוויקלטע אַרבעטער. אָבער דער אַרבעטער—דער סאָציאַל-דעמאָקראַט, דער אַרבעטער—דער רעוואָלוציאָנער (און די צאָל אַזוינע אַרבעטער האַלט אין איין וואַקסן) וועט מיט צאָרן אָפּוואַרפן דידאָזיקע אַלע כקירעס וועגן קאַמף פאַר פאָדערונגען, וועלכע „פאַרשפּרעכן מאַמאָשעסדיקע רעזולטאַטן“ א. א. וו., ווייל ער וועט פאַרשטיין, אַז דאָס זיינען בלויז וואַריאַנטן פונם אַלטן לידל וועגן אַ קאָפּיקע אַף אַ רובל. אַזאַ אַרבעטער וועט זאָגן צו זיינע אייצע-געבער פון דער „ראַב. מיסל“ און פון דער „ראַב. דיעלאָ“: אומזיסט האָוועט איר אַרום, מיינע הערן, און מישט זיך צו ענערגיש אַריין אין דעם איניען, מיט וועלכן מיר וועלן זיך אַליין אַן אייצע געבן, און איר דרייט זיך אויס פון אויספילן אייערע עמעסע פליכטן. דאָס איז דאָך גאָר ניט קיין כאָכמע, ווען איר זאָגט, אַז די אויפגאַבע פון די סאָציאַל-דעמאָקראַטן איז צוגעבן דעם עקאָנאָמישן קאַמף גופע אַ פּאָליטישן כאַראַקטער; דאָס איז בלויז אַן אָנהויב, און ניט דערין באַשטייט די הויפּט-אויפגאַבע פון די סאָציאַל-דעמאָקראַטן, ווייל אין דער גאַנצער וועלט, און אין רוסלאַנד אויך דערונטער, הויבט די פּאָליציי ניט זעלטן אַליין אָן צוצוגעבן דעם עקאָנאָמישן קאַמף אַ פּאָליטישן כאַראַקטער, די אַרבעטער לערנען זיך אַליין אויס פאַרשטיין, פאַר וועמען עס איז דיררעגירונג **. דערזעלביקער

---

* דעם לעצטן זאַץ האָט לענין אין דער אויסגאַבע פון 1908 י. אַרויסגעוואָרפן. רעד. פון דער רוס. אויסג.

** די פאָדערונג „צוצוגעבן דעם עקאָנאָמישן קאַמף גופע אַ פּאָליטישן כאַראַקטער“ דריקט אויס אַפן סאַמע בוילעטן אויפן דאָס בוקן זיך פאַר סטיכישקייט אינם געביט פון פּאָליטישער טעטיקייט. אַ פּאָליטישן כאַראַקטער נעמט אָן דער עקאָנאָמישער קאַמף אַף שריט און טריט סטיכיש, דאָס הייסט, אָן דער אַריינמישונג פון דער „רעוואָלוציאָנערער באַציליע — פון דער אינטעליגענץ“, אָן דער אַריינמישונג פון די באַוואוסטזיניקע סאָציאַל-דעמאָקראַטן. אַ פּאָליטישן כאַראַקטער האָט, לעמאָשל, באַקומען אויך דער עקאָנאָמישער קאַמף פון די אַרבעטער אין ענגלאַנד אָן יעטווידער אָנטייל פון די סאָציאַליסטן. די אויפגאַבע ווידער פון די סאָציאַל-דעמאָקראַטן ווערט ניט אויסגעשעפּט מיט דער פּאָליטישער אַגיטאַציע אַפן עקאָנאָמישן באָדן, די אויפגאַבע זייערע איז פאַרוואַנדלען דידאָזיקע טרעד-יוניאָניסטישע פּאָליטיק אין אַ סאָציאַל-דעמאָקראַטישן פּאָליטישן קאַמף, — באַנוצן זיך מיט יענע שימערירונ-

„עקאָנאָמישער קאַמף פון די אַרבעטער מיט די באַלעבאַטים און מיט דער רעגירונג“, מיט וועלכן איר טראָגט זיך אַרום, פונקט ווי מיט אַן אַמעריקע, וואָס איר האָט אַנטדעקט, — ווערט דאָך אין דער מאַסע רוסישע פאַרוואָרפענע שטעט געפירט דורך די אַרבעטער גופע, וועלכע האָבן געהערט וועגן שטרייקן, אָבער וועגן סאָציאַליזם האָבן זיי עפשער גאָר ניט געהערט. אָט די „אַקטיוויקייט“ באַ אונז, באַ די אַרבעטער, וועמען איר ווילט נאָכאַנאַנד שטיצן, אַרויסשטעלנדיק קאָנקרעטע פאָדערונגען, וואָס פאַרשפּרעכן מאַמאָשעסדיקע רעזולטאַטן, איז דאָך אין אונז שוין פאַראַן, און מיר אַליין, אין אונזער וואָכעדיקער פּראָפעסיאָנעלער, קליינלעכער אַרבעט שטעלן אַרויס דידאָזיקע קאָנקרעטע פאָדערונגען אָפטמאָל אָן שום הילף מיצאַד די אינטעליגענטן. אָבער פאַר אונז איז ווייניק אַזאַ אַקטיוויקייט; מיר זיינען ניט קיין קינדער, וואָס מע קאָן זיי אָנקאָרמען מיט דער קאַשקע פון בלויזער „עקאָנאָמישער“ פּאָליטיק; מיר ווילן וויסן דאָס אַלץ, וואָס עס וויסן אויך אַנדערע, מיר ווילן זיך גענוי באַקאָנען מיט אַלע זייטן פונם פּאָליטישן לעבן און אַקטיוו אָנטייל נעמען אין יעטווידער און יעדער פּאָליטישער געשעעניש. דערצו איז נויטיק, אַז די אינטעליגענטן זאָלן וואָס ווייניקער טאַינען דאָס, וואָס מיר אַליין וויסן אויך *, און זאָלן אונז געבן דאָס, וואָס מיר

---

גען פון פּאָליטישן באַוואוסטזיין, וועלכע עס האָט אַריינגעוואָרפן אין די אַרבעטער דער עקאָנאָמישער קאַמף, קעדיי אויפצוהויבן די אַרבעטער ביז צו אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישן פּאָליטישן באַוואוסטזיין. און די מאַרטינאָווס, אַנשטאָט אויפצוהויבן און שטויסן פאָרויס דעם סטיכיש דערוואַכנדיקן פּאָליטישן באַוואוסטזיין, פאַלן זיי קוירים פאַר דער סטיכישקייט און טאַינען, ביז צו עקל אָפט טאַינען זיי, אַז דער עקאָנאָמישער קאַמף „שטויסט אָן“ די אַרבעטער אַף דער פראַגע וועגן זייער פּאָליטישער רעכטלאָזיקייט. שלעכט איז דאָס, מיינע הערן, וואָס אויך טאַקע טוט ניט „אָנשטויסן“ דידאָזיקע סטיכישע דערוואַכונג פונם טרעד־יוניאָניסטישן פּאָליטישן באַוואוסטזיין אַף דער פראַגע וועגן אייערע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אויפגאַבן!

* אַלס באַשטעטיקונג דערויף, אַז דידאָזיקע גאַנצע רעדע פון די אַרבעטער צו די עקאָנאָמיסטן האָבן מיר ניט גלאַט אַזוי אויסגעטראַכט, וועלן מיר זיך פאַרופן אַף צוויי איידעס, וועלכע זיינען אָן סאָפעק באַקאַנט מיט דער אַרבעטער־באַוועגונג אומיטלבאַר און זיינען ווייניקער פון אַלץ גענויגט צו זיין סוביעקטיוו צו אונז, „דאָגמאַטיקער“, ווייל איין איידעס איז אַן עקאָנאָמיסט (וועלכער האַלט אַפילע די „ראַב. דיעלאָ“ פאַר אַ פּאָליטישן אָרגאַן!), דער צווייטער איז אַ טעראָריסט. דער ערשטער איידעס איז דער מעכאַבער פון דעם מערקווירדיקן לויט זיין עמעסדיקייט און לעבעדיקייט אַרטיקל: „די פּעטערבורגער אַרבעטער־באַוועגונג און די פּראַקטישע אויפגאַבן פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע“ אין נומער 6 „ראַב. דיעלאָ“. ער טיילט די אַרבעטער אַף 1) באַוואוסטזיניקע רעוואָלוציאָנערן, 2) אַ צווישן־שיכט און 3) די איבעריקע מאַסע, און אָט די צווישן־שיכט „אינטערעסירט זיך אָפטמאָל מער מיט די פראַגן פון פּאָליטישן לעבן, איידער מיט זיינע נאָענטסטע עקאָנאָמישע אינטערעסן, וואָס זייער פאַרבינדונג מיט די אַלגעמיינע סאָציאַלע באַדינגונגען איז שוין לאַנג פאַרשטאַנען געוואָרן“... די „ראַב. מיסל“ „קריטיקירט מען שאַרף“: „אַלץ איינס און דאָסזעלביקע, לאַנג שוין באַוואוסט, לאַנג געלייענט“, „אין דער פּאָליטישער איבערזיכט איז ווידער אַמאָל גאָרניט ניטאָ“

ווייסן נאָך ניט, וואָס מיר אַליין קאָנען גאָר קיינמאָל ניט דערוויסן זיך פון אונזער פאבריק=דערפארונג און פון דער „עקאָנאָמישער“ דערפארונג, דעהאינע: פּאָליטישע קענטעניש. דידאָזיקע קענטעניש קאָנט איר, אינטעליגענטן, זיך דערווערבן, און איר זייט מעכויעוו צוצושטעלן זי אונז אין הונדערט און אין טויזנט מאָל מער, איידער איר האָט דאָס געטאָן ביז איצט, און דערביי צושטעלן ניט אין דער פאָרם בלויז פון כקירעס, בראָשורן און ארטיקלען (וועלכע זיינען אָפטמאָל — זייט מויכל פאר דער אָפנהערציקייט! — אביסעלע לאנגווייליק), נאָר אומבאדינגט אין דער פאָרם פון לעבעדיקע דעמאסקירונגען פון דעם, וואָס געמלעך עס טוט אין דער געגעבענער צייט אונזער רעגירונג און אונזערע קאָמאנדירנדיקע קלאסן אין אלע לעבנס=געביטן. פילט נאָר אביסל ענערגישער אויס דידאָזיקע פליכט אייערע, און טאַיגעט אַביסל ווייניקער וועגן „הויבן די אקטיווקייט פון דער ארבעטער=מאסע“. מיר פארמאָגן אקטיווקייט אסאך מער, איידער איר טראכט, און מיר קאָנען שטיצן מיט אָפענעם גאסן=קאמף אפילע פאָדערונגען, וועלכע פארשפרעכן ניט קיין שום „מאמאָשעסדיקע רעזולטאטן“! און ניט איר דארפט „הויבן“ אונזער אקטיווקייט, ווייל בא אייך אליין קלעקט גראָד ניט קיין אקטיווקייט, בוקט זיך ווייניקער פאר דער סטיכישקייט און טראכט אביסל מער וועגן העכערן אייער אקטיווקייט, מיינע הערן!.

## ד) וואָס איז פאראן געמיינזאמס צווישן דעם עקאָנאָמיזם און דעם טעראָריזם?

אויבן, אין אַ באַמערקונג, האָבן מיר פאַרגליכן אַ עקאָנאָמיסט און ניט קיין סאָציאַל=דעמאָקראט א טעראָריסט, וועלכע האָבן זיך צופעליק ארויסגעוויזן סאָלידאר. אָבער ביכלאַל גערעדט, איז צווישן די און יענע פאראן ניט קיין צופעליקע, נאָר א נויטווענדיקע אינערלעכע פארבינדונג, וועגן וועלכער אונז וועט נאָך ווייטער אויסקומען צו ריידן און וועלכע עס וועט נויטיק זיין צו באריר ן טאקע איבער דער פראגע וועגן דער דערציאונג פון דער רעוואָלוציאָנערער אקטיווקייט. בא די

(ז. 30—31). נאָר אַפילע די דריטע שיכט: „די מער פילבאַרע, די מער יונגע, די אַרבעטער=מאַסע, וועלכע איז ווייניקער דעמאָראַליזירט דורכן שענק און קלויסטער, ניט האָבנדיק קימאַט קיינמאָל קיין שום מעגלעכקייט צו באַקומען אַ בוך מיט אַ פּאָליטישן אינהאַלט, טייטשט זי אין דער ברייט און אין דער לענג די דערשיינונגען פון פּאָליטישן לעבן, פאַרטראַכטנדיק זיך איבער אָפּגעריסענע יעדיעס וועגן דעם בונט פון די סטודענטן“ א. א. וו. און דער טעראָריסט שרייבט: „... איין מאָל, צוויי מאָל וועט מען איבערלייענען וועגן די קלייניקייטן פונם פאַבריק=לעבן אין פאַרשיידענע, ניט אין די אייגענע שטעט, און דערנאָך וועט מען אויפהערן... עס איז לאַנגווייליק... ניט ריידן אין אַן אַרבעטער=צייטונג וועגן דער מעלוכע... הייסט קוקן אַפן אַרבעטער, ווי אַף אַ פּיצל קינד... דער אַרבעטער איז ניט קיין פּיצל קינד“ („סוואָבאָדאַ“, אויסגאַבע פון דער רעוואָל. סאָציאַליסטישער גרופּע, ז. 69 און 70).

עקאָנאָמיסטן און באַ די מאָדערנע טעראָריסטן איז פאַראַן איין אַלגעמיינער וואָרצל: דאָס איז טאַקע יענץ בוקן זיך פאַר סטיכישקייט, וועגן וועלכן מיר האָבן גערעדט אינעם פאַריקן קאַפיטל, ווי וועגן אַן אַלגעמיינער דערשיינונג, און וואָס מיר באַטראַכטן איצט אין זיין ווירקונג אויפן געביט פון פּאָליטישער טעטיקייט און פּאָליטישן קאַמף. אויפן ערשטן קוק קאָן אונזער באַהויפּטונג זיך אויסווייזן פאַר אַ פּאַראַדאָקס: אַזוי גרויס איז, ווייזט אויס, דער חילוק צווישן די מענטשן, וועלכע שטרייכן אונטער דעם „גרויען לויפנדיקן קאַמף", — און די מענטשן, וועלכע רופן צום סאַמע זעלבסטאָפּפערישן קאַמף באַזונדערע פּערזאָנען. אָבער דאָס איז ניט קיין פּאַראַדאָקס. די עקאָנאָמיסטן און די טעראָריסטן בוקן זיך פאַר פאַרשיידענע פּאָליוסן פון דער סטיכישער באַוועגונג: די עקאָנאָמיסטן — פאַר דער סטיכישקייט פון דער „ריין אַרבעטערשער באַוועגונג", די טעראָריסטן— פאַר דער סטיכישקייט פון דער סאַמע הייסער אויפגעבראַכטקייט פון די אינטע- ליגענטן, וועלכע קאָנען ניט אָדער וועלכע האָבן ניט קיין מעגלעכקייט צו פאַר- בינדן די רעוואָלוציאָנערע אַרבעט אין איין גאַנצעם מיט דער אַרבעטער-באַוועגונג. ווער עס האָט פאַרלאָרן דעם גלויבן אָדער ווער עס האָט קיינמאָל ניט געגלויבט אין דער דאָזיקער מעגלעכקייט, דעם איז ווירקלעך שווער צו געפינען אַן אַנדער אויסוועג פאַר זיין אויפגערעגטן געפיל און פאַר זיין רעוואָלוציאָנערער ענערגיע, אַחוץ טעראָר. אַזוי אַרום איז דאָס בוקן זיך פאַר סטיכישקייט אין די ביידע ריכטונגען, וועלכע מיר האָבן אָנגעוויזן, ניט קיין אַנדער זאַך, ווי אַן אָנהויב פון פאַרווירקלעכן די באַרימטע פּראָגראַם פון „קרעדאָ": די אַרבעטער פירן זיך זייער „עקאָנאָמישן קאַמף מיט די באַלעבאַטים און מיט דער רעגירונג" (זאָל אונז דער מעכאַבער פון „קרעדאָ" מויכל זיין, וואָס מיר דריקן אויס זיינע געדאַנקען מיט מאַרטינאָווישע ווערטער! מיר האַלטן, אַז מיר האָבן רעכט דאָס צו טאָן, ווייל אויך אין „קרעדאָ" רעדט זיך וועגן דעם, ווי אַזוי די אַרבעטער „שטויסן זיך אָן" אינעם עקאָנאָמישן קאַמף „אויפן פּאָלישישן רעזשים"), — און די אינטעליגענטן פירן זיך מיט זייערע קרעפטן דעם פּאָליטישן קאַמף, נאַטירלעך, מיט דער הילף פון טעראָר! דאָס איז אַ גאַנץ לאָגישער און אומפאַרמיידלעכער אויספיר, אויף וועלכן מע קאָן ניט ניט באַשטיין, אויב אַפילו די, וואָס הויבן אָן צו פאַרווירקלעכן דידאָזיקע פּראָגראַם, האָבן אַליין ניט באַ- נומען זיין אומפאַרמיידלעכקייט. די פּאָליטישע טעטיקייט האָט איר לאָגיק, וועלכע איז ניט אָפּהענגיק פונעם באַוואוסטזיין פון די, וועלכע רופן מיט די סאַמע בעסטע קאַוואָנעס אָדער צו טעראָר, אָדער צוצוגעבן אַ פּאָליטישן כאַראַקטער דעם עקאָנאָמישן קאַמף גופא. מיט גוטע קאַוואָנעס איז דער געהענעם אויסגע- פּלאַסטערט, און אינעם געגעבענעם פאַל ראַטעווען נאָך ניט די גוטע קאַוואָנעס פון דער סטיכישער שטרעבונג לויט דער „ליניע פון קלענסטן ווידערשטאַנד", לויט דער ליניע פון דער ריין-בורזשואַזער פּראָגראַם פון „קרעדאָ". ניט צופעליק איז דאָך אויך דאָס, וואָס פיל רוסישע ליבעראַלן — סאַי אָפענע ליבעראַלן, סאַי אַזוינע, וואָס טראָגן אַ מאַרקסיסטישע מאַסקע, — פילן מיט

מיטן גאנצן הארצן דעם טעראָר און סטארען זיך אונטערצוהאלטן דעם אויפשטייג פון די טעאָרעטישע שטימונגען אינם געגעבענעם מאָמענט.

איז אָט, ווען עס איז אנשטאנען די „רעוואָלוציאָנער־סאָציאליסטישע גרופע פרייהייט“, וועלכע האָט געשטעלט פאר זיך אלס אויפגאבע טאקע די אַלזייטיקע מיטווירקונג דער אַרבעטער־באַוועגונג, נאָר אַז מע זאָל איינשליסן אין דער פראָגראם דעם טעראָר, און עמאנסיפירנדיק זיך, אזוי צו זאָגן, פון דער סאָציאל־דעמאָקראטיע, — האָט דערדאָזיקער פאקט געגעבן נאָך און נאָך א באשטעטיקונג פאר דער וואונדערבארער שארפזיכטיקייט פון פ. ב. אקסלראָדן, וועלכער האָט בוכשטעבלעך פאָרויסגעזאָגט דידאָזיקע רעזולטאַטן פון די סאָציאל־דעמאָקראטישע וואקלונגען נאָך אינם סאָף 1897 י. („צו דער פראגע וועגן די איצטיקע אויפגאבן און טאקטיק“) און האָט אָנגעוואָרפן זיינע בארימטע „צוויי פערספעקטיוון“. די אלע וויטערדיקע שטרייטן און מיינונגס־פארשיידנהייטן צווישן די רוסישע סאָציאל־דעמאָקראטן זיינען שוין, ווי א געוויקס אינם קערנדל, איינגעשלאָסן אין דידאָזיקע צוויי פערספעקטיוון *.

פונם אָנגעוויזענעם שטאנדפונקט ווערט פארשטענדלעך אויך דאָס, וואָס די „ראב. דיעלאָ“, וועלכע האָט ניט געקאָנט ביישטיין קעגן דער סטיכישקייט פונם עקאָנאָמיזם, איז ניט ביישטאנען אויך קעגן דער סטיכישקייט פונם טעראָריזם. זייער אינטערסאַנט איז דאָ צו פאַרצייכענען די אויסערגעוויינלעכע ארגומענטאַציע פאר טעראָר, וועלכע עס האָט ארויסגערוקט „סוואָבאָדא“. די דערשרעקנדיקע ראָלע פון טעראָר „לייקנט זי אבסאָלוט אָפּ“ („די ווידעראויפלעבונג פונם רעוואָלוציאָניזם“, ז. 64), אָבער דערפאַר רוקט זי ארויס זיין „עקסציטאַטיווע

---

* מאַרטינאָוו „שטעלט זיך פאָר אַן אַנדער, מער רעאַלע (?) דילעמע“ („די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און דער אַרבעטער־קלאַס“ 19): „אָדער די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע נעמט אַף זיך די אומיטלבאַרע אָנפירונג מיטן עקאָנאָמישן קאַמף פונם פראָלעטאַריאַט און דערמיט (!) פאַרוואַנדלט זי אים אין אַ רעוואָלוציאָנערן קלאַסן־קאַמף“... „דערמיט“ דאָס הייסט, ווייזט אויס, מיט דער אומיטלבאַרער אָנפירונג מיטן עקאָנאָמישן קאַמף. זאָל אונז מאַרטינאָוו אָנווייזן, וואו איז דאָס געזעען געוואָרן, אַז בלויז מיט דער אָנפירונג מיטן פראָפעסיאָנעלן קאַמף אַליין זאָל זיך איינגעבן צו פאַרוואַנדלען אַ טרעד־יוניאָניסטישע באַוועגונג אין אַ רעוואָלוציאָנערע קלאַסנבאַוועגונג? עפשער וועט ער פאַרשטיין, אַז צוליב דערדאָזיקער „פאַרוואַנדלונג“ דאַרפן מיר זיך אַקטיוו נעמען פאַר דער „אומיטלבאַרער אָנפירונג“ דורך אַלזייטיקער פאָליטישער אַגיטאַציע?... „אָדער אַן אַנדער פערספעקטיוו: די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע באַזייטיקט זיך פון דער אָנפירונג מיטן עקאָנאָמישן קאַמף פון די אַרבעטער און דערמיט... האַקט זי זיך אונטער די פליגלען“... „עס באַזייטיקט זיך“, לויט דער אויבן געבראַכטער מיינונג פון „ראַב. דיעלאָ“, די „איסקרא“. אָבער מיר האָבן געזעען, אַז זי טוט פאַר דער אָנפירונג מיטן עקאָנאָמישן קאַמף אַסאַך מער, איידער די „ראַב. דיעלאָ“, דערביי באַגרעניצט זי זיך ניט דערמיט און פאַרשמעלערט ניט צוליב דעם אירע פאָליטישע אויפגאַבן.

(אויפרעגנדיקע) באַדייטונג“. דאָס איז כאַראַקטעריסטיש, ערשטנס, אלס איינע פון די סטאַדיעס פון דעמאָראַליזאַציע און יערידע פון יענעם טראדיציאָנעלן (פארסאָציאַל־דעמאָקראטישן) קרייז אידייען, וועלכער האָט געצוואונגען זיך צו האלטן באם טעראָר. אנערקענען, אז „דערשרעקן“ — און דאָס הייסט, אויך דעזאָרגאַניזירן, — איצט די רעגירונג מיט טעראָר קאָן מען ניט, — הייסט אין טאָד נענומען איננאנצן פארורטיילן דעם טעראָר אלס סיסטעם פון קאמף, אלס ספערע פון טעטיקייט, וועלכע ווערט געהייליקט דורך דער פראָגראם. צווייטנס, איז דאָס נאָך מער כאראקטעריסטיש אלס מוסטער פון ניט פארשטיין אונזערע וויכטיקסטע אויפגאבן אין דער זאך פון „דערציען די רעוואָלוציאָנערע אקטיווקייט פון די מאסן“. „סוואָבאָדא“ פראָפּאגאנדירט טעראָר אלס מיטל „אויפצורעגן“ די ארבעטער־באַוועגונג, געבן איר א „שטארקן שטויס“. עס איז שווער זיך פּאָרצושטעלן אן ארגומענטאַציע, וועלכע זאָל מער אָנשוילעך אָפּלייקענען זיך אַליין! צי דען, פרעגט זיך, איז אינם רוסישן לעבן פאַראַן וויניק אַזוינע גטוואָלעס, אז מע דארף אויסטראכטן ספּעציעלע „אויפרעגנדיקע“ מיטלען? און פון דער צווייטער זייט, — אויב עמיצער ווערט ניט אויפגערעגט און איז ניט פעאיק זיך אויפצורעגן אפילע פון דער רוסישער ווילקיר, איז דען ניט ווארשיינלעך, אז אף דעם צווייקאמף צווישן דער רעגירונג מיט א הייפל טעראָריסטן וועט ער אויך קוקן „קאלופענדיק אין נאָז“? דערין באשטייט דאָך טאקע די זאך, וואָס די אַרבעטער־מאַסן ווערן זייער אויפגערעגט פון די שעדלעכקייטן אינם רוסישן לעבן, אָבער מיר קאָנען ניט צונויפקלייבן, אויב מע קאָן זיך אַזוי אויסדריקן, און קאָנצענטרירן די אלע טראָפּנס און שטראָמעלעך פון דער פאָלקס־אויפרעגונג, וועלכע טריפן ארויס פונם רוסישן לעבן אין א צאָל, וואָס איז אָן אן ערד גרעסער, איידער מיר שטעלן זיך פאָר און מיר טראַכטן, אָבער וועלכע מע דארף טאַקע פאריייניקן אין איין ריזיקן שטראָם. אַז דאָס איז אן אויפגאַבע, וועלכע מע קאָן פארווירקלעכן, דערווייזט קאטעגאָריש דער קאָלאָסאלער וואוקס פון דער אַרבעטער־באַוועגונג און די דורשטיקייט פון די אַרבעטער נאָך פּאָליטישער ליטעראַטור, וועלכע איז שוין אויבן פאַרצייכנט געוואָרן. די צורופן ווידער צו טעראָר, פונקט ווי די צורופן צוצוגעבן דעם עקאָנאָמישן קאַמף גופע אַ פּאָליטישן כאַראַקטער, שטעלן מיט זיך פאָר פאַרשיידענע פאָרמען פון ארויסדרייען זיך פון דער סאַמע דרינגענדיקער פליכט פון די רוסישע רעוואָלוציאָנערן: אָרגאַניזירן די פירונג פון אַן אַלזייטיקער פּאָליטישער אַגיטאַציע. „סוואָבאָדא“ וויל פאַרבייטן די אַגיטאַציע מיט טעראָר, פּאָשעט מוידע זייענדיק זיך, אַז „אַבי נאָר עס וועט זיך אָנהויבן אַ פאַרשטאַרקטע, ענערגישע אַגיטאַציע אין די מאַסן, איז זיין עקסציטאַטיווע (אויפרעגנדיקע) ראָלע אָפּגעשפּילט“ (ז. 68 „די ווידעראויפלעבונג פונם רעוואָלוציאָניזם“). אָט דאָס באַווייזט טאַקע, אַז סאַי די טעראָריסטן, סאַי די עקאָנאָמיסטן דערשאַצן ניט די רעוואָלוציאָנערע אַקטיווקייט פון די מאַסן, טראָץ דעם בעפיירישן איידעס זאָגן פון די פרי־

לינגדיקע געשעענישן *, דערביי וואַרפן זיך איינע זוכן קינסטלעכע „אויפרעגער“, אַנדערע ריידן וועגן „קאָנקרעטע פאָדערונגען“. סאַי די, סאַי יענע ווענדן ניט גענוג אויפמערקזאַמקייט אַף צו אַנטוויקלען זייער אייגענע אַקטיווקייט אין דער זאַך פון פּאָליטישער אַגיטאַציע און פון אָרגאַניזירן פּאָליטישע דעמאַסקירונגען. און פאַרבייטן דידאָזיקע אַרבעט קאָן מען ניט מיט קיין שום אַנדער זאַך, ניט איצט און ניט ווען עס איז אין אַן אַנדער צייט.

## ה) דער ארבעטער-קלאס אלס אוואנגארד-קעמפער פאר דעמאָקראטיע

מיר האָבן געזעען, אַז דאָס פירן די סאַמע ברייטע פּאָליטישע אַגיטאַציע, און דאָס הייסט אויך, דאָס אָרגאַניזירן אַלזייטיקע פּאָליטישע דעמאַסקירונגען איז אַן אַבסאָלוט נויטיקע און דרינגענדיקער פון אַלץ נויטיקע אויפגאַבע פאַר דער טעטיקייט, אויב דאָס איז אַ טעטיקייט אַווירקלעך סאָציאַל-דעמאָקראַטישע. נאָר מיר האָבן געמאַכט דעמדאָזיקן אויספיר, אַרויסגייענדיק בלויז פון דער סאַמע דרינגענדיקער באַדערפעניש פונם אַרבעטער-קלאַס אין פּאָליטישער קענטעניש און פּאָליטישער דערציאונג. אָבער בלויז אַזאַ שטעלונג פון דער פראַגע וואָלט געווען צו שמאָל, זי וואָלט איגנאָרירט די אַלגעמיין-דעמאָקראַטישע אויפגאַבן פון יעטווידער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע ביכלאַל און פון דער מאָדערנער רוסישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע באַזונדערס. קעדיי ווי ווייט מעגלעך קאָנקרעטער צו דערקלערן דעמדאָזיקן טעזיס, וועלן מיר זיך פּרואוון צוגיין צו דעם איניען פון דער זייט, וועלכע איז „נעענטער“ פון אַלץ פאַר אַן עקאָנאָמיסט, נעמלעך, פון דער פּראַקטישער זייט. „אַלע זייגען מאַסקים“, אַז עס איז נויטיק צו אַנטוויקלען דעם פּאָליטישן באַוואוסטזיין פונם אַרבעטער-קלאַס. פרעגט זיך, ווי אַזוי זאָל מען דאָס טאָן און וואָס דאַרף מען האָבן, קעדיי דאָס צו טאָן? דער עקאָנאָמישער קאַמף „שטויסט אָן“ די אַרבעטער בלויז אַף די פראַגן וועגן דער באַציאונג פון דער רעגירונג צום אַרבעטער-קלאַס און דעריבער איז, וויפל מיר זאָלן ניט האָרעווען איבער דער אויפגאַבע „צוצוגעבן דעם עקאָנאָמישן קאַמף גופע אַ פּאָליטישן כאַראַקטער“, וועלן מיר קיינמאָל ניט באַוויזן צו אַנטוויקלען דעם פּאָליטישן באַוואוסטזיין פון די אַרבעטער (ביז צו דער מאַדרייגע פון אַ סאָציאַל-דעמאָקראַטישן באַוואוסטזיין) אין די ראַמען פון דערדאָזיקער אויפגאַבע, ווייל דידאָזיקע ראַמען גופע זייגען שמאָל. די מאַרטינאָווישע פאָרמול האָט אַ ווערט פאַר אונז קלאַל ניט דערפאַר, ווייל זי אילוסטרירט מאַרטינאָווס פעאיקייט צו פּלאָנטערן, נאָר דערפאַר, ווייל זי דריקט בוילעט אויס דעם גרונטפעלער פון אַלע עקאָנאָמיסטן, נעמלעך, די איבערצייגונג, אַז מע קאָן אַנטוויקלען דעם קלאַסאָוון פּאָליטישן באַוואוסטזיין פון די אַרבעטער פון אינעווייניק, אַזוי צו זאָגן, פון זייער עקאָנאָמישן קאַמף, דאָס הייסט, אַרויסגייענדיק בלויז (אָדער

* עס רעדט זיך וועגן פרילינג 1901 יאָר, ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן גרויסע גאַסן-דעמאָנסטראַציעס (לעניגס אַ באַמערקונג צו דער אויסגאַבע פון 1908 יאָר).

כאָטש הויפּטזאַכלעך) פון דעמדאָזיקן קאַמף, באַזירנדיק זיך בלויז (אָדער כאָטש הויפּטזאַכלעך) אַף דעמדאָזיקן קאַמף. אַזאַ קוק איז אין טאָך פעלערהאַפט, — און טאַקע דערפאַר, ווייל די עקאָנאָמיסטן, וועלכע זיינען אין קאַעם אַף אונז פאַר דער פּאָלעמיק קעגן זיי, ווילן ניט רעכט אַ טראַכט טאָן וועגן דער קוואַל פון די מיינונגס-פאַרשיידנהייטן, באַקומט זיך טאַקע אַזאַ זאַך, אַז מיר פאַרשטייען בוכשטעבלעך איינער דעם אַנדערן ניט, מיר ריידן אַף פאַרשיידענע שפּראַכן.

דער פּאָליטישער קלאַסן-באַוואוסטזיין קאָן געבראַכט ווערן דעם אַרבעטער בלויז פון דרויסן, דאָס הייסט, פון דרויסן פון דעם עקאָנאָמישן קאַמף, פון דרויסן פון דער ספערע פון באַציאונגען צווישן אַרבעטער מיט די באַלעבאַטים. דער געביט, וואָס נאָר פון אים קאָן מען טאַקע שעפּן דידאָזיקע קענטעניש, איז דער געביט פון באַציאונגען פון אַלע קלאַסן און שיכטן צו דער מעלוכע און צו דער רעגירונג, דער געביט פון קעגנזייטיקע פאַרהעלטענישן צווישן אַלע קלאַסן. דעריבער איז אַף דער פראַגע: וואָס דאַרף מען טאָן, קעדיי צו ברענגען די אַרבעטער פּאָליטישע קענטעניש? קאָן מען ניט געבן נאָר דעם איינעם ענטפער, מיט וועלכן עס באַפרידיקן זיך אין ס'ראָוו פאַלן די פּראַקטיקער, אָפּגערעדט שוין פון די פּראַקטיקער, וועלכע זיינען נויטע צום עקאָנאָמיזם, דעהאַיינע, דעם ענטפער: „גיין צו די אַרבעטער“. קעדיי צו ברענגען די אַרבעטער פּאָליטישע קענטעניש, דאַרפן די סאָציאַל-דעמאָקראַטן גיין אין אַלע קלאַסן פון דער באַפעלקערונג, זיי דאַרפן צעשיקן אין אַלע זייטן אָטריאַדן פון זייער אַרמיי.

מיר קלייבן אומישנע אויס אַזאַ ניט גלאַטע פאָרמולירונג, מיר דריקן זיך אומישנע אויס פאַרייִנפאַכט שאַרף, — קלאַל ניט צוליב דעם ווילן צו זאָגן פּאַראַדאָקסן, נאָר קעדיי ווי געהעריק „אָנשטויסן“ די עקאָנאָמיסטן אַף יענע אויפגאַבן, צו וועלכע זיי באַציען זיך מיט אומפאַרגעבלעכער גרינגשעצונג, אַף דעם אונטערשייד צווישן דער טרעד-יוניאָניסטישער און סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאָליטיק, וועלכן זיי ווילן ניט פאַרשטיין. און דעריבער בעטן מיר דעם לעזער, ער זאָל זיך ניט היצן, נאָר ער זאָל אונז אויפמערקזאַם אויסהערן ביזן סאָף.

געמט דעם סאַמע פאַרשפּרייטן פאַר די לעצטע יאָרן טיפּ פון אַ קרייזל סאָציאַל-דעמאָקראַטן און קוקט זיך צו צו זיין אַרבעט. ער האָט „פאַרבינדונגען מיט אַרבעטער“, און באַפרידיקט זיך דערמיט, אַרויסגעבנדיק בלעטלעך, אין וועלכע עס ווערן געשמיסן די מיסברויכן אין די פאַבריקן, די פּניעסדיקע אויפפירונג פון דער רעגירונג בענוגייע די קאַפּיטאַליסטן און די פּאָליציייִשע גוואַלטאַטן; אַף די פאַרזאַמלונגען מיט די אַרבעטער גייט דער שמועס געוויינלעך ניט אַרויס אָדער איז ניט אַרויסגעגאַנגען אויסער די ראַמען פון די זעלביקע טעמעס; רעפעראַטן און שמועסן איבער דער געשיכטע פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, איבער פראַגן פון דער אינערלעכער און אויסערלעכער פּאָליטיק פון אונזער רעגירונג, איבער די פראַגן פון דער עקאָנאָמישער עוואָלוציע פון רוסלאַנד און פון אייראָפּע און איבער דער לאַגע פון די אָדער יענע קלאַסן אין

דער מאָדערנער געזעלשאַפט א. א. וו. — שטעלן פאָר מיט זיך די גרעסטע
זעלטנהייט. וועגן סיסטעמאַטישן דערוועגבן אָדער פאַרברייטערן די פאַרבינ=
דונגען אין אַנדערע קלאַסן פון דער געזעלשאַפט טראַכט גאָר קיינער ניט. אין
סאַך געגומען, מאָלט זיך דער אידעאַל פון אַ טוער אין דער מערהייט פאַלן פאַר
די מיטגלידער פון אַ קרייז, ווי עטוואָס אַזוינס, וואָס איז פיל מער ענלעך אַף
אַ סעקרעטאַר פון אַ טרעד=יוניאָן, איידער אַף אַ סאָציאַליסט — אַ פּאָליטישן
טוער. ווייל דער סעקרעטאַר פון וועלכן איר ווילט, לעמאָשל, ענגלישן טרעד=
יוניאָן העלפט שטענדיק די אַרבעטער צו פירן דעם עקאָנאָמישן קאַמף, ער אָר=
גאַניזירט פאַבריק=דעמאַסקירונגען, ער דערקלערט די אומגערעכטיקייט פון די
געזעצן און מאָסמיטלען, וועלכע דריקן די פרייהייט פון שטרייקן, די פרייהייט
אַרויסצושטעלן פּיקעטן (אַף צו וואָרענען אַלעמען און יעדערן, אַז אינם געגעבע=
נעם זאַוואָד קומט פאָר אַ שטרייק), ער דערקלערט די פּניעסדיקייט פונם בוירער,
וועלכער געהערט צו די בורזשואַזע קלאַסן פון פאָלק א. א. וו. א. א. וו. מיט
איין וואָרט, יעדער סעקרעטאַר פון אַ טרעד=יוניאָן פירט און העלפט פירן דעם
„עקאָנאָמישן קאַמף מיט די באַלעבאַטים און מיט דער רעגירונג“. און מע קאָן
ניט גענוג באַשטיין דערויף, אַז דאָס איז נאָך נ י ט קיין סאָציאַל=
דעמאָקראַטיזם, אַז דער אידעאַל פון אַ סאָציאַל=דעמאָקראַט דאַרף זיין ניט קיין
סעקרעטאַר פון טרעד=יוניאָן, נאָר אַ פ אָ ל ק ס = ט ר י ב ו ן, וועלכער קאָן זיך
אָפּרופן אַף אַלע און אַלערליי דערשיינונגען פון ווילקיר און דרוק, וואו זיי זאָלן
ניט פאָרקומען, וואָס פאַר אַ שיכט אָדער קלאַס זיי זאָלן ניט באַרירן, וועלכער
קאָן פאַראַלגעמיינערן דידאָזיקע אַלע דערשיינונגען אין איין בילד פון פּאָליציי=
אישער גוואַלטאַט און קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע, וועלכער קאָן זיך
באַנוצן מיט יעטווידער קלייניקייט אַף צו דערקלערן אַ ל ע מ ע ן זיינע סאָציאַ=
ליסטישע איבערצייגונגען און זיינע דעמאָקראַטישע פאָדערונגען, קעדיי צו דער=
קלערן אַ ל ע מ ע ן און יעדערן די אַלוועלטלעך=היסטאָרישע באַדייטונג פונם
פּראָלעטאַריאַטס באַפרייאונגס=קאַמף. פאַרגלייכט, לעמאָשל, אַזוינע טוער, ווי
ר אָ ב ע ר ט נ יי ט (דער באַוואוסטער סעקרעטאַר און פירער פון דער געזעלשאַפט
פון קעסל=מאַכער, איינער פון די סאַמע מעכטיקסטע ענגלישע טרעד=יוניאָנס) און
ווילהעלם ל י ב ק נ ע כ ט — און פּרואווט זיך צופּאַסן צו זיי די קעגנשטעלונגען,
אין וועלכע מאַרטינאָוו לייגט אַריין זיינע מיינונגס=פאַרשיידנהייטן מיט דער „איס=
קרא“. איר וועט דערזעען, — איך הויב אָן דורכבלעטערן מאַרטינאָווס אַרטיקל, —
אַז ר. נייט האָט אַסאַך מער „גערופן די מאַסן צו באַשטימטע קאָנקרעטע מאַי=
סים“ (39), און וו. ליבקנעכט האָט זיך מער פאַרנומען מיט „רעוואָלוציאָנער
באַלייכטן די גאַנצע איצטיקע אָרדענונג אָדער טיילווייזע דערשיינונגען אירע“
(38—39); אַז ר. נייט האָט „פאָרמולירט די נאָענטסטע פאָדערונגען פונם פּראָ=
לעטאַריאַט און האָט אָנגעוויזן אַף די מיטלען ווי זיי צו פאַרווירקלעכן“ (41),
און וו. ליבקנעכט האָט, טוענדיק דאָס אויך, ניט אָפּגעזאָגט זיך אויך פון „גלייכ=
צייטיק אָנפירן מיט דער אַקטיווער טעטיקייט פון פאַרשיידענע אָפּאָזיציאָנעלע

שיכטן", „דיקטירן פאַר זיי אַ פּאָזיטיווע טעטיקייט=פּראָגראַם" * (41); אַז ר. גייט האָט זיך טאַקע באַמיט „צוגעבן ווי ווייט מעגלעך דעם עקאָנאָמישן קאַמף גופא אַ פּאָליטישן כאַראַקטער" (42) און האָט אויסגעצייכנט געקענט „שטעלן דער רעגירונג קאָנקרעטע פאָדערונגען, וועלכע פאַרשפּרעכן געוויסע מאַמאָשעסדיקע רעזולטאַטן" (43), אין דער צייט, ווען וו. ליבקנעכט האָט זיך אַסאַך מער פאַרנומען מיט „איינזייטיקע" „דעמאַסקירונגען" (40); אַז ר. גייט האָט מער צוגעגעבן באַדייטונג דעם „פּאָרויס=מאַרש פונם גרויען לויפנדיקן קאַמף" (61), און וו. ליבקנעכט — „דער פּראָפּאַגאַנדע פון גלענצנדיקע און פאַרענדיקטע אידייען" (61); אַז וו. ליבקנעכט האָט פון דער צייטונג, מיט וועלכער ער האָט אָנגעפירט, באַשאַפן טאַקע „אַן אָרגאַן פון דער רעוואָלוציאָנערער אָפּאָזיציע, וועלכער דעמאַסקירט אונזערע אָרדענונגען, און דערהויפּט די פּאָליטישע אָרדענונגען, אַף וויפל זיי שטויסן זיך צונויף מיט די אינטערעסן פון די סאַמע פאַרשיידענע שיכטן באַפעלקערונג" (63), אין דער צייט, ווען ר. גייט האָט „געאַרבעט פאַר דער אַרבעטער=זאַך אין ענגן אָרגאַנישן בונד מיטן פּראָלעטאַרישן קאַמף" (63) — אויב מע זאָל פאַרשטיין דעם „ענגן און אָרגאַנישן בונד" אינם זין פון דעם בוקן זיך פאַר סטיכישקייט, וואָס מיר האָבן אויבן שטודירט אַף קריטשעווסקים און מאַרטינאָווס ביישפּילן — און האָט „פאַרשמעלערט די ספערע פון זיין אויפווירקונג", זייענדיק זיכער, פאַרשטייט זיך, פונקט ווי מאַרטינאָוו, דעריין, אַז ער האָט „דערמיט גופא פאַרקאָמפּליצירט זיין אויפווירקונג גופא" (63). מיט איין וואָרט, איר וועט דערזען, אַז דע=פאַקטאָ דערנידעריקט מאַרטינאָוו די סאָציאַל=דעמאָקראַטיע ביז צו טרעד=יוניאָניזם, הַאַגאַם ער טוט עס, פאַרשטייט זיך, קלאָל ניט צוליב דעם, ווייל ער ווינשט ניט קיין גוטס דער סאָציאַל=דעמאָקראַטיע, נאָר פּאָשעט דערפאַר, ווייל ער האָט זיך אַביסעלע צוגעאיילט צו פאַרטיפערן פּלעכאַנאָוון, אָנשטאָט צו געבן זיך די מי צו פאַרשטיין פּלעכאַנאָוון.

נאָר לאָמיר זיך אומקערן צו אונזער אינהאַלט. מיר האָבן געזאָגט, אַז אַ סאָציאַל=דעמאָקראַט, אויב ער איז ניט נאָר אַפן וואָרט פאַר דער נויטווענדיקייט פון דער אַלזייטיקער אַנטוויקלונג פונם פּראָלעטאַריאַטס פּאָליטישן באַוואוסטזיין, דאַרף ער „גיין אין אַלע קלאַסן פון דער באַפעלקערונג". קומען אויף פראַגן: ווי אַזוי זאָל מען דאָס טאָן? צי האָבן מיר קויכעס דערצו? צי איז פאַראַן אַ באָדן פאַר אַזאַ אַרבעט אין אַלע איבעריקע קלאַסן? צי וועט דאָס ניט באַטייטן אַ צוריקטריט אָדער פירן צו אַ צוריקטריט פונם קלאַסן=שטאַנדפּונקט? לאָמיר זיך אָפּשטעלן אַף דידאָזיקע פראַגן.

„גיין אין אַלע קלאַסן פון דער באַפעלקערונג" דאַרפן מיר סײַ אַלס טעאָרעטיקער, סײַ אַלס פּראָפּאַגאַנדיסטן, סײַ אַלס אַגיטאַטאָרס, אי אַלס אָרגאַניזאַ=

---

* לעמאָשל, בעשאַס דער פראַנצויזיש=פּרייסישער מילכאָמע האָט ליבקנעכט דיקטירט די טעטיקייט=פּראָגראַם פאַר דער גאַנצער דעמאָקראַטיע, — און נאָך מער האָבן עס געטאָן מאַרקס און ענגלעס אין 1848 יאָר.

טאָרס. אַז די טעאָרעטישע אַרבעט פון די סאָציאַל=דעמאָקראַטן דאַרף געווענדעט ווערן אַף שטודירן אַלע באַזונדערהייטן פון דער סאָציאַלער און פּאָליטישער לאַגע פון באַזונדערע קלאַסן, — דערין צווייפלט קיינער ניט. אָבער געטאָן ווערט אין דערדאָזיקער הינזיכט זייער און זייער ווייניק, ניט פּראָפּאָרציאָנעל ווייניק, אין פאַרגלייך מיט דער אַרבעט, וועלכע איז געווענדעט אַף צו שטודירן די באַזונדערהייטן פונם פאַבריק=שטייגער. אין די קאָמיטעטן און קרייזלעך וועט איר באַגעגענען מענטשן, וועלכע פאַרטיפן זיך אַפילע אין ספּעציעלן שטודירן אַ וועלכע עס איז אייזן=פּראָדוקציע, — אָבער איר וועט קימאַט ניט געפינען קיין ביישפּילן, אַז מיטגלידער פון אָרגאַניזאַציעס (וועלכע זיינען, ווי דאָס טרעפט אָפטמאָל, געצוואונגען צוליב די אָדער יענע סיבעס אָפּצוגיין פון דער פּראַקטישער אַרבעט) זאָלן זיך ספּעציעל פאַרנעמען מיט קלייבן מאַטעריאַלן איבער וועלכער עס איז ברענענדיקער טאָג=פראַגע פון אונזער געזעלשאַפטלעכע און פּאָליטישן לעבן, וועלכע קאָן אים געבן אַ מאָטיוו פאַר סאָציאַל=דעמאָקראַטישער אַרבעט אין אַנדערע שיכטן פון דער באַפעלקערונג. ריידנדיק וועגן דער קנאַפּער צוגעגרייטקייט פון דער מערהייט איצטיקע אָנפירער פון דער אַרבעטער=באַוועגונג, קאָן מען ניט ניט דערמאָנען אויך וועגן דער צוגעגרייטונג אין דערדאָזיקער הינזיכט, ווייל דאָס איז אויך פאַרבונדן מיטן „עקאָנאָמישן“ פאַרשטיין דעם „ענגן אָרגאַנישן צוזאַמענבונד מיטן פּראָלעטאַרישן קאַמף“. אָבער די הויפּט=זאַך איז פאַרשטייט זיך, — די *פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע* אין אַלע שיכטן פונם פאָלק. דעם מערעוו=אייראָפּעאישן סאָציאַל=דעמאָקראַט פאַרלייכטערן די דאָזיקע אויפגאַבע די פאָלקס=פאַרזאַמלונגען און מיטינגען, אַף וועלכע עס קומט *יעדערער*, ווער עס וויל, — עס פאַרלייכטערט דער פּאַרלאַמענט, אין וועלכן ער רעדט פאַר די דעפּוטאַטן פון *אַלע* קלאַסן. בא אונז איז ניטאָ ניט קיין פּאַרלאַמענט, ניט קיין פרייהייט פון מיטינגען, — אָבער מיר קאָנען פונדעסטוועגן איינאָרדענען פאַרזאַמלונגען מיט אַרבעטער, וועלכע ווילן הערן *אַ סאָציאַל=דעמאָקראַט*. מיר דאַרפן אויך קענען איינאָרדענען פאַרזאַמלונגען מיט פאָרשטייער פון אַלע און אַלערליי קלאַסן פון דער באַפעלקערונג, וועלכע ווילן בלויז הערן *אַ דעמאָקראַט*. ווייל דער איז ניט קיין סאָציאַל=דעמאָקראַט, ווער עס פאַרגעסט אין דער ווירקלעכקייט, אַז „די קאָמוניסטן שטיצן יעטווידער רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג“, אַז מיר זיינען מעכויעוו דעריבער *פאַרן גאַנצן פאָלק* אויסצודערציילן און אונטערשטרייכן *די אַלגעמיין=דעמאָקראַטישע אויפגאַבן*, ניט באַהאַלטנדיק אַף קיין איין מינוט אונזערע סאָציאַליסטישע איבערצייגונגען. דער איז ניט קיין סאָציאַל=דעמאָקראַט, ווער עס פאַרגעסט אין דער ווירקלעכקייט וועגן זיין פליכט צו זיין פריער פון אַלעמען אינם אַוועקשטעלן, פאַרשאַרפן און לייזן *יעטווידער* אַלגעמיין דעמאָקראַטישע פראַגע.

„דערמיט זיינען אַבסאָלוט אַלע מאַסקים!“ — שלאָגט אונז איבער דער אומגעדולדיקער לעזער — און די נייע אינסטרוקציע פאַר דער רעדאַקציע פון „ראַב.

דיעלאָ“, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אַפן לעצטן צוזאַמענפאָר פונם פאַרבאַנד,
זאָגט בעפיירעש: „אַלס מאָטיוון פאַר פּאָליטישער פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע
דאַרפן דינען אַלע דערשיינונגען און געשעענישן פונם געזעלשאַפטלעכן און פּאָ=
ליטישן לעבן, וועלכע באַרירן דעם פּראָלעטאַריאַט אָדער אומיטלבאַר אַלס באַ=
זונדערן קלאַס, אָדער אַלס אַוואַנגאַרד פון אַלע רעוואָלוציאָ=
נערע קויכעס אינם קאַמף פאַר פרייהייט“ („צוויי צוזאַמענ=
פאָרן“ ז. 17, אונזער קורסיוו). יאָ, דאָס זיינען זייער ריכטיקע און זייער גוטע
ווערטער, און מיר וואָלטן געווען פולשטענדיק צעפרידן, ווען די „ראַב. דיעלאָ“
וואָלט זיי פאַרשטאַנען, ווען זי וואָלט ניט גערעדט באַ=
גלייך מיט די דאָזיקע ווערטער דאָס, וואָס עס גייט
פונקט קעגן זיי. עס איז דאָך ווייניק אָנצורופן זיך „אַוואַנגאַרד“, דער
פאָרויסגייענדיקער אָטריאַד, מע דאַרף אויך האַנדלען אַזוי, אַז אַלע איבע=
ריקע אָטריאַדן זאָלן זען און זאָלן געצוואונגען זיין צו אָנערקענען, אַז מיר גייען
פאָרויס. און מיר פרעגן דעם לעזער, צי דען זיינען די פאָרשטייער פון די אי=
בעריקע „אָטריאַדן“ אַזוינע נאַראָנים, אַז זיי זאָלן אונז גלויבן אַפן וואָרט מי=
קויעך דעם „אַוואַנגאַרד“? שטעלט אייך בלויז פאָר קאָנקרעט אַזאַ בילד. אין
אַן „אָטריאַד“ פון רוסישע געבילדעטע ראַדיקאַלן אָדער ליבעראַלע קאָנסטיטו=
ציאָנאַליסטן קומט צוגיין אַ סאָציאַל=דעמאָקראַט און זאָגט: מיר זיינען דער
אַוואַנגאַרד; „איצט שטייט פאַר אונז די אויפגאַבע — ווי צוצוגעבן ווי ווייט
מעגלעך דעם עקאָנאָמישן קאַמף גופע אַ פּאָליטישן כאַראַקטער“. אַ וויפל ניט
איז קלוגער ראַדיקאַל אָדער קאָנסטיטוציאָנאַליסט (און צווישן די רוסישע ראַדי=
קאַלן און קאָנסטיטוציאָנאַליסטן איז פאַראַן אַסאַך קלוגע מענטשן) וועט נאָר
אַ שמייכל טאָן, אַז ער וועט דערהערן אַזאַ רעדע, און ער וועט זאָגן (פאַר זיך,
פאַרשטייט זיך, ווייל אין דער מערהייט פאַלן איז ער אַ געניטער דיפּלאָמאַט):
„נו, אָט איז ער דאָס אַביסל טאַמעוואַטע, דערדאָזיקער „אַוואַנגאַרד“! ער פאַר=
שטייט אַפילע ניט, אַז דאָס איז דאָך אונזער אויפגאַבע, די אויפגאַבע פון די
פאָרגעשריטענע פאָרשטייער פון דער בורזשואַזע דעמאָקראַטיע — צוצוגעבן
דעם עקאָנאָמישן קאַמף גופע פון די אַרבעטער אַ פּאָליטישן כאַראַקטער.
אויך מיר, פונקט ווי אַלע מאַירעוו=אייראָפּעאישע בורזשואַ, ווילן דאָך אַריינציען
די אַרבעטער אין דער פּאָליטיק, אָבער טאַקע נאָר אין דער טרעד=
יוניאָניסטישער און ניט אין דער סאָציאַל=דעמאָ=
קראַטישער פּאָליטיק. די טרעדיוניאָניסטישע פּאָליטיק פונם אַרבע=
טער=קלאַס איז טאַקע די בורזשואַזע פּאָליטיק פונם אַרבעטער=
קלאַס. און די פאָרמולירונג, וואָס דערדאָזיקער „אַוואַנגאַרד“ גיט פאַר זיין אויפ=
גאַבע, איז גראָד די פאָרמולירונג פון אַ טרעד=יוניאָניסטישער פּאָליטיק! דערי=
בער זאָלן זיי זיך אָנרופן אַפילע, וויפל זיי ווילן, סאָציאַל=דעמאָקראַטן. איך בין
דאָך ניט קיין קינד אין דער עמעסן, איך זאָל זיך היצן צוליב שילדלעך! אָבער
זאָלן זיי זיך ניט אונטערגעבן אָט יענע שעדלעכע אָרטאָדאָקסאַלע דאָגמאַטיקער,

זאָלן זיי לאָזן די „פרייהייט פון קריטיק“ פאַר די, וועלכע שלעפּן אומבאַוואוסטזיניק די סאָציאַל=דעמאָקראַטיע אין אַ טרעד=יוניאָניסטישן שטראָמבעט“.

און דער לייכטער שמייכל פון אונזער קאָנסטיטוציאָנאַליסט וועט זיך פאַרוואַנדלען אין אַ האָמערישן געלעכטער, ווען ער וועט זיך דערוויסן, אַז די סאָציאַל=דעמאָקראַטן, וועלכע ריידן וועגן דעם אַוואַנגאַרד פון דער סאָציאַל=דעמאָקראַטיע, האָבן אין דער איצטיקער צייט פון קימאַט פולער הערשאַפט פון סטיכישקייט אין אונזער באַוועגונג .מער פון אַלץ אַף דער וועלט מוירע פאַר „פאַרמינערן דעם סטיכישן עלעמענט“, זיי האָבן מוירע צו „פאַרקלענערן די באַדייטונג פונם פאָר=מאַרש פונם גרויען לויפנדיקן קאַמף אין פאַרגלייך מיט דער פּראָפּאַגאַנדע פון גלענצנדיקע און פאַרענדיקטע אידייען“ א. א. ו. א. ו.! אַ „פאָרגייענדיקער“ אָטריאַד, וועלכער האָט מוירע, טאָמער וועט די באַוואוסטזיניקייט איבעריאָגן די סטיכישקייט, וועלכער האָט מוירע אַרויסצורוקן אַ דרייסטן „פּלאַן“, וואָס צווינגט אַרויס אַלגעמיינע אַנערקענונג אויך באַ יענע, וועלכע דענקען ניט אַזוי, ווי ער! וואָס איז עס? עפשער מישן זיי צונויף דאָס וואָרט אַוואַנגאַרד מיטן וואָרט אַריערגאַרד?

טראַכט זיך אין דער עמעסן אַריין אין מאַרטינאָווס פאָלגנדיקער בקירע. ער זאָגט אַפן זייטל 40, אַז די דעמאַסקירונגס=טאַקטיק פון דער „איסקרא“ איז אַן איינזייטיקע, אַז „וויפל מיר זאָלן ניט זייען אומצוטרוי און האַס צו דער רעגירונג, וועלן מיר דעם ציל ניט דערגרייכן, ביז וואַנען אונז וועט זיך ניט איינגעבן צו אַנטוויקלען אַ גענוגנדיקע אַקטיווע געזעלשאַפטלעכע ענערגיע אַף אַראָפּצוּוואַרפן זי“. דאָס איז, אין קלאָמערן געזאָגט, אַ זאָרג וועגן הויבן די אַקטיווקייט פון דער מאַסע באַ דער שטרעבונג צו דערגיידעריקן די אייגענע אַקטיווקייט, וואָס איז אונז שוין באַקאַנט. אָבער איצט האַנדלט זיך ניט וועגן דעם. מאַרטינאָוו רעדט דאָ אַלזאָ וועגן ר ע וו אָ ל ו צ י אָ נ ע ר ע ר ענערגיע („אַף אַראָפּצוּוואַרפן“). און צו וואָס פאַר אַן אויספיר קומט ער? העיוים ווי אין דער געוויינלעכער צייט גייען פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע שיכטן אומפאַרמיידלעך צעשפּליטערט, איז „דעריבער קלאָר, אַז מיר, סאָציאַל=דעמאָקראַטן, קאָנען ניט גלייכצייטיק אָנפירן מיט דער אַקטיווער טעטיקייט פון פאַרשיידענע אָפּאָזיציאָנעלע שיכטן, מיר קאָנען ניט דיקטירן פאַר זיי קיין פּאָזיטיווע טעטיקייט=פּראָגראַם, מיר קאָנען ניט אָנווייזן, זיי, אַף וואָס פאַר אַ אויפאַנים מע דאַרף פון טאָג אַף טאָג קעמפן פאַר די אייגענע אינטערעסן... די ליבעראַלע שיכטן וועלן שוין אַליין זאָרגן וועגן יענעם אַקטיוון קאַמף פאַר זייערע נאָענטסטע אינטערעסן, וועלכער וועט זיי פּאָנים צו פּאָנים צונויפשטויסן מיט אונזער פּאָליטישן רעזשים“ (41). אַזוי אַרום איז אָנגעהויבן ריידן האָט מאַרטינאָוו וועגן רעוואָלוציאָנערער ענערגיע, וועגן אַן אַקטיוון קאַמף פאַר אַראָפּוואַרפן די זעלבסטהערשונג, און האָט זיך גלייך אַראָפּגעשלאָגן אַף פּראָפעסיאָנעלער ענערגיע, אַף אַקטיוון קאַמף פאַר די נאָענטסטע אינטערעסן! עס איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז מיר קאָנען ניט אָנפירן מיטן קאַמף פון די סטודענטן, ליבעראַלן א. אַנד. פאַר זייערע „נאָענטסטע אינטערעסן“,

אָבער ניט וועגן דעם האָט זיך דאָך גערעדט, כּאָשעווסטער עקאָנאָמיסט! גערעדט
האָט זיך וועגן דעם מעגלעכן און נויטיקן אָנטייל פון פאַרשיידענע געזעלשאַפט=
לעכע שיכטן אין אַראָפּוואַרפן די זעלבסטהערשונג, און מיט דערדאָזיקער
„אַקטיווער טעטיקייט פון פאַרשיידענע אָפּאָזיציאָנעלע שיכטן“ איז ניט נאָר
מיר קאָנען, נאָר מיר דאַרפן אומבאַדינגט אָנפירן, אויב מיר ווילן זיין אַן
„אַוואַנגאַרד“. וועגן דעם, אַז אונזערע סטודענטן, אונזערע ליבעראַלן א. אַנד.
זאָלן זיך „צונויפשטויסן פּאָנים צו פּאָנים מיט אונזער פּאָליטישן רעזשים“ וועלן
זאָרגן ניט נאָר זיי אַליין, — וועגן דעם וועלן פריער פון אַלץ און מער פון אַלץ
זאָרגן די פּאָליציי גופא און די באַאַמטע גופא פון דער זעלבסטהערשערישער
רעגירונג. אָבער „מיר“, אויב מיר ווילן זיין פּראָגרעסיווע דעמאָקראַטן, דאַרפן
מיר זאָרגן וועגן דעם, אַז מיר זאָלן אָנשטויסן די מענטשן, וועלכע זיינען
ניט צופרידן, אייגנטלעך, בלויז מיט די אוניווערסיטעטישע אָדער בלויז מיט די
זעמסקע א. א. וו. אָרדענונגען, אַפן געדאַנק וועגן דעם, אַז די גאַנצע פּאָליטישע
אָרדענונג טויג ניט. מיר דאַרפן נעמען אַף זיך די אויפגאַבע צו אָרגאַניזירן
אַזאַ אַלזייטיקן פּאָליטישן קאַמף אונטער דער אָנפירונג פון אונזער פּאַרטיי,
קעדיי אַלע און אַלערליי אָפּאָזיציאָנעלע שיכטן זאָלן לויט זייערע קויכעס קאָנען
העלפן און זאָלן טאַקע אָנהויבן העלפן דעמדאָזיקן קאַמף און דערדאָזיקער
פּאַרטיי. מיר דאַרפן אויסאַרבעטן פון די פּראַקטיקער — סאָציאַל=דעמאָקראַטן
אַזוינע פּאָליטישע פירער, וועלכע זאָלן קענען אָנפירן מיט אַלע אַנטפּלעקונגען
פון דעמדאָזיקן אַלזייטיקן קאַמף, וועלכע זאָלן קענען אין דער נויטיקער מינוט
„דיקטירן אַ פּאָזיטיווע טעטיקייט=פּראָגראַם“ סאַי פאַר די אומרואיקע סטודענטן,
סאַי פאַר די אומצופרידענע זעמצעס, סאַי פאַר די אויפגעבראַכטע סעקטאַנטן,
סאַי פאַר די באַליידיקטע פאָלקס=לערער א. א. וו. א. א. וו. דעריבער איז אַב=
סאָלוט ניט ריכטיק מאַרטינאָווס באַהויפּטונג, אַז „בענויגייע צו זיי
דאַרפן מיר אַרויסטרעטן בלויז אין דער נעגאַטיווער ראָלע
פון דעמאַסקירער פון די אָרדענונגען... מיר קאָנען בלויז צעזייען זייערע
האָפענונגען אַף פאַרשיידענע רעגירונגס=קאָמיסיעס“ (אונזער קורסיוו). ריידנ=
דיק אַזוי, דערוויזט מאַרטינאָוו דערמיט גופא, אַז ער פאַרשטייט מאַ=
מעש גאָרניט אין דער פראַגע וועגן דערווירקלעכער ראָלע פונם רעוואָלו=
ציאָנערן „אַוואַנגאַרד“. און אויב דער לעזער וועט דאָס נעמען אין אַכט, וועט
אים פאַרשטענדלעך ווערן דער עמעסער זין פון מאַרטינאָווס פאָלגנ=
דיקע שלום=ווערטער: „די „איסקרא“ איז אַן אָרגאַן פון דער רעוואָלוציאָנערער
אָפּאָזיציע, וועלכע דעמאַסקירט אונזערע אָרדענונגען, און דערהויפּט די פּאָלי=
טישע אָרדענונגען, אַף וויפל זיי שטויסן זיך צונויף מיט די אינטערעסן פון די
סאַמע פאַרשיידענע שיכטן פון דער באַפעלקערונג. מיר ווידער אַרבעטן און וועלן
אַרבעטן פאַר דער אַרבעטער=זאַך אין ענגן אָרגאַנישן צוזאַמענבונד מיטן פּראָ=
לעטאַרישן קאַמף. פאַרשמעלערנדיק די ספערע פון אונזער אויפווירקונג, מאַכן
מיר דערמיט גופא קאָמפּליצירטער די אויפווירקונג גופא“ (63). דער עמעסער

זין פון דעמדאָזיקן אויספיר איז אַזאַ: די „איסקרא“ וויל אויפהויבן די
טרעד־יוניאָניסטישע פּאָליטיק פונם אַרבעטער־קלאַס (מיט וועלכער עס באַ־
גרענעצן זיך באַ אונז אַזוי אָפּט די פּראַקטיקער צוליב אַ מיספאַרשטייעניש, צו־
ליב ניט צוגעגרייטקייט אָדער אויס איבערצייגונג) ביז צו אַ סאָציאַל־דעמאָקראַ־
טישער פּאָליטיק. און „ראַב. דיעלאָ“ וויל דערנידעריקן די סאָציאַל־
דעמאָקראַטישע פּאָליטיק ביז צו אַ טרעד־יוניאָניסטישער. און דערביי פאַרזיכערט
זי נאָך אַלעמען און יעדערן, אַז דאָס זיינען „פּאָזיציעס, וועלכע לאָזן זיך פול־
שטענדיק צונויפפּאָרן אין דער אַלגעמיינער זאַך“ (63). O, Sancta
Simplicitas! (אָ, הייליקע פּאַשטעס!).

לאָמיר גיין ווייטער. צי האָבן מיר קויכעס צו ווענדן אונזער פּראָפּאַגאַנדע
און אַגיטאַציע אין אַלע קלאַסן פון דער באַפעלקערונג? אַוואַדע, יאָ. אונזערע
עקאָנאָמיסטן, וועלכע זיינען ניט זעלטן געגויגט דאָס צו לייקענען, פאַרלירן דער־
ביי פון אויג יענעם ריזיקן שריט פאָרויס, וועלכן אונזער באַוועגונג האָט געמאַכט
פון 1894 (בעערעך) ביז 1901 יאָר. עמעסע „עקיסטן“, לעבן זיי אָפּטמאָל אין
פאָרשטעלונגען פונם לאַנג פאַרגאַנגענעם פעריאָד פונם אָנהויב פון דער באַוועגונג.
דעמאָלט האָבן מיר ווירקלעך געהאַט אומגעהויער ווייניק קויכעס, דעמאָלט
איז נאַטירלעך און געזעצלעך געווען די אַנטשיידנקייט אינגאַנצן אַוועקצוגיין אין
דער אַרבעט צווישן די אַרבעטער און האַרב צו פאַרורטיילן אַלערליי אָפּנויגונגען
פון איר, דעמאָלט איז די גאַנצע אויפגאַבע באַשטאַנען דערין, אַז מע זאָל זיך
באַפעסטיקן אינם אַרבעטער־קלאַס. איצט איז אין דער באַוועגונג אַריינגעצויגן
אַ ריזיקע מאַסע קויכעס, צו אונז גייען אַלע בעסטע פאָרשטייער פונם יונגן דאָר
פון די געבילדעטע קלאַסן, איבעראַל און אומעטום איבער דער גאַנצער פּראָווינץ
זיינען געצוואונגען צו זיצן מענטשן, וועלכע האָבן שוין אָנטייל גענומען אָדער
וועלכע ווילן אָנטייל נעמען אין דער באַוועגונג, מענטשן, וועלכע ציען זיך צו
דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע (אין דער צייט, ווען אין 1894 יאָר האָט מען אַף די
פינגער געקאָנט איבערציילן די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן). איינער פון די
גרונטלעכע פּאָליטישע און אָרגאַניזאַציאָנעלע פעלערן פון אונזער באַוועגונג
איז — וואָס מיר קענען ניט באַשעפטיקן דידאָזיקע אַלע קויכעס, געבן
אַלעמען אַ געהעריקע אַרבעט (געגויער וועלן מיר וועגן דעם זאָגן אינם ווייטער־
דיקן קאַפּיטל). די קאָלאָסאַלע מערהייט פון דידאָזיקע קויכעס האָט אינגאַנצן
ניט קיין מעגלעכקייט צו „גיין צו די אַרבעטער“, אַזוי אַז וועגן אַ געפאַר אָפּ־
צוציען די קויכעס פון אונזער גרונט־זאַך קאָן אַפילע קיין רייד ניט זיין. און
אַף צו געבן די אַרבעטער עכטע, אַלזייטיקע און לעבעדיקע פּאָליטישע קענטע־
ניש זיינען נויטיק „אייגענע מענטשן“, סאָציאַל־דעמאָקראַטן, אומעטום און אי־
בעראַל, אין אַלע געזעלשאַפטלעכע שיכטן, אַף אַלע פּאָזיציעס, וועלכע גיבן אַ
מעגלעכקייט צו וויסן די אינערלעכע טרייבפעדערן פון אונזער מעלוכישן מעכאַ־
ניזם. און נויטיק זיינען אַזוינע מענטשן ניט נאָר אין דער פּראָפּאַגאַנדיסטישער
און אַגיטאַציאָנעלער, נאָר נאָך מער אין דער אָרגאַניזאַציאָנעלער הינזיכט.

צי איז פֿאַראַן אַ באָדן פֿאַר אַ טעטיקייט אין אַלע קלאַסן פֿון דער באַפעלקערונג? ווער עס זעט דאָס ניט, דער איז ווידער אַמאָל הינטערשטעליק מיט זיין באַוואוסטזיניקייט פֿונם סטיכישן אויפשטייג פֿון די מאַסן. די אַרבעטער=באַוועגונג האָט אַרויסגערופן און האַלט אין אַרויסרופן אומצופרידנהייט בײַ איינע, האָפֿענונגען אַף דער שטיצע פֿון דער אָפּאָזיציע בײַ אַנדערע, אַ באַוואוסטזיין פֿון דער אומעגלעכקייט פֿון דער זעלבסטהערשונג און פֿון דער אומפֿאַרמיידלעכקייט פֿון איר קראַך בײַ די דריטע. מיר וואָלטן געווען בלויז אַפּן וואָרט „פּאָליטיקער“ און סאָציאַל=דעמאָקראַטן (ווי דאָס טרעפֿט זייער אָפֿט אין דער ווירקלעכקייט), ווען מיר וואָלטן ניט באַנומען אונזער אויפֿגאַבע אויסצונוצן אַלע און אַלערליי אַנטפּלעקונגען פֿון אומצופרידנקייט, צונויפֿזאַמלען און באַאַרבעטן אַלע ברעקלעך אַפילו פֿון אַן עמבריאָנאַלן פּראָטעסט. מיר ריידן שוין ניט וועגן דעם, אַז די גאַנצע פילמיליאָניקע מאַסע פֿונם אַרבעטנדיקן פויערטום, קוסטאַרן, קליינע באַלמעלאָכעס א. א. וו. וואָלט שטענדיק געהערט די רייד פֿון אַ וועלכן עס איז געניטן סאָציאַל=דעמאָקראַט. אָבער צי קאָן מען דען אָנווייזן כאָטש איין קלאַס פֿון דער באַפעלקערונג, אין וועלכן עס זאָל ניט זיין קיין מענטשן, גרופּן און קרייזלעך, וואָס זיינען אומצופרידן מיט דער רעכטלאָזיקייט און מיטן ווילקיר און זיינען דעריבער צוטריטלעך פֿאַר דער פּראָפּאַגאַנדע פֿון אַ סאָציאַל=דעמאָקראַט, אַלס אויסדריקער פֿון די סאַמע אָנגעווייטיקטע אַלגעמיין=דעמאָקראַטישע נויטן? און ווער עס וויל קאָנקרעט פֿאַרשטעלן זיך דידאָזיקע פּאָליטישע אַגיטאַציע פֿון אַ סאָציאַל=דעמאָקראַט אין אַלע קלאַסן און שיכטן פֿון דער באַפעלקערונג, דעם וועלן מיר אָנווייזן אַף פּאָליטישע דעמאַסקירונגען אינם ברייטן זין פֿונם דאָזיקן וואָרט, ווי אַף דעם הויפּט=מיטל (נאָר פֿאַרשטייט זיך, ניט דעם איינציקן) פֿון דעראָזיקער אַגיטאַציע.

„מיר דאַרפֿן, — האָב איך געשריבן אינם אַרטיקל „פֿון וואָס דאַרף מען אָנהויבן?“ („איסקרא“ נומער 4, מאַי 1901 יאָר), וועגן וועלכן אונז וועט אויסקומען געניי צו שמועסן ווייטער, — אויפֿוועקן אין אַלע וויפֿל ניט איז באַוואוסטזיניקע שיכטן פֿונם פֿאָלק די ליידנשאַפֿט פֿון פּאָליטישע דעמאַסקירונגען. מע דאַרף ניט אַראָפּפֿאַלן בײַ זיך פֿון דעם, וואָס די פּאָליטיש=דעמאַסקירנדיקע שטימען זיינען אַזוי שוואַך, זעלטן און שרעקעוודיק אין דער איצטיקער צייט. די סיבע דערפֿון איז — קלאַל ניט דאָס דורכוויסיקע שאָלעם=מאַכן מיט דער פּאָליציייִשער ווילקיר. די סיבע איז, וואָס בײַ די מענטשן, וועלכע זיינען פֿעאיק און גרייט צו דעמאַסקירן, איז ניטאָ קיין טריבונע, פֿון וועלכער זיי זאָלן קאָנען ריידן, — עס איז ניטאָ קיין אוידיטאָריע, וועלכע הערט ליידנשאַפֿטלעך און מונטערט אויף די רעדנער, — וואָס זיי זעען ניט אין ערגעץ אין פֿאָלק אַזאַ קראַפֿט, צו וועלכער עס זאָל ווערט זיין די מי צו ווענדן זיך מיט אַן אָנקלאָגע אַף דער „אַלמעכטיקער“ רוסישער רעגירונג... מיר זיינען איצט אומשטאַנד און מיר זיינען מעכויעוו צו באַשאַפֿן אַ טריבונע אַף צו דעמאַסקירן פֿאַרן גאַנצן פֿאָלק די צאַרישע רעגירונג; אַזאַ טריבונע דאַרף זיין אַ סאָציאַל=דעמאָקראַטישע צייטונג“.

און טאַקע אַזאַ אידעאַלע אווידיטאָריע פאַר פּאָליטישע דעמאַסקירונגען איז דער אַרבעטער־קלאַס, וועמען די אַלזייטיקע און לעבעדיקע פּאָליטישע קענטעניש איז נויטיק פריער פאַר אַלץ און מער פון אַלץ; וועלכער איז מער פון אַלעמען פעאיק צו פאַרוואַנדלען דאָסדאָזיקע וויסן אין אַקטיוון קאַמף, אויב אַפילע ער זאָל קיין שום „מאַטאָשעסדיקע רעזולטאַטן" ניט פאַרשפּרעכן. און אַ טריבונע פאַר דעמאַסקירונגען פאַרן גאַנצן פאָלק קאָן זיין בלויז אַן אַלרוסישע צייטונג. „אָן אַ פּאָליטישן אָרגאַן קאָן מען זיך ניט פאָרשטעלן אין דער מאָדערנער אייראָפּע קיין באַוועגונג, וועלכע פאַרדינט דעם נאָמען פּאָליטישע", און רוסלאַנד געהערט אָן ספק אין דעראָזיקער הינזיכט אויך צו דער מאָדערנער אייראָפּע. די פּרעסע איז שוין לאַנג געוואָרן באַ אונז אַ קראַפט — אַנדערש וואָלט די רעגירונג ניט געפּאַטערט קיין צענדליקער טויזנטער רובל אַף אונטערצוקויפן זי און אַף צו סובסידירן די פאַרשיידענע קאַטקאָווס * און מעשטשערסקים **. און עס איז ניט קיין נייס אינם זעלבסטהערשערישן רוסלאַנד, אַז די אומלעגאַלע פּרעסע האָט דורכגעבראָכן די צענזור־שלעסער און האָט געצוואונגען די לעגאַלע און קאָנסערוואַטיווע אָרגאַנען, זיי זאָלן אָפן רייד וועגן איר. אַזוי איז געווען סאַי אין די 70־קער, סאַי אַפילע אין די 50־קער יאָרן. און אין וויפל מאָל ברייטער און טיפער זיינען איצט יענע פאָלק־שיכטן, וועלכע זיינען גרייט צו לייענען די אומלעגאַלע פּרעסע און זיך צו לערנען פון איר, „ווי אַזוי צו לעבן און שטאַרבן", באַנוצנדיק דעם אויסדרוק פון אַן אַרבעטער, וועלכער האָט זיך געווענדעט מיט אַ בריוו צו דער „איסקרא" (נומער 7). די פּאָליטישע דעמאַסקירונגען זיינען פּונקט אַזאַ מילכאָמע־דערקלערונג דער רעגירונג, ווי די עקאָנאָמישע דעמאַסקירונגען דערקלערן מילכאָמע דעם פאַבריקאַנט, און וואָס ברייטער און שטאַרקער עס איז דידאָזיקע דעמאַסקירונג־קאַמפּאַניע, וואָס פילצאָליקער און אַנטשיידענער עס איז דער געזעלשאַפטלעכער קלאַס, וועלכער דערקלערט די מילכאָמע, קעדיי אָנצוהויבן די מילכאָמע, אַלץ אַ גרעסערע מאָראַלישע באַדייטונג האָט דידאָזיקע מילכאָמע־דערקלערונג. די פּאָליטישע דעמאַסקירונגען זיינען דעריבער שוין אַליין פאַר זיך איינער פון די מעכטיקע מיטלען צו דעמאָראַליזירן די פיינטלעכע אָרדענונג, פון די מיטלען אָפּצוציען באַם סוינע זיינע צופעליקע אָדער צייטווייליקע פאַרבינדעטע, פון די מיטלען צו זייען סינע און אומצוטרוי צווישן די שטענדיקע אָנטיילנעמער אין דער זעלבסטהערשערישער מאַכט.

אַן אַוואַנגאַרד פון די רעוואָלוציאָנערע קויכעס וועט אין אונזער צייט קאָנען ווערן בלויז די פּאַרטיי, וועלכע וועט אָרגאַניזירןווירקלעך אַלפאָלקישע דעמאַסקירונגען. און דאָסדאָזיקע וואָרט: „אַלפאָלקישע" האָט זייער אַ

---

* רעאַקציאָנערער פּובליציסט, רעדאַקטאָר פון דער שוואַרצער צייטונג „מאָסקאָווסקיאַ וויעדאָמאָסטי".

** דאָסזעלבע. רעדאַקטאָר פון דעם שוואַרצן, לייבאייגנטימערישן „גראַזשדאַנין". איב.

גרויסן אינהאַלט. די קאָלאָסאַלע מערהייט דעמאַסקירער פון דעם ניט-אַרבעטערשן קלאַס (און קעדיי צו ווערן אַן אַוואַנגאַרד דאַרף מען טאַקע צוציען אַנדערע קלאַסן) — זיינען ניכטערע פּאָליטיקער און קאַלטבלוטיקע געשעפטלעכע מענטשן, זיי ווייסן אויסגעצייכנט, ווי ניט אומגעפערלעך עס איז צו „קלאָגן זיך" אַפילע אַפן קלענסטן באַאַמטן, שוין אָפּגערעדט אַף דער „אַלמעכטיקער" רוסישער רע-גירונג. און זיי וועלן זיך ווענדן צו אונז מיט אַן אָנקלאָגע נאָר דאַן, ווען זיי וועלן דערזעען, אַז דידאָזיקע אָנקלאָגע איז ווירקלעך אימשטאַנד צו האָבן אַ ווירקונג, אַז מיר שטעלן מיט זיך פאָר אַ פּאָליטישע קראַפט. קעדיי צו ווערן אַזאַ קראַפט אין די אויגן פון זייטיקע פּערזאָנען, דאַרף מען אַסאַך און אַקשאָנעסדיק אַרבעטן אַף צו העכערן אונזער באַוואוסטזיניקייט, איניציאַ-טיוווקייט און ענערגיע; דערצו איז ניט גענוג אויפצוהענגען דאָס קוויטל „אַוואַנ-גאַרד" אַף דער טעאָריע און פּראַקטיק פונם אַריערגאַרד.

נאָר אויב מיר דאַרפן נעמען אַף זיך די אָרגאַניזירונג פון ווירקלעך אַלפאַלקי-שע דעמאַסקירונגען פון דער רעגירונג, איז אין וואָס וועט זיך אויסדריקן דעמאָלט דער קלאַסן-כאַראַקטער פון אונזער באַוועגונג? — וועט פרעגן און פרעגט שוין באַ אונז דער ניט לויט זיין סייכל אייפערדיקער נאָכפאָלגער פונם „ענגן אָרגאַ-נישן צוזאַמענבונד מיטן פּראָלעטאַרישן קאַמף". — אָט טאַקע דערין, וואָס דידאָ-זיקע אַלפאַלקישע דעמאַסקירונגען אָרגאַניזירן מיר, סאָציאַל-דעמאָקראַטן; — דערין, וואָס די באַלויכטונג פון אַלע פראַגן, וועלכע ווערן אויפגעהויבן דורך דער אַגיטאַציע, וועט געגעבן ווערן אין אַן אויסגעהאַלטן סאָציאַל-דעמאָקראַטישן גייסט, אָן שום האַנאָכעלעך פאַר די בעקיוונדיקע און ניט בעקיוונדיקע פאַרקריפּלונגען פונם מאַרקסיזם; — דערין, וואָס פירן דידאָזיקע אַלזייטיקע פּאָליטישע אַגיטאַ-ציע וועט די פּאַרטיי, וועלכע פאַרייניקט אין איין ניט צערייסבאַר גאַנצעס סאַי דעם אָנגריף אַף דער רעגירונג אינם נאָמען פונם גאַנצן פאָלק, סאַי די רעוואָלו-ציאָנערע דערציאונג פונם פּראָלעטאַריאַט, אָפּהיטנדיק דערביי זיין פּאָליטישע זעלבשטענדיקייט, סאַי די אָנפירונג מיטן עקאָנאָמישן קאַמף פונם אַרבעטער-קלאַס, די אויטיליזירונג פון יענע סטיכישע צוזאַמענשטויסן זיינע מיט די עקס-פּלואַטאַטאָרס, וועלכע הויבן אויף און ציען צו אין אונזער לאַגער אַריין נייע און נייע שיכטן פּראָלעטאַריאַט!

אָבער איינער פון די סאַמע כאַראַקטעריסטישע שטריכן פונם עקאָנאָמיזם איז גראָד דאָס ניט פאַרשטיין דידאָזיקע פאַרבינדונג — נאָך מער: דאָסדאָזיקע צוזאַמענפאַלן פון דער סאַמע דרינגענדיקער באַדערפעניש פונם פּראָלעטאַריאַט (אַלזייטיקע פּאָליטישע דערציאונג דורך פּאָליטישער אַגיטאַציע און פּאָליטישע דעמאַסקירונגען) און דער באַדערפעניש פון דער אַלגעמיין דעמאָקראַטישער באַוועגונג. דאָס ניט פאַרשטיין דריקט זיך אויס ניט נאָר אין די „מאַרטינאָווישע" פראַזעס, נאָר אויך אינם פאַרופן זיך אַפן קלוימערשט קלאַסאָוון שטאַנדפּונקט, וואָס איז לויטן זין אידענטיש מיט דידאָזיקע פראַזן. אָט, לעמאָשל, ווי אַזוי עס דריקן זיך אויס וועגן דעם די מעכאַברים פונם „עקאָנאָמישן" בריוו אין נומער

12 „איסקרא“ *: „דערזעלביקער גרונט=פעלער פון דער „איסקרא“ (דאָס איבער=
שאַצן די אידעאָלאָגיע) איז די סיבע פון איר ניט אויסגעהאַלטנקייט אין די פראַגן
וועגן דער באַציאונג פון דער סאָציאַל=דעמאָקראַטיע צו פאַרשיידענע געזעלשאַפט=
לעכע קלאַסן און ריכטונגען. לייזנדיק מיט דער הילף פון טעאָרעטישע כעשבוי=
נעס...“ (און ניט מיט דער הילף פונם „וואוקס פון די פאַרטיי=אויפגאַבן, וועלכע
וואַקסן צוזאַמען מיט דער פאַרטיי...“) „די אויפגאַבע וועגן באַלדיקן איבערגאַנג
צום קאַמף קעגן אַבסאָלוטיזם און פילנדיק, ווייזט אויס, די גאַנצע שווערקייט
פון דערדאָזיקער אויפגאַבע פאַר די אַרבעטער בא דער איצטיקער זאַכלאַגע“...
(און ניט נאָר פילנדיק, נאָר אויסגעצייכנט ווינסדיק, אַז פאַר די אַרבעטער זעט
אוים דידאָזיקע אויפגאַבע צו זיין ווייניקער שווער, איידער פאַר די „עקאָנאָמישע“
אינטעליגענטן, וועלכע זאָרגן וועגן קליינע קינדער, ווייל די אַרבעטער זיינען גרייט
צו שלאָגן זיך אַפילע פאַר פאָדערונגען, וועלכע פאַרשפּרעכן ניט, ריידנדיק מיט
דער שפּראַך פונם אומפאַרגעסלעכן מאַרטינאָוו, קיין שום „מאַמאָשעסדיקע רע=
זולטאַטן“)... „נאָר ניט האָבנדיק קיין געדולד צו וואַרטן, אַז זיי זאָלן ווייטער אָנ=
זאַמלען קויכעס פאַר דעמדאָזיקן קאַמף, הויבט אָן די „איסקרא“ צו זוכן פאַר=
בינדעטע אין די רייען פון די ליבעראַלן און פון דער אינטעליגענץ“...

יאָ, יאָ, מיר האָבן ווירקלעך שוין פאַרלאָרן יעטווידער „געדולד“ צו „וואַרטן“
אַף יענער גליקלעכער צייט, וואָס אַלערליי „שאָלעם=מאַכערס“ האָבן אונז שוין
לאַנג=לאַנג צוגעזאָגט, ווען אונזערע עקאָנאָמיסטן וועלן אויפהערן אַרויפצוא=
וואַרפן זייער אָפּגעשטאַנענקייט אַף די אַרבעטער, באַרעכטיקן דעם מאַנגל
פון זייער ענערגיע מיט דעם, אַז בא די אַרבעטער פעלט קלוימערשט קויכעס.
מיר וועלן פרעגן בא אונזערע עקאָנאָמיסטן: אין וואָס דאַרף באַשטיין די „אָנ=
זאַמלונג פון קויכעס דורך די אַרבעטער פאַר דעמדאָזיקן קאַמף“? איז דען ניט
וואַרשיינלעך, אַז אין דער פאָליטישער דערציאונג פון די אַרבעטער, אינם דע=
מאַסקירן פאַר זיי אַלע זייטן פון אונזער עקלהאַפטער זעלבסטהערשונג? צי
איז דען ניט קלאָר, אַז גראָד פאַר דערדאָזיקער אַרבעט זיינען
אונז טאַקע נויטיק „פאַרבינדעטע אין די רייען פון די ליבעראַלן און פון דער
אינטעליגענץ“, וועלכע זיינען גרייט צו טיילן זיך מיט אונז מיט די דעמאַסקי=
רונגען פונם פאָליטישן אָנגריף אַף די זעמצעס, אַף די לערער, סטאַטיסטיקער,
סטודענטן א. א. וו.? צי דען איז טאַקע בעעמעס שוין אַזוי שווער צו פאַרשטיין
דידאָזיקע וואונדערבאַר „קונציקע מעכאַניק“? צי דען טאַינעט צו אייך ניט

* דער מאַנגל אין אָרט האָט אונז ניט דערלויבט אין דער „איסקרא“ מיט דער פולער
גענויקייט צו ענטפערן אַף „דעמדאָזיקן פאַר די עקאָנאָמיסטן כאַראַקטעריסטישן בריוו.
אונז האָט זייער געפרייט דאָס, וואָס ער איז דערשינען, ווייל די רייד,עריען וועגן דער
ניט אויסגעהאַלטנקייט פונם קלאַסן=שטאַנדפּונקט אין דער „איסקרא“ זיינען צו אונז
דערגאַנגען שוין פון לאַנג און פון סאַמע פאַרשיידענע זייטן, און מיר האָבן בלויז
געזוכט אַ פּאַסנדיקע געלעגנהייט אָדער אַן אויסגעפורעמטן אויסדרוק פון דער אַרומ=
גייענדיקער באַשולדיקונג, קעדיי צו ענטפערן אַף איר. און ענטפערן אַף אָנפאַלן זיינען
מיר געוואוינט ניט מיט פאַרטיידיקונג, נאָר מיט אַ קאָנטער=אָנפאַל.

פּ. ב. אַקסעלראָד שוין פון 1897 יאָר: „די אויפגאַבע צו דערווערבן אָנהענגער און דירעקטע אָדער אומדירעקטע פאַרבינדעטע דורך די רוסישע סאָציאַל=דעמאָקראַטן צווישן די ניט פּראָלעטאַרישע קלאַסן ווערט געלייזט פריער פון אַלץ און הויפּטזאַכלעך דורכן כאַראַקטער פון דער פּראָפּאַגאַנדיסטישער טעטיקייט אינם פּראָלעטאַריאַט גופא“? און מאַרטינאָוו און די איבעריקע עקאָנאָמיסטן שטעלן זיך פונדעסטוועגן נאָך אַלץ פאָר די זאַך אַזוי, אַז די אַרבעטער דאַרפן פ ר י ע ר אָנזאַמלען פאַר זיך קויכעס (פאַר אַ טרעד=יוניאָניסטישער פּאָליטיק) דורך אַ „עקאָנאָמישן קאַמף מיט די באַלעבאַטים און מיט דער רעגירונג“, און ד ע ר נ אָ ך שוין „אַריבערגיין“, — ווייזט אויס, פון דער טרעד=יוניאָניסטישער „דערציאונג פון דער אַקטיווקייט“ צו סאָציאַל=דעמאָקראַטישער אַקטיווקייט!

„...אין אירע זוכענישן, — שרייבן ווייטער די עקאָנאָמיסטן, — גייט די „איסקרא“ ניט זעלטן אַראָפּ פונם קלאַסן=שטאַנדפּונקט, פאַרטושנדיק די קלאַסן=ווידערשפּרוכן און אַרויסרוקנדיק אַפן ערשטן פּלאַן די געמיינזאַמקייט פון אומצופרידנקייט מיט דער רעגירונג, האַגאַם די סיבעס און די מאַדרייגע פון דער דאָזיקער אומצופרידנקייט זיינען בײַ די „פאַרבינדעטע“ גאַנץ פאַרשיידענע. אַזוינע זיינען, לעמאָשל, די באַציאונגען פון דער „איסקראַ“ צו דער זעמסטווע“... די „איסקרא“ „זאָגט קלוימערשט צו די פּריצים, וועלכע זיינען ניט צופרידן מיט די רעגירונגס=נעדאָוועס, הילף מיצאַד דעם אַרבעטער=קלאַס, און לאָזט ניט פאַלן דערבײַ קיין איין וואָרט וועגן דעם קלאַסן=שטרייט צווישן די דאָזיקע שיכטן פון דער באַפעלקערונג“. אויב דער לעזער וועט זיך ווענדן צו די אַרטיקלען „די זעלבסטהערשונג און די זעמסטווע“ (נומערן 2 און 4 „איסקראַ“, וועגן וועלכע עס רייד, וואַרשיינלעך, די מעכאַברים פונם בריוו, וועט ער דערזען, אַז די דאָזיקע אַרטיקלען * זיינען געווידמעט דער באַציאונג פ ו ן ד ע ר ר ע ג י ר ו נ ג צו דער „ווייכער אַגיטאַציע פון דער שטאַנדיש=ביוראָקראַטישער זעמסטווע“, צו דער „זעלבסטטעטיקייט אַפילע פון די פאַרמעגלעכע קלאַסן“. אינם אַרטיקל רעדט זיך, אַז דער אַרבעטער טאָר ניט קוקן גלייכגילטיק אַפן קאַמף פון דער רעגירונג קעגן דער זעמסטווע, און די זעמצעס ווערן איינגעלאַדן אַוועקצוּוואַרפן די ווייכע רייד און צו זאָגן אַ האַרט און שאַרף וואָרט, ווען פאַר דער רעגירונג וועט זיך אין דער גאַנצער גרויס אַוועקשטעלן די רעוואָלוציאָנערע סאָציאַל=דעמאָקראַטיע. מיט וואָס זיינען דאָ ניט מאַסקים די מעכאַברים פונם בריוו? — איז ניט באַוואוסט. צי מיינען זיי, אַז דער אַרבעטער „וועט ניט פאַרשטיין“ די ווערטער: „פאַרמעגלעכע קלאַסן“ און „שטאַנדיש=ביוראָקראַטישע זעמסטווע“? — אַז דאָס א ו נ ט ע ר ש ט ו י ס ן די זעמסטוועס אַריבערצוגיין פון ווייכע צו שאַרפע ווערטער איז אַן „איבערשאַצונג פון דער אידעאָלאָגיע“? צי שטעלן זיי זיך פאָר, אַז די אַרבעטער קאָנען „אָנזאַמלען אין זיך קויכעס“ פאַרן קאַמף מיטן אַבסאָלוטיזם, אויב זיי וועלן ניט וויסן וועגן דער באַציאונג

* און צווישן די דאָזיקע אַרטיקלען („איסקרא“ נומער 3) איז אָפּגעדרוקט געוועזן אַן אַרטיקל ספּעציעל וועגן די קלאַסן=אַנטאַגאָניזמען אין אונזער דאָרף.

פונם אַבסאָלוטיזם א ו י ך  צו דער זעמסטווע? דאָס אַלץ בלייבט ווידער אַמאָל
ניט באַוואוסט. קלאָר איז נאָר איינס: אַז די מעכאַברים שטעלן זיך זייער געפאַל=
האַפט פאָר די פּאָליטישע אויפגאַבן פון דער סאָציאַל=דעמאָקראַטיע. נאָך קלאָרער
איז עס פון זייער פראַזע: „פּונקט אַזאַ“ (דאָס הייסט אויך „אַזאַ, וואָס פאַרטונקלט
די קלאַסן=אַנטאָגאָניזמען“) „איז די באַציאונג פון דער „איסקרא“ אויך צו
דער סטודענטישער באַוועגונג“. אָנשטאָט צו רופן די אַרבעטער דורך אַן עפנט=
לעכער דעמאָנסטראַציע צו דערקלערן, אַז דער עמעסער מאָקער פון גוואַלטאַטן,
סקאַנדאַלן און צעווילדעוועטקייט איז ניט די סטודענטנשאַפט, נאָר די רוסישע
רעגירונג („איסקרא“ נומער 2), האָבן מיר, ווייזט אויס, געדאַרפט אָפּדרוקן אַ
בקירע אינם גייסט פון דער „ראַב. מיסל“! און אַזעלכע געדאַנקען זאָגן אַרויס
סאָציאַל=דעמאָקראַטן אין האַרבסט 1901 יאָר, נאָך די פעוראַלער און מאַרט=
געשעענישן, ערעוו אַ נייעם סטודענטישן אויפשטייג, וועלכער ווייזט אַרויס, אַז
אויך אינם דאָזיקן געביט  י אָ ג ט  די „סטיכישקייט“ פונם פּראָטעסט קעגן דער
זעלבסטהערשונג איבער די באַוואוסטזיניקע אָנפירונג מיט דער באַוועגונג מיצאַד
דער סאָציאַל=דעמאָקראַטיע. די סטיכישע שטרעבונג פון די אַרבעטער אָנצו=
נעמען זיך פאַר די סטודענטן, וועלכע ווערן געשלאָגן דורך דער פּאָליציי און
דורך קאָזאַקן, יאָגט איבער די באַוואוסטזיניקע טעטיקייט פון דער סאָציאַל=דע=
מאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע!

„און דאָך, אין אַנדערע אַרטיקלען — שרייבן ווייטער די מעכאַברים פונם
בריוו — פאַרורטיילט די „איסקרא“ שאַרף אַלערליי קאָמפּראָמיסן און טרעט
אַרויס, לעמאָשל, צו פאַרטיידיקן די ניט טאָלעראַנטע אויפירונג פון די געדיסטן“.
מיר ראַטן די מענטשן, וועלכע דערקלערן געוויינלעך מיט אַזאַ זעלבסט זיכערקייט
און אַזוי לייכטזיניק מיקויעך די מיינונגס=פאַרשיידנהייטן צווישן די מאָדערנע
סאָציאַל=דעמאָקראַטן, אַז דידאָזיקע מיינונגס=פאַרשיידנהייטן זיינען, הייסט עס,
ניט קיין וועזנטלעכע און באַרעכטיקן ניט קיין שפּאַלטונג, — אַז זיי זאָלן ווי
געהעריק אַ טראַכט טאָן איבער דידאָזיקע ווערטער. צי איז דען מעגלעך, אַז אין
איין אָרגאַניזאַציע זאָלן מיט דערפאָלג אַרבעטן מענטשן, וועלכע זאָגן, אַז אין
דער זאַך פון קלאָר מאַכן די פיינטלעכקייט פון דער זעלבסטהערשונג פאַר די
סאַמע פאַרשיידענע קלאַסן, אין דער זאַך פון באַקאַנט מאַכן די אַרבעטער מיט
דער אָפּאָזיציע צו דער זעלבסטהערשונג מיצאַד די סאַמע פאַרשיידענע שיכטן
האָבן מיר נאָך געטאָן וואונדערבאַר ווייניק, — און מענטשן, וועלכע זעען אין
דערדאָזיקער זאַך אַ „קאָמפּראָמיס“, ווייזט אויס, אַ קאָמפּראָמיס מיט דער
טעאָריע פון „עקאָנאָמישן קאַמף מיט די באַלעבאַטים און מיט דער רעגירונג“?

מיר האָבן גערעדט וועגן דער נויטיקייט אַריינצוטראָגן דעם קלאַסן=קאַמף אין
דאָרף אין פאַרבינדונג מיטן 40=טן יאָרטאָג פון דער פּויערים=באַפרייאונג, (נו=
מער 3) און וועגן דעם, אַז עס קאָן זיין קיין שאָלעם צווישן דער זעלבסט=
פאַרוואַלטונג און דער זעלבסטהערשונג, אין פאַרבינדונג מיט וויטעס געהיימען

מעמאָראַנדום (נומער 4); מיר זיינען אָנגעפאַלן אַף דער לייבאייגנטימערישקייט פון די ערד באַזיצער און פון דער רעגירונג, וועלכע דינט זיי, אין פאַרבינדונג מיטן נייעם געזעץ (נומער 8) און האָבן באַגריסט דעם אומלעגאַלן זעמסקן צוזאַמענפאָר, דערמוטיקנדיק די זעמצעס, זיי זאָלן אַריבערגיין פון די דערנידעריקטע הישטאַדלעסן צו קאַמף (נומער 8); — מיר האָבן דערמוטיקט די סטודענטן, וועלכע האָבן אָנגעהויבן צו פאַרשטיין די נויטיקייט פון פּאָליטישן קאַמף און זיינען אַריבער צו אים (נומער 3), און אין דערזעלביקער צייט האָבן מיר האַרב געשמיסן דאָס „ווילדע ניט פאַרשטיין“, וואָס עס האָבן אַרויסגעוויזן די אָנהענגער פון אַ „בלויז סטודענטישער“ באַוועגונג, וועלכע האָבן איינגעלאַדן די סטודענטן ניט אָנטייל צו נעמען אין די גאַסן-דעמאָנסטראַציעס (נומער 3, מיקויעך דעם אויפרוף פונם אויספיר-קאָמיטעט פון דער מאָסקווער סטודענטשאַפט דעם 25 פעוורואַל); מיר האָבן דעמאַסקירט די „אומזיניקע כאַלוימעס“ און „ליגנערישע צוויעס“ פון די ליבעראַלע איבערגעשפּיצטע מענטשן פון דער צייטונג „ראָסיאַ“ (נומער 5) און אין דערזעלביקער צייט האָבן מיר פאַרצייכנט דאָס ווילדעווען פון דער רעגירונגס אינקוויזיציע-קאַמער, וואָס האָט „זיך צערעכנט מיט די פרידלעכע ליטעראַטן, מיט די אַלטע פּראָפעסאָרן און געלערנטע, מיט באַוואוסטע ליבעראַלע זעמצעס“ (נומער 5: „דער פּאָליציייאישער אָנפאַל אַף דער ליטעראַטור“); מיר האָבן דעמאַסקירט די עמעסע באַדייטונג פון דער פּראָגראַם וועגן „מעלוכישער זאָרג פאַר דער וואויל-איינאָרדענונג פונם אַרבעטערשן לעבן-שטייגער“ און האָבן באַגריסט די „ווערטפולע אנערקענונג“, אַז „עס איז בעסער מיט רעפאָרמען פון אויבן פאָרויס צו באַוואָרענען ענלעכע פאָדערונגען פון אונטן, איידער צו דערוואַרטן זיך אַף די לעצטע“ (נומער 6); — מיר האָבן אויפגעמונטערט די סטאַטיסטיקער-פּראָטעסטאַנטן (נומער 7) און האָבן געטאַדלט די סטאַטיסטיקער-שטרייקברעכער (נומער 9). ווער עס זעט איין אין דערדאָזיקער טאַקטיק אַ פאַרטונקעלונג פונם פּראָלעטאַריאַטס קלאַסן-באַוואוסטזיין און אַ קאָמפּראָמיס מיטן ליבעראַליזם, — דער ווייזט דערמיט גופע אַרויס, אַז ער פאַרשטייט אַבסאָלוט ניט די עמעסע באַדייטונג פון דער „קרעדאָ“-פּראָגראַם און אַז ער פירט פּאַקטיש דורך טאַקע דידאָזיקע פּראָגראַם, וויפל ער זאָל זיך פון איר ניט אָפּזאָגן! דערפאַר, ווייל דערמיט גופע שלעפּט ער די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע צו אַ „עקאָנאָמישן קאַמף מיט די באַלעבאַטים און מיט דער רעגירונג“ און טרעט אָפּ פאַרן ליבעראַליזם, אָפּזאָגנדיק זיך פון דער אויפגאַבע אַקטיוו זיך אַריינצומישן אין יעטווידער „ליבעראַלער“ פראַגע און צו באַשטימען זיינע, די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע, באַציאונג צו דערדאָזיקער פראַגע.

## ו) נאָך אמאָל „רעכילעס-טרייבער“. נאָך אמאָל „מיסטיפי-קאטאָרס“

דידאָזיקע העפּלעכע ווערטער געהערן, ווי דער לעזער געדענקט, דער „ראַב. דיעלאָ“, וועלכע ענטפערט אַף אַזאַ אויפן דערויף, וואָס מיר באַשולדיקן זי אין „אומדירעקטן צוגרייטן אַ באָדן אַף צו פאַרוואַנדלען די אַרבעטער-באַוועגונג אין אַ ווערקצייג פון דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע“. אין איר טמימעסדיקייט האָט „ראַב. דיעלאָ“ באַשלאָסן, אַז דידאָזיקע באַשולדיקונג איז בלויז אַ פּאָלעמישער אַרויספאַל: דידאָזיקע בייזע דאָגמאַטיקער האָבן, הייסט עס, באַשלאָסן אָנצורייזן אַף אונז אַלערליי אומאַנגענעמע זאַכן: נו, איז וואָס קאָן דען זיין מער אומאַנגענעם, ווי צו זיין אַ ווערקצייג פון דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע? איז אָט דרוקט זיך מיט פעטן שריפט אַ „האַקכאָשע“: „מיט קיין זאַך ניט צוגעפּוצטע רעכילעס“ („צוויי צוזאַמענפאָרן“, ז. 30), „מיסטיפיקאַציע“ (31), „מאַסקאַראַד“ (33). פּונקט ווי יופּיטער, בייזערט זיך די „ראַב: דיעלאָ“ (האָגאָט זי איז אַפילע ווייניק ענלעך אַף יופּיטערן) טאַקע דערפאַר, ווייל זי איז ניט גערעכט, דערווייזנדיק מיט אירע געאיילטע זידלערייען די אומפעאיקייט אַריינצוטראַכטן זיך אין דעם געדאַנקען-גאַנג פון אירע קעגנער. און מע וואָלט דאָך ניט קיין סאך געדאַרפט אַ טראַכט טאָן, קעדיי צו פאַרשטיין, פאַרוואָס יעטוויידער בוקן זיך פאַר דער סטיכישקייט פון דער מאַסן-באַוועגונג, יעטווידער דערנידערונג פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאָליטיק ביז צו אַ טרעד-יוניאָניסטישער איז טאַקע אַ צוגרייטונג פון דעם באָדן אַף צו פאַרוואַנדלען די אַרבעטער-באַוועגונג אין אַ ווערקצייג פון דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע. די סטיכישע אַרבעטער-באַוועגונג אַליין פאַר זיך איז פעאיק צו באַשאַפן (און באַשאַפט אומפאַרמיידלעך) בלויז טרעד-יוניאָניזם, און די טרעד-יוניאָניסטישע פּאָליטיק פונם אַרבעטער-קלאַס איז טאַקע אַ בורזשואַזע פּאָליטיק פונם אַרבעטער-קלאַס. דער אָנטייל פונם אַרבעטער-קלאַס אינם פּאָליטישן קאַמף און אַפילע אין אַ פּאָליטישער רעוואָלוציע מאַכט נאָך קלאָל ניט זיין פּאָליטיק פאַר קיין סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּאָליטיק. עפּשער וועט דער „ראַב. דיעלאָ“ איינפאַלן דאָס אָפּצולייקענען? עפּשער וועט איר ענדלעך איינפאַלן אָפּן און אָן דריידלען צו דערציילן אַלעמען, ווי זי פאַרשטייט די אָנגעווייטיקטע פראַגן פון דער אינטערנאַציאָנאַלער און רוסישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע? — אָ, ניין, אַזא זאַך וועט איר קיינמאָל ניט איינפאַלן, ווייל זי האַלט זיך שטענדיק בא דעם מעטאָד, וועלכן מע קאָן אָנרופן אַ מעטאָד פון „דערקלערן, אַז מע איז ניטאָ!“ איך בין ניט איך, און דאָס פערד איז ניט מיינס, איך בין ניט קיין פורמאַן. מיר זיינען ניט קיין עקאָנאָמיסטן, „ראַב. מיסל“ איז ניט קיין עקאָנאָמיזם, אין רוסלאַנד איז ביכלאַל ניטאָ קיין עקאָנאָמיזם. דאָס איז אַ מערקווירדיק קונציקער און „פּאָליטישער“ מעטאָד, וועלכער האָט בלויז די קליינע אומבאַ-

קוועמלעכקייט, וואָס די אָרגאַנען, וועלכע פּראַקטיקירן אים, איז אָנגענומען צו רופן מיטן צונאָמען: „וואָס איז געפעליק“? *

„ראַב. דיעלאָ“ דאַכט זיך, אַז ביכלאַל איז די בורזשואַזע דעמאָקראַטיע אין רוסלאַנד אַ „פאַנטאָם“ („צוויי צוזאַמענפאָרן“, ז. 32) **. גליקלעכע מענטשן! פּונקט ווי אַ שטרויס, באַהאַלטן זיי דעם קאָפּ אונטערן פליגל און מיינען, אַז דערפון פאַרשווינדט אַלץ אַרום. די ריי ליבעראַלע פּובליציסטן, וועלכע זאָגן אָן יעדן כוידעש אַלעמען וועגן זייער טריאומף איבער דער צעפאַלונג און אַפילע פאַרשווינדונג פונם מאַרקסיזם; די ריי ליבעראַלע צייטונגען („ספ“ב ווערדאָ-מאָסטי“, „רוסקיע וועדאָמאָסטי“ און פיל אַנדערע), וועלכע מונטערן אויף די ליבעראַלן, וואָס טראָגן צו די אַרבעטער דאָס ברענטאַנישע ** אַרט פאַרשטיין דעם קלאַסן-קאַמף און דאָס טרעד-יוניאָניסטישע פאַרשטיין די פּאָליטיק; — די כעוורע קריטיקער פונם מאַרקסיזם, וועמעס עמעסע טענדענצן עס האָט אַזוי גוט אויפגעדעקט די „קרעדאָ“ און וואָס בלויז זייערע ליטעראַרישע סכוירעס אַליין שפּאַצירן אַרום אָן צינז און אָן שטייער איבער רוסלאַנד; — די באַלעבונג פון די רעוואָליוציאָנערע נ י ט סאָציאַל-דעמאָקראַטישע ריכטונגען, באַזונדערס נאָך די פעוורואַלע און מאַרטישע געשעענישן — דאָס אַלץ איז מיסטאָמע אַ פאַנטאָם! דאָס אַלץ האָט גיט אַבסאָלוט קיין שום שאַיכעס צו בורזשואַזער דעמאָקראַטיע!

די „ראַב. דיעלאָ“, פּונקט ווי די מעכאַברים פונם עקאָנאָמישן בריוו אין נומער 12 „איסקרא“, וואָלטן באַדאַרפט „זיך פאַרטראַכטן איבער דעם, פאַרוואָס האָבן עס די פרילינגדיקע געשעענישן אַרויסגערופן אַזאַ באַלעבונג פון די רעוואָלוציאָנערע ניט סאָציאַל-דעמאָקראַטישע ריכטונגען, אָנשטאָט אַרויסצורופן אַ פאַרשטאַרקונג פונם אַוטאָריטעט און פּרעסטיזש פון דער סאָציאַל-דעמאָ-קראַטיע?“ — דערפאַר, ווייל מיר האָבן זיך אַרויסגעוויזן ניט אַף דער הויך פון דער אויפגאַבע, די אַקטיוויקייט פון די אַרבעטער-מאַסן האָט זיך אַרויס-

* דעם סאָף פונם אָפּזאַץ, אָנהויבנדיק מיט די ווערטער: „עפשער וועט דער ר. ד. איינפאַלן דאָס אָפּלייקענען“ — האָט לענין אין דער אויסגאַבע פונם 1908 אויסגעמעקט.

** דאָ קומט אויך דאָס פאַרופן זיך אַף די „קאָנקרעטע רוסישע באַדינגונגען, וועלכע שטויסן די רוסישע אַרבעטער-באַוועגונג אַפן רעוואָלוציאָנערן וועג“. מענטשן ווילן ניט פאַרשטיין, אַז דער רעוואָלוציאָנערער וועג פון דער אַרבעטער-באַוועגונג קאָן נאָך זיין אויך ניט קיין סאָציאַל-דעמאָקראַטישער וועג! די גאַנצע מאַירעוו-אייראָפּעאַישע בורזשואַזיע האָט דאָך באַם אַבסאָלוטיזם „געשטויסן“, באַוואוסטזיניק געשטויסן די אַרבעטער אַף אַ רעוואָלוציאָנערן וועג. מיר אָבער, סאָציאַל-דעמאָקראַטן, קאָנען זיך דער-מיט ניט באַפרידיקן. און אויב מיר דערנידעריקן מיט וואָס ניט איז די סאָציאַל-דעמאָ-קראַטישע פּאָליטיק ביז צו אַ סטיכישער טרעד-יוניאָניסטישער פּאָליטיק, איז גראָד דער-מיט שפּילן מיר אין האַנט דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע.

** ברענטאַנאָ — בורזשואַזער דייטשישער עקאָנאָמיסט, קעגנער פונם מאַרקסיזם, פּריידיקער פון „האַרמאָניע צווישן קלאַסן“ און פון דער מעגלעכקייט צו לייזן די סאָציאַלע פראַגע דורך אַ שאָלעם מאַכן צווישן די אַרבעטער און די קאַפּיטאַליסטן.
איב.

געוויזן העכער פון אונזער אקטיווקייט, בא אונז האָט זיך ניט געפונען קיין גענוג צוגעגרייטע רעוואָלוציאָנערע אָנפירער און אָרגאניזאטאָרס, וועלכע זאָלן אויסגעצייכנט קאָנען די שטימונג אין אלע אָפּאָזיציאָנעלע שיכטן און זאָלן קאָנען זיך אוועקשטעלן בעראָש פון דער באוועגונג, פארוואנדלען די סטיכישע דעמאָנסטראַציע אין א פּאָליטישער, פארברייטערן איר פּאָליטישן כאראקטער א. א. וו. בא אזוינע באדינגונגען וועלן זיך מיט אונזער אָפּגעשטאַנענקייט אומפארמיידלעך באנוצן די מער באוועגלעכע, מער ענערגישע רעוואָלוציאָנערן ניט סאָציאַל־דעמאָקראַטן, און די אַרבעטער, ווי אָפּערוויליק און ענערגיש זיי זאָלן זיך ניט שלאָגן מיט דער פּאָליציי און מיטן מיליטער, ווי רעוואָלוציאָנער זיי זאָלן ניט ארויסטרעטן, וועלן זיך ארויסווייזן בלויז ווי א קראפט, וועלכע שטיצט דידאָזיקע רעוואָלוציאָנערן, זיי וועלן זיך אַרויסווזן פאַר אַן אַריערגאַרד פון דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע, און ניט ווי אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אוואנגארד. נעמט די דייטשישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, בא וועלכער אונזערע עקאָנאָמיסטן ווילן איבערנעמען בלויז אירע שוואכע זייטן. פארוואָס גייט ניט ווירד אין דייטשלאנד קיין איין פּאָליטישע געשעעניש אָן דעם אז זי זאָל ניט ווירקן אַף דער אַלץ גרעסערער און גרעסערע פארשטאַרקונג פונם אַווטאָריטעט און פּרעסטיזש פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע? דערפאַר, ווייל די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע שטייט שטענדיק פארויס פאר אלעמען אין דער סאַמע רעוואָלוציאָנערער אָפּשאַצונג פון דעראָזיקער געשעעניש, אין באַשיצן יעטווידער פּראָטעסט קעגן ווילקיר. זי שלעפערט זיך ניט איין מיט קיין כקירעס, אז דער עקאָנאָמישער קאמף וועט אָנשטויסן די ארבעטער אף דער פראגע וועגן זייער רעכטלאָזיקייט און אַז די קאָנקרעטע באַדינגונגען שטויסן פאטאל די ארבעטער־באוועגונג אף א רעוואָלוציאָנערן וועג. זי מישט זיך אריין אין אלע געביטן און אין אלע פראגן פונם געזעלשאַפטלעכן און פּאָליטישן לעבן, סאי אין דער פראגע וועגן דעם, וואָס ווילהעלם האָט ניט באַשטעטיקט א שטאָט־בירגערמייסטער פון די בורזשואַזע פּראָגרעסיסטן (אונזערע עקאָנאָמיסטן האָבן נאָך ניט באוויזן אויפצוקלערן די דייטשן, אז דאָס איז, אין טאָך גענומען, א קאָמפּראָמיס מיטן ליבעראליזם!), סאי אין דער פראגע וועגן ארויסגעבן א געזעץ קעגן „ניטמאָראלישע“ ווערק און בילדער, אי אין דער פראגע וועגן דער ווירקונג פון דער רעגירונג אף דער אויסוואל פון פּראָפעסאָרן א. א וו. א. א. וו. אומעטום שטייען זיי פאָרויס פאר אַלעמען, וועקנדיק די פּאָליטישע אומצופרידנהייט אין אַלע קלאַסן, מונטערנדיק די שלעפערדיקע, אונטערציענדיק די אָפּגעשטאנענע, געבנדיק אַלזייטיקן מאטעריאל פאר דער אנטוויקלונג פונם פּראָלעטאַריאַטס פּאָליטישן באַוואוסטזיין און פּאָליטישער אַקטיווקייט. און אין רעזולטאט באקומט זיך דאָס, וואָס צום פארגעשריטענעם פּאָליטישן קעמפער ווערן דורכגעדרונגען מיט אכטונג אפילע די באוואוסטזיניקע פיינט פונם סאָציאליזם, און ניט זעלטן טרעפט, אז א וויכטיקער דאָקומענט ניט נאָר פון

די בורזשואַזע, נאָר אַפילע פון די ביוראָקראַטישע און פון די הויפּישע ספערן פאַלט אריין דורך עפּעס א נעס אין דעם רעדאקציע־קאבינעט פון „פאָרווערטס“.

אָט וואו עס ליגט די לייזונג פון דעם קלוימערשטן „ווידערשפּרוך“, וועלכער שטייגט אַף אַזויפיל אריבער די מאָס פון פארשטיין פון דער „ראב. דיעלאָ“, אַז זי שפּרינגט בלויז אויס די הענט צום הימל און שרייט: „מאַסקאַראַד!“. שטעלט אייך פאָר אין דער עמעסן: מיר, די „ראב. דיעלאָ“, שטעלן אפן ערשטן פּלאַן די מאסאָווע ארבעטער־באַוועגונג (און מיר דרוקן עס מיט פעטן שריפט!), מיר וואָרענען אַלעמען און יעדערן קעגן פארמינערן די באַדייטונג פונם ספּאָנטאַנעם עלעמענט, מיר ווילן צוגעבן דעם עקאָנאָמישן קאַמף גופע, גופע, גופע, א פּאָליטישן כאַראַקטער, מיר ווילן בלייבן אין ענגן און אָרגאַנישן צוזאַמענבונד מיטן פּראָלעטאַרישן קאַמף! און אונז זאָגט מען, אַז מיר גרייטן צו דעם באָדן צו פארוואַנדלען די ארבעטער־באַוועגונג אין א וועקצייג פון דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע. און ווער זאָגט עס? מענטשן, וועלכע טרעטן אריין אין א „קאָמפּראָמיס“ מיטן ליבעראַליזם, אריינמישנדיק זיך אין יעדער „ליבעראַלער“ פראַגע (וואָס פאַר א ניט פארשטיין די „אָרגאַנישע פארבינדונג מיטן פּראָלעטאַרישן קאַמף“!), ווענדנדיק אַזויפיל אויפמערקזאַמ־קייט אי אַף די סטודענטן און אפילע (אָ, ס׳אַרא שרעק!) אַף די זעמצעס!. מענטשן וועלכע ווילן ביכלאַל אָפּגעבן אַ גרעסערן (אין פאַרגלייך מיט די עקאָנאָמיסטן) פּראָצענט פון זייערע קויכעס אַף דער טעטיקייט צווישן די ניט פּראָלעטאַרישע קלאַסן פון דער באַפעלקערונג! איז דאָס דען ניט קיין „מאַסקאַראַד“?

אָרעמע „ראב. דיעלאָ“! צי וועט זי זיך ווען עס איז דערטראַכטן ביז צו דער לייזונג פון דערדאָזיקער קינציקער מעכאַניק?

## IV

# די קוסטאַרעריי פון די עקאָנאָמיסטן און די אָרגאַ־ניזאַציע פון רעוואָלוציאָנערן

די באַהויפּטונגען פון „ראב. דיעלאָ“, וועלכע מיר האָבן אויבן אַנאַליזירט, אַז דער עקאָנאָמישער קאַמף איז דער סאַמע ברייט באַנוצבאַרער מיטל פון פּאָליטישער אַגיטאַציע, אַז אונזער אויפגאַבע איצט איז צוגעבן דעם עקאָנאָמישן קאַמף גופע א פּאָליטישן כאַראַקטער א. א. וו., דריקן אויס מיט זיך דאָס שמאָלע פארשטיין ניט נאָר אונזערע פּאָליטישע, נאָר אויך אונזערע אָרגאַ־ניזאַציאָנעלע אויפגאַבן. פארן „עקאָנאָמישן קאַמף מיט די באַלעבאַטים און מיט די רעגירונג“ איז אַבסאָלוט ניט נויטיק, — און דעריבער קאָן זי אַף אַזאַ קאַמף אויך ניט אויסאַרבעטן זיך,—קיין אַלגעמיין רוסישע צענטראַליזירטע

אָרגאַניזאַציע, וועלכע פאַרייניקט אין איין אַלגעמיינעם אָנגריף אַלע און אַלערליי
אַנטפּלעקונגען פון פּאָליטישער אָפּאָזיציע, פּראָטעסט און עמפּערונג, און
אָרגאַניזאַציע, וועלכע באַשטייט פון רעוואָלוציאָנערן לויט דער פּראָפעסיע און
ווערט אָנגעפירט דורך די עמעסע פּאָליטישע פירער פונם גאַנצן פאָלק. און
דאָס איז אויך פאַרשטענדלעך. דער אָרגאַניזיר=כאַראַקטער פון יעטווידער
אינסטיטוציע ווערט נאַטירלעך און אומפאַרמיידלעך באַשטימט מיטן אינהאַלט
פון דער טעטיקייט פון דער דאָזיקער אינסטיטוציע. דעריבער פאַרהייליקט און
פאַרגעזעצלעכט די „ראַב. דיעלאָ“ מיט אירע אויבן באַהאַנדלטע באַהויפּטונגען
ניט נאָר די שמאָלקייט פון פּאָליטישער טעטיקייט, נאָר אויך די שמאָלקייט
פון אָרגאַניזאַציאָנעלער אַרבעט. אויך אין דעם פאַל, פּונקט ווי שטענדיק, איז
זי אַן אָרגאַן, וועמעס באַוואוסטזיניקייט עם פּאַסט פאַר דער סטיכישקייט. אָבער
דאָס בוקן זיך פאַר די סטיכיש זיך אויסבילדנדיקע אָרגאַניזיר=פאָרמען, דאָס
פעלן פונם באַוואוסטזיין, ווי שמאָל און פּרימיטיוו עס איז אונזער אָרגאַניזאַ=
ציאָנעלע אַרבעט, וואָס פאַר אַ „קוסטאַרן“ מיר זיינען נאָך אין דעמדאָזיקן
וויכטיקן געביט, דאָס פעלן פון דעמדאָזיקן באַוואוסטזיין, זאָג איך, איז אַן
עמעסע קרענק פון אונזער באַוועגונג. דאָס איז ניט קיין קרענק פון יערידע,
נאָר אַ קרענק פון וואוקס, זעלבסטפאַרשטענדלעך. אָבער גראָד איצט, ווען די
כוואַליע פון דער סטיכישער עמפּערונג פאַרפּלייצט, קאָן מען זאָגן, אונז, ווי די
אָנפירער און די אָרגאַניזאַטאָרס פון דער באַוועגונג, איז באַזונדערס נויטיק
דער סאַמע אומבעשאָלמדיקער קאַמף קעגן יעטווידער פאַרטיידיקן די אָפּ=
געשטאַנענקייט, קעגן יעטווידער פאַרגעזעצלעכן שמאָלקייט אין דערדאָזיקער זאַך.
עס איז באַזונדערס נויטיק צו דערוועקן אין יעדערן, ווער עס נעמט אָנטייל
אין דער פּראַקטישער אַרבעט אָדער ער קלייבט זיך נעמען זיך פאַר איר,
אַן אומצופרידנהייט מיט דער ק ו ס ט א ר ע ר י י, וואָס הערשט בא אונז,
און אַ פעסטע אַנטשלאָסנקייט פון איר פּאָטער צו ווערן.

## א) וואָס איז אַזוינס קוסטאַרעריי?

לאָמיר זיך פּרואוון ענטפערן אַף דערדאָזיקער פראַגע מיט א קליינעם בילדל
פון דער טעטיקייט פון א טיפּישן סאָציאַל=דעמאָקראַטיש קרייזל אין די יאָרן
1894—1901. מיר האָבן שוין אָנגעוויזן אַף דער דורכוויסיקער פאַרינטערעסירט=
קייט פון דער שטודירנדיקער יוגנט פון יענעם פּעריאָד מיטן מאַרקסיזם.
דידאָזיקע פאַרינטערעסירטקייט איז שאַיעך געווען, פאַרשטייט זיך, ניט נאָר
און אפילע ניט אַזויפיל צום מאַרקסיזם, אַלס טעאָריע, ווי צום ענטפער אַף
דער פראַגע: „וואָס דאַרף מען טאָן“?, ווי צו א צורוף צו גיין אין א מאַרש
קעגן דעם סוינע. און די נייע קעמפער זיינען געגאַנגען אין דעם מאַרש מיט
א וואונדערבאַרער פּרימיטיווער באַוואָפענונג און צוגרייטונג. אין א מאַסע פאַלן
איז אפילע ניט געווען קימאַט קיין שום באַוואָפענונג און אַבסאָלוט קיין שום

צוגרייטונג. מע איז געגאַנגען אַף מילכאָמע, ווי די פויערים פון דער סאָבע, כאַפּנדיק מיט זיך בלויז אַ פלאָקן. אַ קרייזל סטודענטן, אָן שום פאַרבינדונג מיט די אַלטע טוער פון דער באַוועגונג, אָן אַ שום פאַרבינדונג מיט די קרייזלעך אין די אנדערע ערטער אָדער אפילע אין די אנדערע טיילן שטאָט (אָדער אין אנדערע לערן־אנשטאַלטן), אָן שום אָרגאניזאציע פון די באזונדערע טיילן פון דער רעוואָלוציאָנערער ארבעט, אָן א שום סיסטעמאטישן טעטיקייט־פּלאַן אַף אַ וויפל ניט איז באַדייטנדיקן פעריאָד, — שאַפט זיך פאַרבינדונגען מיט ארבעטער און נעמט זיך פאר דער ארבעט. דאָס קרייזל וויקלט פאנאנדער ביסלעכווייז אלץ מער און מער א ברייטע פּראָפּאגאנדע און אגיטאציע, ציט צו מיטן פאקט פון זיין ארויסטרעטונג דעם מיטגעפיל פון גאנץ ברייטע שיכטן ארבעטער, דעם מיטגעפיל פון א געווסן טייל פון דער געבילדעטער געזעלשאפט, וועלכע גיט געלט און גיט איבער אין רעשוס פונם „קאָמיטעט“ נייע און נייע גרופּן יוגנט. עס וואקסט די צויבער־קראפט פונם קאָמיטעט (אָדער קאמפס־פארבאנד), עס וואקסט דער פארמעסט פון זיין טעטיקייט, און ער פארברייטערט דידאָזיקע טעטיקייט גאנץ סטיכיש: דיזעלביקע מענטשן, וועלכע זיינען מיט א יאָר אָדער עטלעכע כאַדאָשים צוריק ארויסגעטראָטן אין די סטודענטישע קרייזלעך און האָבן געלייזט די פראַגע: „וואוהין זאָל מען גיין?“, וועלכע האָבן געשאפן און אונטערגעהאַלטן באציאונגען מיט די ארבעטער, צוגעגרייט און ארויסגעלאָזן בלעטלעך, שאפן פארבינדונגען מיט אנדערע גרופּן רעוואָלוציאָנערן, זיי קריגן ליטעראטור, זיי נעמען זיך ארויסגעבן אן אָרטיקע צייטונג, זיי הייבן אָן ריידן וועגן אָרגאַניזירן א דעמאָנסטראַציע, זיי גייען אַריבער ענדלעך צו אָפענע קריגס־אַקציעס (דערביי קאָנען דידאָזיקע אָפענע קריגס־אקציעס זיין, לויט די אומשטענדן, סאיי דאָס ערשטע אגיטאציע בלעטל, סאי דער ערשטער נומער צייטונג, סאי די ערשטע דעמאָנסטראציע). און געוויינלעך פירט גלייך דער אָנהויב פון דידאָזיקע אַקציעס נאָך זיך טייקעף אַ פולן דורכפאַל. טייקעף און אַ פולן טאַקע דערפאַר, ווייל דידאָזיקע קריגס־אקציעס זיינען געווען ניט קיין רעזולטאט פון א סיסטעמאטישן, פאָרויס באטראכטן און ביסלעכווייז צוגעגרייטן פלאן פון א לאנגן און אקשאָנעסדיקן קאמף, נאָר פּאָשעט א סטיכישער וואוקס פון דער קרייזל־ארבעט, וועלכע פירט זיך טראדיציאָנעל; דערפאר, ווייל די פאָליציי האָט, נאטירלעך, קימאט שטענדיק געקענט אלע הויפּט־טוער פון דער אָרטיקער באוועגונג, וועלכע האָבן זיך „פארעקאָנאָמיזירט“ נאָך פון דער סטודענטישער באַנק, און זי האָט בלויז אויסגעווארט אפּן סאמע באקוועמען מאָמענט פאר איר אַף צו אָרגאניזירן אן אָנפאַל, אומישנע געבנדיק דעם קרייזל א מעגלעכקייט זיך גענוג צו צעוואקסן און פאנאנדערוויקלען, קעדיי צו האָבן אַ מאַמאָשעסדיקן corfus delicti

* „באַשטאַנד פונם פאַרברעך“. אַ יורידישער אויסדריק, וועלכער באַטייט, אַז אין די הענט פון די באַשולדיקונגס אָרגאַנען געפינט זיך גענוג מאַטעריאַל אַף באַווייזן, אַז עס איז ווירקלעך פאָרגעקומען אַ פאַרברעך. איב.

און אומישנע לאָזנדיק שטענדיק עטלעכע מענטשן, וועלכע זיינען איר באַקאַנט, „אַף האָראָלע“ (ווי עס הייסט דער טעכנישער אויסדרוק, וועלכן עס באַנוצן, אף וויפל איך וויים, אי אונזערע כעוורע, אי די זשאַנדאַרמען). אזא מילכאָמע קאָן מען ניט ניט פאַרגלייכן מיט א מאַרש פון באַנדעס פּויערים, וועלכע זיינען באַוואָפנט מיט פלאָקנס, קעגן מאָדערנעם מיליטער. און מע דאַרף זיך בלויז וואונ־דערן אף דער לעבנס־פעאיקייט פון דער באַוועגונג, וועלכע האָט זיך פאַרברייטערט, איז געוואַקסן און האָט אָפּגעהאַלטן ניצכוינעס, ניט געקוקט אַף דערדאָזיקער פולער אָפּוועזנהייט פון צוגעגרייטקייט באַ די קעמפער. עמעס, פון היסטאָרישן שטאַנדפּונקט איז די פּרימיטיווקייט פון דער באַוואָפענונג געווען ניט נאָר אומ־פאַרמיידלעך פון אָנהויב, נאָר א פּ י ל ע  ג ע ז ע צ ל ע ך, אַלס איינע פון די באַדינגונגען פאַר ברייט צוציען קעמפער. אָבער ווי נאָר עס האָבן זיך אָנגעהויבן ערנסטע קריגס־אַקציעס (און אָנגעהויבן האָבן זיי זיך, אין טאָך גענומען, שוין פון די זומער שטרייקן אין 1896 יאָר), — האָבן זיך די פעלערן פון אונזער קריגס־אָרגאַניזאַציע אָנגעהויבן אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער לאָזן זיך פילן. נאָך דעם, ווי די רעגירונג האָט זיך די ערשטע צייט פאַרלאָרן און איז באַגאַנגען א ריי פעלערן (א שטייגער, ווי די ווענדונג צו דער געזעלשאַפט מיט דער באַשרייבונג פון די מערדערייען פון די סאָציאַליסטן, אָדער דאָס אַרויסשיקן אַרבעטער פון די הויפּט־שטעט אין די אינדוסטריעלע צענטרען פון דער פּראָ־ווינץ) האָט זי זיך אינגיכן צוגעפּאַסט צו די נייע קאַמפּס־באַדינגונגען און האָט באַוויזן אַוועקצושטעלן אַף די געהעריקע ערטער אירע אָטריאַדן פּראָ־וואָקאַטאָרס, שפּיאָנען און זשאַנדאַרמען, באַוואָפנטע מיט אַלע פאַרפולקומענונגען. פּאָגראָמען האָבן זיך אָנגעהויבן אַזוי אָפט איבערצוכאַזערן, פאַרכאַפּן אַזא מאַסע מענטשן, אַרויסראַמען אַזוי אַף ריין די אָרטיקע קרייזלעך, אַז די אַרבעטער־מאַסע פלעגט בוכשטעבלעך פאַרלירן אַלע אָנפירער, די באַוועגונג פלעגט באַ־קומען אַן אומגלויבלעך שפּרונגאַרטיקן כאַראַקטער און אַבסאָלוט קיין שום יערושעדיקייט און פאַרבונדנקייט פון דער אַרבעט האָט מען ניט געקאָנט איינ־שטעלן. די מערקווירדיקע צעברעקלקייט פון די אָרטיקע טוער, די צופעליקייט פונם באַשטאַנד פון די קרייזלעך, די ניט צוגעגרייטקייט און דער שמאָלער האָריזאָנט אינם געביט פון טעאָרעטישע, פּאָליטישע און אָרגאַניזאַציאָנעלע פראַגן זיינען געווען אַן אומפאַרמיידלעכער רעזולטאַט פון די באַשריבענע באַ־דינגונגען. עס איז דערגאַנגען דערצו, אַז אין אייניקע ערטער ווערן די אַרבעטער, צוליב מאַנגל פון אויסגעהאַלטנקייט און קאָנספּיראַטיווקייט באַ אונז, דורכ־געדרונגען מיט אומצוטרוי צו דער אינטעליגענץ, און זיי זעען זי אויסצומיידן: די אינטעליגענטן, זאָגן זיי, ברענגען צו אומבאַטראַכט צו דורכפאַלן!.

אַז דידאָזיקע קוסטאַרעריי האָבן, ענדלעך, אַלע דענקענדיקע סאָציאַל־דעמאָקראַטן אָנגעהויבן פילן, ווי א קרענק, — דאָס ווייסט יעדערער, ווער עס איז וויפל ניט איז באַקאַנט מיט דער באַוועגונג. און קעדיי דער לעזער, וועלכער איז ניט באַקאַנט מיט איר, זאָל ניט א טראַכט טאָן, אַז מיר „קאָנסטרויִרן“

קינסטלער אַ ספעציעלע סטאַדיע אָדער אַ ספעציעלע קרענק פון דער באַוועגונג,— וועלן מיר זיך פארופן אף דעם איידעס, וועלכן מיר האָבן שוין איינמאָל דערמאָנט. זאָל מען אף אונז קיין פאריבל ניט האָבן פאר דער לאנגער ציטאטע.

„אויב דער בעהאַדראַגעדיקער איבערגאַנג צו אַ מער ברייטער פראַקטישער טעטיקייט, — שרייבט ב—וו אין נומער 6 „ראַב. דיעלאָ“, — דער איבערגאַנג, וועלכער געפינט זיך אין אַ דירעקטער אָפּהענגיקייט פון דער אַלגעמיינער איבערגאַנגס-צייט, וואָס עס לעבט איבער די רוסישע אַרבעטער-באַוועגונג, איז אַ כאַראַקטעריסטישער שטריך..., איז פאַראַן נאָך אַן אַנדערער, ניט ווייניקער אינטערעסאַנטער שטריך אינם אַלגעמיינעם מעכאַניזם פון דער רוסישער אַרבעטער-רעוואָלוציע. מיר ריידן וועגן דעם אַלגעמיינעם מאַנגל אין רעוואָלוציאָנערע קויכעס, וועלכע זאָלן טויגן פאַר אַקציעס, וואָס דאָס פילט זיך ניט נאָר אין פעטערבורג, נאָר אויך אין גאַנץ רוסלאַנד. מיט דער אַלגעמיינער אויפלעבונג פון דער אַרבעטער-באַוועגונג, מיט דער אַלגעמיינער אַנטוויקלונג פון דער אַרבעטער-מאַסע, מיט די אַלץ אָפטער ווערנדיקע פאַלן פון שטרייקן, מיט דעם אַלץ מער אָפענעם מאַסן-קאַמף פון די אַרבעטער, וועלכער פאַרשטאַרקט די רעגירונגס-פאַרפאָלגונגען, אַרעסטן, פאַרשיקונגען און אַרויסשיקונגען, ווערט דער דאָזיקער מאַנגל אין קוואליטאטיוו הויכע רעוואָלוציאָנערע קויכעס אַלץ באַמערקבאַרער, און ער פאַרבלייבט אָן סאָפעק ניט אָן אַ ווירקונג אַף דער טיפקייט און אַף דעם אַלגעמיינעם כאַראַקטער פון דער באַוועגונג. פיל שטרייקן גייען דורך אָן אַ שטאַרקער און דירעקטער אויפווירקונג פון די רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס... די אַרבעטער-קרייזלעך בלייבן אָן אַגיטאַטאָרס... צוגלייך מיט דעם באַמערקט זיך אַ שטענדיקע נויט אין געלט-מיטלען. מיט איין וואָרט, דער וואוקס פון דער אַרבעטער-באַוועגונג יאָגט איבער דעם וואוקס און די אַנטוויקלונג פון די רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס. דער פאַראַנענער באַשטאַנד פון די ווירקנדיקע רעוואָלוציאָנערן ווייזט זיך אַרויס פאַר צו אומבאַדייטנדיק אַף צו קאָנצענטרירן אין זיינע הענט די ווירקונג אַף דער גאַנצער זיך רעגנדיקער אַרבעטער-מאַסע, קעדיי צוצוגעבן אַלע אומרועז כאָטש אַ שאָטן פון אָרדענונג און אָרגאַניזירטקייט... באַזונדערע קרייזלעך, באַזונדערע רעוואָלוציאָנערן זיינען ניט צונויפגעקליבן, ניט פאַראייניקט, זיי בילדן ניט קיין איינהייטלעכע, שטאַרקע און דיסציפּלינירטע אָרגאַניזאַציע מיט פּלאַנמעסיק אַנטוויקלטע טיילן“... און אויסנעמענדיק, אַז דאָס טייקעפדיקע אויפקומען פון נייע קרייזלעך, אָנשטאָט די צעקלאַפּטע, „דערווייזט בלויז די לעבנספעאיקייט פון דער באַוועגונג... אָבער עס באַווייזט נאָך ניט די אָנוועזנהייט פון אַ גענוגער צאָל אינגאַנצן טויגלעכע רעוואָלוציאָנערע טוער“ מאַכט דער מעכאַבער דעם אויספיר: „ די פראַקטישע ניט צוגעגרייטקייט פון די פעטערבורגער רעוואָלוציאָנערן פילט זיך אויך אין די רעזולטאַטן פון זייער אַרבעט. די לעצטע פּראָצעסן, באַזונדערס פון די גרופּעס „זעלבסטבאַפרייאונג“ און „קאַמף פון אַרבעט מיטן קאַפּיטאַל“, האָבן קלאָר באַוויזן, אַז דער יונגער אַגיטאַטאָר, וועלכער איז ניט באַקאַנט דעטאַל מיט די אַרבעטס-באַדינגונגען, און דאָס הייסט, אויך מיט די באַדינגונגען פון אַגיטאַציע אין דעם געגעבענעם זאַוואָד, און האָט באַנומען“ (צי האָט ער טאַקע באַנומען?) „בלויז די אַלגעמיינע אָנשויאונגען פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, קאָן אָפּאַרבעטן אַ וועלכע 4, 5, 6 כאַדאָשים. דערנאָך קומט אַן אַרעסט, וועלכער ברענגט מיט זיך אָפטמאָל די צעשטערונג פון דער גאַנצער אָרגאַניזאַציע

אָדער וויניקסטנס פון אַ טייל אירן. פרעגט זיך, צי איז מעגלעך אַ דערפאָלגרייכע און פרוכטבאַרע טעטיקייט פון דער גרופּע, אויב די עקזיסטענץ־צייט פון דער־דאָזיקער גרופּע ווערט באַשטימט אין באַדאַשים? קלאָר, אַז מע קאָן ניט פאַרעכענען אײנגאַנצן די פעלערן פון די עקזיסטירנדיקע אָרגאַניזאַציעס אָפּן כעשבן פון דער איבערגאַנגס־צייט... קלאָר, אַז דאָ שפּילט ניט קיין קליינע ראָלע דער קאָמעסדיקער, און דעריקער, דער קוואַליטאַטיווער באַשטאַנד פון די ווירקנדיקע אָרגאַניזאַציעס, און די ערשטע אויפגאַבע פון אונזערע סאָציאַל־דעמאָקראַטן... דאַרף זײַן די רעאַלע פאַרייניקונג פון די אָרגאַניזאַציעס באַ אַ שטרענגן אָפּקלײַב פון די מיטגלידער".*.

## ב) די קוסטאַרעריי און דער עקאָנאָמיזם

מיר דאַרפן זיך איצט אָפּשטעלן אַף דער פראַגע, וועלכע בעט זיך שוין זיכער באַ איטלעכן לעזער. צי קאָן מען שטעלן אין פאַרבינדונג דידאָזיקע קוסטאַרעריי, אַלס קרענק פון וואוקס, וועלכע איז אײַנגנטימלעך דער גאַנצער באַוועגונג, מיטן עקאָנאָמיזם, ווי מיט אײנער פון די ריכטונגען אין דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע? מיר מײנען, אז יאָ. די פּראַקטישע ניט צוגעגרייטקייט, די ניט געניטקייט פון דער אָרגאַניזיר־אַרבעט איז, ווירקלעך, אײגנטימלעך פאַר אונז אַלעמען, דערונטער אויך פאַר די, וועלכע זײַנען פון סאַמע אָנהויב אָן פעסט געשטאַנען אַפּן שטאַנדפּונקט פון רעוואָלוציאָנערן מאַרקסיזם. און פאַר דער ניט צוגעגרייטקייט אַלײן פאַר זיך וואָלט נאָך קײנער, פאַרשטייט זיך, ניט געקאָנט באַשולדיקן די פּראַקטיקער. אָבער אַכוץ ניט צוגעגרייטקייט, גייט נאָך אין דעם באַגריף קוסטאַרעריי אַרײַן נאָך עפּוואָס אַנדערש: דער שמאָלער פאַרמעסט פון דער גאַנצער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט ביכלאַל, דאָס ניט פאַרשטײן, אַז אַף דעראָזיקער שמאָלער אַרבעט קאָן זיך ניט אויסבילדן קיין גוטע אָרגאַניזאַציע פון רעוואָלוציאָנערן. צו־לעצט — און דאָס איז דאָס סאַמע וויכטיקסטע — די פּרואוון צו באַרעכטיקן דידאָזיקע שמאָלקייט און דערהויבן זי צו אַ ספּעציעלער „טעאָריע", ד. ה. דאָס בוקן זיך פאַר דער סטיכישקייט אין דעמדאָזיקן געביט. ווי נאָר עס האָבן זיך אַרויסגעוויזן אַזוינע פּרואוון, איז שוין געוואָרן אויסער צווייפל, אַז די קוסטאַרעריי איז פאַרבונדן מיטן עקאָנאָמיזם, און אַז מיר וועלן ניט פּאָטער ווערן פון דער שמאָלקייט פון אונזער אָרגאַניזאַציאָנעלער טעטיקייט, אויב מיר וועלן ניט פּאָטער ווערן פונם עקאָנאָמיזם ביכלאַל (ד. ה. פונם שמאָלן פאַרשטײן סאַי די טעאָריע פון מאַרקסיזם, סאַי די ראָליע פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, סאַי די פּאָליטישע אויפגאַבן אירע). און דידאָזיקע פּרואוון האָבן זיך אַרויסגעוויזן אין צווייערליי ריכטונגען. אײנע האָבן אָנגעהויבן זאָגן: די אַרבעטער־מאַסע האָט נאָך ניט אַרויסגערוקט אַלײן אַזוינע ברייטע פּאָליטישע אויפגאַבן, וועלכע עס „בינדן איר אָן" די רעוואָלוציאָנערן, זי דאַרף נאָך קעמפן פאַר די

---

* אונטערגעשטראָכן אומעטום פון לעניגען. רעד.

גאָענטסטע פּאָליטישע פאָדערונגען, פירן אַן „עקאָנאָמישן קאַמף מיט די באַלעבאַטים און מיט דער רעגירונג"* (און פאַר דעמדאָזיקן קאַמף, וועלכער איז „צוטרעטלעך" פאַר דער מאַסן־באַוועגונג, פּאַסט, נאַטירלעך, אויך אַן אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז „צוטרעטלעך" אַפילע פאַר דער סאַמע ניט צוגעגרייטער יוגנט). אַנדערע, וואָס זיינען ווייט פון יעטווידער „בעהאַדראָגיקייט", האָבן אָנגעהויבן זאָגן: עס איז מעגלעך און מע דאַרף „מאַכן א פּאָליטישע רעוואָלוציע", אָבער דערצו דאַרף מען גאָרניט באַשאַפן קיין פעסטע אָרגאַניזאַציע פון רעוואָלוציאָנערן, וועלכע דערציט דעם פּראָלעטאַריאַט דורך אַ שטאַנדהאַפטיקן און אַקשאָנעסדיקן קאַמף; דערצו איז גענוג, אַז מיר אַלע זאָלן זיך אָנכאַפּן פאַר דעם „צוטריטלעכן" און שוין באַקאַנטן פלאָקן. ריידנדיק אָן אַלעגאָריעס, — אַז מיר זאָלן אָרגאַניזירן אַן אַלגעמיינעם שטרייק**; אָדער אַז מיר זאָלן אויפמונטערן דעם „פוילן" גאַנג פון דער אַרבעטער־באַוועגונג דורך „עקסציטאַטיוון טעראָר"***. דידאָזיקע ביידע ריכטונגען, סאַי די אָפּאָרטוניסטן, סאַי די „רעוואָלוציאָניסטן" טרעטן אָפּ אַקעגן דער הערשנדיקער קוסטאַרעריי, זיי גלויבן ניט אין דער מעגלעכקייט פאָטער צו ווערן פון איר, זיי פאַרשטייען ניט אונזער ערשטע און סאַמע דרינגנדיקע פּראַקטישע אויפגאַבע: באַשאַפן אַן אָרגאַניזאַציע פון רעוואָלוציאָנערן, וועלכע זאָל זיין פעאיק צו זיכערן די ענערגיע, שטאַנדהאַפטיקייט און יערושעדיקייט פונם פּאָליטישן קאַמף.

מיר האָבן איצט געבראַכט ב—וו'ס ווערטער: „דער וואוקס פון דער אַרבעטער־באַוועגונג יאָגט אַריבער דעם וואוקס און די אַנטוויקלונג פון די רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס". דידאָזיקע „ווערטפולע מיטיילונג פון אַ נאָענטן צושויער" (אַזוי רופט זיך אָפּ די רעדאַקציע פון „ראַב. דיעלאָ" וועגן ב—וו'ס אַרטיקל) האָט פאַר אונז אַ דאָפּלטן ווערט. זי באַווייזט, אַז מיר זיינען געווען גערעכט, ווען מיר האָבן איינגעזעען די גרונט־סיבע פונם איצטיקן קריזיס באַ דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אין דער אָפּגעשטאַנענקייט פון די אָנפירער (די „אידעאָלאָגן", די רעוואָלוציאָנערן, די סאָציאַל־דעמאָקראַטן) פונם סטיכישן אויפשטייג פון די מאַסן. זי באַווייזט, אַז א לויב און פאַרטיידיקונג פון דער קוסטאַרעריי זיינען טאַקע די אַלע בקירעס פון די מעכאַברים פונם עקאָנאָמישן בריוו (אין נומער 12 „איסקרא"), ב. קריטשעווסקים און מאַרטינאָווס וועגן דער געפאַר צו פאַרמינערן די באַדייטונג פונם סטיכישן עלעמענט, פונם גראָען לויפנדיקן קאַמף, וועגן אַ טאַקטיק־פּראָצעס א. ד. גל. דידאָזיקע מענטשן, וועלכע קאָנען ניט אַרויסריידן דאָס וואָרט „טעאָרעטיקער" אָן אַ ביטל־גרימאַסע, וועלכע רופן מיטן נאָמען „אַ כוש צום לעבן" זייער שטעלן

* „ראַב. מיסל" און „ראַב. דיעלאָ", באַזונדערס דער „ענטפער" פלעכאַנאָוון.

** די בראָשור. „ווער וועט דורכפירן די פּאָליטישע רעוואָלוציע?" — אינם זאַמלבוך „דער פּראָלעטאַרישער קאַמף", וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין רוסלאַנד. זי איז אויך אַרויסגעגעבן געוואָרן דורכן קיעווער קאָמיטעט.

*** „די ווידעראויפשטעלונג פונם רעוואָלוציאָניזם" און „פרייהייט".

זיך אַף די קני פאַר דער ניט=צוגעגרייטקייט צום לעבן, און פאַר דער ניט=אַנטוויקלטקייט, ווייזן אין דער ווירקלעכקייט אַרויס, אַז זיי פאַרשטייען ניט די סאַמע דרינגנדיקע פּראַקטישע אויפגאַבן אונזערע. צו אָפּגעשטאַנענע מענטשן שרייט מען: גייט אין טראָט! יאָגט ניט אַריבער! צו מענטשן, וועלכע ליידן אַף אַ מאַנגל פון ענערגיע און איניציאַטיוו אין דער אָרגאַניזיר=אַרבעט, אַף אַ מאַנגל פון „פּלענער“ ברייט און דרייסט אַוועקצושטעלן די אַרבעט, שרייט מען וועגן אַ „טאַקטיק=פּראָצעס“! דער גרונט=כעט אונזערע באַשטייט אין דערנידעריקן אונזערע פּאָליטישע און אָרגאַניזאַציאָנעלע אויפגאַבן ביז צו די גאָענגסטע, „מאַמאָשעסדיקע“, „קאָנקרעטע“ אינטערעסן פונם לויפנדיקן עקאָנאָמישן קאַמף, — און אונז האַלט מען אין איין זינגען: דעם עקאָנאָמישן קאַמף גופע דאַרף מען צוגעבן אַ פּאָליטישן כאַראַקטער! נאָך אַמאָל: דאָס איז בוכשטעבלעך פּונקט אַזאַ „כוש צום לעבן“, ווי עס האָט אַרויסגעוויזן דער העלד פונם פאָלקס=עפּאָס, וועלכער האָט געשריבן: „איר זאָלט שלעפּן און ניט אויפהערן צו שלעפּן!“, בעשאַס ער האָט דערזעען אַ לעוואַיע=פּראָצעסיע.

דערמאָנט זיך, מיט וואָס פאַר אַ אומפאַרגלייכלעכער, בעעמעס „נאַרציסישער“ גאַיווע דידאָזיקע כאַכאָמים האָבן געלערנט פּלעכאַנאָוון: „פאַר די אַרבעטער=קרייזלעך זייענען ביכלאַל (sic!) ניט צוטריטלעך די פּאָליטישע אויפגאַבן אינם ווירקלעכן, פּראַקטישן זין פונם דאָזיקן וואָרט, דאָס הייסט, אינם זין פון צוועקמעסיקן און דערפאָלגרייכן פּראַקטישן קאַמף פאַר די פּאָליטישע פאָדערונגען“ (דער ענטפער פון דער רעדאַקציע „ראַב. דיעלאָ“ ז. 24). עס זייענען פאַראַן קרייזלעך און קרייזלעך, מיינע הערן! פאַר אַ קרייזל פון „קוסטאַרן“, זייענען, פאַרשטייט זיך, ניט צוטריטלעך פּאָליטישע אויפגאַבן, קאָלזמאַן דידאָזיקע קוסטאַרן האָבן ניט באַנומען זייער קוסטאַרעריי און האָבן זיך ניט באַפרייט פון איר. אויב אָבער דידאָזיקע קוסטאַרן זייענען אַכוץ דעם פאַרליבט אין זייער קוסטאַרעריי, אויב זיי שרייבן דאָס וואָרט „פּראַקטישע“ אומבאַדינגט מיט קורסיוו, און זיי מיינען, אַז פּראַקטישקייט פאָדערט צו דערנידעריקן די אייגענע אויפגאַבן ביז צום פאַרשטאַנד=ניוואָ פון די סאַמע אָפּגעשטאַנענע שיכטן פון דער מאַסע, — דעמאָלט זייענען, פאַרשטייט זיך, דידאָזיקע קוסטאַרן האָפּנונגסלאָז, און פאַר זיי זייענען ווירקלעך ביכלאַל ניט צוטריטלעך קיין פּאָליטישע אויפגאַבן. אָבער פאַר אַ קרייזל קאָריפייען *, ווי אַלעקסעיעוו ** און מישקין ***, כאַלטורין **** און זשעליאַ=

---

* אַף גריכיש — אָנפירער פונם כאָר, געמיינט — פירער. איב.

** באַרימטער אַרבעטער=רעוואָלוציאָנער. פון די 70=ער יאָרן. באַזונדערס באַרימט געוואָרן מיט זיין רעדע אַפן געריכט. איב.

*** איינער פון די אָנגעזעענסטע פירער בײַ די רעוואָליוציאָנערע פאָלקיסטן פון די 70=ער יאָרן. דערשאָסן געוואָרן. איב.

**** אַרבעטער=רעוואָלוציאָנער, איינער פון די הויפּט=אָרגאַניזאַטאָרס פון דעם רוסישן „אַרבעטערבונד“ (1878—1879). געמאַכט אַן אויפרייס אינם ווינטער פּאַלאַץ. געהאַנגען געוואָרן. איב.

באָוו *, פאַר זיי זיינען צוטריטלעך פּאָליטישע אויפגאַבן אינם סאַמע אַקטועלן, אינם סאַמע פּראַקטישן זין פונם דאָזיקן וואָרט, צוטריטלעך טאַקע דערפאַר און אַף. אַזויפיל, אַף וויפל זייער הייסע אַגיטאַציע באַגעגנט אַן אָפּקלאַנג אין דער סטיכיש אויפוואַכנדיקער מאַסע, אַף וויפל זייער קאָכעדיקע ענערגיע ווערט אויפגעכאַפּט און געשטיצט דורך דער ענערגיע פונם רעוואָלוציאָנערן קלאַס.

פּלעכאַנאָוו איז געווען טויזנט מאָל גערעכט, ווען ער האָט ניט נאָר אָנגעוויזן אַף דעמדאָזיקן רעוואָלוציאָנערן קלאַס, ער האָט ניט נאָר דערוויזן די אומפאַרמיידלעכקייט און אומבאַדינגטקייט פון זיין סטיכישער אויפוואַכונג, נאָר ער האָט אַפילע אַוועקגעשטעלט פאַר די „אַרבעטער-קרייזלעך" אַ הויכע און גרויסע פּאָליטישע אויפגאַבע. און איר פאַרופט זיך אַף דער מאַסן-באַוועגונג, וועלכע איז פון דעמאָלט אָן אַנטשטאַנען, קעדיי צו פ אַ ר ש מ ע ל ע ר ן די ענערגיע און דעם פאַרמעסט פון דער טעטיקייט פון די „אַרבעטער-קרייזלעך". וואָס איז עס אַזוינס, אויב ניט קיין פאַרליבטקייט פון אַ קוסטאַר אין זיין קוסטאַרעריי? איר באַרימט זיך מיט אייער פּראַקטישקייט, אָבער איר זעט ניט דעם פאַקט, וועלכער איז באַקאַנט יעדן רוסישן פּראַקטיקער, וואָס פאַר אַ וואונדער עס איז אימשטאַנד צו שאַפן אין דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט די ענערגיע ניט נאָר פון אַ קרייזל, נאָר אַפילע פון אַ באַזונדערער פּערזענלעכקייט. אָדער איר טראַכט, אַז אין אונזער באַוועגונג קאָנען ניט זיין אַזוינע קאָריפייען, ווי עס זיינען געווען אין די 70-קער יאָרן? פאַרוואָס זאָל דאָס זיין? דערפאַר, ווייל מיר זיינען ווייניק צוגעגרייט? אָבער מיר גרייטן זיך דאָך, מיר וועלן זיך גרייטן און מיר וועלן זיך צוגרייטן! עמעס, אַפן שטייענדיקן וואַסער פון „עקאָנאָמישן קאַמף מיט די באַלעבאַטים און מיט דער רעגירונג" האָט זיך שוין באַ אונז, צום אומגליק, אויסגעבילדעט שימל, עס האָבן זיך באַוויזן מענטשן, וועלכע שטעלן זיך אַף די קני און זיינען מיספּאַלעל צו דער סטיכישקייט, מיט ערפורכט אָנקוקנדיק (לויט פּלעכאַנאָווס אויסדרוק) דעם „הינטערטייל" פונם רוסישן פּראָלעטאַריאַט. אָבער מיר וועלן באַווייזן פּאָטער צו ווערן פון דעמדאָזיקן שימל. גראָד איצט קאָן דער רוסישער רעוואָלוציאָנער, וועלכער ווערט אָנגעפירט דורך אַן עכט רעוואָלוציאָנערער טעאָריע, שטיצנדיק זיך אַפן עכט רעוואָלוציאָנערן און סטיכיש אויפוואַכנדיקן קלאַס, קאָן ער ענדלעך — ענדלעך! — אויסגלייכן זיך אין זיין גאַנצן וואוקס און אַנטוויקלען אַלע זיינע ריזן-קויכעס. דערצו איז נויטיק בלויז, אַז צווישן דער מאַסע פּראַקטיקער, צווישן דער נאָך גרעסערער מאַסע מענטשן, וועלכע טרוימען ווען פּראַקטישער אַרבעט שוין פון דער שול-באַנק, זאָל יעדער

---

* באַרימטער פירער פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ", אָרגאַניזאַטאָר פון אַלעקסאַנדער דעם II קעפּונג. געהאַנגען געוואָרן אינם יאָר 1881.

איב.

פרואוו צו דערנידעריקן אונזערע פּאָליטישע אויפגאַבן און דעם פאַרמעסט פון אונזער אָרגאַניזאַציאָנעלער אַרבעט באַגעגענען שפּאָט און פאַראַכטונג. און מיר וועלן זיך דערצו דערשלאָגן, זייט רואיק, מיינע הערן!

אינם אַרטיקל „פון וואָס דאַרף מען אָנהויבן" האָב איך געשריבן קעגן דער „ראַב. דיעלאָ": „אין 24 שאָ קאָן מען ענדערן די טאַקטיק פון אַגיטאַציע איבער אַ וועלכער עס איז ספּעציעלער פראַגע, די טאַקטיק פון דורכפירן אַ וועלכע עס איז דעטאַל פון דער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע, אָבער ענדערן ניט נאָר אין 24 שאָ, נאָר אַפילע אין 24 כאַדאָשים די אייגענע אָנשויאונגען דערויף, צי דאַרף מען ביכלאַל, שטענדיק און אומבאַדינגט אַ קאַמפס־אָרגאַניזאַציע און פּאָליטישע אַגיטאַציע אין דער מאַסע, קאָנען בלויז מענטשן, וועלכע האָבן ניט קיין שום פּרינציפּן"... „ראַב. דיעלאָ" ענטפערט: „דידאָזיקע איינציקע באַשולדיקונג דער „איסקרא", פון די, וועלכע פּרעטענדירן אַף אַ פּאַקטישן כאַראַקטער, איז אַף קיין זאַך ניט באַגרינדעט. די לעזער פון „ראַב. דיעלאָ" ווייסן גוט, אַז מיר האָבן פון סאַמע אָנהויב אָן ניט נאָר גערופן צו פּאָליטישער אַגיטאַציע, ניט דערוואַרטנדיק זיך אַף דער דערשיינונג פון „איסקרא"... (זאָגנדיק דערביי, אַז ניט נאָר פאַר אַרבעטער־קרייזלעך, „נאָר אויך פאַר דער מאַסאָווער אַרבעטער־באַוועגונג קאָן מען ניט שטעלן אַלס ערשטע פּאָליטישע אויפגאַבע — אַראָפּוואַרפן דעם אַבסאָלוטיזם", נאָר בלויז דעם קאַמף פאַר די נאָענטסטע פּאָליטישע פאָדערונגען, און אַז „די נאָענטסטע פּאָליטישע פאָדערונגען ווערן צוטריטלעך פאַר דער מאַסע נאָך איינעם אָדער העכסטנס עטלעכע שטרייקן")... „און אויך מיט אונזערע אויסגאַבן האָבן מיר צוגעשטעלט פון אויסלאַנד פאַר די כאַווירים, וועלכע אַרבעטן אין רוסלאַנד, דעם א י י נ צ י ק ן סאָציאַל־דעמאָקראַטישן פּאָליטיש־אַגיטאַציאָנעלן מאַטעריאַל"... (דערביי האָט איר אין דעמדאָזיקן איינציקן מאַטעריאַל ניט נאָר באַנוצט אַפּן ברייטסטן אויפן די פּאָליטישע אַגיטאַציע בלויז אַפּן באָדן פון עקאָנאָמישן קאַמף, נאָר איר האָט זיך ענדלעך דערטראַכט דערצו, אַז דידאָזיקע פאַרשמעלערטע אַגיטאַציע איז די „סאַמע ברייט באַנוצבאַרע". און איר באַמערקט ניט, מיינע הערן, אַז אייער אַרגומענטאַציע דערווייזט גראָד די נויטיקייט פון דער „איסקראס" דערשיינען — באַ אַזאַ מין א י י נ צ י ק ן מאַטעריאַל — און די נויטיקייט פון דער „איסקרא"ס קאַמף מיט „ראַב. דיעלאָ?")... „פון דער צווייטער זייט האָט אונזער פאַרלעגערישע טעטיקייט פּאַקטיש צוגעגרייט די טאַקטישע איינהייט פון דער פּאַרטיי"... (די איינהייט פון איבערצייגונג דערין, אַז די טאַקטיק איז אַ פּראָצעס פון וואוקס פון די פּאַרטייאישע אויפגאַבן, וועלכע וואַקסן צוזאַמען מיט דער פּאַרטיי? אַ ווערטפולע איינהייט!)... „און דערמיט גופע די מעגלעכקייט פון אַ „שלאַכט־אָרגאַניזאַציע", וואָס אַף צו באַשאַפן זי האָט דער פאַרבאַנד געטאָן ביכלאַל אַלץ, וואָס עס איז צוטריטלעך פאַר אַן אויסלענדישער אָרגאַניזאַציע" („ראַב. דיעלאָ" נומער 10, ז. 15). אַן אומזיסטער פּרואוו זיך אַרויסצודרייען! אַז איר האָט געטאָן אַלץ, וואָס פאַר אייך איז צוטריטלעך, דאָס האָב איך גאָר קיינמאָל ניט געטראַכט

אָפּצולייקענען. איך האָב באַהויפּט און איך באַהויפּט, אַז די גרעניצן פונם „צוטרויטלעכן" פאַרשמעלערט איר מיט דער קורצזיכטיקייט פון אייער פאַר־שטיין. עס איז לעכערלעך אַפילו צו ריידן וועגן אַ „שלאַכט־אָרגאַניזאַציע" צו־ליב קאַמף פאַר די „נאָענטסטע פּאָליטישע פאָדערונגען" אָדער צוליב דעם „עקאָ־נאָמישן קאַמף מיט די באַלעבאַטים און מיט דער רעגירונג". /

נאָר אויב דער לעזער וויל זעען פּערל פון „עקאָנאָמישער" איינגעליבטקייט אין קוסטאַרעריי, דאַרף ער זיך, פאַרשטייט זיך, ווענדן פון דער עקלעקטישער און ניט שטאַנדהאַפטיקער „ראַב. דיעלאָ" צו דער אויסגעהאַלטענער און אָנגע־שלאָסענער „ראַב. מיסל". „איצט צוויי ווערטער וועגן דער אייגנטלעך אַזוי גערו־פענער רעוואָלוציאָנערער אינטעליגענץ, — האָט געשריבן ר. מ. אין דער „ספּע־ציעלער ביילאַגע", זייט 13, — זי האָט, עמעס, ניט איינמאָל אין דער פּראַקטיק באַוויזן איר פולע גרייטקייט „אַריינצוטרעטן אין אַן אַנטשיידענעם געראַנגל מיטן צאַריזם". דער גאַנצער אומגליק באַשטייט נאָר דערין, וואָס ווערנדיק אַן ראַב־מאָנעם געטרויידעפּט דורך דער פּאָליציי, האָט אונזער רעוואָלוציאָנערע אינטעליגענץ אויפגענומען דעם קאַמף מיט דעררזאַקער פּאָליטישער פּאָליציי פאַר אַ פּאָליטישן קאַמף מיט דער זעלבסטהערשונג. דעריבער טאַקע בלייבט פאַר איר ביז איצט ניט אויפגעקלערט די פראַגע, „פון וואַנען זאָל מען נעמען קוויבעס פאַרן קאַמף מיט דער זעלבסטהערשונג?".

ניט עמעס, ווי אומפאַרגלייכלעך עס איז דידאַזיקע פּראַכטפולע פאַראַכטונג צום קאַמף מיט דער פּאָליציי מיצאַד אַן אָנהענגער (אינם שלעכטן זין אַן אָנ־הענגער) פון דער סטיכישער באַוועגונג? אונזער קאָנספּיראַטיווע ניט געניטקייט איז ער גרייט צו באַרעכטיקן דערמיט, וואָס פאַר אונז איז בײַ אַ סטיכישער מאַסן־באַוועגונג אין טאָך געגומען גאָר ניט וויכטיק דער קאַמף מיט דער פּאָליטישער פּאָליציי!! אונטער דעמדאָזיקן שוידערלעכן אויספיר וועלן זיך אונטערשרייבן זייער און זייער ווייניקע: אַף אַזויפיל איז בײַ אַלעמען אָנגע־ווייטיקט די פראַגע וועגן די פעלערן פון אונזערע רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס. אָבער אויב אונטער אים וועט זיך ניט אונטערשרייבן, לעמאָשל, מאַרטינאָוו, איז בלויז דערפאַר, וואָס ער קאָן ניט, אָדער ער האָט ניט די דרייסטקייט, זיך צו דערטראַכטן ביז צום סאָף פון זיינע טעזיסן. טאַקע בעעמעס, צי דען פאָדערט אַזאַ „אויפגאַבע", ווי אַז די מאַסע זאָל אַרויסשטעלן קאָנקרעטע פאָדערונגען, וועלכע פאַרשפּרעכן מאַמאָשעסדיקע רעזולטאַטן, צי דען פאָדערט זי באַזונדערע זאָרגעוודיקייט וועגן באַשאַפן אַ פעסטע, צענטראַליזירטע קאַמפס־אָרגאַניזאַציע פון רעוואָלוציאָנערן? צי דען פּילט ניט אויס דידאָזיקע „אויפגאַבע" אויך אַזאַ מאַסע, וועלכע „קעמפט" גאָר ניט „מיט דער פּאָליטישער פּאָליציי"? נאָך מער: צי דען וואָלט דידאָזיקע אויפגאַבע געווען אויספירבאַר, ווען אַכוץ די ווייניקע אָנפירער וואָלטן זיך פאַר איר ניט גענומען אויך (אין אַ קאָלאָסאַלער מערהייט) אַזוינע אַרבעטער, וועלכע זיינען אינגאַנצן ניט פעאיק „צו קעמפן מיט דער פּאָליטישער פּאָליציי"? אַזוינע אַרבעטער, די דורכשניטלעכע מאַסע־מענטשן,

זיינען פּעאיק אַרויסצואווייזן אַ ריזיקע ענערגיע און זעלבסטאָפּפערונג אין אַ שטרייק, אינם גאַסן-קאַמף מיט דער פּאָליציי און מיטן מיליטער, זיינען פּעאיק (און נאָר זיי אַליין קאָנען) ל ײ ז ן דעם אויסגאַנג פון אונזער גאַנצער באַוועגונג, — אָבער גראָד דער קאַמף מיט דער פּ אָ ל י ט י ש ע ר פּאָליציי פּאָדערט ספּעציעלע מאַילעס, פּאָדערט רעוואָלוציאָנערן ל ו י ט ד ע ר פּ ר אָ פ ע ס י ע. און מיר דאַרפן זאָרגן ניט נאָר וועגן דעם, אַז די מאַסע זאָל „אַרויסשטעלן“ קאָנקרעטע פּאָדערונגען, נאָר אויך וועגן דעם, אַז די מאַסע אַרבעטער זאָל „אַרויסשטעלן“ אַלץ אין אַ גרעסערער צאָל אַזוינע רעוואָלוציאָנערן לויט דער פּראָפעסיע. מיר זיינען, אַזוי אַרום, צוגעקומען צו דער פראַגע וועגן דער קעגנזייטיקער פאַרהעלטעניש צווישן דער אָרגאַניזאַציע פון פּראָפעסיאָנעלע רעוואָלוציאָנערן און דער ריין אַרבעטערשער באַוועגונג. דידאָזיקע פראַגע, וועלכע האָט זיך ווייניק אָפּגעשפּיגלט אין דער ליטעראַטור, האָט פיל אינטערעסירט אונז, די „פּאָליטיקער“, אין די שמועסן און שטריטן מיט די כאַווײרים, וועלכע זיינען מער אָדער ווייניקער נויטע צום עקאָנאָמיזם. אַף איר לוינט באַזונדער זיך אָפּצושטעלן. אָבער פריער לאָמיר פאַרענדיקן מיט נאָך איין ציטאַטע דאָס אילוסטרירן אונזער טעזיס וועגן דער פאַרבינדונג צווישן דער קוסטאַרעריי מיטן עקאָנאָמיזם.

„די גרופּע „באַפרייאונג פון דער אַרבעט“, — האָט געשריבן הער נ. נ. אין זיין „ענטפער“, — פּאָדערט אַ דירעקטן קאַמף מיט דער רעגירונג, ניט אָפּוועגנדיק, וואו עס געפינט זיך די מאַטעריעלע קראַפט פאַר דעמדאָזיקן קאַמף, ניט אָנווייזנדיק, וואו עס זיינען די וועגן פאַר אים“, און אונטערשטרייכנדיק די לעצטע ווערטער, מאַכט דער מעכאַבער צום וואָרט „וועגן“ אַזאַ באַמערקונג: דערדאָזיקער אומשטאַנד קאָן ניט דערקלערט ווערן מיט קיין קאָנספּיראַטיווע צילן, ווייל אין דער פּראָגראַם רעדט זיך ניט וועגן אַ פאַרשווערונג, נאָר וועגן אַ מ אַ ס ן-ב אַ ו ו ע ג ו נ ג. די מאַסע ווידער קאָן ניט גיין מיט קיין געהיימע וועגן. צי דען איז מעגלעך אַ געהיימער שטרייק? צי דען איז מעגלעך אַ געהיימע מאַניפעסטאַציע און פּעטיציע?“ („װאדעמעקום“, ז. 59). דער מעכאַבער איז האַרט צוגעגאַנגען סאַי צו דערדאָזיקער „מאַטעריעלער קראַפט“ (די איינאָרדענער פון שטרייקן און מאַניפעסטאַציעס) סאַי צו די „וועגן“ פאַרן קאַמף, אָבער ער האָט זיך פונדעסטוועגן אַרויסגעוויזן אין אַ צושטאַנד פון פאַרלאָרענער צעטומלטקייט, ווייל ער „בוקט זיך“ פאַר דער מאַסן-באַוועגונג, דאָס הייסט, ער קוקט אַף איר, ווי אַף עטוואָס אַזוינס, וואָס ב אַ פ ר י י ט א ו נ ז פון אונזער רעוואָלוציאָנערער אַקטיווקייט, און ניט ווי אַף עטוואָס אַזוינס, וואָס דאַרף דערמונטערן און א ו נ ט ע ר ש ט ו י ס ן אונזער רעוואָלוציאָנערע אַקטיווקייט. אַ געהיימער שטרייק איז אומעגלעך פאַר די אָנטיילנעמער זיינע און פאַר די פּערזאָנען, וועלכע קומען דירעקט מיט אים אין באַרירונג. אָבער פאַר דער מאַסע רוסישע אַרבעטער קאָן דערדאָזיקער שטרייק בלייבן (און מערסטנטייל פאַרבלייבט ער) „געהיים“, ווייל די רעגירונג וועט שוין זאָרגן אָפּצושניידן יעטווידער באַציאונג מיט די שטרייקער, זי וועט שוין זאָרגן אומעגלעך צו מאַכן

יעטווידער פאַרשפּרייטונג פון יעדיעס וועגן דעם שטרייק. אָט דאָ איז שוין נויטיק אַ ספּעציעלער „קאַמף מיט דער פּאָליטישער פּאָליציי“, אַ קאַמף, וועלכן עס וועט קיינמאָל ניט קאָנען אַקטיוו פירן אַזאַ ברייטע מאַסע, ווי די, וועלכע נעמט אָנטייל אין די שטרייקן. דעמדאָזיקן קאַמף דאַרפן אָרגאַניזירן „לויט אַלע קלאַלים פון קונסט“ מענטשן, וועלכע זיינען פּראָפעסיאָנעל באַשעפטיקט מיט דער רעוואָלוּציאָנערער טעטיקייט. די אָרגאַניזירונג פון דעמדאָזיקן קאַמף איז ניט געוואָרן ווייניקער נויטיק דערפון, וואָס אין דער באַוועגונג ווערט סטיכיש אַריינגעצויגן די מאַסע. פאַרקערט, דערפון ווערט די אָרגאַניזאַציע מער נויטיק, ווייל מיר, סאָציאַליסטן, וואָלטן ניט אויסגעפילט אונזערע דירעקטע פליכטן פאַר דער מאַסע, ווען מיר וואָלטן ניט געקענט שטערן דער פּאָליציי צו מאַכן געהיים (און וואָלטן צומאָל אַליין ניט צוגעגרייט געהיים) יעטווידער שטרייק און יעטווידער מאַניפעסטאַציע. קענען עס אָידער זיינען מיר אימשטאַנד מאַקע דערפאַר, וואָס די סטיכיש אויפוואַכנדיקע מאַסע וועט אַרויסרוקן אויך פון איר סוויווע אַלץ אַ גרעסערע און גרעסערע צאָל „רעוואָלוּציאָנערן לויט דער פּראָפעסיע“ (אויב אונז וועט ניט איינפאַלן אַף אַלערליי אויפאַנים צו רופן די ארבעטער זיך מאַפּשען אַף איין אָרט).

## ג) די אָרגאַניזאַציע פון ארבעטער און די אָרגאַניזאַציע פון רע-וואָלוּציאָנערן

אויב דער באַגריף פּאָליטישער קאַמף ווערט פאַר אַ סאָציאַל-דעמאָקראַט געדעקט מיטן באַגריף „עקאָנאָמישער קאַמף מיט די באַלעבאַטים און מיט דער רעגירונג“, איז נאַטירלעך צו דערוואַרטן, אַז דער באַגריף „אָרגאַניזאַציע פון רעוואָלוּציאָנערן“ וועט פאַר אים מער אָדער ווייניקער געדעקט ווערן מיטן באַגריף: „אָרגאַניזאַציע פון ארבעטער“. און דאָס טרעפט ווירקלעך, ווייל בעאיים מיר ריידן וועגן דער אָרגאַניזאַציע, ווייזט זיך אַרויס, אַז מיר ריידן בוכשטעבלעך אַף פאַרשיידענע שפּראַכן. ווי איצט, געדענק איך, לעמאָשל, אַ שמועס מיט איינעם אַ גאַנץ אויסגעהאַלטענעם עקאָנאָמיסט, וועלכן מיר איז ניט אויסגעקומען צו קענען פריער. מיר האָבן אָנגעהויבן ריידן וועגן דער בראָשור: „ווער וועט דורכפירן די פּאָליטישע רעוואָלוציע?“ און מיר זיינען זיך באַלד צונויפגעגאַנגען דערויף, אַז דער גרונט-פעלער אירער איז דאָס, וואָס זי איגנאָרירט די פראַגע וועגן דער אָרגאַניזאַציע. מיר האָבן שוין געמיינט, אַז מיר זיינען סאָלידאַר איינער מיטן אַנדערן — אָבער... דער שמועס גייט ווייטער און עס ווייזט זיך אַרויס, אַז מיר ריידן וועגן פאַרשיידענע זאַכן. מיין מיטשמועסער באַשולדיקט דעם מעכאַבער פאַר איגנאָרירן די שטרייק-קאַסעס, די געזעלשאַפטן פאַר קעגנזייטיקער הילף א. ד. גל., איך ווידער האָב געהאַט אין זין די אָרגאַניזאַציע פון רעוואָלוּציאָנערן, וועלכע איז נויטיק אַף „דורכצופירן“ די פּאָליטישע רעוואָלוציע. און ווי נאָר עס האָט זיך אַרויסגעוויזן די־דאָזיקע מיינונגס-פאַרשיידנהייט, — גע-

רעכנ איך שוין ניט, אַז מיר זאָל ביכלאַל אויסקומען איבער אַ וועלכער עס איז פּרינציפּיעלער פראַגע אײַנצושטימען מיט דעמדאָזיקן עקאָנאָמיסט!

אין וואָס איז באַשטאַנען די קוואַל פון אונזערע מיינונגס=פאַרשיידנהייטן? טאַקע דעריין, וואָס די עקאָנאָמיסטן שלאָגן זיך טאָמיד אַראָפּ פון סאָציאַל=דעמאָקראַטיזם אַף טרעד=יוניאָניזם סײַ אין די אָרגאַניזאַציאָנעלע, סײַ אין די פּאָליטישע אויפגאַבן. דער פּאָליטישער קאַמף פון דער סאָציאַל=דעמאָקראַטיע איז אַסאַך ברייטער און קאָמפּליצירטער, איידער דער עקאָנאָמישער קאַמף פון די אַרבעטער מיט די באַלעבאַטים און מיט דער רעגירונג. פּונקט אַזוי (און צוליב דעם) דאַרף די אָרגאַניזאַציע פון דער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַל=דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אומפאַרמיידלעך זיין פון אַן *אַנדער מין*, איידער די אָרגאַניזאַציע פון אַרבעטער פאַר אַזאַ קאַמף. די אָרגאַניזאַציע פון אַרבעטער דאַרף, ערשטנס, זיין אַ פּראָפעסיאָנעלע; צווייטנס, דאַרף זי זיין ווי ווייט מעגלעך אַ מער ברייטערע; דריטנס, דאַרף זי זיין ווי ווייט מעגלעך ווייניקער קאָנספּיראַטיוו (איך רייד, פאַרשטייט זיך, דאָ און ווייטער, האָבנדיק אין אויג דאָס זעלבסטהערשערישע רוסלאַנד). פאַרקערט, די אָרגאַניזאַציע פון רעוואָלוציאָנערן דאַרף אַרומנעמען פריער פאַר אַלץ און הויפּטזאַכלעך מענטשן, וועמעס פּראָפעסיע עס באַשטייט אין רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט (דעריבער רייד איך טאַקע וועגן אַן אָרגאַניזאַציע פון *רעוואָלוציאָנערן*, האָבנדיק אין אויג די רעוואָלוציאָנערן סאָציאַל=דעמאָקראַטן). לעגאַבע דעמדאָזיקן אַלגעמיינעם סימען פאַר די מיטגלידער פון אַזאַ אָרגאַניזאַציע *דאַרף אינגאַנצן אָפּגעווישט ווערן יעטווידער אונטערשייד צווישן אַרבעטער און אינטעליגענטן*, שוין אָפּגערעדט וועגן דעם אונטערשייד צווישן פאַרשיידענע פּראָפעסיעס באַ די און יענע. דידאָזיקע אָרגאַניזאַציע מוז אומבאַדינגט זיין ניט זייער קיין ברייטע און ווי ווייט מעגלעך אַ מער קאָנספּיראַטיווע. לאָמיר זיך אָפּשטעלן אַף דעמדאָזיקן דרייפאַכן אונטערשייד.

אין לענדער מיט פּאָליטישער פרייהייט איז דער אונטערשייד צווישן דער פּראָפעסיאָנעלער און פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע אַבסאָלוט אַ קלאָרער, פּונקט ווי עס איז קלאָר אויך דער אונטערשייד צווישן די טרעד=יוניאָנען און דער סאָציאַל=דעמאָקראַטיע. די באַציאונגען פון דער לעצטער צו די ערשטע ענדערן זיך אומפאַרמיידלעך לויט דער פאָרם אין פאַרשיידענע לענדער, פאַרשטייט זיך; אין העסקעם מיט די היסטאָרישע, יורידישע און אַנדערע באַדינגונגען, — זיי קאָנען זיין מער אָדער ווייניקער ענגע, קאָמפּליצירטע א. א. וו. (זיי דאַרפן פון אונזער שטאַנדפּונקט זיין מעגלעכסט מער ענגע און מעגלעכסט מער קאָמפּליצירטע), נאָר וועגן דעם, אַז די אָרגאַניזאַציע פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען זאָל צונויפפאַלן מיט דער אָרגאַניזאַציע פון דער סאָציאַל=דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, איז אין די פרייע לענדער אַפילע קיין רייד ניטאָ. אין רוסלאַנד אָבער ווישט אָפּ דער יאָך פון דער זעלבסטהערשונג אַפן ערשטן קוק יעטווידער אונטערשייד צווישן אַ סאָציאַל=דעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע און אַן אַרבעטער=

בונד, ווייל איטלעכע אַרבעטער־פֿאַריינען און איטלעכע קרייזלעך זיינען פֿאַרבאָטן, ווייל די הויפּט־דערשיינונג און ווערקצייג פֿונם עקאָנאָמישן קאַמף פֿון די אַרבעטער — דער שטרייק — איז ביכלאַל אַ קרימינעלער (און צומאָל אַפֿילע אַ פּאָליטישער!) פֿאַרברעכן. אַזוי אַרום „שטויסן אָן" אונזערע באַדינגונגען, פֿון איין זייט, די אַרבעטער, וועלכע פֿירן אַן עקאָנאָמישן קאַמף, אַף פּאָליטישע פֿראַגן, און פֿון דער צווייטער זייט, „שטויסן זיי אָן" די סאָציאַל־דעמאָקראַטן אַף צונויפֿמישן דעם טרעד־יוניאָניזם מיט סאָציאַל־דעמאָקראַטיזם (און אונזערע קרישעוווסקיס, מאַרטינאָווס און קאָמפּ. טאַינען ענערגיש וועגן דעם „אָנשטויסן" פֿונם ערשטן מין, און באַמערקן ניט דאָס „אָנשטויסן" פֿונם צווייטן מין). אין דערעמעסן, שטעלט אייך פֿאָר מענטשן, וועלכע זיינען אַף 99 הונדערטלעך איינגעשלונגען דורכן „עקאָנאָמישן קאַמף מיט די באַלעבאַטים און מיט דער רעגירונג". איינע פֿון זיי האָבן אין מעשעך פֿונם גאַנצן פּעריאָד פֿון זייער טעטיקייט (פֿיר—זעקס כאָדאָשים) קיין איין מאָל זיך ניט אָנגעשטויסן אַף דער פֿראַגע וועגן דער נויטיקייט פֿון אַ מער קאָמפּליצירטער אָרגאַניזאַציע פֿון רעוואָלוציאָנערן; די אַנדערע וועלן זיך עפּשער „אָנשטויסן" אַף דער בעערעך פֿאַרשפּרייטער בערנשטייניאַנישער ליטעראַטור, פֿון וועלכער זיי וועלן שעפּן איבערצייגונג אין דער גאָר שטאַרקער וויכטיקייט פֿונם „פּאָרויס־מאַרש פֿונם גרויען לויפֿנדיקן קאַמף". די דריטע, ענדלעך, וועלן זיך לאָזן פֿאַרפֿירן דורך דער פֿאַרפֿירערישער אידייע צו באַווייזן דער וועלט אַ נייעם מוסטער פֿון „ענגן און אָרגאַנישן צוזאַמענבונד מיטן פּראָלעטאַרישן קאַמף", פֿון אַ צוזאַמענבונד צווישן דער פּראָפֿעסיאָנעלער און סאָציאַל־דעמאָקראַטישער באַוועגונג. וואָס שפּעטער עס טרעט אַרויס אַ לאַנד אַף דער אַרענע פֿון קאַפּיטאַליזם, און דאָס הייסט אויך פֿון דער אַרבעטער־באַוועגונג, — קאָנען טראַכטן אַזוינע מענטשן, — אַלץ מער קאָנען די סאָציאַליסטן אָנטייל נעמען אין דער פּראָפֿעסיאָנעלער באַוועגונג און געבן איר שטיצע, אַלץ ווייניקער דאַרף זיין קיין סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַריינען. ביז אַהער איז אַזאַ געדאַנק גאַנץ ריכטיק, נאָר דער אומגליק באַשטייט דעריין, וואָס זיי גייען נאָך ווייטער און זיי טרוימען וועגן אַ פֿולער צונויפֿגיסונג פֿונם סאָציאַל־דעמאָקראַטיזם מיטן טרעד־יוניאָניזם. מיר וועלן באַלד דערזעען אַפֿן בייַשפּיל פֿונם סטאַטוט פֿונם פּעטערבורגער קאַמפּס־פֿאַרבאַנד, ווי שעדלעך דיזאָזיקע טרוימען שפּיגלען זיך אָפּ אַף אונזערע אָרגאַניזיר־פּלענער.

די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס פֿאַר עקאָנאָמישן קאַמף דאַרפֿן זיין פּראָפֿעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס. יעדער סאָציאַל־דעמאָקראַט — אַן אַרבעטער דאַרף לויט דער מעגלעכקייט מיטווירקן און אַקטיוו אַרבעטן אין דיזאָזיקע אָרגאַניזאַציעס. דאָס איז ריכטיק. אָבער עס איז קלאָר ניט אין אונזערע אינטערעסן צו פֿאָדערן, אַז מיטגלידער פֿון „פֿאַכאָווע" פֿאַריינען קאָנען זיין גאָר סאָציאַל־דעמאָקראַטן; דאָס וואָלט פֿאַרשמעלערט די גרויס פֿון אונזער ווירקונג אַף דער מאַסע. זאָל זיך אײַנם פֿאַך־פֿאַריין באַטייליקן יעדער אַרבעטער, וועלכער פֿאַרשטייט די נוי־

טיקייט פון אַ פאַרייניקונג אַף צו קעמפן מיט די באַלעבאַטים און מיט דער
רעגירונג. דער ציל גופע פון די פאַך=פאַריינען וואָלט געווען ניט דערגרייכלעך,
ווען זיי זאָלן ניט פאַרייניקן אַלעמען, ווען עס איז צוטריטלעך כאָטש נאָר
דידאָזיקע עלעמענטאַרע שטופע פון פאַרשטיין *, ווען דידאָזיקע פאַך=פאַריינען
וואָלטן ניט געווען קיין זייער ב ר י ט ע אָרגאַניזאַציעס. און וואָס ברייטער עס
זייגען דידאָזיקע אָרגאַניזאַציעס, אַלץ ברייטער וועט זיין אויך אונזער ווירקונג
אַף זיי, אַ ווירקונג, וועלכע ווערט אַרויסגעוויזן ניט נאָר דורך דער „סטיכישער“
אַנטוויקלונג פונם עקאָנאָמישן קאַמף, נאָר אויך דורך דירעקטער, באַוואוסטזיני=
קער אויפווירקונג פון די סאָציאַליסטישע פאַריין=מיטגלידער אַף די כאַווײרים.
אָבער באַ אַ ברייטן באַשטאַנד פון דער אָרגאַניזאַציע איז ניט מעגלעך קיין
שטרענגע קאָנספּיראַציע (וועלכע פאָדערט אַסאַך אַ גרעסערע צוגרייטונג, איידער
עס איז נויטיק אַף אָנטייל צו נעמען אינם עקאָנאָמישן קאַמף). ווי אַזוי זאָל מען
אויסגלייכן דעמדאָזיקן ווידערשפּרוך צווישן דער נויטיקייט פון אַ ברייטן באַ=
שטאַנד און פון אַ שטרענגער קאָנספּיראַציע? ווי אַזוי זאָל מען דערגרייכן, אַז
די פאַך=אָרגאַניזאַציעס זאָלן זיין ווי ווייט מעגלעך ווייניקער קאָנספּיראַטיוו?
דערצו קאָן, ביכלאַל גערעדט, זיין נאָר צוויי וועגן: אָדער די לעגאַליזאַציע פון
די פאַך=פאַריינען (וועלכע איז אין אייניקע לענדער פאָרגעקומען פאַר דער לע=
גאַליזאַציע פון די סאָציאַליסטישע און פּאָליטישע פאַריינען), אָדער פאַרהיטן
די אָרגאַניזאַציע, ווי אַ געהיימע, אָבער אַף אַזויפיל אַ פרייע, ווייניק אויסגעפו=
רעמטע, „לויזע“, ווי עס זאָגן די דייטשן, אַז די קאָנספּיראַציע זאָל פאַר דער
מאַסע מיטגלידער דערפירט ווערן קימאַט ביז צום נול.

די לעגאַריזירונג פון ניט=סאָציאַליסטישע און ניט=פּאָליטישע אַרבעטער=
פאַריינען האָט זיך אין רוסלאַנד שוין אָנגעהויבן, און עס קאָן ניט זיין קיין שום
צווייפל, אַז יעדער שריט פון אונזער גיך וואַקסנדיקער סאָציאַל=דעמאָקראַטישער
אַרבעטער=באַוועגונג וועט פאַרמערן און דערמונטערן די פּרוואוון פון דערדאָזיקער
לעגאַליזאַציע, — פּרוואוון, וועלכע גייען דערהויפּט אַרויס מיצאַד די אָנהענגער
פון דער עקזיסטירנדיקער אָרדענונג, אָבער טיילוויין אויך מיצאַד די אַרבעטער
גופע און מיצאַד דער ליבעראַלער אינטעליגענץ. די פאָן פון לעגאַליזאַציע האָבן
שוין אויפגעהויבן די וואַסיליעווס ** און די זובאַטאָווס ***, מיטווירקונג האָבן
איר שוין צוגעזאָגט און געגעבן די הערן אָזעראָווס **** און וואָרמס *****,

* אין דער אויסגאַבע פונם 1908 יאָר איז די לעצטע פראַזע אַרויסגעלאָזן.
רעד.

** נאַטשאַלניק פון זשאַנדאַרמען־פאַרוואַלטונג אין מינסק.

*** באַרימטער זשאַנדאַרם, וועלכער האָט געמאַכט פּרוואוון צו אָרגאַניזירן פּאָליציי=
אישע אַרבעטער=אָרגאַניזאַציעס מיטן ציל אָפּצוציען די אַרבעטער פון דער רעוואָלוציאָ=
נערער באַוועגונג. איב.

**** אָזעראָוו — פּראָפעסאָר פון מאָסקווער אוניווערזיטעט, האָט געלייענט לעקציעס
אין זובאַטאָווס אָרגאַניזאַציע.

***** וואָרמס — דאָס זעלבע איב.

צווישן די אַרבעטער זײַנען שוין פאַראַן אָנהענגער פון דער נײַער שטרעמונג. און מיר קאָנען ניט פון איצט אָן זיך ניט רעכענען מיט דערדאָזיקער שטרעמונג. ווי אַזוי מען זאָל זיך רעכענען,—אָסער, אויב צווישן די סאָציאַל=דעמאָקראַטן קאָנען זײַן וועגן דעם צוויי מיינונגען. מיר זײַנען מעכוייעוו קעסיידער צו דעמאַסקירן יעטווידער אָנטייל פון די זובאַטאָווס און וואַסיליעווס, פון די זשאַנדאַרמען און גאַלאָכים אין דערדאָזיקער שטרעמונג און אויפקלערן פאַר די אַרבעטער די ווירקלעכע פּניעס פון דידאָזיקע אָנטיילנעמער. מיר זײַנען מעכוייעוו צו דעמאַסקירן אויך די אַלערלײַ שאָלעם=מאַכערישע, „האַרמאָנישע“ נאָטקעס, וועלכע וועלן זיך דורכשמוגלען אין די רעדעס פון די ליבעראַלע טוער אַף אָפענע אַרבעטער=פאַרזאַמלונגען, — אַלץ איינס, צי נעמען זיי דידאָזיקע נאָטעס צוליב זייער אויפריכטיקער איבערצייגונג אין דער געוואונשנקייט פון פרידלעכער קלאַסן=צוזאַמענאַרבעט, אָדער צוליב דעם ווילן צוצודינען זיך צו נאַטשאַלסטווע, אָדער ענדלעך פּאָשעט צוליב אומגעלומפּערטקייט. מיר זײַנען, ענדלעך, מעכוייעוו צו וואָרענען די אַרבעטער קעגן יענער פּאַסטקע, וועלכע עס שטעלט פאַר זיי אָפטמאָל די פּאָליציי, אויסקוקנדיק די „מענטשן מיט אַ פייערל“ אַף דידאָזיקע אָפענע פאַרזאַמלונגען און אין די דערלויבטע געזעלשאַפטן, פּרואוונדיק זיך דורך דער פאַרמיטלונג פון די לעגאַלע אָרגאַניזאַציעס אַרײַנצופירן פּראָוואָקאַטאָרן אויך אין די אומלעגאַלע.

אָבער טאָן דאָס אַלץ — באַטײַט בעשום אויפן ניט — פאַרגעסן וועגן דעם, אַז ס אָ פּ ק אָ ל ס אָ ף וועט די לעגאַליזאַציע פון דער אַרבעטער=באַוועגונג ברענגען נוצן טאָקע אונז, און לאַכלוטן ניט די זובאַטאָווס. פאַרקערט, גראָד מיט אונזער דעמאַסקירונגס=קאַמפּאַניע טיילן מיר אָפּ די מיסט פונם ווייץ. די מיסט האָבן מיר שוין אָנגעוויזן. דער ווייץ — דאָס איז צוציען די אויפמערקזאַמקייט פון נאָך ברייטערע און פון די סאַמע אָפּגעשטאַנענע שיכטן אַרבעטער צו די סאָציאַלע און פּאָליטישע פראַגן, דאָס איז — באַפרייען אונז, רעוואָלוציאָנערן, פון אַזוינע פונקציעס, וועלכע זײַנען לויטן טאָך לעגאַלע (פאַרשפּרייטן לעגאַלע ביכער, קעגנזייטיקע הילף א. א. וו.) און וואָס זייער אַנטוויקלונג וועט אונז געבן אַלץ אַ גרעסערן און גרעסערן מאַטעריאַל פאַר אַגיטאַציע.

אין דעם זין קאָנען מיר און דאַרפן זאָגן די זובאַטאָווס און אָזעראָווס: סטאַרעט זיך, מײַנע הערן, סטאַרעט זיך! אַף וויפל איר שטעלט פאַר די אַרבעטער אַ פּאַסטקע (צי אינגם זין פון דירעקטער פּראָוואָקאַטאָרישקייט, צי אינגם זין פון „ערלעכן“ דעמאָראַליזירן די אַרבעטער דורכן „סטרואוויזם“) — וועלן מיר שוין זאָרגן וועגן דעמאַסקירן אייך. אַף וויפל איר מאַכט אַ ווירקלעכן שריט פאָרויס,— זאָל זײַן אַפילע אין דער פאָרם פון אַ סאַמע „פּאַכדאָנישן זיגזאַג“, נאָר אַ טריט פאָרויס — וועלן מיר זאָגן: אַדעראַבע! אַ ווירקלעכער שריט פאָרויס קאָן זײַן נאָר די ווירקלעכע, זאָל זײַן אַפילע מיניאַטיורע, פאַרברייטערונג פון הארכאָווע פאַר די אַרבעטער. און יעדע אַזאַ פאַרברייטערונג, וועט דינען אונז צו גונסטן און וועט פאַרגיכערן דעם אויפקום פון אַזוינע לעגאַלע געזעלשאַפטן, וואו ניט די

פראָוואָקאַטאָרן וועלן פאַנגען סאָציאַליסטן, נאָר די סאָציאַליסטן וועלן פאַנגען פאַר זיך אדעפטן. מיט איין וואָרט, אונזער זאַך איז איצט קעמפן מיט די מיסט־גראָזן. ניט אונזער זאַך איז פלאַנצן אין צימער־וואַזאָנעס ווייץ. אַרויסרייסנדיק די מיסט־גראָזן, רייניקן מיר דערמיט גופא אָפּ דעם באָדן דערפאַר, אַז די קערנער פונם ווייץ זאָלן קאָנען אויסוואַקסן. און בישאַס די אפאַנאסי איוואַנאָוויטשעס מיט די פולכעריע איוואַנאָוונעס * פאַרנעמען זיך מיט האָדעווען אין שטוב וואַזאָנעס, וועלן מיר גרייטן שניטער, וועלכע זאָלן קאָנען סאַי שניידן די היינטיקע מיסט־גראָזן, סאַי שניידן דעם מאָרגנדיקן ווייץ **.

אַלזאָ, ל י י ז ן מיט דער הילף פון דער לעגאַליזאַציע די פראַגע וועגן באַשאַפן אַ ווי וויט מעגלעך ווייניקער קאָנספּיראַטיווע און ווי וויט מעגלעך מער ברייטע פראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציע — דאָס קאָנען מ י ר ניט (אָבער עס וואָלט אונז זייער געפרייט, ווען די זובאַטאָווס און די אָזעראָווס וואָלטן פאַר אונז געעפנט כאָטש אַ טיילווייזע מעגלעכקייט פון אַזאַ לייזונג, — וואָס צוליב דעם דאַרפן מיר ווי וויט מעגלעך ענערגישער מילכאָמע האַלטן מיט זיי!). בלייבט דער וועג פון געהיימע פראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס, און מ י ר ד אַ ר פ ן געבן אַלערליי שטיצע די אַרבעטער, וועלכע טרעטן שוין אַרויף (ווי אונז איז געווי באַקאַנט) אָף דעמדאָזיקן וועג. די פראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס קאָנען ניט נאָר ברענגען קאָלאָסאַלן נוצן אינם פראַט פון אַנטוויקלען און פאַרפעסטיקן דעם עקאָנאָמישן קאַמף, נאָר זיי קאָנען אויך ווערן אַ גאַנץ וויכטיקער מיטהעלפער פאַר דער פאָליטישער אַגיטאַציע און פאַר דער רעוואָלוציאָנערער אָרגאַניזאַציע. קעדיי צו דערגרייכן דעמדאָזיקן רעזולטאַט, קעדיי צו קערעווען די זיך אָנהויבנדיקע פראָפעסיאָנעלע באַוועגונג אין דער ריכטונג, וועלכע איז געוואונטשן פאַר דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, — מוז מען פריער פאַר אַלץ קלאָר פאַרשטעלן זיך די אומגעלומפערטקייט פון יענעם פלאַן פון אַן אָרגאַניזאַציע, מיט וועלכן עס טראָגן זיך שוין אַרום אָט 5 יאָר די פעטערבורגער עקאָנאָמיסטן. דערדאָזיקער

* העלדן פון גאָגאָלס „אַלטפרענקישע פּריצים“, קלייניקע מענטשעלעך מיט פּיטשינקע האַסאָגעלעך, וואָס זייערע געדאַנקען פליען ניט אַריבער איבער זייער פאַרקאַן.
איב.

** דער „איסקראַ“ס קאַמף מיט די מיסט־גראָזן האָט מיצאַד דער „ראַב. דיעלאָ“ אַרויסגערופן אַזאַ ברויגעזן אַרויספאַל: „פאַר דער „איסקראַ“, ווידער, דינען אַלס צייכן פון דער צייט ניט אַזוי דידאָזיקע גרויסע געשעענישן (די פרילינגדיקע), ווי די נעבעכדיקע פרואוון פון די זובאַטאָווישע אַגענטן צו „לעגאַליזירן“ די אַרבעטער־באַוועגונג. זי זעט ניט, אַז דידאָזיקע פאַקטן ריידן טאַקע קעגן איר; זיי זאָגן טאַקע איידעס וועגן דעם, אַז די אַרבעטער־באַוועגונג האָט אָנגענומען זייער אַ דראָענדיקע גרויס אין די אויגן פון דער רעגירונג“ („צוויי צוזאַמענפאָרן“ ז. 27). שולדיק אין אַלץ איז דער „דאָגמאַטיזם“ פון דידאָזיקע אָרטאָדאָקסן, וועלכע זיינען „טויב צו די מעכטיקע באַפעלן פונם לעבן“. זיי ווילן אַקשאָנעסדיק ניט זעען דעם אַרשינדיקן ווייץ און פירן מילכאָמע מיט ווערשקאָווע מיסט־גראָזן! איז דאָס דען ניט אַ „פאַרקריפּלט געפיל פון פערספּעקטיוון בענוגייע דער רוסישער אַרבעטער־באַוועגונג“ (דאָרט ז. 27)? [דידאָזיקע אָנמערקונג האָט לענין אין דער אויסגאַבע פונם יאָר 1908 אַרויסגעלאָזן].

פלאַן איז איבערגעגעבן סאַי אינם „סטאַטוט פון אַרבעטער=קאַסע“ פון יולי 1897 יאָר („ליסט. ראַב.“ נומער 9—10, ז: 46, — פונם ערשטן נומער „ראַב. מיסל“), סאַי אינם „סטאַטוט פון אַ פאַריינישע אַרבעטער=אָרגאַניזאַציע“ פון אָקטיאַבר 1900 יאָר (אַ באַזונדער בלעטל, וואָס איז אָפּגעדרוקט אין פעטערבורג און איז דערמאָנט אינם ערשטן נומער „איסקרא“). דער גרונט=כיסאָרן פון דיביידע סטאַטוטן איז דאָס דעטאַלע אויספורעמען די ברייטע אַרבעטער=אָרגאַניזאַציע און דאָס צונויפמישן דידאָזיקע אָרגאַניזאַציע מיט דער אָרגאַניזאַציע פון רעוואָלוציאָנערן. לאָמיר נעמען דעם צווייטן סטאַטוט, אַלס מער פאַרנאַנדערגעאַרבעטן. דער קאָרפּוס זיינער באַשטייט פון *צוויי און פופציק* פאַראַגראַפן: 23 פאַראַגראַפן גיבן איבער דעם געבוי, די אָרדענונג פון פירן די איניאָנים, און די ראַמען פון דער קאָמפּעטענץ פון די „אַרבעטער=קרייזלעך“, וועלכע ווערן אָרגאַניזירט אין יעדער פאַבריק („ניט מער פון 10 מענטשן“) און וועלכע קלייבן אויס „צענטראַלע (פאַבריקישע) גרופּעס“. „די צענטראַלע גרופּע — זאָגט דער פאַראַגראַף 2 — קוקט נאָך אַלץ, וואָס קומט פאָר אין איר פאַבריק אָדער זאַוואָד און פירט די כראָניק פון די געשעענישן אין אים“. „די צענטראַלע גרופּע גיט אָפּ יעדן כוידעש אַ באַריכט אַלע צאָלער וועגן דעם צושטאַנד פון דער קאַסע“ (פאַראַגראַף 17) א. א. וו. צען פאַראַגראַפן זיינען געווידמעט דער „ראַיאָנער אָרגאַניזאַציע“ און 19 — דער העכסט קאָמפּליצירטער צוזאַמענפלעכטונג פונם „קאָמיטעט פון דער אַרבעטער=אָרגאַניזאַציע“ מיטן „קאָמיטעט פונם פעטערבורגער קאַמפּס=פאַרבאַנד“ (אויסגעוויילטע פון יעדן ראַיאָן און פון די „אויספיר=גרופּעס“ — „פון די גרופּעס פראָפּאַגאַנדיסטן, גרופּעס צוליב באַציאונגען מיט דער פּראָווינץ, גרופּעס צוליב באַציאונגען מיט אויסלאַנד, גרופּעס צוליב פאַרוואַלטן מיט די לאַגערן, אַ פאַרלעגערישע, אַ קאַסע=גרופּע“).

די סאָציאַל=דעמאָקראַטיע=„אויספיר=גרופּעס“ בעגוויגייע דעם עקאָנאָמישן קאַמף פון די אַרבעטער! עס וואָלט שווער געווען בוילעטער צו דעמאָנסטרירן, ווי אַזוי דער געדאַנק פונם עקאָנאָמיסט שלאָגט זיך אַראָפּ פונם סאָציאַל=דעמאָקראַטיזם אַף עקאָנאָמיזם, ווי פרעמד עס איז אים יעטווידער באַגריף וועגן דעם, אַז אַ סאָציאַל=דעמאָקראַט דאַרף פריער פון אַלץ טראַכטן וועגן אַן אָרגאַניזאַציע פון רעוואָלוציאָנערן, וועלכע זיינען פעאיק אָנצופירן מיטן *גאַנצן* באַפרייאונגס=קאַמף פונם פראָלעטאַריאַט. ריידן וועגן דער „פּאָליטישער באַפרייאונג פונם אַרבעטער=קלאַס“, וועגן קאַמף מיט דער „צאַרישער ווילקיר“ — און שרייבן אַזוינע אָרגאַניזיר=סטאַטוטן, הייסט ניט האָבן אַבסאָלוט קיין שום באַגריף וועגן די עמעסע פּאָליטישע אויפגאַבן פון דער סאָציאַל=דעמאָקראַטיע. קיין איינער פון דער האַלבער מייע פאַראַגראַפן ווייזט אַפילע ניט אַרויס קיין סימען שיין פון פאַרשטיין, אַז עס איז נויטיק די סאַמע ברייטע אַגיטאַציע אין די מאַסן, וועלכע באַלויכט אַלע זייטן פונם רוסישן אַבסאָלוטיזם, דעם גאַנצן פאַרצעף פון פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע קלאַסן אין רוסלאַנד. און ניט נאָר פּאָליטישע, אַפילע

טרעד=יוניאָניסטישע צילן איז אומעגלעך צו פאַרווירקלעכן באַ אַזאַ סטאַטוט, ווייל זיי פאָדערן אַן אָרגאַניזאַציע לויט פּראָפעסיעס, וואָס ווענן איר ווערט גאָר אינגאַנצן ניט דערמאָנט.

אָבער שיר ניט דאָס סאַמע כאַראַקטעריסטישע איז די וואונדערבאַרע שווערוואָגיקייט פון דערדאָזיקער גאַנצער „סיסטעם“, וועלכע פּרואווט זיך צונויפצובינדן יעדע באַזונדערע פאַבריק מיטן „קאָמיטעט“ מיט אַ שטענדיקן פאָדים פון אייגנאַרטיקע און ביז לעכערלעכקייט קליינלעכע קלאָלים, באַ אַ דריישטופיקער וואַלסיסטעם. צונויפגעפּרעסט מיטן שמאָלן האָריזאָנט פונם עקאָנאָמיזם, פאַלט אויך דאָ דער געדאַנקט אַריין אין דעטאַלן, פון וועלכע עס טראָגט מאַמעש דער ריייעך פון פאַרשלעפּעניש און קאַנצעליאַרעריי. אין דער פּראַקטיק ווערן פאַרשטייט זיך, דריי פערטל פון די אַלע פּאַראַגראַפן קיינמאָל ניט באַנוצט, אָבער אַזאַ „קאָנספּיראַטיווע“ אָרגאַניזאַציע מיט אַ צענטראַלער גרופּע אין יעדער פאַבריק פאַרלייכטערט דערפאַר די זשאַנדאַרמען זייער אַרבעט פון אָרגאַניזירן אומגעוויינלעך ברייטע דורכפאַלן. די פּוילישע כאַוויירים האָבן שוין איבערגעלעבט אַזאַ פּעריאָד אין דער באַוועגונג, ווען אַלע זיינען געווען פאַרכאַפּט מיט דער ברייטער גרינדונג פון אַרבעטער=קאַסעס, אָבער זיי האָבן זיך זייער גיך אָפּגעזאָגט פונם דאָזיקן געדאַנק, ווייל זיי האָבן זיך איבערצייגט, אַז זיי שטעלן בלויז צו אַ רייכן שניט פאַר די זשאַנדאַרמען. אויב מיר ווילן ברייטע אַרבעטער=אָרגאַניזאַציעס און ווילן ניט קיין ברייטע דורכפאַלן, ווילן ניט פאַרשאַפן קיין פאַרגעניגן די זשאַנדאַרמען, דאַרפן מיר שטרעבן דערצו, אַז דידאָזיקע אָרגאַניזאַציעס זאָלן זיין אינגאַנצן ניט קיין אויסגעפורעמטע. — צי וועט מעגלעך זיין דאַן זייער פונקציאָנירן? — איז אָט טוט אַ קוק אַף דידאָזיקע פונקציעס: „...נאָכשפּירן נאָך אַלץ, וואָס עס קומט פאָר אין דער פאַבריק און פירן די כראָניק פון די געשעענישן אין איר“ (צווייטער פּאַראַגראַף פונם סטאַטוט). צי דען דאַרף מען דאָס אומבאַדינגט אויספורעמען? צי דען קאָן עס ניט דערגרייכט ווערן נאָך בעסער דורך קאָרעספּאָנדענצן אין די אומלעגאַלע צייטונגען אָן שום אויסבילדונג פון ספּעציעלע גרופּעס דערצו? „...אָנפירן מיטן קאַמף פון די אַרבעטער פאַר דער פאַרבעסערונג פון זייער לאַגע אינם זאַוואָד“ (פּאַראַגראַף 3 פונם סטאַטוט). ווידער אַמאָל ניטאָ צוליב וואָס צו אויספורעמען. וואָס פאַר אַ פאָדערונגען עס ווילן אַרויסרוקן די אַרבעטער, דאָס וועט יעדער פיל ווייניק פאַרשטענדיקער אַגיטאַטאָר מיט אַלע פּראָטים דערגיין פון אַ פּאָשעטן שמועס, און אַז ער וועט זיך דערוויסן, וועט ער עס קאָנען איבערגעבן שוין אין דער שמאָלער, און ניט אין אַ ברייטער, אָרגאַניזאַציע פון רעוואָלוציאָנערן, קעדיי מע זאָל צושטעלן אַ געהעריק בלעטל. „...אָרגאַניזירן אַ קאַסע... מיט אַן אָפּצאָל צו 2 קאָפּיקעס פון רובל“ (פּאַראַגראַף 9) — און דערנאָך יעדן כוידעש אָפּגעבן אַלעמען אַ באַריכט וועגן דער קאַסע (פּאַראַגראַף 17), אויסשליסן די מיטגלידער, וועלכע צאָלן ניט (פּאַראַגראַף 10) א. א. וו. דאָס אַלץ איז פאַר דער פּאָליציי מאַמעש אַ גאַניידן, ווייל עס איז ניטאָ קיין לייכטערע זאַך, ווי אַריינדרינגען אין דערדאָזיקער גאַנצער

קאָנספּיראַציע פון דער „צענטראַלער פאַבריק=קאַסע“, סאַי קאָנפיסקירן דאָס געלט, סאַי אַלע בעסטע מענטשן צונעמען. איז דען ניט פּאָשעטער צו לאָזן קאָפּיקענע אָדער צווייקאָפּיקענע מאַרקעס מיט אַ שטעמפּל פון אַ באַוואוסטער (זייער שמאָלער און זייער קאָנספּיראַטיווער) אָרגאַניזאַציע, אָדער אָן שום מאַרקעס פירן זאַמלונגען, וואָס באַריכטן וועגן זיי דרוקט, מיט אַ באַשטימטן טנאַי=פּאַראָל, די אומלעגאַלע צייטונג? דער ציל וועט דערגרייכט ווערן דערזעלבער און די זשאַנדאַרמען וועלן דעמאָלט הונדערט מאָל שווערער דערקלייבן זיך צו די פעדים.

איך וואָלט געקאָנט פאָרזעצן מיין ביישפּיל=אַנאַליז פונם סטאַטוט, נאָר איך מיין, אַז אויך דאָס געזאָגטע איז גענוג. אַ קליינער, ענג צוזאַמענבאַהעפטער קערן פון די סאַמע זיכערע, דערפאַרענע און פאַרהאַרטעוועטע אַרבעטער, וועלכער האָט פאַרטרויאונגס=מענטשן אין די הויפּט=ראַיאָנען און איז פאַרבונדן לויט אַלע קלאָלים פון דער שטרענגסטער קאָנספּיראַציע מיט דער אָרגאַניזאַציע פון רעוואָלוציאָנערן, וועט פולשטענדיק קאָנען אויספילן, באַ דער סאַמע ברייטער מיטווירקונג פון דער מאַסע און אָן שום אויספורעמונג, *אַלע* פונקציעס, וועלכע ליגן אַף דער פּראָפעסיאָנעלער אָרגאַניזאַציע, און אַכוץ דעם אויספילן טאַקע אַזוי, ווי דאָס איז געוואונשן פאַר דער סאָציאַל=דעמאָקראַטיע. נאָר מיט אַזאַ וועג קאָן מען טאַקע דערגרייכן, טראָץ אַלע זשאַנדאַרמען, די *פאַרפעסטיקונג* און אַנטוויקלונג פון דער *סאָציאַלדעמאָקראַטישער* פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג.

מע וועט מיר דערווידערן: אַן אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז אַזוי „לויז“, אַז זי איז אַפילע ניט אויסגעפורעמט, אַז אין איר איז אַפילע קיין שום מיטגלידער, קיין לעכאַטכילע באַוואוסטע און רעגיסטרירטע, נימאָ, קאָן גאָר ניט אָנגערופן ווערן אָרגאַניזאַציע. — עפשער. איך יאָג זיך ניט נאָכן נאָמען. אָבער אַלץ, וואָס מע דאַרף, וועט דיזאָזיקע „אָרגאַניזאַציע אָן מיטגלידער“ טאָן, און זי וועט פון סאַמע אָנהויב אָן זיכערן דעם פעסטן צוזאַמענבונד פון אונזערע צוקונפטיקע טרעד=יוניאָנען מיטן סאָציאַליזם. און ווער עס וויל אַ *ברייטע* אָרגאַניזאַציע פון אַרבעטער מיט וואַלן, באַריכטן, אַלגעמיינער אָפּשטימונג א. ד. גל. באַם אַבסאָלוטיזם, — יענער איז פּאָשעט אַ פאַרפאַלענער אוטאָפּיסט.

דער מוסערהאַסקל איז דערפון אַ פּאָשעטער: אויב מיר וועלן אָנהויבן פון פעסט אַוועקשטעלן אַ שטאַרקע אָרגאַניזאַציע פון רעוואָלוציאָנערן, וועלן מיר קאָנען באַוואָרענען די שטאַנדהאַפטיקייט פון דער באַוועגונג אינגאַנצן גענומען, פאַרווירקלעכן סאַי די סאָציאַל=דעמאָקראַטישע, סאַי די אייגנטלעך טרעד=יוניאָניסטישע צילן. אויב אָבער מיר וועלן אָנהויבן פון דער סאַמע קלוימערשט „צוטריטלעכער“ פאַר דער מאַסע (און אין דער עמעסן פון דער סאַמע צוטריטלעכער פאַר די זשאַנדאַרמען און וואָס מאַכט די רעוואָלוציאָנערן אַמערסטן צוטריטלעך פאַר דער פּאָליציי) ברייטער אַרבעטער=אָרגאַניזאַציע, וועלן מיר ניט די, ניט יענע צילן ניט פאַרווירקלעכן, פון דער קוסטאַרעריי וועלן מיר ניט

פּאָטער ווערן און מיט אונזער צעברעקלקייט, מיט אונזער אייביקער צעשמעטערטקייט וועלן מיר בלויז מאַכן אַמערסטן צוטריטלעך פאַר דער מאַסע די טרעד-יוניאָנען פון זובאַטאָווישן אָדער אַזוראָווישן טיפּ.

און וואָס, אייגנטלעך, דאַרפן באַשטיין די פונקציעס פון דערדאָזיקער אָרגאַניזאַציע פון רעוואָלוציאָנערן? — וועגן דעם וועלן מיר באַלד געגוי אַ שמועס טאָן. נאָר לאָמיר פריער פאַנאַנדערקלייבן נאָך איין זייער טיפּישע בקירע פון אונזער טעראָריסט, וועלכער ווייזט זיך ווידעראַמאָל אַרויס (דער ביטערער גוירל זיינער!) אין דער נאָענטסטער שכיינעס מיטן עקאָנאָמיסט. אינם זשורנאַל פאַר אַרבעטער „סוואָבאָדא“ (נומער 1) איז פאַראַן אַן אַרטיקל „אָרגאַניזאַציע“, וואָס דער מעכאַבער זיינער וויל פאַרטיידיקן זיינע באַקאַנטע, די איוואַנאָוואָ-וואָזנעסענסקער אַרבעטער-עקאָנאָמיסטן.

„שלעכט איז, — שרייבט ער, — ווען דער האַמוין שווייגט שטיל, ווען ער איז אומבאַוואוסטזיניק, ווען די באַוועגונג גייט ניט פון אונטן. אַט טוט אַ קוק: די סטודענטן פון דער אוניווערסיטעט-שטאָט צעפאָרן זיך אַף יאָנטעוו אָדער אַף זומער אַהיים — ווערט די אַרבעטער-באַוועגונג אָפּגעשטעלט. צי קאָן דען אַזאַ אַרבעטער-באַוועגונג, וואָס ווערט אונטערגעשטויסן פון אַ זייט, זיין אַ ווירקלעכע קראַפט? וואו קומט עס... זי האָט זיך נאָך ניט אויסגעלערנט צו גיין מיט די אייגענע פיס, און מע פירט זי בײַ דער האַנט. און אַזוי אין אַלץ; די סטודענטן זיינען זיך צעפאָרן — אַן אָפּהאַלט; מע האָט אַרויסגעכאַפּט די סאַמע פעאיקסטע פון דער „סמעטענע“ — איז די מילך זויער געוואָרן; מע האָט אַרעסטירט דעם „קאָמיטעט“ — איידער עס וועט אָרגאַניזירט ווערן אַ נייער, ווידער אַ שטילשטאַנד; און עס איז נאָך ניט באַוואוסט, וואָס פאַר אַ קאָמיטעט עס וועט אָרגאַניזירט ווערן — עפשער גאָר ניט קיין ענלעכער אַפן פריערדיקן: יענער האָט געזאָגט איינס, און דער וועט זאָגן קאַפּויר. די פאַרבינדונג צווישן דעם נעכטיקן און דעם מאָרגעדיקן טאָג ווערט פאַרלאָרן, די דערפאַרונג פון דער פאַרגאַנגענהייט גייט ניט אַלס לערע פאַר דער צוקונפט. און אַלץ דערפאַר, ווייל עס איז ניטאָ קיין וואָרצלען אין דער טיף, אינם האַמוין, עס אַרבעט ניט אַ מייע נאַראָנים, נאָר אַ צענדליק כאַכאָמים. אַ צענדליק קאָן מען שטענדיק אַרויספאַנגען מיטן העכטישן פּיסק, אָבער אויב די אָרגאַניזאַציע כאַפּט אַרום דעם האַמוין, אַלץ גייט פונם האַמוין, — וועלן קיינעמס באַמיאונגען ניט בעקויעד זיין אומצוברענגען די זאַך“ (ז. 63).

די פאַקטן זיינען באַשריבן ריכטיק. דאָס בילדל פון אונזער קוסטאַרעריי איז ניט קיין שלעכטס. אָבער די אויספירן זיינען ווערט די „ראַב. מיסל“ סאַי לויט זייער ניט קלוגשאַפט, סאַי לויט זייער פּאָליטישער אומטאַקטישקייט. דאָס איז אַ מאַקסימום אומפאַרשטענדעניש, ווייל דער מעכאַבער מישט צונויף די פילאָזאָפישע און סאָציאַל-היסטאָרישע פראַגע וועגן די „וואָרצלען“ פון דער באַוועגונג אין דער „טיפעניש“ מיט די טעכניש-אָרגאַניזאַציאָנעלע פראַגן וועגן בעסערן קאַמף מיט די זשאַנדאַרמען. דאָס איז אַ מאַקסימום פון פּאָליטישער אומטאַקטישקייט, ווייל אָנשטאָט צו אַפּעלירן פון די שלעכטע אָנפירער צו גוטע אָנפירער, אַפּעלירט דער מעכאַבער פון די אָנפירער ביכלאַל צום „האַמוין“. דאָס איז פונקט אַזאַ פּרואוו צו שלעפן אונז אַף צוריק אין דער אָרגאַניזאַציאָנע-

לער היגזיכט, ווי אין דער פּאָליטישער הינזיכט שלעפּט אונז צוריק דער געדאַנק וועגן פאַרבייטן די פּאָליטישע אַגיטאַציע מיט עקסציטאַטיוון טעראָר. איך פיל בעעמעס אַז עכטן embaras de richesses * ניט וויסנדיק, פון וואָס אָנצוהויבן פאַנאַנדערקלייבן דעם פּלאָנטער, וועלכן עס טראָגט אונז אונטער די „כוואָבאָדא“. צוליב אָנשוילעכקייט וועל איך זיך פּרואוון אָנהויבן פון אַ ביישפּיל. געמט די דייטשן. איך האָף, איר וועט זיך ניט נעמען אָפּלייקענען, אַז באַ זיי כאַפּט אַרום די אָרגאַניזאַציע דעם האַמוין, אַלץ גייט פונם האַמוין, די אַרבעטער-באַוועגונג האָט זיך אויסגעלערנט גיין מיט די אייגענע פיס? און פונדעסטוועגן, ווי דערדאָזיקער מיליאָניקער האַמוין פאַרשטייט צו שאַצן דעם „צענדליק“ אויסגעפרואווטע פּאָליטישע פירער זיינע, ווי פעסט ער האַלט זיך פאַר זיי! אינם פאַרלאַמענט האָט ניט איין מאָל געטראָפן, אַז די דעפּוטאַטן פון די פיינטלעכע פאַרטייען האָבן זיך גערייצט מיט די סאָציאַליסטן: „פיינע דעמאָקראַטן! אפן וואָרט נאָר איז באַ אייך אַ באַוועגונג פונם אַרבעטער-קלאַס, און אין דערעמעסן טרעט אַרויס אַלץ דיזעלביקע קאָמפּאַניע פירער. אַלץ דערזעלביקער בעבעל, אַלץ דערזעלביקער ליבקנעכט פון יאָר צו יאָר, פון יאָרצענדליק צו יאָרצענדליק. אייערע קלוימערשט אויסגעווײלטע דעלעגאַטן פון די אַרבעטער ווערן דאָך ווייניקער געבימן, איידער די באַאַמטע, וועלכע דער קייסער באַשטימט!“ אָבער די דייטשן פלעגן אויפנעמען בלויז מיט אַ פאַראַכטונגס-שמייכל דידאָזיקע דעמאַגאָגישע פּרואוון אַנטקעגנצושטעלן די „פירער“ דעם „האַמוין“, צעברענען אינם האַמוין די שלעכטע און ערגייציקע אינסטינקטן, אָפּנעמען באַ דער באַוועגונג איר פעסטקייט און שטאַנדהאַפטיקייט דערמיט, וואָס מע וועט אונטערייסן דעם צוטרוי פון די מאַסן צום „צענדליק כאַכאָמים“. באַ די דייטשן איז שוין גענוג אַנטוויקלט דער פּאָליטישער געדאַנק, גענוג אָנגעזאַמלט פּאָליטישע דערפאַרונג, אַף צו פאַרשטיין, אַז אָן אַ „צענדליק“ טאַלענטפולע (און טאַלענטן ווערן ניט געבוירן הונדערטערווייז), אויסגעפּרואווטע, פּראָפעסיאָנעל צוגעגרייטע און אין אַ לאַנגער שול אויסגעשולטע פירער, וועלכע האָבן זיך אויסגעצייכנט צוגויפגעזונגען איינער מיטן אַנדערן, איז אין דער מאָדערנער געזעלשאַפט אומעגלעך קיין שטאַנדהאַפטיקער קאַמף פון קיין אייציקן קלאַס. די דייטשן האָבן שוין געזעען אין זייערע רייען דעמאַגאָגן, וועלכע האָבן געכאַנפעט די „מייעס נאַראָנים“, לויבנדיק זיי קעגן די „צענדליקער כאַכאָמים“, זיי האָבן געכאַנפעט דער „מוסקולדיקער פויסט“ פון דער מאַסע, אויפרעגנדיק זי (אָט ווי מאָסט ** אָדער האַסעלמאַן ***) אַף ניט קיין באַטראַכטע „רעוואָלוציאָנערע“ אַקציעס און איינפלאַנצנדיק אומ-

---

* צופיל אַשירעס.

איב.

** אַ דייטשישער ס. ד. שפּעטער אַנאַרכיסט; שאַרף קריטיקירט „פון לינקס“ די ס. ד.

איב.

*** אויך „פון לינקס“ באַקעמפט די ס. ד.

איב.

צוטרוי צו די אויסגעהאַלטענע און שטאַנדהאַפטיקע פירער. און נאָר אַראַנק דעם קעסיידערדיקן און אומבעשאָלעמדיקן קאַמף קעגן אַלע און אַלערליי דעמאַגאָגישע עלעמענטן איגעווייניק אינגם סאָציאַליזם איז דאָרט אויסגעוואַקסן און האָט זיך געקרעפטיקט דער דייטשישער סאָציאַליזם. און אונזערע כאַכאָמים, אין אַזאַ פעריאָד, ווען דער גאַנצער קריזיס פון דער רוסישער סאָציאַל=דעמאָקראַטיע דערקלערט זיך דערמיט, וואָס באַ די סטיכיש אויפגעוואַכטע מאַסן איז ניטאָ קיין גענוג צוגעגרייטע, אַנטוויקלטע און דערפאַרענע אָנפירער, דאַרשענען זיי מיט דער טיפזיניקייט פון אַ איוואַנושקע: „שלעכט, ווען די באַוועגונג גייט ניט פון אונטן"!

„אַ קאָמיטעט פון סטודענטן טויג ניט, ער איז ניט שטאַנדהאַפטיק". — גאַנץ גערעכט. אָבער דערפון איז דער אויספיר אַזאַ, אַז מע דאַרף האָבן אַ קאָמיטעט פון פּראָפעסיאָנעלע רעוואָלוציאָנערן, אַלץ איינס, צי אַ סטודענט אָדער אַן אַרבעטער וועט קאָנען אויסאַרבעטן פון זיך אַ פּראָפעסיאָנעלן רעוואָלוציאָנער. און איר מאַכט אַן אויספיר אַזאַ, אַז מע דאַרף ניט אונטערשטויסן די אַרבעטער=באַוועגונג פון אַ זייט! צוליב אייער פּאָליטישער נאַאיווקייט באַמערקט איר גאָר ניט, אַז איר שפּילט דערמיט אין האַנט אונזערע עקאָנאָמיסטן און אונזער קוסטאַרעריי. אין וואָס האָט זיך עס אויסגעדריקט, דערלויבט אייך צו פרעגן, דאָס „אונטערשטויסן" אונזערע אַרבעטער מיצאַד אונזערע סטודענטן? אייגציק דערין, וואָס דער סטודענט האָט געטראָגן דעם אַרבעטער די שטיקלעך פּאָליטישן וויסן, וואָס זיינען באַ אים געווען, די ברעקלעך סאָציאַליסטישע אידייען, וועלכע זיינען צו אים אַריינגעפאַלן (ווייל די איקערדיקע גייסטיקע שפּייז פון א מאָדערנעם סטודענט, דער לעגאַלער מאַרקסיזם, האָט גאָר קיין זאַך ניט געקאָנט געבן, אַכוץ דעם אַלעפבייס, אַכוץ ברעקלעך). אָט אַזאַ מין „אונטערשטויסן פון דער זייט" איז ניט צופיל, נאָר פאַרקערט, צו ווייניק — סקאַנדאַליעז ווייניק געווען אין אונזער באַוועגונג, ווייל מיר האָבן זיך שוין צו פלייסיק געפרעגלט אינגם אייגענעם זאַפט, מיר האָבן צו שקלאַפעריש זיך געבוקט פאַר דעם עלעמענטאַרן „עקאָנאָמישן קאַמף פון די אַרבעטער מיט די באַלעבאַטים און מיט דער רעגירונג". אָט מיט אַזאַ מין „אונטערשטויסן" האָבן זיך אין הונדערט מאָל מער באַדאַרפט פאַרנעמען און וועלן זיך פאַרנעמען מיר, די רעוואָלוציאָנערן לויט דער פּראָפעסיע. אָבער טאַקע דערמיט, וואָס איר שלעפט אַרויס אַזאַ מיעס וואָרט, ווי „אוינטערשטויסן פון אַ זייט", וואָס רופט אומפאַרמיידלעך אַרויס באַם אַרבעטער (ווייניקסטנס, באַ דעם אַרבעטער, וועלכער איז פּונקט אַזוי ניט אַנטוויקלט, ווי איר זייט ניט אַנטוויקלט) אַן אומצוטרוי צו אַלעמען, ווער עס ברענגט אים פון א זייט פּאָליטישן וויסן און רעוואָלוציאָנערע דערפאַרונג, — דאָס וואָרט, וואָס רופט אַרויס א אינסטינקטיוון ווילן צו געבן א ווידערשטאַנד אַלע אַזוינע מענטשן, — ווייזט איר זיך אַרויס, ווי אַ דעמאַגאָג, און די דעמאַגאָגן זיינען די ערגסטע פיינט פונם אַרבעטער=קלאַס.

יאָ, יאָ! איילט זיך ניט אופצוהויבן א געפילדער מיקויעך די „ניט כאַווערשע אויפּאנים“ פון מיין פּאָלעמיק! איך מיין גאָר ניט כוישעד צו זיין די ריינקייט פון אייערע פּניעס, איך האָב שוין געזאָגט, אַז אַ דעמאַגאָג קאָן מען ווערן בלויז צוליב פּאָליטישער נאַיווקייט אַליין. אָבער איך האָב באַוויזן, אז איר האָט זיך אראָפּגעלאָזט ביז צו דעמאגאָגיע, און איך וועל קיינמאָל ניט מיד ווערן איבערצוכאזערן, אז די דעמאגאָגן זיינען די ערגסטע פיינט פונם ארבעטער־קלאס. די ערגסטע טאקע דערפאר, ווייל זיי ברענגען פאנאנדער די שלעכטע אינסטינקטן באם האמוין, ווייל ניט אנטוויקלטע ארבעטער קאָנען ניט דערקענען דידאָזיקע פיינט, וועלכע טרעטן ארויס, און צומאָל אויפריכטיק, ווי זייערע פריינט. די ערגסטע דערפאר, ווייל אינם פעריאָד פון צעשפּליטערונג און וואקלונגען, אינם פעריאָד, ווען עס בילדעט זיך ערשט אויס די פיזיאָנאָמיע פון אונזער באוועגונג, איז ניטאָ קיין לייכטערע זאך, ווי דעמאגאָגיש פארפירן דעם האַמוין, וואָס ערשט דערנאָך וועלן די סאַמע ביטערע ניסיוינעס קאָנען איבערצייגן אים אין זיין פעלער. אָט פאַרוואָס דער לאָזונג פונם מאָמענט פאַר אַ מאָדערנעם רוסישן סאָציאַל־דעמאָקראַט דאַרף זיין — אנטשיידענער קאַמף סאַי קעגן דער „סוואָבאָדא“, וועלכע לאָזט זיך אראָפּ צו דעמאגאָגיע, סאַי קעגנן דער „ראַב. דיעלאָ“, וועלכע לאָזט זיך אַראָפּ צו דעמאַגאָגיע. (וועגן דעם וועט נאָך גענוי גערעדט ווערן * ווייטער).

„א צענדליק כאַכאָמים איז גרינגער אויסצופאַנגן, ווי אַ מייע נאַראָנים“. דערדאָזיקער פּראכטפולער עמעס (וואָס פאר אונטערטראָגן אים וועט אייך שטענדיק אפּלאָדירן א מייע נאראָנים) זעט אוים צו זיין אליין פאר זיך קלאָר נאָר אַדאַנק דעם, וואָס אינם געדאַנקן־גאַנג זייט איר אַריבערגעשפּרונגען פון איין פראגע אף דער אנדערער. איר האָט אָנגעהויבן ריידן און איר רעדט ווייטער וועגן ארויספאנגען דעם „קאָמיטעט“, וועגן ארויספאנגען די „אָרגאַניזאציע“, און איצט זייט איר אריבערגעשפרונגען אף דער פראגע וועגן ארויספאנגען די „וואָרצלען“, פון דער באוועגונג „אין דער טיפעניש“. פארשטייט זיך, אונזער באוועגונג קאָן מען ניט כאפּן בלויז דערפאר, ווייל זי האָט הונדערטער און הונדערטער טויזנטער וואָרצלען אין דער טיפעניש, אָבער עס האנדלט זיך דאָך גאָר ניט וועגן דעם. אינם זין פון „וואָרצלען אין דער טיפעניש“ קאָן מען אונז ניט „ארויספאנגען“ אויך איצט, ניט געקוקט אף אונזער גאנצער קוסטארעריי, און פונדעסטוועגן קלאָגן מיר זיך אלע און מיר קאָנען ניט זיך ניט קלאָגן דערויף, וואָס מען פאנגט ארויס די „אָרגאניזאציע“ ...

* דאָ ווידער וועלן מיר בלויז באַמערקן, אַז אַלץ, וואָס מיר האָבן געזאָגט מיקויעך דעם „אונטערשטויסן פון אַ זייט“ און מיקויעך אַלע ווייטערדיקע כקירעס פון דער „סוואָבאָדא“ וועגן דער אָרגאַניזאַציע א י נ ג א נ צ ן ג ע נ ו מ ע ן, איז שאַיעך צו אַ ל ע עקאָנאָמיסטן און „ראַבאָטשעדעלצעס“ דערונטער, ווייל זיי האָבן טיילווייז אַקטיוו געפּרידיקט און פאַרטיידיקט דיזעלבע אָנשויאונגען אַף די אָרגאַניזיר־פראַגן, טיילווייז אַראָפּגעשלאָגן זיך אַף זיי.

זאַציע“, וואָס דאָס צושטערט יעדע יערושעדיקייט פון דער באַוועגונג. און אויב איר ווערט אוועקשטעלן די פראגע וועגן ארויספאנגען די אָרגאניזאציע, און איר וועט זיך ניט אראָפּשלאָגן פון איר, וועל איך אייך זאָגן, אז א צענדליק כאכאָמים איז אסאך שווערער ארויסצופאנגען, ווי א מייע נאראָנים, און איך וועל פארטיידיקן דעמדאָזיקן מעזים, וויפל איר זאָלט ניט העצן קעגן מיר דעם האמוין פאר מיין „אנטידעמאָקראטיזם“ א. א. וו. אונטערן נאָמען „כאכאַמים“ דארף מען אין דער אָרגאניזאציאָנעלער היגזיכט פארשטיין בלויז. ווי איך האָב שוין ניט איינמאָל אָנגעוויזן, פּראָפעסיאָנעלע רעוואָלוציאָנערן, אַלץ איינס — צי זיי אַרבעטן זיך אויס פון סטודענטן, צי פון אַרבעטער. איז אָט באַהויפּט איך: 1) אז קיין איין רעוואָלוציאָנערע באוועגונג קאָן ניט זיין פעסט אָן א שטאַנגדהאַפטיקער אָרגאניזאציע פון אָנפירער, וועלכע פאַרהיט די יערושעדיקייט; 2) אַז וואָס ברייטער עס איז די מאַסע, וועלכע ווערט סטיכיש אַרייגגעצויגן אין קאַמף, וועלכע בילדעט דעם באזיס פון דער באוועגונג און באטייליקט זיך אין איר, אלץ דרינגענדיקער איז די נויטווענדיקייט אין אַזאַ אָרגאַניזאציע און אלץ פעסטער דארף זיין אַזאַ אָרגאַניזאַציע (ווייל אַלץ לייכטער ווערט פאַר אַלערליי דעמאַגאָגן צו פאַרפירן די ניט אַנטוויקלטע שיכטן פון דער מאַסע); 3) אז אַזאַ אָרגאַניזאַציע דאַרף באשטיין דעריקער פון מענטשן, וועלכע פארנעמען זיך פּראָפעסיאָנעל מיט רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט; 4) אַז אין א זעלבסט-הערשערישן לאַנד איז וואָס מער מיר וועלן פארשמעלערן דעם מיטגלידער-באשטאנד פון אזא אָרגאניזאַציע, ביז דעם, אז אין איר זאָלן זיך באטייליקן נאָר מיטגלידער, מאַסע, וועלכע ווערט סטיכיש אַרייגגעצויגן אין קאַמף, וועלכע בילדעט דעם האָבן באקומען א פּראָפעסיאָנעלע צוגרייטונג אין דער קונסט פון קאמף מיט דער פּאָליטישער פּאָליציי, אלץ שווערער וועט זיין „ארויסצופאנגען“ אזא אָרגאניזאציע, און — 5) אלץ ברייטער וועט זיין דער באשטאנד פערזאָנען סאי פונם ארבעטער-קלאס, סאי פון די איבעריקע קלאסן פון דער געזעלשאפט, וועלכע וועלן האָבן אַ מעגלעכקייט זיך צו באַטייליקן אין דער באַוועגונג און אקטיוו ארבעטן אין איר.

איך לייג פאָר אונזערע עקאָנאָמיסטן, טעראָריסטן און „עקאָנאָמיסטטעראָריסטן“ * אָפּלייקענען דידאָזיקע האַנאָכעס, פון זיי וועלן איך זיך באלד

* דערדאָזיקער טערמין איז עפשער מער ריכטיק בענויגייע דער „סוואָבאָדא“, אויף דער פריערדיקער, ווייל אין דער „ווידעראויפלעבונג פונם רעוואָלוציאָניזם“ ווערט פאַרטיידיקט דער טעראָריזם, און אין דעם אַרטיקל, וועלכן מיר אַנאַליזירן, — דער עקאָנאָמיזם. עס ווילט זיך, נאָר עס שטעכט זיך! — קאָן מען ביכלאַל זאָגן וועגן דער „סוואָבאָדא“. די בעסטע מעגלעכקייטן און די סאַמע בעסטע שטרעבונגען — און אין רעזולטאַט אַ פּלאָנטער, אַ פּלאָנטער דעריקער אַדאַנק דעם, וואָס פאַטיידיקנדיק די יערושעדיקייט פון דער אָרגאַניזאַציע, וויל די „סוואָבאָדא“ ניט קענען קיין יערושעדיקייט פונם רעוואָלוציאָנערן געדאַנק און פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער טעאָריע. באַמיען זיך ווידער אַמאָל אַרויסרופן צום לעבן דעם פּראָפעסיאָנעלן רע-

אָפּשטעלן אַף די צוויי לעצטע. די פראגע וועגן דער לייכטקייט ארויסצופאנגען א „צענדליק כאַכאָמים“ און „א מייע גאַראָנים“ באַשטייט אין דער אויבן פאנאנדערגעקליבענער פראגע וועגן דעם, צי איז מעגלעך א מאסאָווע אָר־ גאניזאציע בא דער נויטווענדיקייט פון שטרענגסטער קאָנספּיראציע. א ברייטע אָרגאניזאציע וועלן מיר קיינמאָל ניט זיין אימשטאנד אוועקצושטעלן אַף יענער קאָנספּיראַטיווער הויך, אָן וועלכער עס קאָן גאָר קיין רייד ניט זיין וועגן א שטאַנדהאפטיקן קאמף מיט דער רעגירונג, א קאַמף, וואָס זאָל פארהיטן די יערושעדיקייט. און די קאָנצענטראַציע פון אַלע קאָנספּיראַטיווע פונקציעס אין די הענט פון א ווי ווייט מעגלעך ניט קיין גרויסער צאָל פראָפעסיאָנעלע רעוואָלוציאָנערן באַטייט לאכלוטן ניט, אז דידאָזיקע לעצטע וועלן „טראכטן פאר אַלעמען“, אז דער האמוין וועט ניט נעמען קיין טעטיקן אָנטייל אין דער באוועגונג. פארקערט, דידאָזיקע פראָפעסיאָנעלע רעוואָלוציאָנערן וועלן ארויסגערוקט ווערן פונם האמוין אלץ אין א גרעסערער צאָל, ווייל דער האַמוין וועט דעמאָלט וויסן, אז עס איז ניט גענוג, עס זאָלן זיך צונויפקלייבן עטלעכע סטודענטן און עטלעכע ארבעטער, וואָס פירן אן עקאָנאָמישן קאמף, קעדיי צונויפשטעלן א „קאָמיטעט“, נאָר עס איז נויטיק אין מעשעך פון יאָרן אויסאַרבעטן פון זיך אַ פראָפעסיאָנעלן רעוואָלוציאָנער, און דער האַמוין וועט „טראכטן“ ניט בלויז וועגן קוסטארעריי אליין, נאָר טאַקע וועגן אזא אויס־ אַרבעטונג. די צענטראַליזירונג פון די קאָנספּיראַטיווע פונקציעס פון דער אָרגאניזאציע באַטייט לאכלוטן ניט קיין צענטראליזירונג פון אלע פונקציעס פון דער באוועגונג. דער אקטיווער אָנטייל פון דער סאמע ברייטער מאסע אין דער אומלעגאלער ליטעראטור וועט זיך ניט פארקלענערן, נאָר ער וועט זיך אין צען מאָל פארשטארקן דערפון, וואָס דער „צענדליק“ פראָפעסיאָנעלע רעוואָלוציאָנערן צענטראליזירט די קאָנספּיראטיווע פונקציעס פון דערדאָזיקער זאַך. אזוי און נאָר אזוי וועלן מיר זיך דערשלאָגן, אז דאָס ליִיענען אומלעגאלע ליטעראטור, טיילווייז אפילע דאָס פארשפרייטן זי, וועט קימאַט אויפהערן צו זיין אַ קאָנספּיראַטיווע זאַך, ווייל די פּאָליציי וועט גיך פארשטיין די אומזיניקייט און אומעגלעכקייט פון א גע־ ריכטלעכער און אַדמיניסטראַטיווער פאַרשלעפעניש צוליב יעדן עקזעמפּלאַר פון די אויסגאבן, וועלכע ווערן צעוואָרפן טויזנטערווייז. און דאָס איז שאיעך ניט נאָר צו דער פרעסע, נאָר אויך צו אלע פונקציעס פון דער באוועגונג, ביז צו א דעמאָנסטראציע איינגעשלאָסן. דער סאמע אקטיווער און סאמע ברייטער אָנטייל אין איר מיצאַד דער מאַסע וועט ניט נאָר ניט ליידן, נאָר פאַרקערט,

וואָלוציאָנער („ווידעראויפלעבונג פונם רעוואָלוציאָניזם“), און פאַרלייגן דערצו, ערשטנס, עקסציטאַטיוון טעראָר, און, צווייטנס, „אַן אָרגאַניזאַציע פון דורכשניטלעכע אַרבעטער“ („סוואָבאָדא“ נומער 1, ז. 66 א. וו.), וועלכע ווערן וואָס ווייניקער „אונ־ טערגעשטויסן פון אַ זייט“ — דאָס הייסט בעעמעס אַף צו באַהייצן די אייגענע דירע צעברעכן אַף האָלץ דיזעלביקע דירע.

ער וועט פיל געווינען דערפון, וואָס א „צענדליק" אויסגעפּרואווטע רעוואָ=לוציאָנערן, פּראָפעסיאָנעל אויסגעשולטע ניט ווייניקער פון אונזער פּאָליציי, צענטראַליזירט אַלע קאָנספּיראַטיווע זייטן פון דער אַרבעט, די צוגרייטונג פון בלעטלעך, די אויסאַרבעטונג פון א בעערעכדיקן פּלאַן, די באַשטימונג פון א גרופּע אָנפירער פאר יעדן שטאָט=ראַיאָן, פאר יעדן פאבריק=קוואַרטאַל, פאר יעדער לערן=אַנשטאַלט א. א. וו. (איך ווייס, מע וועט מיר דערווידערן וועגן דער „ניט דעמאָקראַטישקייט" פון מיינע אָנשויאונגען, נאָר איך וועל אף דערדאָזיקער גאָר ניט קלוגער דערווידערונג גענוי ענטפערן ווייטער). די צענטראַליזירונג פון די סאַמע קאָנספּיראַטיווע פונקציעס דורך אן אָרגאַניזאַציע פון רעוואָלוציאָנערן וועט ניט אָפּשוואַכן, נאָר באַרייכערן די ברייטקייט און אייגנהייטלעכקייט פון דער טעטיקייט פון א גאַנצער מאַסע אַנדערע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע זיינען אויסגערעכנט אפן ברייטן פּובליקום און זיינען דעריבער מעגלעך ווייניקער אויסגעפורעמט און מעגלעך ווייניקער קאָנספּיראַטיוו: אי אַרבעטערשע פּראָ=פעסיאָנעלע פאַריינען, אי אַרבעטערשע קרייזלעך פאר זעלבסט=בילדונג און אף לייענען אומלעגאַלע ליטעראַטור, אי סאָציאַליסטישע און אויך דעמאָקראַטישע קרייזלעך אין אַלע אַנדערע שיכטן פון דער באַפעלקערונג א. א. וו. א. א. וו. אַזוינע קרייזלעך, פאַריינען און אָרגאַניזאַציעס זיינען נויטיק אומעטום און אין דער סאַמע ברייטער צאָל, מיט סאַמע פאַרשיידנאַרטיקע פונקציעס, אָבער עס איז אומזיניק און שעדלעך צונויפמישן זיי מיט דער אָרגאַני=זאַציע פון רעוואָלוציאָנערן, אָפּווישן די גרעניץ צווישן זיי, פאַרלעשן אין דער מאַסע דעם אַזוי אויך אומגלויבלעך מעטושטעשע געוואָרענעם באַוואוסט=זיין, אז אף צו „באַדינען" די מאַסן=באַוועגונג זיינען נויטיק מענטשן, וועלכע ווידמען זיך ספּעציעל אינגאַנצן דער סאָציאַל=דעמאָקראַטישער טעטיקייט, און אז אַזוינע מענטשן דאַרפן מיט געדולד און אקשאָנעס אויסאַרבעטן פון זיך פּראָפעסיאָנעלע רעוואָלוציאָנערן.

יאָ, דערדאָזיקער באַוואוסטזיין איז אומגלויבלעך מעטושטעשע געוואָרן. דער אי=קערדיקער כעט אונזערער אין דער אָרגאַניזאַציאָנעלער הינזיכט איז—וואָס מיר האָבן מיט אונזער קוסטאַרעריי געלאָזט פאַלן דעם פּרעסטיזש פון א רעוואָלוציאָנער* אין רוסלאַנד. א ווייכלייביקער און וואַקלדיקער אין טעאָרעטישע פראַגן, מיט א שמאָלן האָרי=זאָנט, אַזאַ, וואָס פאַרופט זיך אף דער סטיכישקייט פון דער מאַסע, אַלס באַרעכטיקונג פאַר זיין צעקראָכענקייט, מער ענלעך אף א סעקרעטאַר פון א טרעד=יוניאָן, איידער אף א פּאָלקס=טריבון, אַזאַ, וואָס קאָן ניט אַרויסרוקן קיין ברייטן און דרייסטן פּלאַן, וועלכער זאָל אַרויסרופן אכטונג אויך בא די קעגנער, ניט קיין דערפאַרענער און ניט קיין געשיקטער אין זיין פּראָפעסיאָנעלער

* אין דער אויסגאַבע פון 1908 יאָר, שטייט: „פון די רעוואָלוציאָ=נערן" — רעד.

קונסט — אינם קאַמף מיט דער פּאָליטישער פּאָליציי, — האָט ראַכמאָנעס! דאָס איז דאָך ניט קיין רעוואָלוציאָנער, נאָר עפּעס א נעבעכדיקער קוסטאַר!
זאָל זיך אַף מיר ניט באַליידיקן פאַר דאָסדאָזיקע שאַרפע וואָרט קיין איין פּראַקטיקער, ווייל אַף וויפל עס רעדט זיך וועגן ניט־צוגעגרייטקייט, פאַרעכן איך עס פריער פון אַלץ צו זיך אַליין. איך האָב געאַרבעט אין אַ קרייזל *, וואָס האָט געשטעלט פאַר זיך זייער ברייטע, אַלץ אַרומנעמענדיקע אויפגאַבן, — און אונז אַלעמען, די מיטגלידער פונם דאָזיקן קרייזל, איז אויסגעקומען מוירעדיק, ביז צו ווייטיק, ליידן פונם באַוואוסטזיין, אַז מיר ווייזן זיך אַרויס פאַר קוסטאַרן אין אַזא היסטאָרישן מאָמענט, ווען מע וואָלט געקאָנט, ענדערנדיק דעם באַוואוסטן שפּרוך, זאָגן: גיט אונז אַן אָרגאַניזאַציע פון רעוואָלוציאָנערן — און מיר וועלן איבערקערן רוסלאַנד! און וואָס אָפטער מיר איז פון דעמאָלט אָן אויסגעקומען צו דערמאָנען זיך וועגן יענעם ברענענדיקן געפיל פון כאַרפּע, וואָס איך האָב דעמאָלט געהאַט, אַלץ מער האָט זיך באַ מיר אָנגעזאַמלט ביטער־קייט קעגן יענע פאַלשע סאָציאַל־דעמאָקראַטן, וועלכע „שענדן דעם נאָמען פון אַ רעוואָלוציאָנער" מיט זייערע דראָשעס, וועלכע פאַרשטייען ניט, אַז אונזער אויפגאַבע איז ניט צו פאַרטיידיקן דאָס דערנידעריקן דעם רעוואָלוציאָנער ביז צו אַ קוסטאַר, נאָר אויפהויבן די קוסטאַרן צו רעוואָלוציאָנערן.

## ד) דער פאַרמעסט פון אָרגאַניזיר-אַרבעט

מיר האָבן אויבן געהערט פון ב—וו'ן „וועגן דעם מאַנגל אין רעוואָלוציאָנערע קויכעס, וואָס זאָלן טויגן פאַר אַרבעט, וועלכער פילט זיך ניט נאָר אין פּע־טערבורג, נאָר אויך אין גאַנץ רוסלאַנד". און איך ווייס ניט, צי עמיצער וועט גיין אָפּלייקענען דעמדאָזיקן פאַקט. אָבער די פראַגע באַשטייט דערין, ווי אַזוי זאָל מען אים דערקלערן? ב—וו שרייבט:

„מיר וועלן זיך ניט אַריינלאָזן אין קלאָר מאַכן די היסטאָרישע סיבעס פון דערדאָזיקער דערשיינונג; מיר וועלן בלויז זאָגן, אַז די געזעלשאַפט, אַ דעמאָראַ־ליזירטע דורך דער לאַנגדויערנדיקער פּאָליטישער רעאַקציע און צעשפּליטערטע דורך די פאַרגעקומענע און פאַרקומענדיקע עקאָנאָמישע ענדערונגען, טיילט אַרויס פון זיך אַ העכסט קליינע צאָל מענטשן, וועלכע טויגן צו רעוואָלוציאָנערער אַרבעט; אַז אויסטיילנדיק רעוואָלוציאָנערן־אַרבעטער, פאַרפולט דער אַרבעטער־קלאַס טיילווייז די רייען פון די אומלעגאַלע אָרגאַניזאַציעס — נאָר אַז די צאָל אַזוינע רעוואָלוציאָנערן אַנטשפּרעכט ניט די באַדערפענישן פון דער צייט. ביפראַט נאָך, אַז אַן אַרבעטער, וועלכער איז פאַר־נומען אין פאַבריק 11½ שעה, קאָן לויט זיין לאַגע אויספילן הויפּטזאַכלעך

* לעניו מיינט דאָ די גרופּע, וואָס האָט געגרינדעט דעם פּעטערבורגער „בונד פון קאַמף פאַר באַפרייען דעם אַרבעטערקלאַס".

די פונקציעס פון אַן אַגיטאַטאָר; די פּראָפּאַגאַנדע ווידער און אָרגאַניזאַציע, דאָס צושטעלן און ווידער באַשאַפן אומלעגאַלע ליטעראַטור, דאָס אַרויסלאָזן פּראָקלאַמאַציעס א. אַז. וו. לייגט זיך ניט ווילנדיק מיט דער הויפּט=לאַסט אַף די העכסט אומבאַדייטנדיקע אינטעליגענטע קויכעס" („ראַבאָטשעיע דיעלאָ" נומער 6, ז. 38—39).

מיר זיינען אין פיל זאַכן ניט מאַסקים מיט דערדאָזיקער מיינונג ב—וו׳ס און באַזונדערס זיינען מיר ניט מאַסקים מיט די ווערטער, וועלכע מיר האָבן אונטערגעשטראָכן, וואָס באַווייזן באַזונדערס רעליעף, אַז אַן אויסגעמאַטערטער (פּונקט ווי יעדער פּראַקטיקער, וואָס האָט כאָטש וויפל ניט איז געטראַכט) פון אונזער קוסטאַרעריי, קאָן ניט ב—וו, צוליב זיין צוגעדריקטקייט דורכן עקאָנאָמיזם, אָנטאַפּן אַן אויסוועג פון דער אומדערטרעגלעכער לאַגע. ניין, די געזעלשאַפט טיילט אויס גאָר *אַ סאַך* פּערזאָנען, וועלכע טויגן פאַר דער „זאַך", אָבער מיר קענען ניט אוטיליזירן זיי אַלעמען. דער קריטישער איבערגאַנגס=צושטאַנד פון אונזער באַוועגונג קאָן אין דער באַטראַכטער הינזיכט פאָרמולירט ווערן מיט די ווערטער: *קיין מענטשן איז ניטאָ און — מענטשן איז דאָ אַ מאַסע.* מענטשן איז דאָ אַ מאַסע, דערפאַר ווייל סאַי דער אַרבעטער=קלאַס, סאַי אַלץ מער און מער פאַרשיידנאַרטיקע שיכטן פון דער געזעלשאַפט טיילן אויס מיט יעדן יאָר אַלץ מער אומצופרידענע, וועלכע ווילן פּראָטעסטירן, וועלכע זיינען גרייט לויט זייערע קויכעס מיטצואווירקן דעם קאַמף קעגן דעם אַבסאָלוטיזם, וואָס זיין אומדערטרעגלעכקייט האָבן נאָך ניט אַלע באַנומען, אָבער עס פילט זי אַלץ אַ ברייטערע מאַסע און אַלץ שאַרפער. און אין דערזעלביקער צייט איז קיין מענטשן ניטאָ, ווייל עס איז ניטאָ קיין אָנפירער, ניטאָ קיין פּאָליטישע טוער, ניטאָ קיין אָרגאַניזאַטאָרישע טאַלענטן, וואָס זיינען פעאיק אַוועקצושטעלן אַזאַ ברייטע און אין דערזעלביקער צייט איינהייטלעכע און סיסטעמאַטישע אַרבעט, וואָס זאָל געבן אַ באַנוץ פאַר יעדער, אַפילע פאַר דער סאַמע אומבאַדייטנדיקער קראַפט. דער „וואוקס און די אַנטוויקלונג פון די רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס" שטייט אָפּ ניט נאָר פונם וואוקס פון דער אַרבעטער=באַוועגונג, וואָס עס אַנערקענט אויך ב—וו, נאָר אויך פונם וואוקס פון דער אַלגעמיין=דעמאָקראַטישער באַוועגונג אין אַלע שיכטן פונם פאָלק (אַגעוו, איצט וואָלט מיסטאַמע ב—וו אַנערקענט אויך דאָס, ווי אַ הויסאָפּע צו זיין אויספיר). דער פאַרמעסט פון דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט איז צו שמאָל אין פאַרגלייך מיטן ברייטן סטיכישן באַזיס פון דער באַוועגונג, ער איז צו דערדריקט פון דער אָרימער טעאָריע פון „עקאָנאָמישן קאַמף מיט די באַלעבאַטים און מיט דער רעגירונג". אָבער אין דער איצטיקער צייט דאַרפן ניט נאָר די פּאָליטישע אַגיטאַטאָרס, נאָר אויך די פּראָפּאַגאַנדיסטן סאָציאַל=דעמאָקראַטן „גיין אין אַלע קלאַסן פון דער באַפעלקערונג"*, און אָסער אויב איין פּראַקטיקער וועט צוויפ=

* לעמאָשל, אין דער מיליטערישער סוויווע באַמערקט זיך די לעצטע צייט אַ אָנ=צווייפלדיקע אויפלעבונג פונם דעמאָקראַטישן גייסט, טיילוויז צוליב די אָפטער ווערנ=

לען דערין, אַז די סאָציאַל=דעמאָקראַטן וואָלטן געקאָנט צעטיילן טויזנטער דריבנע
פונקציעס פון זייער אָרגאַניזאַציאָנעלער אַרבעט צווישן באַזונדערע פאָרשטייער
פון די סאַמע פאַרשיידענע קלאַסן. דער מאַנגל אין ספּעציאַליזאַציע איז איינער
פון די סאַמע גרעסטע פעלערן פון אונזער טעכניק, אַף וועלכן עס קלאָגט זיך
אַזוי ביטער און אַזוי מיט יוישער ב—וו. וואָס קלענער עס וועלן זיין די באַזונ=
דערע „אָפּעראַציעס“ פון דער אַלגעמיינער זאַך, אַלץ מער וועט מען קאָנען גע=
פינען מענטשן, וועלכע זיינען פעאיק אויסצופילן אַזוינע אָפּעראַציעס (און זיינען
אַבסאָלוט ניט פעאיק אין דער מערהייט פאַלן צו ווערן פּראָפעסיאָנעלע רעוואָ=
לוציאָנערן), און אַלץ שווערער וועט זיין פאַר דער פּאָליציי „אויסצופאַנגען“ די
אַלע „דעטאַלע טוער“, אַלץ שווערער וועט איר זיין פונם כאַפּן אַ מענטשן באַ
עפּעס אַ קלייניקייט צונויפשטוקעווען אַן „איניען“, וועלכער זאָל דעקן קאַזנאַס
הויצאָעס אַף דער „אָכראַנע“. און וואָס איז שאַיעך דער צאָל אַזוינע פערזאָנען,
וואָס זיינען גרייט אונז צו געבן מיטהילף, האָבן מיר שוין אויך אינם פאָריקן
קאַפּיטל אָנגעוויזן אַף דער ריזיקער ענדערונג, וועלכע איז פאָרגעקומען אין דער
היגזיכט פאַר וואָסערע 5 יאָר. פון דער אַנדערער זייט ווידער, איז סאַי קעדיי
צונויפקלייבן איינעם די אַלע קלייניקע ברוך=צאָלן, סאַי קעדיי ניט צעברעקלען,
צוזאַמען מיט די פונקציעס פון דער באַוועגונג, אויך די באַוועגונג גופע, סאַי
קעדיי איינצופלאַנצן באַם אויספירער פון די קלייניגע פונקציעס דעם גלויבן אין
דער נויטיקייט און באַדייטונג פון זיין אַרבעט, אָן וועלכער ער וועט גאָר קיינמאָל
ניט אַרבעטן * — פאַר דעם אַלעם איז נויטיק טאַקע אַ פעסטע אָרגאַניזאַציע פון

---

דיקע פאַלן פון גאַסן=קאַמף קעגן אַזוינע „סאָנים“, ווי די אַרבעטער און די סטודענטן.
און ווי נאָר עס וועלן דערלויבן די פאַראַנענע קויכעס, וועלן מיר אומבאַדינגט דאַרפן
ווענדן די סאַמע ערנסטע אויפמערקזאַמקייט אַף דער פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע צווישן
די סאָלדאַטן און אָפיצירן, אַף באַשאַפן „מיליטערישע אָרגאַניזאַציעס“, וועלכע גייען
אַריין אין אונזער פּאַרטיי.

* איך געדענק, איין כאַווער האָט מיר איבערגעגעבן, ווי אַ פאַבריק=אינספּעקטאָר,
וועלכער איז גרייט געווען צו העלפן און האָט געהאָלפן דער סאָציאַל=דעמאָקראַטיע,
האָט זיך ביטער געקלאָגט דערויף, וואָס ער ווייס ניט, צי דערגייט זיין „אינפאָרמאַציע“
ביזן עמעסן רעוואָלוציאָנערן צענטער, ער ווייס ניט, אַף וויפל איז נויטיק זיין הילף און
אַף וויפל עס איז פאַראַן אַ מעגלעכקייט צו אוטיליזירן זיינע קליינע און קלייניניקע
דינסטן. יעדער פּראַקטיקער ווייסט, פאַרשטייט זיך, ניט איין פאַל אַזאַ, ווען אונזער קוס=
טאַרעריי האָט אָפּגענומען באַ אונז פאַרבינדעטע. און די טוינועס, וואָס באַזונדער זיינען
זיי „קליין“ און אין סאַכאַקל גענומען איז ניט אָפּצושאַצן זיי, וואָלטן מיר געקאָנט
האָבן פון אָנגעשטעלטע און באַאַמטע ניט נאָר אינם פאַבריק געביט, נאָר אויך אין דער
פּאָסט, אייזנבאַן, טאַמאָזשנע, אינם אַדל, באַ די גאַלאָכים און פון יעטווידער
אַנדערן געביט, אַפילע האַרט ביז צו דעם פּאָליציי־איישן און הויפישן! ווען מיר וואָלטן
שוין געהאַט אַן עכטע פּאַרטיי, אַ ווירקלעכע קאַמפס=אָרגאַניזאַציע פון רעוואָלוציאָנערן,
וואָלטן מיר ניט געשטעלט אין קאָן אַלע אַזוינע „מיטהעלפער“, מיר וואָלטן זיך ניט
געאײַלט שטענדיק און אומבאַדינגט אַריינציען זיי אין סאַמע האַרצן פון דער „אומלע=
גאַלער אָרגאַניזאַציע“, נאָר, פאַרקערט, מיר וואָלטן זיי באַזונדערס אָפּגעהיט און וואָלטן
אַפילע ספּעציעל צוגעגרייט מענטשן פאַר אַזוינע פונקציעס, געדענקענדיק, אַז פיל סטו=

אויסגעפּרואוווטע רעוואָלוציאָנערן. בײַ אַזאַ אָרגאַניזאַציע וועט זיך דער גלויבן אין דער קראַפט פון דער פּאַרטיי פאַרפעסטיקן אַלץ מער און פאַרשפּרייטן זיך אַלץ ברייטער, וואָס קאָנספּיראַטיווער עס וועט זיין דידאָזיקע אָרגאַניזאַציע, — און עס איז דאָך אַ באַקאַנטע זאַך, אַז אַף אַ מילכאָמע איז וויכטיקער פון אַלץ איינצופלאַנצן גלויבן אין די אייגענע קויכעס ניט נאָר אין דער אייגענער אַרמיי, נאָר אויך בײַם סוינע און בײַ אַלע נייטראַלע עלעמענטן; פריינטלעכער נייטראַליטעט קאָן אַמאָל אַנטשיידן דעם איניען. בײַ אַזאַ אָרגאַניזאַציע, וועלכע שטייט אַף אַ פעסטן טעאָרעטישן באַזיס און פאַרמאָגט אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישן אָרגאַן, וועט ניט זיין וואָס מוירע צו האָבן, אַז די פּילצאָליקע, צו איר צוגעצויגענע, „זייטיקע“ עלעמענטן וועלן אַראָפּשלאָגן די באַוועגונג פון וועג (פאַרקערט, גראָד איצט, בײַ דער הערשנדיקער קוסטאַרעריי זעען מיר, ווי אַסאַך סאָציאַל־דעמאָקראַטן ציען זיך לויט דער ליניע פון „קרעדאָ“, מיינענדיק, אַז זיי זיינען סאָציאַל־דעמאָקראַטן). מיט איין וואָרט, קעדיי עס זאָל זיין אַ ספּעציאַליזאַציע, דאַרף עקזיסטירן צענטראַליזאַציע. די ספּעציאַליזאַציע גופע פאָדערט צענטראַליזאַציע.

אָבער ב—וו אַליין, וועלכער האָט אַזוי אויסגעצייכנט אויסגעמאָלט די גאַנצע נויטיקייט פון ספּעציאַליזאַציע, שאַצט זי ניט גענוג אָפּ, לויט אונזער מיינונג, אינם צווייטן טייל פון דער געבראַכטער בקירע. די צאָל רעוואָלוציאָנערן פון אַרבעטער איז ניט גענוג, זאָגט ער. דאָס איז אַבסאָלוט ריכטיק, און מיר שטרייכן ווידער אַמאָל אונטער, אַז „די ווערטפולע מיטיילונג פונם נאָענטן באַאָבאַכטער“ באַשטעטיקט פולשטענדיק אונזער קוק אַף די סיבעס פונם איצטיקן קריזיס אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און, דאָס הייסט, אויך אַף די מיטלען אויסצוהיילן זיך פון אים. ניט נאָר די רעוואָלוציאָנערן שטייען ביכלאַל אָפּ פונם סטיכישן אויפשטייג פון די מאַסן, נאָר אַפילע די אַרבעטער־רעוואָלוציאָנערן שטייען אָפּ פונם סטיכישן אויפשטייג פון די אַרבעטער־מאַסן. און דערדאָזיקער פּאַקט באַשטעטיקט אַפן סאַמע אָנשוילעכן אויפן, אַפילע פונם „פּראַקטישן“ שטאַנדפונקט, ניט נאָר די אומזיניקייט, נאָר אויך די פּאָליטישע רעאַקציאָנערישקייט פון יענער „פּעדאַגאָגיע“, מיט וועלכער מע איז אונז אַזוי אָפט מעכאַבעד בײַם באַהאַנדלען די פראַגע וועגן אונזערע פליכטן בענוגייע די אַרבעטער. דערדאָזיקער פאַקט זאָגט איידעס, אַז די סאַמע ערשטע, סאַמע דרינגנדיקע פליכט אונזערע איז — מיטווירקן דער אויסאַרבעטונג פון אַרבעטער־רעוואָלוציאָנערן, וועלכע שטייען פּונקט אַף אַזאַ ניוואָ אין דער הינזיכט פון פּאַרטיי־טעטיקייט, ווי די אינטעליגענטן־רעוואָלוציאָנערן (מיר שטרייכן אונטער די ווערטער: אין דער הינזיכט פון פּאַרטיי־טעטיקייט, ווייל אין אַנדערע הינזיכטן איז פאַר די אַרבעטער, עמעס, טאַקע נויטיק, אָבער ווייט ניט

---

רענטן וואָלטן געקאָנט מער נוצן ברענגען דער פּאַרטיי אַלס „מיטהעלפער“ — באַאַמטע, איידער אַלס „קורצטערמיניקע“ רעוואָלוציאָנערן. אָבער — כאַזער איך איבער נאָך אַמאָל, — באַנוצן אַזאַ טאַקטיק האָט רעכט נאָר אַ שוין פולשטענדיק פעסטע אָרגאַניזאַציע, וועלכע פילט ניט קיין מאַנגל אין אַקטיווע קויכעס.

אַזוי לייכט און ווייט ניט אַזוי דרינגענדיק צו דערגרייכן פּונקט אַזאַ ניוואָ). דעריבער דאַרף די הויפּט-אויפמערקזאַמקייט געווענדעט זיין דערויף, אַז מע זאָל אויפהויבן די אַרבעטער ביז צו די רעוואָלוציאָנערן, און קלאָל ניט דערויף, אַז מע זאָל זיך אַליין אומבאַדינגט אַראָפּלאָזן צו דער „אַרבעטער-מאַסע“, ווי דאָס ווילן די עקאָנאָמיסטן, אומבאַדינגט צו די „מיטעלע אַרבעטער“, ווי דאָס וויל די „סוואָבאָדא“ (וועלכע הויבט זיך אויף אין דערדאָזיקער הינזיכט אַפן צווייטן שטאַפּעל פון עקאָנאָמישער „פּעדאַגאָגיע“). איך בין ווייט פונם געדאַנק אָפּצולייקענען די נויטווענדיקייט אין פּאָפּולערער ליטעראַטור פאַר אַרבעטער און באַזונדערס פּאָפּולערער (נאָר, פאַרשטייט זיך, ניט פּורים-שפּילערישער) ליטעראַטור פאַר די באַזונדערס אָפּגעשטאַנענע אַרבעטער. אָבער מיך ברענגט אַריין אין צאָרן דאָסדאָזיקע שטענדיקע אַריינפּלאָנטערן פּעדאַגאָגיע אין פראַגן פון פּאָליטיק, אין פראַגן פון אָרגאַניזאַציע. איר, הערן זאָרגער וועגן דעם „מיטעלן אַרבעטער“, באַליידיקט דאָך גיכער די אַרבעטער מיט אייער ווילן אומבאַדינגט זיך איינצובויגן, איידער איר הויבט אָן ריידן וועגן אַרבעטער-פּאָליטיק אָדער וועגן אַן אַרבעטער-אָרגאַניזאַציע. טאָ רעדט כאָטש וועגן ערנסטע זאַכן אויסגעגלייכטערהייט, און לאָזט איבער די פּעדאַגאָגיע פאַר פּעדאַגאָגן און ניט פאַר פּאָליטיקער און אָרגאַניזאַטאָרס! צי איז דען אויך צווישן דער אינטעליגענץ ניטאָ קיין פאָרגעשריטענע, „מיטלמענטשן“ און קיין „מאַסע“? אַנערקענען דען ניט אַלע אויך פאַר דער אינטעליגענץ די נויטיקייט פון פּאָפּולערער ליטעראַטור און צי ווערט דען דידאָזיקע ליטעראַטור ניט געשריבן? אָבער שטעלט זיך בלויז פאָר, אַז אין אַן אַרטיקל וועגן אָרגאַניזירן די סטודענטן אָדער גימנאַזיסטן וועט דער מעכאַבער אָנהויבן, ווי עפּעס אַן אַנטדעקונג, צעקייען, אַז מע דאַרף פריער פון אַלץ האָבן אַן אָרגאַניזאַציע פון „מיטעלע סטודענטן“. אַזאַ מעכאַבער וועט מען זיכער אויסלאַכן — און מיט רעכט. איר גיט אונז, וועט מען אים זאָגן, די אָרגאַניזאַציאָנעלע אידייעלעך, אויב זיי זיינען באַ אייך פאַראַן, און דאמאָלס וועלן מיר שוין אַליין פאַנאַנדערקלייבן, ווער פון אונז עס איז אַ „מיטלמאַן“, ווער עס איז העכער און ווער עס איז נידעריקער. און אויב באַ אייך איז קיין אייגענע אָרגאַניזאַציאָנעלע אידייעלעך ניטאָ, — וועלן אַלע אייערע קוועטשענישן מיקויעך דער „מאַסע“ און די „מיטל-לייט“ זיך אַרויסווייזן פּאָשעט לאַנגווייליק. פאַרשטייט זשע, אַז שוין די פראַגן גופע וועגן „פּאָליטיק“, וועגן „אָרגאַניזאַציע“ זיינען אַף אַזויפיל ערנסט, אַז וועגן זיי קאָן מען ניט ריידן אַנדערש, ווי אינגאַנצן ערנסט: מע קאָן און מע דאַרף צוגרייטן די אַרבעטער (און די סטודענטן און גימנאַזיסטן) דערצו, אַז מע זאָל מיט זיי קאָנען אָנהויבן ריידן וועגן דידאָזיקע פראַגן, נאָר האָט איר שוין אָנגעהויבן ריידן וועגן זיי, גיט עמעסע ענטפערס, קריכט ניט אַף צוריק, צו די „מיטל-מענטשן“ אָדער צו דער „מאַסע“, פּאַטערט זיך ניט אָפּ מיט קיין גלייכווערטלעך אָדער מיט קיין פראַזן*.

* „סוואָבאָדא“ נומער 1, אַרטיקל „אָרגאַניזאַציע“ ז. 66: „מיט שווערן טראָט וועט דער אַרבעטער-ריז פאַרפעסטיקן אַלע פאָדערונגען, וואָס וועלן אַרויסגעשטעלט ווערן

אַן אַרבעטער=רעוואָלוציאָנער, קעדיי ער זאָל פולשטענדיק גרייט זיין פאַר זיין זאַך, דאַרף אויך ווערן אַ פּראָפעסיאָנעלער רעוואָלוציאָנער. דעריבער איז ניט גערעכט ב—וו, ווען ער זאָגט, אַז העיווים ווי דער אַרבעטער איז פאַרנומען אין דער פאַבריק צו 11½ שאָ, איז די איבעריקע רעוואָלוציאָנערע פונקציעס (אַכוץ אַגיטאַציע) „פאַלן נ י ט ו ו י ל נ ד י ק מיט דער הויפּט=לאַסט זייערער אַף די העכסט אומבאַדייטנדיקע אינטעליגענטע קויכעס“. גאָר ניט „ניט ווילנדיק“ ווערט עס געטאָן, נאָר צוליב אונזער אָפּגעשטאַנענקייט, ווייל מיר באַנעמען ניט אונזער פליכט צו העלפן יעדן, לויט זיינע פעאיקייטן העכער שטייענדיקן אַרבעטער זיך צו פאַרוואַנדלען אין אַ פּ ר אָ פ ע ס י אָ נ ע ל ן אַגיטאַטאָר, אָרגאַניזאַטאָר, פּראָפּאַגאַנדיסט, פאַנאַנדערפירער א. א. וו. א. א. וו. אין דער הינזיכט צערויבן מיר פּאָשעט שענדלעך אונזערע קויכעס, ווייל מיר קאָנען ניט אָפּהיטן דאָס, וואָס מע דאַרף באַזונדערס זאָרגזאַם האָדעווען און אויפציען. טוט אַ קוק אַף די דייטשן: זיי האָבן אין הונדערט מאָל מער קויכעס פון אונז, אָבער זיי פאַרשטייען אויסגעצייכנט, אַז ווירקלעך פעאיקע אַגיטאַטאָרס א. א. וו. טיילן זיך אויס פון די „מיטלמענטשן“ גאָר ניט צו אָפט. דעריבער באַמיען זיי זיך טייקעף אַוועקצושטעלן יעדן פעאיקן אַרבעטער אין אַזוינע באַדינגונגען, באַ וועלכע זיינע פעאיקייטן זאָלן קאָנען באַקומען די פולע אַנטוויקלונג און די פולע אָנווענדונג: מע מאַכט אים פאַר אַ פּראָפעסיאָנעלן אַגיטאַטאָר, מע באַוועגט אים צו פאַרברייטערן דאָס פעלד פון זיין טעטיקייט, פאַרשפּרייטנדיק זי פון איין פאַבריק אַפן גאַנצן פאַך, פון איין געגנט אַפן גאַנצן לאַנד. ער באַקומט דערפאַרנקייט און געשיקטקייט אין זיין פּראָפעסיע, ער פאַרברייטערט זיין האָריזאָנט און זיינע קענטעניש, ער באַאָבאַכטעט זייט באַ זייט די אָנגעזעענע פּאָליטישע פירער פון אַנדערע געגנטן און פון אַנדערע פּאַרטייען, ער באַמיט זיך אַליין אויפצוהויבן זיך אַף דערזעלביקער הויך און פאַרייניקט אין זיך די קענטעניש פון דער אַרבעטער=סוויווע און די פרישקייט פון סאָציאַליסטישע איבערצייגונגען מיט דער פּראָפעסיאָנעלער געשולטקייט, אָן וועלכער דער פּראָלעטאַריאַט ק אָ ן נ י ט פירן אַן אַקשאָנעסדיקן קאַמף מיט די אויסגעצייכנט געשולטע רייען פון זיינע סאָנים. אַזוי און נאָר אַזוי ווערן אַרויסגערוקט פון דער אַרבעטער=מאַסע בעבעלס און אַוערס. אָבער דאָס, וואָס עס טוט זיך אין אַ פּאָליטיש פרייען לאַנד אין אַ באַדייטנדער מאָס פון זיך אַליין, דאָס דאַרפן באַ אונז סיסטעמאַטיש דורכפירן

---

אינם נאָמען פון דער רוסלענדישער אַרבעט“ — אומבאַדינגט מיט אַ גרויסן אַלעף! און דערזעלביקער מעכאַבער רופט אויס: „איך באַצי זיך קלאַל ניט פיינטלעך צו דער אינטעליגענץ, נאָר“... (דאָס איז דער זעלביקער נ אָ ר, וועלכן שטשעדרין האָט איבערגעזעצט מיט די ווערטער: העכער פונם שטערן וואַקסן ניט די אויערן!)... „נאָר מיך ברענגט שטענדיק אַריין אין שרעקלעכן קאַעס, ווען עס קומט אַ מענטש און רעדט אָן זייער פיינע און שיינע זאַכן און פאָדערט, אַז זיי זאָלן אָנגענומען ווערן פאַר זייער (זיין?) שיינקייט און פאַר אַנדערע מאַילעס“ (62). יאָ, מיך ברענגט עס אויך אַריין „שטענדיק אין שרעקלעכן קאַעס“...

אונזערע אָרגאַניזאַציעס. אַז אַגיטאַטאָר פון צווישן די אַרבעטער, אַ וויפל ניט
איז טאַלענטפולער און אַזאַ, וואָס „גיט האָפענונגען“, דאַרף ניט אַרבעטן
אין דער פאַבריק צו 11 שאָ. מיר דאַרפן זאָרגן וועגן דעם, אַז ער זאָל לעבן אָפן
כעשבן פון דער פאַרטיי, אַז ער זאָל זיין אימשטאַנד באַצייטנס אַריבערצוגיין אַף
אַן אומלעגאַלער לאַגע, ער זאָל בייטן דאָס אָרט פון זיין טעטיקייט, ווייל אַנדערש
וועט ער ניט אויסאַרבעטן קיין גרויסע דערפאַרנקייט, ער וועט ניט פאַרברייטערן
זיין האָריזאָנט, ער וועט זיך ניט קאָנען האַלטן נאָך לענכאָלאַפאָכעס עטלעכע יאָר
אינם קאַמף מיט די זשאַנדאַרמען. וואָס ברייטער און טיפער עס ווערט דער סטי=
כישער אויפשטייג פון די אַרבעטער=מאַסן, אַלץ מער רוקן זיי אַרויס ניט נאָר
טאַלענטפולע אַגיטאַטאָרס, נאָר אויך טאַלענטפולע אָרגאַניזאַטאָרס און פּראָפּאַ=
גאַנדיסטן און „פּראַקטיקער“ אינם גוטן זין (וועלכע עס איז אַזוי ווייניק פאַראַן
צווישן אונזער אינטעליגענץ, וואָס איז ס'ראָוו אַביסל אָפן רוסישן שטייגער נאַכ=
לעסיק און ניט באַוועגלעך). ווען מיר וועלן האָבן אָטריאַדן ספּעציעל צוגעגרייטע
אַרבעטער=רעוואָלוציאָנערן, וואָס זיינען דורכגעגאַנגען אַ לאַנגע שול (און דערביי,
פאַרשטייט זיך, רעוואָלוציאָנערן „פון אַלע מינים געווער“) — דעמאָלט וועט
קיין שום פּאָליטישע פּאָליציי אין דער וועלט ניט קאָנען פאַרטיק ווערן מיט די=
דאָזיקע אָטריאַדן, ווייל דידאָזיקע אָטריאַדן מענטשן, ביז צולעצט איבערגעגעבענע
דער רעוואָלוציע, וועלן געניסן אויך דעם סאַמע גרעניצלאָזן צוטרוי מיצאַד די
סאַמע ברייטסטע אַרבעטער=מאַסן. און דאָס איז אונזער דירעקטע שולד,
וואָס מיר „שטויסן אונטער“ צו ווייניק די אַרבעטער אַף דעמדאָזיקן וועג פון
פּראָפעסיאָנעל=רעוואָלוציאָנערער געשולטקייט, וועלכער איז אַלגעמיין פאַר זיי
מיט די „אינטעליגענטן“, צו אָפט שלעפן מיר זיי צוריק מיט אונזערע נאַרישע
רייד וועגן דעם, וואָס עס איז „צוטריטלעך“ פאַר דער אַרבעטער=מאַסע, פאַר די
„מיטעלע אַרבעטער“ א. ד. גל.

אין דידאָזיקע, פונקט ווי אין אַנדערע, היגזיכטן שטייט דער שמאָלער פאַר=
נעם פון דער אָרגאַניזאַציאָנעלער אַרבעט אין אַ אָנצווייפלדיקער און פעסטער
(האַגאַם די קאָלאָסאַלע מערהייט „עקאָנאָמיסטן“ און אָנהויבנדיקע פּראַקטיקער
באַנעמען זי ניט) פאַרבינדונג מיט דער פאַרשמעלערונג פון אונזער טעאָריע און
פון אונזערע פּאָליטישע אויפגאַבן. דאָס בוקן זיך פאַר דער סטיכישקייט רופט
אַרויס עפּעס אַ מוירע כאָטש אַף אַ טריט אָפצוגיין פון דעם, וואָס עס איז „צו=
טריטלעך“ פאַר דער מאַסע, אַ מוירע אויפצוהויבן זיך צו הויך איבערן פאָשעטן
באַדינען די נאָענטסטע און אומיטלבאַרע נאָכפרעגן פון דער מאַסע. האָט ניט
קיין מוירע, מיינע הערן! געדענקט, אַז מיר שטייען אין דער אָרגאַניזאַציאָנעלער
היגזיכט אַזוי נידעריק, אַז עס איז אומזיניק אַפילע דער געדאַנק אַליין וועגן דעם,
אַז מיר זאָלן זיך קאָנען אויפהויבן צו הויך!

## ה) די „פאַרשווערערישע“ אָרגאַניזאַציע און דער „דעמאָקראַטיזם“

עס איז פאַראַן אָבער צווישן אונז זייער אַסאַך מענטשן, וועלכע זיינען אַזוי וואַכזאַם צו דער „שטים פונם לעבן“, אַז מער פון אַלץ האָבן זיי מוירע טאַקע דערפאַר, באַשולדיקנדיק די, וועלכע האַלטן זיך באַ די אָנשויאונגען, וואָס מיר גיבן דאָ איבער, און „נאַראָדאָוואָלישקייט“, אין ניט פאַרשטיין דעם „דעמאָקראַטיזם“ א. א. וו. עס קומט אויס זיך אָפּצושטעלן אַף דידאָזיקע באַשולדיקונגען, וועלכע עס האָט, פאַרשטייט זיך, אונטערגעכאַפּט אויך די „ראַב. דיעלאָ“.

דעם שרייבער פון דידאָזיקע שורעס איז זייער גוט באַקאַנט, אַז די פּעטערבורגער עקאָנאָמיסטן האָבן נאָך באַשולדיקט אין „נאַראָדאָוואָלישקייט“ די „ראַב. גאַזעטאַ“ (דאָס איז טאַקע פאַרשטענדלעך, אויב מע זאָל זי פאַרגלייכן מיט דער „ראַב. מיסל“). אונז האָט דעריבער אַבסאָלוט ניט פאַרוואונדערט, ווען איינגיכן נאָך דעם, ווי עס איז אַנטשטאַנען די „איסקרא“, האָט אונז איין כאַווער מיטגעטיילט, אַז די סאָציאַל-דעמאָקראַטן פון דער שטאָט X רופן אָן די „איסקרא“ „אַ נאַראָדאָוואָלישער“ אָרגאַן. אונז האָט דידאָזיקע באַשולדיקונג, פאַרשטייט זיך, בלויז פאַרשאַפט פאַרגעניגן, ווייל וואָס פאַר אַן אָרנטלעכן סאָציאַל-דעמאָקראַט האָבן די עקאָנאָמיסטן ניט באַשולדיקט אין נאַראָדאָוואָלישקייט?

אַרויסגערופן ווערן דידאָזיקע באַשולדיקונגען דורך מיספאַרשטייענישן פון צוויי ערליי מינים. ערשטנס, ווייס מען באַ אונז אַזוי שלעכט די געשיכטע פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, אַז מע רופט אָן „נאַראָדאָוואָלישקייט“ יעטווידער אידייע וועגן אַ צענטראַליזירטער שלאַכט-אָרגאַניזאַציע, וועלכע דערקלערט אַן אַנטשיידענע מילכאָמע דעם צאַריזם. אָבער יענע פּראַכטפולע אָרגאַניזאַציע, וואָס איז געווען באַ די רעוואָלוציאָנערן פון די 70-קער יאָרן און וועלכע וואָלט פאַר אונז אַלעמען געדאַרפט דינען אַלס מוסטער, האָבן געשאַפן גאָרניט די נאַראָדאָוואָלצעס, נאָר די זעמלעוואָלצעס*, וואָס האָבן זיך צעשפּאָלטן

* „ערד און פרייהייט“ — פּאָלקיסטישע אָרגאַניזאַציע פון די 70-ער יאָרן. אָרגאַניזירט לויט די פּרינציפּן פון צענטראַליזם און קאָאָפּעראַציע, האָט „ערד און פרייהייט“ פאַרקניפּט פאַרבינדונגען צווישן דער יוגנט, אַרבעטער, פּויערים, שטיצנדיק די שטרייקבאַוועגונג און אָרגאַניזירנדיק צוליב אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע „אישואווים“ אינם דאָרף. דידאָזיקע אַרבעט אינם דאָרף האָט צו קיין דערפאָלג ניט געבראַכט. די פּאָליציי האָט די אישואווים ליקווידירט? צוערשט האָט „ערד און פרייהייט“ געלייקנט דעם קאַמף פאַר פּאָליטישער פרייהייט, האַלטנדיק, אַז מע קאָן גלייך אַריבערגיין צום סאָציאַליזם. נאָכדעם, ווי די סאָציאַליסטישע אַגיטאַציע צווישן די פּויערים האָט קיין דערפאָלג ניט געהאַט, האָט „ערד און פרייהייט“ אָנגעהויבן צו אָנערקענען די נויטיקייט פון קאַמף פאַר פּאָליטישער פרייהייט, און אַלס מיטל פון דעמדאָזיקן קאַמף איז אַרויסגערוקט געוואָרן דער טעראָר. אַף די צוזאַמענפאָרן אין יוני 1879 האָט „ערד און פרייהייט“ זיך צעשפּאָלטן. די אָנהענגער פון דער נייער טאַקטיק מיט זשעליאַבאָוון בעראָש

אַף „טשאָרנאָפּערעדעלצעס“ און „נאַראָדאָװאָלצעס“. זעען אין אַ רעװאָלוציאָנערער שלאַכט=אָרגאַניזאַציע עטװאָס ספּעציפיש נאַראָדאָװאָלישעס, איז אַזױ אַרום אומזיניק סאַי היסטאָריש, סאַי לאָגיש, װײַל יעטװידער רעװאָלוציאָנערע ריכטונג, אויב זי טראַכט בלויז װירקלעך װעגן ערנסטן קאַמף, קאָן זי זיך ניט באַגײן אָן אַזאַ אָרגאַניזאַציע. ניט אין דעם איז באַשטאַנען דער פעלער פון די נאַראָדאָװאָלצעס, װאָס זיי האָבן זיך באַמיט צוצוציען צו זײער אָרגאַניזאַציע אַלע אומצופרידענע און װענדן דידאָזיקע אָרגאַניזאַציע אַף אַן אַנטשײדענעם קאַמף מיט דער זעלבסטהערשונג. דערין באַשטײט, פאַרקערט, זײער גרויסער היסטאָרישער פאַרדינסט. דער פעלער זײערער אָבער איז באַשטאַנען דערין, װאָס זיי האָבן זיך געשטיצט אַף אַ טעאָריע, װעלכע איז אין טאָך געװען גאָר ניט קיין רעװאָלוציאָנערע טעאָריע, און זיי האָבן ניט פאַרשטאַנען אָדער ניט געקאָנט פעסט פאַרבינדן זײער באַװעגונג מיטן קלאַסן=קאַמף אינעװײניק אין דער זיך אַנטװיקלענדיקער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט. און בלויז דאָס סאַמע מגושעמדיקע פאַרשטײן דעם מאַרקסיזם (אָדער דאָס „פאַרשטײן“ אים אינם גײסט פון „סטרואװיזם“) האָט געקאָנט געבוירן די מײנונג, אַז די אַנטשטײאונג פון אַ מאַסנהאַפטער, סטיכישער אַרבעטער=באַװעגונג באַפרײַט אונז פון דער פליכט צו באַשאַפן פונקט אַזאַ גוטע אָרגאַניזאַציע, באַשאַפן נאָך אָן אַן ערעך אַ בעסערע אָרגאַניזאַציע פון רעװאָלוציאָנערן, װי עס איז געװען באַ די זעמלעװאָלציעס. פאַרקערט, דידאָזיקע באַװעגונג לײגט טאַקע אַרויף אַף אונז דידאָזיקע פליכט, װײַל דער סטיכישער קאַמף פונם פּראָלעטאַריאַט װעט גאָר ניט װערן קיין עכטער „קלאַסן=קאַמף“ זײַנער, קאָלזמאַן דערדאָזיקער קאַמף װעט ניט אָנגעפירט װערן פון אַ פעסטער אָרגאַניזאַציע פון רעװאָלוציאָנערן.

צװײטנס, פאַרשטײען פילע — און דערונטער, װײַזט אויס, אויך ב. קרישעװסקי („ראַב. דיעלאָ“ נומער 10, ז. 18) — ניט ריכטיק יענע פּאָלעמיק קעגן דעם „פאַרשװענדערישן“ קוק אַפן פּאָליטישן קאַמף, װעלכע עס האָבן טאָמיד געפירט די סאָציאַל=דעמאָקראַטן. מיר זײַנען אַרויסגעטראָטן און, װעלן פאַרשטײט זיך, שטענדיק אַרויסטרעטן קעגן פאַרשמעלערן דעם פּאָליטישן קאַמף ביז צו אַ פאַרשװערונג *, אָבער דאָס האָט, פאַרשטײט זיך, גאָר ניט באַטײט לײקענען די נויטװענדיקײט פון אַ פעסטער רעװאָלוציאָנערער אָרגאַניזאַציע. און, לעמאָשל, אין דער בראָשור, װעלכע װערט אָנגערופן אין דער באַמערקונג, װערט צוגלײַך מיט דער פּאָלעמיק קעגן דערפירן דעם פּאָליטישן קאַמף ביז צו אַ פאַרשװערונג, אויסגעמאָלט (אַלס סאָציאַל=דעמאָקראַטישער אידעאַל) אַן אָרגאַניזאַציע, אַף אַזױפיל אַ פעסטע, אַז זי זאָל קאָנען „באַנוצן זיך אַף צו

האָבן באַשאַפן די פּאַרטײ „נאַראָדנאַיאַ װאָליא“ — פרײַהײט פונם פאָלק. די אָנפירער פונם אַלטן האָבן געבילדעט די גרופּע „טשאָרני פּערעדיעל“ — שװאַרצער איבערטײל. לויט דער אָנמערקונג צו דער רוסישער אויסגאַבע.

* פאַרגלײַך „די אויפגאַבן פון די רוסישע סאָציאַל=דעמאָקראַטן“, ז. 21, די פּאָלעמיק קעגן פּ. ל. לאַװראָװן.

געבן דעם אַנטשיידענעם קלאַפּ דעם אַבסאָלוטיזם" אי מיט אַן „אויפשטאַנד", אי מיט יעטווידער „אַנדערן אַטאַקע מיטל" *. לויט איר פאָרם קאָן אַזאַ פעסטע רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציע אין אַ זעלבסטהערשערישן לאַנד אָנגערופן ווערן אויך מיטן נאָמען „פאַרשווערערישע" אָרגאַניזאַציע, ווייל דאָס פראַנצויזישע וואָרט „קאָנספּיראַציע" איז אידענטיש מיטן רוסישן „זאַגאָוואָר" (פאַרשווערונג), און קאָנספּיראַטיווקייט איז נויטיק פאַר אַזאַ אָרגאַניזאַציע אין דער מאַקסימאַלער מאָס. קאָנספּיראַטיווקייט איז אַף אַזויפיל אַ נויטווענדיקער באַדינג פאַר אַזאַ אָרגאַניזאַציע, אַז אַלע אַנדערע באַדינגונגען (די צאָל מיטגלידער, דער אָפּקלייב זייערער, די פונקציעס א. אַז. וו.), דאַרפן זיך רעכענען מיט איר. עס וואָלט דעריבער געווען די גרעסטע נאַיווקייט מוירע צו האָבן פאַר אַ באַשולדיקונג דעריין, אַז מיר, סאָציאַל=דעמאָקראַטן, ווילן באַשאַפן אַ פאַרשווערערישע אָרגאַניזאַציע. דיזאָזיקע באַשולדיקונגען זיינען פונקט אַזאַ לויב פאַר יעטווידער פיינט פון עקאָנאָמיזם, ווי די באַשולדיקונגען אין „נאַראָדאָוואָלישקייט".

מע וועט אונז דערווידערן: אַזאַ מעכטיקע און שטרענג געהיימע אָרגאַניזאַציע, וועלכע קאָנצענטרירט אין אירע הענט אַלע פעדים פון דער קאָנספּיראַטיווער טעטיקייט, אַן אָרגאַניזאַציע לויט נויטווענדיקייט אַ צענטראַליסטישע, קאָן זיך צו לייכט וואַרפן אין אַ פריצייטיקער אַטאַקע, זי קאָן אומבאַטראַכט פאַרשאַרפן די באַוועגונג פריער, איידער דאָס איז מעגלעך און נויטיק לויטן וואוקס פון דער פּאָליטישער אומצופרידנקייט, לויט דער קראַפט פון דער אירונג און פאַרביטערונג אינם אַרבעטער=קלאַס א. א. וו.. מיר וועלן ענטפערן דערויף: אַבסטראַקט גערעדט, קאָן מען, פאַרשטייט זיך, ניט אָפּלייקענען, אַז אַ שלאַכט=אָרגאַניזאַציע קאָן פירן אין אַ ניט באַטראַכטער שלאַכט, וואָס קאָן זיך ענדיקן קלאַל ניט מיט אַ מאַפּאָלע, וועלכע איז אומפאַרמיידלעך באַ אַנדערע באַדינגונגען. אָבער באַגרענעצן זיך מיט אַבסטראַקטע בקירעס אין אַזאַ פראַגע איז אומעגלעך, ווייל יעטווידער שלאַכט שליסט איין אין זיך די אַבסטראַקטע מעגלעכקייט פון אַ מאַפּאָלע, און עס איז ניטאָ קיין אַנדער מיטל צו פאַרקלענערן דיזאָזיקע מעגלעכקייט, סיידן די אָרגאַניזירטע צוגרייטונג פון דער

---

** „די אויפגאַבן פון די רוסישע סאָציאַל=דעמאָקראַטן", ז. 23. אַגעוו, אָט איז נאָך איין אילוסטראַציע דערפון, ווי אַזוי די „ראַב. דיעלאָ" אָדער זי פאַרשטייט ניט, וואָס זי רעדט, אָדער זי ענדערט אירע אָנשויאונגען „לויטן ווינט". אין „ראַב. דיעלאָ" נומער 1 איז אָפּגעדרוקט מיט קורסיוו: „דער איבערגעגעבענער טאָך פון דער בראָשור פאַלט אינגאַנצן צענויף מיט דער רעדאַקציאָנעלער פּראָגראַם פון „ראַב. דיעלאָ" (ז. 142). טאַקע אַזוי? מיט די „אויפגאַבן" פאַלט צענויף דער קוק, אַז פאַר דער מאַסן=באַוועגונג טאָר מען ניט שטעלן אַלס ערשטע אויפגאַבע אַראָפּצוואַרפן די זעלבסטהערשונג? עס פאַלט צענויף די טעאָריע פון „עקאָנאָמישן קאַמף מיט די באַלעבאַטים און מיט דער רעגירונג"? עס פאַלט צענויף די טעאָריע פון סטאַדיעס? מיר לייגן פאַר דעם לעזער צו אורטיילן, צי קאָן מען ריידן וועגן דער פּרינציפּיעלער שטאַנדהאַפטיקייט פון אַן אָרגאַן, וועלכער פאַרשטייט אַזוי אָריגינעל דאָס „צענויפפאַלן".

שלאַכט. אויב אָבער מיר וועלן אַוועקשטעלן די פראַגע אַפן קאָנקרעטן באָדן פון די מאָדערנע רוסישע באַדינגונגען, וועט אויסקומען צו מאַכן אַ פּאָזיציוון אויספיר, אַז אַ פעסטע רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציע איז אומבאַדינגט נויטיק טאַקע קעדיי צוצוגעבן שטאַנדהאַפטיקייט דער באַוועגונג און פאַרהיטן זי פון דער מעגלעכקייט פון ניט באַטראַכטע אַטאַקעס. גראָד איצט, באַ דער אָפּוועזנהייט פון אַזאַ אָרגאַניזאַציע און באַם שנעלן סטיכישן וואוקס פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, באַמערקן זיך שוין צוויי קעגנזעצלעכע עקסטרעמקייטן (וועלכע, ווי עס פּאַסט טאַקע פאַר זיי, „גייען זיך צענויף"): דאָס אַן אַבסאָלוט באַנקראָטירנדיקער עקאָנאָמיזם און דראָשעס וועגן מעסיקייט, דאָס פונקט אַזאַ באַנקראָטירנדיקער „עקסציטאַטיווער טעראָר", וועלכער שטרעבט „אַרויסצורופן קינסטלעך אין דער באַוועגונג, וועלכע אַנטוויקלט זיך און פאַרפעסטיקט זיך, אָבער געפינט זיך נאָך נעענטער צום אָנהויב איידער צום סאָף, סימפּטאָמען פון איר סאָף" (וו. זאַסוליטש אין „זאַריאַ" נומער 2—3 ז. 353). און דער ביישפּיל פון „ראַב. דיעלאָ" באַווייזט, אַז עס זיינען שוין פאַראַן סאָציאַל-דעמאָקראַטן, וועלכע קאַפּיטולירן פאַר ביידע עקסטרעמקייטן. אַזאַ דערשיינונג איז ניט קיין וואונדער, אַכוץ די איבעריקע סיבעס, אויך דערפאַר, ווייל דער „עקאָנאָמישער קאַמף מיט די באַלעבאַטים און מיט דער רעגירונג" וועט קיינמאָל ניט באַפרידיקן אַ רעוואָלוציאָנער, און די קעגנזעצלעכע עקסטרעמקייטן וועלן שטענדיק אַנטשטיין דאָ אָדער דאָרט. בלויז אַ צענטראַליזירטע שלאַכט-אָרגאַניזאַציע, וואָס פירט דורך קאָנזעקווענט אַ סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּאָליטיק און באַפרידיקט, אַזוי צו זאָגן, אַלע רעוואָלוציאָנערע אינסטינקטן און שטרעבונגען, איז אימשטאַנד צו פאַרהיטן די באַוועגונג פון אַ ניט באַטראַכטער אַטאַקע און צוגרייטן אַן אַטאַקע, וועלכע זאָגט צו ערפאָלג.

מע וועט אונז ווייטער דערווידערן, אַז דער קוק אַף דער אָרגאַניזאַציע, וואָס ווערט דאָ פאָרמולירט, ווידערשפּרעכט דעם „דעמאָקראַטישן פּרינציפּ". אַף וויפל די פאָריקע באַשולדיקונג האָט אַ ספּעציפיש רוסישע אָפּשטאַמונג, אַף אַזוויפיל האָט די לעצטע אַ ספּעציפיש אויסלענדישן כאַראַקטער. און נאָר אַן אויסלענדישע אָרגאַניזאַציע (דער „פאַרבאַנד" פון די רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן) האָט געקאָנט געבן איר רעדאַקציע, צווישן אַנדערע אינסטרוקציעס, אויך אַזאַ:

> „דער אָרגאַניזאַציאָנעלער פּרינציפּ. קעדיי מיט דערפאָלג צו אַנטוויקלען און פאַרייניקן די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, דאַרף מען אונטערשטרייכן, אַנטוויקלען, קעמפן פאַר אַ ברייטן דעמאָקראַטישן פּרינציפּ פון איר פּאַרטיי-אָרגאַניזאַציע, וואָס דאָס איז באַזונדערס נויטיק צוליב די אַנטי-דעמאָקראַטישע טענדענצן, וועלכע האָבן זיך אַנטפּלעקט אין די רייען פון אונזער פּאַרטיי" („צוויי צוזאַמענפאָרן" ז. 18).

ווי אַזוי „ראַב. דיעלאָ" קעמפט מיט די „אַנטי-דעמאָקראַטישע טענדענצן" פון דער „איסקרא", דאָס וועלן מיר דערזעען אינם ווייטערדיקן קאַפּיטל. און

איצט לאָמיר זיך צוקוקן אַביסל נעענטער צו דעמדאָזיקן „פּרינציפּ“, וועלכן עס רוקן אַרויס די עקאָנאָמיסטן. יעדער וועט מיסטאָמע מאַסקים זיין, אַז דער „ברייטער דעמאָקראַטישער פּרינציפּ“ שליסט איין אין זיך פאָלגנדיקע צוויי נויטיקע באַדינגונגען: ערשטנס, פולשטענדיקע עפנטלעכקייט, און, צווייטנס, די געוויילטקייט פון אַלע פונקציעס. אָן עפנטלעכקייט וואָלט לעכערלעך געווען צו ריידן וועגן דעמאָקראַטיזם, און דערביי אַזאַ עפנטלעכקייט, וואָס זאָל זיך ניט באַגרענעצן מיט די מיטגלידער פון דער אָרגאַניזאַציע. מיר וועלן אָנרופן מיטן נאָמען דעמאָקראַטישע די אָרגאַניזאַציע פון דער דייטשישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, ווייל אין איר ווערט אַלץ געטאָן אָפן, ביז צו די זיצונגען פונם פּאַרטיי-צוזאַמענפאָר, אָבער קיינער וועט ניט אָנרופן דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציע אַזאַ, וועלכע איז פאַרדעקט פון אַלע ניט מיטגלידער מיט אַ געהיימנים-שלייער. פרעגט זיך, וואָס זשע פאַר אַ זין האָט אַרויסצושטעלן אַ „ברייטן דעמאָקראַטישן פּרינציפּ“, ווען דער גרונט-באַדינג פון דעמדאָזיקן פּרינציפּ איז ניט אויספירבאַר פאַר אַ געהיימער אָרגאַניזאַציע? דער „ברייטער פּרינציפּ“ ווייזט זיך אַרויס פּאָשעט פאַר אַ קלינגנדיקער, נאָר פוסטער פראַזע. נאָך מער. דידאָזיקע פראַזע זאָגט איידעס וועגן פולשטענדיקן ניט פאַרשטיין די דרינגענדיקע אויפגאַבן פונם מאָמענט אין דער אָרגאַניזאַציאָנעלער הינזיכט. אַלע ווייסן, ווי גרויס עס איז די ניט קאָנספּיראַטיווקייט פון דער „ברייטער“ מאַסע רעוואָלוציאָנערן, וואָס הערשט באַ אונז. מיר האָבן געזען, ווי ביטער עס קלאָגט זיך דערויף ב—וו, וועלכער פאָדערט גאַנץ גערעכטיק,אַ „שטרענגן אָפּקלייב פון די מיטגלידער“ („ראַב. דיעלאָ“ נומער 6, ז. 42). איז אָט, קומען מענטשן, וועלכע באַרימען זיך מיט זייער „כוש צום לעבן“, און באַ אַזאַ זאַכלאַגע שטרייכן זיי אונטער ניט די נויטיקייט פון שטרענגסטער קאָנספּיראַציע און דעם שטרענגסטן (און דאָס הייסט מער ענגן) אָפּקלייב פון מיטגלידער, נאָר — דעם „ברייטן דעמאָקראַטישן פּרינציפּ“! אָט דאָס הייסט טרעפן מיטן פינגער אין הימל אַריין.

ניט בעסער האַלט עס אויך מיטן צווייטן סימען פון דעמאָקראַטיזם, — מיט דער געוויילטקייט. אין לענדער מיט פּאָליטישער פרייהייט איז דערדאָזיקער באַדינג אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכער. „אַלס מיטגליד פון דער פּאַרטיי רעכנט זיך יעדערער, ווער עס אַנערקענט די פּרינציפּן פון דער פּאַרטיי-פּראָגראַם און שטיצט די פּאַרטיי לויט זיינע קויכעס“ — זאָגט דער ערשטער פּאַראַגראַף פונם אָרגאַניזיר-סטאַטוט פון דער דייטשישער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. און העיווים ווי די גאַנצע פּאָליטישע אַרענע איז אָפן פאַר אַלעמען, פונקט ווי די סצענע פאַר די טעאַטער-צושויער, איז דידאָזיקע אַנערקענונג אָדער ניט אנערקענונג, די שטיצע אָדער קעגנווירקונג באַקאַנט יעדערן און אַלעמען סאַי פון די צייטונגען, סאַי פון די פאָלקס-פאַרזאַמלונגען. אַלע ווייסן, אַז אַזאַ און אַזאַ פּאָליטישער טוער האָט אָנגעהויבן פון דעם און דעם, האָט איבערגעלעבט אַזאַ און אַזאַ עוואָלוציע, האָט זיך אין אַ שווערער לעבנס-מינוט אַרויסגעוויזן אַף אַזאַ און אַזאַ אויפן, ער אונטערשיידט זיך ביכלאַל מיט אַזוינע און אַזוינע אייגנשאַפטן, —

און רעריבער קאָנען, נאַטירלעך, אַ ל ע פֿאַרטיי־מיטגלידער מיט קענטעניש פֿון דער זאַך אויסקלייבן אָדער ניט אויסקלייבן אַזאַ טוער, אַף אַ געוויסער פֿאַרטיי־שטעלע. דער אַלגעמיינער (אינם בוכשטעבלעכן זין פֿונם וואָרט) קאָנטראָל איבער יעטווידער שריט פֿונם פֿאַרטיי־מאַן אַף זיין פּאָליטישער אַרענע שאַפֿט אַן אַווטאָמאַטיש ווירקנדיקן מעכאַניזם, וועלכער גיט דאָס, וואָס אין דער ביאָלאָגיע רופֿט מען עס „דאָס אויסלעבן פֿון די סאַמע צוגעפּאַסטע“. דער „נאַטירלעכער אָפּקלייב“ פֿון דער פֿולשטענדיקער עפֿנטלעכקייט, געוויילטקייט און אַלגעמיינעם קאָנטראָל גאַראַנטירט, אַז יעדער טוער ווייזט זיך סאָפּקאָלסאָף אַרויס „אַף זיין פּאָליצע“, ער נעמט זיך פֿאַר דער אַרבעט, וועלכע איז אַמערסטן צוגעפּאַסט צו זיינע קויכעס און פֿעאיקייטן, ער פּרוּווט אויס אַף זיך אַליין אַלע פֿאָלגן פֿון זיינע פֿעלערן און דערווייזט פֿאַר אַלעמענס אויגן זיין פֿעאיקייט צו פֿאַרשטיין זיינע פֿעלערן און אויסצומיידן זיי.

פּרוּווט זיך אָקאָרשט אַריינשטעלן דאָסדאָזיקע בילד אין די ראַמען פֿון אונזער זעלבסטהערשונג! צי איז דענקבאַר באַ אונז, אַז אַלע, „ווער עס אַנערקענט די פּרינציפּן פֿון דער פֿאַרטיי־פּראָגראַם און שטיצט די פֿאַרטיי לויט זיינע קויכעס“, זאָלן קאָנטראָלירן יעטווידער טריט פֿונם רעוואָלוציאָנער־קאָנספּיראַטאָר? אַז זיי אַלע זאָלן אויסוויילן פֿון צווישן די לעצטע דעם אָדער יענעם, ווען דער רעוואָלוציאָנער איז מעכויעוו צוליב די אינטערעסן פֿון דער אַרבעט צו באַהאַלטן פֿון ניין צענטל פֿון דידאָזיקע „אַלע“, ווער ער איז אַזוינס? טראַכט זיך כאָטש אַביסל אַריין אין דער עמעסער באַדייטונג פֿון די הויכע ווערטער, מיט וועלכע עס טרעט אַרויס „ראַב. דיעלאָ“, און איר וועט דערזעען, אַז דער „ברייטער דעמאָקראַטיזם“ פֿון דער פֿאַרטיי־אָרגאַניזאַציע אין דער פֿינסטערניש פֿון דער זעלבסטהערשונג, באַ דער הערשאַפֿט פֿונם זשאַנדאַרמישן אָפּקלייב, איז ניט מער, ווי אַ פּ ו ס ט און ש ע ד ל ע ך ש פּ י ל ע כ ל. דאָס איז אַ פּוסט שפּילעכל, ווייל פֿאַקטיש האָט קיינמאָל קיין שום רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציע קיין ב ר י י ט ן דעמאָקראַטיזם ניט דורכגעפֿירט און קאָן ניט דורכפֿירן אַפֿילע באַ איר גאַנצן ווילן. עס איז אַ שעדלעך שפּילעכל, ווייל די פּרוּוון דורכצופֿירן אין דער טאַט דעם „ברייטן דעמאָקראַטישן פּרינציפּ“ פֿאַרלייכטערן נאָר דער פּאָליציי די ברייטע דורכפֿאַלן און פֿאַרייביקן די הערשנדיקע קוסטאַרעריי, זיי ציען אָפּ דעם געדאַנק פֿון די פּראַקטיקער פֿון דער ערנסטער דרינגענדיקער אויפֿגאַבע אויסצואַרבעטן פֿון זיך פּראָפֿעסיאָנעלע רעוואָלוציאָנערן צום צונויפֿשטעלן ענלעכע „פּאַפּירענע“ סטאַטוטן וועגן די וואַל־סיסטעמען. נאָר אין אויסלאַנד, וואו עס קלייבן זיך ניט זעלטן צענויף מענטשן, וועלכע האָבן ניט קיין מעגלעכקייט צו געפֿינען פֿאַר זיך אַן עכטע לעבעדיקע אַרבעט, האָט זיך וואו ניט וואו, און באַזונדערס אין פֿאַרשיידענע קליינע גרופּן, געקאָנט אַנטוויקלען דאָסדאָזיקע „שפּיל און דעמאָקראַטיזם“.

קעדיי צו באַווייזן דעם לעזער די גאַנצע ניט־אָנשטענדיקייט פֿון דעם באַליבטן גאַנג פֿון „ראַב. דיעלאָ“ אַרויסצורוקן אַזאַ אָנשטענדיקן „פּרינציפּ“, ווי דעמאָ־

קראַטיזם אין דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט, וועלן מיר זיך פּאַרופן ווידעראַמאָל אַף אַן איידעם. דערדאָזיקער איידעם — יע. סערעבראַקאָוו, דער רעדאַקטאָר פונם לאָנדאָנער זשורנאַל „נאַקאָנוניע“ — פילט אַ גרויסע שוואַכקייט צו „ראַב. דיעלאָ“ און אַ גרויסן האַס צו פּלעכאַנאָוון און צו די „פּלעכאַנאָווצעס“; אין די אַרטיקלען מיקויעך דער שפּאַלטונג פונם אויסלענדישן „פּאַרבאַנד פון די רוסישע סאָציאַל=דעמאָקראַטן“ האָט זיך „נאַקאַנוניע“ אַנטשיידן געשטעלט אַפן צאַד פון „ראַב. דיעלאָ“ און איז באַפאַלן פּלעכאַנאָוון מיט אַ גאַנצער כמאַרע ראַכמאָנעס=ווערטער. דעריבער איז נאָך ווערטפולער פאַר אונז דערדאָזיקער איידעם איבער דער געגעבענער פראַגע. אינם נומער 7 „נאַקאַנוניע“ (יולי 1899), אין אַן אַרטיקל: „מיקויעך דעם אויפרוף פון דער גרופּע „זעלבסטבאַפרייאונג פון די אַרבעטער“, האָט יע. סערעבריאַקאָוו אָנגעוויזן אַף דער „ניט=אָנשטענדיקייט“ אויפצוהויבן פראַגן „וועגן זעלבסטגענאַרעריי, וועגן הויפּטמאַנשאַפט, וועגן דעם אַזוי גערופענעם אַרעאָפּאַג * אין אַן ערנסטער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג“ און האָט, אַגעוו, געשריבן:

„מישקין, ראָגאַטשאָוו, זשעלאַבאָוו, מיכאַילאָוו, פּעראָווסקע, פיגנער א. א. האָבן זיך קיינמאָל ניט גערעכנט פאַר קיין פירער און קיינער האָט זיי ניט אויסגעקליבן און ניט באַשטימט, האַגאַם אין דערווירקלעכקייט זיינען זיי געווען אַזוינע, ווייל סאַי אינם פּעריאָד פון פּראָפּאַגאַנדע, סאַי אינם פּעריאָד פון קאַמף מיט דער רעגירונג האָבן זיי גענומען אַף זיך די גרעסטע לאַסט פון דער אַרבעט, זיי זיינען געגאַנגען אין די סאַמע געפערלעכע ערטער, און זייער טעטיקייט איז געווען די סאַמע פּראָדוקטיווע. און די הויפּטמאַנשאַפט זייערע איז געווען ניט קיין רעזולטאַט פון זייערע וואונטשן, נאָר פונם צוטרוי צו זייער סייכל, צו זייער ענערגיע און איבערגעגעבנקייט מיצאַד די אַרומיקע כאַווייריִם. מוירע האָבן ווידער פאַר עפּעס אַן אַרעאָפּאַג (און אויב ניט מוירע האָבן, איז צו וואָס זאָל מען שרייבן וועגן אים), וועלכער קאָן זעלבסטווייליק פאַרוואַלטן מיט דער באַוועגונג, איז שוין צופיל נאַיוו. ווער זשע וועט אים פאָלגן?“.

מיר פרעגן באַם לעזער, מיט וואָס אונטערשיידט זיך „ארעאָפּאַג“ פון „אַנטי=דעמאָקראַטישע טענדענצן?“ און צי איז דען ניט קלאָר, אַז דער „אָנשטענדיקער“ אָרגאַניזיר=פּרינציפּ פון „ראַב. דיעלאָ“ איז פּונקט אַזוי סאַי נאַיוו, סאַי ניט אָנשטענדיק, — נאַיוו דערפאַר, ווייל אַן „ארעאָפּאַג“, אָדער מענטשן מיט „אַנטי=דעמאָקראַטישע טענדענצן“ וועט קיינער פּאָשעט ניט פאָלגן, אויב עס וועט ניט זיין קיין „צוטרוי צו זייער סייכל, ענערגיע און איבערגעגעבנקייט מיצאַד די אַרומיקע כאַווייריִם“. ניט אָנשטענדיק, — אַלס אַ דעמאַגאָגישער אַרויספאַל, וואָס ספּעקולירט אַף דער ערגייציקייט בא אײנע, אַף דער אומבאַקאַנטקייט מיטן ווירקלעכן צושטאַנד פון אונזער באַוועגונג — בא אַנדערע, אַף דער ניט=צוגעגרייטקייט און ניט=באַקאַנטקייט מיט דער געשיכטע פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג — באַ די דריטע. דער איינציקער ערנסטער אָרגאַניזיר=פּרינציפּ פאַר די טוער פון

* אַף גריכיש: העכסטער ראַט. דאָ באַטייט דער אויסדרוק, אַז די פּאַרטיי=איניאַניִם ווערן באַשלאָסן פון אַ קליינער געשלאָסענער גרופּע פירער. איב.

אונזער באַוועגונג דאַרף זיין: שטרענגסטע קאָנספּיראַציע, שטרענגסטער אָפּקלייב פון מיטגלידער, צוגרייטונג פון פּראָפעסיאָנעלע רעוואָלוציאָנערן. אויב עס זיינען פאַראַן דידאָזיקע אייגנשאַפטן, — איז געזיכערט אויך עטוואָס מער, ווי „דעמאָקראַטיזם“, דעהאַינע: פולער כאַווערישער צוטרוי צווישן די רעוואָלוציאָנערן. און דאָסדאָזיקע מערערע * איז אומבאַדינגט נויטיק פאַר אונז, ווייל וועגן פאַרבייטן עס מיט אַ דעמאָקראַטישן אַלגעמיינעם קאָנטראָל קאָן בײַ אונז אין רוסלאַנד אַפילע קיין רייד ניט זיין. און עס וואָלט געווען אַ גרויסער טאָעס צו מיינען, אַז די אומעגלעכקייט פון אַווירקלעד „דעמאָקראַטישן“ קאָנטראָל מאַכט די מיטגלידער פון דער רעוואָלוציאָנערער אָרגאַניזאַציע פאַר קאָנטראָללאָזע: זיי האָבן ניט קיין צייט צו טראַכטן וועגן די שפּיל=פאָרמען פון דעמאָקראַטיזם (דעמאָקראַטיזם אינעווייניק אין אַן ענגן קערן כאַוויירים, וועלכע האָבן קעגנזייטיקן פולשטענדיקן צוטרוי), אָבער זייער פאַראַנטוואָרטלעכקייט פילן זיי זייער לעבהאַפט, ווייסנדיק דערבײַ פון דער דערפאַרונג, אַז קעדיי פּאָטער צו ווערן פון אַ ניט טויגלעכן מיטגליד וועט זיך די אָרגאַניזאַציע פון עכטע רעוואָלוציאָנערן ניט אָפּשטעלן פאַר קיין שום מיטלען. און עס איז דאָך פאַראַן בײַ אונז אַ גאַנץ אַנטוויקלטע געזעלשאַפטלעכע מיינונג פון דער רוסישער (און אינטערנאַציאָנאַלער) רעוואָלוציאָנערער סוויווע, וואָס האָט הינטער זיך אַ גאַנצע געשיכטע, וואָס שטראָפט מיט אָנראַכמאָנעסדיקער האַרטקייט פאַר יעדן צוריקטריט פון די פליכטן פון כאַווערשאַפט (און „דעמאָקראַטיזם“, עכטער, ניט קיין שפּיל=דעמאָקראַטיזם, גייט דאָך אַריין, ווי אַ טייל אין אַ גאַנצעס, אינם דאָזיקן באַגריף כאַווערשאַפט!). נעמט דאָס אַלץ אין אַכט, — און איר וועט פאַרשטיין, וואָס פאַר אַ פאַרדומפּענער ריַעד פון אויסלענדישער שפּיל אין גענעראַלן עס טראָגט זיך פון דידאָזיקע שמועסן און רעזאָלוציעס וועגן „אַנטידעמאָקראַטישע טענדענצן“!

מע דאַרף נאָך באַמערקן, אַז דער צווייטער קוואַל פון אַזוינע שמועסן, דאָס הייסט די נאַיווקייט, שפּייזט זיך אויך מיט דער טונקעלקייט פון די פאָרשטעלונגען וועגן דעם, וואָס עס איז אַזוינס דעמאָקראַטיע. אינם בוך פון דער פאָר פאָלק וועבב וועגן די ענגלישע טרעד=יוניאָניזם איז פאַראַן אַ טשיקאַווער קאַפּיטל: „פּרימיטיווע דעמאָקראַטיע“. די מעכאַברים דערציילן דאָרט, ווי אַזוי די ענגלישע אַרבעטער האָבן אינם ערשטן פּעריאָד עקזיסטענץ פון זייערע פאַריינען געהאַלטן פאַר אַ נויטיקן סימען פון דעמאָקראַטיע, אַז אַלע זאָלן אַלץ טאָן אינם פּראַט פון פאַרוואַלטן מיט די פאַריינען: ניט נאָר אַלע פראַגן זיינען געלייזט געוואָרן דורך אַן אָפּשטימונג פון אַלע מיטגלידער, נאָר אויך די אַמטן האָבן פאַרנומען אַלע מיטגלידער לויט דער ריי. עס איז נויטיק געווען אַ לאַנגע היסטאָרישע דערפאַרונג, קעדיי די אַרבעטער זאָלן פאַרשטיין די אומזיניקייט פון אַזאַ פאָרשטעלונג וועגן דעמאָקראַטיע און די נויטיקייט פון פאָרשטייערשאַפט=אינסטיטוציעס, פון איין זייט, און פּראָפעסיאָנעלע אַמט=פערזאָנען — פון דער צווייטער. עס זיינען נויטיק געווען עטלעכע פאַלן פון פינאַנציעלן קראַך פון די פאַריינישע קאַסעס, קעדיי די אַרבעטער

* אין דער אויסגאַבע פון 1908 איז דאָס וואָרט „מערערע“ אַרויסגעלאָזן.

זאָלן פאַרשטײן, אַז די פראַגע װעגן דער פּראָפּאָרציאָנעלער פאַרהעלטעניש פון די געצאָלטע בײטראָגן און באַקומענער שטיצע קאָן ניט געלײזט װערן בלויז דורך אַ דעמאָקראַטישער אָפּשטימונג אַלײן, נאָר זי פאָדערט אױך די שטים פון אַ ספּעציאַליסט אינם סטראַכיר־װעזן. נעמט, װײטער, קאַוטסקיס בוך װעגן פּאַרלאַמענטאַריזם און פאָלקס־געזעצגעבונג, — און איר װעט דערזעען, אַז די אױספירן פונם טעאָרעטיקער־מאַרקסיסט פאַלן צענױף מיט דער לעקציע פון דער פילײאָריקער פּראַקטיק פון די אַרבעטער, װעלכע האָבן זיך „סטיכיש" פאַרײניקט. קאַוטסקי טרעט אַנטשײדן אַרױס קעגן ריטינגהױזענס * פּרימיטיװן פאַרשטײן די דעמאָקראַטיע, ער לאַכט אױס די מענטשן, װעלכע זײנען גרײט צוליב איר צו פאָדערן, אַז די „פאָלקסצײטונגען זאָלן פאָשעט רעדאַקטירט װערן דורכן פאָלק", ער דערװײזט די נױטיקײט פון פּראָפעסיאָנעלע זשורנאַליסטן, פּאַרלאַמענטאַריער א. א. װ. פאַר דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אָנפירונג מיטן קלאַסן־קאַמף פונם פּראָלעטאַריאַט, ער פאַלט אָן אַפן „סאָציאַליזם פון די אַנאַרכיסטן און ליטעראַטן", װאָס אין „גײעג נאָך עפעקטן" לױבן זײ ביזן הימל די דירעקטע פאָלקס־געזעצגעבונג און פאַרשטײען ניט די גאַנץ ביטנאַיקע באַנוצבאַרקײט אירע אין דער מאָדערנער געזעלשאַפט.

װער עס האָט פּראַקטיש געאַרבעט אין אונזער באַװעגונג, יענער װײס, װי ברײט עס איז פאַרשפּרײט צװישן דער סאַמע שטודירנדיקער יוגנט און אַרבעטער דער „פּרימיטיװער" קוק אַף דעמאָקראַטיע. עס איז ניט קײן װאונדער, װאָס דערדאָזיקער קוק דרינגט אַרײן סײ אין די סטאַטוטן, סײ אין דער ליטעראַטור. די עקאָנאָמיסטן פונם בערנשטײניאַנישן שניט האָבן געשריבן אין זײער סטאַטוט: „פּאַר' 10. אַלע ענינים, װאָס זײנען שאַיעך די אינטערעסן פון דער גאַנצער פאַרײנישער אָרגאַניזאַציע, װערן געלײזט דורך אַ מערהײט שטימען פון אַלע אירע מיטגלידער". די עקאָנאָמיסטן פונם טעראָריסטישן שניט כאַזערן איבער: „עס איז נױטיק, אַז די קאָמיטעט־באַשלוסן זאָלן אַדורכגײן אַלע קרײזלעך, און ערשט דאַן װערן גילטיקע באַשלוסן" („סװאָבאָדא" נומער 1, ז. 67), באַמערקט, אַז דידאָזיקע פאָדערונג ברײט צו באַנוצן דעם רעפערענדום װערט אַרױסגערוקט אַלס צוגאָב צו דער פאָדערונג אױסצובױען אַפן געװײלטקײט־פּרינציפּ די גאַנצע אָרגאַניזאַציע! מיר זײנען װײט פונם געדאַנק, פאַרשטײט זיך, צו פאַרורטײלן דערפאַר די פּראַקטיקער, װעלכע האָבן געהאַט צו װײניק מעגלעכקײטן זיך צו באַקאָנען מיט דער טעאָריע און פּראַקטיק פון װירקלעך דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס. אָבער װען „ראַב. דיעלאָ", װעלכע פּרעטענדירט אַף אַן אָנפירנדיקער ראָלע, באַגרעניצט זיך בײַ אַזױנע באַדינגונגען מיט אַ רעזאָלוציע װעגן ברײטן דעמאָקראַטישן פּרינציפּ, איז װי אַזױ זאָל מען עס ניט אָנרופן פאָשעט „אַ גײעג נאָך עפעקט"?

* ריטינגהױזן. אַ דײטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַט (1814—1890), אין 1884 אַרױס פון דער פּאַרטײ. פאַרפאַסער פון אַ בוך — „דירעקטע געזעצגעבונג דורך דאָס פאָלק". לױט דער אָנמערקונג צו דער רוסישער אױסגאַבע.

## ו) די אָרטיקע און די אַלגעמיין-רוסישע אַרבעט

אויב די דערווידערונגען קעגן דעם פּלאַן פון אַן אָרגאַניזאַציע, וועלכער ווערט דאָ אויסגעלייגט, זיינען פונם שטאַנדפּונקט פון איר ניט דעמאָקראַטישקייט און פאַרשווערערישן כאַראַקטער אַבסאָלוט אומבאַגרינדעט, פאַרבלייבט נאָך אַ פראַגע, וועלכע ווערט זייער אָפט אַרויסגערוקט און וועלכע פאַרדינט, מע זאָל זי גענוי באַטראַכטן. דאָס איז די פראַגע וועגן דער קעגנזייטיקער פאַרהעלטעניש צווישן דער אָרטיקער און דער אַלגעמיין-רוסישער אַרבעט. עס ווערט אַרויסגעזאָגט אַ מוירע, צי וועט די אויסבילדונג פון אַ צענטראַליסטישער אָרגאַניזאַציע ניט פירן דערצו, אַז דער שווערפּונקט זאָל אַריבערגעטראָגן ווערן פון דער ערשטער אַף דער צווייטער? צי וועט עס ניט ברענגען קיין שאָדן דער אָרגאַניזאַציע דערמיט, וואָס עס וועט אָפּשוואַכן די פעסטקייט פון אונזערע פאַרבינדונגען מיט דער אַרבעטער-מאַסע, און ביכלאַל די שטאַנדהאַפטיקייט פון דער אָרטיקער אַגיטאַציע? מיר וועלן דערויף ענטפערן, אַז אונזער באַוועגונג פון די לעצטע יאָרן ליידט גראָד דערפון, וואָס די אָרטיקע טוער זיינען צופיל איינגעשלונגען דורך דער אָרטיקער אַרבעט; אַז אַריבערוקן דעם שווערפּונקט אַף דער אַלגעמיין-רוסישער אַרבעט איז דעריבער אומבאַדינגט נויטיק; אַז אַזאַ אַריבערוק וועט ניט אָפּשוואַכן, נאָר ער וועט פאַרשטאַרקן סאַי די פעסטקייט פון אונזערע פאַרבינדונגען, סאַי די שטאַנדהאַפטיקייט פון אונזער אָרטיקער אַגיטאַציע. מיר וועלן נעמען די פראַגע וועגן אַ צענטראַלן און וועגן די אָרטיקע אָרגאַנען און וועלן בעטן דעם לעזער ניט פאַרגעסן, אַז דאָס צייטונגס-וועזן איז פאַר אונז ניט מער, ווי אַ ביישפּיל, וואָס אילוסטרירט די אָן אַן ערעך ברייטערע און פאַרשיידנזייטיקערע רעוואָלוציאָנערע אַרבעט ביכלאַל.

אינם ערשטן פּעריאָד פון דער מאַסן-באַוועגונג (1896—1898) ווערט דורך די אָרטיקע טוער געמאַכט אַ פּרואוו אַרויסצושטעלן אַן אַלגעמיין רוסישן אָרגאַן — די „ראַב. גאַזעטאַ“; אינם צווייטן פּעריאָד (1898—1900) — מאַכט די באַוועגונג אַ קאָלאָסאַלן שריט פאָרויס, אָבער די אויפמערקזאַמקייט פון די אָנפירער ווערט אינגאַנצן איינגעשלונגען דורך די אָרטיקע אָרגאַנען. אויב מע זאָל צונויפציילן צוזאַמען די אַלע אָרטיקע אָרגאַנען, וועט זיך אַרויסווייזן*, אַז עס קומט אויס אין דורכשניט צו איין נומער צייטונג אַ כוידעש. צי איז דאָס ניט קיין אָנשוילעכע אילוסטראַציע פון אונזער קוסטאַרעריי? צי דען דערווייזט עס ניט באַשיימפּערלעך, ווי ווייט אונזער רעוואָלוציאָנערער אָרגאַניזאַציע איז אָפּגעשטאַנען פונם סטיכישן אויפשטייג פון דער באַוועגונג? ווען די זעלביקע צאָל נומערן צייטונגען וואָלטן אַרויסגעלאָזט געוואָרן ניט דורך צע-

* זע דעם „באַריכט צום פּאַריזער קאָנגרעס“ ז. 14: „פון יענער צייט אָן (1897 יאָר) ביז פרילינג 1900 יאָר זיינען אין פאַרשיידענע ערטער דערשינען 30 נומערן פאַרשיידענע צייטונגען.... אין דורכשניט פלעגט דערשיינען העכער איין נומער אַ כוידעש“.

שפּליטערטע אָרטיקע גרופּן, נאָר דורך אַן איינהייטלעכער אָרגאַניזאַציע, — וואָלטן מיר ניט נאָר פאַרשפּאָרט אַ מאַסע קויכעס, נאָר מיר וואָלטן געזיכערט אָן אַן ערעך אַ גרעסערע שטאַנדהאַפטיקייט און יערושעדיקייט פון אונזער אַרבעט. דעמדאָזיקן פּאָשעטן געדאַנק לאָזן אָפּטמאָל אַרויס פון אויג סאַי יענע פּראַקטיקער, וועלכע אַרבעטן *אַקטיוו* קימאַט אויסשליסלעך איבער די אָרטיקע אָרגאַנען (צום באַדויערן, האַלט עס אַל פּי ראָוו נאָך איצט אויך אַזוי), סאַי יענע פּובליציסטן, וועלכע ווייזן אַרויס אין דער געגעבענער פראַגע וואונדערבאַרע דאָנקיכאָטישקייט. דער פּראַקטיקער באַנוגנט זיך געוויינלעך מיט דעם מאָטיוו, וואָס די אָרטיקע טוער איז „שווער“ * צו פאַרנעמען זיך מיט אַוועקשטעלן אַן אַלגעמיין רוסישע צייטונג, און אַז עס איז בעסער אָרטיקע צייטונגען, איידער קיין שום צייטונגען. דאָס לעצטע איז, פאַרשטייט זיך, גאַנץ ריכטיק, און מיר ווען ניט וועניקער ווי איטלעכער פּראַקטיקער אנערקענען די קאָלאָסאַלע באַדייטונג און דעם קאָלאָסאַלן נוצן פון די אָרטיקע צייטונגען *ביכלאַל*. אָבער עס האַנדלט זיך ראָך ניט וועגן דעם, נאָר וועגן דעם, צי קאָן מען ניט פּאָטער ווערן פון דער צעשפּליטערטקייט און קוסטאַרעריי, וועלכע דריקן זיך אַזוי אָנשוילעך אויס אין די 30 נומערן אָרטיקע צייטונגען איבער גאַנץ רוסלאַנד פאַר 2½ יאָר. באַנוגנט זשע זיך ניט מיט דער אומבאַשטרייטבאַרער, אָבער צו אַלגעמיינער, האַנאָכע וועגן דעם נוצן פון אָרטיקע צייטונגען, ביכלאַל, נאָר האָט אויך דעם מוט אָפן צו אָנערקענען זייערע נעגאַטיווע זייטן, וועלכע האָבן זיך אַרויסגעוויזן אין דער דערפאַרונג פון די 2½ יאָר. דידאָזיקע דערפאַרונג זאָגט איידעס, אַז די אָרטיקע צייטונגען ווייזן זיך אַרויס באַ אונזערע באַדינגונגען אין דער מערהייט פאַלן פאַר פּרינציפּיעל ניט קיין שטאַנדהאַפטיקע, פּאָליטיש אָן אַ באַדייטונג, אין פּראַט פון אויסגעבן רעוואָלוציאָנערע קויכעס — צו טייער, אין טעכנישער הינזיכט — אַבסאָלוט ניט קיין באַפרידנדיקע (איך בין אויסן, פאַרשטייט זיך, ניט די טעכניק פון דרוקן, נאָר די אָפטקייט און די רעגולערקייט פון דערשיינונגען). און אַלע אָנגעוויזענע פעלערן זיינען ניט קיין צופעליקייט, נאָר אַן אומפאַרמיידלעכער רעזולטאַט פון יענער צעשפּליטערטקייט, וועלכע דערקלערט, פון איין זייט, די איבערוואָג פון אָרטיקע צייטונגען אינם באַטראַכטן פּעריאָד, און, פון דער צווייטער זייט, ווערט זי *אונטערגעשטיצט* דורך דעמדאָזיקן איבערוואָג. פאַר אַ באַזונדערער אָרטיקער אָרגאַניזאַציע איז טאַקע פּאָשעט *ניט לויט די קויכעס* צו זיכערן די פּרינציפּיעלע שטאַנדהאַפטיקייט פון איר צייטונג און אַוועקשטעלן זי אַף דער הויך פון אַ פּאָליטישן אָרגאַן, *ניט לויט די קויכעס* צונויפצוזאַמלען און אויסצונוצן אַ גענוגנדיקן מאַטעריאַל אַף צו באַלויכטן אונזער גאַנץ פּאָליטיש לעבן. און דער אַרגומענט, מיט וועלכן מע פאַרטיידיקט געוויינלעך די

---

* דידאָזיקע שווערקייט איז בלויז אַ שיינבאַרע. אין דערעמעסן *איז ניטאַ* אַזאַ אָרטיק קרייזל, וואָס זאָל ניט האָבן קיין מעגלעכקייט אַקטיוו זיך נעמען פאַר דער אָדער יענער פונקציע פון דער אַלגעמיין רוסישער אַרבעט. „זאָג ניט: איך קען ניט, זאָג: איך וויל ניט“.

נויטיקייט פון פילצאָליקע אָרטיקע צייטונגען אין פרייע לענדער — די ביליקייט זייערע, בעאיים עס דרוקן זי אָרטיקע אַרבעטער און די גרעסערע פולקייט און שנעלקייט פון אינפאָרמירן די אָרטיקע באַפעלקערונג — דערדאָזיקער ארגומענט קערט זיך אום באַ אונז, ווי עס זאָגט איידעם די דערפאַרונג, קעגן די אָרטיקע צייטונגען. זיי ווייזן זיך אַרויס פאַר צו טייער, אינם זין פון הויצאָע פון רעוואָלוציאָנערע קויכעס, און פאַר באַזונדערס זעלטן דערשיינענדיקע, צוליב דער פאָשעטער סיבע, וואָס פאַר אַן אומלעגאַלער צייטונג, ווי קליין זי זאָל ניט זיין, איז נויטיק אַזאַ קאָלאָסאַלער קאָנספיראַטיווער אַפּאַראַט, וועלכער פאָדערט אַ גרויסע פאַבריק-אינדוסטריע, ווייל אין אַ קוסטאַר-וואַרשטאַט קאָן מען גאָר ניט צוגרייטן אַזאַ אַפּאַראַט. די פרימיטיווקייט ווידער פונם קאָנספּיראַטיוון אַפּאַראַט פירט דורכוים און איבעראַל דערצו (יעדער פראַקטיקער וויים אַ מאַסע ביישפּילן פון דעם מין), אַז די פּאָליציי באַנוצט זיך מיט דעם דערשיינען און מיט דער פאַרשפרייטונג פון איינעם-צוויי נומערן פאַר אַ מאַסן-דורכפאַל, וועלכער ראַמט אָפּ אַלץ אַזוי ריין, אַז עס קומט אויס אָנצוהויבן ווידעראַמאָל פון אָנהויב. אַ גוטער קאָנספּיראַטיווער אַפּאַראַט פאָדערט גוטע פראָפעסיאָנעלע צוגרייטונג פון די רעוואָלוציאָנערן און אויך אַן אַרבעט-צעטיילונג, וואָס זאָל אָפּן אויסגעהאַלטנסטן אויפן דורכגעפירט ווערן. און דידאָזיקע ביידע פאָדערונגען זיינען אַבסאָלוט ניט לויט די קויכעס פאַר אַ באַזונדערער אָרטיקער אָרגאַניזאַציע, ווי שטאַרק זי זאָל אין דער געגעבענער מינוט ניט זיין. אָפּגערעדט שוין וועגן די אַלגעמיינע אינטערעסן פון אונזער גאַנצער באַוועגונג (די פרינציפּיעל אויסגעהאַלטענע סאָציאַליסטישע און פּאָליטישע דערציאונג פון די אַרבעטער), איז אָבער אויך די ספּעציעל אָרטיקע אינטערעסן ווערן בעסער באַדינט ניט דורך קיין אָרטיקע אָרגאַנען: דאָס זעט אויס, ווי אַ פּאַראַדאָקס, בלויז אָפּן ערשטן קוק, אָבער די דערפאַרונג פון די $2\frac{1}{2}$ יאָר, וועלכע מיר האָבן אָנגעוויזן, באַשטעטיקט עס אומבאַשטרייטבאַר אין דער ווירקלעכקייט. יעדערער וועט מאַסקים זיין, אַז ווען די אַלע אָרטיקע קויכעס, וועלכע האָבן אַרויסגעלאָזן 30 נומערן צייטונגען, וואָלטן געאַרבעט איבער איין צייטונג, וואָלט דידאָזיקע צייטונג לייכט געגעבן 60, אויב ניט קיין 100 נומערן, און דאָס הייסט, זי וואָלט אויך פולער אָפּגעשפּיגלט אַלע באַזונדערהייטן פון דער באַוועגונג פונם ריין-אָרטיקן כאַראַקטער. עס איז אויסער סאָפעק, אַז אַזאַ אָרגאַניזירטקייט איז ניט לייכט, אָבער מע דאַרף דאָך, אַז מיר זאָלן באַנעמען די נויטיקייט אירע, אַז יעדעס אָרטיק קרייזל זאָל טראַכטן און אַקטיוו אַרבעטן איבער איר, ניט וואַרטנדיק אַף קיין שטופּ פון דרויסן, ניט נאַרנדיק זיך מיט דער צוטריטלעכקייט, מיט דער נאָענטקייט פון אַן אָרטיקן אָרגאַן, וואָס אַפּן גרונט פון די אָנגאַבן פון אונזער רעוואָלוציאָנערער דערפאַרונג — ווייזט זי זיך אַרויס אין אַ באַדייטנדיקער מאָס פאַר אַן אילוזאָרישער.

און אַ שלעכטע טויווע טוען דער פּראַקטישער אַרבעט די פּובליציסטן, וועלכע מיינען, אַז זיי שטייען באַזונדערס נאָענט צו די פּראַקטיקער און וועלכע זעען ניט

דידאָזיקע אילוזאָרישקייט און פּאַטערן זיך אָפּ מיט וואונדערבאַר ביליקע און
וואונדערבאַר פּוסטע בקירעם: מע דאַרף האָבן אָרטיקע ציימונגען, מע דאַרף האָבן
ראַיאָנע ציימונגען, מע דאַרף האָבן אַלגעמיין=רוסישע ציימונגען. פאַרשטייט זיך,
דאָס אַלץ איז, ביכלאַל גערעדט, נויטיק, אָבער עס איז דאָך נויטיק אויך צו טראַכטן
וועגן די באַדינגונגען פון דער סוויווע און פונם מאָמענט, ווען דו נעמסט זיך פאַר
אַ קאָנקרעטער אָרגאַניזאַציאָנעלער פראַגע. צי דען איז דאָס ניט קיין דאָנקיכאָ=
טישקייט בעעמעס, ווען „סוואָבאָדא“ (נומער 1, ז. 68) „שטעלט זיך אָפּ“ ספּע=
ציעל „אַף דער פראַגע וועגן אַ ציימונג“ און זי שרייבט: „אונז
דאַכט זיך, אַז אין יעדער פּיל ווייניק באַדייטנדיק אָרט, וואו עס זיינען צונויפגע=
זאַמלט אַרבעטער, דאַרף זיין זייערע אַן אייגענע אַרבעטער=ציימונג. ניט קיין אַריינ=
געפירטע פון ערגעץ וואו, נאָר טאַקע זייערע אַן אייגענע“. אויב דערדאָזיקער
פּובליציסט וויל ניט טראַכטן וועגן דער באַדייטונג פון זיינע ווערטער, טאָ טוט
כאָטש איר אַ טראַכט פאַר אים, לעזער: וויפל איז אין רוסלאַנד פאַראַן צענדליקער,
אויב ניט קיין הונדערטער „פּיל ווייניק באַדייטנדיקע ערטער, וואו עס זיינען צו=
נויפגעזאַמלט אַרבעטער“, און וואָס פאַר אַ מין פאַרייביקונג פון אונזער קוסטאַ=
רעריי עס וואָלט געווען, ווען יעדע אָרטיקע אָרגאַניזאַציע זאָל זיך ווירקלעך נעמען
פאַר אירער אַן אייגענער ציימונג! ווי וואָלט דידאָזיקע צעשפּליטערטקייט פאַר=
לייכטערט די אויפגאַבע פון אונזערע זשאַנדאַרמען אויסצופאַנגען — און דערביי
אָן אַ „וויפל ניט איז באַדייטנדיקער“ מי — די אָרטיקע טוער אין סאַמע אָנהויב
פון זייער טעטיקייט, ניט לאָזנדיק, אַז פון זיי זאָלן זיך אַנטוויקלען עכטע רעוואָלו=
ציאָנערן! — „אין אַן אַלגעמיין רוסלענדישער ציימונג — זעצט פאָר דער מעכאַ=
בער — וואָלטן ניט אינטערעסאַנט געווען די באַשרייבונגען פון די פאַבריקאַנטישע
שטיק און פון די „קליינינקייטן פונם פאַבריק=לעבן אין פאַרשיידענע, ניט קיין
אייגענע שטעט“. און פאַר אַן „אָריאָלער איז וועגן זיינע אָריאָלער איניאָנים גאָר
ניט לאַנגווייליק צו לייענען. יעדעס מאָל ווייס ער וועמען מע האָט „דורכגעכאַפּט“,
וועמען מע האָט „דורכגענומען“ און דער גייסט זיינער שפּילט“ (ז. 69). יאָ, יאָ
דעם אָריאָלערס גייסט שפּילט, אָבער צופיל „שפּילט“ אויך דער געדאַנק פון אונ=
זער פּובליציסט. צי איז טאַקטיש דידאָזיקע פאַרטיידיקונג פון ברעקלעך=קלייבע=
ריי? — אָט וועגן וואָס ער וואָלט געדאַרפט אַ טראַכט טאָן. מיר וועלן קיינעם
ניט אָפּטרעטן אין אָנערקענען די נויטיקייט און וויכטיקייט פון פאַבריק=דעמאַסקי=
רונגען, אָבער מע דאַרף דאָך געדענקען, אַז מיר זיינען שוין דערגאַנגען דערצו,
אַז די פּעטערבורגער איז לאַנגווייליק געוואָרן צו לייענען די פּעטערבורגער קאָרעס=
פּאָנדענצן אין דער פּעטערבורגער ציימונג „ראַב. מיסל“. פאַר די פאַבריק=דעמאַס=
קירונגען אַף די ערטער זיינען באַ אונז שטענדיק געווען און וועלן שטענ=
דיק דאַרפן פאַרבלייבן בלעטלעך, אָבער דעם טיפּ פון דער ציי=
טונג דאַרפן מיר אויפהויבן און ניט דערנידעריקן ביז אַ פאַבריק=בלעטל. פאַר
אַ „ציימונג“ דאַרפן מיר האָבן דעמאַסקירונגען ניט אַזוי פון „קליינינקייטן“, ווי
פון גרויסע, טיפּישע פעלערן אינם פאַבריק=לעבן, דעמאַסקירונגען, וואָס זיינען גע=

מאַכט אַף בײשפּילן באַזונדערס בוילעטע, און װעלכע זײנען דעריבער פעאיק צו פאַרינטערעסירן אַלע אַרבעטער און אַלע אָנפירער פון דער באַװעגונג, װאָס זײנען פעאיק װירקלעך צו באַרײכערן זײערע קענטעניש, צו פאַרברײטערן זײער האָריזאָנט, שאַפן אַן אָנהויב פאַר דער אויפװאַכונג פון אַ נײעם ראַיאָן, פון אַ נײער פּראָפעסיאָנעלער שיכט אַרבעטער.

„װײטער, אין דער אָרטיקער צײטונג קאָן מען אַלע שטיק פון דער פאַבריק־גאַטשאַלסטװע, צי פון אַנדערע מאַכטן אויפכאַפּן גלײך װאַרימערהײט, אַף דער שטעל: און צו אַ צײטונג אַן אַלגעמײנער, אַ װײטער, ביז עס װעט דערגײן די יעדיע — האָט מען שוין אַפן אָרט אַפּילע באַװיזן צו פאַרגעסן װעגן דעם, װאָס עס איז געשעען: „װען איז דאָס געװען, — גיב גאָט זיקאָרן!“ (דאָרט). טאָקע אַזוי: גיב גאָט זיקאָרן! די 30 נומערן, װאָס זײנען אַרויסגעגעבן געװאָרן פאַר די 2½ יאָר, קומען אויס, װי מיר װײסן פון דערזעלביקער קװעלע, אַף 6 שטעט. דאָס גיט אין דורכשניט אַף אײן שטאָט צו אײן נומער צײטונג אין אַ האַלב יאָר! און אויב אַפּילע אונזער לײכטזיניקער פּובליציסט װעט פאַרדרײפאַכן אין זײן האַשאָרע די פּראָדוקטיװקײט פון דער אָרטיקער אַרבעט (װאָס עס װאָלט געװען אַבסאָלוט ניט ריכטיק בענוגײע צו אַ מיטעלער שטאָט, װײל אין די ראַמען פון קוסטאַרעריי איז אומעגלעך אַ באַדײטנדיקע פאַרברײטערונג פון דער פּראָדוקטיװקײט) — װעלן מיר דאָך באַקומען נאָר צו אײן נומער אין צװײ כאַדאָשים, דאָס הײסט, עטװאָס אַזױנס, װאָס איז גאָרניט ענלעך אַף „כאַפּן װאַרימערהײט אַף דער שטעל“. עס איז אָבער גענוג, עס זאָלן זיך פאַרײניקן צען אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס און אויסטײלן זײערע דעלעגאַטן אַף אַקטיװע פונקציעס באַם אויסשטאַטן אַן אַלגעמײנע צײטונג, — װאָלט מען שוין דעמאָלט געקאָנט איבער גאַנץ רוסלאַנד „אויפכאַפּן“ ניט קײן קלײניקײטן, נאָר װירקלעך װיכטיקע און טיפּישע נעװאָלעס אײן מאָל אין צװײ װאָכן. דערין װעט ניט צװײפלען קײנער, װער עס איז באַקאַנט מיט דער זאַכלאַגע אין אונזערע אָרגאַניזאַציעס. װעגן כאַפּן װידער דעם פײנט אַף דער שטעל פונם פאַרברעכן, אויב מע זאָל עס פאַרשטײן ערנסט, און ניט אינם זין בלויז פון אַ שײנעם װאָרט, האָט גאָר אַן אומלעגאַלע צײטונג ביכלאַל ניט װאָס צו טראַכטן! דאָס איז צוטריטלעך בלויז פאַר אַ פּראָקלאַמאַציע, װײל דער לעצטער טערמין פאַר אַזאַ אויפכאַפּן שטײגט ניט איבער מערסטנטײלס קײן אײנעם—צװײ טעג (נעמט, לעמאָשל, אַ געװײנלעכן קורצטערמיניקן שטרײק אָדער אַ פאַבריק־האַריגע, אָדער אַ דעמאָנסטראַציע א. א. װ.).

„דער אַרבעטער לעבט ניט נאָר אין דער פאַבריק, נאָר אויך אין שטאָט“ — שרײבט װײטער אונזער מעכאַבער, אויפהויבנדיק זיך פונם פּראַט צום קלאַל מיט דערזעלביקער שטרענגער אויסגעהאַלטנקײט, װעלכע װאָלט פאַרשאַפט קאָװעד ב. קריטשעװסקין אַלײן. און ער װײזט אָן אַף די פראַגן װעגן די שטאָטישע דומעס, שטאָטישע שפּיטאָלן, שטאָטישע שולן, פאָדערנדיק, אַז די אַרבעטער־צײטונג זאָל ניט פאַרבײגײן מיט שװײגן די שטאָטישע איניאָנים ביכלאַל. — אַ

פאָדערונג אַליין פאַר זיך אַן אויסגעצייכנטע, אָבער זי אילוסטרירט באַזונדערס אָנשוילעך יענע אינהאַלטלאָזע אַבסטראַקטקייט, מיט וועלכער מע באַגרעניצט זיך צו אָפט באַם טראַכטן וועגן אָרטיקע צייטונגען. ערשטנס, ווען „אין יעדער פיל ווייניק באַדייטנדיקן אָרט, וואו עס זיינען צונויפגעזאַמלט אַרבעטער" זאָלן ווירקלעך דערשיינען צייטונגען מיט אַזאַ אויספירלעכער שטאָטישער אָפטיילונג, ווי עס וויל די „סוואָבאָדא", וואָלט עס אומפאַרמיידלעך דעגענערירט געוואָרן באַ אונזערע רוסישע באַדינגונגען אין עכטע ברעקלעך־קלייבעריי, עס וואָלט געפירט צו אַן אָפשוואַכונג פונם באַוואוסטזיין וועגן דער וויכטיקייט פון אַן אַלגעמיין־רוסישן רעוואָלוציאָנערן דרוק אַף דער צאַרישער זעלבסטהערשונג, עס וואָלט פאַרשטאַרקט די זייער לעבהאַפטע און גיכער באַהאַלטענע אָדער צוגעדריקטע, איידער מיטן וואָרצל אַרויסגעריסענע, שפּראָצונגען פון יענער ריכטונג, וועלכע האָט זיך שוין באַרימט געמאַכט דורכן באַוואוסטן שפּרוך וועגן רעוואָלוציאָנערן, וואָס ריידן צופיל וועגן אַ ניט עקזיסטירנדיקן פאַרלאַמענט און צו ווייניק וועגן די עקזיסטירנדיקע שטאָטישע דומעס. מיר זאָגן: אומפאַרמיידלעך, אונטערשטרייכנדיק דערמיט, אַז די „סוואָבאָדא" וויל עס ניט באַוואוסטזיניק, נאָר זי וויל דעם הייפּעך. אָבער גוטע וואונטשן אַליין איז ווייניק. — קעדיי אַוועקצושטעלן די באַלייכטונג פון די שטאָטישע איניאָנים אין דער געהעריקער פּערספּעקטיוו צו אונזער גאַנצער אַרבעט, דאַרף מען לעכאַטכילע, אַז דידאָזיקע פּערספּעקטיוו זאָל זיין פולשטענדיק אויסגעאַרבעט, פעסט איינגעשטעלט ניט בלויז דורך בקיעס, נאָר אויך דורך אַ מאַסע ביישפּילן, אַז זי זאָל שוין באַקומען די פעסטקייט פון אַ טראַדיציע. דאָס איז נאָך באַ אונז ווייט ניטאָ, און נויטיק איז דאָס גראָד לעכאַטכילע, איידער עס וועט דערלויבט זיין צו טראַכטן און שמועסן וועגן אַ ברייטער אָרטיקער פּרעסע.

צווייטנס, קעדיי ווירקלעך גוט און אינטערעסאַנט אָנשרייבן וועגן די שטאָטישע איניאָנים, דאַרף מען גוט, און ניט לויטן ביכל נאָר, קענען דידאָזיקע איניאָנים. און קיין סאָציאַל־דעמאָקראַטן, וועלכע באַזיצן דידאָזיקע קענטעניש, איז קימאַט לאַכלוטן ניטאָ אין גאַנץ רוסלאַנד. קעדיי צו שרייבן אין אַ צייטונג (און אין אַ פּאָפּולערער בראָשור) וועגן שטאָטישע און מעלוכישע איניאָנים, דאַרף מען האָבן פרישן, פאַרשיידנזייטיקן מאַטעריאַל, צונויפגעקליבן און באַאַרבעט דורך אַ קענעוודיקן מענטשן. און קעדיי צונויפקלייבן און באַאַרבעטן אַזאַ מאַטעריאַל, איז ניט גענוג די „פּרימיטיווע דעמאָקראַטיע" פון אַ פּרימיטיוו קרייזל, אין וועלכן אַלע טוען אַלץ און אונטערהאַלטן זיך מיט שפּילן אין רעפערענדומס. דערצו איז נויטיק אַ שטאַב ספּעציאַליסטן—שרייבער, ספּעציאַליסטן—קאָרעספּאָנדענטן, אַן אַרמיי רעפּאָרטערן—סאָציאַל־דעמאָקראַטן, וועלכע שאַפן זיך איין פאַרבינדונגען אומעטום און איבעראַל, וועלכע זיינען פעאיק אַריינצודרינגען אין אַלע און אַלערליי „מעלוכישע סודעס" (מיט וועלכע דער רוסלענדישער באַאַמטער גרויסט זיך אַזוי און וועלכער פּלאַפּלט אַזוי לייכט אויס), דורכקריכן אין אַלערליי „הינטערקוליסן", אַן אַרמיי מענטשן, וועלכע זיינען מעכויעוו „לויטן

אַמט" צו זיין פול אומעטום און וויסן אַלץ. און מיר, די פּאַרטיי פון קאַמף קעגן יעטווידער עקאָנאָמישן, פּאָליטישן, סאָציאַלן, נאַציאָנאַלן דרוק, קאָנען און דאַרפן געפינען, צונויפקלייבן, אויסלערנען, מאָביליזירן און לאָזן אין גאַנג אַזאַ אַרמיי אַלוויסנדיקע מענטשן, — אָבער דאָס דאַרף מען דאָך ערשט איצט אויפטאָן. און בײַ אונז איז ניט נאָר נאָך ניט געמאַכט געוואָרן אין דער קאָלאָסאַלער מערהייט געגנטן קיין איין שריט אין דערדאָזיקער ריכטונג, נאָר עס איז דורכויס ניטאָ אַפילו קיין באַוואוסטזיין פון דער נויטיקייט דאָס צו טאָן. טוט נאָר אַ זוך אין אונזער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּרעסע לעבעדיקע און אינטערעסאַנטע אַרטיקלען, קאָרעספּאָנדענצן און דעמאַסקירונגען פון אונזערע דיפּלאָמאַטישע, מיליטערישע, קירכלעכע, שטאָטישע, פינאַנציעלע א. א. וו. א. א. וו. איניאָנים און געשעפטלעך: איר וועט ניט געפינען קימאַט גאָרניט אָדער גאָר ווייניק*. אָט פאַרוואָס, „מיך ברענגט שטענדיק אַריין אין שרעקלעכן קאַעס, ווען עס קומט אַ מענטש און רעדט זייער שיינע און אויסגעצייכנטע זאַכן" וועגן דעם, אַז „אין יעדער פיל ווייניק באַדייטנדיקן אָרט, וואו עס זיינען צונויפגעזאַמלט אַרבעטער" זיינען נויטיק צייטונגען, וועלכע דעמאַסקירן די געוואַלדעס סײַ פון דער פאַבריק, סײַ די שטאָטישע, סײַ די מעלוכישע!

די איבערוואָג פון דער אָרטיקער פּרעסע איבער דער צענטראַלער איז אַ סימען אָדער פון דאַלעס, אָדער פון לוקסוס. דאַלעס — ווען די באַוועגונג האָט נאָך ניט אויסגעאַרבעט קיין קויכעס פאַר אַ גרויסער פּראָדוקציע, ווען זי פירט נאָך אַ קלאָגעדיקע עקזיסטענץ אין דער קוסטאַרעריי און טרינקט זיך קימאַט אין די „קלייניקייטן פונם פאַבריק-לעבן". פון לוקסוס — ווען די באַוועגונג האָט שוין אינגאַנצן באַהערשט די אויפגאַבע פון אַלזייטיקע דעמאַסקירונגען און אַלזייטיקער אַגיטאַציע, אַזוי אַז אַכוץ אַ צענטראַלן אָרגאַן ווערן נויטיק פילצאָליקע אָרטיקע. זאָל שוין באַשליסן יעדערער פאַר זיך, וועגן וואָס עס זאָגט אײדעס די איבערוואָג פון אָרטיקע צייטונגען בײַ אונז אין דער איצטיקער צייט. איך, ווידער, וועל זיך באַגרעניצן מיטן גענוי פאָרמולירן מיין אויספיר, קעדיי

* אָט פאַרוואָס דער בײַשפּיל אַפילו פון אויסשליסלעך גוטע אָרטיקע אָרגאַנען באַשטעטיקט פולשטענדיק אונזער שטאַנדפּונקט. לעמאָשל, דער „יוזשני ראַבאָטשי" איז אַן אויסגעצייכנטע צייטונג, וואָס איז אינגאַנצן ניט שולדיק אין פּרינציפּיעלער ניטשטאַנדהאַפטיקייט. אָבער דאָס, וואָס זי האָט געוואָלט געבן פאַר דער אָרטיקער באַוועגונג, איז ניט דערגרייכט געוואָרן צוליב דעם, וואָס זי איז זעלטן דערשינען און צוליב די ברייטע דורכפאַלן. דאָס, וואָס עס איז מער פון אַלץ דרינגענדיק פאַר דער פּאַרטיי אינם געגעבענעם מאָמענט, — די פּרינציפּיעלע אַוועקשטעלונג פון די איקערדיקע פראַגן פון דער באַוועגונג און אַן אַלזייטיקע פּאָליטישע אַגיטאַציע, האָט זיך אַרויסגעוויזן איבער די קויכעס פון אַן אָרטיקן אָרגאַן. און דאָס, וואָס זי האָט געגעבן באַזונדערס גוט, אַ שטייגער, די אַרטיקלען וועגן דעם צוזאַמענפאַר פון די באַרג-אינדוסטריעלער, וועגן דער אַרבעטסלאָזיקייט א. ד. גל. — האָט ניט פאַרגעשטעלט מיט זיך קיין שטרענג אָרטיקן מאַטעריאַל און האָט זיך געפאָדערט פאַר גאַנץ רוסלאַנד, און ניט בלויז פאַרן דאָרעם אַליין. אַזוינע אַרטיקלען זיינען ניט געווען אויך אין אונזער גאַנצער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּרעסע.

ניט צו געבן קיין געלעגנהייט פאַר מיספאַרשטייעניש. ביז איצט טראַכט באַ אונז די מערהייט אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס קימאַט אויסשליסלעך וועגן אָרטיקע אָרגאַנען און קימאַט נאָר איבער זיי אַרבעט מען. דאָס איז ניט נאָרמאַל. עס דאַרף זיין פאַרקערט, אַז די מערהייט אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס זאָלן דעריקער טראַכטן וועגן אַן אַלגעמיין רוסישן אָרגאַן און דעריקער איבער אים אַרבעטן. ביז וואַנען דאָס וועט ניט זיין, וועלן מיר ניט זיין אימשטאַנד אַוועקצושטעלן קיין איין צייטונג, וואָס זאָל זיין כאָטש וויפל ניט איז אימשטאַנד ווירקלעך צו באַדינען די באַוועגונג מיט אַלזייטיקער אַגיטאַציע אין דער פרעסע. און ווען דאָס וועט זיין, דעמאָלט וועט די נאָרמאַלע פאַרהעלטעניש צווישן דעם נויטיקן צענטראַלן און די נויטיקע אָרטיקע אָרגאַנען זיך איינשטעלן אַליין פון זיך.

* * *

אַפן ערשטן קוק קאָן אויסוויזן, אַז צום געביט פון ספּעציעל עקאָנאָמישן קאַמף לאָזט זיך ניט צופּאַסן דער אויספיר וועגן דער נויטיקייט אַריבערצורוקן דעם שווערפּונקט אַף דער אַלגעמיין-רוסישער אַרבעט: דער אומיטלבאַרער סוינע פון די אַרבעטער זיינען דאָ באַזונדערע אונטערנעמער אָדער גרופּן זייערע, וועלכע זיינען ניט פאַרבונדן מיט קיין אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל כאָטש אַף אַ וויטן אויפן דערמאָנען די ריין-מיליטערישע, שטרענג-צענטראַליזירטע, ביז צו די סאַמע קלייניקייטן, מיט איין ווילן אָנגעפירטע אָרגאַניזאַציע פון דער רוסישער רעגירונג, אונזער אומיטלבאַרן סוינע אינם פּאָליטישן קאַמף.

אָבער דאָס איז ניט אַזוי. דער עקאָנאָמישער קאַמף — מיר האָבן שוין פיל מאָל אָנגעוויזן דערויף — איז אַ פּראָפעסיאָנעלער קאַמף און דעריבער פאָדערט ער אַ פאַראייניקונג פון די אַרבעטער לויט די פּראָפעסיעס און ניט בלויז לויט די ערטער פון זייער אַרבעט, און דידאָזיקע פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניקונג ווערט אַלץ דרינגענדיקער נויטיק, וואָס גיכער עס גייט פאָרויס די פאַראייניקונג פון אונזערע אונטערנעמער אין אַלערליי געזעלשאַפטן און סינדיקאַטן. אונזער צעשפּליטערטקייט און אונזער קוסטאַרערײַ שטערן מאַמעש דערדאָזיקער פאַראייניקונג, פאַר וועלכער עס איז נויטיק אַן איינהייטלעכע אַלגעמיין-רוסישע אָרגאַניזאַציע פון רעוואָלוציאָנערן, וואָס איז פעאיק צו נעמען אַף זיך די אָנפירונג מיט די אַלגעמיין רוסישע פּראָפעסיאָנעלע אַרבעטער-פאַראיינען. מיר האָבן שוין אויבן גערעדט וועגן דעם געוואונשענעם טיפּ אָרגאַניזאַציע פאַר דעמדאָזיקן ציל און איצט וועלן מיר צוגעבן בלויז עטלעכע ווערטער אין צוזאַמענהאַנג מיט דער פראַגע וועגן אונזער פרעסע.

אַז אין יעדער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער צייטונג דאַרף זיין אַן אָפּטיילונג פון פּראָפעסיאָנעלן (עקאָנאָמישן) קאַמף, — אָסער, אויב עמיצער צווייפלט דערין. אָבער דער וואוקס פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג צווינגט צו טראַכטן אויך וועגן דער פּראָפעסיאָנעלער פרעסע. אונז דאַכט זיך פונדעסטוועגן, אַז וועגן פּראָפעסיאָנעלע צייטונגען אין רוסלאַנד, אַכוץ זעלטענע אויסנאַ-

מען, קאָן דערווייל אַפילו קיין רייד ניט זיין: דאָס איז אַ לוקסוס, און מיר פאַרמאָגן דורכויס אַפילו קיין טאָג־טעגלעכן ברויט ניט. די פאָרם פון פּראָפעסיאָנעלער פּרעסע, וואָס זאָל זיין צוגעפּאַסט צו די באַדינגונגען פון אומלעגאַלער אַרבעט און וואָס איז נויטיק שוין איצט, וואָלטן געדאַרפט זיין בײַ אונז **פּראָפעסיאָנעלע בראָשורן**. אין זיי וואָלט מען געדאַרפט זאַמלען און סיסטעמאַטיש גרופּירן דעם **לעגאַלן*** און אומלעגאַלן מאַטעריאַל איבער דער פראַגע וועגן די אַרבעטס־באַדינגונגען אינם געגעבענעם געווערב, וועגן דעם אונטערשייד אין דערדאָזיקער הינזיכט צווישן פאַרשיידענע געגנטן אין רוסלאַנד, וועגן די הויפּט־פאָדערונגען פון די אַרבעטער פון דער געגעבענער פּראָפעסיע, וועגן די פעלערן אין דער געזעצגעבונג, וועלכע איז שײַך צו איר, וועגן באַדייטנדיקע פאַלן פון עקאָנאָמישן קאַמף פון די אַרבעטער פונם דאָזיקן צעך, וועגן די עמבריאָנען, דעם איצטיקן צושטאַנד און די נויטן פון זייער, פּראָפעסיאָנעלער אָרגאַניזאַציע און דאָס גלייכן. אַזוינע בראָשורן וואָלטן, ערשטנס, באַפרייט אונזער סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּרעסע פון אַ מאַסע אַזוינע פּראָפעסיאָנעלע פּראָטים, וועלכע אינטערעסירן ספּעציעל נאָר די אַרבעטער פונם געגעבענעם פאַך; צווייטנס, וואָלטן זיי פיקסירט די רעזולטאַטן פון אונזער דערפאַרונג אינם פּראָפעסיאָנעלן קאַמף,

* דער לעגאַלער מאַטעריאַל איז באַזונדערס וויכטיק אין דערדאָזיקער הינזיכט, און מיר זיינען באַזונדערס אָפּגעשטאַנען אין דער קענטעניש סיסטעמאַטיש צוקלייבן און אוטיליזירן אים. עס וועט ניט זיין קיין גוזמע צו זאָגן, אַז לויט לעגאַלן מאַטעריאַל אַליין קאָן מען נאָך ווי עס איז אָנשרייבן אַ פּראָפעסיאָנעלע בראָשור, אָבער לויט אומלעגאַלן אַליין — איז אומעגלעך. זאַמלענדיק אומלעגאַלן מאַטעריאַל פון די אַרבעטער איבער פראַגן, אָט אַ שטייגער, ווי די, וואָס „ראַב. מיסל“ האָט אַרויסגעגעבן, פאַטערן מיר אומזיסט אַ מאַסע קויכעס פון אַ רעוואָלוציאָנער (וועלכן עס וואָלט דערין לייכט פאַרביטן אַ לעגאַלער טוער), און פונדעסטוועגן באַקומען מיר קיינמאָל ניט קיין גוטן מאַטעריאַל, ווייל פאַר די אַרבעטער, וועלכע ווייסן דורכויס בלויז איין אָפּטיילונג פון אַ גרויסער פאַבריק און קימאַט שטענדיק ווייסן זיי די עקאָנאָמישע רעזולטאַטן, אָבער ניט די אַלגעמיינע באַדינגונגען און די נאָרמען פון זייער אַרבעט, איז אומעגלעך אַפילו צו דערווערבן אַזוינע קענטענישן, ווי עס איז פאַראַן בײַ די פאַבריק־אָנגעשטעלטע, אינספּעקטאָרן, דאָקטוירים א. ד. גל. און וועלכע זיינען אין דער מאַסע צעשפּרייט אין קליינינקע צייטונגס־קאָרעספּאָנדענצן און אין ספּעציעלע אינדוסטריעלע, סאַניטאַרע, זעמסקע א. א. וו. אויסגאַבן.

ווי איצט, געדענק איך מיין „ערשטן פּרואוו“, וועלכן איך וואָלט קיינמאָל ניט איבערגעבאַזערט. איך האָב געפּאַטערט אַסאַך וואָכן, אויספרעגנדיק „מיט אַ צוואַנג“ איינעם אַן אַרבעטער, וועלכער פלעגט קומען צו מיר, וועגן אַלע און אַלערליי אָרדענונגען אינם קאָלאָסאַלן זאַוואָד, וואו ער האָט געאַרבעט. עמעס, די באַשרייבונג (בלויז פון איין זאַוואָד!) האָב איך, האַגאַם מיט קאָלאָסאַלער שוועריקייט, דאָך ווי עס איז צוזאַמענגעשטעלט, אָבער דערפאַר פלעגט דער אַרבעטער, אָפּווישנדיק דעם שווייס צום סאָף פון אונזערע באַשעפטיקונגען, זאָגן מיט אַ שמייכל: „מיר איז לייכטער אָן עקסטרע אָפּאַרבעטן, איידער אייך אַף די פראַגן ענטפערן!“.

וואָס ענערגישער מיר וועלן פירן דעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף, אַלץ מער וועט געצוואונגען זיין די רעגירונג צו לעגאַליזירן אַ טייל פון דער „פּראָפעסיאָנעלער“ אַרבעט, אַראָפּנעמענדיק דערמיט פון אונז אַ טייל פון אונזער לאַסט.

זיי וואָלטן פאַרהיט דעם געזאַמלטן מאַטעריאַל, וועלכער ווערט איצט בוכשטעבלעך פאַרלאָרן אין דער מאַסע בלעטלעך און אָפּגעריסענע קאָרעספּאָנדענצן, און וואָלטן פאַראַלגעמיינערט דעמדאָזיקן מאַטעריאַל; דריטנס, וואָלטן זיי געקאָנט דינען, ווי אַן אייגנאַרטיקער האַנט=בוך פאַר אַגיטאַטאָרס, ווייל די אַרבעטס=באַדינגונגען ענדערן זיך פאַרהעלטנישמעסיק לאַנגזאַם, די גרונט=פאָדערונגען פון די אַרבעטער פונם געגעבענעם פאַך זייגען העכסט שטאַנדהאַפטיק (פאַרגלייך די פאָדערונגען פון די וועבער פונם מאָסקווער ראַיאָן אין 1885 יאָר און פונם פעטערבורגער אין 1896 יאָר), און די זאַמלונג פון דידאָזיקע פאָדערונגען און נויטן וואָלט יאָרן=לאַנג געקאָנט דינען, ווי אַן אויסגעצייכנט הילפס=בוך פאַר עקאָנאָמישער אַגיטאַציע אין די אָפּגעשטאַנענע געגנטן אָדער צווישן די אָפּגעשטאַנענע שיכטן אַרבעטער; די ביישפּילן פון דערפאָלגרייכע שטרייקן אין איין ראַיאָן, די אָנגאָבן וועגן אַ העכערן לעבנס=ניוואָ, וועגן בעסערע אַרבעטס=באַדינגונגען אין איין געגנט וואָלטן אויפגעמונטערט אויך די אַרבעטער פון אַנדערע געגנטן צו אַ נייעם און נייעם קאַמף; פערטנס, נעמענדיק אַף זיך די איניציאַטיוו צו פאַראַלגעמיינערן דעם פּראָפעסיאָנעלן קאַמף און פאַרפעסטיקנדיק אַזוי אַרום די פאַרבינדונג פון דער רוסישער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג מיטן סאָציאַליזם, וואָלט די סאָציאַל=דעמאָקראַטיע אין דערזעלביקער צייט געזאָרגט וועגן דעם, אַז אונזער טרעד=יוניאָניסטישע אַרבעט זאָל פאַרנעמען ניט קיין צו קליינעם און ניט קיין צו גרויסן טייל אין דעם אַלגעמיינעם סאַכאַקל פון אונזער סאָציאַל=דעמאָקראַטישער אַרבעט. פאַר אַן אָרטיקער אָרגאַניזאַציע, אויב זי איז אָפּגעריסן פון די אָרגאַניזאַציעס אין אַנדערע שטעט, איז זייער שווער, צומאָל אַפילע קימאַט אומעגלעך אָפּצוהיטן דערביי די ריכטיקע פּראָפּאָרץ (און דער ביישפּיל פון „ראַב. מיסל“ באַווייזט, ביז וואָס פאַר אַ שרעקלעכע גוזמעס אין דער ריכטונג צום טרעד=יוניאָניזם מע קאָן דערביי דערגיין). אָבער אַן אַלגעמיין רוסישע אָרגאַניזאַציע פון רעוואָלוציאָנערן, וואָס שטייט אַף אַ פעסטן שטאַנדפּונקט פון מאַרקסיזם, וואָס פירט אָן מיטן גאַנצן פּאָליטישן קאַמף און פאַרמאָגט אַ שטאַב פּראָפעסיאָנעלע אַגיטאַטאָרס, וועט קיינמאָל ניט פילן קיין שוועריקייט אינם באַשטימען דידאָזיקע ריכטיקע פּראָפּאָרץ.

## V

# דער „פּלאַן“ פון אַן אַלגעמיין-רוסישער פּאָליטישער צייטונג

„דער סאַמע גרעסטער פעלער פון דער „איסקרא“ אין דערדאָזיקער הינזיכט“, — שרייבט ב. קריטשעווסקי („ראַב. דיעלאָ“ נומער 10, ז. 30), באַשולדיקנדיק אונז אין דער טענדענץ „צו פאַרוואַנדלען די טעאָריע אין אַ טויטע

דאָקטרינגע דורכן איזאָלירן זי פון דער פּראַקטיק", — „איז איר „פּלאַן" פון
אַן אַלגעמיין=פּאַרטייאישער אָרגאַניזאַציע" (דאָס הייסט, דער אַרטיקל „פון וואָס
דאַרף מען אָנהויבן?"). און מאַרטינאָוו כאַזערט איבער דאָס, וואָס ער זאָגט,
דערקלערנדיק, אַז די „טענדענץ פון דער „איסקרא" צו פאַרמינערן די באַדייטונג
פונם פּאָרוויס=מאַרש פונם גרויען לויפנדיקן קאַמף אין פאַרגלייך מיט דער פּראָ=
פּאַגאַנדע פון גלענצנדיקע און פאַרענדיקטע אידייען... איז געקרוינט געוואָרן
מיטן פּלאַן פון אַ פּאַרטיי=אָרגאַניזאַציע, וועלכן זי לייגט פאָר אינם נומער 4,
אינם אַרטיקל „פון וואָס דאַרף מען אָנהויבן?" (דאָרט ז. 61). ענדלעך, אין
דער סאַמע לעצטער צייט איז צו די מענטשן, וועלכע זייגען אויפגערעגט פון
דעמדאָזיקן „פּלאַן" (די געגזונפיסלעך דאַרפן אויסדריקן די איראָנישע באַציאונג
צו אים), האָט זיך פאַרייניקט אויך ל. נאַדעזשדין, אין דער בראָשור „ערעוו
רעוואָלוציע", וועלכע מיר האָבן נאָר וואָס באַקומען (אויסגאַבע פון דער אונז
שוין באַקאַנטער „רעוואָלוציאָנער=סאָציאַליסטישער גרופּע" „ס וו אָ ב אָ ד א"),
וואו עס ווערט דערקלערט, אַז „ריידן איצט וועגן אַן אָרגאַניזאַציע, וועלכע ציט
זיך מיט פעדעמלעך פון אַן אַלגעמיין רוסישער ציימונג, — דאָס הייסט פּרוב=
פערן קאַבינעטישע געדאַנקען און קאַבינעטישע אַרבעט" (ז. 126), דאָס איז
אַן אַנטפּלעקונג פון „ליטעראַטורעריי" א. ד. גל.

דאָס, וואָס אונזער טעראָריסט האָט זיך אַרויסגעוויזן סאָלידאַריש מיט די
פּאַרטיידיקער פונם „פּאָרוויס=מאַרש פונם גרויען לויפנדיקן קאַמף", — דאָס קאָן
אונז ניט פאַרוואונדערן נאָך דעם, ווי מיר האָבן נאָכגעשפּירט די וואָרצלען פון
דערדאָזיקער נאָענטקייט אין די קאַפּיטלען וועגן פּאָליטיק און וועגן אָרגאַניזאַציע.
אָבער מיר דאַרפן גלייך באַמערקן, אַז ל. נאַדעזשדין, און נאָר ער אַליין, האָט זיך
געפּרואווט ערלעך אַריינדרינגען אינם געדאַנקען=גאַנג פון דעם אַרטיקל, וואָס
איז אים ניט געפעלן געוואָרן, ער האָט זיך געפּרואווט ענטפערן אַף אים לויטן
טאָך, — אין דער צייט, ווען „ראַב. דיעלאָ" האָט מאַמעש גאָר ניט געזאָגט לויטן
טאָך, נאָר זי האָט זיך בלויז באַמיט צו פאַרפּלאָנטערן די פראַגע דורך אַ גאַנצן
הויפן ניט אנשטענדיקע דעמאַגאָגישע אַרויספאַלן. און ווי ניט אָנגענעם דאָס זאָל
ניט זיין, קומט אוים צו פאַטערן צייט פריער אַף אָפּצורייניקן די אווגיאישע
פערד=שטאַלן.

## א) ווער האָט זיך באַליידיקט פארן ארטיקל „פון וואָס דארף מען אָנהויבן? *)

מיר וועלן ברענגען אַ בוקעטל פון יענע אויסדריקן און אויסרופן, מיט וועלכע
עס איז אָנגעפאַלן אַף אונז „ראַב. דיעלאָ". „ניט אַ ציימונג קאָן באַשאַפן אַ
פּאַרטיי=אָרגאַניזאַציע, נאָר פאַרקערט"... „אַ ציימונג, וועלכע שטייט איבער

* דערדאָזיקער פּאַראַגראַף איז אין דער אויסגאַבע פון 1908 יאָר פונם פאַרפאַסער
דורכגעלאָזן.

דער פּאַרטיי, אויסער איר קאָנטראָל און איז אומאָפּהענגיק פון איר, אַדאַנק איר אייגענער נעץ אַגענטן". „מיט וואָס פאַר אַ נעם האָט עס די „איסקרא" פאַרגעסן וועגן די פאַקטיש עקזיסטירנדיקע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס פון יענער פּאַרטיי, צו וועלכער זי געהערט?"... „די באַזיצער פון פעסטע פּרינציפּן און פון אַ געהעריקן פּלאַן זיינען אויך די העכסטע רעגולאַטאָרם פונם רעאַלן קאַמף פון דער פּאַרטיי, וועלכע דיקטירן איר די אויספילונג פון זייער פּלאַן"... „דער פּלאַן טרייבט אַרויס אונזערע לעבעדיקע און לעבנס-פעאיקע אָרגאַניזאַציעס אינם קיניגרייך פון שאָטנס, און וויל אַרויסרופן צום לעבן אַ פאַנטאַסטישע נעץ אַגענטן"... „ווען דער „איסקרא'ס פּלאַן זאָל דורכגעפירט ווערן, וואָלט ער געבראַכט דערצו, אַז עס זאָלן אינגאַנצן אויסגעראָטן ווערן די שפּורן פון דער רוסלענדישער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער אַרבעטער-פּאַרטיי, וועלכע בילדעט זיך באַ אונז אוים"... „אַן אָרגאַן אַ פּראָפּאַגאַנדיסטישער ווערט דער קאָנטראָללאָזער, זעלבסטהערשערישער געזעצגעבער פונם גאַנצן פּראַקטישן רעוואָלוציאָנערן קאַמף"... „ווי אַזוי דאַרף זיך באַציען אונזער פּאַרטיי דערצו, אַז מע זאָל זי פולשטענדיק אונטערוואַרפן דער אַוטאָנאָמער רעדאַק-ציע"... א. א. וו. א. א. וו.

ווי דער לעזער זעט פונם אינהאַלט און פונם טאָן פון דידאָזיקע ציטאַטעס, האָט זיך „ראַב. דיעלאָ" באַליידיקט. אָבער באַליידיקט האָט זי זיך ניט פאַר זיך, נאָר פאַר די אָרגאַניזאַציעס און קאָמיטעטן פון אונזער פּאַרטיי, וועלכע די „איסקרא" וויל קלוימערשט אַרויסטרייבן אינם קיניגרייך פון שאָטנס און אַפילע אויסראָטן זייערע שפּורן. ס'איז שרעק! מאָדנע איז נאָר איינס. דער אַר-טיקל „פון וואָס דאַרף מען אָנהויבן? „איז דערשינען אין מאַי 1901 יאָר. דער אַרטיקל פון „ראַב. דיעלאָ" — אין סענטיאַבר 1901 יאָר, איצט איז שוין האַלב יאַנוואַר 1902 יאָר. פאַר דידאָזיקע 5 כאָדאָשים (סאַי ביז סענטיאַבר, סאַי נאָך סענטיאַבר) איז קיין איין קאָמיטעט, קיין איין אָרגאַניזאַציע פון דער פּאַרטיי ניט אַרויסגעטראָטן מיט קיין פאָרמעלן פּראָטעסט קעגן דערדאָזיקער פאַרזעעניש, וואָס וויל אַרויסטרייבן די קאָמיטעטן און די אָרגאַניזאַציעס אין דעם קיניגרייך פון שאָטנס! און פאַר דערדאָזיקער צייט זיינען דאָך סאַי אין דער „איס-קרא" סאַי אין אַ מאַסע אַנדערע, אָרטיקע און ניט אָרטיקע, אויסגאַבן דערשינען צענדליקער און הונדערטער מיטיילונגען פון אַלע עקן רוסלאַנד. ווי אַזוי איז דאָס פאָרגעקומען, אַז די, וועמען מע וויל אַרויסטרייבן אין דעם קיניגרייך פון שאָטנס, האָבן עס ניט באַמערקט און האָבן זיך ניט באַליידיקט דערוויף, — נאָר באַליידיקט האָט זיך אַ דריטע פּערזאָן?

פאָרגעקומען איז עס דערפאַר, ווייל די קאָמיטעטן און די אַנדערע אָרגאַני-זאַציעס זיינען פאַרנומען מיט עכטער אַרבעט און ניט מיט קיין שפּיל אין „דע-מאָקראַטיזם".

די קאָמיטעטן האָבן איבערגעלייענט דעם אַרטיקל „פון וואָס דאַרף מען אָנ-הויבן?", זיי האָבן דערזען, אַז דאָס איז אַ פּרוואו „אויסצואַרבעטן אַ געוויסן

פּלאַן פון אַן אָרגאַניזאַציע אַזוי, אַז צו איר אויסבויאונג זאָל מען קאָנען צוטרעטן פון אַלע זייטן“, און ווייל זיי האָבן אויסגעצייכנט געוואוסט און געזעען, אַז קיין איינע פון דידאָזיקע „אַלע זייטן“ וועט אַפילע ניט אַ טראַכט טאָן „צוטרעטן צו דער אויסבויאונג“, קאָלזמאַן זי וועט זיך ניט איבערצייגן אין איר גויטיקייט און אין דער ריכטיקייט פון דעם אַרכיטעקטור-פּלאַן, איז זיי, נאַטירלעך, גאָר ניט איינגעפאַלן זיך צו „באַליידיקן“ פאַר דער דרייסטקייט פון די מענטשן, וועלכע האָבן געזאָגט אין דער „איסקרא“: „צוליב דער וויכטיקייט פון דער פראַגע באַשליסן מיר זיך, פון אונזער זייט פאָרצולייגן דער אויפמערקזאַמקייט פון די כאַווירים אַן עסקיז פון אַ פּלאַן, וועלכן מיר אַנטוויקלען גענויער אין דער בראָשור, וואָס מיר גרייטן צום דרוק“. צי דען איז מעגלעך געווען, באַ אַן ערלעכער באַציאונג צו דער זאַך, ניט צו פאַרשטיין, אַז אויב די כאַווירים וועלן אָנעמען דעם פּלאַן, וואָס איז פאָרגעלייגט געוואָרן זייער אויפמערקזאַמקייט, וועלן זיי אים דורכפירן ניט צוליב „אונטערטעניקייט“, נאָר אויס איבערצייגונג אין זיין נויטווענדיקייט פאַר אונזער אַלגעמיינער זאַך, און אויב זיי וועלן אים ניט אָנעמען, — וועט דער „עסקיז“ (וואָס פאַר אַ פּרעטענציעז וואָרט, גיט עמעס?) טאַקע אַזוי פאַרבלייבן אַ פּאָשעטער עסקיז? צי דען איז עס ניט קיין דעמאַגאָגיע, ווען מיט אַ עסקיז פון אַ פּלאַן האַלט מען מילכאָמע ניט נאָר דורך דעם, וואָס מע „צעטראָגט“ אים און מע ראַט די כאַווירים אָפּצוּוואַרפן דעמדאָזיקן פּלאַן, — נאָר דערמיט, וואָס מע העצט די מענטשן, וועלכע זיינען ווייניק דערפאַרן אין דער רעוואָלוציאָנערער זאַך, קעגן די מעכאַברים פונם עסקיז בלויז דערפאַר אַליין, וואָס זיי האָבן די האָזע „אַרויסצוגעבן געזעצן“, אַרויסטרעטן אַלס „העכסטע רעגולאַטאָרס“, דאָס הייסט, זיי האָבן די האָזע פאָרצולייגן אַן עסקיז פון אַ פּלאַן? צי קאָן זיך אונזער פּאַרטיי אַנטוויקלען און גיין פאָרויס, אויב פּאַרן פּרואוו אויפצוהויבן די אָרטיקע טוער צו מער ברייטע אָנשויאונגען, אויפגאַבן, פּלענער א. א. וו. וועט מען דערווידערן ניט נאָר פונם שטאַנדפּונקט פון דער ניט ריכטיקייט פון דידאָזיקע פּלענער, נאָר פונם שטאַנדפּונקט פון „באַליידיקונג“, דערפאַר, וואָס אונז „וויל מען“ „אויפהויבן“? אָט האָט דאָך ל. נאַדעזשדין אויך „צעטראָגן“ אונזער פּלאַן, נאָר ביז צו אַזאַ דעמאַגאָגיע, וועלכע קאָן שוין ניט דערקלערט ווערן בלויז מיט דער נאַיווקייט אָדער פּרימיטיווקייט פון די פּאָליטישע אָנשויאונגען, האָט ער זיך ניט אַראָפּגעלאָזן, די באַשולדיקונג אין „אינספּעקטאָרעריי איבער דער פּאַרטיי“ האָט ער אָפּגעוואָרפן אַנטשיידן און פון סאַמע אָנהויב אָן. און דעריבער קאָן מען נאַדעזשדינען אַף זיין קריטיק פונם פּלאַן ענטפערן לויטן טאָך, און דער „ראַב. דיעלאָ“ קאָן מען ענטפערן בלויז מיט פאַראַכטונג.

אָבער פאַראַכטונג צו אַ שרייבער, וועלכער דערנידעריקט זיך ביז צו געשרייען וועגן „זעלבסטהערשונג“ און „אונטערטעניקייט“ באַפרייט אונז נאָך ניט פון דער פליכט פאַנאַנדערצופּלאָנטערן דעם פּלאָנטער, וועלכן אַזוינע מענטשן

טראָגן אונטער דעם לעזער. און אָט דאָ קאָנען מיר קלאָר באַווייזן אַלעמען, פון וואָס פאַר אַ שניט עס זיינען אָט דידאָזיקע גאַנגבאַרע פראַזן וועגן „ברייטן דעמאָקראַטיזם“. אונז באַשולדיקט מען אין פאַרגעסן די קאָמיטעטן, אין אַ וואונש אָדער אַ פרואוו אַרויסצוטרייבן זיי אין דעם קיניגרייך פון שאָטנס א. אַ. וו. ווי זאָל מען ענטפערן אַף דידאָזיקע באַשולדיקונגען, ווען מיר קאָנען ניט דערציילן דעם לעזער קימאַט קיין איין פאַקטישע זאַך וועגן אונזערע ווירקלעכע באַציאונגען צו די קאָמיטעטן, מיר קאָנען ניט צוליב די באַדינגונגען פון קאָנספּיראַציע? מענטשן, וועלכע וואַרפן שניידנדיקע באַשולדיקונגען, וועלכע רייצן אויף דעם האַמוין, ווייזן זיך אַרויס פאָרויס פאַר אונז, אַדאַנק זייער צובינדנקייט, אַדאַנק זייער ביטל=באַציאונג צו די פליכטן פון אַ רעוואָלוציאָנערער, וועלכער באַהאַלט זאָרגזאַם פון דער וועלט אויגן יענע באַציאונגען און פאַרבינדונגען, וואָס ער האָט, וואָס ער אָרגאַניזירט אָדער פרואווט זיך אָרגאַניזירן. פאַרשטייט זיך, אַז קאָנקורירן אַף דער אַרענע פון „דעמאָקראַטיזם“ מיט אַזוינע מענטשן זאָגן מיר זיך אָפּ איינמאָל פאַר אַלעמאָל, וואָס איז שאַיעך ווידער דעם לעזער, וועלכער איז ניט באַהאַוונט אין אַלע פאַרטייאישע איניאָנים, איז דער איינציקער מיטל אויסצופילן אונזער פליכט בענויגייע צו אים, איז דערציילן ניט וועגן דעם, וואָס עס איז פאַראַן און וואָס עס געפינט זיך „אין ווערן“ *, נאָר וועגן אַ טײלכל דערפון, וואָס איז געווען, און וועגן וואָס עס איז דערלויבט צו דערציילן, ווי וועגן פאַרגאַנגענהייט.

דער „בונד“ ווינקט אָן אַף אונזער „אוזורפּאַטאָרישקייט“ **, דער אויסלענדישער פאַרבאַנד באַשולדיקט אונז אין אַ פרואוו אויסצוראָטן די שפּורן פון דער פאַרטיי. אַדעראַבע, מייגע הערן, איר וועט באַקומען די פולשטענדיקע באַפרידיקונג, ווען מיר וועלן דערציילן דעם עולם פיר פאַקטן פון דער פאַרגאַנגענהייט.

דער ערשטער *** פאַקט. די מיטגלידער פון איינעם פון די „קאַמפּס=פאַרבאַנדן“, וועלכע האָבן גענומען אַ דירעקטן אָנטייל אין דער אויסבילדונג פון אונזער פאַרטיי און אינם שיקן אַ דעלעגאַט אַפן פאַרטיי=צוזאַמענפאָר, וועלכער האָט זי געגרינדעט, רעדן זיך צונויף מיט איינעם אַ מיטגליד פון דער גרופּע „איסקרא“ וועגן גרינדן אַ ספּעציעלע אַרבעטער=ביבליאָטעק אַף צו באַדינען די נויטן פון דער גאַנצער באַוועגונג. גרינדן אַן אַרבעטער=ביבליאָטעק גיט זיך ניט איין, און די בראָשורן „די אויפגאַבן פון די רוסישע סאָציאַל=דעמאָקראַטן“ און „דער נייער פאַבריק=געזעץ“, וועלכע זיינען אָנגעשריבן געוואָרן פאַר איר, פאַלן

* דייטשישער אויסדרוק — אינם פּראָצעס פון אנשטיין, פון אויסבילדן זיך.

** „איסקרא“ נומער 8, דער ענטפער פונם צענטראַלן קאָמיטעט פונם אַלגעמיינעם אידישן אַרבעטער בונד אין רוסלאַנד און פוילן אַף אונזער אַרטיקל איבער דער נאַציאָנאַלער פראַגע. איב.

*** מיר גיבן בעקיצור דידאָזיקע פאַקטן ניט אין דער אָרדענונג, אין וועלכער זיי זיינען געשען.

אַריין אַף אַן אַרומיקן וועג און דורך דריטע פערזאָנען קיין אויסלאַנד, וואו מע דרוקט זיי טאַקע אָפ.

דער צווייטער פאַקט. די מיטגלידער פונם צענטראַל קאָמיטעט פון בונד ווענדן זיך צו איינעם פון די מיטגלידער פון דער גרופע „איסקרא“ מיט אַ פאָרשלאָג צו אָרגאַניזירן, ווי דער בונד האָט זיך דעמאָלט אויסגעדריקט, אַ „ליטעראַטור-לאַבאָראַטאָריע“. דערביי ווייזן זיי אָן, אַז אויב דאָס וועט זיך ניט איינגעבן צו טאָן, קאָן אונזער באַוועגונג גיין שטאַרק אַף צוריק. דער רעזולטאַט פון די אונטערהאַנדלונגען איז די בראָשור „די אַרבעטער-זאַך אין רוסלאַנד“ *.

דער דריטער פאַקט. דורך דער פאַרמיטלונג פון איין פראָווינציעלן שטעטל ווענדט זיך דער צענטראַל קאָמיטעט פון בונד צו איינעם פון די מיטגלידער פון „איסקרא“ מיטן פאָרשלאָג צו נעמען אַף זיך רעדאַגירן די באַנייטע „ראַב. גאַזעטאַ“, און באַקומט, פאַרשטייט זיך, די האַסקאָמע. דער פאָרשלאָג ווערט דערנאָך געענדערט: מע לייגט פאָר מיטאַרבעטערשאַפט, צוליב אַ נייער קאָמבינאַציע אין דער רעדאַקציע. אויך דערויף ווערט, פאַרשטייט זיך, באַקומען אַ העסקעם **. עס ווערן געשיקט אַרטיקלען (וועלכע עס האָט זיך איינגעגעבן צו פאַרהיטן) — „אונזער פראָגראַם“ — מיט אַ דירעקטן פראָטעסט קעגן דער בערנשטייניאַדע, קעגן דעם קער אין דער לעגאַלער ליטעראַטור און דער „ראַב. מיסל“, „אונזער נאָענסטע אויפגאַבע“ („די אָרגאַניזירונג פון אַ רעגולער דערשיינענדיקן פאַרטיי-אָרגאַן, וואָס זאָל זיין ענג פאַרבונדן מיט אַלע אָרטיקע גרופעס“; די פעלערן פון דער הערשנדיקער „קוסטאַרעריי“); „אַ דרינגענדיקע פראַגע“ (אַן אַנאַליז פון דער דערווידערונג, אַז מע דאַרף אַ פ ר י ע ר אַנטוויקלען די טעטיקייט פון די אָרטיקע גרופן, איידער מע נעמט זיך אַוועקשטעלן אַן אַלגעמיינעם אָרגאַן; אַ פאַרטיידיקונג פון דער ערשט-ראַנגיקער וויכטיקייט פון אַ „רעוואָלוציאָנערער אָרגאַניזאַציע“ — פון דער נויטיקייט צו „דערפירן די אָרגאַניזאַציע, די דיסציפלין און קאָנספיראַטיווע טעכניק ביז צו דער העכסטער מאַדרייגע פון פולקומענקייט“). דער פאָרשלאָג צו באַנייען די „ראַב. גאַזעטאַ“ ווערט ניט פאַרווירקלעכט, און די אַרטיקלען פאַרבלייבן ניט קיין אָפגעדרוקטע.

---

* אַגעוו, דער מעכאַבער פון דערדאָזיקער בראָשור[1] בעט מיך דערקלערן, אַז פונקט ווי זיינע פריערדיקע בראָשורן איז זי געשיקט געוואָרן אין „פאַרבאַנד“, וויל ער האָט געמיינט, אַז דער רעדאַקטאָר פון זיינע אויסגאַבן איז די גרופע „באַפרייאונג פון דער אַרבעט“ (צוליב געוויסע באַדינגונגען האָט ער אין יענער צייט, דאָס הייסט, אין פעווראַל 1899 יאָר, ניט געקאָנט וויסן וועגן דער ענדערונג פון דער רעדאַקציע). דידאָזיקע בראָשור וועט אינגיכן ווידער אַרויסגעגעבן ווערן דורך דער ליגע.

[1]) דאָס איז געווען יולי מאַרטאָוו.

איב.

** דאָ איז לעניין אויסן די אונטערהאַנדלונגען, וועלכע עס האָט מיט אים גופע געפירט אין 1899 י. דער צ"ק פון „בונד“, וועלכער האָט געזאָלט ווידעראויפשטעלן דעם אָנפירנדיקן אָרגאַן פון דער פאַרטיי, די „ראַבאָטשאַיאַ גאַזעטאַ“.

לויט דער אָנמ. צו דער רוסישער אויסגאַבע.

דער פערטער פאַקט. דער מיטגליד פונם קאָמיטעט, וועלכער אָרגאַניזירט דעם צווייטן אָרדנטלעכן צוזאַמענפאָר פון אונזער פאַרטיי, טיילט מיט אַ מיטגליד פון דער גרופּע „איסקראַ“ די פּראָגראַם פונם צוזאַמענפאָר און שטעלט די קאַנדידאַטור פון דערדאָזיקער גרופּע אַף דער פונקציע פון רעדאַקטירן די „ראַב. גאַזעטאַ“, וואָס ווערט באַנייט. זיין לעכאַטכילעדיקער, אַזוי צו זאָגן, שריט ווערט דערנאָך סאַנקציאָנירט אויך דורך דעם קאָמיטעט, צו וועלכן ער געהערט, און דורך דעם צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד“; די גרופּע „איסקראַ“ באַקומט אַן אָנווייזונג וועגן דעם אָרט און דער צייט פונם צוזאַמענפאָר, אָבער (ניט זייענדיק זיכער, צי זי וועט איבער געוויסע סיבעס קאָנען שיקן אַ דעלעגאַט אַף דעמדאָזיקן צוזאַמענפאָר) שטעלט זי צונויף אויך אַ שריפטלעכן פּאָרטראָג צום צוזאַמענפאָר. אין דעמדאָזיקן פּאָרטראָג ווערט דורכגעפירט דער געדאַנק, אַז בלויז מיט אויסוויילן אַ צענטראַל־קאָמיטעט אַליין וועלן מיר ניט נאָר ניט לייזן די פראַגע וועגן פאַרייניקונג אין אַזאַ צייט פון פולער צעשפּליטערונג, ווי די, וועלכע מיר לעבן איבער, נאָר מיר ריזיקירן אויך צו קאָמפּראָמעטירן די גרויסע אידייע פון שאַפן אַ פּאַרטיי אינם פאַל פון אַ נייעם שנעלן און פולן דורכפאַל, וועלכער איז מער ווי וואַרשיינלעך בא דער הערשנדיקער ניט קאָנספּיראַטיווקייט; אַז מע דאַרף דעריבער אָנהויבן פון רופן אַלע קאָמיטעטן און אַלע אַנדערע אָרגאַניזאַציעס צו שטיצן דעם באַנייטן אַלגעמיינעם אָרגאַן, וועלכער וועט *רעאַל* צונויפבינדן אַלע קאָמיטעטן מיט אַ *פּאַקטישער* פאַרבינדונג, ער וועט *רעאַל* צוגרייטן אַ גרופּע אָנפירער מיט דער גאַנצער באַוועגונג, — און פאַרוואַנדלען אַזאַ גרופּע, וואָס די קאָמיטעטן האָבן באַשאַפן, אין אַ צ״ק וועלן די קאָמיטעטן און די פּאַרטיי שוין לייכט באַווייזן, אַבי נאָר אַזאַ גרופּע זאָל אויסוואַקסן און זיך פאַרפעסטיקן. דער צוזאַמענפאָר ווערט אָבער ניט פאַרווירקלעכט צוליב אַ רייע דורכפאַלן, און דער פּאָרטראָג ווערט צוליב קאָנספּיראַטיווע מאָטיוון פאַרניכטעט, בעשאַס איבערגעלייענט אים האָבן בלויז עטלעכע כאַוויירים, דערונטער די באַפולמעכטיקטע פון איין קאָמיטעט.

זאָל איצט דער לעזער אַליין אורטיילן וועגן דעם כאַראַקטער פון אַזוינע מעטאָדן, ווי דער רעמעז אַף אוזורפּאַטאָרישקייט מיצאַד דעם בונד, אָדער ווי דער אַרגומענט פון „ראַב. דיעלאָ“, אַז מיר ווילן אַרויסטרייבן די קאָמיטעטן אין קיניגרייך פון שאָטנס, „פאַרבייטן“ די פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע מיט אַן אָרגאַניזאַציע אַף צו פאַרשפּרייטן די אידייען פון איין צייטונג. טאַקע די קאָמיטעטן, *לויט זייערע ניט איינמאָליקע איינלאַדונגען*, האָבן מיר דאָך באַריכטעט וועגן דער נויטיקייט אָנצונעמען אַ באַשטימטן פּלאַן פון אַלגעמיינער אַרבעט. טאַקע פאַר דער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע האָבן מיר אויסגעאַרבעט דעמדאָזיקן פּלאַן אין די אַרטיקלען פאַר דער „ראַב. גאַזעטאַ“ און אינם פּאָרטראָג צום צוזאַמענפאָר פון דער פּאַרטיי, ווידער אַמאָל לויט די איינלאַדונגען פון די, וואָס האָבן פאַרנומען אַזאַ ווירקונגספולע לאַגע אין דער פּאַרטיי, וואָס האָבן גענומען אַף זיך די איניציאַטיוו פון איר (פּאַקטישער) ווידעראויפשטעלונג. און

ערשט נאָך דעם, ווי עס האָבן זיך פאַרענדיקט מיט אומדערפאָלג די צוויימאָליקע פּרוואוון פון דער פּאַרטיי=אָרגאַניזאַציע, צוזאַמען מיט אונז, צו באַנייען דעם צענטראַלן אָרגאַן פון דער פּאַרטיי אָפיציעל, האָבן מיר געהאַלטן פאַר אונזער דירעקטן כויוו אַרויסצוטרעטן מיט אַן אָרגאַן ניט קיין אָפיציעלן, קעדיי באַ דעם דריטן פּרוואוו זאָלן שוין די כאַווײרים האָבן פאַר זיך געוויסע רעזולטאַטן פון דער דערפאַרונג, און ניט בלויז קיין טרעף=האַשאָרעס. באַ איצטיקער צייט זיינען שוין געוויסע רעזולטאַטן פונם דאָזיקן פּרוואוו פאַראַן פאַר אַלעמענס אויגן, און אַלע כאַווײרים קאָנען אורטיילן, צי האָבן מיר ריכטיק פאַרשטאַנען אונזער פליכט און וואָס מע דאַרף טראַכטן וועגן מענטשן, וועלכע באַמיען זיך צו פאַרפירן פערזאָנען, וואָס זיינען ניט באַקאַנט מיט דער גאָענטסטער פאַרגאַנגענהייט, אויס פאַרדרוס דערויף, וואָס מיר האָבן דערוויזן איינע — זייער ניט אויסגעהאַלטנקייט אין דער „נאַציאָנאַלער“ פראַגע, די ניט אַנדערע — די ניט דערלאָזבאַרקייט פון פּרינציפּלאָזע וואַקלונגען.

## בּ) צי קאָן א ציַיטונג זיַין א קאָלעקטיווער אָרגאַניזאַטאָר?

דער שווערפּונקט פונם אַרטיקל „פון וואָס דאַרף מען אָנהויבן“? באַשטייט אין אַוועקשטעלן טאַקע דידאָזיקע פראַגע און אין פּאָזיטיוו לייזן זי. דעם איינציקן פּרוואוו, וואָס איז אונז באַקאַנט, פאַנאַנדערצוקלייבן דידאָזיקע פראַגע אין טאָך און דערווייזן די נויטיקייט זי צו לייזן נעגאַטיוו, מאַכט ל. נאַדעזשדין, וועמעס אַרגומענטן מיר וועלן דאָ ברענגען אינגאַנצן:

„...אונז געפעלט זייער די אַוועקשטעלונג אין דער „איסקרא“ (נומער 4) פון דער פראַגע וועגן דער נויטיקייט פון אַן אַלגעמיין=רוסישער צייטונג, אָבער מיר קאָנען בעשום אויפן ניט מאַסקים זיין, אַז דידאָזיקע אַוועקשטעלונג זאָל זיך צופּאַסן צום קעפּל פונם אַרטיקל: „פון וואָס דאַרף מען אָנהויבן?“ דאָס איז איינע פון די איניאָנים, בלישום סאָפעק זייער וויכטיקע, אָבער ניט מיט אים, ניט מיט אַ גאַנצער סעריע פּאָפּולערע בלעטלעך, ניט מיט אַ באַרג פּראָקלאַמאַציעס קאָן געמאַכט ווערן דער אָנהויב פון אַ שלאַכט=אָרגאַניזאַציע פאַרן רעוואָלוציאָנערן מאָמענט. מע מוז צוטרעטן צו שטאַרקע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס אַף די ערטער. באַ אונז זייַנען זיי ניטאָ. באַ אונז איז הויפּטזאַכלעך געגאַנגען אַן אַרבעט צווישן די אינטעליגענטע אַרבעטער, די מאַסן אָבער האָבן געפירט קימאַט אויסשליסלעך אַן עקאָנאָמישן קאַמף. אויב עס וועלן ניט דערצויגן ווערן קיין שטאַרקע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס אַף די ערטער, איז וואָס באַטייט, זאָל זיין אַפילע אַן אויסגעצייכנט אַוועקגעשטעלטע, אַלגעמיין=רוסישע צייטונג? אַ סנע*, וואָס ווערט ניט אָפּגעברענט, וואָס אַליין ברענט ער און ווערט

---

* אַ כומעש=אויסדרוק. מוישע האָט לויט דער כומעש=לעגענדע דערזעען אַפן באַרג כארעוו אַ קוסט, וואָס האָט געברענט און איז ניט פאַרברענט געוואָרן, און פון דעמדאָזיקן ברענענדיקן קוסט (אַף העברעאיש סנה — סנע) האָט צו אים גערעדט גאָט. איב.

ניט פאַרברענט, ער צינד אָבער אויך קיינעם ניט אָן! אַרום איר, פּאַקטיש פאַר איר, וועט זיך צונויפקלייבן דאָס פאָלק, וועט זיך אָרגאַניזירן — טראַכט די „איסקרא“. אָבער אים איז דאָך אַסאַך נעענטער זיך צונויפקלייבן און זיך אָרגאַניזירן אַרום אַן איניען, אַ מער קאָנקרעטן! אַזאַ קאָן און דאַרף זיין די ברייטע אַוועקשטעלונג פון אָרטיקע צייטונגען, דאָס צוגרייטן טאַקע גלייך אַרבעטער-קויכעס צו דעמאָנסטראַציעס, אַ שטענדיקע אַרבעט פון די אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס צווישן די אַרבעטסלאָזע (קעסיידער פאַרשפּרייטן צווישן זיי בלעטלעך און פּראָקלאַמאַציעס, צונויפרופן זיי אַף פאַרזאַמלונגען, אַף געבן אַ ווידערשטאַנד דער רעגירונג א. ד. גל.). מע דאַרף אַף די ערטער פאַרפלעכטן אַ לעבעדיקע פּאָליטישע אַרבעט, און ווען עס וועט נויטיק ווערן אַ פאַרייניקונג אַף דעמדאָזיקן רעאַלן באָדן, — וועט זי זיין ניט קיין קינסטלעכע, ניט קיין פּאַפּירענע — ניט דורך קיין צייטונגען ווערט דערגרייכט אַזאַ פאַרייניקונג פון די אָרטיקע אַרבעטן אין אַן אַלגעמיין-רוסישע זאַך!“ („ערעוו רעוואָלוציע“, ז. 54).

מיר האָבן אונטערגעשטראָכן יענע ערטער אין דערדאָזיקער שיין רעדעוודיקער טיראַדע, וועלכע באַווייזן אַמערסטן בוילעט סאַי די ניט ריכטיקייט פון דער אָפּשאַצונג, וואָס דער מעכאַבער גיט אונזער פּלאַן, סאַי די ניט ריכטיקייט פון זיין שטאַנדפּונקט ביכלאַל, וועלכער ווערט דאָ קעגנגעשטעלט דער „איסקרא“. אויב עס וועלן ניט דערצויגן ווערן קיין שטאַרקע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס אַף די ערטער, — וועט גאָרניט באַטייטן אַפילע די אויסגעצייכנסטע אַלגעמיין רוסישע צייטונג. — גאַנץ ריכטיק. אָבער דערין באַשטייט דאָך טאַקע די זאַך, וואָס עס איז ניטאָ קיין אַנדער מיטל צו דערציען שטאַרקע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס, סאַידן דורך אַן אַלגעמיין רוסישער צייטונג. דער מעכאַבער האָט פאַרזען די סאַמע וועזנטלעכע דערקלערונג פון דער „איסקרא“, וועלכע זי האָט געמאַכט ביזן אַריבערגיין צו אויסדערציילן איר „פּלאַן“: עס איז נויטיק „אַ צורוף אויסצואַרבעטן א רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציע, וואָס איז פעאיק צו פאַרייניקן אַלע קויכעס און אָנפירן מיט דער באַוועגונג ניט נאָר ליוטן נאָמען, נאָר אויך אין דער ווירקלעכקייט, דאָס הייסט, זיין שטענדיק גרייט צו שטיצן יעטווידער פּראָטעסט און יעטווידער אַרויסטרעטונג, באַנוצנדיק זיך מיט זיי אַף צו קויפלען און פאַרפעסטיקן די קריגס-קויכעס, וועלכע טויגן פאַר אַן אַנטשיידענער שלאַכט“. אָבער פּרינציפּיעל וועלן דאָך מיט דעם איצט, נאָך פעוורואַל און מאַרט, אַלע מאַסקים זיין, — זעצט פאָר די „איסקרא“, — מיר דאַרפן אָבער האָבן ניט קיין פּרינציפּיעלע, נאָר אַ פּראַקטישע ליזונג פון דער פראַגע, מיר דאַרפן טייקעף אַרויסשטעלן אַזאַ באַשטימטן פּלאַן פון אַ ביניען, אַז טייקעף, פון אַלע זייטן, זאָלן זיך אַלע קאָנען נעמען פאַר דער בויאונג. און אונז שלעפּט מען ווידער אַמאָל פון דער פּראַקטישער ליזונג אַף צוריק — צו דער פּרינציפּיעל ריכטיקער, אומבאַשטרייטבאַרער, גרויסער, אָבער אַבסאָלוט ניט גענוגנדיקער וואַרהייט, וועלכע איז אַבסאָלוט ניט פאַרשטענדלעך פאַר דער ברייטער מאַסע אַרבעטנדיקע: „דערציען שטאַרקע

פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס!" ניט וועגן דעם האַנדלט זיך שוין, געערטער מעכאַבער, נאָר וועגן דעם, *ווי אַזוי מע דאַרף* דערציען און אויסהאָדעווען!

עס איז ניט ריכטיק, אַז „באַ אונז איז געגאַנגען הויפּטזאַכלעך אַן אַרבעט צווישן די אינטעליגענטע אַרבעטער, די מאַסן ווידער האָבן געפירט קימאַט אויסשליסלעך אַן עקאָנאָמישן קאַמף". אין אַזאַ פאָרם שלאָגט זיך דידאָזיקע האַנאָכע אַראָפּ אַף אַ קעגנשטעלונג פון די אינטעליגענטע אַרבעטער קעגן דער „מאַסע", וואָס דאָס איז פאַר דער „סוואָבאָדאַ" געוויינלעך און וואָס אין גרונט איז עס פעלערהאַפט. אויך די אינטעליגענטע אַרבעטער האָבן דאָך באַ אונז די לעצטע יאָרן „קימאַט אויסשליסלעך געפירט אַן עקאָנאָמישן קאַמף". דאָס איז פון איין זייט. און, פון דער צווייטער זייט, וועלן זיך גאָר קיינמאָל די מאַסן ניט אויסלערנען צו פירן קיין פּאָליטישן קאַמף, קאָלזמאַן מיר וועלן ניט העלפן, עס זאָלן *זיך דערציען* די אָנפירער פונם דאָזיקן קאַמף — סאַי פון אינטעליגענטע אַרבעטער, סאַי פון אינטעליגענטן; דערציען זיך ווידער קאָנען אַזוינע אָנפירער *אויסשליסלעך* אַף דער סיסטעמאַטישער, לויפנדיקער אָפּשאַצונג פון *אַלע* זייטן פון אונזער פּאָליטישן לעבן, פון *אַלע פּרואוון* פון פּראָטעסט און קאַמף פון די פאַרשיידענע קלאַסן און צוליב פאַרשיידענע געלעגנהייטן. דעריבער איז ריידן וועגן דער „דערציאונג פון פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס" און אין דערזעלביקער צייט *אַנטקעגנשטעלן* דעם „פּאַפּירענעם איניען" פון אַ פּאָליטישער צייטונג קעגן דער „לעבעדיקער פּאָליטישער אַרבעט אַף די ערטער" איז פּאָשעט לעכערלעך! די „איסקראַ" פירט דאָך טאַקע צו איר „פּלאַן" פון אַ צייטונג צום „פּלאַן" אויסצואַרבעטן אַזאַ „שלאַכטגרייטקייט", אַז מע זאָל שטיצן סאַי די באַוועגונג פון די אַרבעטסלאָזע, סאַי די פּויערשע בונטן, סאַי די אומצופרידנקייט פון די זעמסקע טוער, סאַי די „אויפרעגונג פון דער באַפעלקערונג קעגן אַ פאַריסענעם צאַרישן באַשיבוזוק" א. א. וו. יעדערער, ווער עס איז באַקאַנט מיט דער באַוועגונג, ווייסט דאָך אויסגעצייכנט, אַז וועגן דעם *טראַכט אַפילע ניט* די קאָלאָסאַלע מערהייט אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס, אַז פילע פון די פּערספּעקטיוון פון „לעבעדיקער פּאָליטישער אַרבעט", וועלכע ווערן דאָ אָנגעמערקט, זיינען *נאָך קיין איין מאָל ניט* דורכגעפירט געוואָרן אין לעבן דורך קיין איין אָרגאַניזאַציע, אַז דער פּרואוו, לעמאָשל, צו ווענדן די אויפמערקזאַמקייט אַפן וואוקס פון דער אומצופרידנקייט און פּראָטעסט באַ דער זעמסקער אינטעליגענץ רופט אַרויס אַ געפיל פון פאַרלאָרענער פאַרוואונדערונג סאַי באַ נאַדעזשדינען („ריבוינעשעלוילאָם, עפּשער איז גאָר דערדאָזיקער אָרגאַן פאַר די זעמצעס?", „קאַנון" ז. 129), סאַי באַ די עקאָנאָמיסטן (נומער 12 „איסקראַ", דער בריוו), סאַי באַ פילע פּראַקטיקער. באַ דידאָזיקע באַדינגונגען קאָן מען „אָנהויבן" *נאָר* פון דעם, אַז מע זאָל דערוועקן די מענטשן *צו טראַכטן* וועגן דעם אַלעם, דערוועקן זיי צו סומירן און פאַראַלגעמיינערן אַלע און אַלערליי דערשיינונגען פון אירונג

און אַקטיוון קאַמף. *אָנהויבן* „אַ לעבעדיקע פּאָליטישע אַרבעט“ אין אונזער צייט, ווען די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אויפגאַבן זיינען דערנידעריקט, קאָן מען *אויסשליסלעך* פון לעבעדיקער פּאָליטישער אַגיטאַציע, וועלכע איז אוממעגלעך אָן אַן אַלגעמיין רוסישער, אָפט דערשיינענדיקער און ריכטיק פאַרשפּרייטער צייטונג.

די מענטשן, וועלכע זעען איין אין דער „איסקרא“ס „פּלאַן“ אַן אַרויסווייזונג פון „ליטעראַטורעריי“, האָבן ניט פאַרשטאַנען אינגאַנצן דעם סאַמע טאָך פונם פּלאַן, דערזעענדיק דעם ציל בלויז דעריין, וואָס עס ווערט אַרויסגערוקט, אַלס דאָס סאַמע פּאַסיקע מיטל אינם איצטיקן מאָמענט. דידאָזיקע מענטשן האָבן זיך ניט געגעבן קיין מי אַ טראַכט צו טאָן וועגן די צוויי פאַרגלייכן, מיט וועלכע עס איז אָנשוילעך אילוסטרירט געוואָרן דער פאָרגעלייגטער פּלאַן. די אַוועקשטעלונג פון אַן אַלגעמיין רוסישער פּאָליטישער צייטונג—איז געזאָגט געוואָרן אין דער „איסקרא“—דאַרף זיין *דער גרונט־פאָדים*, וואָס האַלטנדיק זיך פאַר אים, זאָלן מיר קאָנען קעסיידער אַנטוויקלען, פאַרטיפערן און פאַרברייטערן דידאָזיקע אָרגאַניזאַציע (דאָס הייסט, די רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז שטענדיק גרייט צו שטיצן יעטווידער פּראָטעסט און יעטווידער אַרויסטרעטונג). זאָגט, איך בעט אייך: ווען שטיינהעקער לייגן אַוועק אין פאַרשיידענע ערטער שטיינער פאַר אַ קאָלאָסאַלער און לאַכלוטן ניט געזעענער געביידע, איז דען ניט אַ „פּאַפּירענע“ זאַך דאָס דורכפירן דעם פאָדים, וועלכער העלפט געפינען דאָס ריכטיקע אָרט צום לייגן, וועלכער ווייזט אָן אַפן ענדגילטיקן ציל פון דער אַלגעמיינער אַרבעט, וועלכער גיט אַ מעגלעכקייט צו לאָזן אין גאַנג ניט נאָר יעטווידער שטיין, נאָר אויך יעטווידער שטיקל שטיין, וואָס שליסט זיך צונויף מיט די פריקע און שפּעטערדיקע און פירט אויס די פאַרענדיקטע און אַלץ אַרומנעמענדיקע ליניע? און צי דען לעבן מיר ניט איבער גראָד אַזאַ מאָמענט אין אונזער פּאַרטיי־לעבן, ווען בא אונז זיינען פאַראַן סאַי שטיינער, סאַי שטיינהעקער, און עס פעלט גראָד אָט דער פאָדים, וועלכן אַלע זאָלן זעען, פאַר וועלכן אַלע זאָלן זיך קאָנען נעמען? זאָל מען שרייען, אַז דורכציענדיק דעם פאָדים, ווילן מיר קאָמאַנדעווען: ווען מיר וואָלטן וועלן קאָמאַנדעווען, מיינע הערן, וואָלטן מיר אָנגעשריבן אָנשטאָט „איסקרא“ נומער 1 — „ראַב. גאַזעטאַ“ נומער 3“, ווי עס האָבן אונז פאָרגעלייגט אייניקע כאַווערים און ווי מיר *וואָלטן געהאַט דאָס פולע רעכט צו טאָן*, נאָך יענע געשעענישן, וועגן וועלכע עס איז דערציילט געוואָרן אויבן. אָבער מיר האָבן דאָס ניט געטאָן: מיר האָבן געוואָלט לאָזן פאַר זיך פרייע הענט פאַר אַן אומבעשאָלעמדיקן קאַמף מיט אַלערליי קלוימערשטע סאָציאַל־דעמאָקראַטן; מיר ווילן, אַז אונזער פאָדים, אויב ער איז דורכגעפירט ריכטיק, זאָל מען שעצן פאַר זיין ריכטיקייט, און ניט דערפאַר, וואָס ער איז דורכגעפירט דורך אַן אָפיציעלן אָרגאַן.

„די פראַגע וועגן דער פאַראייניקונג פון דער אָרטיקער טעטיקייט אין צענטראַלע אָרגאַנען דרייט זיך אין אַ פאַרקישעפטן קרייז, — לערנט אונז ל. נאַ־

דעזשדין, — פֿאַר דער פֿאַרייניקונג פֿאָדערט זיך אַן אייגאַרטיקייט פֿון די עלע=
מענטן, און דידאָזיקע אייגאַרטיקייט גופֿע קאָן געשאַפֿן ווערן נאָר דורך עטוואָס
אַזוינס, וואָס פֿאַרייניקט, אָבער דאָסדאָזיקע פֿאַרייניקנדיקע קאָן זיין אַ פּראָדוקט
פֿון שטאַרקע אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע צייכענען זיך איצט לאַכלוטן ניט
אויס מיט קיין אייגאַרטיקן כאַראַקטער". אַ וואַרהייט, פּונקט אַזאַ בעקאָווע=
דיקע און פּונקט אַזאַ אומבאַשטרייטבאַרע, ווי אַז מע דאַרף דערציען שטאַרקע
פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס. אַ וואַרהייט, פּונקט ווי יענע, אַ פּרוכטלאָזע. י ע ט =
ו ו י ד ע ר פֿראַגע „דרייט זיך אין אַ פֿאַרקישעפֿטן קרייז", ווייל דאָס גאַנצע
פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס. אַ וואַרהייט, פּונקט ווי יענע, אַ פּרוכטלאָזע. י ע ט =
די גאַנצע קונסט פֿון פּאָליטיקער באַשטייט דאָך דערין, טאַקע, אַז מע זאָל גע=
פֿינען און פֿעסט=פֿעסט אָנקלאַמערן זיך גראָד אַן אַזאַ ריגגעלע, וואָס קאָן ווינ=
ציקער פֿון אַלע ארויסגעשלאָגן ווערן פֿון די הענט, וואָס איז וויכטיקער פֿון אַלץ
אינם געגעבענעם מאָמענט, וואָס גאַראַנטירט מער פֿון אַלץ דעם באַזיצער פֿונם
ריגגעלע דאָס באַזיצן די גאַנצע קייט *. וואָלטן מיר געהאַט אַן אָטריאַד דער=
פֿאַרענע שטיינהעקער, וועלכע האָבן זיך אַף אַזויפֿיל צוגויפֿגעזונגען, אַז זיי זאָלן
קאָנען אויך אָן אַ פֿאָדים לייגן די שטיינער גראָד דאָרט, וואו דאָס איז נויטיק
(דאָס איז אַבסאָלוט ניט אומעגלעך, אויב מע זאָל ריידן אַבסטראַקט), — דע=
מאָלט וואָלטן מיר עפּשער געקאָנט זיך נעמען אויך פֿאַר אַן אַנדער ריגגעלע.
אָבער דערין באַשטייט דאָך טאַקע די צאָרע, וואָס קיין דערפֿאַרענע און צוגויפֿ=
געזונגענע שטיינהעקער איז באַ אונז נאָך ניטאָ, וואָס די שטיינער ווערן באַ אונז
דורכויס און שטענדיק געלייגט גלאַט אַזוי זיך, זיי ווערן געלייגט ניט לויט אַן
אַלגעמיינעם פֿאָדים, נאָר אַף אַזויפֿיל צעברעקלט, אַז דער סוינע בלאָזט זיי
אַראָפּ, פּונקט ווי דאָס וואָלטן געווען ניט קיין שטיינער, נאָר זעמדעלעך.

אַ צווייטער פֿאַרגלייך: „די צייטונג איז ניט נאָר אַ קאָלעקטיווער פּראָפּאַגאַנ=
דיסט און קאָלעקטיווער אַגיטאַטאָר, נאָר אויך אַ קאָלעקטיווער אָרגאַניזאַטאָר.
אין דערדאָזיקער לעצטער הינזיכט קאָן מען זי פֿ אַ ר ג ל ײ כ ן מ י ט
ר ע ש ט אָ וו אַ נ י ע ס, וועלכע ווערן געבויט אַרום אַ געביידע, וואָס מע האַלט
אין בויען, זיי מערקן אָן די קאָנטורן פֿון דער געביידע, זיי פֿאַרלייכטערן די באַצי=
אונגען צווישן באַזונדערע בויער, זיי העלפֿן זיי מיט צו פֿאַרטיילן די אַרבעט
און באַקוקן די אַלגעמיינע רעזולטאַטן, וועלכע ווערן דערגרייכט דורך דער אָרגאַ=
ניזירטער מי" **. ניט עמעס, ווי ענלעך דאָס איז אַף דעם, אַז אַ ליטעראַט, אַ

---

* כאַווער קריטשעווסקי און כאַווער מאַרטינאָוו! איך ווענד אייער אויפֿמערקזאַמ=
קייט אַף דערדאָזיקער סקאַנדאַליעזער דערשיינונג פֿון „זעלבסטהערשונג", „קאָנטראָל=
לאָזער אַווטאָריטעטישקייט", „אַלערהעכסטער רעגולירונג" א. א. וו. איך בעט אייך:
ער וויל ב אַ ז י צ ן די גאַנצע קייט! שרייבט זשע גיכער אַן אָנקלאָגע. אָט האָט איר
אַ פֿאַרטיקע טעמע פֿאַר צוויי לייט=אַרטיקלען אינם נומער 12 „ראַב. דיעלאָ".

** ברענגענדיק אין „ראַב. דיעלאָ" די ערשטע פֿראַזע פֿון דערדאָזיקער ציטאַטע
(נומער 10, ז. 62), האָט מאַרטינאָוו דורכגעלאָזט גראָד די צווייטע פֿראַזע פּונקט ווי

מענטש פון קאַבינעטישער אַרבעט, טרייבט איבער זיין ראָלע? רעשטאָוואַנעס פאַר דער וואוינונג גופא דאַרף מען גאָר ניט האָבן, רעשטאָוואַנעס בויט מען פונם ערגסטן מאַטעריאַל, רעשטאָוואַנעס שטעלט מען אויף אַף אַ קליינעם טערמין און מע וואַרפט זיי אַרויס אין אויוון, ווי נאָר דער ביניען איז פאַרענדיקט, זאָל זיין אַפילע ניט אינגאַנצן. מיקוויעך געביידעס פון רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס זאָגט איידעס די דערפאַרונג, אַז זיי גיט זיך איין צומאָל אויסצובויען אויך אָן רעשטאָוואַנעס — נעמט די 70-קער יאָרן. אָבער בּאַ אונז, קאָן מען זיך אַצינד גאָר ניט פאָרשטעלן די מעגלעכקייט אויסצובויען אָן רעשטאָוואַנעס די געביידע, וואָס איז פאַר אונז נויטיק.

נאַדעזשדין איז ניט מאַסקים דערמיט און זאָגט: „אַרום דער צייטונג, פּאַקטיש צוליב איר וועט זיך צונויפקלייבן אַן אוילעם, וועט זיך אָרגאַניזירן—טראַכט די „איסקרא“. *אָבער פאַר אים איז דאָך אַסאַך נעענטער* זיך צונויפקלייבן און אָרגאַניזירן אַרום אַן איניען *אַ מער קאָנקרעטן!*“ אַזוי, אַזוי: „אַסאַך נעענטער אַרום אַ מער קאָנקרעטן“... אַ רוסיש גלייכווערטל זאָגט: „שפּיי ניט אין ברונעם, — ער וועט נאָך צונויץ קומען אַף טרינקען פון אים וואַסער“. אָבער עס זיינען פאַראַן מענטשן, וועלכע זיינען גרייט צו טרינקען אַפילע פון אַזאַ ברונים, אין וועלכן עס איז שוין אָנגעשפּיגן. ביז וואָס פאַר אַ מיעסע זאַכן עס האָבן זיך גאָר ניט דערעדט אונזערע פּראַכטפולע לעגאַלע „קריטיקער פונם מאַרקסיזם“ און אומלעגאַלע אָנהענגער פון דער „ראַב. מיסל“ אינם נאָמען פון דערדאָזיקער גרעסערער קאָנקרעטקייט! ווי צוגעדריקט עס איז אונזער גאַנצע באַוועגונג דורך אונזער שמאָלקייט, איניציאַטיוולאָזיקייט און שרעקעוודיקייט, וועלכע ווערט באַרעכטיקט מיט די טראַדיציאָנעלע מאָטיוון פון „אַסאַך נעענטער אַרום אַ מער קאָנקרעטן„! און נאַדעזשדין, — וועלכער האַלט זיך פאַר באַזונדערס פילבאַר צום „לעבן“, וועלכער פאַרורטיילט באַזונדערס שטרענג די „קאַבינעטישע“ מענטשן, וועלכער באַשולדיקט (מיט אַ פּרעטענזיע אַף שאַרפזיניקייט) די „איסקרא“ אין אַ שוואַכקייט צו זעען אומעטום דעמדאָזיקן עקאָנאָמיזם, וועלכער מיינט, אַז ער שטייט אַסאַך העכער פון דערדאָזיקער צעטיילונג אַף אָרטאָדאָקסן און קריטיקער, — ער באַמערקט ניט, אַז ער שפּילט מיט זיינע אַרגומענטן אין האַנט דער שמאָלקייט, אַף וועלכער ער איז אַזוי בעריגעז, אַז ער טרינקט פונם סאַמע דורכגעשפּיגענעם ברונים, וואָס איז נאָר פאַראַן! יאָ, די סאַמע אויפריכטיקע אויפרעגונג קעגן דער שמאָלקייט, דער סאַמע הייסער וואונש אויפצוהויבן די מענטשן, וועלכע בוקן זיך פאַר איר, איז נאָך ניט גענוג, אויב דער, וואָס רויגעזט זיך, טראָגט זיך אַרום אָן אַ רודער, אויב ער כאַפּט זיך פונקט אַזוי „סטיכיש“, ווי די רעוואָלוציאָנערן פון די 70 יאָרן, פאַר „עקסציטאַטיוון טעראָר“, פאַר „אַגראַרן טעראָר“, פאַר „שטורמגלאָק

ער וואָלט אונטערגעשטראָכן דערמיט זיין ניט וועלן באַרירן דעם טאָך פון דער פראַגע, אָדער זיין אומפעאיקייט צו פאַרשטייען דעמדאָזיקן טאָך.

קלינגען" א. א. וו. טוט אַ קוק אַף דאָסדאָזיקע „מער קאָנקרעטע", וואָס אַרום דעם, — מיינט ער, — וועט זיין „אַסאַך נעענטער" זיך צונויפצוקלייבן און אָרגאַניזירן: 1) אָרטיקע צייטונגען; 2) צוגרייטונג צו דעמאָנסטראַציעס; 3) אַרבעט צווישן די אַרבעטסלאָזע. גלייך פונם ערשטן קוק איז צו זעען, אַז די אַלע איניאָנים זיינען אַרויסגעכאַפּט אינגאַנצן צופעליק, אַף גאָטס באַראָט, קעדיי צו זאָגן עפּעס וואָס, ווייל וויפל מיר האָבן ניט געקוקט אַף זיי, איז זעען אין זיי עטוואָס אַזוינס, וואָס זאָל ספּעציעל טויגן אַף „צונויפקלייבן און אָרגאַניזירן", איז שוין גאָר אומגעלומפּערט. דערזעלביקער נאַדעזשדין זאָגט דאָך מיט אַ פּאָר זייטלעך ווייטער: „עס איז שוין צייט, מיר זאָלן פּאָשעט קאָנסטאַטירן אַ פאַקט: אַף די ערטער ווערט געפירט אַ העכסט קלאָגעדיקע אַרבעט, די קאָמיטעטן טוען אַפילע קיין צענטכיילעך ניט דערפון, וואָס זיי וואָלטן געקאָנט טאָן... יענע פאַרייניקנדע צענטרען, וועלכע זיינען באַ אונז פאַראַן, זיינען — אַ פיקציע, דאָס איז — רעוואָלוציאָנערע קאַנצעלאַרעריי, קעגנזייטיקער באַשענקען איינער דעם אַנדערן מיט גענעראַל-טיטולן, און אַזוי וועט זיין אַזוי לאַנג, ביז עס וועלן ניט אויסוואַקסן קיין אָרטיקע שטאַרקע אָרגאַניזאַציעס". אין דידאָזיקע ווערטער איז, אָן ספק, באַגלייך מיט גוזמעס, פאַראַן אַסאַך ביטערער עמעס, און צי דען זעט ניט נאַדעזשדין קיין פאַרבינדונג צווישן דער קלאָגעדיקער אַרבעט אַף די ערטער און דער שמאָלקייט פונם האָריזאָנט באַ די טוער, דער שמאָלקייט פונם פאַרמעסט פון זייער טעטיקייט, וועלכע זיינען אומפאַרמיידלעך באַ דער ניטצוגעגרייטקייט פון די טוער, וואָס שליסן זיך איין אין די ראַמען פון די אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס? צי דען האָט ער, פונקט ווי דער מעכאַבער פונם אַרטיקל וועגן אָרגאַניזאַציע אין „סוואָבאָדא" פאַרגעסן וועגן דעם, ווי אַזוי דער איבערגאַנג צו אַ ברייטער אָרטיקער פּרעסע (פונם 1898 יאָר) איז באַגלייט געוואָרן מיט אַ באַזונדערער פאַרשטאַרקונג פונם עקאָנאָמיזם און פון דער „קוסטאַרעריי"? אויב אַפילע עס וואָלט מעגלעך געווען אַף וויפל ניט איז באַפרידיקנדיק אָוועקשטעלן אַ „ברייטע אָרטיקע פּרעסע" (און מיר האָבן אויבן באַוויזן, אַז דאָס איז אומעגלעך, אַכוץ גאַנץ באַזונדערע פאַלן), וואָלטן דאָך אויך דעמאָלט די אָרטיקע אָרגאַנען ניט געקאָנט „צונויפקלייבן און אָרגאַניזירן" אַלע קויכעס פון די רעוואָלוציאָנערן פאַר אַן אַלגעמיינעם אָנגריף אַף דער זעלבסטהערשונג, פאַר דער אָנפירונג מיטן איינהייטלעכן קאַמף. פאַרגעסט ניט, אַז דאָ האַנדלט זיך בלויז וועגן דער „זאַמלענדיקער", וועגן דער אָרגאַניזאַטאָרישער באַדייטונג פון דער צייטונג, און מיר וואָלטן געקאָנט שטעלן נאַדעזשדינען, וועלכער פאַרטיידיקט צעשפּליטערטקייט, די איראָנישע פראַגע, וואָס ער אַליין האָט געשטעלט: „צי האָבן מיר ניט באַקומען פון ערגעץ וואו בעירושע צוויי הונדערט טויזנט רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַטאָרישע קויכעס?" ווייטער, „די צוגרייטונג פון דעמאָנסטראַציעס" קאָן מען ניט אַנטקעגנשטעלן דעם פּלאַן פון דער „איסקראַ", שוין דערפאַר, ווייל דערדאָזיקער פּלאַן זעט טאַקע פאָרויס די סאַמע ברייטע דעמאָנסטראַציעס, ווי איינעם פון די

צילן; עס האַנדלט זיך אָבער וועגן אויסקלייבן אַ פּראַקטישן מיטל. נאַ=
דעזשדין האָט זיך דאָ ווידער אַמאָל פאַרפּלאָנטערט, אַרויסלאָזנדיק פון אויג,
אַז „צוגרייטן" דעמאָנסטראַציעס (וועלכע פלעגן ביז איצט אין דער קאָלאָסאַלער
מערהייט פאַלן פאָרקומען אינגאַנצן סטיכיש) קאָן נאָר אַ שוין „צונויפגעקליבן
און אָרגאַניזירט" מיליטער, און מיר ווידער פאַרמאָגן נאָך גראָד ניט די קענט=
שאַפט צונויפקלייבן און אָרגאַניזירן. „די ארבעט צווישן די אַרבעטסלאָזע".
ווידער אַמאָל דערזעלביקער פלאָנטער, ווייל דאָס איז אויך איינע פון די קריגס=
אַקציעס פון אַ מאָביליזירטן מיליטער, און ניט קיין פלאַן צו מאָביליזירן מילי=
טער. ביז וואָס פאַר אַ מאַדרייגע נאַדעזשדין דערשאַצט ניט אויך דאָ די שעד=
לעכקייט פון אונזער צעשפּליטערטקייט, די אָפּוועזנהייט פון „צווייהונדערט
טויזנט קויכעס" באַ אונז, איז צו זעען אָט פון וואָס. דער „איסקרא" האָבן פילע
(דערונטער אויך נאַדעזשדין) אויפגעוואָרפן די אָרימקייט פון אינפאָרמאַציע
וועגן דער אַרבעטסלאָזיקייט, די צופעליקייט פון קאָרעספּאָנדענצן וועגן די סאַמע
געוויינלעכע דערשיינונגען פונם דאָרפישן לעבן. דער פאָרוואורף איז אַ גערעכטי=
קער, אָבער די „איסקרא" איז דאָ „שולדיק אָן שולד". מיר באַמיען זיך „דורכ=
צופירן דאָס פעדימל" אויך דורכן דאָרף, אָבער קיין שטייגהעקער איז דאָרט
קימאַט אין ערגעץ ניטאָ, און עס קומט אויס צו דערמונטערן יעדן, ווער עס טיילט מיט אַפילע אַ געוויינלעכן פאַקט, — מיט דער האָפענונג,
אַז דאָס וועט פאַרגרעסערן די צאָל מיטאַרבעטער פון דעמדאָזיקן געביט און
וועט אויסלערנען אונז אַלעמען אויסצוקלייבן ענדלעך אויך די
ווירקלעך אָנזעעוודיקע פאַקטן. אָבער מאַטעריאַל אַף צו לערנען זיך איז דאָך
פאַראַן אַזוי ווייניק, אַז אויב מע זאָל אים ניט פאַראַלגעמיינערן איבער גאַנץ
רוסלאַנד, איז לאַכלוטן ניטאָ, אַף וואָס זיך צו לערנען. עס איז אָן סאָפעק, אַז
אַ מענטש, וועלכער פאַרמאָגט כאָטש אַן ערעך אַזוינע אַגיטאַטאָרישע פעאי=
קייטן און אַזוינע קענטעניש פונם לעבן פון די לומפּנפּראָלעטאַריער, ווי עס איז
צו זעען באַ נאַדעזשדינען, וואָלט געקאָנט מיט אַגיטאַציע צווישן די אַרבעטס=
לאָזע ברענגען דער באַוועגונג נוצן ניט אָפּצושאַצן, — אָבער אַזאַ מענטש וואָלט
באַגראָבן אין דער ערד זיין טאַלענט, ווען ער וואָלט ניט געזאָרגט באַקאָנט צו
מאַכן אַלע רוסישע כאַווירים מיט יעדן שריט פון זיין אַרבעט, אַלס לערע
און ביישפּיל פאַר מענטשן, וואָס אין דער מאַסע זייערער קאָנען זיי זיך נאָך ניט
נעמען פאַר דער נייער אַרבעט.

וועגן דער וויכטיקייט פון פאַרייניקונג, וועגן דער נויטיקייט „צונויפצוקלייבן
און אָרגאַניזירן" ריידן איצט אַבסאָלוט אַלע, אָבער מייסטנס איז ניטאָ קיין שום
באַשטימטע פאָרשטעלונג וועגן דעם, פון וואָס מע זאָל אָנהויבן און ווי אַזוי
מע זאָל פירן דידאָזיקע פאַרייניקונגס=אַרבעט. אַלע וועלן זיכער מאַסקים זיין,
אַז אויב מיר „פאַרייניקן" באַזונדערע — לאָמיר זאָגן, ראַיאָנע — קרייזלעך פון
איין שטאָט, זיינען דערצו נויטיק אַלגעמיינע אינסטיטוציעס, דאָס הייסט,
ניט בלויז דער אַלגעמיינער נאָמען פון אַ „פאַרבאַנד" אַליין, נאָר אַ ווירקלעך

אַלגעמיינע אַרבעט, אַן אויסטויש מיט מאַטעריאַל, דערפאַרונג און קרעפטן, אַ צעטיילונג פון די פונקציעס שוין ניט נאָר לויט די ראַיאָנען, נאָר לויט די ספּעציאַליטעטן פון דער גאַנצער שטאָטישער טעטיקייט. יעדער וועט מאַסקים זיין, אַז אַ סאָלידער קאָנספּיראַטיווער אַפּאַראַט וועט זיך ניט דעקן (אויב מע קאָן באַנוצן דעם האַנדלס-אויסדרוק) מיט די „מיטלען“ (סאַי די מאַטעריעלע, אי די פּערזענלעכע, פאַרשטייט זיך) פון איין ראַיאָן, אַז אַף דערדאָזיקער שמאָלער אַרענע קאָן זיך ניט אַנטוויקלען קיין טאַלענט פון אַ ספּעציאַליסט. דאָס זעלביקע איז אָבער שאַיעך אויך צו דער פאַראייניקונג פון פאַרשיידענע שטעט, ווייל אויך אַזאַ אַרענע, ווי אַ באַזונדער געגנט, ווייזט זיך אַרויס, און האָט זיך שוין אין דער געשיכטע פון אונזער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער באַוועגונג אַרויסגעוויזן, פאַר צו שמאָל: מיר האָבן דאָס אויספירלעך באַוויזן אויבן, אַפּן ביישפּיל סאַי פון דער פּאָליטישער אַגיטאַציע; סאַי פון דער אָרגאַניזיר-אַרבעט. מע דאַרף, מע דאַרף נויטיק און מע דאַרף פריער פון אַלץ פאַרברייטערן דידאָזיקע אַרענע, באַשאַפן אַ פאַקטישע פאַרבינדונג צווישן שטעט אַף רעגולערער אַלגעמיינער אַרבעט, ווייל די צעשפּליטערטקייט דריקט צו די מענטשן, וועלכע „זיצן, ווי אין אַ גרוב“ (לויטן אויסדרוק פונם מעכאַבער פון איין בריוו אין „איסקרא“), ניט ווייסנדיק, וואָס עס טוט זיך אַף דער ווייסער וועלט, באַ וועמען זאָלן זיי זיך אַ לערן טאָן, ווי זאָלן זיי קריגן פאַר זיך דערפאַרונג, ווי זאָלן זיי באַפרידיקן דעם ווילן צו ברייטער טעטיקייט. און איך באַשטיי ווייטער דערויף, אַז דידאָזיקע פאַקטישע פאַרבינדונג קאָן מען אָנהויבן באַשאַפן נאָר אַף אַן אַלגעמיינער צייטונג, אַלס איינציקער רעגולערער אַלגעמיין-רוסישער אונטערנעמונג, וועלכע סומירט די סאַכאַקלען פון די סאַמע פאַרשיידנאַרטיקע מינים טעטיקייט און דערמיט שטויסט זי אונטער די מענטשן צו גיין אומדערמידלעך פאָרויס איבער אַלע פילצאָליקע וועגן, וועלכע פירן צו דער רעוואָלוציע, פונקט ווי אַלע וועגן פירן קיין רוים. אויב מיר ווילן פאַראייניקונג ניט בלויז אַף ווערטער, דאַרפן מיר, אַז יעדעס אָרטיק קרייזל זאָל גלייך אויסטיילן, לאָמיר זאָגן, אַ פערטלכיילעך פון זיינע קויכעס פאַר אַקטיווער אַרבעט איבער דער אַלגעמיינער זאַך, און די צייטונג באַווייזט אים גלייך * דעם אַלגעמיינעם אַבריס, די גרויס און דעם כאַראַקטער פון דערדאָזיקער זאַך, זי באַווייזט, וואָס פאַר אַ פעלערן עס לאָזן זיך פילן שטאַרקער פון אַלץ אין דער גאַנצער אַלגעמיין-רוסישער טעטיקייט, וואו איז ניטאָ

* איך נעם אויס: אויב ער פילט מיט דער ריכטונג פון דערדאָזיקער צייטונג און האַלט פאַר נוצלעך פאַר דער זאַך צו ווערן אירער אַ מיטאַרבעטער, פאַרשטייענדיק אונטער דעם ניט נאָר ליטעראַרישע, נאָר ביכלאַל יעטווידער רעוואָלוציאָנערע מיטאַרבעטערשאַפט. אַ באַמערקונג פאַר „ראַב. דיעלאָ“: צווישן רעוואָלוציאָנערן, וועלכע שעצן די זאַך — און ניט די שפּיל אין דעמאָקראַטיזם, וועלכע טיילן ניט אָפּ דעם „מיטגעפיל“ פון סאַמע אַקטיוון און לעבעדיקן אָנטייל, איז דידאָזיקע אויסנעמעניש זעלבסטפאַרשטענדלעך. (אַרויסגעלאָזן אין דער אויסגאַבע פונם 1908).

קיין אַגיטאַציע, וואו עס זיינען שוואַך די פֿאַרבינדונגען, וועלכע רעדעלעך פֿונם אַלגעמיינעם קאָלאָסאַלן מעכאַניזם וואָלט דאָס געגעבענע קרייזל געקאָנט פֿאַריכטן אָדער פֿאַרבייטן מיט בעסערע. אַ קרייזל, וואָס אַרבעט נאָך ניט, נאָר עס זוכט בלויז אַרבעט, וואָלט געקאָנט אָנהויבן שוין ניט ווי אַ קוסטאַר אין אַ באַזונדערן קליינעם וואַרשטאַטל, וואָס ווייס ניט די אַנטוויקלונג פֿון דער „אינדוסטריע“ ביז אים, ניט דעם אַלגעמיינעם צושטאַנד פֿון די געגעבענע אינדוסטריעלע פּראָדוציר־אויפֿאַנים, נאָר ווי אַן אָנטיילנעמער פֿון אַ ברייטער אונטערנעמונג, וועלכע שפּיגלט אָפּ דעם גאַנצן אַלגעמיין־רעוואָלוציאָנערן אָנגריף אַף דער זעלבסטהערשונג. און וואָס פֿולקומער עס וואָלט געווען די אויסאַרבעטונג פֿון יעדן רעדעלע, וואָס גרעסער עס וואָלט געווען די צאָל דעטאַלע טוער איבער דער אַלגעמיינער זאַך, אַלץ געדיכטער וואָלט געוואָרן אונזער נעץ און אַלץ ווייניקער פֿאַרלאָרנקייט וואָלטן אַרויסגערופֿן אין די אַלגעמיינע רייען די אומפֿאַרמיידלעכע דורכפֿאַלן.

אַ פּאַקטישע פֿאַרבינדונג וואָלט שוין אָנגעהויבן באַשאַפֿן די פֿונקציע פֿון פֿאַרשפּרייטן די ציַיטונג אַליין (אויב זי וואָלט פֿאַרדינט דעם נאָמען צייטונג, דאָס הייסט, אויב זי וואָלט דערשינען רעגולער און ניט איינמאָל אַ כוידעש, ווי עס גייען אַרויס די גראָבע זשורנאַלן, נאָר אַ מאָל פֿיר אַ כוידעש). איצט זיינען באַציאונגען צווישן שטעט צוליב די באַדערפֿענישן פֿון רעוואָלוציאָנערער אַרבעט די גרעסטע זעלטנהייט, און אַלנפֿאַלס, אַן אויסנאָם; דעמאָלט וואָלטן דיזאָזיקע באַציאונגען געוואָרן אַ קלאַל און וואָלטן, פֿאַרשטייט זיך, געזיכערט ניט נאָר די פֿאַרשפּרייטונג פֿון דער צייטונג, נאָר אויך (וואָס דאָס איז אַסאַך וויכטיקער) דעם אויסטויש מיט דערפֿאַרונג, מיט מאַטעריאַלן, קרעפֿטן און מיטלען. דער פֿאַרמעסט פֿון דער אָרגאַניזיר־אַרבעט וואָלט מיטאַמאָל געוואָרן אין אַסאַך מאָל ברייטער, און דער דערפֿאָלג פֿון איין געגנט וואָלט שטענדיק דערמוטיקט צו ווייטערדיקער פֿאַרפֿולקומונג, צום ווען באַנוצן זיך מיט דער שוין פֿאַרטיקער דערפֿאַרונג פֿון אַ כאַווער, וועלכער איז טעטיק אין אַ צווייטן עק לאַנד. די אָרטיקע אַרבעט וואָלט געוואָרן אַסאַך רייכער און פֿאַרשיידנאַרטיקער, ווי איצט: די פּאָליטישע און עקאָנאָמישע דעמאַסקירונגען, צונויפֿגעקליבענע איבער גאַנץ רוסלאַנד, וואָלטן געגעבן גייסטיקע שפּייז פֿאַר די אַרבעטער פֿון אַלע פּראָפֿעסיעס און אַלע אַנטוויקלונגס־שטופֿן, געגעבן מאַטעריאַל און געלעגנהייטן פֿאַר שמועסן און לעזונגען איבער די סאַמע פֿאַרשיידנאַרטיקע פֿראַגן, וועלכע ווערן נאָך דערצו אויפֿגעהויבן סײַ דורך די רעמאָזים פֿון דער לעגאַלער פּרעסע, סײַ דורך די שמועסן אין דער געזעלשאַפֿט, סײַ דורך די „שעמעוודיקע“ רעגירונגס־מיטיילונגען. יעדע אַרויסטרעטונג, יעדע דעמאָנסטראַציע וואָלט אָפּגעשאַצט און באַטראַכט געוואָרן פֿון אַלע זייטן אין אַלע עקן רוסלאַנד, אַרויסרופֿנדיק אַ ווילן ניט אָפּצושטיין פֿון אַנדערע, צו מאַכן בעסער פֿון אַנדערע — (מיר, סאָציאַליסטן, וואַרפֿן קלאַל ניט אָפּ ביכלאַל יעטווידער געוועט, יעטווידער „קאָנקורענץ“!), — צוצוגרייטן באַוואוסטזיניק דאָס, וואָס עס איז

דעם ערשטן מאָל אַרויס עפּעס סטיכיש, צו באַנוצן זיך מיט די גינסטיקע באַדינגונגען פון דער געגעבענער געגנט אָדער פונם געגעבענעם מאָמענט אַף צו ענדערן דעם פּלאַן פון דער אַטאַקע א. א. וו. אין דער זעלביקער צייט וואָלט דידאָזיקע באַלעבונג פון דער אָרטיקער אַרבעט ניט געבראַכט צו יענעם פאַרצווייפלטן, „גסיסעדיקן" אָנשטרענגען אַלע קויכעס און אַוועקשטעלן אין קאָן אַלע מענטשן, וועלכע עס שטעלט אָפּטמאָל פאָר מיט זיך יעטווידער דעמאָנסטראַציע אָדער יעטווידער נומער פון אַן אָרטיקער צייטונג: פון איין זייט, וואָלט דער פּאָליציי אַסאַך שווערער געווען צו דערקלייבן זיך צו די „וואָרצלען", אויב עס איז אומבאַוואוסט, אין וועלכער געגנט מע דאַרף זיי זוכן; פון דער צווייטער זייט, וואָלט אַ רעגולערע אַלגעמיינע אַרבעט צוגעוואוינט מענטשן אויסצורעכענען די קראַפט פון דער געגעבענער אַטאַקע מיטן געגעבענעם קויכעס־צושטאַנד פון אַזאַ און אַזאַ אָטריאַד פון דער אַלגעמיינער אַרמיי*(איצט טראַכט גאָר קימאַט קיינער קיינמאָל ניט וועגן אַזאַ מין צונויפשטימען, ווייל אַטאַקעס טרעפן זיך אַף גיין צענטל סטיכיש), און זי וואָלט פאַרלייכטערט דאָס „טראַנספּאָרטירן" פון אַן אַנדער אָרט ניט נאָר ליטעראַטור, נאָר אויך רעוואָלוציאָנערע קויכעס.

איצט גייען אָפּ דידאָזיקע קרעפטן אין אַ מאַסע צופאַלן מיט בלוט אַף דער שמאָלער אָרטיקער אַרבעט, דעמאָלט אָבער וואָלט אויפגעקומען אַ מעגלעכקייט און עס וואָלטן שטענדיק געווען מאָטיוון אַריבערצוואַרפן אַ וויפל ניט איז פעאיקן אַגיטאַטאָר און אָרגאַניזאַטאָר פון איין עק לאַנד אין אַ צווייטן. אָנהויבנדיק פון אַ קליינער רייזע צוליב פּאַרטיי־איניאָנים אַפן כעשבן פון דער פּאַרטיי, וואָלטן מענטשן צוגעוואוינט געוואָרן אַריבערצוגיין אינגאַנצן אַף דער אויסהאַלטונג פון דער פּאַרטיי, ווערן פּראָפעסיאָנעלע רעוואָלוציאָנערן, אויסאַרבעטן פון זיך עכטע פּאָליטישע פירער.

און אויב אונז וואָלט זיך ווירקלעך איינגעגעבן צו דערגרייכן, אַז אַלע, אָדער אַ באַדייטנדיקע מערהייט אָרטיקע קאָמיטעטן, אָרטיקע גרופּן און קרייזלעך, זאָלן זיך אַקטיוו נעמען פאַר דער אַלגעמיינער זאַך, וואָלטן מיר אין דער סאַמע ניט ווייטער צוקונפט געקאָנט אַוועקשטעלן אַ וועכנטלעכע צייטונג, וועלכע ווערט רעגולער פאַרשפּרייט אין צענדליקער טויזנטער עקזעמפּליאַרן איבער גאַנץ רוסלאַנד. דידאָזיקע צייטונג וואָלט געוואָרן אַ טיילעכל פון יענעם קאָלאָסאַלן שמידערישן בלאָז־זאַק, וועלכער בלאָזט פאַנאַנדער יעטווידער פונק פון קלאַסן־קאַמף און פאָלקס־אויפריר אין אַן אַלגעמיינער סרייפע. אַרום דערדאָזיקער, אַליין פאַר זיך נאָך זייער אומשולדיקער און נאָך זייער ניט קיין גרויסער, אָבער רעגולערער און אינם פולן זין פונם וואָרט אַלגעמיינער זאַך, וואָלט סיסטעמאַטיש צוגעקליבן געוואָרן און עס וואָלט זיך געלערנט אַ שטענדיקע אַרמיי אויסגעפּרואוווטע קעמפער. איבער די רעשטאָוואַניעס אָדער איבער די בריקלעך פון דערדאָזיקער אַלגעמיינער אָרגאַניזיר־געביידע וואָלטן זיך אויפגעהויבן און אַרויסגעדרוקט פון אונזערע רעוואָלוציאָנערן—סאָציאַל־דעמאָקראַטן זשעליאַבאָווס, פון

אונזערע אַרבעטער — רוסישע בעבעלס, וועלכע וואָלטן זיך אַוועקגעשטעלט בע=ראָש פון אַ מאָביליזירטער אַרמיי און וואָלטן אויפגעהויבן דאָס גאַנצע פאָלק אַף אַפּצורעכענען זיך מיט דער שאַנד און דער קלאָלע פון רוסלאַנד.

אָט וועגן וואָס מיר דאַרפן טרוימען!

* * *

„מיר דאַרפן טרוימען!" איך האָב אָנגעשריבן דידאָזיקע ווערטער און זיך דערשראָקן. מיר האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז איך זיץ אַף אַ „פאַרייניקונגס=צו=זאַמענפאָר", קעגן מיר זיצן די רעדאַקטאָרן און די מיטאַרבעטער פון „ראַב. דיעלאָ" און אָט שטייט אויף ב. מאַרטינאָוו און ווענדט זיך דראָענדיק צו מיר: „דערלויבט אייך צו פרעגן, צי האָט נאָך אַן אַוטאָנאָמע רעדאַקציע דאָס רעכט צו טרוימען, ניט אָנפרעגנדיק פאָרויס באַ די פאַרטיי=קאָמיטעטן?" און נאָך אים שטייט אויף ב. קריטשעווסקי און (פילאָזאָפיש פאַרטיפערנדיק דעם כ' מאַרטינאָוו, וועלכער האָט שוין לאַנג פאַרטיפט דעם כ' פּלעכאַנאָוו) זעצט ער פאָר נאָך מער דראָענדיק: „איך גיי ווייטער. איך פרעג, צי האָט ביכלאַל דאָס רעכט צו טרוימען אַ מאַרקסיסט, אויב ער פאַרגעסט ניט, אַז לויט מאַרקסן שטעלט די מענטשהייט שטענדיק פאַר זיך פאַרווירקלעכבאַרע אויפגאַבן און אַז די טאַק=טיק איז אַ פּראָצעס פון וואוקס פון די אויפגאַבן, וועלכע וואַקסן צוזאַמען מיט דער פאַרטיי?".

פון דעם איין געדאַנק וועגן דידאָזיקע מוירעדיקע פראַגן גייט מיר שוין דורך אַ פראָסט איבערן לייב, און איך טראַכט נאָר — וואוהין זאָל איך זיך באַהאַלטן. איך וועל זיך פרואוון באַהאַלטן הינטער פּיסאַרעוון.

„צווישן דיסהאַרמאָניע און דיסהאַרמאָניע איז פאַראַן אַן אונטערשייד, — האָט געשריבן מיקויעד דער פראַגע וועגן דיסהאַרמאָניע צווישן טרוים און וויר=קלעכקייט פּיסאַרעוו. — מיין טרוים קאָן אַריבעריאָגן דעם נאַטירלעכן גאַנג פון די געשעעניש, אָדער ער קאָן כאַפּן גאָר אָן אַ זייט, אַהין, וואוהין קיין שום נאַטירלעכער גאַנג פון די געשעעניש קאָן קיינמאָל ניט קומען. אינם ערשטן פאַל ברענגט ניט דער טרוים קיין שום שאָדן; ער קאָן נאָך שטיצן און פאַר=שטאַרקן די ענערגיע פונם אַרבעטנדיקן מענטשן... אין אַזוינע מינע טרוימען איז ניטאָ קיין שום זאַך, וואָס זאָל פאַרקריפּלען אָדער פּאַראַליזירן די אַרבעטס=קראַפט. אַפילע גאָר פאַרקערט. ווען אַ מענטש וואָלט אינגאַנצן ניט געהאַט קיין פעאיקייט צו טרוימען אַף אַזאַ אויפן, ווען ער וואָלט ניט געקאָנט פון צייט צו צייט פאַרלויפן פאָרויס און צוזעען מיט זיין פאַנטאַזיע אין אַ גאַנצן און פאַרענ=דיקטן בילד דאָס זעלביקע ווערק, וואָס הויבט ערשט איצט אָן אויסצובילדן זיך אונטער זיינע הענט, — דעמאָלט קאָן איך זיך אַבסאָלוט ניט פאָרשטעלן, וואָס פאַר אַ טרייב=סיבע עס וואָלט געצוואונגען דעם מענטשן אונטערצונעמען און דערפירן ביזן סאָף גרויסע און פאַרמאַטערנדיקע אַרבעטן אינם געביט פון קונסט, וויסנשאַפט און פּראַקטישן לעבן... די דיסהאַרמאָניע צווישן טרוים און וויר=

לעבקייט ברענגט ניט קיין שום שאָדן, אויב די טרוימעדיקע פערזענלעכקייט גלויבט נאָר ערנסט אין איר טרוים, קוקט זיך אויפמערקזאַם איין אינם לעבן, פאַרגלייכט אירע באַטראַכטונגען מיט אירע לופט־שלעסער און אַרבעט ביכלאַל ערלעך איבער דער פאַרווירקלעכונג פון איר פאַנטאַזיע. ווען עס איז פאַראַן אַ װעלכע עס איז באַרירונג צווישן טרוים און ווירקלעכקייט, דעמאָלט איז אַלץ קעשורע".

אָט אַזוינע מינע טרוימען איז, צום אומגליק, צו ווייניק פאַראַן אין אונזער באַוועגונג. און שולדיק דערין זייגען מער פאַר אַלץ די, וואָס גרויסן זיך מיט זייער ניכטערקייט, מיט זייער „נאָענטקייט" צום „קאָנקרעטן", די פאָרשטייער פון לעגאַלער קריטיק און אומלעגאַלן „עקיזם".

## ג) וואָס פאַר א טיפּ אָרגאַניזאַציע איז אונז נויטיק?

פונם אויבן געזאָגטן זעט דער לעזער, אַז אונזער „טאַקטיק־פּלאַן" באַשטייט אין אָפּלייקענען דעם טייקעפּדיקן צ ו ר ו ף צו אַ שטורעם, ער באַשטייט אין דער פאָדערונג צו אָרגאַניזירן אַ „ריכטיקע באַלאַגערונג פון דעם סוינעמס פעס־טונג", אָדער, אַנדערש, אין דער פאָדערונג צו ווענדן אַלע באַמיאונגען אַף צונויפקלייבן, אָרגאַניזירן און מ אָ ב י ל י ז י ר ן אַ רעגולער מיליטער. ווען מיר האָבן אויסגעלאַכט די „ראַב. דיעלאָ" פאַר איר שפרונג פונם עקאָנאָמיזם צו די געשרייען וועגן אַ שטורעם (וואָס האָט זיך געלאָזט הערן אין אַ פּ ר י ל 1901 יאָר אינם נומער 6 פונם „בלעטל פון „ראַב. דיעלאָ"), איז זי אָנגעפאַלן אַף אונז, פאַרשטייט זיך, מיט אַ באַשולדיקונג אין „דאָקטרינערישקייט", אין ניט פאַרשטיין דעם רעוואָלוציאָנערן כויוו, אין אַ צורוף צו פאָרזיכטיקייט א. ד. גל. אונז האָבן, פאַרשטייט זיך, לאַכלוטן ניט פאַרוואונדערט דידאָזיקע באַשולדיקונ־גען אינם מויל באַ מענטשן, וועלכע האָבן ניט קיין שום פרינציפּן און פּאַטערן זיך אָפּ מיט אַ טיפזיניקן „טאַקטיק־פּראָצעס", פונקט ווי עס האָט אונז ניט פאַר־וואונדערט אויך דאָס, וואָס אַזעלכע באַשולדיקונגען האָט איבערגעכאַזערט נאַ־דעזשדין, וועלכער באַציט זיך ביכלאַל מיט דער סאַמע מאַיעסטעטישער פאַראַכ־טונג צו פעסטע פּראָגראַמאַטישע און טאַקטישע פּרינציפּן.

מע זאָגט, אַז די געשיכטע כאַזערט זיך ניט איבער. אָבער נאַדעזשדין באַמיט זיך מיט אַלע קויכעס איבערצוכאַזערן זי און קאָפּירט געטריי טקאַטשאָוון, זיד־לענדיק די „רעוואָלוציאָנערע קולטור־טרעגעריי", שרייענדיק וועגן דער „שטורעם־געקלינגעריי פונם וועטשע־גלאָק" *, וועגן אַ ספּעציפישן „שטאַנדפּונקט פון ערעוו־רעוואָלוציע" א. ד. גל. ער פאַרגעסט, ווייזט אויס, דעם באַוואוסטן שפּרוך, אַז אויב דער אָריגינאַל פון אַ היסטאָרישער געשעעניש שטעלט פאָר מיט זיך

* „וועטשע" — אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון די אָרטיקע בירגער אינם פאַרצייטיקן רוסלאַנד. די פאַרזאַמלונג פלעגן צונויפגערופן ווערן דורך אַ ספּעציעלן גלאָק — „וועטשע"־גלאָק. איבערזעצער.

אַ טראַגעדיע, איז די קאָפּיע פון אים בלויז אַ פאַרס. דער פּרואוו צו פאַרכאַפּן די מאַכט, וואָס איז צוגעגרייט געווען מיט טקאַטשאָווס דראָשעס און איז פאַרווירקלעכט געוואָרן מיט דער הילף פון „דערשרעקנדיקן“ טעראָר, און אַזאַ טעראָר, וועלכער האָט ווירקלעך געשראָקן — איז געווען מאַיעסטעטיש, אָבער דעם קליינעם טקאַטשאָווס „עקסציטאַטיווער“ טעראָר איז פּאָשעט לעכערלעך און באַזונדערס לעכערלעך איז ער, ווען ער ווערט דערגאַנצט מיט אַ אידייע צו אָרגאַניזירן די מיטללייט.

„ווען די „איסקרא“, — שרייבט נאַדעזשדין, — וואָלט אַרויס פון איר ספער פון ליטעראַטורעריי, וואָלט זי דערזעען, אַז דאָס (אַזוינע דערשיינונגען, ווי דער בריוו פונם אַרבעטער אין „איסקרא“ נומער 7 א. ד. גל.) זיינען סימפּטאָמען דערפון, אַז גאָר-גאָר אינגיכן וועט זיך אָנהויבן „אַ שטורעם“, און ריידן איצט (Sic!) וועגן אַן אָרגאַניזאַציע, וועלכע ציט זיך מיט אירע פעדים פון אַן אַלגעמיין רוסישער צייטונג, הייסט פּרוכּפּערן קאַבינעטישע געדאַנקען און קאַבינעטישע אַרבעט“. טוט זשע אַ קוק, וואָס פאַר אַן אומגלויבלעכער פּלאָנטער דאָס איז: פון איין זייט, עקסציטאַטיווער טעראָר און „אָרגאַניזאַציע פון די מיטללייט“, באַגלייך מיט דער מיינונג, אַז „אַסאַך גענגטער“ איז צונויפּקלייבן זיך אַרום דעם „מער קאָנקרעטן“, אַ שטייגער, ווי אָרטיקע צייטונגען, — און פון דער צווייטער זייט, איז ריידן „איצט“ וועגן אַן אַלגעמיין רוסישער אָרגאַניזאַציע הייסט פּרוכּפּערן קאַבינעטישע געדאַנקען, דאָס הייסט, פּראָסטער און פּאָשעטער גערעדט, „איצט“ איז שוין שפּעט! און „די ברייטע אַוועקשטעלונג פון די אָרטיקע צייטונגען“, — דאָס איז ניט שפּעט, געערטסטער ל. נאַדעזשדין? און פאַרגלייכט דערמיט דעם שטאַנדפּונקט און די טאַקטיק פון דער „איסקרא“: עקסציטאַטיווער טעראָר, דאָס זיינען פּוסטע מאַיסעס, ריידן וועגן אַן אָרגאַניזאַציע גראָד פון די מיטעלע און וועגן אַ ברייטער אַוועקשטעלונג פון די אָרטיקע צייטונגען — הייסט אויפּפּראַלן די טיר פאַרן עקאָנאָמיזם. מע דאַרף ריידן וועגן אַן איינהייטלעכער אַלגעמיין-רוסישער אָרגאַניזאַציע פון רעוואָלוציאָנערן, און ריידן וועגן איר איז ניט שפּעט האַרט ביז צו דער צייט, ווען עס וועט זיך אָנהויבן אַן עמעסער, און ניט קיין פּאַפּירענער שטורעם.

„יאָ, מיקויעד אָרגאַניזאַציע זיינען באַ אונז די געשעפטן גאָר ניט קיין גלענצנדיקע, — שרייבט ווייטער נאַדעזשדין, — יאָ, די „איסקרא“ איז אַבסאָלוט גערעכט, ווען זי זאָגט, אַז די הויפּט-מאַסע פון אונזערע קריגס-קויכעס, דאָס זיינען פּריוויליקע און אויפשטענדלער... דאָס איז גוט, וואָס איר שטעלט זיך ניכטער פאָר די לאַגע פון אונזערע קרעפטן, אָבער צו וואָס דערביי פאַרגעסן, אַז דער האַמוין איז גאָר ניט אונזערער און אַז דעריבער וועט ער באַ אונז ניט פרעגן, ווען אָנצוהויבן די קריגס-אַקציע און ער וועט זיך לאָזן „בונטעווען“... ווען דער האַמוין אַליין וועט אַרויסטרעטן מיט זיין סטיכישער צעשטערנדיקער קראַפט, קאָן ער דאָך צעטרעטן, אָפּשטויסן דאָס „שטענדיקע מיליטער“, אין וועלכן מע האָט זיך אַלץ געקליבן אַרויינצוטראָגן אַ העכט סיסטעמאַטישע אָרגאַניזאַציע, אָבער מע האָט עס ניט באַוויזן צו טאָן“. (אונזער קורסיוו).

אַ וואונדערבאַרע לאָגיק! טאַקע דערפאַר, וואָס „דער האַמוין איז
ניט אונזערער“, איז ניט סייכלדיק און ניט אַנשטענדיק צו שרייען וועגן אַ „שטו=
רעם“ די מינוט, ווייל אַ שטורעם איז אַן אַטאַקע פון שטענדיקן מיליטער, און ניט
קיין סטיכישער אויפרייס פון אַ האַמוין. טאַקע דערפאַר, ווייל דער האַמוין קאָן
צעטרעטן און אָפּשטויסן דאָס שטענדיקע מיליטער, איז אומבאַדינגט נויטיק צו
„באַווייזן“ דעריאָגן דעם סטיכישן אויפשטייג מיט אונזער אַרבעט פון „אַריינ=
טראָגן אַ העכסט סיסטעמאַטישע אָרגאַניזאַציע“ אין דעם שטענדיקן מיליטער,
ווייל וואָס מער מיר וועלן „באַווייזן“ אַריינצוטראָגן אַזאַ אָרגאַניזירטקייט, אַלץ
מער איז וואַרשיינלעך, אַז דאָס שטענדיקע מיליטער וועט ניט צעטראָטן ווערן
פונם האַמוין, נאָר עס וועט זיך אַוועקשטעלן פאָרויס און בעראָש פונם האַמוין.
נאַדעזשדין פּלאָנטערט דערפאַר, ווייל ער מיינט, אַז דאָסדאָזיקע סיסטעמאַטיש
אָרגאַניזירטע מיליטער איז קלוימערשט פאַרנומען מיט עפּעס אַזוינס, וואָס עס
רייסט אים אָפּ פונם האַמוין, אין דער צייט, ווען פאַקטיש איז עס פאַרנומען
אויסשליסלעך מיט אַן אַלזייטיקער און אַלץ אַרומנעמענדיקער פּאָליטישער אַגי=
טאַציע, דאָס הייסט, גראָד מיט אַן אַרבעט, וועלכע דערנענטערט און
גיסט צונויף אין איינס די סטיכיש צעשטערנדיקע קראַפט פונם האַ=
מוין און די באַוואוסטזיניק צעשטערנדיקע קראַפט פון דער רעוואָלוציאָנערן—
אָרגאַניזאַציע. איר, מיינע הערן, וואַרפט דאָך אַרויף פון אַ קראַנקן קאָפּ אַף אַ גע=
זונטן, ווייל גראָד די גרופּע „סוואָבאָדאַ“, דערמיט, וואָס זי טראָגט אַריין אין
דער פּראָגראַם טעראָר, רופט זי דערמיט גופא צו אַן אָרגאַניזאַציע פון
טעראָריסטן, און אַזאַ אָרגאַניזאַציע וואָלט ווירקלעך אָפּגעצויגן אונזער מיליטער
פון זיין דערנענטערן זיך מיטן האַמוין, וועלכער איז נאָך, צום באַדויערן, ניט
אונזערער, וועלכער פרעגט נאָך ניט, צום באַדויערן, באַ אונז אָדער פרעגט ווייניק
באַ אונז וועגן דעם, ווען און ווי אַזוי אָנצוהויבן די קריגס=אַקציעס.

„מיר וועלן פאַרזעען די רעוואָלוציע גופא, — האַלט ווייטער נאַדעזשדין אין
איין שרעקן די „איסקרא“, — פונקט ווי מיר האָבן פאַרזעען די איצטיקע געשע=
עניש, וועלכע זיינען אַראָפּגעפאַלן אַף אונז, ווי שניי אַפן קאָפּ“. דידאָזיקע פראַזע,
אין פאַרבינדונג מיט די אויבן געבראַכטע, באַווייזט אונז אָנשוילעך די אומזיני=
קייט פון דעם „ספּעציעלן שטאַנדפּונקט פון ערעוו רעוואָלוציע“, וואָס „סוואָבאָדאַ“
האָט אויסגעטראַכט. דער ספּעציעלער „שטאַנדפּונקט“ באַשטייט, אויב מע זאָל
ריידן פּאָשעט, דעריין, וואָס „איצט“ איז שוין שפּעט צו בקירען און צו גרייטן
זיך. אויב אַזוי, אָ, כאָשעווסטער פיינט פון „ליטעראַטוועריי“, — איז צוליב וואָס
האָט מען געדאַרפט שרייבן אַף 132 געדרוקטע זייטלעך „וועגן פראַגן פון טעאָ=
ריע * און טאַקטיק“? צי האַלט איר ניט, אַז פאַרן „שטאַנדפּונקט פון ערעוו רע=

* אַגעוו, איבער פראַגן פון טעאָריע האָט ל. נאַדעזשדין אין זיין „איבערזיכט פון
די טעאָריע=פראַגן“ קימאַט גאָרניט ניט געגעבן, אויב מע זאָל ניט רעכענען דעם פאָלגנ=
דיקן, פונם „שטאַנדפּונקט פון ערעוו רעוואָלוציע“ זייער טשיקאַווען פּאַסאַזש: „די
בערנשטייניאַדע, אינגאַנצן גענומען, פאַרלירט פאַר אונזער מאָמענט איר שאַרפן כאַ=

וואָלוציע" וואָלט אַסאַך מער געפּאַסט אַרויסצוגעבן 132 טויזנט בלעטלעך מיט
אַ קורצן אויפרוף: „האַרגע זיי!".

פּאַרזעען די רעוואָלוציע ריזיקירט ווייניקער פון אַלץ גראָד דער, ווער עס
שטעלט אין סאַמע צענטר סאַי פון זיין גאַנצער פּראָגראַם, סאַי פון דער
טאַקטיק, סאַי פון דער אָרגאַניזיר=אַרבעט די אַלפּאָל=
קישע פּאָליטישע אַגיטאַציע, ווי דאָס טוט די „איסקרא". מענטשן, וואָס זיינען
פאַרנומען אין גאַנץ רוסלאַנד מיט וויקלען די פעדים פון אַן אָרגאַניזאַציע, וועלכע
ציט זיך פון אַן אַלגעמיין רוסישער צייטונג, האָבן ניט נאָר ניט פאַרזעען די
פרילינגדיקע געשעענישן, נאָר זיי האָבן אונז געגעבן, פאַרקערט, די מעגלעכקייט
פאָרויסצוזאָגן זיי. ניט פאַרזעען האָבן זיי אויך יענע דעמאָנסטראַציעס, וועלכע
זיינען באַשריבן אין די נומערן 13 און 14 „איסקרא"; פאַרקערט, זיי האָבן זיך
באַטייליקט אין זיי, לעבהאַפט באַנעמענדיק זייער פליכט צו קומען צו הילף דעם
סטיכישן אויפשטייג פונם האַמוין און העלפנדיק אין דער זעלביקער צייט, דורך
דער פאַרמיטלונג פון דער צייטונג, צו באַקאָנען זיך מיט דידאָזיקע דעמאָנסטראַ=
ציעס און אוטיליזירן זייער דערפאַרונג אַלע רוסישע כאַוויירים. זיי וועלן אויך
ניט פאַרזעען, אויב זיי וועלן לעבן, אויך די רעוואָלוציע, וועלכע וועט פאָדערן
פון אונז פריער פון אַלץ און מער פאַר אַלץ דערפאַרנקייט אין אַגיטאַציע, די
קענטעניש צו שטיצן (סאָציאַל=דעמאָקראַטיש שטיצן) יעטווידער פּראָטעסט,
די קענטעניש צו געבן אַ ריכטונג דער סטיכישער באַוועגונג, אָפּהיטנדיק זי סאַי
קעגן פעלערן פון פריינט, סאַי קעגן פּאַסטקעס פון סאָנים! ;

מיר זיינען, אַזוי אַרום, צוגעקומען צום לעצטן אַרגומענט, וועלכער צווינגט
אונז באַזונדערס צו באַשטיין אַפן פּלאַן פון אַן אָרגאַניזאַציע אַרום אַן אַלגעמיין=
רוסישער צייטונג, מיט דער הילף פון געמיינזאַמער אַרבעט איבער אַן אַלגע=
מיינער צייטונג. נאָר אַזאַ אָרגאַניזאַציע וועט זיכערן די בויגעוודיקייט,
וועלכע איז נויטיק פאַר אַ סאָציאַל=דעמאָקראַטישער שלאַכט=אָרגאַניזאַציע,
דאָס הייסט, די פעאיקייט זיך צוצופּאַסן טייקעף צו די סאַמע פאַרשיידנאַרטיקע
און גיך זיך ענדערנדיקע באַדינגונגען פון קאַמף, אַ קענטעניש „פון איין זייט
אויסצומיידן אַ שלאַכט אין אָפענעם פעלד מיט אַ סוינע, וועלכער וועגט אַרי=

---

ראַקטער, און ס'איז אויך אַבסאָלוט גלייכגילטיק צי וועט הער אַדאַמאָוויטש דערווייזן,
אַז הער סטרואווע האָט שוין פאַרדינט אַן אָרדען, אָדער פאַרקערט, הער סטרואווע וועט
אָפּלייקענען דעם הער אַדאַמאָוויטשן און וועט ניט מאַסקים זיין אַוועקצוגיין אין דע=
מיסיע, דאָס איז אַלץ גלייכגילטיק, ווייל עס קומט די וואַך=שאָ פון דער רעוואָלוציע"
(ז. 110). עס וואָלט שווער געווען בוילעטער אויסצומאָלן ל. נאַדעזשדינס אומענדלעכע
זאָרגלאָזיקייט מיקויעך טעאָריע. מיר האָבן פּראָקלאַמירט אַ „ערעוו רעוואָלוציע" —
דעריבער „איז אַבסאָלוט גלייכגילטיק", צי וועט זיך די אָרטאָדאָקסן איינגעבן ענד=
גילטיק אַראָפּצושלאָגן פון די פּאָזיציעס די קריטיקער!! און אונזער כאָכעם באַמערקט
ניט, אַז גראָד בעשאַס דער רעוואָלוציע וועלן אונז נויטיק זיין די רעזולטאַטן פונם
טעאָרעטישן קאַמף מיט די קריטיקער צוליב אַן אַנטשיידענעם קאַמף מיט זייערע
פּראַקטישע פּאָזיציעס!

בער מיט זיינע קויכעס, ווען ער האָט צונויפגעקליבן אין איין פּונקט אַלע קויכעס,
און פון דער צווייטער זייט, — צו באַנוצן זיך מיט דער ניט קערעוודיקייט פון
דאָזיקן סוינע און אָנפאַלן אַף אים דאָרט און דאַן, וואו מע ריכט זיך ווייניקער
פון אַלץ אַף אַן אָנפאַל" *. עס וואָלט געווען דער גרעסטער פעלער צו בויען די
פּאַרטיי=אָרגאַניזאַציע בלויז מיט דער אויסרעכענונג אַף אַן אויפרייס און אַף
גאַסן=קאַמף, אָדער בלויז אַפן „פּאָרויס=מאַרש פונם גרויען לויפנדיקן קאַמף".
מיר דאַרפן שטענדיק פירן אונזער וואָכעדיקע אַרבעט און שטענדיק זיין
גרייט צו אַלץ, ווייל פאָרויסזעען אַפריער דעם אומבייט פון אויפרייס=פּעריאָדן
מיט שטילשטאַנד=פּעריאָדן איז זייער אָפט קימאַט אומעגלעך, און אין יענע
פאַלן, ווען דאָס איז מעגלעך, וואָלט מען ניט געקאָנט זיך באַנוצן מיט דעמדאָ=
זיקן פאָרויסזעען אַף איבערצובויען די אָרגאַניזאַציע, ווייל דערדאָזיקער אומבייט
קומט פאָר אין אַ זעלבסטהערשערישן לאַנד וואונדערבאַר שנעל, זייענדיק צומאָל
פאַרבונדן בלויז מיט איין באַנאַכטיקן אָנפאַל פון די צאַרישע יאַנישאַרן. און
די רעוואָלוציע גופע דאַרף מען זיך פאָרשטעלן קלאָל ניט אין דער פאָרם פון
אַן איינצלנעם אַקט (ווי עס כאָלעמט זיך, ווייזט אויס, נאַדעזשדינען), נאָר אין
דער פאָרם פון עטלעכע שנעלע אומבייטן פון אַ מער אָדער ווייניקער שטאַרקן
אויפרייס און אַ מער אָדער ווייניקער שטאַרקן שטילשטאַנד. דער גרונט=אינ=
האַלט פון דער טעטיקייט פון אונזער פּאַרטיי=אָרגאַניזאַציע, דער פּאָקוס פון
דערדאָזיקער טעטיקייט דאַרף דעריבער זיין אַזאַ אַרבעט, וועלכע איז סאַי מעג=
לעך, סאַי נויטיק סאַי אינם פּעריאָד פונם סאַמע שטאַרקן אויפרייס, סאַי אינם
פּעריאָד פונם פולסטן שטילשטאַנד, דהיינו: די אַרבעט פון פּאָליטישער אַגי=
טאַציע, אַ פאַרייניקטע איבער גאַנץ רוסלאַנד, אַזאַ, וואָס באַלייכט אַלע זייטן
פונם לעבן און איז געריכטעט אין די סאַמע ברייטע מאַסן. און דידאָזיקע אַרבעט
קאָן מען זיך ניט פאָרשטעלן אינם מאָדערנעם רוסלאַנד אָן אַן
אַלגעמיין=רוסישער, זייער אָפט דערשיינענדיקער צייטונג. די אָרגאַניזאַציע, וועל=

* „איסקרא" נומער 4: „פון וואָס דאַרף מען אָנהויבן?" — „רעוואָלוציאָנערע
קולטור=טרעגער, וועלכע שטייען ניט אַפן שטאַנדפּונקט פון ערעוו רעוואָלוציע, ווערן
גאָר ניט ניספּאַעל פון דער לאַנגקייט פון דער אַרבעט" — שרייבט נאַדעזשדין (ז. 62).
מיר וועלן מיקויעד דעם באַמערקן: אויב מיר וועלן ניט קאָנען אויסאַרבעטן אַזאַ
פּאָליטישע טאַקטיק, אַזאַ אָרגאַניזיר=פּלאַן, וועלכע זאָלן אומבאַדינגט זיין אויסגע=
רעכנט אַף אַ גאַנץ לאַנגער אַרבעט און אין ד'ער זעלביקער צייט זאָלן זיי
זיכערן מיטן פּראָצעס גופע פון דערדאָזיקער אַרבעט די
גרייטקייט פון אונזער פּאַרטיי צו זיין אַף איר פּאָסטן און אויסצופילן איר כויוו באַ
יעטווידער אומגעריכטער זאַך, באַ יעטווידער פאַרגיכערונג פונם גאַנג פון די געשעע=
נישן, — וועלן מיר זיך אַרויסווייזן פּאָשעט פאַר קלאָגעדיקע פּאָליטישע אַוואַנטיוריסטן.
נאָר נאַדעזשדין, וועלכער האָט זיך פון נעכטן אָן אָנגעהויבן רעכענען פאַר אַ סאָציאַל=
דעמאָקראַט, קאָן פאַרגעסן וועגן דעם, אַז דער ציל פון דער סאָציאַל=דעמאָקראַטיע איז
ראַדיקאַל איבעראַנדערשן די לעבנס=באַדינגונגען פון דער גאַנצער מענטשהייט, אַז
דעריבער איז פאַר אַ סאָציאַל=דעמאָקראַט ניט דערלאָזבאַר „ניספּאַעל צו ווערן" פון דער
פראַגע וועגן דער לאַנגקייט פון דער אַרבעט.

כע בילדעט זיך אַליין פון זיך אויס אַרום דערדאָזיקער צייטונג, די אָרגאַניזאַציע פון אירע מיטאַרבעטער (אינם ברייטן זין פונם וואָרט, דאָס הייסט, פון אַלע די, וועלכע אַרבעטן איבער איר) וועט טאַקע זיין גרייט אַף אַלץ, אָנגעהויבן פון ראַטעווען דעם קאָוועד, דעם פרעסטיזש און די יערושעדיקייט פון דער פאַרטיי אינם מאָמענט פון דער גרעסטער רעוואָלוציאָנערער „דעפרעסיע" און געענדיקט מיט דער צוגרייטונג, באַשטימונג און דורכפירונג פון אַן אַלפאָלקישן באַוואָפנטן אויפשטאַנד.

טאַקע בעעמעס, שטעלט זיך פאָר דעם זייער געוויינלעכן באַ אונז פאַל פון אַ פולשטענדיקן דורכפאַל אין איינער אָדער אין עטלעכע געגנטן. באַ דער אָפּוועזנהייט פון איין אַלגעמיינער רעגולירנדיקער אַרבעט באַ אַלע אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס ווערן אַזויגע דורכפאַלן אָפטמאָל באַגלייט מיט אַן איבערייס אין דער אַרבעט אַף פיל כאַדאָשים. אָבער באַ דער אָנוועזנהייט פון אַן אַלגעמיינער אַרבעט באַ אַלעמען, — וואָלט געגוג געווען, באָם סאַמע שטאַרקסטן דורפאַל, די אַרבעט פון אַ צוויי—דריי ענערגישע מענטשן אין מעשעך פון עטלעכע וואָכן, קעדיי צו פאַרבינדן מיטן אַלגעמיינעם צענטר נייע קרייזלעך יוגנט, וועלכע אַנטשטייען, ווי באַוואוסט, זייער גיך אַפילע איצט; — און ווען דידאָזיקע אַלגעמיינע אַרבעט, וואָס ליידט פון אַ דורכפאַל, איז באַ אַלעמען פאַר די אויגן, קאָנען נייע קרייזלעך אַנטשטיין און פאַרבינדן זיך מיט איר נאָך גיכער.

פון דער צווייטער זייט, שטעלט אייך פאָר אַ פאָלקס=אויפשטאַנד. איצט וועלן מיסטאָמע אַלע מאַסקים זיין, אַז מיר דאַרפן טראַכטן וועגן אים און גרייטן זיך צו אים. אָבער ווי אַזוי זיך גרייטן? מע קאָן דאָך ניט, אַז דער צענטראַל=קאָמיטעט זאָל באַשטימען אַגענטן אין אַלע ערטער אַף צוגרייטן אַן אויפשטאַנד! ווען מיר וואָלטן אַפילע געהאַט אַ צ"ק, וואָלט ער מיט אַזאַ באַשטימונג אַבסאָלוט גאָרניט דערגרייכט באַ די הייגטיקע רוסישע באַדינגונגען. פאַרקערט, אַ נעץ אַגענטן *, וועלכע בילדעט זיך אויס אַליין פון זיך אַף דער אַרבעט פון אַוועק=

* אוי וויי, אוי וויי! ווידער האָט זיך אַראָפּגעריסן באַ מיר דאָסדאָזיקע שרעקלעכע וואָרט „אַגענט", וואָס שנײַדט אַזוי דאָס דעמאָקראַטישע אויער פון די מאַרטינאָווס! עס איז מיר מאָדנע, פאַרוואָס האָט דאָסדאָזיקע וואָרט ניט באַליידיקט די קאָריפייען פון די 70=ער יאָרן און עס באַליידיקט די קוסטאַרן פון די 90=ער יאָרן? מיר געפעלט דאָסדאָזיקע וואָרט, ווייל עס ווײַזט קלאָר און שאַרף אָן אַף דער אַלגעמיינער זאַך, וואָס אַלע אַגענטן וואַרפן איר אונטער זייערע געדאַנקען און האַנדלונגען, און אויב מע דאַרף פאַרבייטן דאָס וואָרט אַף אַן אַנדערס, וואָלט איך זיך געקאָנט אָפּשטעלן עפשער נאָר אַפן וואָרט „מיטאַרבעטער", ווען עס וואָלט ניט געהאַט קיין בייטאַם פון געוויסער ליטעראַטורערײ און געוויסער צעשוואומענקייט. מיר דאַרפן אָבער האָבן אַ קריגס=אָרגאַניזאַציע פון אַגענטן. אַגעוו, יענע פילצאָליקע (באַזונדערס אין אויסלאַנד) מאַרטינאָווס, וועלכע האָבן ליב זיך צו פאַרנעמען מיט „קעגנזייטיקן בעשענקען איינער דעם אַנדערן מיט גענעראַל=טיטולן", וואָלטן געקאָנט אָנשטאָט „אַגענט פאַרן פאַספאָרטס=טייל" זאָגן — „דער הויפט=קאָמאַנדיר איבערן באַזונדערן טייל אַף צו פאַרזאָרגן די רעוואָלוציאָנערן מיט פאַספאָרטן" א. ד. גל. (אין דער אויסגאַבע פון 1908 י. האָט דער פאַרפאַסער דידאָזיקע אָנמערקונג אַרויסגעוואָרפן).

שטעלן און פאַרשפּרייטן די אַלגעמיינע ציימונג, וואָלט ניט געדאַרפט „זיצן און וואַרטן“ אַפן לאָזונג צום אויפשטאַנד, נאָר זי וואָלט גראָד געטאָן אַזאַ רעגולערע אַרבעט, וואָס וואָלט איר גאַראַנטירט די גרויסע וואַרשיינלעכקייט פון ערפאָלג אינם פאַל פון אַן אויפשטאַנד. טאַקע אַזאַ אַרבעט וואָלט פאַרפעסטיקט די פאַרבינדונגען סײַ מיט די סאַמע ברייטע מאַסן אַרבעטער, סײַ מיט אַלע שיכטן, וואָס זיינען אומצופרידן מיט דער זעלבסהערשונג, וואָס דאָס איז אַזוי וויכטיק פאַר אַן אויפשטאַנד. טאַקע אַף אַזאַ אַרבעט וואָלט זיך אויסגעאַרבעט די פעאיקייט ריכטיק אָפּצושאַצן די אַלגעמיין=פּאָליטישע אַרבעט און, דאָס הייסט, אויך די פעאיקייט אויסצוקלייבן אַ פּאַסיקן מאָמענט פאַרן אויפשטאַנד. גראָד אַזאַ אַרבעט וואָלט אויסגעלערנט אַלע אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס אָפּצורופן זיך איינצייטיק אַף איין און דיזעלביקע פּאָליטישע פראַגן, צופאַלן און געשעענישן, וועלכע באַאומרואיקן גאַנץ רוסלאַנד, ענטפערן אַף דיראָזיקע „געשעענישן“ ווי ווייט מעגלעך ענערגישער, ווי ווייט מעגלעך איינאַרטיקער און צוועקמעסיקער,— און אַן אויפשטאַנד איז דאָך, אין טאָך גענומען, דער סאַמע ענערגישער, סאַמע איינאַרטיקער און סאַמע צוועקמעסיקער „ענטפער“ פונם גאַנצן פאָלק דער רעגירונג. גראָד אַזאַ אַרבעט וואָלט, ענדלעך, אויסגעלערנט אַלע רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס אין אַלע עקן רוסלאַנד צו פירן די סאַמע באַשטענדיקע און אין דער זעלביקער צייט סאַמע קאָנספּיראַטיווע באַציאונגען, וועלכע שאַפן די פאַקטישע איינהייט פון דער פּאַרטיי, — און אָן אַזוינע באַציאונגען איז אוממעגלעך קאָלעקטיוו צו באַהאַנדלען דעם פּלאַן פון אַן אויפשטאַנד און אָנעמען יענע נויטיקע צוגרייטונגס=מיטלען ערעוו אים, וועלכע דאַרפן פאַרבלייבן אין שטרענגסטער געהיימניש.

מיט איין וואָרט, דער „פּלאַן פון אַן אַלגעמיין=רוסישער פּאָליטישער ציימונג“ שטעלט ניט נאָר ניט פאָר מיט זיך קיין פּרוכט פון קאַבינעטישער אַרבעט פון מענטשן, וועלכע זיינען אָנגעשטעקט מיט דאָקטרינערישקייט און מיט ליטעראַטורעריי (ווי דאָס האָט זיך אויסגעוויזן מענטשן, וואָס האָבן זיך שלעכט אין אים אַריינגעטראַכט), נאָר, פאַרקערט, ער איז דער סאַמע פּראַקטישער פּלאַן אָנצוהויבן פון אַלע זייטן און גלייך שוין גרייטן זיך צום אויפשטאַנד, ניט פאַרגעסנדיק אין דער זעלביקער צייט אַף קיין איין מינוט אונזער וואָכעדיקע וויכטיקע אַרבעט.

# שלוס

די געשיכטע פון דער רוסישער סאָציאַל=דעמאָקראַטיע צעפאַלט זיך דרייטלעך אַף דריי פּעריאָדן.

דער ערשטער פּעריאָד נעמט אַרום בּאַ 10 יאָר, אַן ערעך די יאָרן 1884—1894. דאָס איז געווען דער פּעריאָד, ווען עס איז אַנטשטאַנען די טעאָריע און

די פראָגראַם פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. די צאָל אָנהענגער פון דער נייער ריכטונג אין רוסלאַנד האָט מען געמאָסטן מיט איינסן. די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע האָט עקזיסטירט אָן אַן אַרבעטער-באַוועגונג, איבערלעבנדיק, אַלס פּאָליטישע פּאַרטיי, דעם פּראָצעס פון עמבריאָנאַלער אַנטוויקלונג.

דער צווייטער פּעריאָד נעמט אַרום 3—4 יאָר, 1894—1898. די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע באַווייזט זיך אַף גאָטס וועלט, ווי אַ געזעלשאַפטלעכע באַוועגונג, ווי אַן אויפשטייג פון די פאָלקס-מאַסן, ווי אַ פּאָליטישע פּאַרטיי. דאָס איז דער פּעריאָד פון קינדהייט און אינגלשקייט. מיט דער שנעלקייט פון אַן עפּידעמיע פאַרשפּרייט זיך די אַלגעמיינע פאַרינטערעסירטקייט פון דער אינטעליגענץ מיטן קאַמף קעגן דעם פאָלקיזם און מיטן גיין צו די אַרבעטער, אַן אַלגעמיינע פאַרינטערעסירטקייט פון די אַרבעטער מיט די שטרייקן. די באַוועגונג מאַכט קאָלאָסאַלע דערפאָלגן. די מערהייט אָנפירער — גאָר יונגע מענטשן, וועלכע האָבן ווייט ניט דערגרייכט יענעם „35 יעריקן עלטער“, וואָס אַזאַ עלטער, האָט זיך געדוכט דעם הער מיכאַילאָווסקי, איז עפּעס אַ נאַטירלעכע גרעניץ. אַדאַנק זייער יונגקייט, ווייזן זיי זיך אַרויס פאַר ניט צוגעגרייט צו דער פּראַקטישער אַרבעט און זיי גייען וואונדערבאַר גיך אַראָפּ פון דער סצענע. אָבער דער פאַרמעסט פון דער אַרבעט איז באַ זיי מערסטנטייל געווען זייער אַ ברייטער. פיל פון זיי האָבן אָנגעהויבן רעוואָלוציאָנער דענקען אַלס נאַראָדאָוואָלצעס. קימאַט אַלע האָבן זיך אין דער פריער יוגנט מיט אַנטציקונג געבוקט פאַר די העלדן פון טעראָר. דער אָפּזאָג פונם באַצויבערנדיקן איינדרוק פון דערדאָזיקער העלדישער טראַדיציע האָט געקאָסט קאַמף, איז באַגלייט געווען מיט אַן איינרייס מיט די מענטשן, וועלכע האָבן אום יעדן פּרייז געוואָלט טריי בלייבן דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליא“ און וועלכע די יונגע סאָציאַל-דעמאָקראַטן האָבן הויך געשעצט. דער קאַמף האָט געצוואונגען זיך לערנען, לייענען אומלעגאַלע ווערק פון אַלערליי ריכטונגען, פאַרשטאַרקט פאַרנעמען זיך מיט די פראַגן פון לעגאַלן פאָלקיזם. דערצויגענע אַף דעמדאָזיקן קאַמף, זייגען די סאָציאַל-דעמאָקראַטן געגאַנגען אין דער אַרבעטער-באַוועגונג, „אַף קיין איין מינוט“ ניט פאַרגעסנדיק ניט וועגן דער טעאָריע פון מאַרקסיזם, וועלכע האָט זיי באַשיינט מיט העלן ליכט, ניט וועגן דער אויפגאַבע צו שטירצן די זעלבסטהערשונג. די אויסבילדונג פון דער פּאַרטיי אין פרילינג 1898 יאָר איז געווען די סאַמע בוילעטע און אין דער זעלביקער צייט די *לעצטע* טאַט פון די סאָציאַל-דעמאָקראַטן פון דעמדאָזיקן פּעריאָד.

דער דריטער פּעריאָד ווערט צוגעגרייט, ווי מיר האָבן געזעען, אין 1897 יאָר און טרעט ענדגילטיק אַרויס אַף צו פאַרבייטן דעם צווייטן פּעריאָד אין 1898 יאָר (1898—?). דאָס איז אַ פּעריאָד פון צעשפּליטערונג, פון צעפאַלונג, פון וואַקלונגען. אין דער יוגנט טרעפט אַזוי, אַז באַ מענטשן ברעכט זיך די שטימע. אָט אַזוי האָט זיך אויך באַ דער רוסישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע פון דעמדאָזיקן פּעריאָד אָנגעהויבן ברעכן די שטימע, זי האָט אָנגעהויבן קלינגען פאַלש —

פון איין זייט, אין די ווערק פון די הערן סטרואווע * און פּראָקאָפּאָוויטש **, בולגאַקאָוון *** און בערדיאַיעוו ****, פון דער צווייטער זייט — באַ וו. אי. און ר. מ., באַ ב. קריטשעווסקין און מאַרטינאָוון. אָבער געבלאָנדזשעט האָט מען יעדערער באַזונדער און געגאַנגען צוריק זיינען בלויז די אָנפּירער; די באַוועגונג גופא איז ווייטער געוואַקסן און האָט ווייטער געמאַכט קאָלאָסאַלע שריט פאָרויס. דער פּראָלעטאַרישער קאַמף האָט פאַרכאַפּט נייע שיכטן אַרבעטער און האָט זיך פאַרשפּרייט איבער גאַנץ רוסלאַנד, ווירקנדיק אין דער זעלביקער צייט אומדי-רעקט אויך אַף דער באַלעבונג פונם דעמאָקראַטישן גייסט אין דער סטודענטנ-שאַפט און אין אַנדערע שיכטן פון דער באַפעלקערונג. די באַוואוסטזיניקייט ווידער פון די אָנפּירער איז אָפּגעטראָטן קעגן דער ברייטקייט און קראַפט פונם סטיכישן אויפשטייג; צווישן די סאָציאַל-דעמאָקראַטן האָט שוין דאָמינירט אַ צווייטער פּעריאָד—דער פּעריאָד פון טוער, וואָס זיינען דערצויגן געוואָרן קימאַט בלויז אַף דער „לעגאַלער" מאַרקסיסטישער ליטעראַטור אַליין, און וואָס מער באַוואוסטזיניקייט עס האָט געפאָדערט פון זיי די סטיכישקייט פון דער מאַסע, אַלץ ווייניקער האָט דידאָזיקע „לעגאַלע" ליטעראַטור געקאָנט גענוג זיין פאַר אַזאַ צוגרייטונג. די אָנפּירער פלעגן זיך ניט נאָר אַרויסווייזן הינטערשטעליק סײַ אין דער טעאָרעטישער הינזיכט („פרייהייט פון קריטיק"), סײַ אין דער פּראַק-טישער („די קוסטאַרעריי"), נאָר זיי האָבן זיך געפּרוווט פאַרטיידיקן זייער אָפּגעשטאַנענקייט מיט אַלערליי הויך קלינגענדיקע אַרגומענטן. דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיזם פלעגט דערנידעריקט ווערן ביז טרעד-יוניאָניזם סײַ דורך די ברענטאַניסטן פון דער לעגאַלער, סײַ דורך די נאָכשלעפּער פון דער אומלעגאַ-לער ליטעראַטור. די פּראָגראַם פון „קרעדא" האָט אָנגעהויבן פאַרווירקלעכט ווערן, באַזונדערס ווען די „קוסטאַרעריי" פון די סאָציאַל-דעמאָקראַטן האָט אַרויסגערופן אַן אויפלעבונג פון די רעוואָלוציאָנערע ניט סאָציאַל-דעמאָקראַטי-שע ריכטונגען.

איז אַט, אויב דער לעזער וועט מיר אויפוואַרפן, וואָס איך האָב זיך צו גענוי פאַרנומען מיט עפּעס אַ „ראַב. דיעלאָ", וועל איך ענטפערן דערויף: די „ראַב. דיעלאָ" האָט באַקומען אַ „היסטאָרישע" באַדייטונג דערפאַר, ווייל זי

* סטרואווע — אָנגעזעענסטער פאָרשטייער פונם לעגאַלן מאַרקסיזם. פון אָנהויב אַ ס. ד., האָט ער וואָס ווייטער אַלץ מער קריטיקירט מאַרקסן, איז געוואָרן אַ ליבעראַל, היינט אַ מאָנאַרכיסט — ווייסער גוואַרדייער. איב.

** פּראָקאָפּאָוויטש — איינער פון די אָנגעזעענסטע עקאָנאָמיסטן. שפּעטער אַ רעכ-טער ליבעראַל, קערענסקיס אַ מיניסטער. היינט אין דער ווייסער עמיגראַציע. איב.

*** בולגאַקאָוו — פון אָנפאַנג אַ לעגאַלער מאַרקסיסט, שפּעטער עוואָלוציאָנירט פון מאַרקסן צו אידעאַליזם און רעליגיע. געוואָרן אַ גאַלעך. היינט אין דער עמיגראַציע. איב.

**** בערדאַיעוו — פון אָנפאַנג אַ מאַרקסיסט, באַשעפטיקט זיך מיט פילאָזאָפיע. אַריבער פון מאַרקסיזם צו אידעאַליזם. איב.

האָט בווילעטער פון אַלץ אָפגעשפיגלט אין זיך דעם „גייסט“ פון דעמדראָזיקן דריטן פעריאָד *. ניט דער אויסגעהאַלטענער ר. מ., נאָר טאַקע די פליוגערדיקע קריטשעווסקיס און מאַרטינאָווס האָבן געקאָנט אַף אַן עכטן אויפן אויסדריקן די צעשפליטערטקייט און די וואַקלונגען, די גרייטקייט צו גיין אַף האַנאָכעס סאַי לעגאַבע דער „קריטיק“, סאַי לעגאַבע דעם „עקאָנאָמיזם“, סאַי לעגאַבע דעם טעראָריזם. ניט די מאַיעסטעטישע פאַראַכטונג צו דער פראַקטיק מיצאַד עפעס אַן אָנהענגער פונם „אַבסאָלוט“ איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דעמדאָזיקן פעריאָד, נאָר גראָד די פאַרייניקונג פון קליינלעכן פראַקטיציזם מיט פולשטענדיקער טעאָרעטישער זאָרגלאָזיקייט. ניט אַזוי מיט דירעקטן אָפלייקענען די „גרויסע ווערטער“ האָבן זיך פאַרגומען די העלדן פונם דאָזיקן פעריאָד, ווי מיט וואולגאַריזירן זיי: דער וויסנשאַפטלעכער סאָציאַליזם האָט אויפגעהערט צו זיין אַ גאַנצע רעוואָלוציאָנערע טעאָריע, נאָר ער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מישמאַש, צו וועלכן מע האָט „פריי“ צוגעגעבן פליסיקייט פון יעטווידער נייעם דייטשישן לערן=בוך; דער לאָזונג „קלאַסן=קאַמף“ האָט ניט געשטויסן פאָרויס צו אַלץ ברייטערער, אַלץ מער ענערגישער טעטיקייט, נאָר ער האָט געדינט, ווי אַ באַרואיקונגס=מיטל, ווייל „דער עקאָנאָמישער קאַמף איז דאָך פעסט פאַרבונדן מיטן פאָליטישן“; די אידייע פון אַ פאַרטיי האָט ניט גערינט, ווי אַ צורוף צו באַשאַפן אַ שלאַכט=אָרגאַניזאַציע פון רעוואָלוציאָנערן, נאָר זי האָט באַרעכטיקט עפעס אַ „רעוואָלוציאָנערע קאַנצעלאַריי“ און אַ קינדער=שפיל אין „דעמאָקראַטישע“ פאָרמעס.

ווען עס ענדיקט זיך דער דריטער און עס הויבט זיך אָן דער פערטער פעריאָד (וואָס אַן אָנזאָג אַף אים איז שוין אַלנפאַלס פאַראַן דורך פיל סימאָנים), ווייסן מיר ניט. פונם געשיכטע=געביט גייען מיר איצט אַריבער אין דעם געביט פון היינטצייטיקייט, טיילווייז פון דער צוקונפט. אָבער מיר גלויבן פעסט, אַז דער פערטער פעריאָד וועט פירן צו דער פאַרפעסטיקונג פונם קריגערישן מאַרקסיזם, אַז פונם קריזיס וועט די רוסישע סאָציאַל=דעמאָקראַטיע אַרויס אַ פאַרפעסטיקטע און אַ קרעפטיקע, אַז „אַף אָפבייטן“ דעם אַריערגאַרד אָפאָרטוניסטן וועט אַרויסטרעטן דער ווירקלעכער אַוואַנגאַרד פונם סאַמע רעוואָלוציאָנערן קלאַס.

אינם זין פון אַ צורוף צו אַזאַ „איבערבייט“ און מאַכנדיק אַן אַלגעמיינעם סאַכאַקל פון דעם אַלעם, וואָס איז אויבן געזאָגט געוואָרן, קאָנען מיר אַף דער פראַגע: וואָס דאַרף מען טאָן? געבן אַ קורצן ענטפער:

ליקווידירן דעם דריטן פעריאָד.

* איך וואָלט אויך געקאָנט ענטפערן מיטן דייטשישן שפריכוואָרט: דעם זאַק שלאָגט מען און דעם אייזל מיינט מען. ניט בלויז די „ראַב. דיעלאָ“, נאָר די ברייטע מאַסע פראַקטיקער און טעאָרעטיקער האָט זיך געלאָזט פאַרפירן מיט דער מאָדישער „קריטיק“, האָט זיך געפלאָנטערט אין דער פראַגע וועגן סטיכישקייט, האָט זיך אַראָפגעשלאָגן פונם סאָציאַל=דעמאָקראַטישן אַף אַ טרעד=יוניאָניסטישן פאַרשטיין אונזערע פאָליטישע און אָרגאַניזאַציאָנעלע אויפגאַבן.

## ב״ילאגע

# דער פּרואוו צו פאַרייניקן די „איסקרא“ מיט „ראַבאָטשעיע דיעלאָ“ *)

אונז בלייבט צו באַשרייבן יענע טאַקטיק, וועלכע עס האָט אָנגענומען און קאָנזעקווענט דורכגעפירט די „איסקרא“ אין די אָרגאַניזאַציאָנעלע באַציאונגען צו „ראַב. דיעלאָ“. דידאָזיקע טאַקטיק האָט זיך שוין פולשטענדיק אויסגעדריקט אינם ערשטן נומער „איסקרא“, אינם אַרטיקל וועגן דער „שפּאַלטונג אינם אויסלענדישן פאַרבאַנד פון די רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן“. מיר האָבן זיך גלייך געשטעלט אַף דעם שטאַנדפּונקט, אַז דער עכטער „פאַרבאַנד פון די רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן אין אויסלאַנד“, וועלכער איז אנערקענט געוואָרן אַפן ערשטן צוזאַמענפאָר פון אונזער פּאַרטיי, אַלס איר אויסלענדישער פאָרשטייער, האָט זיך צעשפּאָלטן אַף צוויי אָרגאַניזאַציעס; — אַז די פראַגע וועגן דער פאָרשטייערשאַפט פון דער פּאַרטיי בלייבט אָפן, זייענדיק בלויז צייטווייליק און בתנאי געלייזט דערמיט, וואָס אַפן פּאַריזער אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס זיינען אין דער שטענדיקער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער ביוראָ אויסגעקליבן געוואָרן פון רוסלאַנד צוויי מיטגלידער, צו איינעם פון יעדן טייל פונם צעשפּאָלטענעם פאַרבאַנד. מיר האָבן דערקלערט, אַז אין טאָך גענומען איז די „ראַב. דיעלאָ“ ניט גערעכט, מיר האָבן זיך אַנטשיידן געשטעלט אין דער פּרינציפּיעלער הינזיכט אַפן צאַד פון דער גרופּע „באַפרייאונג פון דער אַרבעט“, אָבער מיר האָבן זיך אָפּגעזאָגט אין דער זעלביקער צייט אַריינצוגיין אין די פּראָטים פון דער אַרבעט און האָבן פאַרצייכנט דעם פאַרדינסט פונם פאַרבאַנד אינם געביט פון ריין פּראַקטישער אַרבעט **.

אַזוי אַרום איז אונזער פּאָזיציע געווען ביז אַ געוויסער מאָס אַן אויסוואַרטנדיקע: מיר האָבן געמאַכט אַ האַנאָכע דער מיינונג, וועלכע האָט געהערשט צווישן דער מערהייט רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן, אַז האַנט בײַ האַנט מיטן „פאַר-

---

* אין דער אויסגאַבע פון 1908 יאָר איז דידאָזיקע ביילאַגע אַרויסגעלאָזן.
רעד.

** אינם גרונט פון אַזאַ אָפּשאַצונג פון דער שפּאַלטונג איז געלעגן ניט נאָר די באַקאַנטשאַפט מיט דער ליטעראַטור, נאָר אויך די אָנגאַבן, וועלכע עס האָבן צענויפגעקליבן אין אויסלאַנד עטלעכע מיטגלידער פון אונזער אָרגאַניזאַציע, וואָס זיינען דאָרט געווען.

באַנד“ קאָנען אַרבעטן אויך די סאַמע אַנטשיידענע סאָנים פונם עקאָנאָמיזם, ווייל דער „פּאַרבאַנד“ האָט ניט איין מאָל דערקלערט וועגן זיין פּרינציפּיעלער איינשטימיקייט מיט דער גרופּע „באַפרייאונג פון דער אַרבעט“, ניט פּרעטענדירנדיק קלוימערשט אַף אַ זעלבשטענדיקע פיזיאָנאָמיע אין די איקערדיקע פראַגן פון טעאָריע און טאַקטיק. די ריכטיקייט פון דער פּאָזיציע, וועלכע מיר האָבן פאַרנומען, איז אומדירעקט באַשטעטיקט געוואָרן דערמיט, וואָס קימאַט גלייכצייטיק מיטן דערשיינען פונם ערשטן נומער „איסקרא“ (דעקאַבר 1900), האָבן זיך פונם „פּאַרבאַנד“ אָפּגעטיילט דריי מיטגלידער, וועלכע האָבן געבילדעט די אַזוי גערופענע „גרופּע איניציאַטאָרן“ און האָבן זיך געווענדעט: 1) צום אויסלענדישן אָפּטייל פון דער אָרגאַניזאַציע „איסקרא“, 2) צו דער רעוואָלוציאָנערער אָרגאַניזאַציע „סאָציאַל-דעמאָקראַט“ און 3) צום „פּאַרבאַנד“ מיט אַ פאָרשלאַג פון פאַרמיטלערײַ אינם פירן אונטערהאַנדלונגען וועגן אַ שאָלעם. די ערשטע צוויי אָרגאַניזאַציעס האָבן גלייך געענטפערט מיט אַ האַסקאָמע, די דריטע — מיט אַן אָפּזאָג, עמעס, ווען איין רעדנער האָט איבערגעגעבן דידאָזיקע פאַקטן אַפן „פאַראייניקונגס“-צוזאַמענפאָר אינם פאָריקן יאָר, האָט דער אַדמיניסטראַציע-מיטגליד פונם „פּאַרבאַנד“ דערקלערט, אַז זייער אָפּזאָג איז אַרויסגערופן געווען אויסשליסלעך דערמיט, וואָס דער „פּאַרבאַנד“ איז אומצעפרידן געווען מיטן באַשטאַנד פון דער גרופּע איניציאַטאָרן. האַלטנדיק פאַר מיין כויוו צוברענגען דידאָזיקע דערקלערונג, קאָן איך ניט פונדעסטוועגן ניט באַמערקן פון מיין זייט, אַז איך האַלט זי פאַר ניט קיין באַפרידיקנדיקע: ווייסנדיק וועגן דער איינשטימונג פון די צוויי אָרגאַניזאַציעס אַף די אונטערהאַנדלונגען, האָט דער „פּאַרבאַנד“ געקאָנט זיך ווענדן צו זיי אויך דורך אַן אַנדער פאַרמיטלער אָדער אומיטלבאַר.

פרילינג 1901 יאָר איז מיט אַ דירעקטער פּאָלעמיק קעגן „ראַב. דיעלאָ“ אַרויסגעטראָטן סײַ די „זאַריאַ“ (נומער 1, אַפּריל) סײַ די „איסקרא“ (נומער 4, מײַ). די לעצטע איז באַזונדערס אָנגעפאַלן אַפן „היסטאָרישן קער“ פון דער „ראַב. דיעלא“, וועלכע האָט אין איר אַפּרילער בלעטל, דאָס הייסט, שוין נאָך די פרילינג-געשעענישן אַרויסגעוויזן ניט-שטאַנדהאַפטיקייט אין פראַגע פון באַגייסטערן זיך מיט טעראָר און מיט „בלוטיקע“ צורופן. ניט געקוקט אַף דערדאָזיקער פּאָלעמיק, האָט דער „פּאַרבאַנד“ געענטפערט מיט אַ האַסקאָמע צו באַנייען די אונטערהאַנדלונגען וועגן אַ שאָלעם באַ דער פאַרמיטלונג פון אַ נייער גרופּע „שאָלעם-מאַכער“. די לעכאַטכילעדיקע קאָנפערענץ פון פאָרשטייער פון די דריי אויבן אָנגערופענע אָרגאַניזאַציעס איז פאָרגעקומען אין יולי און האָט אויסגעאַרבעט אַ פראָיעקט פון אַן אָפּמאַך אַפן באַזיס פון אַן אויספירלעכסטן „פרינציפּיעלן אויסגלייך“, וועלכן דער „פּאַרבאַנד“ האָט אָפּגעדרוקט אין דער בראָשור „צוויי צוזאַמענפאָרן“, און די ליגע — אין דער בראָשור: „דאָקומענטן פונם פאַראייניקונגס-צוזאַמענפאָר“.

דער אינהאַלט פונם דאָזיקן פּרינציפּיעלן אויסגלייך (אָדער רעזאָלוציעס פון דער יוגי=קאָנפערענץ, ווי מע רופט זיי אָפּטער) באַווייזט מיט דער פולסטער קלאָרקייט, אַז מיר האָבן געשטעלט, ווי אַן אומבאַדינגטן תּנאַי פאַר דער פאַרייניקונג, דאָס **סאַמע אַנטשיידענע** אָפּלייקענען אַלע און אַלערליי אַנטפּלעקונגען פון אָפּאָרטוניזם ביכלאַל און פונם רוסישן אָפּאָרטוניזם ביפראַט. „מיר וואַרפן אָפּ, — זאָגט דער פּונקט 1, — אַלערליי פּרואוון אַרייַנצוטראָגן אָפּאָרטוניזם אינם קלאַסן=קאַמף פונם פּראָלעטאַריאַט, — די פּרואוון, וועלכע האָבן זיך אויסגעדריקט אין דעם אַזוי גערופענעם עקאָנאָמיזם, אינם בערנשטייניאַניזם, אינם מיליעראַניזם א. א. וו.". „אינם טעטיקייט=קרייז פון דער סאָציאַל=דעמאָקראַטיע גייט אריין... דער אידייאישער קאַמף קעגן אַלע קעגנער פון דעם רעוואָלוציאָנערן מאַרקסיזם" (4); „אין אַלע ספערן פון אָרגאַניזיר=אַגיטאַציאָנעלער טעטיקייט דאַרף די סאָציאַל=דעמאָקראַטיע אַף קיין איין מינוט ניט אַרויסלאָזן פון אויג די נאָענטסטע אויפגאַבע פונם רוסישן פּראָלעטאַריאַט— שטירצן די זעלבסטהערשונג" (5);... „אַגיטאַציע ניט נאָר אַפן באָדן פונם אַלטעגלעכן קאַמף פון דער לוין=אַרבעט מיטן קאַפּיטאַל" (5);... „ניט אַנערקענענדיק... די סטאַדיע פון ריין עקאָנאָמישן קאַמף און קאַמף פאַר טיילווייזע פּאָליטישע פאָדערונגען" (5);... „מיר האַלטן פאַר וויכטיק פאַר דער באַוועגונג די קריטיק פון די שטרעמונגען, וועלכע דערפירן ביז צו אַ פּרינציפּ... די עלעמענטאַרקייט... און שמאָלקייט פון די נידעריקסטע פאָרמען פון דער באַוועגונג" (5). אַפילע אַן אַבסאָלוט זייטיקער מענטש, וואָס האָט כאָטש וויפל ניט איז אויפמערקזאַם דורכגעלייענט דידאָזיקע רעזאָלוציעס, וועט שוין פון דער פאָרמולירונג זייערער גופע דערזעען, אַז זיי זיינען געווענדעט קעגן די מענטשן, וואָס זיינען געווען אָפּאָרטוניסטן און „עקאָנאָמיסטן", וואָס האָבן כאָטש אַף אַ מינוט פאַרגעסן וועגן דער אויפגאַבע צו שטירצן די זעלבסטהערשונג, וואָס האָבן אָנערקענט די טעאָריע פון סטאַדיעס, האָבן דערהויבן ביז צו אַ פּרינציפּ די שמאָלקייט און א. וו. און ווער עס איז כאָטש וויפל ניט איז באַקאַנט מיט דער פּאָלעמיק קעגן „ראַב. דיעלאָ" מיצאַד דער גרופּע „באַפרייאונג פון דער אַרבעט", „זאַריאַ" און „איסקרא", דער וועט אַף קיין איין מינוט ניט צווייפלען דערין, אַז דידאָזיקע רעזאָלוציעס וואַרפן אָפּ פּונקט נאָך פּונקט גראָד יענע גרייזן, אין וועלכע עס איז אַריינגעפאַלן „ראַב. דיעלאָ". דעריבער איז, ווען אַפן „פאַרייניקונגס"=צוזאַמענפאָר האָט איינער פון די מיטגלידער פונם „פאַרבאַנד" דערקלערט, אַז די אַרטיקלען אינם נומער 10 „ראַב. דיעלאָ" זיינען אַרויסגערופן ניט דורך דעם נייעם „היסטאָרישן קער" פונם „פאַרבאַנד", נאָר דורך דער צו גרויסער „אַבסטראַקטקייט"* פון די רעזאָלוציעס — האָט איין רעדנער געהאַט דאָס פולע רעכט אויסצולאַכן זיך פון דעם. דידאָזיקע רעזאָלוציעס זיינען ניט

* דידאָזיקע באַהויפּטונג איז איבערגעכאַזערט אין די „צוויי צוזאַמענפאָרן", זייט 25.

נאָר ניט אַבסטראַקט, האָט ער געענטפערט, — נאָר אויסערגעוויינלעך קאָנקרעט: איין קוק אַף זיי איז גענוג, קעדיי צו זעען, אַז דאָ „האָט מען עמיצן געוואָלט כאַפּן“.

דערדאָזיקער לעצטער אויסדרוק האָט געגעבן אַ מאָטיוו פאַר אַ כאַראַקטעריסטישן עפּיזאָד אַפן צוזאַמענפאָר. פון איין זייט האָט זיך ב. קריטשעווסקי אָנגעכאַפּט פאַרן וואָרט „געוואָלט כאַפּן“, באַשליסנדיק, אַז דאָ האָט מען זיך אַרויסגעכאַפּט מיט אַ וואָרט, וואָס גיט אַרויס דעם שלעכטן מיין פון אונזער זייט („אונטערשטעלן אַ פאַסטקע“) און האָט פּאַטעטיש אויסגערופן: „איז וועמען טאַקע, וועמען האָט מען דאָ געוואָלט כאַפּן?“ — „אָט, בעעמעס, וועמען?“ האָט איראָניש געפרעגט פּלעכאַנאָוו. — „איך וועל העלפן כ׳ פּלעכאַנאָווס ניט קענען טרעפן — האָט געענטפערט ב. קריטשעווסקי, — איך וועל אים דערקלערן, אַז דאָ האָט מען געוואָלט כאַפּן די רעדאַקציע פון „ראַב. דיעלאָ“ (אַלגעמיינער געלעכטער). אָבער מיר האָבן זיך ניט געלאָזט כאַפּן!“ (באַמערקונגען פון לינקס: דאָס איז נאָך ערגער פאַר אייך!) — פון דער צווייטער זייט האָט אַ מיטגליד פון דער גרופּע „קאַמף“ (די גרופּע שאָלעם=מאַכער), ריידנדיק קעגן די אויסבעסערונגען פונם „פאַרבאַנד“ צו די רעזאָלוציעס און וועלנדיק פאַרטיידיקן אונזער רעדנער, דערקלערט, אַז דער אויסדריק „געוואָלט כאַפּן“ האָט זיך מיסטאָמע אומגערן אַרויסגעריסן אין ברען פון פּאָלעמיק.

וואָס איז שאַיעך מיך, מיין איך, אַז פון אַזאַ „פאַרטיידיקונג“ וועט קיין געזונט ניט צוקומען דעם רעדנער, וועלכער האָט באַנוצט דעם באַטראַכטן אויסדרוק. איך מיין, אַז די ווערטער „מע האָט עמיצן געוואָלט כאַפּן“, זיינען „אין שפּאַס געזאָגט געוואָרן אָבער אין ערנסט געמיינט“. מיר האָבן שטענדיק באַשולדיקט די „ראַב. דיעלאָ“ אין ניט=שטאַנדהאַפטיקייט, אין וואַקלונגען, און דעריבער האָבן מיר, נאַטירלעך, געדאַרפט זיך סטאַרען כאַפּן זי, קעדיי צו מאַכן אַף ווייטער די וואַקלונגען פאַר אומעגלעך. וועגן אַ שלעכטן מיין האָט דאָ ניט געקאָנט אַפילע זיין קיין רייד, ווייל עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן פּרינציפּיעלער ניט=שטאַנדהאַפטיקייט. און אונז האָט זיך איינגעגעבן צו „כאַפּן“ דעם „פאַרבאַנד“ אַזוי כאַוועריש*, אַז די יוני=רעזאָלוציעס האָט אונטערגעשריבן ב. קריטשעווסקי אַליין און נאָך איין אַדמיניסטראַציע=מיטגליד פונם פאַרבאַנד.

* דעהאַינגע: מיר האָבן אונם אַריינפיר צו די יוני=רעזאָלוציעס געזאָגט, אַז די רוסישע סאָציאַל=דעמאָקראַטיע, אין גאַנצן גענומען, איז שטענדיק געשטאַנען אַפן באָדן פון די פּרינציפּן פון דער גרופּע „באַפרייאונג פון דער אַרבעט“ און אַז דער פאַרדינסט פונם „פאַרבאַנד“ איז געווען באַזונדערס זיין פאַרלעגערישע און אָרגאַניזאַציאָנעלע טעטיקייט. מיט אַנדערע ווערטער, מיר האָבן אויסגעדריקט די פולע גרייטקייט צו פאַרגעסן די גאַנצע פאַרגאַנגענהייט און צו אנערקענען די נוצלעכקייט (פאַר דער זאַך) פון דער טעטיקייט פון אונזערע כאַווירים פונם פאַרבאַנד באַם באַדינג, די וואַקלונגען זאָלן פולשטענדיק אויפהערן, וואָס דערצו האָבן מיר געשטרעבט מיטן „וועלן כאַפּן“. יעדער ניטפאַראינטערעסירטער מענטש, אַז ער וועט איבערלייענען די יוני=רעזאָלוציעס, וועט ער זיי פאַרשטיין בעפיירעש גאָר אַזוי. אויב אָבער דער „פאַר=

די אַרטיקלען אינם נומער 10 „ראַב. דיעלאָ“ (אונזערע כאַוויירים האָבן דער=
זעען רעמדאָזיקן נומער ערשט דאַן, ווען זיי זיינען געקומען צופאָרן אַפּן צו=
זאַמענפאָר, מיט עטלעכע טעג פאַרן אָנהויב פון די זיצונגען) האָבן קלאָר באַ=
וויזן, אַז פון זומער ביז האַרבסט איז אינם „פאַרבאַנד“ פאָרגעקומען אַ נייער
קער: די עקאָנאָמיסטן האָבן ווידער באַקומען די אויבערהאַנט, און די רעדאַקציע,
אַ געהאָרכזאַמע צו יעטווידער „ווינטל“, האָט זיך ווידער אַמאָל גענומען פאַר=
טיידיקן די „סאַמע פאַרפאַלענע בערנשטייניאַנער“ און „די פרייהייט פון קרי=
טיק“, פאַרטיידיקן די „סטיכישקייט“ און פריידיקן מיט מאַרטינאָווס לעפצן די
„טעאָריע פון פאַרשמעלערן“ די ספער פון אונזער פּאָליטישער אויפווירקונג
(קלוימערשט, צוליב דער קאָמפּליצירטקייט פון דער אויפווירקונג גופע). עס
האָט זיך נאָך אַמאָל באַשטעטיקט פּאַרוואוסעס טרעפלעכע באַמערקונג, אַז
אַן אָפּאָרטוניסט איז שווער צו כאַפּן מיט אַ וועלכער ניט איז פאָרמול: ער וועט
לייכט אונטערשרייבן י ע ט ו ו י ד ע ר פאָרמול און וועט לייכט אָפּטרעטן פון
איר, ווייל דער אָפּאָרטוניזם באַשטייט טאַקע אין דער אָפּוועזנהייט פון וויפל
ניט איז באַשטימטע און פעסטע פּרינציפּן. היינט האָבן די אָפּאָרטוניסטן אָפּגע=
וואָרפן י ע ט ו ו י ד ע ר פּרואוון אַריינצוטראָגן אָפּאָרטוניזם, אָפּגעוואָרפן
י ע ט ו ו י ד ע ר שמאָלקייט, פייערלעך צוגעזאָגט „אַף קיין איין מינוט ניט פאַר=
געסן וועגן שטירצן די זעלבסטהערשונג“, פירן „אַן אַגיטאַציע ניט נאָר אַפּן באָדן
פונם אַלטעגלעכן קאַמף פון דער לוין=אַרבעט מיטן קאַפּיטאַל“ א. א. וו. א. א. וו..
און מאָרגן ענדערן זיי דעם אויפן פון אויסדריקן און נעמען זיך פאַר דאָס אַלטע
אונטער דער פאָרם פון פאַרטיידיקן די סטיכישקייט, פונם פּראָגרעסיוון גאַנג
פונם גרויען לויפנדיקן קאַמף, פון לויבן אין הימל אַריין די פאָדערונגען, וועלכע
פאַרשפּרעכן מאַמאָשעסדיקע רעזולטאַטן א. ד. גל. האַלטנדיק אין איין באַ=
הויפּטן, אַז אין די אַרטיקלען פונם נומער 10 „האָט דער פאַרבאַנד ניט געזעען
און זעט ניט קיין שום אַפּיקאָרסישן צוריקטריט פון די אַלגעמיינע פּרינציפּן
פונם קאָנפערענץ=פּראָיעקט“ („צוויי צוזאַמענפאָרן“, ז. 26), ווייזט אַרויס דער
„פאַרבאַנד“ דערמיט בלויז די פולע אומפעאיקייט אָדער דאָס ניט וועלן פאַר=
שטיין דעם טאָך פון די מיינונגס=פאַרשיידנהייטן.

נאָכן נומער 10 „ראַב. דיעלאָ“ איז אונז געבליבן צו מאַכן נאָר איין פּרואוו:
אָנהויבן אַן אַלגעמיינע דיסקוסיע, קעדיי זיך צו איבערצייגן, צי איז דער גאַנצער
„פאַרבאַנד“ סאָלידאַר מיט דידאָזיקע אַרטיקלען און מיט זיין רעדאַקציע. דער
„פאַרבאַנד“ איז באַזונדערס אומצעפרידן מיט אונז דערפאַר און באַשולדיקט
אונז אין אַ פּרואוו צו זייען קריג אינם „פאַרבאַנד“, אין אַריינמישן זיך ניט אין

---

באַנד“ באַשולדיקט אונז איצט פייערלעך אין ג י ט ע מ ע ס („צוויי צוזאַמענפאָרן“,
ז. 30) פאַר דידאָזיקע ווערטער וועגן זיינע פאַרדינסטן, נאָך דעם, ווי ער האָט אַ ר ו י ס=
ג ע ר ו פ ן דעם אויגרויס מיט זיין נייעם קער צום עקאָנאָמיזם (אין די אַרטיקלען פונם
נומער 10 און אין די אויסבעסערונגען), קאָן אַזאַ באַשולדיקונג, פאַרשטייט זיך, אַרויס=
רופן בלויז אַ שמייכל.

אונזער זאַך א. א. וו. די באַשולדיקונגען זיינען בעפּיירעש אומבאַגרינדעטע, ווייל באַ אַ געוויילטער רעדאַקציע, וועלכע „גיט זיך אַ קער“ באַם סאַמע לייכטן ווינטל, איז אַלץ אָפּהענגיק טאַקע פון דער ריכטונג פונם ווינט, און מיר האָבן דעפינירט דידאָזיקע ריכטונג אַף פאַרמאַכטע זיצונגען, אַף וועלכע עס איז קיינער ניט געווען, אַכוץ די מיטגלידער פון די אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן זיך צונויפגעקליבן אַף צו פאַרייניקן זיך. דאָס אַריינטראָגן איגם נאָמען פונם „פאַרבאַנד“ אויסבעסערונגען צו די יוני־רעזאָלוציעס האָט אָפּגענומען באַ אונז אויך דעם לעצטן שאָטן פון האָפענונג אַף אַן אויסגלייך. די אויסבעסערונגען האָבן דאָקומענטאַל באַשטעטיקט דעם גייעם קער צו עקאָנאָמיזם און די סאָלידאַרישקייט פון דער מערהייט „פאַרבאַנד“ מיטן נומער 10 „ראַב. דיעלאָ“. פונם קרייז דערשיינונגען פון אָפּאָרטוניזם איז אויסגעשטראָכן געוואָרן דער „אַזוי גערופענער עקאָנאָמיזם“ (צוליב דער קלוימערשטער „אומבאַשטימטקייט פונם זין“ פון דידאָזיקע דריי ווערטער, — האַגאַם פון אַזאַ מאָטיווירונג דרינגט אַרויס בלויז די נויטיקייט געווער צו דעפינירן דעם מעהוס פון דעם בריים פאַרשפרייטן פעלער), עס איז אויסגעשטראָכן געוואָרן אויך דער „מיליעראַניזם“ (האַגאַם ב. קריטשעווסקי האָט אים פאַרטיידיקט אין „ראַב. דיעלאָ“ נומער 2—3, ז"ז. 83—84 און נאָך דירעקטער אין „פאָרווערטס“) *. גיט געקוקט דערויף, וואָס די יוני־רעזאָלוציעס האָבן באַשטימט אָנגעוויזן די אויפגאַבע פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע — „אָנצופירן מיט איטלעכע דערשיינונגען פונם פראָלעטאַריאַטס קאַמף קעגן אַלע פאָרמען פון פאָליטישער, עקאָנאָמישער און סאָציאַלער אונטערדריקונג“, פאָדערנדיק דערמיט גופא אַריינצוטראָגן פּלאַנמעסיקייט און אייניקייט אין דידאָזיקע אַלע דערשיינונגען פון קאַמף, — האָט דער „פאַרבאַנד“ צוגעגעבן נאָך אינגאַנצן איבעריקע ווערטער, אַז „דער עקאָנאָמישער קאַמף איז אַ מעכטיקער סטימול פון דער מאַסן־באַוועגונג“ (אַליין פאַר זיך זיינען דידאָזיקע ווערטער אומבאַשטרייטבאַר, אָבער באַ דער עקזיסטענץ פון שמאָלן „עקאָנאָמיזם“, האָבן זיי גיט געקאָנט ניט געבן קיין געלעגנהייט פאַר פאַלשע אויסטייטשונגען). נאָך מער, אין די יוני־רעזאָלוציעס איז אַריינגעטראָגן געוואָרן אַפילע אַ דירעקטע פאַרשמעלערונג פון דער „פאָליטיק“ סאַי דורך באַזייטיקן די ווערטער „אַף קיין איין מינוט“ (ניט פאַרגעסן וועגן דעם ציל צו שטירצן די זעלבסטהערשונג), סאַי מיטן צוגעבן די ווערטער, אַז „דער עקאָנאָמישער קאַמף איז דער סאַמע ברייט באַנוצבאַרער מיטל אַף אַריינציען די מאַסע אין אַקטיוון פאָליטישן קאַמף“. פאַרשטייט זיך, אַז נאָכן אַריינטראָגן אַזוינע אויסבעסערונגען האָבן אַלע רעדנער פון אונזער זייט אָנגעהויבן איינער נאָכן אַנדערן זיך אָפּזאָגן פונם וואָרט, האַלטנדיק פאַר אינגאַנצן אומנוצלעך ווייטערדיקע

* אין „פאָרווערטס“ האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּאָלעמיק מיקויעד דעם צווישן דער איצטיקער רעדאַקציע זייגער, קאַוטסקין און דער „זאַריאַ“. מיר וועלן ניט אויסמיידן צו באַקאָנען די רוסישע לעזער מיט דערדאָזיקער פּאָלעמיק.

אונטערהאַנדלונגען מיט מענטשן, וועלכע קערן זיך ווידער אום צום עקאָנאָמיזם און גאַראַנטירן פאַר זיך די פרייהייט פון וואַקלונגען.

„טאַקע דאָס, וואָס דער „פאַרבאַנד" האָט געהאַלטן פאַר אַ טנאַי sine qua non* פאַר דער פעסטקייט פון דעם צוקונפטיקן אויסגלייך, דאָס הייסט, פאַרן פאַרהיטן די זעלבשטענדיקע פיזיאָנאָמיע פון „ראַב. דיעלאָ" און איר אַווטאָנאָמיע, — טאַקע דאָס, האָט די „איסקרא" געהאַלטן, איז אַ שטיין אין וועג פאַר אַן אויסגלייך („צוויי צוזאַמענפאָרן", ז. 25). דאָס איז זייער ניט פּינקטלעך. אַף דער אַווטאָנאָמיע פון „ראַב. דיעלאָ" האָבן מיר קיינמאָל ניט געמאַכט קיין אַטענטאַט**. די זעלבשטענדיקייט פון איר פיזיאָנאָמיע האָבן מיר ווירקלעך *אומבאַדינגט אָפּגעוואָרפן*, אויב מע זאָל פאַרשטיין אונטער דעם אַ „זעלבשטענדיקע פיזיאָנאָמיע" אין די פּרינציפּיעלע פראַגן פון טעאָריע און פּראַקטיק: די יוני-רעזאָלוציעס אַנטהאַלטן טאַקע אין זיך אַ באַדינגלאָזע אָפּלייקענונג פון *אַזאַ* זעלבשטענדיקייט פון דער פיזיאָנאָמיע, ווייל די דאָזיקע „זעלבשטענדיקייט פון דער פיזיאָנאָמיע" האָט אין דער פּראַקטיק שטענדיק באַטייט, כאַזערן מיר איבער, אַלערליי וואַקלונגען און שטיצע מיצאַד די דאָזיקע וואַקלונגען פאַר דער צעשפּליטערונג, וועלכע הערשט בא אונז און וואָס איז אין פאַרטייאישער הינזיכט אומדערטרעגלעך. מיט די אַרטיקלען אין נומער 10 און מיט די „אויסבעסערונגען" האָט „ראַב. דילאָ" קלאָר באַוויזן איר פאַרלאַנג צו פאַרהיטן פאַר זיך טאַקע דידאָזיקע זעלבשטענדיקייט פון דער פיזיאָנאָמיע, און אַזאַ פאַרלאַנג האָט נאַטירלעך און אומפאַרמיידלעך געפירט צו אַן איינרייס און צו אַ מילכאָמע-דערקלערונג. אָבער מיר אַלע זיינען גרייט געווען צו אָנערקענען די „זעלבשטענדיקע פיזיאָנאָמיע" פון „ראַב. דילאָ" אינם זין פון קאָנצענטרירן זי אַף באַשטימטע ליטעראַרישע פונקציעס. אַ ריכטיקע פאַרטיילונג פון דידאָזיקע פונקציעס האָט זיך אַליין געבעטן: 1) אַ וויסנשאַפטלעכער זשורנאַל, 2) אַ פּאָליטישע צייטונג און 3) פּאָפּולערע זאַמלביכער און פּאָפּולערע בראָשורן. נאָר די איינשטימונג פון „ראַב. דיעלאָ" אַף אַזאַ פאַרטיילונג וואָלט דערוויזן איר *אויפריכטיקן* ווילן אונטערצופירן ענדגילטיק די כעשבוינעס מיט יענע פעלערן, קעגן וועלכע עס זיינען געווענדעט די יוני-רעזאָלוציעס, נאָר אַזאַ פאַרטיילונג וואָלט באַזייטיקט יעטווידער מעגלעכקייט פון רייבונגען און וואָלט פאַקטיש געזיכערט די פעסטקייט פונם אויסגלייך, דינענדיק גלייכצייטיק אַלס באַזיס פאַר אַ נייעם אויפשטייג פון אונזער באַוועגונג און פאַר נייע דערפאָלגן אירע.

איצט קאָן שוין קיין איין רוסישער סאָציאַל-דעמאָקראַט ניט צווייפלען דערין, אַז דער ענדגילטיקער איינרייס פון דער רעוואָלוציאָנערער ריכטונג מיט דער

---

* אַבסאָלוט אומבאַדינגטער. איב.

** אויב מע זאָל ניט האַלטן פאַר קיין שטערונג פאַר דער אַווטאָנאָמיע יענע רעדאַקציאָנעלע באַראַטונגען אין צוזאַמענהאַנג מיטן אָרגאַניזירן אַן אַלגעמיינעם אויבערשטן ראַט פון די פאַראייניקטע אָרגאַניזאַציעס, ף וואָס עס האָט מאַסקים געווען אין יוני אויך די „ראַב. דיעלאָ".

אָפּאָרטוניסטישער איז אַרויסגערופן ניט דורך עפּעס „אָרגאַניזאַציאָנעלע“ אומ=
שטענדן, נאָר טאַקע דורכן וואונש פון די אָפּאָרטוניסטן צו פאַרפעסטיקן די
זעלבשטענדיקע פיזיאָנאָמיע פונם אָפּאָרטוניזם און ווייטער אַריינצוטראָגן אַ
פּלאָנטער אין די מויכעס מיט די כקירעס פון די קריטשעוועסקים און מאַר=
טינאָווס.

# אַן אויסבעסערונג צו „וואָס דאַרף מען טאָן“

די „גרופּע איניציאַטאָרן“, וועגן וועלכער איך דערצייל אין דער בראָשור
„וואָס דאַרף מען טאָן?“ ז. 141, בעט מיך מאַכן פאָלגנדיקע אויסבעסערונג
צו דער דערציילונג וועגן איר אָנטייל אינם פּרואוו שאָלעם צו מאַכן צווישן די
אויסלענדישע סאָציאַל=דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס: „פון די דריי מיטגלידער
פון דערדאָזיקער גרופּע איז נאָר אײנער אַרויסגעטראָטן פונם „פאַרבאַנד“ אין
סאָף 1900 יאָר, די איבעריקע אָבער אין 1901 יאָר, ערשט נאָך דעם, ווי זיי
האָבן זיך איבערצייגט אין דער אומעגלעכקייט צו דערשלאָגן זיך באַם „פאַר=
באַנד“ די האַסקאָמע אַף אַ קאָנפערענץ מיט דער אויסלענדישער אָרגאַניזאַציע
פון דער „איסקרא“ און מיט דער „רעוואָלוציאָנערער אָרגאַניזאַציע „סאָציאַל=
דעמאָקראַט“, — וואָס אין דעם איז טאַקע באַשטאַנען דער פאָרשלאָג פון דער
„גרופּע איניציאַטאָרן“. דעמדאָזיקן פאָרשלאָג האָט די אַדמיניסטראַציע פונם
„פאַרבאַנד“ לעכאַטכילע אָפּגעוואָרפן, מאָטיווירנדיק איר אָפּזאָג פון אַ קאָנפע=
רענץ מיט דער „ניט קאָמפּעטענטקייט“ פון די פּערזאָנען, וועלכע גייען אַריין
אינם באַשטאַנד פון דער פאַרמיטלערישער „גרופּע איניציאַטאָרן“, דערביי האָט
זי אויסגעדריקט אַ וואונטש אַריינצוטרעטן אין דירעקטע באַציאונגען מיט דער
אויסלענדישער אָרגאַניזאַציע פון דער „איסקרא“. אינגיכן אָבער האָט די אַדמי=
ניסטראַציע פונם „פאַרבאַנד“ מיטגעטיילט דער „גרופּע איניציאַטאָרן“, אַז נאָכן
דערשיינען פונם ערשטן נומער „איסקרא“, אין וועלכן עס איז אָפּגעדרוקט די
נאָטיץ וועגן דער שפּאַלטונג אינם „פאַרבאַנד“, האָט זי געענדערט איר באַשלוס
און וויל ניט אַריינטרעטן אין קיין באַציאונגען מיט דער „איסקרא“. ווי אַזוי זאָל
מען דערקלערן נאָך דעם די מעלדונג פונם אַדמיניסטראַציע=מיטגליד פונם „פאַר=
באַנד“, אַז דעם „פאַרבאַנדס“ אָפּזאָג פון אַ קאָנפערענץ איז אַרויסגערופן גע=
וואָרן אויסשליסלעך דורך דעם לעצטנס אומצופרידנהייט מיטן באַשטאַנד פון
דער „גרופּע איניציאַטאָרן“? עמעס, עס איז אויך אומפאַרשטענדלעך די איינ=
שטימונג פונם פאַרבאַנדס אַדמיניסטראַציע אַף אַ קאָנפערענץ אין יוני פאָריקן
יאָר: די נאָטיץ אינם ערשטן נומער „איסקרא“ איז דאָך פאַרבליבן אין קראַפט,
און די „נעגאַטיווע“ באַציאונג פון דער „איסקרא“ צום „פאַרבאַנד“ איז נאָך
קלאָרער אַרויסגעטראָטן אינם ערשטן ביכל „זאַריאַ“ און אינם 4=טן נומער
„איסקרא“, וועלכע זיינען דערשינען ביז דער יוני קאָנפערענץ“.

„איסקרא“, נומער 19, 1 אפּריל 1902.

# אינהאלט